# יידישע דיאַלאָגן

## אסיפות פון יידישן וועלט־קאָנגרעס

# DIALOGUES JUIFS

## Colloques du Congrès Juif Mondial

Préface du Dr Aron Steinberg

Directeur du Département Culturel du C.J.M.

Edité par le Département culturel du C.J.M. (Paris) avec l'aide de la « Memorial Foundation for Jewish Culture » (New-York).

PARIS, 1968

# יידישע דיאַלאָגן

## אסיפות פון יידישן וועלט-קאָנגרעס

רעדאַגירט פון משה לבני

הקדמה פון דער קולטור-קאָמיסיע ביי דער פראַנצויזישער סעקציע
פון יי.וו.ק. (יידיש-סעקטאָר)

אַ וואָרט פון רעדאַקטאָר

אַריינפיר פון ד״ר אהרן שטיינבערג,
לייטער פון קולטור-דעפּאַרטאַמענט פון יי.וו.ק (לאָנדאָן)

אַרויסגעגעבן פון קולטור-דעפּאַרטאַמענט פון יי. וו. ק. (פּאַריזער אָפּטיילונג)
מיט דער מיטהילף פון דער מעמאָריאַל-פאָנדאַציע פאַר יידישער קולטור (ניו-יאָרק)

פּאַריז, 1968 (תשכ״ח)

# אינהאַלט



## 50 יאָר יידיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע



## יידישע צייטשריפטן און פרעסע אין אונדזער דור

## די מערכה פון יידיש



## פּראָבלעמען פון יידישער שפּראַך און יידישער שפּראַך־פאָרשונג



## יידישע פאָלקס־שאַפונג

## די ראָלע און פליכטן פון יידישן שרייבער היינט צו טאָג



## אונדזער קולטור־אייגנס און דער אונטערוואַקסנדיקער דור

# הקדמה

## פון דער קולטור־קאָמיסיע
## ביי דער פראַנצויזישער סעקציע פון יי.וו.ק.
## (יידיש־סעקטאָר)

דער יידיש־רעדנדיקער סעקטאָר אין מערב־אייראָפּע איז אויסגעוואַקסן פונעם טיף־איינגעוואָרצלטן מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום.

פון די געדיכט־באַזעסענע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, פּוילן, רומעניע אָדער באַלטישע לענדער, געטריבענע דורך דער ווילדער שנאה צום יידישן פאָלק, אַרויסגעשטויסענע פונעם ביטערן, עקאָנאָמישן געראַנגל אָדער געראודפטע אַלס קעמפער פאַר אַ בעסערן מאָרגן, האָבן די ניי־איינגעוואַנדערטע יידן פון מזרח־אייראָפּע געבראַכט אין די גאַסטפריינטלעכע מערב־אייראָפּעאישע לענדער צו־זאַמען מיט די רעוואָלוציאָנערע בראָשורן פון איינע און מיט די סאַמעטענע טלית־זעקלעך פון די אַנדערע, אויך זייערע בשותפותדיקע ליבע צו יידיש־לשון.

אויפן פּאַריזער „פּלעצל" אָדער אַרום דעם „בעלוויל", אינעם לאָנדאָנער „ווייטשעפּל", אַרום דער „פּעליקאַן־סטראַט" אין אַנטווערפּן, נישט עסנדיק אָפטמאָל צו דער זאַט און אָמפּערנדיק זיך ביטער פאַר זייער חיונה, האָבן די נייע אימי־גראַנטן שנעל אָפּגעזוכט איינער דעם צווייטן, אָרגאַניזירט זיך אין פּאָליטישע פּאַרטייען און לאַנדסמאַנשאַפטן, געזונגען צוזאַמען אין פאָלקס־כאָרן, זיך געטראָפן אויף מיטינגען און ליטעראַרישע אָוונטן, געדאַוונט אין די היימישע קלויזן און בתי מדרשים, ווייטער געוועבט די חלומות פון שטעטל און געמאַכט דעם אָנשטרענג, כדי נישט צו פאַרלירן דעם אייגענעם חותם אינעם ים פון דער רייכער, מערב־אייראָפּעאישער גייסטיקייט.

און כאָטש אין די געצלעך נייע באַדינגונגען האָט זיך אין לויף פון יאָרן געענדערט דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער מצב פון די איינגעוואַנדערטע יידן און אויך אָפטמאָל די אָפּטיק פון זייערע קולטור־פאַראינטערעסירונגען, האָבן זיי זיך געפילט. און דאָס נישט געקוקט אויף זייער אידעאָלאָגישער דיפערענצירונג, אַלס אָרגאַ־נישער גליד פונעם פיל־מיליאָניקן יידיש־מאַסיוו פון מזרח־אייראָפּע און פון דאָרטן געצויגן אָן אויפהער זייער גייסטיקע יניקה.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך די לאַגע געענדערט.

דריי אַספּעקטן באַלויכטן אפשר אַמבעסטן די מערכה פונעם יידיש־סעקטאָר אין די מערב־אייראָפּעישע לענדער נאָך דער מלחמה.

## א. די אבידה פונעם מזרח־אייראָפּעאישן מאַסיוו

די שחיטה פון מיליאָנען יידן אין מזרח־אייראָפּע דורך די דייטשיש־פאַשיס־טישע רוצחים האָט ברוטאַל איבערגעריסן דעם גייסטיקן קשר, וואָס האָט זייט צענדליקער יאָרן פאַרבינדט די יידיש־רעדנדיקע יידן אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער מיט זייערע ברידער פון דער „אַלטער היים״.

דאָס ווייטערדיקע געצוווּנגענע שווייגן פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד האָט נאָך ווייטיקלעכער געמאַכט די אבידה.

דער יידיש־סעקטאָר אין די מערב־לענדער איז געוואָרן מיטאַמאָל פאַר־יתומט, אָן דעם אָנשפּאַר אויפן זייט יאָרהונדערטער אויסגעפּרוּווטן מורה־דרך, אָן אַן אייגענער פאַרזיכיקער טראַדיציע.

יידישע שעפערישע קולטור איז אין לויף פון יאָרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרעווער יידישקייט פון שטעטל־נאָסטאַלגיע און יידישן פאָלקס־ליד.

## ב. דער ריס מיטן יונגן דור

פאַרטועגע אין דעראָבערן אייגענע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, האָבן די יידיש־רעדנדיקע יידן אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער, כמעט ווי נישט באַמערקט, ווי זיי פאַרלירן דעם גייסטיקן בונד מיט זייערע אייגענע קינדער.

דערצויגענע אין היימען אָפּטמאָל אויסגעהוילטע פון יידישער מקורדיקער רוחניותדיקייט, באַזונכנדיק כמעט אויסשליסלעך נאָר די אַלגעמיינע וועלטלעכע מלוכה־שולעס, האָבן די קינדער פון די איינגעוואַנדערטע יידן איינגעזאַפּט אין זיך שנעל די אוצרות פון דער רייכער מערב־אייראָפּעאישער גייסטיקייט.

זיי ווערט פרעמד דאָס יידיש־לשון פון זייערע טאַטע־מאַמע און די גאַנצע אַנעמישע, נישט־אָנגעלאָדענע יידישקייט פונעם יידיש־סעקטאָר, דערשיינט פאַר זיי, ווי עפּעס אַ נאָכווייעניש פון איינגעוואַנדערטע מענטשן, וואָס וועט פון זיך אַליין פאַרשווונדן ווערן אינעם שטראָם פון דער מערב־קולטור.

און כאָטש דער יידיש־רעדנדיקער ייד טוט אַלץ כדי צו באַזאָרגן מיט ווילטאָג זיינע קינדער און שטאָלצירט מיט זייערע „דאָקטאָר״־ און „אינזשיניער״־דיפּלאָמען, פילט ער טיף אין האַרצן דעם ריס, וואָס קומט פאָר אין די ד׳ אמות פון זיין אייגענער שטוב.

## ג. אויפקום פון מדינת ישראל

די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם רוח־חיים אינעם יידיש־סעקטאָר אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער.

דער טיף־דרימלדיקער אינעם יידישן אונטערבאַוווסטזיין חלום פון שיבת־ציון איז געוואָרן אַ היסטאָרישער יש.

דער תל־אביבער כרך, דער מושב און דער קבוץ אין גליל אָדער שרון האָבן געדאַרפט קאָמפּענסירן דעם פאַרלוסט פונעם אַמאָליקן שטעטל.

אין זיינע קורצע באַזוכן אין מדינת ישראל שטילט דער יידיש־רעדנדיקער ייד זיין צעבראָכן געמיט, זוכט אַ שטאָלץ־געפיל פאַר זיין לעבן אין גלות, טראָגט צו זיין גאָב פאַרן מגבית, האָפט צו געפינען אינעם אויפבוי־ווערק פון ישראל זיינע אָפּטמאָל אָפּגעפרעמדטע קינדער, ברויזט אויף מיט אַלע פיבערן פון זיין טיפער פאָלקס־נשמה, ווען אַ סכנה באַדראָט דאָס יידישע לאַנד.

אָבער אים פעלט דער נויטיקער מוט, כדי צו קענען פאַרבייטן די זאַטע מערב־אייראָפּעאישע איינגעפונדעוועטקייט אויף די חבלי־לידה פון מדינת ישראל.

עס אַנטשטייט אַ נייע, פאַראַלעלע יידישקייט, פאַראַלעל צו די אייביקע יידישע ווערטן, פאַראַלעל צו ארץ־ישראל.

אָט אין דער דאָזיקער וועלט פון אומצאָליקע ווידערשפּרוכן, אינעם עקאָנאָמישן שטייגן אין נייע באַדינגונגען און אינעם נאָך אַלץ אינעם אַמאָליקן שטעטל וואָרצלדיקן ווען, אין דער אבידה פונעם גייסטיק רייכן מזרח־אייראָפּעאישן מאַסיוו מיט זיינע אומגעהויערע קולטור־אוצרות פון דער רעליגיעזער און אַזוי־גערופענער וועלטלעכער יידישקייט און אין זיין זוכן אַן אָנהאַלט אין די בלוט־אָרעמע קולטור־סוראָגאַטן, אין דער גרענעצלאָזער ליבע צו מדינת ישראל און אין דער געפעגטעטקייט פון דער גלות־רעאַליטעט, אין זיין פאַרזיכערן דעם מאַטעריעלן און פרעמד־גייסטיקן וווקס פון אייגענע קינדער און אין דעם טראַגישן ריס מיטן אייגענעם המשך, קרייזט אַרום דער יידיש־רעדנדיקער ייד אין מערב־אייראָפּע מיט זיין צעשפּאָלטן געמיט.

אָט מיטן דאָזיקן טאָג־טעגלעכן גערענגל איז אָרגאַניש פאַרבונדן די קולטור־קאָמיסיע (יידיש־סעקטאָר) ביים יידישן וועלט־קאָנגרעס.

זי באַנוגנט זיך אָבער נישט אין איר טעטיקייט מיט די צו גאָרנישט אָנרעגנדיקע ליטעראַרישע אָוונטן, וואָס זענען געוואָרן דער קנין פון פאַרשידענע אַלגעמיינע געזעלשאַפטן און לאַנדסמאַנשאַפטן.

די קולטור־קאָמיסיע ביים יי.וו.ק. פּרוווט אַריינצודרינגען אינעם געדאַנקענגאַנג און אין דער געפיל־וועלט פונעם היינטצייטיקן יידן, צו אַנאַליזירן זיין געשאַפענעם יידישקייט־קאָמפּלעקס און צו זוכן מיטלען, כדי אַרויסצורייסן אים פונעם ווידערשפּרוכיקן קלעם.

טריי צו דער כלל־ישראל־קאָנצעפּציע פון יי.וו.ק. פאַרשליסט זיך נישט אויך זיין קולטור־קאָמיסיע אין די גרענעצן פון דער אָדער יענער פּאָליטישער אָדער קולטורעלער אָריענטאַציע.

זי פּרוווט איבערצוּוואַרפן אַ בריק צווישן יידישע ישובים, וואָס לעבן אין לענדער מיט פאַרשידענע פּאָליטישע רעזשימען, אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, אַז דער היסטאָרישער וועג פון ישראל סבא פירט צו אַלע תפוצות, נישט געקוקט אויף די געאָגראַפישע אָדער פּאָליטישע מחיצות, וואָס טיילן זיי אָפּטמאָל פונאַנדער.

אין דער דאָזיקער ריכטונג זענען אָנגעבונדן געוואָרן קאָנטאַקטן מיט יידישע קהילות פון אייניקע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. די קולטור־קאָמיסיע האָפט, אַז די נאָענטסטע אסיפה וועט שוין האָבן די מעגלעכקייט צו באַגריסן פאָרשטייער פון די דערמאָנטע לענדער.

זייענדיק אָרגאַניש פאַרבונדן מיט יידיש־לשון און מיטן פאָלקס־שאַפן אין דער יידישער שפּראַך, באַמיט זיך די יידישע קולטור־קאָמיסיע אין אירע צאָלרייכע פאַראַנשטאַלטונגען אויך צו באַרירן עיקרדיקע יידישע קולטור־פּראָבלעמען, וואָס זענען אויפגעשוווּמען נאָכן שרעקלעכן חורבן אין די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דער נייער יידישער וועלט־קאַרטע מיט איר ישראל־צענטער און אויך אינעם געווימל פון טיפע, סאָציאַלע און פּאָליטישע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דער וועלט.

די דאָזיקע פּאַרטיפטע טעטיקייט פון דער יידישער קולטור־קאָמיסיע איז געקומען אַמבעסטן צום אויסדרוק אין די שוין פּאָפּולער־געוואָרענע סימפּאָזיומס.

יאָר־איין, יאָר־אויס, יעדעס מאָל אין אַן אַנדער יידישן צענטער פון מערב־אייראָפּע, קומען זיך צונויף פאָרשטייער פון פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער, ווי ענגלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד, שווייץ, דענעמאַרק, שוועדן, ווי אויך געסט פון ישראל, פאַראייניקטע שטאַטן און אַרגענטינע.

דער סימפּאָזיום איז געוואָרן דער טרעף־פּונקט פון שרייבער, זשורנאַליסטן, געלערנטע און קולטור־עסקנים.

מענטשן פון פאַרשידענע פּאָליטישע פאָרמאַציעס, מיט אַן אַנדערשדיקן אָפּט־מאָל סותרדיקן זיך קוק אויפן לעבן פון אַ רב ביז אַן עקסטרעם־לינקן יידישן אינטעלעקטואַל, וואָס יידיש לשון דערוואַרעמט זיי מיטן טויזנט־יעריקן הויך פון יידישן אייגנאַרט, טרעפן זיך דאָ צוזאַמען במשך פון עטלעכע טעג, ברענגען גרוסן פונעם יידישן קולטור־לעבן פון ווייטע ישובים, טיילן זיך מיט זייערע פאָרשונגען און באַטראַכטונגען, דיאַלאָגירן וועגן עיקרדיקע קולטור־פּראָבלעמען, פּרווון שאַפן אַ געמיינזאַמע פּלאַטפאָרם, זוכנדיק אַן אַלגעמיינע שותפותדיקע ראַם פאַר זייער אויבנאויפיקער פאַרשידנאַרטיקייט.

דער ניווא פון די אַרויסטרעטונגען, דער פאַרנעם פון די באַהאַנדלטע פראַגן, האָבן אָנגערעגט דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון יי. וו. ק. אַרויסצוגעבן די דאָזיקע „יידישע דיאַלאָגן" אין אַ בוך־פאָרעם, כדי צוטראָגן זיי דעם יידישן קולטור־אָפּנעמער.

און כאָטש דאָך בוך, וואָס דערזעט היינט די ליכטיקע שיין, איז נישט קיין געטרייע אָפּשפּיגלונג פון די פאָרגעקומענע סימפּאָזיומס צוליב דעם פעלן פון מערערע וואָגיקע אַרבעטן (זע ווייטער דאָס וואָרט פון רעדאַקטאָר) גיבן אָבער איבער די „יידישע דיאַלאָגן" דעם גאַנצן קאָמפּלעקס פראַגן, וואָס שטייען אין צענטער פונעם היינטצייטיקן יידישן קולטור־לעבן.

אינעם קאַפּיטל „פּופציק יאָר יידיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע" וועט זיך דער לייענער באַקענען מיט די אידעאישע שטרעבונגען און שעפערישער אָנט־

ווּיקלונג פֿונעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום במשך פֿונעם לעצטן יובל, מיט דער לעצטער תּקופֿה פֿון פּוילישן יידנטום, מיטן גרעסטן פֿון די יידן אין ראַטנפֿאַר־באַנד, מיט דער ווירקונג פֿון מזרח־אייראָפּע אויפֿן יידישן לעבן אין די פֿאַראיי־ניקטע שטאַטן און מיטן אינטימען שייכות פֿון מזרח־אייראָפּע און מדינת ישראל.

דאָס קאַפּיטל „יידישע צייטשריפֿטן און פּרעסע אין אונדזער דור" באַקענט דעם לייענער מיטן געוואַלדיקן פֿאַרנעם פֿון דער יידישער טעגלעכער און פּעריאָ־דישער פּרעסע אין גאַר דער וועלט און מיט די וואָגיקסטע יידישע קולטור־געזעל־שאַפֿטלעכע זשורנאַלן, וואָס דערשיינען היינט צו טאָג.

די קאַפּיטלען „די מערכה פֿון יידיש" און „פּראָבלעמען פֿון יידישער שפּראַך און יידישער שפּראַך־פֿאָרשונג" אַנטהאַלטן באַהאַנדלונגען וועגן דעם מצב פֿון יידיש־לשון אין פֿאַרשידענע לענדער און וואָגיקע אַרבעטן וועגן דער יידישער שפּראַך און וועגן ליטעראַטור־פֿאָרשונג.

דאָס קאַפּיטל „יידישע פֿאָלקס־שאַפֿונג און אירע שרייבער" נעמט אַרום די גאַנצע פּראָבלעמאַטיק פֿון יידישן פֿאָלקס־שאַפֿן פֿון די פֿריערסטע צייטן אָן ביז דער חורבן־ליטעראַטור אונטערשטרייכנדיק די פֿאַרבינדונג צווישן ישראל און די תּפֿוצות.

דאָס קאַפּיטל „די ראָלע און די פֿליכטן פֿון יידישן שרייבער היינט צו טאָג" באַהאַנדלט אַלזייטיק די שליחות פֿון יידישן פֿען־מענטש אינעם היינטצייטיקן יידישן לעבן.

דאָס לעצטע קאַפּיטל „אונדזער קולטור־אייגנס און דער אונטערוואַקסנדיקער דור" אַנאַליזירט דעם פּראָצעס, וואָס האָט דערפֿירט צום ריס צווישן די יידיש־רעדנדיקע יידן און זייערע קינדער און צייכנט אָן וועגן, כּדי צוריקפֿירן דעם יונגן דור צו אמתער יידישקייט.

די יידישע קולטור־קאָמיסיע ביים יי.וו.ק. האָפֿט, אַז דאָס בוך וועט העלפֿן צו באַקענען דעם יידיש־לייענער מיט פֿאַרשידענע אַספּעקטן פֿון דער יידישער קולטור־פּראָבלעמאַטיק און אָנרעגן אים צו היטן און צו ממשיך זיין די אויטענ־טישע יידישע קולטור־ווערטן.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן יערלעכע סימ־פּאָזיומס איז נישט געבליבן איזאָלירט. אין אַרגענטינע איז פֿאָרגעקומען אַן ענלע־כער קולטור־צוזאַמענטרעף. קולטור־אסיפֿות ווערן אויך פֿאָראויסגעזען אין אַנ־דערע לענדער.

אונטערציענדיק דעם סך־הכּל פֿון די זעקס פֿאָרגעקומענע סימפּאָזיומס און צוטראָגנדיק די „יידישע דיאַלאָגן" דעם ברייטן יידישן לייענער־עולם, ווייל די יידישע קולטור־קאָמיסיע קודם כּל אויסדריקן איר האַרציקן דאַנק דעם הויפּט פֿון קולטור־דעפּאַרטאַמענט פֿון יי.וו.ק. דעם פּאַרטיפֿטן, יידישן דענקער, ד"ר אהרן שטיינבערג, וועלכער האָט אונדז דערמוטיקט אין אונדזער אַרבעט מיט ראַט און טאַט.

אַ דאַנק אויך דעם פּאָרזיצער פון דער פּראָנצויזישער סעקציע פון יי.וו.ק. דעם באַקאַנטן יידיש־פּראָנצויזישן געלערנטן, פּראָפ. אַנדרע נעהער, פאַר זיין וואַרעמער באַציאונג און פּאַרשטענדעניש פאַר אונדזער טעטיקייט.

אַ באַזונדערן יישר־כוח קומט דעם לייטער פון דער פראַנצויזישער סעקציע פון יי.וו.ק. פריינט אַרמאַנד קאַפּלאַן, דעם ליבהאָבער פון יידישן וואָרט און יידישן קנייטש, וואָס נאָר אַ דאַנק זיין עקשנות איז דערמעגלעכט געוואָרן די טעטיקייט פון דער יידישער קולטור־קאָמיסיע און דאָס דערשיינען פון די „יידישע דיאַלאָגן".

אַ דאַנק אויך דעם פריינט יוסף פרענקעל פון לאָנדאָן פאַר זיין אַקטיוון אַנטייל ביים צוגרייטן און דורכפירן אונדזערע קולטור־אסיפות.

די קולטור־קאָמיסיע דריקט אויס איר האַרציקן דאַנק אַלע אָנטיילנעמער אין די סימפּאָזיומס, די באַקאַנטע שרייבער, געלערנטע און קולטור־טוער פון פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער און אויך געקומענע פון מעבר לים.

אַ באַזונדערן דאַנק דעם באַרימטן מייסטער פון יידישן וואָרט, פריינט הערץ גראָסבאַרט, וועלכער האָט באַהויכט מערערע פון אונדזערע סימפּאָזיומס מיט זיינע באַפליגלטע וואָרט־קאָנצערטן.

צום סוף לאָזן מיר דערמאָנען מיט טיפן יראת הכבוד דעם גרויסן יידישן געלערנטן און וווּנדערלעכן יידישן פאָלקס־מענטש, פראָפ. משה קיוועלאָוויטש, וועלכער האָט במשך פון יאָרן מיט טיפער איבערגעגעבנקייט אָנגעפירט מיט דער קולטור־קאָמיסיע און געווען דער פּיאָנער פון די קולטור־סימפּאָזיומס.

**פּראָפ. מ. קיוועלאָוויטש** — פּאָרזיצער

י. פּוגאַטש — פּאָרזיצער

מיטגלידער:

ל. דאָמאַנקעוויטש

פּראָפ. א. דערטשאַנסקי

א. וואָגלער

נ. זילבערבערג

ד"ר ב. לינדענבערג

י. קאָרנהענדלער

ש. קלינגער

מ. ראָזענבלאַט

ד"ר י. ראטה

ש. שווייצער (היינט אין ישראל).

# אַ וואָרט פון רעדאַקטאָר

די קולטור־קאָמיסיע פון דער פראַנצויזישער סעקציע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס האָט מיר אָנפאַרטרויט די אויפגאַבע צו צונויפזאַמלען אין בוך־פאָרם און פאָרצושטעלן פאַרן יידישן לייענער די פאָרטראַגן און אינטערווענצן פון פינף סימפאָזיומס אין דער יידישער שפראַך, וואָס זענען פאָרגעקומען אין די יאָרן 1960 — 1967 אין פאַריז, לאָנדאָן און בריסל.

די ערשטע און גרעסטע שוועריקייט, אויף וועלכער איך האָב זיך אָנגעשטויסן, איז געווען דער מאַנגל אין סטענאָגראַמעס. בלויז איניקע פרעלעגענטן האָבן צוגעשטעלט זייערע אַרבעטן שריפטלעך. אַלע אַנדערע טעקסטן איז נויטיק געווען צו רעקאָנסטרואירן פון מאַגנעטאָפאָן־לענטעס און פון טיילווייזע באַריכטן.

אין דער סיטואַציע איז געווען אומעגלעך צו איינהאַלטן דעם כראָנאָלאָגישן סדר פון די פאָרגעקומענע סימפאָזיומס און פון די טעמעס, וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן. דער איינציקער אויסוועג איז געווען צו גרופירן די פאַראַנענע טעקסטן לויט זייער אינהאַלט און לויטן כלל פון אין מוקדם ומאוחר.

דערפון שטאַמען די זיבן טיילן פון בוך. אין זייער גרעסטן טייל אַנטשפרעכן די דאָזיקע זיבן גרופעס די צענטראַלע טעמעס פון די פאָרגעקומענע סימפאָזיומס. אין געוויסע פאַלן איז דער צוזאַמענהאַנג פון די פאַרשידענע טעמעס אינערהאַלב פון די גרופעס בלויז אין אַ געוויסער מאָס אַ לאָגישער. איניקע טעקסטן פאַסן זיך נישט פולשטענדיק אַריין אין דער ראַם פון דער גרופע, אין וועלכער זיי פיגורירן. מיר האָבן אָבער געהאַלטן פאַר נויטיק זיי צו פאַרעפנטלעכן אפילו ווען עס פעלט דער פרעציז־לאָגישער צוזאַמענהאַנג. ליידער זענען געגנוג וויכטיקע אַרבעטן פון וויסנשאַפטלער און שריפטשטעלער געגאַנגען לאיבוד און צוליב סיבות, וואָס זענען פון אונדז נישט אָפּהענגיק, פיגורירן זיי נישט אין בוך, ווי למשל, די פאָרטראַגן פון י. גלאַטשטיין, ד״ר ל. פוקס, ל. לענעמאַן, ש. שווייצער א. אַ.

געוויסע טעמעס, וואָס ווערן דאָ פאַרעפנטלעכט, האָבן דורך דער צייט פאַרלאָרן זייער אַקטואַליטעט. אָבער עס איז כדאי געווען זיי צו פאַרעפנטלעכן צוליב זייער ווערטפולן אינהאַלט און צוליב דער ריכטיקער דיאַגנאָזע פון די געשעענישן, וואָס זיי אַנטהאַלטן. לשם אָריענטאַציע איז צום סוף פון יעדן פאָרטראַג אָנגעגעבן געוואָרן דאָס יאָר און דאָס אָרט פון סימפאָזיום, בעת וועלכן דער פאָרטראַג איז געלייענט געוואָרן.

עס איז אויך געווען אַ שפּראַכלעכע שוועריקייט. יעדער מחבר און יעדער פּרעלעגענט האָט נישט בלויז זיין אייגענעם סטיל, נאָר זייער אָפט אויך זיין אייגענעם אויסלייג. אין אייניקע פאַלן האָבן מחברים בפירוש פאַרלאַנגט נישט צו ענדערן זייער אויסלייג. די רעדאַקציע פון ספר האָט צוליב דער פּערזענלעכקייט פון מחבר רעספּעקטירט זיין רצון. בדרך כלל איז אויך איינגעהאַלטן געוואָרן דער סטיל פון יעדן פּרעלעגענט. אין רעזולטאַט האָט זיך באַקומען אַ מגדל בבל פון אויסלייגן און סטילן, וועלכן עס איז אָפט שווער אויסצומיידן אין אַ זאַמל־בוך און וואָס איז אפשר סימפּטאָמאַטיש פאַרן מצב פון יידיש־לשון אין אונדזער צייט. פון דער אַנדער זייט שפּיגלט אָפּ די דאָזיקע פאַרשידנאַרטיקייט אַ מער ריכטיק בילד פון דער פילפאַרביקייט, וואָס כאַראַקטעריזירט נישט בלויז שפּראַכלעך, נאָר אויך געדאַנקלעך די סימפּאָזיומס אין יידיש פון יידישן וועלט־קאָנגרעס.

„יידישע דיאַלאָגן" איז דאָס דריטע בוך פון דער פראַנצויזישער סעקציע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס (בקרוב דערשיינט דאָס פערטע). די ערשטע צוויי האָבן פאַרגעשטעלט דעם איבהאַלט פון די סימפּאָזיומס אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. די דריי ספרים זענען אַ רעזולטאַט פונעם גרונט־געדאַנק, וואָס די איני־ציאַטאָרן פון די אַלע אסיפות האָבן געהאַט, און נעמלעך: צו דערלויבן אַ קאָנ־פראָנטאַציע פון מיינונגען און צו באַגײַסטיקן דיאַלאָגן צווישן יידישע דענקער, וויסנשאַפטלער און שריפטשטעלער אַרום פּרינציפּיעלע און אויך אַקטועלע פּראָבלעמען פון יידישן גייסט בפרט אין אונדזער דור, ווען די עקזיסטענץ פון מדינת ישראל, וואָס איז אויפגעקומען נאָך דער גרעסטער פון אַלע קאַטאַסטראָפעס אין אונדזער געשיכטע, שטעלט די יידישע תפוצות אין אַ נייער סיטואַציע, פאַר נייע פּראָבלעמען און פאַר נייע וואָגיקע אויפגאַבעס.

דער חילוק צווישן דאָזיקן ספר אין יידיש און די צוויי פריערדיקע אין דער פראַנצויזישער שפּראַך באַשטייט אין דער אַנדערשקייט פון צוגאַנג מצד יידישע גייסט־מענטשן, וואָס זענען אָנגעזאַפּט מיט יידישקייט נוסח מזרח־אייראָפּע פון איין זייט און מצד יידישע אינטעלעקטואַלן פון מערב־אייראָפּע, וואָס זוכן אַ וועג צו אַ יידישקייט אין נייע פאָרמען פון דער צווייטער זייט. צוגלייך מיט דער גע־מיינזאַמקייט פון דער עצם־אידייע, וואָס די דאָזיקע קאָנפראָנטאַציעס אַנטהאַלטן אויפן געביט פון היינטצייטיקן יידישן געדאַנק, זענען דעריבער די דיאַלאָגן אין יידיש־לשון סיטואירט אויף אַ פולשטענדיק אַנדערער פלאַך.

די אַרויסגעבער פון ספר, וואָס זענען אויך די איניציאַטאָרן פון די פאַרגע־קומענע אסיפות, געפינען פאַר נויטיק צו באַמערקן, אַז זיי טראָגן נישט קיין אחריות פאַר די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען. זיי דריקן אָבער אויס די האָפענונג, אַז דער ספר „יידישע דיאַלאָגן" וועט אָנרעגן דעם לייענער צו פאַרטיפן זיין יידישן באַוווסטזיין.

משה לבני

# יידיש לשון אין יידישן וועלט־קאָנגרעס

## (אַנשטאָט אַן אַריינפיר)

פון **ד"ר אהרן שטיינבערג** (לאָנדאָן)

דער צונויפשטעל און די חתימה פון דעם דאָזיקן וואָגיקן באַנד איז אַ ראיה מער, אַז די אָנשטרענגונגען, וואָס דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט כסדר געמאַכט, בפרט אין די לעצטע יאָרן, אין די פעלדער און לאָנקעס פון יידישער שפּראַך, ליטעראַטור און פאָרשונג, זענען נישט אַוועק לאיבוד.

אונדזער זאַמלבאַנד גייט אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין מיט האַרציקע ברכות מצד אַ ריי יידישע ישובים אין דער אייראָפּעאישער און אויך אין דער נישט־אייראָפּעאישער וועלט, וואָס זענען לעצטנס געווען פאַרטראָטן, כמעט אַ יאָר נאָך אַ יאָר, אויף באַראַטונגען און קאָנפערענצן פון אַ ניי אויסגעפאָרעמטן מין — ניי, מחמת זייער הויפּט־כוונה איז געווען צונויפצופירן שעפערישע יידיש־רעדנדיקע און שרייבנדיקע מענטשן, בכדי זיי צו באַהעפטן מיטאַנאַנד אין אַ לעבעדיקער אחדות, מיט אַן אייגענעם פּנים און גייסט, אין דער עדה שתחיה „יידישע אינ־טעליגענץ".

די מי און מאַטעריאַל פון צונויפרופן די דאָזיקע קאָנפערענצן האָט געטיילט מיטן קולטור־אָפּטייל פון יידישן וועלט־קאָנגרעס דער עיקר זיין פראַנצויזישע סעקציע און צוליב דעם זענען זיי ס'רוב, 5 פון 7, אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּאַריז (אַ חוץ דעם — איינע אין לאָנדאָן און איינע אין בעלגיע). עפּעס אַ שייכות דערמיט האָט אויך דער „פילאָלאָגישער" פאַקט, וואָס זיי האָבן מלכתחילה אָנ־גענומען דעם אַנטיק־גריכישן מאָדע־נאָמען „סימפּאָזיום". אינעם שפּירעוודיקן אויער פון די זין און טעכטער פון דער יידישער אינטעליגענץ הילכט אָפּ דאָס אַלט־גריכישע וואָרט, וואָס איז אַ דאַנק פלאַטאָנס באַרימטן דיאַלאָג, געוואָרן היימיש אין די אוצרות פון אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן, מיט טאָפּלטער מתיקות: עס דערמאָנט אין די וויכוחים און שקלא־וטריא'ס מכח דעם מהות פון דעם מענטשנס אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבן, וואָס די פאַרצייטיקע חכמי־יוון פלעגן פירן ביי אַ קריגל וויין ביזן סאַמע עלות־השחר; און אינצייטיק דערמאָנט עס אין דער מעגלעכקייט אַז אַ סך שטימעס און אינסטרומענטן, יעטוועדער מיט זיין באַזונדערער קלאַנג־שאַטירונג, זאָלן אַלע אינאיינעם באַשאַפן די גאַנצקייט פון סימפאָנישער מוזיק.

עס שאַדט נישט, וואָס דאָס וואָרט „סימפּאָזיום" איז צו אונדז געקומען פון דער פרעמד. דער עצם ענין, וואָס ווערט דערמיט באַצייכנט, איז אונדז דווקא נישט פרעמד. גראָד אין לשון־יידיש לעבט דער זכר פון אונדזערע אַלט־אייגענע סעודות־מצווה מיט די דברי־תורה, וואָס פלעגן זיך טראָגן פון אַלע פיר זייטן פון דעם „געדעקטן טיש" (אויף לשון־קודש „שולחן ערוך"!). נישט געקוקט דערויף, וואָס יידיש־רעדנדיקע יידן האָבן זעלטן ווען געוווּסט ווער ס'איז געווען דער יוונישער פילאָזאָף און ווי ס'האָבן זיך גערופן זיינע באַרימטע „שמועסן" (אויף גריכיש „דיאַלאָגן"), האָט מען אין יידישע שטעט און שטעטלעך געקענט נישט זעלטענער ווי איין מאָל אין דער וואָך לייכט ווערן אַן אורח אין אַזאַ מין „סימ־פּאָזיום". אין אָט דעם פּרט איז וויכטיק צו זען און צו פאַרשטיין, אַז ביים מאַכן ווידער לעבעדיק אַן אַלט־גריכיש וואָרט, מאַכן מיר ווידער לעבעדיק אַ גרויי־אַלטן אָבער גאָר אַ גרויסן עבר, די אַלט־פּאַרצייטיקע וועלט, בעת דאָס יידישע פאָלק האָט אין זייער אַ קריטישער תקופה, דער עפּאָכע פון העלעניזם, זיך ווייטער אַנטוויקלט אין ענגער קולטור־עלער שכנות מיט אַנדערע פעלקער, בתוכם מיט די פילאָזאָפירנדיקע גריכן. און זאָל מען, למען השם, נישט מיינען, אַז אַ ביסל חקירה וועגן אַזאַ טפל ווי אַ נאָמען פון אַ נייער יידישער אינסטיטוציע איז אַ ברכה לבטלה. דער מזל פון יידיש הענגט אָפּ ביים היינטיקן טאָג פון אַזוינע כלומרשט טפלדיקע נעמען, ווערטער און באַגריפן. וועט יידיש מורא האָבן צו נעמען קאָנטריבוציע פון אַנדערע לעבעדיקע און טויטע לשונות, וועט עס באַונס פאַרטריקנט ווערן. זאָל אונדז אויך נישט שרעקן דאָס אַמאָליקע משכילישע זידל־וואָרט „זשאַרגאָן". אַלע וועלט־שפּראַכן האָלטן היינט נישט בלויז ביים מישן זייערע זאַפטן און געבליטן אין איין פאַרעוון טאָפּ — כמעט אַלע דערהייבן זיי האַלב־באַוווּסטזיניק ראשי־תבות־צייכנס צו דער מדרגה פון נאַטירלעכע אָרגאַנישע שפּראַך־באַשעפענישן. טאָ וואָס מיר „זשאַרגאָן", וואָס מיר כשרע שמורה־שפּראַך — דער עיקר עס זאָל שפּרודלען, אַריבערפליסן איבער יעטווידן ראַנד, באַפרוכפּערן אַלטע און נייע יבשות. און דאָס ווידער ווענדט זיך אין דעם וועגן וועמענס שפּראַך עס רעדט זיך און עס טוט זיך עפּעס.

דאָ קומען מיר צו אַ צווייטן „פרעמד"־וואָרט, וואָס שפּילט אַ הויפּטראָלע אין אונדזערע „סימפּאָזיומס". ס'איז נישט מער גריכיש אָבער פון אַן ענלעכן לינג־וויסטישן יחוס: ס'איז דאָס פון דעם אַלט־רוימישן, פונעם „טויטן" לאַטיין שטאָ־מענדיקע וואָרט „אינטעליגענץ". ווייס מען היינט אויף זיכער, וואָס ס'איז אַזוינס „יידישע אינטעליגענץ"?

כידוע, איז אין אַ יידישן דיאַלאָג די תשובה אויף אַ פראַגע אַ צווייטע פראַגע. פרעגט עס זיך ווידער אַמאָל: און ווייסן מיר היינט גענוי וואָס „יידיש" מיינט? אין די נעמען „יידישער וועלט־קאָנגרעס" און „סימפּאָזיום פון דער יידישער אינ־טעליגענץ", למשל, איז דער מיין פון „יידיש" לחלוטין נישט היינו־הך, איינס און דאָס זעלביקע. אין ערשטן פאַל באַדייט „יידיש" — יידיש סתם און איז מרמז אויף דאָס גאַנצע פאָלק ישראל, בשעת אין דער דאָזיקער סמיכות־הפרשיות רעדט עס זיך בלויז וועגן יענעם טייל יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז אויסן באַוווּסט־זיניק צולייגן אַ האַנט און אַ פּלייצע צו דער עבודת־פּרך פון פאַרגרעסערן און

פאַרבעסערן אין דער היינטיקער שווערער צייט אַ גייסטיקן מטמון, אַזוי ווי ער איז אויפגעהיט געוואָרן אַ דאַנק דער מאַגישער קראַפט פון יידיש־לשון. „יידיש" אין אָט דעם באַזונדערן זינען פון אַ שפּראַך, וואָס נאָר אַ טייל פון יידישן פאָלק האָט געצויגן זיין יניקה פון איר און האָט זי האַלט געהאַט ווי אַ „מאַמע", שטייט נישט אין קיין שום סתירה צו דער שפּראַך פון תנ"ך און אַליץ, וואָס איז דערפון אַרויסגעוואַקסן. איז אויב עס זיינען פאַראַן אפילו היינט נאָך ספקות מכח דעם, צי איז חלילה יידיש־לשון נישט קיין שטער אין לעבן פון יידישן פאָלק, אַ מין אינעווייניקסטער שונא, וואָס מען דאַרף אים אַריינלייגן אין חרם, נעמט זיך מסתמא דער גראָבער גרייז פון דער צווייִדייטיקייט אין דעם עצם שם „יידיש". ווי אַזוי קען אַ טייל — וווּנדערט מען זיך — גלייך זיין מיטן סך־הכל? יידיש־לשון — מיטן לשון פון „יידישן" פאָלק? ווו בלייבט דאָ לאָגיק און ווו מאַטע־מאַטיק און סטאַטיסטיק? — אָט אָ קומט די יידישע אינטעליגענץ און דער־קלערט בפה מלא: אויב עס גייט אין מאַטעמאַטיק און לאָגיק, זייט זשע מוחל און לאָזט אויך אונז זאָגן אַ דעה.

פרעגט עס זיך ווידער אַמאָל און טאַקע מיטן זעלבן ניגון: ווער איז זי די יידישע אינטעליגענץ, וואָס וויל די ערשטע זאָך לייזן אונדזערע אַזוי־גערופענע שפּראַך־פראַגע? מוזן מיר ראשית געדענקען, אַז ווען וויל זי עס נישט — נישט אויסגערעדט זאָל עס ווערן! — אין קעגנערישקייט קעגן עברית, העבראַיש אָדער גאָר לשון־קודש, נייערט פּראָסט־פּשוט לטובת יידיש, דער שפּראַך פון כמה וכמה יידישע דורות, פון די גדולי הדור ביז צו די יינגסטע חדר־ייִנגלעך און די אלפי־אלפים יידן און יידענעס, זכרונם לברכה, אין מאַרק, וואַרשטאַט און קרעמל. נאָר זי, די יידישע אינטעליגענץ, קען עס ערלעך ווען און איז מסוגל דאָ עפּעס אויפצוטאָן. מחמת וואָס מיינט דער עצם־באַגריף „אינטעליגענץ"? — פאַרשטאַנד, שכלדיקייט, פעאיקייט צו ציען אַ שאַרפן שטריך צווישן אַ גראָדער און אַ קרומער סברא, און דאָס אַלץ אויף אַ פעסטן יסוד פון געהעריק וויסן. אָבער דאָס וואָרט האָט געהאַט אַן אייגן מזל: פון זיין רוימישן שטאַם איז עס פאַרוואָגלט געוואָרן קיין רוסלאַנד, ווו עס האָט מיט אַ יאָר הונדערט צוריק באַ־קומען אַ נייעם זינען: „אינטעליגענציאַ" אויף רוסיש מיינט נישט עפּעס גוטע מעלות פון דעם יחידס שכל און בילדונג, נאָר די מעלות און מידות־טובות פון אַ גאַנצער גרופּע, פון אַ קאָלעקטיוו, פון כמעט אַ באַזונדערן קלאַס. פון רוסלאַנד האָט זיך דער נייער באַדייט פון דעם לאַטיינישן וואָרט פאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט. אָבער אינעם לאַנד, ווו ער איז צוערשט אויפגעקומען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ויכוח וועגן דעם, ווער איז ראוי באַטראַכט צו ווערן ווי אַן „אינטע־ליגענט", ד. ה. ווי אַ פולבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער גרופּע „אינטעליגענץ". דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט מיט אַ יובל יאָרן צוריק געהאַט אין פּעטערבורג אַ נאָענטן פריינד, וואָס האָט צווישן אַנדערע ביכער אַרויסגעלאָזן אַ באַזונדער ווערק: „וואָס איז אַזוינס אינטעליגענץ?".

ביי אונדז האָט אַזאַ פּראָבלעם צוליב פאַרשידענע היסטאָרישע טעמים בכלל נישט עקזיסטירט. נישט חלילה־וחס מחמת עס האָבן אויסגעפעלט יידישע „אינטע־ליגענטן". גענוי גערעדט, איז עס געווען פּונקט פאַרקערט: זייער צאָל איז געווען

ביי אונדז, קיין עין־הרע, אפשר צו גרויס. געפעלט האָט אָבער ביי אונדזערע געבילדעטע בעלי־מידות און די שוועסטערס זייערע דאָס באַוווסטזיין, אַז זיי באַלאַנגען צו אַ באַזונדערער גרופּע, צו אַ באַזונדערן קלאַס אין דעם פּילגאָרנדיקן געבוי פון יידישן פאָלק, מיט אַ באַזונדערער שליחות און אחריות פאַר דעם פאָלקס מזל. דער רוב מנין פון יידישע אינטעליגענטן און אינטעליגענטקעס האָבן געהאַלטן, אַז אויף אַזוי ווייט ווי זיי זענען יידיש, האָט זייער יידישקייט גאָר נישט צו טאָן מיט זייער אינטעליגענטישקייט, און פאַרקערט אויך: זייער אינטעליגענטישקייט האָט קיין שום שייכות נישט דערמיט וואָס זיי זענען זין און טעכטער פון יידישן פאָלק.

וואָס פאַראַ סאָציאָלאָגישע טעאָריעס מען זאָל נישט אויפבויען בכדי צו דערקלערן דאָס פעלן פון דער גרופּע „יידישע אינטעליגענץ" (לאָמיר האָפן, אַז אין איינעם פון אירע קומענדיקע „סימפּאָזיומס" וועט אויך אַזאַ מין פּלא אַרומגערעדט ווערן), דער פאַקט בלייבט, אַז דער פּגם איז ערשט נישט אַזוי לאַנג באַמערקט און אָפּגעשאַצט געוואָרן. אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרטן האָט מען אָנגעהייבן צו שפּירן, אַז יידישע מענטשן מיט אַ גרינטלעכער ספּעציעלער בילדונג און לעבעדיקן אינטערעס פאַר טרעפן וועלט־רעטענישן — בפרט יידן, וואָס שטאַמען פון פאַמיליעס, ווו יידיש איז געווען נישט בלויז דער מאַמעס נאָר אויך דעם טאַטנס לשון — פילן זיך איז דער אַרומיקער וועלט עפּעס ווי יתומים אָן טאַטעס און אָן מאַמעס, אָן ברידער און שוועסטער און, צום סוף פון חשבון, אפילו אָן קינדער און יורשים. דאָס מערקווירדיקסטע איז געווען דערביי דאָס, וואָס, פאַרבלאָנדזשעט אין די געדיכטע וועלדער פון דער נייצייטיקער וויסנשאַפטלעכער און אַזוי גערופענער „הומאַניסטישער" קולטור, האָט יעדע איינציקע פון די פאַרבלאָנדזשעטע און פאַריתומטע נשמות געגלויבט און געפילט, אַז זי איז בייםשלים־מזל פון יידישן פאָלק אַ בת־יחידה, אַ יוצא מן הכלל, אָדער וויסנשאַפטלעך אויסגעדריקט אַן „איינצלפאַל". איינער האָט פון דעם אַנדערן נישט געוווסט און נישט געוואָלט וויסן, און די אַרום און אַרום איזאָלירטע יידישע אינטעליגענטן זענען געווען איבערצייגט, אַז אויב זיי געהערן יאָ צו עפּעס אַן אינטעליגענטןגרופּע, איז עס אַ גרופּע פון נישט־יידישער אינטעליגענץ. דעם ספּעציפישן בלויז אין לעבן פון יידישן כלל האָבן כולו פאַרדעקט די גרויע וואָלקנס פון „אַסימילאַציע".

פּנים אל פּנים מיט אַזאַ סאָציאָלאָגישער דערשיינונג, האָט דער יידישער וועלט־קאָנגרעס מיט העכער פופצן יאָר צוריק אַריינגענומען אין פּראָגראַם פון זיין קולטור־אַרבעט די אויפגאַבע צו דערמונטערן די פאַרחלשטע נשמות פון יידישע אינטעליגענטן, בתוכם און נישט אין לעצטער ריי די, ביי וועמען די חיבת־שפת־יידיש האָט זיך נאָך נישט אויסגעוועפּט; די, וואָס האָבן אַזוי־צו־זאָגן „בלא יודעים" געוווסט, אַז „שמע ישראל" בלייבט לויט דער מסורה שמע ישראל אפילו אויף טערקיש.

ס'איז נישט געווען קיין צופאַל, וואָס גראָד דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט זיך גענומען צו באַאַרבעטן אויפסניי און סיסטעמאַטיש אָט די מיט דערנער פאַרוואַקסענע פעלדער און לאַנקעס אינעם יידישן וועלט־ישוב. בעצם איז אונדזער „וועלט־קאָנגרעס" מיט זיין הויפּט־פּרינציפּ פון אומפּאַרטייאישקייט געווען פון זיין

בראשית אָן אַן אינטעליגענטישע המצאה. אין דער בשעתה אַנגעוויטיקטער שפּראַכן־פראַגע איז ער מלכתחילה געגאַנגען מיטן דרך, אַז יעטוועדער ייד איז כשר און טייער, אפילו אויב ער רעדט כלומרשט באַלשעוויסטיש. אָבער אַ באַזונדערס וואַרעמע קרובהשאַפט האָט ער געפילט לגבי די מזרח־איראָפּעאישע יידיש־רעדנדיקע שבטים, וואָס פון זיי האָט ער אָפּגעשטאַמט. דער גרונט־געדאַנק פון „קאָנגרעס" איז געווען יידישע אחדות. איז היתכן, אַז ס׳זאָל דערביי אַרויסגעלאָזן ווערן פון אויג דער פאַקט, אַז וואָס פאַר חילוקי־דעות יידן האָבן אין מזרח־איראָפּע נישט געהאַט, האָבן זיי אַלע ווי איינער — מענער, ווייבער און קינדער — ביז אין דער אַסימילאַציע־תקופה אַריין געהאַט אין איינציקע רעד־שפּראַך — יידיש? ס׳זענען געווען חסידים און מתנגדים, אָבער די שפּראַך פון בעל־שם איז געווען פונקט אַזוי ווי די שפּראַך פון ווילנער גאון, יידיש; ס׳זענען געווען משכילים און תמימותדיק־פרומע יידן, אָבער פון אַ געשמאַקן וויץ אין אַ יידיש־יידישן מלבוש האָבן זיי געהאַט אַקוראַט די זעלבע הנאה; שמעון דובנאָוו און בער באָראָכאָוו, דער געמעסיקטער גלות־נאַציאָנאַליסט און דער פאַרברענטער לינקס־סאָציאַליסטישער ציוניסט, האָבן געהאַט בשותפות זייער ליבשאַפט צו יידיש. ס׳איז, בכן, דורכויס נישט אָפּגעפרעגט, אַז אַזוי באַלד ווי עס ווערט אָפּגעראַמט אין לעבן פון יידישן פאָלק אַ פלאַץ פאַר די טאָפּלט־צעזייטער און דרייפאַך־צעשפּרייטער אינטעליגענץ, וועלן זיך איינצייטיק ווידער אַמאָל פונאַנדערבליען די גערטנער, וואָס אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס און עלטער־עלטער־באָבעס האָבן געהאַט געפלאַנצט.

איין זאַך איז קלאָר, דער כח, וואָס לעבט און פולסירט אין יידיש־לשון, האָט נישט זיין גלייכן אין די לשונות פון די אומות העולם. דער פאַרטייטשער פון חסי־דיש יידיש פון די לעצטע יאָרהונדערטער, מאַרטין בובער, האָט אַרויסגעפונען, אַז דער טעם פון יידיש איז „ביטער־זיס". גענויער וואָלט אפשר געווען צו זאָגן: וואָכעדיק־הייליק. דאָס וואָכעדיקע דערין איז ביטער, אָבער דאָס קודשדיקע פון יידיש איז מיסטישע מתיקות, און ביידע זענען אַזוי נאַטירלעך־איבערנאַטירלעך צונויפ־ און אויסגעמישט מיטאַנאַנד, אַז ס׳איז נישט קיין ווונדער וואָס יידיש־לשון איז דערהויבן געוואָרן צו דער הימל־הויכער מדרגה פון אַ „לשון־קודש", דער שפּראַך פון אומצאָליקע קדושים. און אַ וואָרט מער: נישט געהערט זאָל עס ווערן מיר זאָלן זיך פאַרמעסטן צו פאַרלייקענען די קדושה פון אונדזער ערשטן און הייליקסטן לשון־קודש. אָבער מיר מוזן האָבן דעם מוט און מיר האָבן דאָס רעכט אַ שאָקל טאָן די קעפּ אונדזערע, בעת מיר ווערן געוווייער, אַז אין דעם היינטיקן העברעאיש וואַרפט עבֿרית אַ גט אונדזער לשון־קודש, וואָס לשון־יידיש איז פאַרוואָרצלט דערין און שטאַמט אָפּ דערפון אין אַ ליניע, געראַד ווי דער דורות איבער דורות דורכקלינגענדיקער לאַנגער־נון פון אמן ואמן. מיר מעגן אויסרופן און באַשטיין דאַרויף: למען יידיש זאָל מצליח זיין און געבענטשט זיין מיט אַ ברכה יתירה לשון קודש.

דאָס איז בערך דער גייסט און אימפּעט, וואָס האָט דערמעגלעכט און באַ־פליגלט די אַרבעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אַרום יידיש. נישט דאָ איז דאָס אָרט אויסצורעכענען אפילו בלויז די גרעסערע קולטור־אויפטוען אונדזערע אין

דער פּראָווינץ „יידיש". נישט שטענדיק און נישט אומעטום האָט זיך געלאָזט שטעלן דער טראָפּ אויף די לעצטע צילן פון אַ באַשטימטער איניציאַטיווע. אונדזערע „יידישע סימפּאָזיומס" האָבן אויסגעזען, פון דער זייט געקוקט, ווי קאָפּיעס פון ענלעכע קאָנגרעס־אסיפות פאַר אינטעליגענטן פון פרעמד־שפּראַכיקע סביבות, ווי למשל, די פראַנצויזישע אָדער ענגלישע. דער הבדל איז אָבער באַשטאַנען דערין, וואָס בעת ביי די דאָזיקע נישט־„יידישע" סימפּאָזיומס איז דער הויפּט־צוועק געווען און געבליבן אַרויסצודעסטילירן אַ קעגן־געפיל קעגן דעם סם האַסימילאַציע, איז הינטער דעם איבערפלאַכעדיקן פּשט פון יידיש־לשונדיקע דיאַלאָגן געווען פאַרבאַהאַלטן דער סוד פון אַ געזעלשאַפטלעכער יצירה: דער פרווו צו דערמעגלעכן דעם אויפקום פון אַ באַנייטן קאָלעקטיוון יש, אַ קאָלעקטיוון סינטעז פון די מעלות און מידות טובות פונעם קלאַסישן תלמיד־חכם, ווי דער „פּרק" שילדערט זיי, מיט וויסן און בילדונג פון אַ בייצייטיק געלייטערטן אינטעליגענטישן קאָפּ־מענטשן; קורץ גערעדט — דאָס שאַפן פון אַ רעאַל־עקזיסטירנדיקער יידישער אינטעליגענץ.

מיר דאַרפן זי נויטיק האָבן. מיר נויטיקן זיך אין יידישן לעבן אין דעם, וואָס רופט זיך דער „דעת הקהל", די עפנטלעכע מיינונג. אַזעלכעס קען געמאָלט זיין בלויז דאַמאָלסט, ווען אין לעבן פון אַ פאָלק איז פאַראַן אַ פּלאַץ פאַר איבערפּאַרטייאישער לאָגיק, פאַר אומאָפּהענגיק דענקען אָן זייטיקע פניהעס, פאַר געפילן פון יושר אָן פּשרות. די יידישע אינטעליגענץ דאַרף זיין דער סאָציאַלער גוף פון אַזאַ נשמה יתירה, וואָס אָן איר קען דער גוף גופא נישט בלייבן פריש און געזונט. און פון וואַנען זאָל זיך נעמען אָט דער הויפּטאָנשפּאַר פון אַ יידישער פרייער עפנטלעכער מיינונג, דאָס הייסט, די יידישע אינטעליגענץ, אויב נישט „ממעמקים", פון די טיפענישן פון יידיש־לשון?

זייטיקע מענטשן קענען אַ טראַכט טאָן, אַז עס רעדט דאָ אַ בעל־חלומות, אַז דעם בעל האַריינפיר פון אונדזער זאַמלבאַנד טראָגט טאַקע בלויז דער אימפּעט. די אויספירלעכע תשובה דאַרויף האָט ער שוין מיט יאָרן און יאָרצענדליקער צוריק געגעבן אין אַ ריי שריפטן, און אַזוי אויך אין די רעדעס, וואָס ער האָט געהאַט דעם כבוד צו האַלטן אין אונדזערע סימפּאָזיומס. האָט עס זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז די כתב־יד'ן פון אָט די דרשות זענען נישטאָ מער בנמצא. האָט דער בעל־דברים קיין אַנדער ברירה נישט ווי איבערצוחזרן דאָ בקיצור אייניקע פון זיינע רעיונות און האָפענונגען

בלי שום ספק — יידיש לעבט. ווען איינער אין מיין עלטער קוקט אויף צוריק און דערמאָנט זיך אין די שרעקענישן און קללות, וואָס האָבן באַגלייט יידיש ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, מוז ער אין איין קול מיט דעם שר פון יידיש־לשון בענטשן גומל און לויבן דעם היסטאָרישן מזל, וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו פּראַווען יאָר־אויס־יאָר־איין יידישע סימפּאָזיומס און זיי אָפּשליסן יעדעס מאָל מיט אַ הילכיקן „לשנה הבאה!..." אמת, ס'איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט געקענט מורא האָבן, אַז די אומגעהויערע גייסטיקע רייכקייט, וואָס פינקלט און שימערירט אין יידיש־לשון, איז גאָר אינגאַנצן צעטרענצלט און צעטראַסקעט, כדי צו באַנוצן אַ וואָרט פון דעם ווינער פאָלקס־שפּראַך־העלד

מאָטקע חבד, און אַז, בפרט נאָך דעם אומקום פון רוב פון אונדזערע יידיש־רעדנדיקע שבטים, וועט זייער שפּראַך מער קיין תקומה נישט האָבן. האָט דער אויבערשטער רחמנות געהאַט. מער ווי איידער ווען פריער איז יידיש אָנערקענט געוואָרן ביי די אומות העולם ווי אַ שפּראַך צו שפּראַכן גלייך; מער ווי ווען נישט איז פריער האָט די יידישע ליטעראַטור משפּיע געווען אויף אַנדערע ליטעראַטורן און אפילו אויף נישט־יידישע שפּראַכן; און די הויפּטזאַך: ביי אונדז אינעווייניק האָט דאָס יידישע בוך זיך געשטעלט אויף איין הויך מיטן אַלטן לשון־קודשדיקן און לומדיש־רבנישן ספר. דאַרויף מוז מען זיך אויף אַ רגע אָפּשטעלן.

דאָס יידישע פאָלק האָט מקדמונים געשמט ווי אַן „עם הספר". אין דער ביי־מאָדישער צייט האָט מען זיך כמעט גענומען שעמען צו טראָגן אויף זיך דעם פּאַרצייטיקן שם. אָבער דער מלאך פון יידיש האָט אָפּגעראַטעוועט פון אָט דעם חטא די יידישע ליטעראַטור אין יידיש. ווי על־פּי־נס, איז דאָ געקומען צו אַן איבערבייט פון די יוצרות. צווישן יידיש־רעדנדיקע יידן, בפרט די פאַרוועלט־לעכטע, האָט דאָס יידישע בוך אַרויסגעכאַפּט פון דער פאַרצייטיק פרומער וועלט די קדושה פון מיט פּירקאַנטיקע אותיות געדרוקטן „ספר" און האָט מיט דער עקספּראָפּריאירטער קדושה באַקרוינט די ביכער און ביכלעך. פון גרויס און קליין. מער נאָך: וואָס ווייניקער יידיש־רעדנדיקע יידן, דאָס מער יידיש שרייבנדיקע אויסטראַכטערס, דערציילערס און פּאָעטן. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זייער אָפּט איז היינט אַ ייד אָן אַן אייגן בוך דאָס אייגענע וואָס איז געווען אַמאָל אַ ייד אָן אַ באָרד. האָט אַזאַ „גילוח" געקענט האָבן אַ הדרת פּנים? אַזוי פאַרמיאוסט זעט זיך אַצינד אין שפּיגל אַ ייד, וואָס טראָגט נאָך זיין בוך אין קאָפּ. פון „עם הספר" איז געוואָרן כמעט אַ ביכער־אומה, און פאַר יעדן איינעם פון דער מאַסע שרייבערס און דיכטערס — צי גלויבט ער אין אַן עולם האמת, צי נישט — איז „זיין" בוך די אומשטערבלעכע מצבה זיינע: תנצב"ה — „זיין נשמה וועט בלייבן איינגעבונדן אין דעם בינטל לעבן", וואָס איז אַ חלק פון דער יידישער ליטע־ראַטור — אַ ליטעראַטור, וועמענס לייענערס זענען ס'רוב אַליין ליטעראַטן.

דאָס גאַנצע איז אַ סאָציאָלאָגישע דערשיינונג איינציק־אַרטיק אין איר גאָרן מין, אין איר גאַנצקייט גענומען, איז זי אַ גרויסאַרטיקע און ווונדערלעכע מצבה פאַר אַ סך דורות, וואָס זענען כלומרשט אַוועק און האָבן פאַרט נישט אויפגעהערט צו לעבן און צו באַשאַפן. קיינער קען היינט נאָך נישט זאָגן, וואָס מיר מעגן דערפון דערוואַרטן לעתיד לבוא. געבוג דאָ צו דערמאָנען, ווי יידיש האָט זיך וווי'ל דער־האַלטן הינטערן סמבטיון — הינטער די גרענעצן פון ראַטן־רוסלאַנד, הייסט עס. וואָלטן אונדזערע פּרנסים, וואָס זענען אַזוי פאַרזאָרגט בנוגע דעם מזל פון יידיש אין ראַטן־פאַרבאַנד, געגעבן בלויז מעשר פון דער ענערגיע און מיטלען, וואָס זיי גיבן אויס אין קאַמף קעגן די שונאי־יידיש אין מזרח־אייראָפּע, טאַקע בלויז אַ צענט־חלק דערפון, אויף דערמונטערן און לעבעדיק מאַכן דאָס יידישע וואָרט אין דער מערב־וועלט, וואָלט די אַרבעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס לטובת יידיש נישט געווען קיין עבודת־פּרך, נאָר פאַרקערט — אַך ורק אַ נחת־רוח. אָבער לאָמיר נעמען די וועלט ווי זי איז און טאָן ווייטער וואָס מיר האָלטן פאַר ריכטיק.

די יינגערע צווישן אונדז וועלן מסתמא נאָך דערלעבן צו זען, אַז אונדזער זאָרג בנוגע יידיש פירט צו גערעטענישן אפילו אין, לפנים, גאָר ווייטע וויסטעניש.

נו! איז, הייסט עס, אַלץ בסדר? — צום באַדויערן זענען מיר נישט באַרעכטיקט אָפּצוענטפערן מיט אַ פּשוטן „יאָ!".

ס'איז מער קיין סוד נישט, אַז אונדזערע סימפּאָזיומס זענען אין סוף חשבון אַ מיטל צווישן מיטלען צו באַפעסטיקן דעם פונדאַמענט פאַר אַ דעת־הקהל פון אונדזער פאָלקס אינטעליגענץ, וואָס איז ממשיך דעם גייסט פון דער יידישלעך־יידישער מסורה. איז דער ערשטער תנאי פון הצלחה אין אָט דער אויסנאַמיקער סביבה, אַז ס'זאָל דערין ווירקן נישט בלויז אַבסטראַקטע אחדות, נאָר קאָנקרעטע פאַרבונדנקייט צווישן יחיד און יחיד. אין דער אַלטער יידישער מסורה און אין דער שפּראַך פון דער נייציייטיקער רעוואָלוציע האָט מען עס גערופן ברידערלעכקייט. אָט די „פּראַטערניטע" פון „אחינו" בני־ישראל מוז ווידער ווערן קאָנקרעט און ממשותדיק. איז עס בכלל מעגלעך?

דאָס איז די שווערסטע קלאָץ־קשיה, וואָס ליגט אויף אונדזער וועג. מען קען נישט פאַרלאַנגען פון דער הײַטער וועלט דרויסן ברידערלעכקייט בעת מען איז ביי זיך אין דער היים אַ קין לגבי דעם אייגענעם ברודערס באַשעפעניש, אפילו אויב זיי זענען הבלס הבל־הבלים. בכדי יידישע שרייבערס און פּאָעטן זאָלן קענען ווערן אַ נייע וועג־ווייזנדיקע עדה, אַן „עליטע", און כלל ישראל, מוזן זיי די ערשטע זאָך אויסגעלייזט ווערן פון דער מחלה אינדיווידואַליזם. וועט יעדער מאַכן שבת פאַר זיך, וועט אָפּגעשאַפט ווערן אינאיינעם מיט דער הבדלה אויך דער קידוש. אַנשטאָט מלוה־מלכהדיקע סימפּאָזיומס וועלן מיר האָבן פאַרעווע וועטשערעס, נישט פליישיק און נישט מילכיק. דעריבער בלייבט עס אַ הויפּט־פּראַגע פּונקט אין פּראָגראַם פון אונדזערע יידישע סימפּאָזיומס: אויף וואָס פאַר אַן אופן וואָלט די יידישע אינטעליגענץ געקענט גובר זיין די עפּידעמישע קרענק פון אינטעליגענטישן אינדיווידואַליזם?

דער פאָרשלאָג, וואָס דער שרייבער פון אָט די בלעטלעך האָט געמאַכט אין איינעם פון אונדזערע ערשטע סימפּאָזיומס, איז געווען געבויט אויף דער השערה, אַז די אינטעליגענץ אונדזערע וועט דערשפּירן דעם רצון צו בלייבן פאַרבינדן דורך שטענדיקע בשותפותדיקע פּראַקטישע אויפגאַבעס, דהיינו, דורך שאַפן אַן אַקאַדעמיע פון יידישער ליטעראַטור, וואָס וואָלט געקענט אַרויסברענגען און דורכפירן פּלענער אַנגעמאָסטן פאַר אַ שאַפערישן רבים. אַזאַ פּלאַן וואָלט געווען, למשל, דער געדאַנק מכח אַ נייעם תרגום־יידיש פון אונדזער פאָלקס ספר־הספרים, דעם תנ"ך. מיר פאַרמאָגן אין יידיש דעם תרגום יהואש — געוויס! איז אָבער גראָד דאָס נישט קיין רמז דאַרויף, אַז נייע היסטאָרישע באַדינגונגען, אויך אין פּרט פון אויסטייטשן געבויער אַלטע ווערטער און פּסוקים, פאַרלאַנגען נייע קאָלעקטיווע אָנשטרענגונגען? אַ ניי־געשאַפענע יידישע אַקאַדעמיע, וואָס וואָלט זיך געשטעלט אַזאַ מין אויפגאַבע, וואָלט געווען פאַרזאָרגט מיט וויכטיקער אַרבעט אויף איבער אַ דור צי צוויי און וואָלט געקענט צוציען דערצו אַלע טאַלאַנטפולע מיטגלידער פון דער עדה „יידישע אינטעליגענץ".

אויב ס'איז נאָך נישט געקומען די צייט אויף אַזאַ אָרגאַנישן אופן צונויפ־

צובינדן אַלט און ניי, לשון־קודש מיט יידיש, און ראשית־כל אונדזער נייע יידישע אינטעליגענץ מיט די טיפסטע קוואַלן פון דעם פאָלקס־גייסט, באַדאַרף מען האָבן געדולד און דעם כח אָן אַן אויפהער צוצושטופּן דעם „קץ״.

דער טייל גערעטענישן פון די יידישע סימפּאָזיומס, וואָס איז איינגעבונדן אין אונדזער זאַמלבאַנד, זאָגט עדות, אַז מיט געדולד קען מען אויפבויען וועלטן און אַז די יידיש־יידישע וועלט ווערט נישט מיד צו האָבן געדולד. טאָ זאָל עס זיין אַ סימן ברכה פאַר כל ישראל.

לאָנדאָן, סוף אדר, התשכ״ח.

# אַריינפיר צו די רעפעראַטן
# פון ד״ר בצלאל שערמאַן און ד״ר שלמה ביקל

פון **יצחק פוגאַטש** (פּאַריז)

אין אָנהייב פון אונדזער קולטור־קאָנפערענץ אויף דער טעמע „פּופציק יאָר יידיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע״, פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז היינט, וויל איך באַגריסן אַלע אָנטיילנעמער פון אונדזער פאַרזאַמלונג און גאַנץ באַזונדערס אונדזערע חשובע געסט פון אויסלאַנד, די חשובע קולטור־טוער פון פאַרשידענע לענדער.

עס איז אָן ספק זייער וויכטיק צו מאַכן אַ חשבון־הנפש און אויך אַ שטיקל סך־הכל, ווי יעדער איינער זעט אים, זיך טיילן מיט געדאַנקען, לערנען איינער פון אַנדערן און דערמוטיקן איינער דעם אַנדערן אין אַ צייט, ווען מיר זענען אַזוי צעשפּליטערט נישט נאָר געאָגראַפיש.

אין די איצטיקע צייטן דאַרף יעדע פּאָזיטיווע קולטור־דערשיינונג אונדז זיין טייער. דערשיינונגען אין פאָרם פון אַ בוך, פון אַ זשורנאַל, אַ פאָרשטעלונג, אַ קאָנצערט, אָדער אפילו סתם אַ היימישער יידישער יום־טוב, זענען וויכטיק און מיר טאָרן זיי נישט אונטערשאַצן, נישט בלייבן גלייכגילטיק צו זיי, ווייל עס לויערן אויף אונדז גרויסע סכנות. טאַקע אין זעלביקן זאַל האָט זיך סוף פון לעצטן חודש אָפּגעשפּילט איינע פון די לעצטע יידישע טראַגעדיעס. פאָרשטייער פון די אַלזשירער יידן, וואָס וווינען איצט אין די פאָרשטעט פון פּאַריז, האָבן זיך דאָ געטראָפן און איינער פון זיי האָט אין נאָמען פון אַלע אַנדערע אויסגערופן: „העלפט אונדז ראַטעווען אונדזערע קינדער, ווייל די אַסימילאַציע פרעסט אונדז אויף״. אַזעלכע פאַרצווייפלטע אַפּעלן קומען נישט נאָר פון די ניי־אָנגעקומענע. אָט האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ סטודענטן־גרופּע, וועלכע שרייבט אונדז: „קומט צו אונדז רעדן אויף וועלכער טעמע איר ווילט, אַבי קומט!״. און עס זענען געקומען בריוו פון צוויי אַנדערע גרופּירונגען, פון ראָאַן און פון ווישי.

אָבער אויך מיר אַליין פילן די נויטווענדיקייט זיך צו דערנענטערן, ווייל מיר אַליין זענען אויך פאַראיינזאַמט. דעריבער איז אַזאַ צוזאַמענטרעף, ווי דער סימפּאָזיום, אַ נוצלעכע און ביז גאָר וויכטיקע זאַך.

די טעמע, וואָס מיר וועלן באַהאַנדלען, איז אונדזער אַלעמענס אָנגעווייטיקטע טעמע, און אויב מיר וועלן זי נעמען ערנסט, קענען מיר איבערלאָזן אַ וויטאַלע

אַרבעט, ווייל אַנדערש וועט די צוקונפט פון אונדז פאָדערן אַ חשבון און זי וועט זיין גערעכט.

די סימפּאָזיומס זענען געוואָרן אַ טראַדיציע אין דער טעטיקייט פון דער פּראַנצויזישער סעקציע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. זיי קומען פאָר רעגלמעסיק סיי אין דער פראַנצויזישער שפּראַך, סיי אין יידיש. צווישן אַנדערע דערגרייכונגען קענען מיר פאַרצייכענען אַ דערנענטערונג צו אונדז פון אַ ריי פראַנצויזיש־רעדנדיקע אינטעלעקטואַלן, וואָס זענען געווען אָפּגעפרעמדט און זענען איצט געוואָרן טוער לטובת אונדזערע יידישע אינטערעסן. עס איז אַזוי געשען, אַז מיר מוזן זיך באַשרענקען צום געביט פון גערעדטן וואָרט. אָבער ווען עס געלינגט דער פראַנצויזישער סעקציע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס נאָך אַ סך באַמיאונגען צו צוזאַמענברענגען אין שטראַסבורג, ווי עס איז לעצטנס געשען, פיר הונדערט יידישע יוגנטלעכע און צווישן זיי אַ צאָל פולשטענדיק אַסימילירטע יונגעלייט, כדי צו באַקענען זיך מיט זייערע זאָרג (ווייל זיי האָבן אויך זאָרג), מיט זייערע טענות, מיט זייערע אַספּיראַציעס, און פאַרשטענדלעך באַקענען זיי מיט אונדזערע יידישע פּראָבלעמען און שאַפונגען אויף אַלע געביטן — נאַטירלעך ווערט עס געטאָן אין דער לאַנד־שפּראַך — איז דאָס אויך אַ דערגרייכונג, בפרט ווען די יוגנטלעכע אַליין האָבן דעם צוזאַמענטרעף זייער גוט אָפּגעשאַצט. אַזעלכע אונטערנעמונגען זענען שוין געווען אין די צענדליקער און ווען מען אַרבעט ביי דעם יאָרנלאַנג, גיט מען אָפּ נישט נאָר צייט, נאָר אויך געזונט, וואָס שפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע ביי מענטשן אין אונדזער עלטער. מיר גלויבן אָבער, אַז מיט אַזאַ אַרבעט פילן מיר אויס אַ בלויז.

בלויזן זענען נאָך פאַראַן אַ סך אין אונדזער יידישן לעבן. אָבער ווען מען פּרוּווט אָנגיין מיט אַ שעפערישער אַרבעט, ווי קליין און באַשיידן זי זאָל נישט זיין, איז כאָטש פאַראַן אַ האָפענונג אויף אַ המשך.

***

מיר ווילן דאָ פאָרשטעלן צוויי רעפערענטן: ד״ר בצלאל שערמאַן און ד״ר שלמה ביקל. ד״ר בצלאל שערמאַן, דער יידישער סאָציאָלאָג אין די פאַרייניקטע שטאַטן, איז אונדז זייער נאָענט. ער האָט זיך פולשטענדיק געווידמעט די יידישע אינטערעסן און ער טוט עס, ווי אַ געטרייער זון פון זיין פאָלק. זיינע אַרגומענטן שטיצן זיך אויף אומברחמנותדיקע פאַקטן, ווי עס איז נויטיק פאַר אַן ערנסטן פאָרשער, און ער דריקט זיי אויס אין אַ רואיקן, וויסנשאַפטלעכן יידיש. עס פילט זיך אָבער אין זיין וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז אַ יידישע האַרץ און מיר זענען אים דערפאַר דאַנקבאַר.

עס איז פאַר מיר אַ גרויסער נסיון זיך צו באַשרענקען און נישט זאָגן וועגן שלמה ביקל, וואָס איך האָב אויפן האַרץ, און איך האָב זייער אַ סך אויפן האַרץ. וויל איך זיך באַגנוגענען מיט אַ מעשהלע.

מעשה שהיה — מיט אַן ערך זעקס יאָר צוריק איז פאָרגעקומען אין שטאָקהאָלם אַן אַלגעמיינע קאָנפערענץ פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. דיסקוטירט האָט מען העפטיק, ווי עס איז דער שטייגער ביי יידן, אַ גאַנצע וואָך פון זונטיק ביז פרייטיק. אָבער פרייטיק, איידער מען איז אַוועק צו קבלת־שבת, האָט מען די לעצטע זיצונג געווידמעט

דעם הונדערט־יעריקן געבוירנטאָג פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער שלום־עליכם, צווײ רעדעס זענען געהאַלטן געוואָרן: אײנע פון דעם וואַרשעווער שרייבער דוד ספּארד, און די צווייטע פון ד״ר שלמה ביקל. איצט שטעלט איך פאַר די אַטמאָספער, וואָס האָט דאָרט געהערשט. די דעלעגאַטן זענען געווען אויסגעמאַטערט, מיט אייך פוס זענען זיי שוין געווען אין דרויסן. געבליבן איז מען, ווייל פּאָרט שלום־עליכם און פּאָרט אינטערעסאַנטע רעדנער. מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ וואַרימע שטימע און עס הערן זיך היימישע, ליטעראַ ווערטער, וואָס פליסן ווי פון אַ קוואַל און דערפרישן אַלעמען. זיי צעטראָגן זיך איבערן זאַל און ברענגען שוין אַריין אין די הערצער אַ שבתדיקייט, אַ שבתדיקע נשמה־יתירה. וואָס איז געשען? — דער נס פון שלום־עליכמען, באַלויכטן, באַגרינדעט און באַזונגען פון שלמה ביקל. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ מין קרוינונג פון דער גאַנצער וואָך. עס איז געווען אַ מאַיעסטעטישער אַריינפיר אין שבת.

פּאַריז, 1965.

# אידעאישע שטרעמונגען אין מזרח־איראָפּע

פון ד״ר בצלאל שערמאַן (ניו־יאָרק)

עס איז זייער שווער צו רעדן וועגן די פאַרגאַנגענע פופציק יאָר אין לעבן פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן. מיר קענען נאָר רעדן וועגן דער ירושה, ווייל אַלע מזרח־אייראָפּעאישע ישובים זענען פאַקטיש צעשטערט געוואָרן.

די לעצטע פופציק יאָר זענען בכלל געווען שווערע פאַר אַלע פעלקער. דער־מאָנט זיך, אַז מיר האָבן אין די פופציק יאָר איבערגעלעבט צוויי וועלט־מלחמות און די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד; אין די פופציק יאָר זענען געפאַלן מעכטיקע אימפּעריעס און עס זענען אויפגעקומען נייע וועלט־מאַכטן; אין די פופציק יאָר זענען אויפגעקומען צו זעלבסטשטענדיקייט און צו פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט צענדליקער פעלקער און ראַסן, וואָס האָבן געלעבט אונטערדריקט און זענען געווען עקספּלואַטירט דורך קאָלאָניאַלע כוחות; און וואָס מיר יידן האָבן איבערגעלעבט אין די פופציק יאָר איז נישט מעגלעך אויסצודריקן.

אָבער אין די פופציק יאָר זענען פאָרגעקומען ענדערונגען נישט נאָר פּאָלי־טישע. עס זענען פאָרגעקומען ענדערונגען אויף אַלע שטחים פון מענטשלעכער אַנטוויקלונג און פון מענטשלעכן גייסט. עס איז אין די פופציק יאָר דערפונדן געוואָרן די אַטאָמישע באָמבע. עס האָבן אין די פופציק יאָר זיך געביטן אַלע סאָ־ציאַלע פאַרהעלטענישן, די באַציאונגען צווישן קלאַסן און צווישן פעלקער. און דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם יידישן פאָלק, דאָס אַלץ האָט געטראָפן די מזרח־אייראָפּעאישע יידן. אין די פופציק יאָר יידן האָבן דורכגעלעבט די גרעסטע קאַטאַס־טראָפע אין דער געשיכטע פון גלות. אין די פופציק יאָר האָבן זיי אויך איבערגעלעבט די פרייד, וואָס עס האָט געבראַכט די רעאַליזירונג פון אַלטן חלום פון שיבת־ציון, דעם אויפקום פון מדינת ישראל.

אין דעם אַלעמען וועט איר געפינען אַ שפּור פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום. עס איז נישט מעגלעך אָפּצושאַצן די אידעאישע שטראָמען אין דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום אין די לעצטע פופציק יאָר. אָבער דאָס זענען געווען פופציק יאָר, בעת וועלכע עס האָבן זיך רעאַליזירט אידעאישע שטראָמען, וואָס זענען אַרויס־געשלאָגן פון די קוואַלן פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום. אַ סך אידייען און אידעאַלן פון אייראָפּעאישן יידנטום האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין, ווי פאַלשע משיחים, וואָס האָבן אָפּגענאַרט די האָפענונגען, וועלכע מען האָט אויף זיי געלייגט און האָבן געבראַכט גרויסע אַנטוישונגען.

בכלל איז דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט אַ יאָרהונדערט פון אַנטוישונג, וואָס איז געקומען נאָך דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט, וועלכער איז געווען אַ יאָרהונדערט פון גרויסן אָפּטימיזם, פון פֿאַרשפּרייטע האָפֿענונגען. לאָמיר זיך דערמאָנען די לעצטע אידעאישע שטרעמונגען פון אייראָפּעאישן יידנטום אין נײַנצנטן יאָרהונדערט. זיי האָבן מיט זיך געבראַכט גרויסע דערוואַרטונגען. דאָס איז געווען אַ ליבעראַליזירנ־דיקער יאָרהונדערט. דער מענטש האָט אין יענע צײַטן געהאַט דעם טיפֿן גלויבן, אַז מיט דער אַנטוויקלונג פון דער טעכנאָלאָגיע וועט דאָס לעבן פון מענטש ווערן ניט נאָר גרינגער און באַקוועמער, נאָר עס וועט אויך ווערן דערהייבענער. מען האָט געהאָפֿט, אַז דער מענטש וועט מאָראַליש דערהייבן ווערן אַ דאַנק די מעג־לעכקייטן, וואָס זענען פֿאַר אים אַנטשטאַנען מיט דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע. גרויסע האָפֿענונגען האָט מען געלייגט אויף דער מאַשין, וואָס האָט געדאַרפֿט באַפֿרייען דעם מענטש פֿונעם יאָך פון זאָרג פֿונעם טאָגטעגלעכן לעבן, וואָס האָט געזאָלט מאַכן דאָס לעבן פון מענטש גרינגער, באַקוועמער. אָבער יענע ליבעראַלע און אָפּטימיסטישע האָפֿענונגען זענען שפּעטער צערונען געוואָרן פונקט, ווי עס איז צערונען געוואָרן די שטימונג פון פֿאַריקן יאָרהונדערט, וואָס האָט געבראַכט די עמאַנציפּאַציע פֿאַר יידן אין מערב־אייראָפּע. און הגם די עמאַנציפּאַציע האָט פּאַקטיש קיינמאָל ניט דערגרייכט צו די יידן פון מזרח־אייראָפּע, ווו עס איז געווען קאָנצענטרירט די מערהייט פון יידישן פֿאָלק ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אָבער די שטראַלן פון דער עמאַנציפּאַציע אויך געוואַרעמט די יידן אין די פֿאַרשידענע שטעט און שטעטלעך און אויך זיי האָבן זיך אויפֿגעהייבן אויף די פֿליגלען פון אָט די גרויסע האָפֿענונגען און פון די גרויסע דערוואַרטונגען, וועלכע האָבן זיך דורכגעטראָגן דורך גאַנץ מערב־אייראָפּע.

די ווירקונג פון דער עמאַנציפּאַציע איז פֿאַרשידן אויפֿגענומען געוואָרן אידעאיש דורך די יידן אין מערב־אייראָפּע און דורך די יידן אין מזרח־אייראָפּע. ביידע שטראָמען קומען פון אייראָפּע, דאָס הייסט פּאַקטיש פון דער גרויסער מערהייט פון יידישן פֿאָלק אין דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה פון יאָר 1914. די עמאַנציפּאַציע און די השכלה האָבן געענדערט דאָס שטייענדיקע יידישע לעבן, וואָס איז אין משך פון הונדערטער יאָרן געווען פֿאַרגליווערט. פון איין זײַט האָט דאָס דאַמאָלסדיקע יידישע לעבן געהאַט פֿאַר זיך די וויזיע פון שיבֿת־ציון. עס האָט שטענדיק געהאַט פֿאַר זיך די וויזיע פון אַ משיח־אידייע, וואָס האָט אויפֿגעהאַלטן דאָס יידישע פֿאָלק. אָבער אין דער זעלביקער צײַט האָט די זעלביקע משיח־אידייע אויך פֿאַראַליזירט די יידישע איניציאַטיוו. יידן זענען געזעסן אין משך פון הונדערטער יאָרן און געוואַרט אויף דעם געטלעכן שליח. זיי האָבן געזען אין משיחן דעם אַקט פון דער געטלעכקייט און דערמיט אין אַ געוויסער מאָס באַרעכטיקט זייער אייגענע פּאַסיוויטעט. די עמאַנציפּאַציע און די השכלה האָבן צעטרייסלט דעם גלויבן נאָר אין אַ געטלעכן משיח. יידן האָבן אָנגעהויבן אײַנזען, אַז אפֿשר ליגט זייער אויסלייזונג אין די ערדישע כּחות און אין ערדישע פּראָצעסן. דאַמאָלסט האָט זיך אָנגעהייבן די השכלה־באַוועגונג, וואָס האָט אין מערב־אייראָפּע גאָר אַנדערע פֿאָרמען, ווי זי האָט שפּעטער אָנגענומען אין מזרח־אייראָפּע.

אין מערב־אייראָפּע איז צום ערשטן מאָל דער ייד געשטעלט געוואָרן אין

דער לאַגע פֿון רעווידירן פֿונדאַסניי זיין באַציאונג צו דער וועלט. ער איז אַרויסגע־גאַנגען פֿון געטאָ, ער איז געוואָרן אַ בירגער פֿון אַ לאַנד און ער האָט געדאַרפֿט פֿאַר זיך אַליין קלאָר מאַכן, וואָס איז זיין יידישקייט אין אָט דער נייער סיטואַציע, פֿון ווערן אַ בירגער פֿון אַ לאַנד און נישט, ווי ביז איצט, אַן איינוווינער פֿון אַ געטאָ. דער ענטפֿער, וועלכן דער ייד האָט געגעבן דאָ אין לאַנד, אין פֿראַנקרייך, איז געווען, אַז יידן האָבן פֿאַקטיש אויפֿגעהערט צו זיין אַ פֿאָלק, אַז דער אונטערשיד צווישן יידן און נישט יידן איז נאָר אויפֿן געביט פֿון רעליגיע. דערנאָך איז מען געגאַנגען און מען האָט פּרובירט אויך די רעליגיע אָפּשוואַכן, אַזוי אָפּרייסן זי פֿון די טראַדיציאָנעלע קוואַלן, אַז עס זאָל זיין אַ קנאַפּער אונטערשיד אויך אין רעלי־גיעזער הינזיכט צווישן דעם יידישן גלויבן און דעם גלויבן פֿון די לענדער, אין וועלכע יידן האָבן געלעבט.

די אַלע אידעאישע ענדערונגען, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין מערב־אייראָפּע, ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער עמאַנציפּאַציע, זענען קודם כל געגאַנגען אויף דער רעלי־גיעזער ליניע. די אַלע נייע רעליגיעזע באַוועגונגען און רעליגיעזע אידייען האָבן זייער אויפֿקום געהאַט אין מערב־אייראָפּע. פֿריער איז געקומען די רעפֿאָרם־באַוועגונג, אַ ביסל שפּעטער איז געקומען די קאָנסערוואַטיווע באַוועגונג. זיי האָבן ביידע געהאַט געזעלשאַפֿטלעך די זעלביקע טענדענץ, הגם זיי זענען טעאָלאָגיש ווייט איינע פֿון דער אַנדערער. אין גרונט פֿון די ביידע באַוועגונגען איז געווען דער פֿאַרלאַנג צו מאַכן קירצער דעם מהלך, די דיסטאַנץ, צווישן יידן און נישט־יידן. עס איז געווען אַ פֿאַרזוך צו אַריינפּאַסן די יידישע רעליגיע אין דער ראָם פֿון דער אַלגעמיינער עמאַנציפּירטער בירגערשאַפֿט, צו וועלכער יידן זענען צוגעקומען און זיי זענען צוגעקומען, ווי זיי האָבן דאַמאָלסט געטראַכט, נישט מיט זייער אייגענעם כח, נאָר זיי האָבן אויפֿגענומען די עמאַנציפּאַציע, ווי אַ געשאַנק וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן פֿון דרויסן.

כ'האָב געזאָגט, אַז די עמאַנציפּאַציע האָט קיינמאָל נישט דערגרייכט מזרח־אייראָפּע. אָבער די השכלה האָט זיך אויך דאָרטן אָנגעהייבן און די השכלה איז געווען געריכטעט קודם כל גישט קעגן דער רעליגיעזער טראַדיציע, נאָר קעגן די פֿירונגען פֿון יידן. די לאָזונג „זיי אַ ייד אין דער היים און אַ מענטש אין גאַס" איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר מזרח־אייראָפּע דערפֿאַר, ווייל אין מזרח־אייראָפּע האָט מען קודם כל געדאַרפֿט די יידן ציוויליזירן און אינגאַנצן אַריבערפֿירן אויף נייע רעלסן די באַציאונג צווישן יידן אַליין. דאָרט איז נישט געגאַנגען נאָר אין רעליגיעזע רעפֿאָרמען. דאָרט איז געגאַנגען אין סעקולאַריזירן דאָס יידישע לעבן, וואָס איז געווען אַ מאַסן־לעבן און אין וועלכן עס האָבן זיך אָנגעהייבן אָנצוצייכענען דיפֿערענצן סיי עקאָנאָמישע און סיי סאָציאַלע. עס האָבן אָנגעהייבן אויפֿצוקומען קלאַסן און אין מזרח־אייראָפּע האָט מען נישט געקענט געבן אַזאַ ענטפֿער, וואָס זאָל פּרובירן אַריינפּאַסן יידישע ווערטן אין דער ראָם פֿון דער אַלגעמיינער סיטואַציע פֿון יענע לענדער. די אַלגעמיינע סיטואַציע איז אין יענע לענדער גאָרנישט געווען אַזוי לאָקנדיק און דאָס יידישע לעבן איז געווען צופֿיל פֿאַרוואָרצלט אין אַלטע טראַדיציעס און אין די אייגענע ווערטן, אַז מען זאָל עס קענען אינגאַנצן אָפּטויטן. אָבער עס איז געווען נויטיק צו ענדערן דעם גאַנג פֿון דער יידישער געשיכטע אין

מזרח־אייראָפּע. עס איז נויטיק געווען, אַז מען זאָל די יידן מאַכן אויפנאַם־פעאיק פאַר אָט די נייע ענדערונגען, וואָס זענען געקומען אין רעזולטאַט פון דער קאַפּי־טאַליסטישער אַנטוויקלונג.

אין רעזולטאַט פון די אַלע פּראָצעסן האָט מען אפילו דאָס שטייענדיקע לעבן פון די יידן אין די שטעטלעך אויך צעטרייסלט. זיי האָבן זיך געראַנגלט מיט די נייע ענדערונגען, אָבער זיי אויסמיידן האָבן זיי נישט געקאָנט. איך דערמאָן די לאָזונג פון „זיי אַ ייד אין דער היים און אַ מענטש אין דרויסן" און איך טראַכט, אַז אַ סך יאָרן שפּעטער האָט איינער פון די פּאָטערס פון דער אַמעריקאַנער פילאָ־זאָפיע געזאָגט די זעלביקע זאַך. ער האָט געזאָגט, אַז אַ מענטש האָט אַזויפיל פערזענלעכקייטן וויפל עס זענען פאַראַן סביבות צו וועלכע ער דאַרף זיך צופּאַסן. אויף וויפל די יידן אין מערב־אייראָפּע האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דער סביבה, האָבן זיי אייגנטלעך פאַרלוירן זייער אייגענע פערזענלעכקייט.

אין מזרח־אייראָפּע האָבן אָבער די יידן פּונקט פאַרקערט דורכגעפירט זייער צופּאַסונג אין די ראַמען פון זייערע אייגענע ווערטן. דאָס איז געווען דער גרויסער אונטערשיד צווישן מערב־אייראָפּע און מזרח־אייראָפּע און דערפאַר וועט איר באַמערקן, אַז די רעליגיע איז אין מזרח־אייראָפּע פּאַקטיש נישט רעפאָרמירט געוואָרן. עס זענען נישט פאָרגעקומען קיין גרויסע רעליגיעזע ענדערונגען אין מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום. דערפאַר אָבער זענען אויפגעקומען סעקולאַרע באַ־וועגונגען, סעקולאַרע יידישע אידייען, וואָס אַלע האָבן זיי געהאַט דעם זעלביקן אורשפּרונג. זיי זענען אַלע אַרויסגעשלאָגן פון זעלביקן קוואַל, פון אַן אויפגעוואַכטער יידישער איניציאַטיוו, פון אַ מידקייט פון זיצן און וואַרטן מיט פאַרלייגטע הענט אויף אַ געטלעכן משיח. דאַמאָלסט קומען עס אויף די פאַרשידענע אידייען. אייניקע פון זיי האָבן געהאַט זייער אָנהייב דווקא אין מערב־אייראָפּע, אָבער די מאַסן־נאָכפאָלגערישקייט, די באַזע אויף וועלכער עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן די סטרוקטור, וואָס האָט אויסגעהאַלטן די דאָזיקע באַוועגונגען — זי איז געווען אין מזרח־אייראָפּע. און עס איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אין דער צווייטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, באַזונדערס אין לעצטן פערטל פון דעם יאָרהונדערט, זענען אויפגעקומען פאַרשידענע באַוועגונגען צווישן די יידן אין מזרח־אייראָפּע, וואָס זענען עד היום אַ כח אינעם יידישן אידעאישן לעבן.

עס קומען דאָרט אויף באַוועגונגען, וואָס אין תוך זענען זיי אין מלחמה איינע קעגן דער אַנדערער. זיי ציען אין פולשטענדיק פאַרשידענע ריכטונגען. פונדעסט־וועגן האָבן זיי אַלע דאָס שותפותדיקע, וואָס זיי בויען אַלע אויפן כח פון פאָלק און וואָס זיי זעען די דערלייזונג און די אויסלייזונג פון פאָלק אין דעם פאָלק גופא: זיי זעען משיחן אין פאָלק גופא.

אין יאָר 1897 קומט אויף די ציוניסטישע באַוועגונג. אַ פּאָליטישער ציוניזם האָט געמוזט געשאַפן ווערן אין מערב־אייראָפּע. אַ הערצל האָט נישט געקענט זיין אין מזרח־אייראָפּע. עס האָט געמוזט זיין איינער, וואָס האָט געהאַט די דערפאַרונגען און די אַנטוישונג פון די גרויסע האָפענונגען, וואָס דער ליבעראַלער נײַנצנטער יאָרהונדערט האָט אויפגעבראַכט אין מענטשן. עס האָט געמוזט זיין די אַנטוישונג אין ליבעראַליזם און עס האָט אויך געמוזט זיין אַ באַשטימטע דערפאַרונג אין אַ

פּאָליטישער אַקציע, אַז עס זאָל געבוירן ווערן אַ פּאָליטישע באַוועגונג ביי יידן. דאָס אַלץ האָט געקענט געשען אין מערב־איראָפּע. אָבער מזרח־איראָפּע איז געווען די מאַסע, וואָס האָט אויפגענומען אָט די פּאָליטישע אידייען און וואָס איז געוואָרן די טרעגערין און פאַרווירקלעכערין פון דער דאָזיקער אידייע. פּונקט ווי עס האָט נישט געקענט קומען קיין מנהיג פון פּאָליטישן ציוניזם פון מזרח־איראָפּע, פּונקט אַזוי האָט נישט געקענט קומען קיין חלוצישע באַוועגונג, די ערשטע, פון מערב־איראָפּע. זי איז געקומען פון מזרח־איראָפּע, ווייל דאָרט איז געווען דאָס פאָלק און דאָס איז געווען דער פאַרזוך צו ענדערן דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, נישט אָפּרייסנדיק זיך פון יידישע קוואַלן.

אין זעלביקן יאָר 1897 איז אויפגעקומען דער „בונד”, וואָס האָט גלייך אין אָנהייב זיך געשטעלט אין אַ מלחמה קעגן דעם ציוניזם. אין זעלביקן יאָר 1897 האָט דובנאָוו געשאַפן דעם גלות־נאַציאָנאַליזם. עס איז אפשר געווען אַ פריערדיקער פאָרלויפער, אָבער זיין אידייע האָט נישט אָנגעשלאָגן אין פאָלק.

די דאָזיקע באַוועגונגען זענען נישט געגאַנגען אין דער זעלביקער ריכטונג. זיי זענען אָפּטמאָל געגאַנגען אין קעגנגעזעצטע ריכטונגען. אָבער אַלע זענען זיי אַרויסגעשלאָגן פון דעם קוואַל פון יידישער זעלבסט־איניציאַטיוו און אַלע האָבן זיי געהאַט אין זיך דעם בשותּפותדיקן שטריך, וואָס זיי האָבן געבויט אויפן כח און אויף דער איניציאַטיוו פון פאָלק. אַלע האָבן זיי אויך געהאַט דעם געמיינזאַמען שטריך פון זוכן דערלייזונג און אויסלייזונג אין די אייגענע כחות.

אין דער זעלביקער צייט הייבט זיך אָן די גרויסע מאַסן־עמיגראַציע פון מזרח־איראָפּע קיין אַמעריקע. אויך די עמיגראַציע, וואָס איז נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע, וואָס איז געווען אַ פאַראיינצלטע און זייער אַ כאַאָטישע, אויך זי איז געווען גינסטיק און אין גרעסטן טייל איז זי אויך געווען אַ דערשיינונג פון עמאַנציפּאַציע, אַן אויסשטראַל פון דער אויפגעוואַכטער יידישער ענערגיע. יידן האָבן פּערזענלעך, אינדיווידועל, געוואָלט זיך אַליין העלפן דורך בייטן זייערע וווין־ערטער, וואָרעם זיי האָבן דערפילט, אַז עס איז מער נישטאָ קיין פּלאַץ און עס זענען מער נישטאָ קיין האָפענונגען אין די אַלטע וווין־ערטער.

אָט די אַלע אידייען, ווי ווידעראַנאַנדיק זיי זענען נישט געווען, וויפל סתירות זיי זאָלן נישט האָבן איינע קעגן דער אַנדערער, אָט די אידייען האָבן אָנגעצונדן יידישע הערצער איבער דער גאַנצער וועלט. מזרח־איראָפּע האָט זיך אויסגעשפּרייט ווייט איבער אירע געאָגראַפישע גרענעצן. די אַלע נייע ישובים, וואָס זענען אויפגעקומען, זענען אין גרויסן גאַנצן געווען צווישן זיך אין קאָנטאַקט מיט דער אויסוואַנדערונג פון די מזרח־איראָפּעאישע לענדער. און די יידן זענען נישט אַליין געפאָרן, זיי האָבן מיטגענומען זייערע אידייען. אויב עס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן די פּאַרטייען און די באַוועגונגען, וואָס זענען געווען באַזירט אויף די אידייען, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן אין מזרח־איראָפּע, איז עס געווען דערפאַר, ווייל די אימיגראַנטן האָבן זיי אומעטום מיטגעבראַכט. עס האָט עקסטנס געקענט זיין דאָ און דאָרט אַן אַנדער פירער. ביי אונדז אין די פאַרייניקטע שטאַטן זענען די ערשטע פירער פון ציוניזם טאַקע געווען מערב־איראָפּעאישע יידן אָדער אַמעריקאַנער געבוירענע יידן. אָבער די מאַסן וויטערדיקע ציוניסטישע יידן זענען געווען די

געקומענע פון מזרח־איראָפּע. דאָס זעלביקע איז געווען אויך אין אַנדערע לענדער. דאָס האָבן זיך די אידייען דורכגעבראָכן און די דאָזיקע אידייען האָבן אויפגעוועקט כחות אין דעם פאָלק, וואָס האָבן געדרעמלט אין משך פון לאַנגע, לאַנגע יאָר־הונדערטער. דעריבער איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אויף די פליגלען פון דער דאָזיקער דערהייבענער יידישער זעלבסט־איניציאַטיוו איז געשאַפן געוואָרן די נייע יידישע ליטעראַטור, וואָס איז אויך אַ פּראָדוקט פון מזרח־איראָפּע, און עס איז געשאַפן געוואָרן די נייע העברעאישע ליטעראַטור און עס זענען אויפגעקומען די אַלע סעקולערע באַוועגונגען.

מערב־איראָפּע האָט אַריינגעבראַכט זייער אַ סך נייעס אין דעם יידישן לעבן דורך די רעליגיעזע רעפאָרמען. אָבער די אַלע פאָלקס־באַוועגונגען, וואָס זענען אויפגעקומען, זענען אַנטשטאַנען אין מזרח־איראָפּע. עס איז אויך כדאי פעסטצו־שטעלן, אַז דוקא אין די לעצטע פופציק יאָר איז די מזרח־איראָפּעאישע השפעה געווען מער אַן אומדירעקטע, ווי אַ דירעקטע, מיט אַן אויסנאַם פון דעם קורצן צייט־אָפּשניט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, ווען אַלץ וואָס איז געווען שעפעריש און קאָנסטרוקטיוו אין מזרח־איראָפּע האָט זיך קאָנצענטרירט בעיקר אין פּוילן.

מיטן דאָזיקן אויסנאַם האָבן מיר געזען, ווי מזרח־איראָפּע איז געפאַלן אַ קרבן פון יענער גרויסער אַנטווישונג, וואָס איז געקומען אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט נאָך די גרויסע האָפענונגען און דערוואַרטונגען, וואָס מען האָט געלייגט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און פון דער טעכנאָלאָגיע אין ניינצנטן יאָרהונדערט. די טעכנאָלאָגיע האָט זיך אויף אַזוי פיל אויפגעהייבן, אַז זי האָט מאָראַליש געלאָזט דעם מענטש הינטערשטעליק און עס האָט זיך געשאַפן אַן אָפּגרונט צווישן דער קאַפּאַציטעט פון דער מענטשהייט אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט און דער סאָציאַלער מאָראַל; עס האָט זיך געשאַפן אַ תהום צווישן דער מעגלעכקייט צו פּראָדוצירן און דעם אופן ווי אַזוי די דאָזיקע מעגלעכקייטן זענען אויסגענוצט געוואָרן. די גרויסע האָפענונגען, וועלכע מען האָט געלייגט אויף דער מאַשין האָבן אַזוי אַרום געבראַכט אַ ביטערע אַנטווישונג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט דעם מענטשן נישט אויפגעהייבן, נאָר אַז די מאַשין איז אויסגענוצט געוואָרן אויף אָנטאָן נייע קייטן אויף דער נשמה און אויף דעם גוף פון די מענטשן.

עס איז געווען אַ וויסנשאַפט, וועלכע איז געוואָרן דעזהומאַניזירט און אין דער דאָזיקער וויסנשאַפט, וואָס איז דעזהומאַניזירט געוואָרן, איז צעריבן געוואָרן אויף שטויב דאָס יידיש לעבן אין מזרח־איראָפּע. דער רעזולטאַט איז געווען אַ קאַטאַס־טראָפע. גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָנגעהייבן די פּאָגראָמען און שוין דאַמאָלסט האָט מזרח־איראָפּע זיך אָנגעהויבן צו טרייסלען. דאָך איז דאָס מזרח־איראָפּעאישע יידנטום נישט אונטערגעגאַנגען, נאָר עס איז איבערגעטראָגן געוואָרן אין די אַלע יידישע ישובים, ווו זיי האָבן נאָך געקענט לעבן ווי יידן. ווען עס וואָלט נישט געווען מזרח־איראָפּע וואָלט קיין מדינת ישראל נישט געווען. ווען עס וואָלט נישט געווען מזרח־איראָפּע, וואָלט אפשר היינט דער יידישער ישוב אין די פאַרייניקטע שטאַטן נישט געווען. ווען עס וואָלט נישט געווען מזרח־איראָפּע, וואָלטן היינט נישט געווען די יידישע ישובים אין פראַנקרייך און נישט ערגעץ אַנדערשוווּ.

די אַלע יידישע ישובים זענען אויפגעקומען אין רעזולטאַט פון די וואַנדערונגען אין די לעצטע הונדערט יאָר, אין וועלכע די מזרח־אייראָפּעאישע יידן האָבן גע־שפּילט די גרעסטע ראָלע. עס איז אָבער נישט געווען אַ ביאָלאָגישער פּראָצעס. עס איז אויך נישט געווען אַ געאָגראַפישער אומבייט פון אַדרעס פון דער יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט די אידייען, וואָס האָבן אַרויפגעהייבן דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום און דער פאַקט האָט קאָנסטרוקטיוו באַווירקט אַלע ישובים, כדי זיי בר׳ענגען צוריק צו דעם אורקוואַל, וועלכן עס האָבן דערעפנט די מזרח־אייראָפּעאישע יידן. מעגלעך, אַז מיר זענען שוין גייסטיק אַוועקגעגאַנגען זייער ווייט פון יענע ווערטן, וואָס האָבן נאָך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע מיט פופציק יאָר צוריק אין די מזרח־אייראָפּעא־שע שטעט און שטעטלעך. אָבער אויב עס איז נאָך אין אונדז פאַרבליבן אַ גלויבן אין די אייגענע כחות, אויף וויפל עס איז נאָך ביי אונדז פאַרבליבן גלויבן אין ד׳עם כח פון אַ יידיש פאָלק, אויף וויפל עס איז ביי אונדז נאָך פאַרבליבן אויך דער אידעאַליזם און דער גלויבן אין דער אייגענער באַפרייאונג מיט אייגענע כחות, אויף אַזוי פיל שעפּן מיר נאָך פון מזרח־אייראָפּע און עס ליגט אויף אונדז דער חוב נישט צו דערלאָזן צוליבן אומקום פון די מזרח־אייראָפּעאישע צענטרען, אַז אויך די ירושה און זייערע שאַפונגען זאָלן פאַרלוירן גיין, וואָרעם זיי קענען פאַרטיליקט ווערן נישט נאָר פיזיש, נאָר אויך גייסטיק.

דער צענטער פון מזרח־אייראָפּע, דאָס אַלטע צאַרישע רוסלאַנד, ווו עס געפינען זיך היינט נאָך דריי מיליאָן יידן, קען ליידער נישט לעבן. זיי גופא קענען נישט ווייטער גיין מיט די אידעאַלן און מיט די וועגן, וואָס זיי אַליין האָבן געשאַפן און אויסגעטראָטן. ליגט דעריבער אויף אונדז דער חוב, אַז מיר זאָלן אויך פאַר זיי טאָן, האַבנדיק פאַר זיך די זיכערקייט און די האָפענונג, אַז ווען עס איז וועלן זיי זיך אָנשליסן אין דעם מאַרש פון דער נייער יידישער געשיכטע, וואָס האָט געהאַט איר אָנהייב אין מזרח־אייראָפּע.

פּאַריז, 1965.

# שעפערישע אַנטוויקלונג און באַמערקונגען וועגן יידישן מענטש אין די לעצטע פופציק יאָר

פון ד״ר שלמה ביקל (ניו־יאָרק)

די גרויסע יידישע געשיכטע, וואָס דער יידישער מענטש האָט דורכגעלעבט אין די לעצטע פופציק יאָר קענען מיר, ווי מען זאָגט עס, אויף אויסנווייניק. מלחמה, גירושים, פּאָגראָמען, נייע מלוכהשע גרענעצן, וואָס האָבן צעטרייסלט די גרויסע יידישע ישובים אין אייראָפּע, און דערנאָך וואַנדערונג איבער ימים קיין מערב צוליב פּרנסה, דאָס אויפקומען פון נייע יידישע ישובים און דער אויפוווקס פון גרעסטן יידישן ישוב אין צפון־אַמעריקע און יידישע ישובים אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער. און ווידער מלחמה, ראַסן־געזעצן, געטאָ, גאַז־אויוונס, אויפשטאַנד, פּאַרטיזאַנער, „די־פּי״־לאַגערן, עליה מיט אַלע וועגן, קאַמף קעגן ענגלאַנד, באַפרייאונג פון די אַראַבער און דער אויפקום פון מדינת ישראל.

אָבער די אינעווייניקסטע געשיכטע פון דעם יידישן מענטש במשך פון די לעצטע פופציק יאָר, די געשיכטע פון אַזויפיל גלגולים, פון טיפע גייסטיקע צווייפלען און פאַרצווייפלעניש, די געשיכטע פון די אַלע אַנטוישונגען — די דאָזיקע געשיכטע איז נאָך נישט געשריבן געוואָרן, מחוץ פון אויטאָביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען פון יחידים. איך גלויב, אַז מען וועט אפשר מיין באַהויפּטונג אָנעמען מיט סקעפּטיציזם און מען וועט מיך פרעגן: ווו זענען די ספרים פון אחד־העם, פון זשיטלאָווסקי, פון אהרן דוד גאָרדאָן און פון בערל קאַצנלסאָן און טאַקע דובנאָווס „וועלט־געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק״, וואָס דערגייט ביז ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה? וואָס איז דאָס אַלץ, אויב נישט די געשיכטע, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז זי איז נאָך נישט געשריבן געוואָרן?

פאַרלויף איך דעם וועג די פרעגערס, וואָס ווילן געבן אַ תשובה נאָך איידער איך האָב געפרעגט די שאלה. און דער ענטפער איז, אַז די דערמאָנטע ביכער און אַ סך אַנדערע נעבן זיי אַנטהאַלטן די היסטאָריע פון די אידייען, וואָס גרעסערע און קלענערע יידישע גרופּעס זענען זיי נאָכגעגאַנגען אין משך פון די פופציק יאָר. דער יידישער מענטש איז אין די לעצטע צוויי דורות געווען פאַרקאָכט אין מע־אידעאָלאָגיעס, אין מער איזמען, ווי וועלכע עס איז אַנדערע גענעראַציע מיטן אויסנאַם פון די דורות פון חורבן בית־שני און פון ערב חורבן ביתר, וואָס האָבן אין פּרט פון זייער גרויסער תקופה געכאַפּט דעם אָנבליק פון אונדזער יאָרהונדערט.

אָבער די אַלע אידעאָלאָגישע בנינים, וואָס דער יידישער מענטש האָט אין די לעצטע פופציק יאָר געהאָלפן בויען און ווו ער האָט מיט אַזאַ הייסער כוונה געדאַוונט, זענען אַלץ נישט מער, ווי די חסרונות פון זיינע איבערלעבענישן. די אינעווייניקסטע רעוואָלוציע האָט דורות־לאַנג אין אים געשטעקט, און וואָס עס האָט דורכגעמאַכט דער יידישער מענטש, דער פרומער נישט ווייניקער, ווי דער פרייער, וואַרט איצט אויפן היסטאָריקער.

עס האָט זיך אין די פופציק יאָר געביטן דער שטייגער פון יידישן יחיד, עס האָט זיך געביטן זיין איינשטעל צו זאַכן. וויכטיקייטן האָבן ביים יחיד פאַרלוירן פון זייער וואָג, און זאַכן, וועלכע ער האָט מבטל געמאַכט, זענען געוואָרן וויכטיק און חשוב. דאָ אַנומלט איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אַן אינטערעסאַנט בוך זכרונות פון אַ רביאיש משפחה־קינד. איטא קאליש, אַן אור־אור־אייניקל פון ר׳ יצחק קאליש. דעם באַגרינדער פון דער וואָרקער ישיבהשער דינאַסטיע, דערציילט וועגן הויז פון איר זיידן און פון איר פאָטער אָט וואָס:

„און אַז מען קומט צו די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, דאָס זענען די ערשטע יאָרן פון האַלבן יאָרהונדערט צווישן 1914 און 1964, טויכן אַרויס די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יידישן לעבן מיט פאָזיטיווע סתירות: נאָך דער מלחמה, ווען ר׳ יאָסל ראָזענבלאַט, איינער פון דעם וואָרקער רבינס געטרייע חסידים, האָט זיך צוריקגעקערט פון סאָוויעט־רוסלאַנד, וווהין ער האָט געהאַט אַנטלאָפן, און ווען ער איז געקומען זען זיין רבינס קינדער, האָט ער אויסגערופן: — איך קום אָקאָרשט פון רוסלאַנד, אָבער די אמתע וועלט־רעוואָלוציע ווערט ערשט איצט אָט דאָ!”.

ר׳ יאָסל ראָזענבלאַט איז בפירוש געווען גערעכט. עס האָט געשטעקט מער איבערקערעניש אין דעם פאַקט, וואָס אין דעם קאָלאָמייער שולעכל, ווו אַ באַווייבטער ייד האָט זיך זינט דורות נישט באַוויזן אָן שטריימל, האָט מען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צווישן אַן ערך צוויי הונדערט מתפללים קוים נאָך געזען אַ שטריימל. עס האָט געשטעקט אין דעם מער איבערקערעניש, ווי אין דער סאַמער וועלט־רעוואָלוציע. נישט מלכות האָט גוזר געווען אויף יידן אויסצוטאָן די שטריימלעך, נאָר עפּעס אַ פלוצימדיקער, אינעווייניקסטער פּסיכישער שטורעם האָט אַראָפּגע־וואָרפן די שטריימלעך פון די יידישע קעפּ.

איך דערמאָן די שטריימל־רעוואָלוציע, ווייל דאָס איז געווען אַן אויפשטאַנד פון די זיידעס און פון די טאַטעס, אויב נישט פון די זין, און דאָס שטרייכט אונטער ריכטיק דער וואָרקער חסיד. ר׳ יאָסל ראָזענבלאַט האָט געזען, ווי באַרעכטיקט עס איז געווען זיין דערשראָקנדיקייט פון דעם פלוצלימדיקן בייט פון דער דורות־דיקער יידישער לעבנס־פּאַנאָראַמע.

יידן האָבן אַ רייכע און אַ לאַנגע געשיכטע, רייך אין נסיונות, אין ליידן און אין גייסטיקע אויפטוען. אָבער מיט געשיכטע שרייבן האָבן זיי זיך נישט פאַרנומען. די יידישע היסטאָריאָגראַפיע איז אַ שפּעטערדיקער פּראָדוקט פון יידישער גייסטי־קייט. זי איז פאַקטיש ערשט אויפגעקומען אין ניינצנטן יאָרהונדערט.

ווען איך טראַכט וועגן דער סיבה פאַרוואָס דאָס פאָלק פון היסטאָריע, דאָס קלאַסישע פאָלק פון לעבן אין צייט אַנשטאָט אין שטח, האָט ביז מיט אַן ערך הונדערט

יאָר צוריק כמעט ווי נישט געשריבן קיין היסטאָריע, דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז געווען דערפֿאַר, ווייל די געשיכטע איז געווען איבעריק פֿאַר יידן. צוליב וואָס פֿאַרשרייבן געשיכטע אין ביכער, ווען יעדער זון איז געווען דער פּאָרזעצער פֿון דער לעבעדיקער היסטאָריע פֿון זיין פֿאָטער? דער זון איז מיט זיין דרויסנדיקער צורה, מיט זיין הלבשה, מיט זיין הילוך, מיט זיין לעבנס־פֿירונג, געווען אַ קאָפּיע פֿון זיין פֿאָטער. ערשט נאָך דער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע, ביים סוף פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט אין פֿראַנקרייך, און במשך פֿון ניינצנטן יאָרהונדערט אין צענטראַל־אייראָפּע, האָט דער דור פֿון די יידן פֿאַרלוירן די ענלעכקייט צום דור פֿון זייערע טאַטעס און עס איז נויטיק געווען צו דערציילן, ווי אַזוי די טאַטעס האָבן אויסגעזען און ווי אַזוי די טאַטעס האָבן זיך געפֿירט.

אין די לעצטע פֿופֿציק יאָר האָט זיך דער פּראָצעס פֿון אַסימילאַציע אודאי נישט אָפּגעשטעלט. פֿאַרקערט, די זין האָבן מער, ווי ווען עס איז פֿריער, זיך גענומען אינטעגרירן אין דער אַרומיקער קולטור און, ווי קיינמאָל נישט פֿריער האָבן זיי זיך געיאָגט נאָך פֿרעמדע אוצרות און אידעאַלן, כאָטש די דאָזיקע אידעאַלן האָבן נעגירט און געלייקנט דעם יידישן פֿאָלקס־קיום. אויף וועלכע פֿרעמדע אידעאַלן און אידעאישע שלאַכט־פֿעלדער האָבן יידישע בחורים און מיידלעך אין משך פֿון די לעצטע פֿופֿציק יאָר נישט געקעמפֿט? — אין דעם רוסישן בירגער־קריג, אין די אויפֿשטאַנדן פֿון בעלאַ קון אין אונגאַרן, אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע. אָבער כאָטש דער דור פֿון דער יוגנט, איז אין לעצטן האַלבן יאָרהונדערט מיט אַזאַ ליידנשאַפֿט נאָכגעלאָפֿן פֿרעמדע געטער און האָט זיך געפּרוווט מיט אַלע כחות צו אָפּרייסן פֿון דעם שטייגער פֿון די טאַטעס, האָט דער גורל מער, ווי אין די פֿריערדיקע הונדערט יאָר נאָך דער עמאַנציפּאַציע, צוריק באַהעפֿט דעם ייד דרויסנדיק און אינערלעך און באַנייט די ענלעכקייט צווישן אבות און בנים.

איך רעד שוין נישט דערפֿון, וואָס עס האָט בדרך כלל אויפֿגעהערט דער אַמאָליקער גרונטאָוונער חילוק און די דרויסנדיקע סתירה צווישן פֿרום און פֿריי, ווייל עס האָט זיך איבערגעריסן די היסטאָרישע אידייען־פֿאַרבינדונג, לויט זשיטלאָווסקיס אַ באַוווסטע פֿאָרמולע, צווישן פֿרום, באָרד און פּיאות און צווישן בקיאות און אפּיקורסות. דאָס איז אַזוי באַשיימפּערלעך, אַז מען דאַרף פֿאַר דעם נישט ברענגען קיין ראיה און זי איז נישט די איינציקע היסטאָרישע אידייען־פֿאַרבינדונג, וואָס האָט זיך איבערגעריסן ביי דער אידענטיפֿיצירונג פֿון דורות מיט פֿרומקייט און פֿרייהייט.

די פֿרומע יידישע וועלט איז מיט פֿופֿציק יאָר וועלטישער געוואָרן. מיט פֿופֿציק יאָר צוריק האָט דער יידישער יחיד געקאָנט פֿרום זיין כמעט נאָר אויף דעם שטייגער פֿון מיין קאָלאָמייער זיידן. אין משך פֿון די פֿינף צענדליק יאָר איז די יידישע פֿרומקייט געוואָרן פֿיל פֿאַרביקער. דער יידישער יחיד איז רעליגיעז נישט בלויז אויפֿן אָרטאָדאָקסישן, נאָר אויך אויפֿן קאָנסערוואַטיוון — רעפֿאָרמאַטאָרישן אופֿן. די אַמאָליקע היסטאָרישע פֿאַרבינדונג צווישן דער רעליגיעזער רעפֿאָרם און דער יידישער פֿאָלקס־פֿאַרלייקענונג איז בטל געוואָרן און קאָנסערוואַטיווע רעפֿאָרם־יידישקייט איז שוין נישט מער, ווי אַמאָל, דער מאָנאָפּאָל פֿון ביוראָקראַטישע גרופּעס, וועלכע האָבן מיט זייער טעמפּל־אַנדערשקייט געוואָלט זיך סאָציאַל אָפּזונ־

דערן פון דעם כלל. אָרעם און רייך האָבן זיך אויסגעמישט אין די כלערליי געצעלטן פון דער רעליגיעזער יידישקייט.

די פרומע טאַטעס זענען וועלטישער און וועלטלעכער געוואָרן און די פרייע זין האָבן זייערע וועלטלעכע אידעאָלאָגיעס אין אַ גרויסן טייל אויסגערייניקט פון אַנטי־רעליגיעזע פּרינציפּן. אַפילו יענע, וואָס האָבן אַמאָל געמאַכט פון זייער אַנטי־קלעריקאַליזם אַ לעבנס־עיקר, היטן זיך אַרויסצווייזן פּרינציפּיעלישקייט אין דעם פּרט. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ היסטאָרישע אידייען־פאַרבינדונג, וואָס אידענטיפיצירט דאָגמאַטיזם מיט הומאָרלאָזיקייט. עס איז אין תוך נישט פאַראַן קיין קולטור־קאַמף מער, קיין קאַמף צווישן אידעאָלאָגיעס אויף דער יידישער גאַס. וועגן די שפּיצן, וואָס אַסימילירן זיך, קען מען זאָגן, אַז זיי, די פּירערס, קעמפן וועגן געזעלשאַפטלעכע מאַכט און אין מדינת ישראל וועגן רעגירונגס־מאַכט. אָבער עמך האָט אין די פופציק טרויעריקע יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט באַקומען, אַזוי צו זאָגן, אַ גרויסע דאָזע פון הומאָר און דאָס מיינט אַן אָפּוועגדונג פון דאָגמאַטיזם.

די אידעאישע מלחמה בושעוועט שוין נישט מער, נישט נאָר היינט אין דער יידישער אַמעריקע, נאָר זי האָט שוין אויך נישט געבושעוועט צווישןביידע וועלט־מלחמות אין אייראָפּע מחוץ די סאָוויעטישע גרענעצן. דיווילדע אידעאָלאָגישע מלחמה קעגן דער בורזשואַזיע איז געווען אַ מלחמה פון דרויסן, אַן אויפגעשרויפטער מה־נשתנה. עס איז נישט געווען מער קיין קאַמף צווישן אידייען, הגם עס האָבן זיך נאָך געפאָכטן איינער קעגן די אַנדערע ציוניסטן און בונדיסטן, רעכטע און לינקע, יידן מכל המינים און אַלע צווישן זיך. אויך דאַמאָלסט אין סאַמע ברען פון אידייען־קאַמף אין פּוילן איז דער יידישער יחיד שוין געווען פאַרסמט פון דער אַנטווישונג אין אידייען און דער אידעאַל איז געווען, וואָלט איך געזאָגט, בלויז אַ ביאָלאָגישער חילוק ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך יחידיש און ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך כלליש פון דער אַרומיקער זאָאָלאָגישער רשעות, וואָס וויל דיך אומ־ברענגען און פון אַ קולטור־אינטעגראַציע, וואָס איר ציל איז אונטערגאַנג פון גייסטיקן לעבן.

די אַנטווישונג פון יידישן מענטש אין מזרח־אייראָפּע, ביים פרייען און ביים פרומען, האָט אין זיך געהאַט צוויי סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע אַספּעקטן: דער ראַדי־קאַל זוכט זיין פאָלק, נישט סתם די אידעאַלן פון זיין פאָלק, נאָר דאָס קאָנקרעטע פאָלק ממש, און דער פרומער, ער זוכט אַרום איבער דער וועלט, פאַר וועלכער ער שרעקט זיך, ווייל ער זעט פאָגראָמען. ער זוכט קאָנטאַקט מיט דער גרויסער וועלט פון וועלכער מען קען לערנען: ער זוכט די וועלט, וואָס זאָל אַנערקענען זיין לעבן.

ביים אָנהייב פון די פופציק יאָר זע איך פאַר זיך צוויי געשטאַלטן פון דעם אַנטוישטן יחיד: די געשטאַלט פון דעם ראַדיקאַל, וואָס וויל תשובה טאָן און לויפט צוריק, צוריק אַזש ביז אין בית־מדרש אַריין, כדי דאָרט צו באַגעגענען דאָס קאָנקרעטע יידישע פאָלק; און די פיגור פון דעם פרומען, שטייגערישן ייד, וואָס וויל אַ דערנענטערונג מיט די פאַרפרעמדטע ברידער. דער ראַדיקאַל האָט זיך אַנטוישט אין דער אויפירונג פון דעם אַרום מיט זיין קולטור; און דעם מאַן פון דער יידישער פרומקייט און פון יידישן שטייגער איז אין אַ געוויסער מאָס מיאוס

געוואָרן פון דער אָפּזונדערונג פון אַרום. אַזוי ווי עס גייט נישט אין אַ וויסנשאַפט־לעכער אויספאָרשונג, נאָר אין עסייאיסטישע מעדיטאַציעס, וועט אַמזיכערסטן זיין צו שעפּן מיין אינפאָרמאַציע, וואָס שייך דער אַנטוישטער יידישער געשטאַלט, נישט פון די ביכער, נאָר פון אייגענער דערפאַרונג און איבערלעבעניש.

דער ערשטער יאָרצענדליק פון אונדזער יאָרהונדערט האָט לויט דער איינ־שטעלונג געהערט צום רואיקן און גלויביקן ניינצנטן יאָרהונדערט און נישט צום צוואַנציקסטן, וואָס איז אַ יאָרהונדערט פון בלוט און אַנטוישונג און פון די דזשעט־עראָפּלאַנען און הייבט זיך אָן אין יאָר 1914 מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די ערשטע צען יאָר פון אונדזער יאָרהונדערט האָט מען נאָך אין מיין גאַליצישן היים־שטעטל נישט געקענט טרעפן אַ מיטליאָריקן ייד, וואָס זאָל רעדן און לייענען פויליש, לכל הפחות מער ווי די העלפט פון די צוואַנציק טויזנט יידן פון דער שטאָט האָט נישט געשיקט זייערע קינדער אין די שקאָלעס. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך די לאַגע פולשטענדיק געביטן. יידן האָבן אָנגעהייבן שיקן זייערע קינדער אין די פוילישע שולעס, יידן האָבן אויפגע־הערט צו באַטראַכטן זייער הלבשה פאַר אַן עיקר פון פרומקייט, און יידן, וואָס האָבן אין דעם פריער געזען אַ ווילדע אפּיקורסות, אַ שרעקלעכן חטא, די זעלביקע יידן, זענען געוואָרן מער טאָלעראַנט צו די דאָזיקע זינד פון די יידישע קינדער און זיי אַליין האָבן צוביסלעך צוגעזינדיקט דערמיט.

וועט מען זאָגן, אַז די טאָלעראַנץ פון די פרומע יידן איז אַ פאַרלאַנג צו איבער־רייסן מיט דער אָפּזונדערונג פון אַרום. איז עס אָבער בפירוש נישט אַזוי, דער פּאָליטישער ציוניזם האָט זיך אַריינגעריסן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יידישע שטובן נישט מיט דעם כח פון תפילות און סידור נאָר מיט דעם כח פון ככל הגוים. דער יידישער נאַציאָנאַליזם סיי דער גלותדיקער און סיי דער ציוניס־טישער, איז געווען אַ פרעמד געוויקס, וואָס איז איבערגעפּלאַנצט געוואָרן פון דער גרויסער און גרעסמער אייראָפּע אין דער ענגער יידישער גאַס. די אַלטע כנסת־ישראל האָט נאָך מיט זיבציק, מיט אַכציק יאָר צוריק, נישט געוווסט פון אַזאַ באַגריף, ווי „יידיש פאָלק". עס זענען געווען יידן און דער יידישער דת. דער אויפקום פון וואָרט „פאָלק" און דער רעיון פון דעם פרומען שטייגער־ייד צו ווערן אַ פאָלק, איז געווען אין אַ היפשער מאָס אַן אַנטוישונג פון דעם אַלטן אופן פון דער אָפּזונדערונג. עס איז געווען אַן אונטערבאַוווסטזיניקע און צום גרויסן טייל אויך אַ פולבאַוווסטזיניקע זוכעניש פון אַ נייער יידישער און כללישער זיכערקייט דורך אַ פּרווו צו לעבן מיט די פעלקער פון אַרום און לויט זייער מענטאַליטעט.

דער טעאָרעטישער יסוד פון דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער פּאַרטיי „מזרחי" איז געווען מער פאַר „יודענשטאַט", ווי דער מחזור און דער סידור. דער אייראָפּעאישער נאַציאָנאַליזם איז געווען די טעאָריע און די תפילות פון סידור זענען געווען דער סימפּאַטישער און באַרעכטיקטער טייל...

עס האָט זיך ביים שטייגערישן ייד דערוועקט נייגיר צו וויסן, וואָס עס טראַכטן די גוייִשע שכנים וועגן אים און וועגן זיין לעבן. דער פרומער ייד האָט אין דער פרעמדער אָפּגעזונדערטקייט פון דעם אַרום דערפילט, ווי געזאָגט, אַן אומזיכערקייט.

עס איז באַקאַנט, און פאַר מיר ממש אַן אַקסיאָם פון סאָציאַלער סטודיע, אַז אַן

אַנעקדאָט קען צומאָל קלאָרער און בעסער באַלויכטן אַ געזעלשאַפטלעכע און יחידיש־פּסיכאָלאָגישע סיטואַציע, ווי אַ לאַנגער וויסנשאַפטלעכער טראַקטאַט. וואָס שייך דער אויפגעוואַכטער נייגיריקייט פון דעם פּרום שבפרומען ייד צו דער טראַכטעניש פון דעם גוייִשן אַרום וועגן יידן און זייער לעבן, וויל איך איבערדערציילן אַ מעשה, וואָס עס האָט מיר דערציילט דער באַוווסטער נחמיה ווינאַווער. עס איז אַ מעשה וועגן אַ גוטן ייד, וואָס איז נפטר געוואָרן ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיין זון האָט זיך אַריבערגעכאַפּט אין דער גרויסער שטאָט, ווו עס האָט געלעבט זיינס אַ שוועסטער־קינד, שוין אַ היינט־וועלטיקער, כדי ביי אים געוווויר צו ווערן וואָס פאַראַ רושם דעם רבינס פּטירה האָט געמאַכט אויף די אומות העולם. ווען מען זאָגן. בטלנות! אָבער אין אָט דער בטלנות ליגט די דערוואַכטע נייגיריקייט, וואָס איך האָב פריער דערמאָנט.

און וואָס שייך דער אַנטווישונג פון די ראַדיקאַלן איז זי, גלויב איך, גאָר אָן ערך בולטער. יעדער וועלטלעכער פון אונדזער דור האָט אַזאַ דערפאַרונג מיט זיך אַליין און מיט אַ שפּאָר ביסל פון זיינע אידעאישע מיטגייער און פריינט. ביים אָנהייב פון די פופציק יאָר זע איך, דעמאָלט אַ זיבעצן־יאָריקער, די גרויסע אימ־פּרעסיאָנאַנטע געשטאַלט פון דעם בעל־תשובה ד״ר נתן בירנבוים, וואָס האָט מיט פיר יאָר שפּעטער אויף דייטש און מיט נאָך ווייטערדיקע צוויי יאָר אויף יידיש געשריבן די בריענדיקע רייד פון אומקער פון ראַדיקאַליזם צו פרומער יידישקייט, צו זיין גרויס־גאָט־פאָלק. ד״ר נתן בירנבוים איז לאַנג פאַר הערצלען געווען אַ ציוניסטישער וואָרטזאָגער. אפילו דאָס וואָרט „ציוניזם״ איז ד״ר בירנבוימס שאַפונג. ער איז אין ווין אין יענער צייט, ווי ד״ר פינסקער אין אָדעס, געקומען צום געדאַנק וועגן אויטאָעמאַנציפּאַציע. ער האָט מיט דריי יאָר פאַר הערצלען אין זיין שריפט „די נאַציאָנאַלע באַנייאונג פון יידישן פאָלק ווי אַ מיטל צו פאַרענטפערן די יידן־פראַגע״ אַנטוויקלט די עצם־אידייע פון יודענשטאַט. אָבער שוין אין זיין רעפעראַט וועגן דער קולטור־באַדייטונג פון ציוניזם, וואָס ד״ר נתן בירנבוים האָט געהאַלטן ביי דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אין 1897, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער פּראָלאָג צו דער דראַמע, וואָס האָט געהייסן איבערייסן מיטן ציוניזם. ער איז געוואָרן אַ יידישיסט. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט געפונען די באַגערטע יידישע קולטור און פאָלקס־קאָנקרעטקייט אין דער יידיש־רעדנדיקער מאַסע פון תחום־המושב. האָט זיך בירנבוים, דער דייטש־רעדנדיקער ייד פון ווין, איבערגעצויגן אין דער מזרחדיקער שטאָט טשערנאָוויץ און איז דאָרט געוואָרן אַ פאַר־קעמפער פון יידישיזם. ער איז בלי־ספק געווען איינער פון די ראשונים און דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער וויכטיקער יידיש־דעמאָנסטראַציע פון דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפע־רענץ אין יאָר 1908.

אין 1908 האָט ד״ר נתן בירנבוים פּרעזידירט די טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנ־פערענץ. אָבער אין 1914, פיר יאָר פאַר זיין פאַרמעלן איבערייס מיט טשערנאָוויץ, איז ער שוין נישט געווען שוה בשוה מיט וועלטלעכער יידישקייט. מיר זעען ד״ר נתן בירנבוים אין יענע טעג, אין פרילינג 1914, אויף אַ באַנקעט אין מיין גאַלי־ציִשער היים־שטאָט. די וועלטלעכע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט געיומטובט ד״ר בירנבוימס פופציקסטן געבוירנטאָג. עס באַגריסן ציוניסטן, בונדיסטן, פּועלי־

ציון און אויך איך, אַ יונגער גימנאַזיסט, ברענג דעם יידישיסט בירנבוים אויף העברעאיש די ברכה פון דער ארץ־ישׂראלדיק געשטימטער יוגנט. דער בעל־היובל, בכבודיק, מיט זיין רבנישער באָרד און מיט אַן אַ שיעור שטראַלנדיקן פּנים ענט־פערט. און איך געדענק אַלעמענס איבעראַשונג: ער איז ווייניק וואָס איינגעגאַנגען אויף די האָפּערדיקע רייד פון אַ טייל באַגריסער וועגן יידיש און וועגן קולטור־אויטאָנאָמיע אויף יידיש, נאָר ער האָט פּאַרקערט געגומען מוסר זאָגן די עטלעכע הלמאי זיי האַנדלען לויט וועגן פון אַנדערע און זיי שניידן פינגער פון יידישקייט לויטן ווילן פון אַנדערע. דערנאָך האָט ער געגומען רעדן גאָר אַנדערע רייד — וועגן אַן אומה, וואָס איז געבליבן אין דער וועלט־געשיכטע איינע אַליין, מיט אייניקע יסודות אייביקע, וואָרעם גאָט האָט אונדז אויסגעקליבן און מיר אים. ער האָט געזוכט זיין פאָלק. דער ראַדיקאַל און דער ציוניסט, דער געוועזענער יידישיסט, איז געוואָרן אַ פרומער.

איך האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דער געשטאַלט פון ד״ר בירנבוים, נישט ווייל איך בין געווען געריררט פון זיין תשובה־וועג; איך בין ווייט דערפון. נאָר ווייל איך זע אין אים דעם ערשטן גרויסן טרעגער פון אַנטוישונג אין יידיש־וועלטלעכן קולטור־וועג פון די לעצטע צוויי דורות. ער איז געווען דער ערשטער גרויסער בעל־תשובה אין די פופציק יאָר, צווישן 1914 און 1964, דער ערשטער, דער אינטעליגענטסטער און דער גייסטיק־מוטיקסטער. ווען נתן בירנבוים האָט אויסגעשריען דעם ווײ פון זיין אַנטוישונג און די פּיין פון זיין חרטה און האָט פאַר־לאָזט די גרויסע וועלט מיט אַלע אירע אידעאישע, ווי ער האָט געזאָגט, עבודה־זרות, און זיך צוריקגעצויגן צו פרום־יידישקייט, האָט נאָך די גרויסע אידייע פון אַ קלאַסנלאָזער, סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס דאַרף זיין אַ גן־עדן אויף דער ערד און דאַרף אָפּשאַפן אָרעמקייט און אַלע מינים אונטערדריקונגען פון מענטשן און די שנאה צווישן פעלקער, יענע באַוועגונג האָט אין יענער צייט נאָך נישט געהאַט די אילוזיע, וואָס איז געוואָרן אַ הויפּט־קוואַל פון אַנטוישונג אין די לעצטע פופציק יאָר. יענע אילוזיע האָט נאָך נישט געהאַט געבלענדעט און אודאי נישט פאַרבלענדעט אַזוי פיל יידישע הערצער און מוחות איבער דער גאָרער וועלט. אין יענער צייט האָט אויך קיינער נישט געאַנט, אַז עס וועט אויפשטיין אַ פאָלק אין מיטן האַרץ פון אייראָפּע און וועט אויסבויען און צינדן גאַז־אויוונס אויף צו פאַר־ברענען אין זיי מיליאָנען יידן ביים לעבעדיקן לייב. מאַידאַנעק און טרעבלינקע האָבן געשאַפן אַ וואַנט פון אַנטוישונג צווישן יידן און דער וועלט. מאַידאַנעק און טרעב־לינקע האָבן צערודערט און צעפרעסן דעם גאָט־גלויבן אין טויזנטער פרומע יידישע הערצער. זיי האָבן זיי איבערגעפילט מיט אַנטוישונג און מיט מרידה. די יציאת־קאָמוניזם, דער אַרויסגאַנג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהייבן מיט די מאָסקווער פּראָצעסן און איז געוואַקסן מיטן סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך, איז נאָך דער אויסמאָרדונג פון די יידישע שרייבער און נאָך דער אָפענער אַנטי־יידישער איינשטעלונג פון דעם קרעמל סיי אין סאָוויעט־רוסלאַנד גופא און סיי אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק צו מדינת ישׂראל, אויסגעוואַקסן צו דער גרעסטער צאָל בעלי־תשובה אין יידישן לעבן פון גאָר דער וועלט.

ווען די אַנטוישונג און חרטה זאָלן האָבן דעם זעלביקן כח פון געזעלשאַפטלעכער

קאָנסטרוקטיווקייט, ווי עס איז די יידישע איבערלעבעניש און דער צער, וואָלט קיין שום מאַכט אונדז, יידן, נישט געקענט בייקומען. דער נצח ישראל וואָלט באמת געווען געזיכערט. נישט אומזיסט האָט דער באַוווסטער איטאַליענישער שרייבער, איגנאַצי סילאָנע, וואָס איז אויך אַמאָל געווען אַ קאָמוניסטיש־גלוביקער, געשריבן מיט יאָרן צוריק, אַז ער זעט נאָר איין געזעלשאַפטלעכן כח, וואָס וועט זיין אימ־שטאַנד צו מאַכן די רעוואָלוציע פונעם קאָמוניזם און ווערן דער בויער פון דעמאָ־קראַטיע און פרייהייט פון דער וועלט. דער איינציקער כח זענען די געוועזענע קאָמוניסטן.

מיינע באַמערקונגען אויפן ראַנד פון יידישן מענטש אין די לעצטע פופציק יאָר האָבן צו טאָן מיטן ייד פון מזרח־אייראָפּע, אָבער אויך ביי די צוויי דורות פּיאָנערן און העלדן, וואָס האָבן געשריבן אַ זעלטן שיין און פאַרביק קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע פון מדינה־בויאונג, אויך ביי זיי פאַרנעמט אַ פּאָרנט־פּלאַץ דאָס געפיל פון אַנטוישונג אין דער וועלט, אַנטוישונג אין עם־ישראל און טאַקע אין זיך אַליין. אין דער זעלביקער צייט איז וואָך ביי זיי דער באַגער צו דער וועלט, דער באַגער צו געפינען דאָס אייגענע פּאָלק און זיך אַליין, ווי אַ יידישן מענטש, אין דער מיט פונעם פּאָלק.

פּאַריז, 1965.

# אַריינפיר צום רעפעראַט פון מיכאל זילבערבערג

פון יוסף לעפטוויטש (לאָנדאָן)

אין היינטיקן סימפּאָזיום וועגן מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום באַטייליק איך זיך נישט אַזוי, ווי כ׳האָב עס געטאָן אין די פריערדיקע סימפּאָזיומס. איך האָב נישט קיין שום פּערזענלעכע דערפאַרונג און קיין שום קענטניש פונעם לעבן פון די יידן אין מזרח־אייראָפּע. איך בין אַ מערב־אייראָפּעאישער ייד, כאָטש איך שטאַם פון לאַנגע דורות פּוילישע יידן. אָבער קיינמאָל בין איך נישט געווען אין מזרח־אייראָפּע ביז נאָך דער מלחמה, אַזוי אַז איך האָב נישט געקענט דאָס קאָכעדיקע לעבן פון יידן אין מזרח־אייראָפּע, זיכער נישט אַזוי, ווי אונדזער פריינט זילבערבערג און זיכער נישט אַזוי, ווי אלחנן וואָגלער. מיט זילבערבערגן האָב איך אין שייכות מיטן חורבן אַ נאָענטע באַציאונג, ווייל באַלד נאָך דעם חורבן איז די פעדעראַציע פון לאָנדאָן, מיט וועלכער איך בין פאַרבונדן, אַריין אין פוילן און אַנגעהייבן ראַטעווען קינדער. זי איז געווען נישט די איינציקע אָרגאַניזאַציע, אָבער איינע פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן די אַרבעט געטאָן. מיר האָבן דאַמאָלסט אויפגעבויט אַ קינדערהיים אין קאָפּוסטאַ און זילבערבערג איז דאָרט געווען דער לייטער און דער אַדמיניסטראַטאָר און דורך דעם האָט זיך געשאַפן די נאָענטע פאַרבינדונג צווישן אונדז און דער אָרגאַניזאַציע. דער פאַקט, וואָס ער איז שפּעטער געקומען קיין לאָנדאָן, און דאָס וואָס ער האָט דערציילט, האָב איך שוין פריער געהערט פון אים און נעמלעך, ווי אַזוי ער איז אַריין אין געטאָ און זיין אַרויסגיין פון געטאָ מיט קאָרטשאַקן. איך ווייס, אַז אַלץ וואָס איר וועט הערן וועט זיין געוואַלטיק אינטערעסאַנט, ווייל איך הער און הער און מען קען וועגן דעם נאָך אַ סך מער רעדן און שרייבן. עס איז אַ טעמע נישט צום אויסשעפּן.

איך האָב געזאָגט, אַז דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידישע לעבן האָב איך נישט געקענט, אָבער אַ געוויס בילד דערפון האָב איך פאַרשטייט זיך יאָ געהאַט, ווייל איך בין דאָך אויפגעצויגן געוואָרן אין וויטשעפּל, וואָס איז געווען אַ מין צוזאַמענגוס פון אַלע יידישע שטעטלעך פון מזרח־אייראָפּע און דער לשון איז געווען יידיש. דאָרט בין איך געגאַנגען אין חדר, דאָרט בין איך געוואָרן אַ סאָציאַליסט, אַ בונדיסט, אַן אַנאַרכיסט און געקאָכט זיך אין דאָזיקן לעבן. איך האָב עס באַשריבן למשל אין אַ הקדמה צום בוך זכרונות, וואָס רודאָלף ראָקער האָט אַרויסגעגעבן, מיינער אַ ידיד אין דער צייט, ווען איך בין נאָך געווען אַ יינגל אין דער שולע, און עפּעס האָב איך געקענט פון דעם דאָזיקן קאָכעדיקן לעבן פון די עמיגראַנטן, פון אימיגראַנטישן לעבן ביי אונדז.

אָבער וואָס איך האָב געזען פון מזרח־אייראָפּעאישן יידישן לעבן, איז געווען נאָך דעם חורבן. איך בין אַ מיטגליד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער עקזעקו־טיווע פון פּען־קלוב און פאַרטרעט דאָרט שוין זעקס און צוואַנציק יאָר דעם יידישן פּען־צענטער, וואָס האָט זיך פריער געפונען אין וואַרשע און איצט געפינט ער זיך אין ניו־יאָרק. בין איך געווען אין פּוילן אויף אַ וועלט־קאָנפערענץ פון אינטער־נאַציאָנאַלן פּען־קלוב און נאָך די ערשטע רעפּעראַטן בין איך פאַרשוואונדן געוואָרן און איך בין דאָרט איינגעשלונגען געוואָרן אויף אַ חודש צייט אין דעם יידישן פּוילן. איך האָב דאָרט געפונען נאָר חורבות, וואָס עס זענען איבערגעבליבן. אָבער עס האָט מיך געפּאַנגען און איך בין יעדעס יאָר צוריקגעפאָרן, ווייל עס איז געווען פאַר מיר אַ שטיק פון דעם יידישן לעבן, אין וועלכן איך בין אויפגעצויגן געוואָרן. דאָרט איז געווען דער אורקוואַל, דער אָנהייב און ליידער דער סוף.

פּאַריז, 1965.

# די לעצטע תקופה פון יידן אין פוילן

פון מיכאל זילבערבערג (לאָנדאָן)

עס איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד צו ווערן אויפגערופן צו דער ערשטער עליה אין דעם סימפּאָזיום וועגן יידן אין מזרח־אייראָפּע, צו רעדן וועגן יידן אין פוילן אין די לעצטע פופציק יאָר.

איך מיין, אַז מיר זענען זיך נישט צוזאַמענגעקומען צו האַלטן סתם שיינע דרשות, איבערצוחזרן דאָס, וואָס איז שוין פיל מאָל געזאָגט און געשריבן געוואָרן, אַזאַ זאַך האָט נישט קיין זין, און דאָס איז נישט אונדזער אויפגאַבע.

די דעלעגאַטן צום היינטיקן סימפּאָזיום, כמעט אַלע מענטשן פון מזרח־אייראָפּע, מענטשן מיט אַ גרויסן באַגאַזש פון ידיעות וועגן יידן אין די לענדער, האָבן אַליין דורכגעלעבט און דורכגעוויטיקט די לעצטע פופציק־זעכציק יאָר יידיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע.

עס וואָלט גוט געווען, אַז דאָס אַלץ, וואָס וועט היינט געזאָגט ווערן אין שייכות מיט די פּראָבלעמען פון אונדזער סימפּאָזיום, זאָל אונדז אַלע אינספּירירן צו טראַכטן אָפטער וועגן די פּראָבלעמען, צו פאַרגלייכן יידיש לעבן אַמאָל און היינט און דער עיקר, צו קומען צו געוויסע מסקנות וועגן אָנגעוויטיקטע און קאָמפּליצירטע ענינים.

פאַר אונדז איז דער פאַרנעם פון יידישקייט, פון יידישן שטייגער און יידישער אייגנאַרטיקייט אין מזרח־אייראָפּע זייער באַטנט. מיר הערן זייער אָפט, ווו נעמט מען אַ יידישקייט, ווי עס איז געווען אַמאָל אין פוילן, צי אין ליטע? פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ פראַגע איז לעכערלעך צו שטעלן אין די לגמרי אַנדערע באַדינגונגען, אין וועלכע מיר לעבן היינט־צו־טאָג.

בכלל אַז מיר וואַרפן אַ בליק אויף דער יידישער געשיכטע, אויף די פאַרשידענע ישובים פון אַלטע צייטן ביז היינט, איז נישט שווער צו זען די גרויסע אונטערשיידן אין דעם מהות און פאַרנעם פון יידישן לעבן און פון יידישקייט אין יעדן לאַנד באַזונדער. צי איז מעגלעך צו פאַרגלייכן די יידישקייט פון די חכמי התלמוד אין בבל צו דעם יידישן צענטער פון תרגום־השבעים און פילון, וואָס איז געווען אין אלכסנדריה? צי האָט אַ זין צו קומען מיט פאַרגלייכן וועגן דער גאָלדענער תקופה פון שפּאַניע מיט דער תקופה פון יידן אין דייטשלאַנד? און צי איז מעגלעך צו פאַרגלייכן יידישקייט פון דייטשלאַנד מיט יידיש פוילן אין די לעצטע פאַר צענדליק יאָר.

אודאי זענען געווען אַ ריי וויכטיקע פאַקטאָרן, אויסערלעכע און אינערלעכע. וואָס האָבן געווירקט און געהאַט אַ השפּעה אויף יעדן ישוב באַזונדער און אַנדערש, עס וואָלט פאַרנומען צופיל צייט צו אַנאַליזירן די אַלע אויסערלעכע השפּעות און די אינערלעכע כּוחות, וואָס האָבן פאָרמירט דעם יידישן לעבן אין יעדן לאַנד באַזונדער.

וואָס איז קודם כּל וויכטיק אונטערצושטרייכן אין שייכות מיט דעם יידישן לעבן אין באַזונדערע לענדער, איז די פראַגע, וויפיל צייט האָט דער יידישער ישוב אָנגעהאַלטן, ווי לאַנג האָט ער עקזיסטירט אין דעם אָדער יענעם לאַנד. און די צייט פון אויסדויער, פון פּשוטער עקזיסטענץ, מיין איך, געהערט צו די וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון יעדן יידישן ישוב, ווען מיר דיס־קוטירן די פראַגע פון יידישקייט, פון יידישן שטייגער, יידן־נוסח און פון יידיש לעבן בכלל.

און עס איז וויכטיק צו דערמאָנען היינט, אַז דער יידישער ישוב אין פּוילן איז טאַקע אין צייט דער לענגסטער אין דער יידישער געשיכטע. עס איז אַ געשיכטע פון אַרום טויזנט יאָר, און שוין צוליב דעם אַליין האָט זיך דאָס יידישע לעבן אַנדערש פאָרמירט, אַנדערש אַנטוויקלט, ווי אין אַנדערע לענדער. דאָס איז אפשר דאָס וויכטיקסטע, וואָס מיר דאַרפן געדענקען אין אונדזער סימפּאָזיום וועגן יידן און יידיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע.

אודאי וועט מען היינט דאָ רעדן וועגן פאַרשידענע טעמעס, וועגן פּאָליטישע באַוועגונגען, וועגן רעליגיעזן לעבן, וועגן ליטעראַטור און פּרעסע א. אַז. וו. דאָס זענען אָן ספק טעמעס פאַר זיך, אָבער די ערשטע, קאַרדינאַלע פראַגע איז, ווי לאַנג האָט דער ישוב אָנגעהאַלטן, כּדי צו קאָנען האָבן אַזאַ שעפערישן כּח, ווי מיר האָבן געהאַט אין פּוילן אין דער לעצטער תקופה ביז דעם גרויסן חורבן.

נישט לאַנג צוריק האָב איך געזען אין בריטישן מוזיי אַן אויסשטעלונג: „טויזנט יאָר פּוילן", אַ וווּנדערבאַרע און פּראַכטפולע אויסשטעלונג. און איך האָב נישט איינמאָל געטראַכט, הלוואי וואָלטן מיר געקאָנט אָרגאַניזירן אַזאַ אויס־שטעלונג פון טויזנט יאָר יידיש לעבן אין פּוילן. דער בריטישער מוזיי וואָלט אָן ספק איינגעגאַנגען צו האָבן אַזאַ אויסשטעלונג, וואָס וואָלט געווען אַ גאָר גרויסער אויפטו אין דער איצטיקער צייט.

און נאָך אַ מאָמענט. איך האָב די טעג געזען אַ יאָר־בוך, וואָס איז אַרויס אין די צוואַנציקער יאָרן אין קראָקע. געפינט זיך דאָרט אַן אַרטיקל פון יהושע טאָהן, וועלכער אַנאַליזירט אַ ריי יידישע פּראָבלעמען אין פּוילן. דער מחבר דיסקוטירט צווישן אַנדערן די רדיפות און פאַרפאָלגונגען לגבי יידן אין פּוילן. ער האַלט, אַז די רדיפות האָבן נישט דערנידערט, נאָר געשטאַרקט די יידן אין לאַנד. די רדיפות זענען געווען אַ שטויס־קראַפט צו יידישער שעפערישקייט, אַז יידן זאָלן זיין שטאָלץ מיט זייער יידישקייט. יהושע טאָהן רופט די רדיפות יסורי־אהבה און זאָגט, אַז די יידישעליידן זענען געווען דער באַגלייט־מאָטיוו פון יידישן לעבן און האָבן גע־שטאַרקט דעם יידישן באַוווּסטזיין פון פּוילישע יידן אין די לעצטע יאָרן.

מערב־אייראָפּעאישע יידן קאָנען דאָס נישט פאַרשטיין. עס איז זיי לגמרי פרעמד אַזאַ פילאָזאָפיע, וואָס זאָגט, אַז דווקא די רדיפות האָבן געשטאַרקט דעם יידישן באַוווּסטזיין אין געוויסע לענדער פון אייראָפּע.

אַ צווייטער געדאַנק, וואָס ד״ר יהושע טאָהן ברענגט אַרויס אין זיין אַרטיקל, איז אָט וואָס: יידן אין פּוילן זענען נישט נאָר שטאָלץ מיט דעם, וואָס זיי זענען יידן, זיי קאָנען נישט פאַרשטיין, ווי קאָן געשען אַזאַ זאַך, אַז זיי זאָלן ווערן אויס יידן.

אָט מיט די געדאַנקען, מיט די מאָטיוון, זענען מיר אַרויס אין דער ברייטער וועלט, זיין אַ ייד, בלייבן אַ ייד און די אומעגלעכקייט צו ווערן אויס ייד. דאָס איז אַ יסוד און אַן אמת פאַר יעדן ייד פון מזרח־אייראָפּע, אַזוי פאַר דעם רעליגיעזן, ווי פאַר דעם וועלטלעכן.

יידן אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר אייגן לשון, פאַר אייגענעם שטייגער, פאַר אַ יידישן נאָמען און אָפּגערעדט פון יידישן מאכל. דער ייד האָט געפילט, אַז ער איז אַ טייל פון דער יידישער געזעלשאַפט און אודאי איז ער געווען געקניפּט און געבונדן מיט דער אייגענער משפּחה.

און ווי אַנדערש איז דאָס אַלץ אין דער מערב־אייראָפּעאישער וועלט. און עס קאָן געשען אַזאַ פּאַראַדאָקס, וואָס איך האָב געהערט נישט לאַנג צוריק אין לאָנדאָן. אַ בחור, וואָס האָט גראָד געענדיקט אַ רעליגיעזע שולע, האָט זיך פאַרטראַכט און באַשלאָסן צו ענדערן זיין גלויבן, ער איז געוואָרן אַ קאַטאָליק. מיר וועלן נישט אַריינגיין אין פּרטים פון דער טראַגעדיע פאַר דער יידישער משפּחה. אינטערעסאַנט איז נאָר דער פאַקט, אַז דער בחור האָט דאָס לייכט געקאָנט אויספירן, געהאַט דאָס לשון, דעם ענגלישן נאָמען, די אויסערלעכע מאַניערן, ער איז געווען צוגעגרייט צו זיין טאַט שוין פון פריער, פון דער פריערדיקער יידישער סביבה.

דאָס אַלץ איז נאָר, ווי מען זאָגט, אויפן ראַנד פון דער היינטיקער טעמע. איך האָב נישט בדעה צו רעדן וועגן דעם גייסטיקן לעבן פון יידן אין פּוילן, וועגן דעם וועלן אַנדערע רעדן אין דעם היינטיקן סימפּאָזיום. איך וויל זיך אָפּשטעלן נאָר אויף דעם, וואָס האָט געפירט צו אַזאַ רייך שעפעריש יידיש לעבן אין פּוילן. און עס וועלן מיר מוחל זיין די צוויי רעדנער, וואָס דאַרפן היינט רעדן וועגן רוסלאַנד און ליטע. עס וועט מיר אָפּט אויסקומען צו דערמאָנען געוויסע פּרטים, וואָס זענען נוגע אויך די צוויי דערמאָנטע לענדער, פּרטים, וואָס זענען בשותפותדיקע פאַר אַלע שטחים פון מזרח־אייראָפּע.

די גרויסע פּאָליטישע געשעענישן, וואָס האָבן סוף 18־טן יאָרהונדערט צעריסן פּוילן אין דריי טיילן, מאַכנדיק אַ סוף צו דער אומאָפּהענגיקייט פון מדינת פּוילן, אויף אַ משך פון אַרום הונדערט און דרייסיק יאָר, האָבן מיט זייער גאַנצן אימפּעט אויך געטראָפן דעם עקאָנאָמישן און גייסטיקן לעבן פון די יידן אין דעם לאַנד. דער טיפּ פון פּוילישן ייד, ווי ער האָט זיך אויסגעפּאָרעמט אין משך פון יאָרן, האָט מיט פּוילנס צוזאַמענברוך אין אַ גרויסער מאָס פאַרלוירן דעם יסוד פאַר זיין ווייטערדיקער, איינהייטלעכער עקזיסטענץ. דאָס יידישע לעבן פאַרמירט זיך אַנדערש אין דייטשישן טייל פון פּוילן, אַנדערש אין עסטרייכישן און גאַנץ אַנדערש אין רוסישן פּוילן.

מיט יאָרן צוריק האָב איך געהערט פון אַ פּוילישן פּראָפעסאָר, אַז דעם פּוילישן פאָלק פעלט אַ גאַנצער יאָרהונדערט. פּוילן, האָט דער היסטאָריקער געזאָגט, האָט נישט דעם 19־טן יאָרהונדערט, דער יאָרהונדערט פעלט אין דער פּוילישער גע־

שיכטע, הגם דערפאַר, וואָס מיר זענען נישט געווען זעלבסטשטענדיק, האָבן מיר זיך גייסטיק זייער אַנטוויקלט. פּאָליאַקן זענען שטאָלץ, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט, מיט דער פּוילישער ליטעראַטור, מיט דער מוזיק און בכלל מיטן גייסטיקן אויפשטייג פון פּוילישן פאָלק אין דער תקופה.

ווען איך האָב דאָס געהערט וועגן פּוילן, האָב איך אַ טראַכט געטאָן וועגן יידן אין דער אייגענער תקופה.

אָן ספק האָט די תקופה פון פּוילישער אָפּהענגיקייט מיט אַלע אירע נעגאַטיווע דערשיינונגען געהאַט אויך פאַר יידן אַ ריי פּאָזיטיווע מאָמענטן, אָבער איין זאַך איז קלאָר, אַז דער יידישער קיבוץ אין פּוילן איז אין די הונדערט און דרייסיק יאָר, וועלכע איך האָב דערמאָנט, געווען פונאַנדערגעטיילט אין דריי עדות: אין אַן עדה פון דייטשישע יידן, פון עסטרייכישע יידן און דער רוב, אַן עדה פון קאָנגרעס־פּוילישע יידן אונטער דער השפעה פון רוסלאַנד.

ווען עס האָט אָנגעהויבן צו ווירקן אין סוף פון 19־טן יאָרהונדערט די פּוילישע אַסימילאַציע, האָט זי צו ביסלעך אַרויסגעשטופּט די השפעה פון דער דייטשישער קולטור אויף דער יידישער גאַס, בפרט אין גאַליציע. די אַסימילאַציע האָט דער עיקר אַרומגעכאַפּט די יידישע אינטעליגענץ אין פּוילן, בעת די גרויסע מאַסן זענען געבליבן טריי דעם יידישן, טראַדיציאָנעלן שטייגער־לעבן, טריי דער יידישער קולטור. און אַזוי זענען מיר אַריין אין 20־טן יאָרהונדערט.

און אין שייכות מיט דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן אין פּוילן, בפרט אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פאַרן חורבן, דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן די גרויסע השפעה פון יידן אין די אַזוי גערופענע מזרח־קרעסן, יידן פון פּאָלעסיע, וואָלין און פון ווילנער געגנט. אָט די יידן האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין שייכות צו דער פּוילישער אַסימילאַציע, זיי זענען תמיד געווען אַ ברכה פאַר דעם יידישן לעבן אין פּוילן אין ברייטסטן זין פון וואָרט, זיי זענען געווען דער פּאָזיטיווסטער עלעמענט, אַזוי אין דער יידישער, ווי אין דער העברעאישער שעפערישקייט. אָט די יידן זענען געווען די מיטבויערס פון דעם אַלעם, וואָס מיר רופן היינט־צו־טאָג פּויליש יידישקייט, יידישע קולטור און יידישער שטייגער.

מיר קומט אויס זייער אָפט צו אַרבעטן אין די פּוילישע אַרכיוון פון דער געוועזענער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. אין די אַרכיוון געפינט זיך אַ קאָרעס־פּאָנדענץ וועגן די יידן פון די מזרח־קרעסן, וואָס האָבן זיך אין די יאָרן פון דער נאַצי־מגפה געפונען אין סאָוויעט־רוסלאַנד. דער בריוו־אויסטויש איז צווישן דער פּוילישער רעגירונג און די סאָוויעטישע אָפיציעלע אינסטאַנצן. די סאָוויעטישע מאַכט האַלט, אַז די יידן זענען קיינמאָל נישט געווען קיין פּוילישע בירגער, זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין שייכות צו פּוילן. עס איז קלאָר, אַז דאָ האַנדלט זיך דער עיקר וועגן די טעריטאָריעס, וואָס זענען שפּעטער איינגעשלאָסן געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אָבער ביז גאָר טראַגיש איז געווען דער גורל פון די יידן אין די מלחמה־יאָרן. דאָס זענען טאַקע די יידן, וואָס זענען געווען אַ ברכה פאַר יידן אין פּוילן. אגב איז כדאַי צוצוגעבן, אַז אַ טייל פון די יידן איז טאַקע פאַר־בליבן ביז היינט אין רוסלאַנד.

און כדאי אויך צו זאָגן אַ וואָרט וועגן יידן אין מזרח־אייראָפּע, וואָס האָבן

זיך אַנטוויקלט ווי אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער קיבוץ מיט דעם פּולן באַוווסטזיין פון אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך. יידן אין פוילן האָבן געקעמפט ווי אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט פאַר זייער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, פאַר אייגן לשון, אייגן שול־וועזן און פאַר אַלעם, וואָס איז נאַטירלעך פאַר אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט אין לאַנד.

פאַר יידן אין ענגלאַנד איז דאָס אַן אומפאַרשטענדלעכע זאַך, וואָס הייסט דאָס יידן אָן אַן אייגענער טעריטאָריע, וועלכע האַלטן זיך פאַר אַ באַזונדערער נאַציאָ־נאַליטעט. די חקירות וועגן אַ גייסטיקער טעריטאָריע, וועגן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, אייגן לשון און אויטאָנאָמיע — דאָס זענען באַגריפן, וואָס ווערן אין ענגלאַנד, און מן הסתם אויך אין אַנדערע לענדער, געהאַלטן פאַר שעדלעך, זיי ווילן פון דעם נישט הערן.

און עס איז נישט קיין וואונדער, אַז אַ יידישער עמיגראַנט פון מזרח־אייראָפּע, מיט דעם גייסטיקן באַגאַזש פון יידן אין פוילן, שטייט, און מוז בלייבן שטיין, מחוץ למחנה פון דער יידישער געזעלשאַפט פון מערב־אייראָפּע, ווען ער וויל ממשיך זיין די טראַדיציעס פון יידישן לעבן אין פוילן.

און דער אמת איז, אַז יידישקייט, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס פאַרשטאַנען אין דער אַלטער היים, האָט קיין שום אָרט נישט אין די לענדער מיט אַנדערע טראַ־דיציעס אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען פון דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט פון מערב.

עס איז כדאי ביי דער געלעגנהייט צו דערמאָנען דעם בלאָק פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין פוילן. אודאי האָט דער קאַמף פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן געהאַט אין זיך פּאָזיטיווע מאָמענטן, אודאי איז דאָס געווען אַ דערשיינונג, וואָס האָט נישט איר גלייכן אין דער געשיכטע.

אין פּוילישע קרייזן הערט מען אָפט אַ קריטישע באַמערקונג אין שייכות מיט דעם דערמאָנטן בלאָק. זיי פרעגן, צי איז דאָס געווען אויסגעהאַלטן, אַז יידן זאָלן גיין האַנט אין האַנט מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, מיט דייטשן און אוקראַ־אינער, וועלכע האָבן אַלע יאָרן געהאַט אַן איינאיינציקן ציל, אָפּצורייסן גאַנצע טעריטאָריעס פון פוילן; זייערע שטרעבונגען זענען תמיד געווען ווייט פון די שטרעבונגען פון דער יידישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט אין פוילן.

מיר וועלן זיך היינט מיט דער פראַגע נישט פאַרנעמען. פאַר אונדז איז וויכטיק צו געדענקען אין זאַך, וויפיל האָט דער קאַמף אונדזערער, אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט, מוסיף געווען צו דעם יידישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, צו דער אַנט־וויקלונג פון יידישן קולטור־לעבן, פון ביידע יידישע לשונות, צו דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַטור און פרעסע, צום יידישן שול־וועזן א. אַז. וו. דאָס איז געווען דער יידישער רענעסאַנס אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע.

די קולטור־פאָרמען זענען אין מזרח־אייראָפּע געווען פאַרשידענע, עס זענען געווען רעליגיעזע פאָרמען און וועלטלעכע. מען פאַרשטייט נישט אין דער מערב־וועלט, וואָס עס הייסט אַ וועלטלעכער ייד, אַ ייד מיט אַ יידישן נאַציאָנאַלן באַוווסט־זיין, אָבער אָן רעליגיעזע פאָרמען, אָן רעליגיעזער טראַדיציע.

און עס איז אַ פּראָבלעם, די פראַגע פון וועלטלעכער יידישקייט, פאַר אַ יידן,

וואָס לעבט אַ לענגערע צייט, לאָמיר זאָגן, אין לאָנדאָן. וואָס שייך יידיש, איז ער שוין ווייט אַוועק פון דעם לשון, אָפּגערעדט פון ווייב און קינדער. די שטוב איז לגמרי אויסגעליידיקט פון יעדער פאָרם פון יידישקייט. און די סביבה, פאַרשטייט זיך, איז אויך נישט יידיש ווי געווען. וואָס בלייבט פאַר דעם וועלטלעכן יידן אין דער נייער סביבה, וואָס בינדט עלטערן און קינדער, ווען מען רעדט היינט אין לאָנדאָן וועגן וועלטלעכער יידישקייט?

פאַרשטייט זיך, אַז דער עיקר האָט זיך יידישקייט אַמאָל קאָנצענטרירט אויף יידישער דערציאונג, אויף אייגענע שולעס, דאָס האָט געגעבן דעם יסוד פאַר יידיש לעבן, פאַר יידישן המשך, אַזוי פאַר רעליגיעזע ווי פאַר וועלטלעכע יידן. דער עיקר, אַלע האָבן געגלויבט אין דער נויטווענדיקייט פון אַזאַ דערציאונג, צו געבן דעם יונגן דור אַן אינהאַלט פון גייסטיקער עשירות.

פאַראַן אַ מאמר חז״ל, וואָס האָט אַ גאָר נאָענטע שייכות צו די פּראָבלעמען, וואָס מיר דיסקוטירן היינט. עס איז באַזונדערס וויכטיק צו דערמאָנען אַזאַ מאמר, ווען מיר רעדן וועגן דער סכנה פון אַסימילאַציע און וועגן יידישן המשך. „אם מניח אני את ישראל כמו שהן, בלי תורה, מיד נבלעין הן באומות״, אַז איך וועל איבערלאָזן די יידן אַזוי ווי זיי זענען, אָן תורה, וועלן זיי תיכף איינגעשלונגען ווערן צווישן אַנדערע פעלקער.

יידן אין מזרח־אייראָפּע האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז אָן יידישקייט, אָן לשון, אָן שטייגער, אַנטשטייט אַ סכנה פאַר אונדזער המשך.

און נאָך אַ זאַך. די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, די גרויסע דחקות אין יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט נישט געשטערט, נאָר פאַרקערט, האָט געשטאַרקט דעם שעפערישן כח פון יידן אין מזרח־אייראָפּע. לאָמיר זיך דערמאָנען אין די אַלע שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָבן נישט געוווּסט פון קיין „ירושה־געלטער״, וועלכע האָבן געלעבט אין נויט און אָרעמקייט, אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָט מען געבויט און אַליין אויסגעהאַלטן אייגענע שולעס, ביבליאָטעקן, ישיבות, פאַרשידענע קולטור־אינסטיטוציעס — אַלץ פון אייגענער טאַש, פון אייגן בלוט און פלייש.

עס איז באמת היינט פאַר אונדז אַ רעטעניש, ווי אַזוי האָבן זיי דאָס אַלץ באַוויזן דורכצופירן, וווּ האָבן זיי גענומען כח און געלט פאַר דעם אַלעם אין די טראַגישע און גאָר שווערע באַדינגונגען.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין מזל ביי די יידישע היסטאָריקער אין דער מערב־וועלט, עס איז געבליבן פאַר זיי פרעמד אַלץ, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט יידן און יידישקייט אין מזרח־אייראָפּע. עס איז זיי געבליבן פרעמד אונדזער לשון, זיי וויסן כמעט גאָרנישט פון דער רייכער ליטעראַטור פון יידן אין מזרח־אייראָפּע, און אָפּגערעדט פון די אייגנאַרטיקע פּראָבלעמען, וואָס מיר האָבן היינט דערמאָנט.

אַ יידישער היסטאָריקער אין לאָנדאָן האָט נישט לאַנג צוריק געהאַט טענות, וואָס מיר מאַכן אַזאַ צימעס מיט יידיש און יידישער ליטעראַטור. ער האָט געטענהט, בכן יידן האָבן גערעדט און רעדן אויף זיבעציק לשונות, און קיינער טומלט נישט אַזויפיל מיט דעם לשון, ווי מיר יידן פון מזרח־אייראָפּע.

דאָס איז, מיינע פריינט, דער תהום צווישן אונדז און זיי, דער תהום איז אויס־

געפילט מיט אַ מוראדיקער עם־הארצות בנוגע יידן און יידישקייט פון מזרח־אייראָפּע.

מיר לעבן היינט אין אַ גאַנץ אַנדערער וועלט, אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען. מיר קאָנען זיך נישט ריכטן, אַז מיר זאָלן האָבן דעם טיפּ ייד, ווי לאָמיר זאָגן, נחום סאָקאָלאָוו, אַ שרייבער ווי שלום אַש, אַ פּאָליטישע באַוועגונג ווי דער ציוניזם, אָדער בונד — דאָס אַלץ איז געווען אַ פּועל־יוצא פון דער לאַנגער, היסטאָרישער תקופה אין מזרח־אייראָפּע.

אַ גרויסע, גייסטיקע ירושה איז פאַרבליבן נאָך טויזנט יאָר יידיש לעבן אין פּוילן, אַ ירושה פון פיל דורות, און עס איז אונדזער חוב, אַז די ירושה פון מיליאָנען יידן, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם, זאָל פאַרבלייבן אויף אייביק אין אונדזער זכרון.

פּאַריז, 1965.

# עקשנות און אויסדויער פון יידן אין ראַטנפאַרבאַנד

פון יוסף שיין (פּאַריז)

מענטשן, וואָס דער גורל האָט זיי צונויפגעבראַכט מיט די יידן אין רוסלאַנד און וואָס האָבן צוזאַמען מיט זיי דורכגעלעבט פריידן אוןליידן, קענען אַ סך דער־ציילן וועגן דער עקשנות און צוגעבונדנקייט פון די רוסישע יידן צום וועלט־יידנטום און צו דער יידישער טראַדיציע, ווי אויך וועגן זייער פאַרבאָרגענעם שטאַלץ און ליבע צו מדינת ישראל.

אין 1935, ווען איך בין געווען אַ סטודענט פון דער מאָסקווער יידישער טעאַ־טער־שולע, האָב איך באַשלאָסן אויסצונוצן מיין אורלויב, כדי זיך צו באַקענען מיטן לעבן פון יידישע קאָלווירטן אין קרים. דער דאַמאָלסדיקער רעדאַקטאָר פון „עמעס", משה ליטוואַקאָוו, האָט מיך געבעטן איבערצושיקן פאַר דער צייטונג מיינע איינדרוקן פון באַזוך. ס'זענען קוים פאַרלאָפן פיר חדשים זינט איך בין אָנגעקומען קיין סאָוויעט־רוסלאַנד מיט דער אמונה אין די פּראָפּאַגירטע אידייען. איך האָב דאַמאָלסט פאַרשטאַנען, אַז מענטשן ליידן אין דעם לאַנד הונגער, קעלט און נויט, גייען אָפּגעריסן און לעבן אין שרעקלעך שלעכטע באַדינגונגען צוליבן ליכטיקן מאָרגן, וועלכן זיי דערוואַרטן און צוליבן גלויבן אין דאָזיקן מאָרגן. מיט דער אמונה בין איך אָנגעקומען אין קאָלווירט „פּרץ הירשביין".

אויף דער קרימער ערד זענען די הילצערנע הייזלעך געשטאַנען אָפּגעטיילט איינס פון אַנדערן מיט ליימענער רויטער ערד, די זעלביקע, וואָס דינט אין די הייזער אַלס פּאָדלאָגע. ביינאַכט האָבן געמאַטערט אינזעקטן און נישט קענענדיק שלאָפן בין איך אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן.

ס'איז געווען אַ לבנה־נאַכט און איך האָב אָנגעטראָפן דעם היטער פון וויינ־גאָרטן. מיר האָבן זיך צוגעזעצט און פאַרפירט אַ שמועס. ער האָט לאַנג געזעדט און איז געווען צופרידן, וואָס ער קען פאַר עמיצן אויסגיסן זיין ביטערע דאָלע. אַן אומעט און פאַרביטערונג האָט געוויייעט פון זיינע רייד. אים איז דאָ אַלץ פרעמד. ער האָט זיין לעבן אין קאָלווירט אויפגענומען, ווי אַ שטראָף און פאַרשיקונג. פריער האָט ער געלעבט אין שטעטל, געאַרבעט פאַר זיך, געפירט אַ יידיש לעבן. איצט מוז ער באַהאַלטן זיין יידישקייט, זיין פאַרגאַנגענהייט, זיין גאָט, אָן אַן אויס־זיכט אויף אַן ענדערונג. שפּעטער האָב איך פון אַנדערע יידן געהערט ענלעכע רייד.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען איך האָב געמאַכט מיין געוויינלעכן שפאַציר, בין איך געוואָרן דערשטוינט צו זען, אַז אין גרעסטן טייל פון די קאָלווירטישע הייזלעך פאַרשטעלן די לאָדנס די קליינע פענצטערלעך. דער פלאַץ אַרום די הייזלעך איז געווען אויסגעליידיקט. אַ מאָדנע שטילקייט האָט דאָ געהערשט. זענען אַלע אַרויסגעפאָרן אין שטאָט?

כ׳בין צוגעגאַנגען נענטער און כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין איינעם פון די הייזלעך. אַן איבערגעשראָקענע שטימע האָט געפרעגט, ווער עס קלאַפּט. אויף מיין ענטפער האָט זיך געעפנט די טיר און פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ בילד, וועלכן איך בין געווען געוווינט צו זען אין מיין פאַרלאָזטער היים, אין ליטווישן שטעטל. אויפן אָרעמען טיש, באַדעקט מיט אַ וויסן טישטוך האָבן געברענט צוויי ליכט און דער טאַטע האָט געמאַכט איבערן טונקעלן ברויט קידוש. די משפחה איז געזעסן אַרום טיש. ס׳איז געווען פרייטיק צו נאַכט ביי יידן און מען האָט באַגעגנט דעם שבת.

די זעלביקע ליכט האָבן געברענט אין אַלע הייזער הינטער פאַרמאַכטע לאָדנס. יידן האָבן געפירט זייער לוח, האָבן פאַרגעזעצט דאָס לעבן פון דורות. כ׳האָב געפילט, אַז דאָס ליכט האָט זיי געגעבן פרייד און כח אויסצוהאַלטן און איבערצולעבן.

***

אין די פראַקטיקע נעכט פון יאַנואַר 1948, ווען דער דערמאָרדעטער שלמה מיכאָעלס איז איבערגעפירט געוואָרן פון מינסק קיין מאָסקווע, זענען צענדליקער טויזנטער יידן געשטאַנען נעבן אַריינגאַנג אין טעאַטער. די רייע פון מענטשן האָט זיך געצויגן אויף עטלעכע קילאָמעטער. יידן זענען געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג און אין דער קאַלטער נאַכט, כדי צו באַווייזן זיך צו געזעגענען מיט זייער שלמה מיכאָעלס.

דעריין איז געווען אַ צוגעבונדנקייט צום פאָלק אין אַן עת־צרה; דערמיט האָבן זיי אויסגעדריקט זייער פראָטעסט. אַזוי האָבן פאַרשטאַנען די ברייטע פאָלקס־מאַסן, וואָס האָבן דורכן אויסגעשריי פון אַן עלטערער פרוי ביים ארון פון קרבן אויסגעוויינט: „וואָס האָבן זיי געהאַט צו דיר?! פאַרוואָס האָבן זיי דיך דער־מאָרדעט?!” מיט די ווערטער האָט זי אויסגעשריען איר האַס צום הענקער און איר ווייטיק. די טויזנטער יידן האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז מיטן מאָרד פון מיכאָעלסן מיינט מען זיי אַלע, אַז דער מאָרד איז געווענדעט קעגן יידן און דעריבער דאַרף מען זיין צוזאַמען.

נאָכן חורבן פון צווייטן וועלט־קריג איז אין טעאַטער פון מיכאָעלסן אויפגעפירט געוואָרן אַ פאַרשטעלונג „פריילעכס”, רעזשיסירט דורך שניאורן. ער האָט אין דעם ספּעקטאַקל אַרויסגעבראַכט די קאָלירפולע שיינקייט פון יידישן פאָלקלאָר און פון אַ יידישער חתונה. עס זענען געווען אויף דער בינע דריי דורות, דער בדחן, די מחותנים, יידישע טענץ און ניגונים און אַלץ צוזאַמען געפלאָכטן מיט דער האָפענונג צו אָנהייבן אַ ניי לעבן פון אַ יונגן פאָרפאָלק. מיר לעבן ווייטער, מיר פראַווען חתונות, מיר געבוירן קינדער, עם ישראל חי! דאָס איז געווען מיכאָעלסעס ענטפער היטלערן און אַלע רשעים, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו אומברענגען אונדזער פאָלק.

***

אין דער פּאָעטישער דראַמע „פּרינץ ראובני" האָט דוד בערגעלסאָן דורך די ליפּן פון פּרינץ ראובני אַרויסגעבראַכט וואָס עס האָבן אין יענע טעג געטראַכט און אין זיך אויסגעטראָגן נישט נאָר יידישע שרייבער, נאָר טויזנטער יידן, וועלכע האָבן מיט גלויבן און האָפענונג אַרויסגעקוקט צו דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה און געפילט דאָס טראַגישע פון די אָנקומענדיקע טעג.

פּרינץ ראובני רופט אויס: „...די שלאַכט פירט וויטער... מיין צוואה איך לאָז, איך שטאַרב: דו קעמפסט מיין פאָלק, דאָס הייסט — דו לעבסט מיין פאָלק!"

צי זענען די זעלביקע ווערטער נישט געווען אויף די ליפּן פון די אומגע־בראַכטע מאַרקיש, דער נסתר, פעפער, דאָברושין, קוויטקאָ און אַנדערע יידישע שרייבער?

**
*

אין 1951־טן יאָר האָבן יידישע יוגנטלעכע אין לענינגראַד באַגעגנט דאָס נייע יאָר מיט אַ טאָאַסט „לשנה הבאה בירושלים".

אין 1958 זענען עטלעכע הונדערט יידישע יוגנטלעכע געקומען אין בית־מדרש פון מאָסקווע צו שמחת־תורה. אין שפּעטערדיקע יאָרן זענען די גאַסן אַרום דעם בית־מדרש געווען איבערפולט פון צענדליקער טויזנטער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געזונגען ישראל־לידער, געטאַנצט און פאַרענדיקט מיטן געזאַנג „לאָמיר אַלע, אַלע אינאיינעם, דאָס יידישע פאָלק מקבל פּנים זיין".

די זינגערין נחמה ליפשיץ איז געווען איינע פון די ערשטע, וועלכע האָט נאָך דער טיילווייזער אָפּשאַפונג פון פאַרבאָט אויף יידיש אָנגעהייבן אַרויסצוטרעטן מיט פאָלקס־לידער פאַר די אויסגעבענקטע יידן. אין לענינגראַד איז זי געקומען אויף אַכט קאָנצערטן און דער גרויסער זאַל פון דער קאָנסערוואַטאָריע איז געווען איבערפולט. עס זענען אין זאַל געווען נישט נאָר יידן, וואָס יידיש איז זייער טאָג־טעגלעכע שפּראַך, נאָר אויך אַסימילירטע פּראָפעסאָרן פון יידישער אָפּשטאַמונג, וועלכע האָבן באַזוכט אַלע אַכט קאָנצערטן און זענען געזעסן אויף די זעלביקע ערטער. זיי האָבן געוויינט פון פרייד, וואָס זיי הערן ווידער דאָס יידישע לשון. די שפּאַנונג אין זאַל איז געווען אַזוי גרויס, אַז אויך די זינגערין האָט זיך נישט געקענט באַהערשן און האָט מיטגעוויינט מיטן עולם.

**
*

דער מאַרטירער־וועג פון יידן אין רוסלאַנד איז נאָך אַ רינג אין דער לאַנגער קייט פון אונדזער געשיכטע. אין אונדזער צעריסענער וועלט פון האַס און קריג, פון פאַרניכטונג און געפאַלענער מאָראַל שטייען אויך אונדזערע ברידער אין רוסלאַנד פאַר גרויסן נסיון פון אָפּהיטן זייער יידישקייט און פון קאַמף פאַר זייער רעכט צו קאָנען זיך אויסלעבן אין זייער שפּראַך, פלעגן זייער אייגענע קולטור און פאַרבינדן זיך מיט די יידן פון דער גאַנצער וועלט.

פּאַריז, 1965.

# יונג־ווילנע און יידישע פּאָעזיע פאַרן חורבן

פון **אלחנן וואָגלער** (פּאַריז)

אַביסל האָב איך מורא אַז כ׳זאָל נישט אַראָפּפאַלן מיט מיין טעמע ווי פון הימל.

פון די עטלעכע לעבן־געבליבענע שרייבער פון יונג־ווילנע, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט, איז אויף מיר געפאַלן דער גורל, צו שרייבן די פּרעלודע פון אונדזער גאַנג אין דער יידישער ליטעראַטור. דער טיטל פון דער היינטיקער לעקציע איז: „יונג־ווילנע און יידישע פּאָעזיע פאַרן חורבן״. די טעמע איז אַ רעגיאָנאַלע. בכדי איך צו באַקענען מיט די ווילנער דיכטער און דערציילער, וועל איך אויף אַ קורצער ווײַלע, זיך אַריבערטראָגן אין דער פאַרגאַנגענהייט. כ׳וועל אייך פירן אויף די ווילנער גאַסן און איבער די שטעטלעך פון דער ווילנער פּראָווינץ, ווו די שרייבער זענען אויסגעוואַקסן און גרויס געוואָרן. איך וועל אָנרופן די גאַסן און די שטעטלעך ביים נאָמען. כ׳וועל זיך באַנוצן מיט די ווילנער אויסדרוקן צוליב דעם ספּעציפישן ווילנער קאָלאָריט, און אפילו מיטן ווילנער פאָלקלאָר.

ריידן וועגן יונג ווילנע, הייסט אויפטויכן פון אַש די היים, די יוגנט וואָס איז מער נישטאָ. זי איז פאַררונען פונעם גאונ׳ס געסלעך, פון גרויס שניפּישאָק, צוזאַמען מיט די כוואַליעס פון דער ווויליע. ס׳איז פאַרבליבן בלויז איר שוים, וואָס נאָגט אונדזער געדעכעניש.

איך מוז זיך מודה זיין אַז איך בין נישט אויסן צו געבן דאָ קיין אָפּשאַצונג. ווי אַ נוגע בדבר פּרוו איך נאָר אָנוואַרפן פון זכרון די סילועטן פון יענע שרייבער וואָס זענען נישט פאַראַן מער אין דערווירקלעכקייט, און שטריכן פון די לעבעדיקע, וועלכע זענען מיר געווען באַקאַנט.

איך וועל זיך באַמיען אין קורצע ווערטער, אַריינצונעמען אַלע שרייבער וואָס זענען געווען נאָענט צו אונדזער משפּחה, דער עיקר די יעניקע וואָס האָבן נישט זוכה געווען דעם היינטיקן סימפּאָזיום, צו שניידן די פּרוכט וואָס זיי האָבן איינגע־פלאַנצט מיט טרערן.

די פאַרצייכענונגען נעמען אַרום ביז די דרייסיקער יאָרן, שפּעטער איז יונג־ווילנע זיך צעוואַקסן און יעדער איינער האָט פאַרנומען זיין פּאָזיציע.

איידער יונג־ווילנע האָט זיך געגרינדעט, האָבן אָרעמע אָנפאַנגער־יונגלעך, מיט אויסגעבלייכטע פּנימער פון זיצן פאַרשפּאַרט אין די וואַרשטאַטן, אָדער אויף די שול־בענק איבער די ביכער פון מענדעלע, אָוונט־צייט, זיך געטוליעט צו די ראָגן ווו ס׳האָט געהויערט דער גייסט פון משה קולבאַק.

מען דאַרף געדענקען ווער קולבאַק איז געווען פאַר דער יידישער ווילנע; יעדער שטיין אין ברוק האָט אים געקענט. ווילנע איז געווען פאַר אים אַ תפילה וואָס ער האָט אַליין באַשאַפן. אַלע האָבן עס געקענט אויף אויסנווייניק. די גאַסן פלעגן בלעטערן זיינע כתבים. ער האָט געוועבט איר דורות־אַלטן מרויער און איז געווען אַ קוואַל פון איר פאַרשטיינטן ניגון.

יעדער איינער האָט וועגן אַ פּאָעט, זיין פאַרשטעלונג. ער חלומט אים אויס אין זיין דמיון און טאָר זיך אין זיין געשטאַלט נישט אַנטוישן. ער זעט אין דעם פּאָעט דעם שליח־ציבור פון זיין דור, דעם אָפּבילד פון אונדזערע אַמאָליקע נביאים און גלויבט אין זיין וואָרט ווי אין די הייליקע ספרים.

קולבאַק איז געווען אַ פולשטענדיקע האַרמאָניע פון דעם דיכטער שבכתב מיטן זינגער שבעל־פה, מיט זיין אַסקעטישן געזיכט און אויסגעהאַמערטן וואָרט. דער וועלכער האָט אים נישט געקענט פּערזענלעך און אים נישט געהערט לייענען זיינע לידער, קען נישט האָבן קיין באַגריף וואָס עס איז אַזוינס אַ דיכטער.

ער איז דער זומער אין דער יידישער ליטעראַטור. דער דומם רינט אין זיינע גלידער ווי די ווילדע אין אירע שטאָליק שטילע ווייען, אין זיינע פערזן, אויסגעלייגט פון ליים און אייזן.

מיר דוכט, אַז נאָך ביאַליקן, האָבן מיר נישט געהאַט אַזאַ פּאָעט ביי יידן. צוליב דעם, ווייל זיין וואָרט איז אומפאַרבייטלעך, כמעט ווי אַ געזעץ. איך וויל דערמיט נישט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט, לייוויקן, וועלכער איז אויף זיין אופן אַ סך גרעסער ווי קולבאַק, און אויך נישט מאַנגערן און אַנדערע. אויב איך זאָג קולבאַק, איז עס דערפאַר, ווייל ער איז אין תוך, מער העברעאיש ווי יידיש. דער יעניקער וועלכער שרייבט אין יידיש און איז אין תוך העברעאיש, איז געגליכן צו שמשון׳ען מיט די אויסגעשטאָכענע אויגן, וואָס דרייט אַ מיל־ראָד, האָט איינער, אַ פראָזע־מייסטער, אַמאָל וועגן קולבאַקן זיך אויסגעדרוקט.

איך אַליין האָב אין אַ ווינטערדיקן טאָג אים אָפּגעוואַרט אין דרויסן, ביים טויער פון דער רעאַל־גימנאַזיע, בכדי אים אָנצוקוקן אין פּנים און הערן זיין שטים. ווען ער האָט נאָך די שול־לעקציע זיך באַוויזן אין זיין ברוינעם מאַנטל מיטן פוטערנעם קאָלנער בין איך אַ ציטערנדיקער פון קעלט, צו אים צוגעגאַנגען רעדן. זיין שטים איז געווען טיף און מאַנאָטאָן און האָט געאָטעמט מיט פשטות. זיינע אויפטרעטן אין ווילנע פלעגן זיין קאָנצערטן פון גאָטס־גענאַד. דאָס איז אַ פּאָעט, ווי ער וואָלט אויפגעגאַנגען פון אונדזערע חלומות.

עס איז געווען אין דער צייט ווען קולבאַק האָט פאַרעפנטלעכט זיין פּאָעמע „אחר״, דער עילוי אין שטומער דערקענטעניש און זיין קלאָג־ליד צו גאָט. אין רייסן, אויפגעבלעטערט קאַפּיטלען פון תלמוד און תנ״ך.

„דו, דו, איך האָב ליידן אין לעבן געוועלט נאָר נאָכגיין, דיין ציטערנדיק ליכט, שטילערהייט. וואָס איך טראַכט איז די וועלט און די וועלט איז די וועלט ס׳איז דער אומקלאָרער סוד נישט באַשייד. כ׳טראָג אַרום אין דער גרויער נשמה דעם עול ווי אַ קייט. אָ, פאַרוואָס בין איך נישט מויבערהייט אויסגעקנאָטן געוואָרן אַ טאָל. דו, זע מיינע רויע חלומות פון ליים. אין מיין האַרץ דעם פאַרנעפּערטן וואַרעמען פעלד, וואָס ער זינגט אָן אַן אָטעם געהיים פון איין וועלט, איין וועלט״...

צו קולבאַקס תּלמידים, אין אופן פון באַשרייבן די ווייס־רוסישע לאַנדשאַפט און דאָס פּויערים־לעבן, האָט געהערט דער פּראָזאַיקער הענעך סאָלאָוועיטשיק.

מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט הענעך סאָלאָוועיטשיק איז געווען אין זוועריניצער וואַלד, לעבן לוקישקער בריק, מיט דער רוסישער צערקווע, דאָרט ווו עס האָט זיך געפונען די קאַראַאימער שול. ער האָט שפּאַצירט בייַנאַנד מיט זיין חבר איצקע דער גלעזער. די זון איז פאַרגאַנגען הינטער די שניפּעשאָקער בערג. סאָלאָוועיטשיק האָט דעמאָלט געאַרבעט אין באַלבערישקעס טאַבאַק־פאַבריק און מיך מכבד־געווען מיט אַ וואַנדאַ־פּאַפּיראָס. דער ערשטער צי פון פּאַפּיראָס און דער כּוח פון מיין חברס פּערזענלעכקייט איז מיר פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן.

ער האָט געוווינט אין נײַ־ווילייקע, האַרט ביי דער באַן. זיין טאַטע איז געווען אַ דאָרפס־הענדלער. האָט פאַרמאָגט אַ פולע שטוב מיט טעכטער און די מאַמע איז אַ געלעמטע געלעגן צו בעט. ווען ער האָט פאַרלוירן די אַרבעט איז ער געוואָרן אַ דאָרפסגייער אין דער וואָכן געוואַנדערט איבער די אַרומיקע שטעטלעך, פון לאַוואַרעשאָק, מיצקון, אַראָפּגענומען די אויבסט פון סעדער און שבת פאַרבראַכט אין שטאָט. אַרייַנגעגאַנגען זיך אָנוואַרעמען אין קינאָ־מעיסקי. מיר פלעגן זיך טרעפן אויף אַ באַנק, אַנטקעגן דעם טעליאַטניק, אָדער ביי אַ בערשטער אויף פּאָפּלאַווער־גאַס, און דאָרט פאַרלייענען אונדזערע שאַפונגען.

צו דער גרופּע האָבן געהערט מיכאל שאַפּיר און איינער אַ בעקער פון דייטשע גאַס איין און צוואַנציק. ער האָט געהאַט אַ שטיפמאַמע און אַ שטומען ברודער און פלעגט לאַטכענען פולע טאַשן מיט זעמעלעך, אַלס האָנאָראַר פאַר סאָלאָוועיטשיקס דערציילונגען. איצקע דער גלעזער, אויב ס'האָט זיך אים געמאַכט אַ גוטע „יאַזדע״, פלעגט שטעלן אַביסל ווייַן.

מיכאל שאַפּיר איז געווען אַן איינבינדער און האָט פאַרפאַסט אַ פּאָעמע, „די שוואַרצע סאָווע״. ביים לייענען פלעגט אים די גריווע אַראָפּפאַלן איבער די אַפּלען. שפּעטער איז צוגעקומען אברהם העשל. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ ליד וועגן אַ פּרוי אין איר צאַרטער רייפקייט.

נעמען אַ ביסל ווייַן האָט ביי סאָלאָוועיטשיקן געהייסן אויסקאַלכן די כאַטע, עס זאָל ליכטיק ווערן אין די אויגן. ער האָט געהאַט אַ מאָגער פּנים מיט שאַרפע קינבאַקן ווי ביי אַ וואָלף. די שולטערן אויסגעגאָסן ווי פון בראָנז, פאַרהאַרטעוועטע אין ער פלעגט לאַכן מיט זיינע ווייסע ציין.

ער פלעגט אָפּקומען מיט טרוקן ברויט און וואַנדאַ־פּאַפּיראָסן. נאָר יעדע וואָך אויסגעהוילט פון בוזעמטאַש אַ מאַנוסקריפּט, געשריבן מיט קרומע אותיות, פאַרפלעקטע פון קאַרשן־זאַפט, ווי דאָס פעלד אַליין וואָלט געווען זיין לייב און לעבן. ער האָט געקענט די בויט פון די ווייס־רוסישע פּויערים פון ווילנער געגנט, וואָס פלעגן זעצן קאַרטאָפל אויפן זאַמדיקן באָדן און ווינטערצייט רייסן דעם שטרוי פון די דעכער, אָנצוקאָרמען די הונגעריקע בהמות. זיינע העלדן זענען געווען געזונטע פאַראָבקעס מיט רויטע פּנימער פאַרסמאַליעט פון דער זון און אַלטע בעטלער מיט קראַנקע פיס פאַרוויקלטע אין אָניטשעס. ער האָט זיך אָנגענומען זייער קריוודע און באַדויערט זייער דאַליע.

פאַלק האַלפּערין און זיין פרוי האָבן אונדז מקרב־געווען. סאָלאָוועיטשיק פלעגט

אַפּט אַרויפקומען צו זיי אין שטוב. זיין דערציילונג „אַ דזיעוווכע״ האָט ער געשיקט צו דוד בערגעלסאָן. ער האָט באַקומען פון אים אַ בריוו געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשין מיטן שטעמפּל פון „אין שפּאַן״, אַז ער איז אַ געבוירענער דערציילער, באַר ער האָט געמאַכט אַ פעלער, די דזיעוווכע לעבט נישט. סאָלאָוועיטשיק איז וואָכן־לאַנג אַרומגעגאַנגען אַ מבולבלער; זיך געשלאָגן מיט דער דעה ביז ער איז דער־גאַנגען דעם פעלער, פאַרוואָס זי לעבט נישט.

איצקע דער גלעזער האָט געשלעפּט קאַסטנס מיט גלאָז אויף די שמאָלע אַקסלען, געקלעטערט אויף רושטאָוואַניעס צו פאַרדינען אויף ברויט. אין דער וואָכן איז ער אַרומגעגאַנגען אַן אָפּגעריסענער, מיט אַ פאַרליטענעם שמייכל אויף די ליפּן. די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס, האָט ער באַהאַלטן אויף שבת. ער וואָלט גרייט געווען מקריב צו זיין זיך פאַר זיין חבר. זיין געטריישאַפט האָט אַרויסגעוויכטן פון הינטער דיברילן. דערפאַר האָט יענער געפילט זיין אַנגעווייטיקט האַרץ און זיך געטיילט מיט זיין רום. אים געמאַכט פאַר אַ שותף צו זיינע ליידן און אויף די דערציילונגען זיך געחתמעט, מיט ביידנס נעמען: הענעך־יצחק סאָלאָוועיטשיק.

צו יענער צייט, פלעגט אָפּט אַראָפּקומען צו אונדז, פון ניי־סוויענציאַן דער דיכטער מיכאל נאַטיש. ער איז געווען אַ לערער אין הײדיציִשאַק און האָט פאַר־מאָגט אַ לעדערנע טעקע. ער האָט געהאַט צוויי אידעלע הענט, און ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט די ווייס־רוסישע ערד וואָס ער פלעגט זי מאָלן אין געזונטע פּערזן. ער האָט געזונגען לידער צו זיין מיידל אינעם קליינעם שטעטל. פאַרגליכן אירע הענט צו ווייסע טויבן מיט ראָזע פלעקן. די בילדער פונעם דאָרפס־לעבן, זענען סאָלאָוועיטשיקן נישט אַלעמאָל געווען צום האַרצן. האָט פאַסירט צוזאַמענשטויס צווישן סאָלאָוועיטשיק דעם סאַדאָווניק און נאַטיש דעם לערער. ער האָט פאַרפאַסט אַ ליד וווּ די שטילקייט הענגט אויף אַ שטריק, ווי אַן אויסגעטרוקנטע פעל. סאָלאָ־וועיטשיק האָט געטענהט אַז דער פאַרגלייך איז נישט קיין ריכטיקער, ווייל אַן אויסגעטריקנטע פעל שטינקט. נאַטיש איז געווען אַ חולה מסוכן און אַן אומרו־איקער גייסט. ער האָט יאָרן לאַנג זיך געראַנגלט מיט דער קראַנקייט וועלכע איז אים בייגעקומען. מיר פלעגן אים באַזוכן אין דער אוניווערסיטעט־קליניק אויף אַנטאָקאָל, געזעסן ביי זיין בעטל און פאַרנומען זיינע זיפצן. דער זון־פאַרגאַנג האָט געבלוטיקט, ווי דער געשוויר אין זיינע אינגעווייידן וואָס האָט אים נישט צורו גע־לאָזט און פאַרצערט זיין ליידנספולן לעבן.

רעדנדיק וועגן נאַטישן דערמאָנט זיך אַ באַגעגעניש מיט ש. ניגער, בעת זיין ווײלן אויף דעם ייװאָ־צוזאַמענפאָר אין ווילנע. ס׳איז געווען שפּעט־זומער. מיר האָבן אים געטראָפן אויף דער דאַטשע אין וואָלאַקומקע, פאַרבאָרגן אין אַ טיפן וואַלד. ער איז געווען פון נידעריקן וווקס און איינפאַך אין זיין האַלטונג. נאַטיש האָט אים פאָרגעלייענט קאַפּיטלען פון זיין בוך „מוליער הערש״ און געוואָלט האָבן זיין סמיכה. ניגער איז געווען זייער גאַסטפריינדלעך אָבער גענוג שטרענג אין זיין אָפּשאַצונג. בעת׳ן לייענען האָט ער נישט אויפגעהערט צו קנייטשן דעם שטערן. ווען ער האָט געפונען אַ גוטע שורה, האָט זיין פּנים אויפגעלויכטן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ווייסע ווינטער־טעג וואָס פאַלן אָפּ פונעם לעבן ווי בלעטער פון אַ לוח. אויף וויפל איך געדענק, איז דאָס ניגערן געווען צום האַרצן.

דער עלטסטער פון יונג־ווילנע איז געווען דער דיכטער שלמה ביילים, מיט זיין מהות און קאָפּ פלאָמענדיקע האָר. ער האָט פאַרפאַסט אַ הימן וועגן דעם לאַנד פון קאַלטע האָר צו דער מלכה פון לבנהדיקן ווײַ. ס'איז געווען דער ווײַ פון העלער יוגנט מיט וועלכן דעם דיכטערס געמיט האָט זיך פאַרכלינעט, געוועבט פון מערב־שטראַלן און לבנה־שיין. אַ געזונטער מיט שטומפּע אַקסלען, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּויער וואָס וואָלט געקענט אַקערן די ערד. ער איז אָבער געוואָרן אַ רעדאַקטאָר, געבראַכט דעפּעשן אויף די ענגע שפּאַלטן פון דער ברייטער וועלט.

בעת די יוגנט האָט געזוכט אַ תיקון פאַרן קלאַנג און וואָרט, האָט ער געפורעמט זיין געדאַנק, געשפּאַנט פאָרויס ווי אַן אַוואַנגאַרד האָט ער מיט יונגן פּאַטאָס געלייגט דעם גרונד־שטיין פון איר וואָר און נישט אָפּגעריסן פונעם נאָפּל איז ער פאַרבליבן דער שומר פון אירע טרוימען.

ווי דורך אַ חלום, זע איך דעם דיכטער אברהם לעוו, ווען ער האָט פאַרלאָזט זיין געבורט־אָרט און איז אַוועק קיין ארץ־ישראל. פון אים האָט אַרויסגעווײנט דער עלנד און די בענקשאַפט נאָך אַ שטיקל באָדן מיט אַ בוים און אַ געצעלט דערנעבן. ער האָט שוין דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ חלוץ, אין אַ צעשפּילעטן קאָלנער, ווייס ווי אַ פליגל. די געזעגענונג האָט ווייט געטאָן ביז בלוט. נאָר ער האָט דעם באָדן באַ־פרוכפּערט, פון די טיפענישן האָבן אַרויסגעשלאָגן קוואַלן פון שירה און דאָס געבורטאָרט איז פאַרבליבן איינגעבאַקן אין זיין האַרץ, אויפן דנאָ האָט געצאַנקט איר אָטעם פון טרערן.

אין אַ ווילנער צייטונג איז אָנגעקומען אַ ליד פון אַן אָנפאַנגער, וועמענס נאָמען מיר האָבן דעמאָלט נישט געקענט. דער רעדאַקטאָר איז געוואָרן נשתומם, זיך מיט דעם אַרומגעטראָגן ווי מיט אַן אבן טוב. די אונטערשריפט איז געווען פון זיין האַדולעק לייזער־וואָלף.

להיפוך צו סאָלאָוועיטשיקן, איז לייזער וואָלף געווען אַ שטילער מענטש מיט טיפע אויגן אונטערן אָנגעכמורעטן שטערן, מיט אַ מויל וואָס פלעגט ווינציק רעדן און נאָך ווינציקער לאַכן. ער פלעגט אָפט שפּאַצירן אויף דייטשע גאַס, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, פאַרטאָן אין די רעיונות און מיט זיין איראָניע געמאַכט לאַכן אַנדערע. עס זענען אים נאָכגעגאַנגען, די בולוואַנסקע מויד פאַרזעסן ביזן גרויען צאָפּ און דער האַרבסט, וואָס פּגרט ווי אַ געלער האָן, די פּערזאָנען פון זיין ליד און באַלאַדע. זיין האָריזאָנט איז געווען פיל גרעסער ווי דער שניפּישאָקער בוים וואָס ער פלעגט זען דורכן פענצטער. אונטער זיין וואָרט האָט געשלאָגן אַ ווולקאַן, צעשפּאַרט דלת אמות פון זיין אלקאר און אונדז געוויזן זיין גראָטעסקע וועלט אַזוי ווי ער האָט זי געזען אין זיין אָנגעגליטן חלום, אַ באַשטראַלטן פון אָוונט־גאָלד. ער האָט זי אָפט אַרויסגעוואָרפן נישט־געפורעמטע, מיט דעם בלוט פון זיין האַרץ און איז געווען פרוכטבאַר ווי די ערד אַליין.

אין דער זעלבער צייטונג איז אַמאָל אָנגעקומען אַ פּאָסט־קאַרטל, וואָס האָט זיך געלייענט בזה הלשון:

„שטעט, וועלכע ווילן איינאָרדענען אָוונטן פון טויזנט און איין ליד, פאַרפאַסט אין איין חודש, זאָלן זיך ווענדן לויט דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס".

ווען אַ רעפּאָרטער האָט איבערגעלייענט דאָס קאַרטל איז ער אַוועק אויף

שניפּישאַק, געוויוער ווערן צי דער מחבר איז נישט פון זינעז אַראָפּ. לייזער וואָלף האָט אַפילו נישט קיין פינטל געטאָן מיטן אויג און אים געוויזן דעם באַרג מיט די אָנגעוואָרפענע מאַנוסקריפּטן, „נאַט, לייענט“.

ווען משה קולבאַק, למשל, האָט עפּעס אָנגעשריבן, פלעגט ער זיך פרייען אַזוי ווי אַ קינד. ער איז געגאַנגען אַנזאָגן די גוטע בשורה זיין פריינד דעם מוזיקער יעקב געשטיין. „איר מעגט מיך גראַטולירן“ — האָט ער געזאָגט — „איך האָב היינט אָנגעשריבן אַ שורה“.

לייזער וואָלף איז געווען אַ פענאָמען. עס האָט אים אָבער געפעלט דאָס געפיל פון זעלבסט־קריטיק. אָן זעלבסט־קריטיק קען מען נישט וואַקסן און עס איז נישט מעגלעך אויסצופירן די שרייבערישע שליחות.

ווען הענעך סאָלאָווייטשיק האָט פאַרלאָזט דעם טאַטנס טאַפּצשאַן, די קראַנקע מאַמע און איז דורך נאַכט נעלם געוואָרן צו זוכן ברויט, זענען נישט בלויז די שטוביקע, נאָר אויך זיין חבר איצקע דער גלעזער אַרומגעגאַנגען אַ פאַריתומטער. ער האָט אָבער געפונען אַ מײַסטער וואָס זיין יונגערער ברודער, דער מיזיניק משה׳קע פאָרעט זיך ביים פענסטער איבער טעטראַדן און ביכער און האָט אָנגע־הויבן שרייבן דערציילונגען.

ער איז געווען אַ חנעוודיקער בחור, אָן אַביטוריענט פון דער „לייזער גורוויטש־שול“ אויף אַזשעשקאָווע גאַס זיבן און זיך געלערנט רעטושירן בילדער ביי דעם אויסגעגעבענעם ברודער, דעם פאָטאָגראַף. זייער שטוב איז פול געווען מיט פאָטאָ־גראַפיעס פון אַלטע גויעס און יונגע פאָרלעך אין זייערע חתונה־גאַרדעראָבן. משה לעווין פלעגט מאַכן פון זיי פאָרטרעטן, נאָר זיין קאָפּ איז גאָר געווען ערגעץ אַנדערש. ער האָט געמאָלט די ווילנער אָרעמקייט. פון זאַרעטשע און סאָפּיאַניקע. אין בלויער וועסנע־צייט, ווען די ווילעיקע גייט אַרויס פון די ברעגעס און פאַר־פלייצט די טוכלע קעלער־שטיבער. די קרעמער אויפן שול־הויף און די ווייבער אויפן האָלץ־מאַרק, ביי די פייער־טעפּ. איטלעכער העלד פון זיינע ווערק איז געווען זיין אויטאָפּאָרטרעט אַליין. ער האָט געהאַט אַ געדיכטע קוטשמע האָר, נאָר אויף זיין פּנים איז נישט געווען קיין טראָפּן בלוט. אים האָט באַגלייט די טונקלקייט פון טאַטנס אַלטער.

אויף אונדזערע יערלעכע אָוונטן, ווען עס איז געקומען זיין ריי צום לייענען און דער זאַל איז געווען פול, פלעגט ער אויסנעמען מיט זיין תמימותדיקער גראַציע. ער פלעגט פאַרייסן הויך דעם קאָפּ, נאָר די אָוואַציעס האָט זיין אויער נישט געהערט צוליב אַ ירושה־פעלער אין זיין משפחה. ער איז געווען דער גערעכטנסטער פון זיינע ברידער און פלעגט אַרומגיין מיט אַ מיידל פון פּאַפּלאַווע גאַס.

אַ פעסטער און אַ פרייליכער איז צו אונדז אַראָפּגעקומען פּרץ מיראַנסקי. מיט דלאָניעס און געזונטע מוסקלען פונקט ווי זיינע משלים. ער האָט געהאַט צוויי שטאַרקע אָרעמס אַרומצונעמען די וועלט. דער זומער האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע אויגן וואָס פלעגן פאַרשיכורן מיט זייער פייער. ער איז געווען רייף און זיין ערשטער משל האָט אונדז געפלעוועט מיט זיין פּשטות. ער האָט זיך אויסגעטרוימט זיין אייגענע וועלט ווו יעדער קעגנשטאַנד האָט ביי אים געהאַט

זיין לשון ווי אין אַ מעשהלע, אין דער מאַמעס האַק האָט ער געזעו אַ גזלן, אין דער טאַפּעריסקע אַן אויסגעהאַקטן בוים. אַפּילו דער האָלענדער קעז האָט ביי אים גערעדט ווי אַ בורזשוי. און דער בורעק ווי אַ פּראָסטער פּויער. זיינע משלים האָבן אויסגעדריקט די אידעען פונעם יונגן דור, וואָס האָט פון זיי אַראָפּגענומען אַ מוסר השכל.

אויף אונדזערע אויספלוגן, פלעגט ער זינגען לידער, אַז דאָס האַרץ פלעגט צוגיין, ווען שאַכטיאָרן און בעזפּריזאָרנע קינדער, ביז עס פלעגט צופאַלן דער אָוונט און באַלויכטן די געקרויזלטע האָר איבער זיין ברוינעם פּנים.

ער האָט געוווינט באַרג אַרויף, אויף דער ראָגאַטקע, בשכנות מיט לייזער־וואָלף. זיי האָבן געטראָטן אויפן זעלבן ברוק מיט דער הילצערנער לאווע, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן גרויע שטובער, ביז דאָרט, ווו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד.

אין איינער פון די שטיבער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אברהם סוצקעווער. אַ שלאַנק יונגל מיט אַ ווייטן בליק. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אָדלער וואָס שוועבט אין די הויכן און לענט אָן די פליגל אויף דער ערד. און אַ פאַרשלאָסענער, ווי אין זיין לירע וואָלט געדרימלט אַ קעניגרייך.

ער האָט פאַרבראַכט זיין קינדהייט אין סיביר. געגאַנגען מיטן טאַטן אין וואַלד נאָך האָלץ אַ פאַרוויקלטער אין אַ באַשליק און די רחבות פון דער טייגע איז פאַרבליבן אין זיין שאַפן. איר אָטעם האָט ער אַריינגעהויכט אין זיינע לידער וואָס האָבן זיך צעבליט מיט ווייזן און ביימער פון בעז און מיט אייזערנער עקשנות און פאַרקאַשערטע אַרבל, האָט ער זיך געראַנגלט מיטן וואָרט פון גראַניט און עס אויסגעשיילט פון כאַאָס. די ביימער זענען געוואָרן באַשאָטן מיט צוויט און יעדע שורה האָט געבלאַנקט ווי דער שניי. פון זיינע פערזן באַהויכטע מיט עטער, האָט געשלאָגן דער אָטעם פון פרילינג.

ער איז אויסגעוואַקסן אין שטאָט און פאַרן קאָסמאָס וועט ער בלייבן שטיין אַ פאַרגאַפטער. זיין אָנגעשטרענגטער אויער איז געווען וואַך פאַר ריטם און האָט נישט פאַרנומען קיין איבעריקן זילב און דאָס אויג — קיין שאָטן אויף דער ליכטיקער שיין. זיין ליד האָט ער פאַרגליכן צו אַ שטראַל, וואָס די ערד וועט נישט קענען פאַרדעקן.

ער האָט געלעבט אָפּגעזונדערט פון מענטשן, אין אַ חדר אויפן ערשטן שטאָק מיט שמאָלע טרעפּ און אַ נידעריקן סופיט. אים האָט באַהויכט דער גייסט פון שפּינאָזע און די פּסאַלמען פון אנהעלי, נאָר ער פלעגט שווייגן, ווי ער וואָלט די צוקונפט פאַרריגלט אין זיין האַרץ.

אין אַ פּשוטן טאָג איז געקומען צו אונדז די דיכטערין הדסה רובין, אַ שטאָלצע און פאַרשלאָסענע. זי איז יאָרן לאַנג געווען פאַרשפאַרט פון מענטשן און האָט אין פערזן אויסגעטראָגן איר בענקשאַפט נאָך דער פרייהייט, פאַרבייטנדיק די טעג און נעכט אויף אידעאַלן. אַ געבוירענע אין קרעמענעץ, האָט זי באַזונגען אירע טריבע קינדער־יאָרן, שמאַכטנדיק הינטער די גראַטן און די בלומען וואָס וועלקן אויף איר גאַנעק.

זי האָט זיך געלערנט אין אַ פּוילישער שול און איז געקומען קיין ווילנע צו

טרינקען פון די קוואַלן פון יידיש. איר צימערל אויף קוואשעלנע גאַס איז געווען דער טרעף־פונקט פון די יונגווילנער, דאָס אָרט פון אונדזערע טרוימען און פּלענער. אין אירע קאָנספּירירטע פּערזן האָט געציטערט אַ וועלט מיט שיינקייט און אַ פאַרגוואַלטיקטע יוגנט. זי האָט פאַרעפנטלעכט אַ ליד צו די פּאָעטן וואָס פּוצן אויס דאָס לעבן אין ליגנס און אין גראַמען. זי איז פאַרבליבן טריי איר צאַר־טער מוזע.

ווי אַ לעבעדיקער קעגנזאַץ צו הדסה רובין, אין זין פון דערציאונג, איז געווען דער דיכטער משה יצחק בארק, אַ זון פון אַ קצב. ער האָט קיינמאָל אין ערגעץ נישט געלערנט, נישט באַזוכט קיין עלעמענטאַרע שול און האָט דאָס בילדן זיך, אויך נישט אָנערקענט. ער האָט פיינט געהאַט אינטעליגענטן און שמענדריקעס. ער איז אָבער געווען באַשאָנקען מיט אַ גרויסן סטיכישן טאַלענט. משה יצחק בארק מיטן געשטופּלטן פּנים און אויגן פול מיט גרויל, ווו ס׳האָט זיך געשפּיגלט דעם טאַטנס יאַטקע־האַק, פלעגט ביים רעדן, כאָרכלען מיט אַ הייזעריקן קול, די פעטע טשאָלנט־קישקע איז אים ביים עסן, שטיין געבליבן אין האַלדז און די ליבשאַפט פון זיין מיידל האָט נישט געקענט לעשן דאָס פייער אין זיין האַרץ.

ער האָט געטראָגן שטיוול פון פּראָסטן יוכט, אַז די שטיינער פלעגן קראַכן אונטער זיין טאַנצנדיקן טראָט. אַרומגעגאַנגען פריי ווי אַן אָקס וואָס איז אַנטלאָפן פון שעכטהויז און איז געווען געפּענטעט אין מענטשלעכע פליכטן. ער פלעגט רעווען פאַר בענקשאַפט און שגעון, געזוכט אַן אויסלאָדונג אין וואָרט און ליד און נאָכן שטורעם פון עקסטאַז, געבליבן ליגן אין אָנמאַכט מיט פאַרגלייזטע אויגן, ווי אַ שאָף. ער איז געווען רוי, אָבער עכט אין זיין אויסדרוק. זיין אומרו האָט נישט געוווסט פון קיין גרענעץ, פאַרפלייצט דעם ריטם פון זיין אויסגעהאַמערטן פערז.

ער האָט געהאַט אַן אייגענעם אַרט פון דענקען, להיפוך צו זיין סטיכישער קראַפט, נאָר דער געדאַנק איז אים געווען צו קלאָר אויפצוויקלען דעם פּלאָנטער פון זיין לעבן. די העלדן פון זיין פּראָזע זענען געווען ווי אויסגעהאַקט פון זיין שטיין, הגם ער האָט נישט געוווסט פון קיין זאַץ־בוי און ווו אַוועקצושטעלן אַ פּונקט. די דראָבנע אותיות פאַרפלעקטע אין טינט, האָט ער שפּעטער, אַליין נישט געקענט דעשיפרירן. זיי זענען געבליבן פון קיינעם נישט געלייענט, אין שופלאָד, פון דער מאַמעס אַלמער.

אין יענע יאָרן, האָט די רעליגיעזע יידישע יוגנט פון ווייס־רוסלאַנד און פון וואָלין און פון די שולן פון יבנה זיך געצויגן צו דער יידישער וועלטלעכער שול. צום יידישן לערער־סעמינאַר און האָבן געשטראָמט אין ווילנע, ווי די ארומיקע טייכן שטראָמען אין דער ווילייע. די בהורים און מיידלעך פון די קליינע שטעטלעך האָבן געלעכצט נאָך אַ יידיש וואָרט, זייערע לידער האָבן געדרוישט אין די שטיבער און גאַסן, ווילנע האָט געשמט פאַר דעם קעניגרייך פון יידיש. איר אָרעמע פּראַכט האָט געלויכטן אויף הונדערטער מיילן אַרום. אַ נייע זון איז אויפגעגאַנגען אין ירושלים ד׳ליטע, אויסגעבענקטע הענט האָבן זיך צו איר געשטרעקט. די מאָדערנע יידישע שול האָט אַרומגענומען אַלץ מער, ברייטערע קרייזן.

מיט שווערע טריט איז דער ברייטפּלייציקער חיים גראַדע געקומען אַ באַוואַק־סענער פון דער ישיבה און האָט אַ ברום געטאָן אויף די ווילנער גאַסן ווי אַ לייב.

ער האָט געטראָגן יונג פּאות און אויפן שטערן — טיפע קנייטשן פון דער גמרא. געטרונקען פון די קוואַלן פון דער תורה און געצאַפּלט נאָך אייביקער טוגנד. צעריסן די קייטן פונעם עבר, וואָס האָט אים גענערט מיט פרישע זאַפטן, ווי דאָס פעלד די וואָרצלען פון אַ בוים.

ער האָט געוווינט אויף יאַטקעווער גאַס, אין אַ שטיבל ווו עס איז תמיד געווען נאַכט. די מאַמע ביים טויער איז געשטאַנען מיט עפּל אין היץ און אין קעלט און פלעגט אים היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. און ער האָט אין שטאָלענע פערזן אַריינגעגאָסן זיין בענקשאַפט צו דער זון.

ביי נאַכט, אויפן געלעגער פלעגן צו אים קומען די מוסרניקעס פון נאָוואַרעדקער ישיבה, געשטאַנען ביי זיין צעקאָפּנס מיט אויסגעשטערקטע הענט און געמאָנט אַ תיקון, ער זאָל אַנטפלעקן זייער עלנט פאַר דער וועלט. ער פלעגט אויפשטיין אַ באַשלאָגענער מיט אַנגסטן און זייערע שאָטנס האָבן אָנגעפילט די שטוב.

ער האָט שוין געהאַט געשטאַלטיקט דעם נביא יחזקאל און איז אַרומגעגאַנגען אָנגעלאָדן מיט אידעען. געקריצט מיט די ציין און דורך יעדן אָטעם־צוג, געלאָזט פילן זיין כוח. נאָר אין דער שטילקייט פון זיין קאַמער האָט מען געקענט הערן דעם יאָמער פון זיין האַרץ.

ער איז אויפגעגאַנגען אין שאָטן און האָט געטרונקען דאָס ליכט, וואָס האָט געוויינט פון וויטע לעווין און די שיין פון דעם ווילנער גאונס נר תמיד. וואַכן די נעכט איבער ביכער און טיילמאָל, ביי אַ לעמפּל בלייבן זיצן ביז באַגינען. די בלעטער פאַרגעלטע פון זיידנס טרערן זאָלן נישט אָפּווישן דעם שטויב פון די יאָרן.

די מאַמע פלעגט קומען אַ פאַרפרוירענע פון האַלץ־מאַרק. ער פלעגט הערן אירע שווערע טריט, געטראָגן אירע קאָשיקעס עפּל און אויף די אַקסלען — די גרויסע ירושה פון דורות.

וויטע לעווין איז געווען אַן אידעאַלע פרוי, אַ מאָדערנע שרה בת טובים. זי האָט געשטאַמט פון אַ רייכער משפחה. אירע עלטערן זענען געווען אייגנטימער פון אַ הויז אַנטקעגן דעם ווילנער וואָגזאַל. איר איידעלער פּנים האָט געשטראַלט פון גוטסקייט. זי איז געווען באַשיידן און האָט דאָס גאַנצע פאַרמעגן אָפּגעגעבן פאַר אָרעמע. זי האָט געענדיקט דאָקטאָר פילאָזאָפיע און זיך פאַרנומען מיטן שאַפן אַ שול פאַר דעפעקטיווע קינדער ווו זי אַליין איז געווען די דערציערין. איר אויסטערלישער וועזן האָט דערמאָנט אין אַ מאָדנעם פויגל וואָס איז אַראָפּגעקומען אויף דער ערד אויסצופירן עפּעס אַ שליחות. זי פלעגט אַרומגיין אויף די ווילנער גאַסן אין אַ צעשפּילעטן מאַנטל און אָפּגעטראָגענע קליידער. זי האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויפן אָנטאָן זיך. איר פלאַטערנדיקער שמייכל האָט געקענט אַראָפּנעמען פון האַרץ די שווערסטע זאָרג. די ווערטער וואָס זי פלעגט רעדן האָט מען געקענט פאַרשרייבן אין אַ ספר. מען זאָגט אַז זי איז געווען פרום און פלעגט יעדן פרייטאָג צו נאַכטס בענטשן ליכט.

מען האָט געענבי נישט געוווסט צי איר פּנים שמייכלט אָדער ער וויינט.

מיר קומען איצט צו דעם סאַמע מערקווירדיקסטן דיכטער פון יונג־ווילנע, דעם אַנאָנימען העלד פון טאָג, וואָס האָט זיך געצייכנט מיטן נאָמען שין קוף און האָט קיינמאָל קיין בוך נישט אַרויסגעגעבן. ער האָט געקעמפּט אויף לעבן און

טויט פֿאַרן רייִנקייט פֿון וואָרט און יידישן אַקטיאָרן האָבן פֿאַר אים מורא געהאַט. ער האָט געהייסן שמשון קאַהאַן.

שמשון קאַהאַן, מיט אַ פּנים צאַרט ווי ביי אַ פֿרוי איז ווי אַ מאַנספּאַרשוין געווען געקליידעט. ער פֿלעגט טראָגן לאַנגע האָר און איז געגאַנגען אין פֿלודערן פֿון גאַליפֿע. די שטיוול און זיין קורטקע האָבן געזאָגט עדות אויף דער יוגנטלעכער שיינקייט וואָס האָבן געלויכטן פֿון זיין העל געמיט. ער איז געבוירן געוואָרן אין טראָק און זיך געחברט מיט ציגיינער. געקענט זייער לשון און אומענדלעכן וואַנדער־זיין חלום איז געווען גרעסער ווי די אָזערע ביי זיין וויגל.

ער איז געקומען צו אונדז פֿון מפֿיצי השׂכּלה, אַ באַלאַדענער מיט ביכער און האָט פֿאַרדינט זיין ברויט פֿון כּראָניק אין דער צייטונג און די כּראָניק פֿאַרוואַנדלט אין פּאָעזיע. פֿונעם „קעלער" דערגרייכט צום געלייטערטן געדיכט. ער האָט מיט זיין פֿעדער באַשיצט דעם כּבֿוד פֿון דער אַלטער ווילנע און איז געווען איר אומרואיקער גייסט. טאָמער פֿלעגט אַ הויף־זינגער זיך לאָזן ווילגיין אויף דער בינע און פֿאַרשוועכן איר נאָמען, האָט זיין פֿעדער אים פֿאַרטריבן פֿון דער שטאָט.

זיין פֿעדער איז אויך געווען דער קאַמערטאָן לויט וועלכן די יונג־ווילנע־אַנער האָבן אָנגעשטעלט די אינסטרומענטן. ווער עס האָט געשפּילט אויף אַ פֿידל און ווער אויף אַ פֿלייט. שמשון קאַהאַן איז געווען דער סאַמע טרויעריקסטער פֿון אונדזער קאַפּעליע. אין זיין טאָן האָט וויברירט בין־השמשות. ער האָט געזונגען אַן עלעגיע וועגן איינעם, וואָס איז „געווען ביי דער פֿיין און וועט שוין נישט זיין ביים נצחון". דער איינער איז געווען ער אַליין.

ביי דער געלעגנהייט וואָלט איך זייער וועלן דערמאָנען דעם דיכטער ברוך געלמאַן דעם חבֿר פֿון מיינע יוגנט־יאָרן. ער האָט געשטאַמט פֿון אַ קליין שטעטעלע ווידז וואָס אַרום ווילנע און איז געווען אַ זון פֿון אַ שניידער. דער דלות האָט אים פֿאַרטריבן פֿון דער היים מיט אירע נאַסע ווענט און נישט געהייצטן אויוון. ער האָט זיך פֿאַרלאָזן באַקן־בערד, אָנגעטאָן אַ הוט לויט דעם גרויס־שטאָטישן שטייגער און איז אַוועק אין דער פֿרעמד צו ווערן אַ לייט.

ער האָט געהאַט צוויי לאַנגע פֿיס און פֿלעגט שפּאַנען מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ. דער העלער אַנצוג אָנגעצויגן אויפֿן דאַרן גוף. פֿון זיינע אָפּגעפּוצטע שיך האָט זיך נאָך נישט אָפּגעווישט דער שטעטלדיקער שטויב און אים באַגלייט אויפֿן נאַלעווקער ברוק. ער האָט באַהאַלטן אין בוזעם־טאַש אַן אָנגעהויבענע ליד און אין האַרץ די ברכה פֿון זיין מאַמען, וואָס זי האָט אים מיטגעגעבן אויפֿן וועג.

מיר האָבן זיך געטיילט מיטן גורל און געמאַכט אַ טורנע איבער דער ווילנער פּראָווינץ. געבלאָנדזשעט איבער די יידישע שטעטלעך, פֿון דאַנילאָוויטש ביז גלובאָק און אין שולן און הילצערנע סטאַדאָלעס געלייענט אונדזערע יוגנטלעכע לידער. די ווילנער לאַנדשאַפֿט איז געווען אַ טייל פֿון אונדזער ליד, מיט אירע בעריאָזעס און ווערבעס ביי די טייכן. דורך באַרג און טאָל האָט זיך געהוידעט דער וועג. דאָס פֿערד, די דראַבינע, די גאַנצע געגנט האָט געהינקען.

ברוך געלמאַן האָט באַזינגען די נויט, דעם אָרעמען לערן־יונגל אין דער גרויסער שטאָט און זיין בענקשאַפֿט נאָך דער היים. די ווייזערס פֿונעם באַלעבאָס זייגער וואָס קלינגט אויס די קריכנדיקע שעהן. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ דאָרפֿישע

תמימות און זיך געגערט מיט זאַפט פון דער מאָגערער לאַנדשאַפט, מיטן שיין פון אירע ראָזע פאַרנאַכטן און איז געוועזן אוממיטלבאַר אין זיין שאַפן.

טייכן טרערן זענען פאַר ז'ער צייט פאַרלאָפן און אומשולדיק מענטשלעך בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן אויף דער ערד. ברוך געלמאַן געפינט זיך מער נישט צווישן די לעבעדיקע. דערלויבט מיר זיך צו טיילן מיט דער שיינקייט פון זיינס אַ ליד, דאָס זעלבע וואָס ער פלעגט לייענען אויף די אָוונטן; נאָך אונדזער גרויסן אומגליק באַדאַרף איין דיכטער לעבן פאַר צוויי.

## דער זייגער פון באַלעבאָס

„ס'האָט מיין באַלעבאָס אַ זייגער,
פונקט ווי אַלע, אויף דער וועלט, —
איז אַ מאָדנער אָט דער זייגער,
פון דער פירמע: „צייט איז געלט"...
ווען איך קום דאָ צו דער אַרבעט,
לויפט ער, יאָגט ער ווי אַ שד;
ווי נאָר פרי איך זאָל נישט קומען, —
ווייזט ער שטענדיק, אַז ס'איז שפּעט.
מעג די וועלט נאָך זיס זיך שלאָפן,
(סאַראַ גוט'ס די וועלט פאַרמאָגט.)
שרייט מיין באַלעבאָס: „ס'איז שפּעט שוין!"
אַז ער זאָגט איז שוין געזאָגט...
וואָרום וויסן, דאַרפט איר וויסן,
אַז ער קען אויך טאָן אַ שטראָף...
יעדעס וואָרט זיינס, — הוילע חכמה:
ער, דער גאַנצער — פילאָסאָף!...
איז במילא אויך זיין זייגער
קלוג און ריכטיק ווי די וועלט...
(אַלץ איז קלוג און אַלץ איז ריכטיק
פון דער פירמע: „צייט איז געלט".)
ווען איך עס דעם מיטאָג איילִיק, —
לויפט ער, יאָגט ער און ער שרייט:
גיכער עס! מיר גייט נישט אנעט!
ווייל שוין לאַנג זי אַוועק די צייט!
נאָר ווען כ'דאַרף אַהיים זיך קלויבן,
ווערט דער זייגער, דוכט זיך מיד;
שלעפּט זיך זייגער ווי אַ פּגר
און ער זינגט אַ נייע ליד:
„הער צו — זאָג מיר — וואָסזשע איילסטו זיך,
ס'איז — פאַראַן — גענוג — דאָך — צייט"...
שרייט שוין אויס מיין באַלעבאָסל:

ס׳איז אַהיים צו גיין, נאָך ווייט!...
און ווען זון איז שוין פאַרגאַנגען
אין אַ רויטן ים פון בלוט, —
שלעפט ער אַלץ זיך, ווייזט אַז פרי איז,
(באַלעבאָס ווייסט וואָס ער טוט...)
ס׳האָט מיין באַלעבאָס אַ זייגער —
פרייט ער זיך מיט אים און קוועלט,
ווייל זיין זייגער איז געשאַפן
פון דער פירמע „צייט איז געלט"...

מען קען נישט אָפּטיילן דעם שרייבער פון דעם מאָלער. עכטע קונסט שטאַמט אַלעמאָל פון זעלבן מקור, און זיינען ביידע אַ צווילינג. דעריבער וויל איך עפּעס זאָגן וועגן די מאָלער, כאָטש די שפּראַך פון פאַרב איז אינטערנאַציאָנאַל און אונדזער מאַמע־לשון האָט זיך כמעט ווי אויסגעלאָשן.

עס וואָלט געווען אַן עוולה דורכצולאָזן ראָזע סוצקעווער און בענציע מירטאָם, די פּלאַסטיקער פון אונדזער בענקשאַפט. מיר האָבן נישט געמאָלט מיטן זעלבן מכשיר און די בענקשאַפט איינגעפּאַסט אין דער זעלבער ראַם. ראָזע סוצקעווער פלעגט מאָלן דעם פרילינג, די פּאַלעטע האָט שעמערירט מיט זון און אָפּגעשפּיגלט דעם האַפן פון ניו־יאָרק. זי איז געווען אַ טרוים פון גוטסקייט, געהאַט אַ פּנים פון אַ נאָנע און אַ גאַנג, ווי זי וואָלט געטראָטן אויף גראָז. בענציע מירטאָם האָט געצייכנט דעם שול־הויף. פון זייער בלייער האָט געשטאַרט די יידישע ווילנע, מיט אירע שולן און בתי מדרשים. דורך די צעלעכערטע שויבן האָט געוווימלט דאָס לעבן, ווי ליכט און שאָטן אויפן פּאָן פונעם גרויען, פאַר־וואָלקנטן הימל.

פון די יידישע שולן האָבן מיר געצויגן די יניקה, אין גייסט פונעם אומ־שטערבלעכן זלמן רייזען און לערער אהרן מארק. נחמן מייזל האָט אָנגעהויבן אונדז אָפּצוגעבן אָרט און דניאל טשאַרני — באַרימט צו מאַכן מעבר לים.

עס איז געווען אין רויש פון די דרייסיקער יאָרן אויף דער יידישער גאַס, אין טריבן פרילינג. די קולטור האָט אין קלעם זיך צעבלעטערט.

מיר זענען געווען אויף די בוידעם־שטיבלעך ביי ברויט מיט וואַסער און איטלעכער באַזונדער האָט געזינגען זיין ליד. אויב ער האָט פאַרמאָגט אַ כּלי, וואָלט זיין שטים דערהערט געוואָרן, נאָר יונג־ווילנע, ווי אַ גרופּע, האָט דעמאָלט נישט פּרעטענדירט מרעיש עולם צו זיין.

מיטן קומען פון שמערקע קאַטשערגינסקי האָט זיך אויפגעעפנט אַ ניי בלאַט צווישן די שטיינערנע טאָוולען פון אונדזער לעבן. ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין דער ווילנער תלמוד־תורה און נישט געהאַט צו וועמען זיך צו טוליען, האָט ער געטוליעט צו זיך אַנדערע. אַלעמען אַנטקעגן געקומען מיט אַ שמייכל און נישט געבענקט נאָך קיין וואַרעמקייט, ווייל די וואַרעמקייט האָט געשטראָמט פון אים גופא. ער איז געווען אַ שטראַל פון דער אָרעמקייט און יונגערהייט פאַר־בליבן אויף דער גאַס, וואָס האָט אים פאַרביטן אַ מאַמע, און איז נישט געבוירן

געוואָרן פון קיין שטיין. איטלעכער פלעגט פילן אין אים אַ ברודער. זיין ברייטע נאָז אונטער די גרויסע ברילן פלעגט ווערן היימיש ווי דאָס אייגענע לעבן.

ער האָט געאַרבעט אין אַ ליטאָגראַפיע אויף סובאָטש־גאַס און קליינערהייט שוין געזינגען אַ הימן דעם דור אין זיין שטרייט אויף די באַריקאַדעס. און פלעגט נישט קלאָגן אויף דער אייגענער עלנטקייט. ער פלעגט שאַפן אַרום זיך אַן אָרעאָל פון פאַרוואָרלאָזטער הימלאָזיקייט און איז נישט פון אים אַוועק אפילו דעמאָלט ווען ער האָט מיט זיין שמייכל איינגענומען די וועלט.

ער איז נישט געווען קיין טרוימער און ווי דורך אַ כישוף געקענט דערגרייכן דאָס טעלערל פון הימל; יעדע אילוזיע האָט ער פאַרוואַנדלט אין ווירקלעכקייט, ווי ער האָט דורך זיינע מעשים אויפגעוויקלט די כראָניק פון זיין לעבן. ער איז געוואָרן דער געטרייער גערטענער פון יונג ווילנע, צונויפגענומען אירע פירות און זיי פאַרזאַמלט אין שייער, און דער גאָלדשמיד וואָס האָט אונדז צונויפ־געשמאָלצן אין אַ רינג.

וועגן שמערקען האָט מען פיל גערעדט און געשריבן. עס גייען אַרום וועגן אים לעגענדעס. ער איז געווען אַ גלגול פון דעם לעגענדאַרן העלד הירש לעקערט. אַ פלאַנץ אַרויסגעוואַקסן פון ווילנער ברוק. זיין צויבער באַדאַרף מען נישט זוכן אין זיינע לידער נאָר אין זיינע מעשים. די וואָס האָבן אים נאָענט געקענט ווייסן ווען זיי האָבן מיט זיין טויט פאַרלוירן. אַצינד, ווען מיר זענען געפּרוווט געוואָרן מיט אויסגעוואָרצלטקייט און פרעמדקייט און יעדער איינער טראָכט בלויז וועגן זיך, פעלט ער אונדז שמערקע און מיר נויטיקן זיך אין זיין פריינד־שאַפט, ווי אין לופט צו אָטעמען.

פיל פון די יונג־ווילנער שרייבער און קינסטלער זענען אומגעקומען אין די געטאָס און לאַגערן. אַנדערע פון זיי זענען פאַרפאַלן געוואָרן אויף די וועגן פון רוסלאַנד און קיינער ווייסט נישט ווו זייער געביין ליגט. סאָלאָווייטשיק און קולבאַק זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין רוסלאַנד.

די שרייבער פון יונג־ווילנע לעבן היינט אין תל־אביב, אין מאָנטרעאַל און אין ניו־יאָרק און פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אין דער יידישער פּאָעזיע. יעדער איינער פון זיי איז מתפּלל אויף זיין שטייגער צום גאָט פון שיינקייט און דער־פילט די שליחות פון די אומגעקומענע. זייערע פערזן זענען אָנגעזאַפּט מיט געוויין פון דורות און לייענען זיך ווי תפילות פון אַן אַלטן ספר מיט מאָכענע טאָוול.

וועגן הירש גליק, דעם מחבר פון „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג", קען איך לידער ווינציק דערציילן. מיר פלעגן זיך זעלטן טרעפן און האָבן געוווינט אין פאַרשידענע געגנטן פון שטאָט. אויף וויפל איך געדענק אים נאָר איז ער געווען אַ תמימותדיק פאַרחלומט יונגל פון שלאַנקן וווקס מיט אַ כשרן בליק, ריין ווי קרישטאָל. הירש גליק האָט זיך תמיד געטוליעט צו זיין עלטערן חבר דעם פּאָעט לייזער וואָלף. זיי האָבן שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ זאַמל־העפט א. נ. „יונגוואַלד" ווו לייזער־וואָלף איז געווען דער רעדאַקטאָר.

הירש גליק איז אומגעקומען אין ווילנער געטאָ, צווישן פאַלנדיקע ווענט, אָדער אין שטעטעלע קלוגע וואָס אין עסטלאַנד. דער פינקלענדיקער אש האָט אויפגעגליט ווי שטערן אין דער פינצטערער נאַכט אויף די גרויע חורבות פון

אונדזער יידיש לעבן. ער האָט זיינע שורות „זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג" פאַרשריבן מיט בלוט אויף דעם שטיינערנעם ברוק. זיי זענען געוואָרן דער הימן פון פאָלק, דער סימבאָל פון אונדזער אייביקן דויער. אגב איז איצט געוואָרן צוואַנציק יאָר נאָך זיין טראַגישן טויט. איך וואָלט געבעטן דעם עולם באַערן זיין אָנדענק מיטן אויפשטיין (מען שטעלט זיך אויף).

הירש גליק איז געווען פון פאַך אַ פּריקאַזטשיק. ער האָט שווער געהאָ־רעוועט אויפן ביסן ברויט און אין די פרייע שעהן געשריבן אייגנאַרטיקע לידער. ער האָט געטרוימט אַמאָל צו ווערן אַ מילנער אין אַ מיל, הינטער אַ ווייסן באַרג, הינטער אַ גרינעם טאָל, הינטער זיבן טייכעלעך, שעפּטשענדיקע שטיל, האָט ווינט זיין טרוים פאַרטראָגן. ער האָט אַמאָל געטרוימט צו זיין אַ העלד פון אַ לעגענדע, צו ווינען אויף אַ הויכן בוים און קוקן אויפן ים פאַרבענקט, האָט דער ים דעם בוים פאַרשווענקט אין האַרבסטיקע פאַרטאָגן. ער איז פאַרבליבן נאַקעט אויף די קרעמערדיקע ראָגן.

נאָך דער מלחמה האָט דער גרויסער דיכטער אברהם רייזען אָנגעשריבן וועגן דער גרופּע יונג־ווילנע אַ ליד און אָט וואָס ער זאָגט:

וװי אַמאָל דער פרומער ייד
דאַוונען פלעגט ביים אַלטן סידור
אַזוי דאַוון איך ביים ליד
פון די וויטע דיכטער־ברידער,
פון די לאַגערן אין אַ לאַנד,
נאָך באַפרייאונג שוין אפילו.
יעדנס ליד, נאָך קוים באַקאַנט,
איז מיר שוין אַ נאָענטע תפילה.
כ׳דאַוון, כ׳לייען אין דער נאַכט,
טיף אין נאַכט אַ ביכל אָפן.
לייזער־וואָלפס אַ ליד דערוואַכט,
חיים גראַדע אַנגסט און האָפן.
סוצקעווער, געווען אין יאָך
זינגט מיט קעניגלעכן כבוד
אַלץ וואָגלער גליק און נאָך
ווי דאָס תהילימל פון דוד.

פּאַריז, 1965.

# אַרײַנפיר צום רעפעראַט פון ד״ר יעקב מײטלים

פון ד״ר יעקב ראָטה (פּאַריז)

דער פּאָרזיצער, ד״ר קיװעלאָװיטש, האָט געזאָגט, אַז יידיש לשון איז נישט בלויז אַ לינגװיסטישער ענין, אַז דאָס איז אַ װעלט־באַנעם, אַ יידישע פילאָזאָפיע, װעלכע האָט אונדז באַגלייט העכער טויזנט יאָר. מיר, יידן, האָבן באַנוצט זייער אַ סך שפּראַכן. אָבער קיין איין שפּראַך האָט נישט געהאַט דעם זכות, אפילו נישט העברעאיש, צו לעבן ביי אונדז אַלס גערעדטע שפּראַך במשך טויזנט יאָר. דעם דאָזיקן פאַרדינסט האָט אונדזער יידיש. יידיש איז געשאַפן געװאָרן אין 12־טן יאָרהונדערט ביי די ברעגעס פון רהיין. פון דאָרט האָט די שפּראַך געװאַנדערט צו דער װייסל, צום דניעפּר און ביז דער װאָלגאַ. אין 19־טן יאָרהונדערט קומט פאָר אַ צוריקמאַרש פון יידיש פון מזרח צום מערב, צו מערב־אייראָפּע, צו ביידע אַמעריקעס, דרום־אַפריקע, אויסטראַליע און ניי־זיילאַנד. אין די אַלע לענדער װערט די שפּראַך גערעדט. אין די לעצטע פופציק יאָר האָט זיך שטאַרק אַנטװיקלט די יידישע שפּראַך־װיסנשאַפט. עס זענען דערשינען אַ שלל ביכער, אַ שלל אַרטיקלען און אַ שלל עסייען װעגן יידישן לשון. מיט איין װאָרט יידיש איז אַ לעבעדיקע שפּראַך.

װעגן יידישן לשון האָבן מיר געזאָלט האָבן צװיי רעפעראַטן. איין רעפעראַט פון ד״ר פוקס פון אַמסטערדאַם און דער צװייטער רעפעראַט פון ד״ר מייטליס פון לאָנדאָן. ד״ר פוקס האָט געזאָלט רעדן װעגן דער „עװאָלוציע פון דער יידישער שפּראַך אין די לעצטע פופציק יאָר". ד״ר פוקס האָט ליידער נישט געקענט קומען צום סימפּאָזיום און דעריבער װעלן מיר הערן נאָר דעם רעפעראַט פון ד״ר מייטליס.

איך גלויב, אַז עס איז נישט נויטיק פאָרצושטעלן דעם ד״ר מייטליס. אַלע יידישע לייענער קענען די פערזענלעכקייט פון ד״ר מייטליס און קענען זיין לי־טעראַרישע אַקטיװיטעט אַלס היסטאָריקער, שריפטשטעלער און זשורנאַליסט און בכלל זיין טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון יידישן קולטור־לעבן.

פּאַריז, 1965.

# די וויסנשאַפט אין יידיש
# פאַר די לעצטע פופציק יאָר

פון ד״ר יעקב מייטלים (לאָנדאָן)

צום פּראָבלעם פון יידישער וויסנשאַפט פאַר די לעצטע פופציק יאָר מוז איך מאַכן עטלעכע באַוואָרעניש. איר ווייסט, אַז יעדער יידישער שרייבער האָט אַמאָל געשריבן אַזאַ מין התנצלות און האָט אַזוי אַרום זיך באַוואָרנט פאַר דעם, וואָס ער האָט נישט דערזאָגט אָדער נישט געקענט דערזאָגן.

מען דאַרף קודם כל פאַרשטיין, אַז עס איז זייער אַ ברייטע טעמע און פאַר־טראַכט האָב איך גאָר עפּעס אַנדערש. נאָר צוליב דעם, וואָס אומגעפער די זעלבע טעמע האָט אויך געזאָלט באַרירן דער פריינט פוקס, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין מיין רעפעראַט וועגן דער יידישער וויסנשאַפט פאַר די לעצטע 50 יאָר, וועלכן איר וועט פון מיר איצט הערן. איך וויל מען זאָל דאָס האָבן אין זינען.

מיר וועלן זיך היינט אַ ביסל דורכשמועסן וועגן ענינים, וואָס זענען בנוגע דער יידישער וויסנשאַפט און עס וועט טאַקע זיין אַ מין אַריינפיר צו דער יידישער וויסנשאַפט, ווי — איך וויל עס אונטערשטרייכן — אַ כלל־דערשיינונג, אויפן פאָן פון יידיש־געזעלשאַפטלעכע, אידעאישע באַוועגונגען פון די לעצטע פופציק יאָר. דאָס דערקלערטע איז אַ באַוואָרעניש צו די ווערטער פון חשובן פאָרזיצער, אַז איך וועל נישט אַריינגיין אין דער געשיכטע פון יידיש, ווייל דאָס געהערט נישט צום היינטיקן שמועס און איז אויך נישט אינטערעסאַנט פאַר דעם ציל, וואָס מיר האָבן היינט פאַר זיך, בנוגע די לעצטע פופציק שעפערישע יאָרן פון פערזענלעכער תקופה. דאַקעגן וועל איך אָנוואָרפן עטלעכע כאַראַק־טעריסטישע שטריכן, וואָס וועלן בולט אויפטויכן דעם מהות און דעם אינהאַלט פון דער דאָזיקער תקופה.

קודם כל דאַרף איך מיך און אייך פרעגן, וואָס איז יידישע וויסנשאַפט יאָ, און וואָס איז זי נישט? איך האַלט, אַז מען מוז דאָס לכל הפחות אין עטלעכע שטריכן קלאָר מאַכן.

פאַרגלייכט מען, למשל, דאָס וואָס מיר רופן אָן יידישע וויסנשאַפט אָדער וויסנשאַפט אין יידיש מיט דער אַזוי גערופענער חכמת־ישראל, די „וויסנשאַפט דעס יודענטומס״, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דייטשלאַנד אין 1904, אַזוי קענען

מיר בפירוש, וואָלט איך געזאָגט, דערפון דרינגען און אָפּלערנען, אַז זי איז נישט דאָס, וואָס חכמת־ישראל איז אַמאָל געווען. אויך חכמת־ישראל איז געבוירן געוואָרן אין אַ צייט פון איבערברוך אין יידישן לעבן, אין אַ צייט פון אַ גע־וואַלטיקן שינוי־ערכין. אָבער חכמת־ישראל איז געווען אַ היסטאָרישע פּערס־פּעקטיוו. זי איז געשטאַנען מיטן פּנים צום עבר, אמת טאַקע אַ גרויסער עבר, אַ רייכער עבר, אָבער פאָרט אַן עבר. מען איז אייגנטלעך געקומען צום סוף פון אַ יידישן וועג, וואָלט איך געזאָגט, פון אַ געשיכטלעכן וועג, און דאָס יידישע לעבן איז אין אַ געוויסן זין געוואָרן אַן אָביעקט פון אַ געשיכטלעכער באַטראַכטונג. דעם סימן מובהק פון דער זעלביקער חכמת־ישראל קענט איר זען אַמבעסטן טאַקע אין דער געשיכטלעכער אויפאַסונג פון דעם דור פון יידישע חכמים אין דייטש־לאַנד בנוגע דער יידישער געשיכטע. דאָס איז נישט געווען קיין לעבעדיקע פאָלקס־געשיכטע. עס איז געווען, ווי מיר ווייסן, ביים גרויסן יידישן היסטאָריקער גרעץ אַ יידישע ליידנס־געשיכטע. ס'איז געווען אַ געשיכטע פון קינות, אַ געשיכטע פון פאַרפאָלגונגען און אויך אַ געשיכטע פון אַרום דעם יידישן גייסט. עס איז געווען, וואָלט איך געזאָגט, אַ גלגול פון סודות, פון זעלבסטקריטיק און ווילדקייט ביי די אַלע גדולי־ישראל און אין דער חכמת־ישראל פון דעמאָלדיקן דור.

דובנאָוו האָט וועגן דעם געגעבן אַ פיינע דעפיניציע. ער האָט געזאָגט: דאָס איז געווען אַ געשיכטע פון יודאַאיזם, אַ געשיכטע פון רוח־היהדות, אָבער דאָרט זענען נישטאָ קיין לעבעדיקע מענטשן. עס איז דאָרט נישטאָ קיין לעבעדיק פאָלק. אַלץ איז אַ שטיק עבר, אַ שטיק מוזיי, אַ שטיק אַרכעאָלאָגיע.

אין קעגנזאַץ צו דעם איז די מאָדערנע יידישע וויסנשאַפט אַרויסגעוואַקסן פון דער לעבעדיקער ברויזנדיקער איצטיקייט, פון די רעאַלע באַדערפענישן און פון די נויטן פון דעם היינט, פון דעם לעבעדיקן כלל־באַוווסטזיין. מיר האָבן פאַר זיך אַ לעבעדיק און דינאַמיש פאָלק מיט אינטערעסן און הצטרכותן, קולטור און געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן, און וואָס איז נישט קיין מוזעאַלע יידישקייט, וואָס שטייט מיטן פּנים צום היינט.

דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשיד צווישן דער חכמת־ישראל און דער גאַנצער געשיכטלעכער קאָנצעפּציע, דער יידישער וויסנשאַפט אָדער וויסנשאַפט אין יידיש פון אונדזער דור, פון אונדזער צייט און פון אונדזער תקופה. זי באַזירט זיך קודם כל אויפן גייסטיקן אויפשטייג פון דעם פאָלק און זיין קולטור־שעפערישקייט, אויף די רעאַלע הצטרכותן פון די יידישע מאַסן און אויף אַן אידעאיש־געזעלשאַפטלעכער דינאַמיק און די צייט־באַוועגונגען פון דער תקופה.

ווייטער מוז מען האָבן אין זינען, אַז די יידיש־וויסנשאַפט פון אונדזער תקופה איז אייגנטלעך אַרויסגעגאַנגען פון הוילער אַבסטראַקציע, פון אידעאַלי־זאַציע און פון חלומות־ראָמאַנטיק און איז געוואָרן, האָלט איך פאַר וויכטיק צוצוגעבן, פונקציאָנעל. זי האָט אַ פונקציע, אַ ריי וויכטיקע, נאַציאָנאַל־קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן. מען פאָרשט נישט מער דעם עבר לשם עבר. מען פאָרשט דעם עבר לשם הווה. עס איז נישט מער קיין יחידים־פאָרשונג, ווי אַמאָל, ווען יעדער פאָרשער האָט געאַרבעט פאַר זיך, אָפּגעריסן איינער פון אַנדערן, אין זיינע דלת אמות, נאָר זי ווערט אַן אָרגאַניזירטע וויסנשאַפט. עס איז

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער היינטיקער תקופה. די וויסנשאַפט ווערט געטראָגן פון אַ כּלל־באַוווסטזיין און מיט אחריות פאַרן כּלל.

איך דאַרף אייך נישט דערמאָנען, אַז אונדזער ראשון אויף דעם געביט — איך באַטאָן דאָס וואָרט ראשון, ווייל ער איז געווען אַ ראשון, איז בער באָראָכאָוו, דער ערשטער יידיש־טעאָרעטיקער און פילאָלאָג מיט ממש אַ וווּנדערלעכן ענציקלאָפּעדישן וויסן. און ער איז, ווידעראַמאָל, געשטאַנען מיטן פּנים צום כּלל. ער האָט דער ערשטער פאָרמולירט די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויפגאַבן פון דער יידישער שפּראַך־פאָרשונג, פון דער יידישער פילאָלאָגיע און זי ברייט, מיט אַ פאַרנעם אָנגעוויזן, פאַר דער יידישער וועלט. אָט דאָס האַלט איך פאַר דעם עיקר פון אונדזער דיסקוסיע.

לאָמיר איצט מאַכן אַ באמת קורצן בליק אויף צוריק. פופציק יאָר יידיש־פאָרשונג הייסט, אייגנטלעך, אַז מיר שטעלן דעם צייטלעכן סלופּ, דעם גרענעץ־סלופּ טאַקע ביים יאָר 1914. און וואָס עס איז פאָרגעקומען אין 1914, וועגן יענעם גרויסן איבערברוך, דאַרפן מיר דאָ נישט רעדן. איך דערמאָן עס, כּדי צו קענען איבערגיין צו דער אייגנטלעכער טעמע.

אַרום 1914 הויבט זיך אָן, ווי עס האָבן שוין דאָ באַרירט דער פריינט שערמאַן און אַנדערע, די גרויסע צעטרייסלונג פון מזרח־אייראָפּעאישן יידישן קיבוץ. און לאָמיר נישט פאַרגעסן, וואָרעם מען פאַרגעסט, אַז ביז 1914 איז געווען די גרעסטע אין דער געשיכטע יידישע קאָנצענטראַציע, די קאָנצענטראַציע פון רוסלענדישן יידנטום מיט דער גאַנצער גייסטיקער שעפערישקייט. און דער זעלביקער קיבוץ אין רוסלאַנד שטייט טאַקע, ווי אַ סימן פון געוואַלטיקן גייסטיקן אויפשטייג פון די יידישע מאַסן אין דער דאָזיקער תקופה און פון דער צווייטער זייט פון אויפשפּראָץ און אויפבלי פון יידיש, וואָס איז געוואָרן דער טרעגער פון קולטור־רענעסאַנס, פון ליטעראַטור און שפּראַך און פון די אַלע זאַכן, וואָס מיר וויסן. מוז מען דאָס אודאי דערמאָנען.

מיטן אויפבלי פון יידיש אַלס ליטעראַטור־שפּראַך וואַקסט נאַטירלעך דער אינטערעס צו יידיש. מען זעט זיך אַרום, אַז יידיש איז נישט עפּעס הפקר, אָן אַ טאַטע־מאַמע. איר ווייסט, אַז נאָך אין די אַכציקער יאָרן האָט שלום־עליכם אַרויסגעגעבן אַ בראָשור וועגן „זשאַרגאָן אַלס יידישע שפּראַך" — אַזוי האָט די בראָשור אומגעפער געהייסן. דער נאָמען זשאַרגאָן איז נאָך געווען דעמאָלט זייער און זייער פּאָפּולער. אפילו שלום־עליכם, וואָס האָט געקעמפט פאַר דער יידישער שפּראַך, האָט זי נאָך אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט גערופן „זשאַרגאָן". מען האָט זיך אָבער אַרומגעזען, אַז עס איז נישט אַזוי, אַז עס איז אַ לשון מיט אַלע כּללים פון אַ מאָדערנער שפּראַך. מען האָט אַמאָל געלאַכט פון יידיש — „ווי קען מען לייענען יידיש, אַז עס איז נישטאָ קיין גראַמאַטיק". אָט איז דאָ אַ גראַמאַטיק, אָט איז דאָ אַן אָרטאָגראַפיע, אָט איז דאָ אַ מאָרפאָלאָגיע פון אַ שפּראַך, אָט זענען פאַראַן שפּראַך־געזעצן, עס איז דאָ אַ שפּראַך־אוצר א. אַ. וו. נאָר וואָס דען?

— מען דאַרף זיך נעמען פאָרשן, אַריינקוקן אין די דראָבנע אותיותלעך און טאַקע דערגיין וואָס דאָרטן טוט זיך. און מען האָט פאַרשטאַנען, אַז מען מוז אָנהייבן אַ ביסל אַכטונג געבן אויף דעם לשון, עס אָפּהיטן. אַז מען היט נישט

אָפּ אַ קינד, וואָס וואַקסט אונטער, גייט עס אויס לתרבות־רעה, על אחת כמה וכמה קולטור־ווערטן. מען מוז זיי אַרומצוימען, פלעגן און באַשיצן. דאָס איז דאָך אייגנט־לעך געווען דער פּראָגראַם פון דער גרויסער, זייער אינטערעסאַנטער טשערני־גאָווער קאָנפערענץ פון יאָר 1908, וואָס איז געווען אגב־אורחא די ערשטע אָרגאַ־ניזירטע מאַניפעסטאַציע פאַר יידיש־לשון.

וואָס האָט מען דעמאָלט געוואָלט? — מען האָט דאָ דערמאָנט דעם נאָמען פון נתן בירנבוים. מען האָט געוואָלט שאַפן אַן אויטאָריטעט אַ מין העכסטע אינסטאַנץ, אַ מין פּוסק־אחרון אין הלכות שפּראַך, אויסלייג, גראַמאַטיק, אוצר א. אַ. וו. און אָט דאָ, אויף דער צוגרייטונג פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ, ווערט טאַקע געבוירן דער געדאַנק, דאָ שאַפט זיך די שולע, וואָלט איך געזאָגט, פון אַן ערנסטן און מאָדערן־וויסנשאַפטלעכן כלל־צוגאַנג צו יידיש אַלס שפּראַך און אַלס פאָרש־אָביעקט. און דאָס באַדייט נישט נאָר פאָרשן יידיש, נאָר זיך באַקענען מיט יידיש, מיט די אוצרות פון דער שפּראַך און מיט די שאַפונגען פון עבר, אַרויסהייבן די יחוסדיקייט פון דער דאָזיקער שפּראַך און נישט נאָר, זייט מיר מוחל, די שפּראַכלעכע צוטשעפּעניש, וואָרעם מען האָט גערעדט וועגן יידיש אַלץ יידיש־דייטש. דער צוגאַנג פון דער חכמת־ישראל צו דער שפּראַך איז געווען ווי צו אַ יידיש־דייטש. איינער פון די גדולים אונדזערע, פון די שיינע יידישע וויסנשאַפטלער, וואָס האָט געעפנט די טיר פאַר דער מאָדערנער יידיש־וויסנשאַפט, לפּחות פאַר דער מאָדערנער ליטעראַרישער יידיש־וויסנשאַפט, איז געווען אַ דייטשער ייד, וואָס האָט געהייסן מאַקס גרינבוים. איך ווייס נישט, צי עמיצער פון אייך האָט געהערט וועגן דעם מענטש. ער האָט עס אַרויסגעגעבן די ערשטע „יידיש־דויטשע כרעסטאָמאַטיע", וואָס האָט באַקענט יידן און נישט־יידן מיט די אוצרות פון דער אַלטער יידישער שפּראַך. אָבער מען האָט נאָך אַלץ גערעדט וועגן יידיש־דייטש. אָבער דאָ איז אויסגעוואַקסן אַ באַוועגונג, וואָס האָט געוואָלט נישט נאָר אַרומנעמען די שפּראַכלעכע און ליטעראַרישע מאַטעריאַלן אין אַלע זייערע פאָרמען און גלגולים, נאָר בכלל די גאַנצע פאָלקס־שאַפונג. און עס קומט צו אַ נייע צוטשע־פּעניש — דאָס סאַמע עכטע, לעבעדיקע און מעטאָדישע פון יידישן פאָלק: מען נעמט זאַמלען מיט אמתער התלהבות דאָס פאָלקס־ליד, די פאָלקס־ווערטער, מעשיות, אַנעקדאָטן — לאָמיר דערמאָנען איגנאַץ בערנשטיינס „שפּריכווערטער". אָט איז י. ל. קאַהאַן, איינער פון אונדזערע שענסטע פאָלקלאָר־מענטשן, וואָס האָט געשאַפן און אפילו דערוועקט ביי י. ל. פּרצן דעם אינטערעס צו דער פאָלקס־מעשה. אגב וואָלט געווען אַ זייער אינטערעסאַנטע אַרבעט נאָכצושפּירן ווי אַזוי איז י. ל. פּרץ געוואָרן באַאיינפלוסט פון די מעשהלעך, וואָס י. ל. קאַהאַן האָט פאַר אים געזאַמלט. אָדער צום ביישפּיל מאַרעק און גינזבערגס יידישע פאָלקס־לידער, ש. אַנסקי א. אַ. וו. — כ'קען דאָס אַלץ דאָ נישט אויסרעכענען, ווייל עס וואָלט אונדז צו ווייט פאַרפירט.

איז אָט מיט דעם רצון זענען אַנטשטאַנען אין דעם גרויסן רחבותדיקן רוסיש־יידישן לעבן אַ ריי היסטאָרישע און עטנאָגראַפישע געזעלשאַפטן; מען זאַמלט מיט אימפּעט און מיט פיבער אַלץ, וואָס נאָר עס לאָזט זיך. אויב איך האָב נישט קיין טעות האָט אַנסקי געהאַט אַ שטיק רוח־הקודש בעת ער איז אַרומגעפאָרן

אין די יאָרן 1910 — 1914 איבער אַזױפֿיל יידישע ישובים, געזאַמלט און אויפֿגעשריבן. בכלל זענען עס אַלץ געװען זאַכן, װאָס מען האָט ממש אין דער לעצטער מינוט נאָך באַװיזן אויפֿצוכאַפּן. מען האָט געזאַמלט מעשיות, מסורות, דאָקומענטן, װוּנדערבאַרע דיבוק־װערסיעס, װאָס האָבן טאַקע דערפֿירט צו אַנסקיס דיבוק־לעגענדע. מען האָט געזאַמלט פּרוכתן, אַנדערע תשמישי־קדושה און עס איז געװען אַ שפֿע מאַטעריאַלן, אָט אַזוי שאַפֿט זיך אַ יסוד פֿון אַן אָרגאַניזירטער יידיש־געזעלשאַפֿטלעכער פֿאָרש־ און זאַמל־אַרבעט.

אָבער ביז איצט, מײַנע פֿרײַנט, װאָלט איך געזאָגט, אַז עס ליגט נאָך אַלץ אויף דער דאָזיקער פֿאָרש־אַרבעט דער חותם פֿון נישט־יידישקייט, דער ביי־טעם פֿון נישט־יידישן פֿאָלקלאָר־און־שפּראַך־פֿאָרשער, קולטור־היסטאָריקער און סתּם ליבהאָבער.

דערלויבט מיר אײַך צו דערמאָנען אַזאַ גדול, װי אַלפֿרעד לאַנדוי, דער גרויסער דיאַלעקטאָלאָג און שפּראַך־היסטאָריקער, װאָס האָט געלעבט אין לאָנדאָן און װאָס האָט אָנגעשריבן אַ קלאַסיש װערק איבער מאַקס גרונוואַלד. מען האָט אים כמעט אינגאַנצן פֿאַרגעסן. ער איז געװען איינער פֿון די פֿאָרגייער אויפֿן געביט פֿון יידישן פֿאָלקלאָר, אַ ייד, װאָס איז געזעסן אין לאָנדאָן און װאָס איז געװען דער רבֿ פֿון דער ספֿרדישער קהילה, אַליין אַ רומענישער ייד, װאָס האָט אַרײַנגעלייגט אַזױפֿיל כּחות אין דער פֿאָרשונג. פֿון אַזאַ מין רשות־היחיד איז געװאָרן אַ רשות־הרבים, די פֿאָרש־אַרבעט װערט ערנסט און די װיסנשאַפֿט הייבט זיך אָן צו אָרגאַניזירן.

בער באָראָכאָװ, װי איך האָב עס שוין דערמאָנט, איז צוגעקומען צו דער יידישער פֿאָרשונג פֿון אַ כּלל־באַװוּסטזיין. יידיש איז פֿאַר אים געװען דער אויסדרוק פֿון שעפֿערישן יידישן קיבוץ־לעבן. די פֿאָרשונג פֿון יידיש און אירע קולטור־אוצרות — האָט ער אָנגעװיזן — זענען אַ פֿונקציע פֿון געזעלשאַפֿטלעכן אויפֿשטייג פֿון יידיש, װי אַ דערהייבונג פֿון יידישן לעבן. נאַציאָנאַלע קולטור — פֿאַרשטייט באָראָכאָװ — הייסט קודם כּל ריכטיק רעדן און ריכטיק שרײַבן. אָבער כּדי עס צו קענען טאָן, מוז מען אויספֿאָרשן די שפּראַך, אַרויסגעבן די אָנגעזאַמלטע אוצרות. און דעריבער האָט ער עס אויפֿגעשטעלט די ערשטע הילפֿס־מיטלען פֿאַר דעם מאָדערנעם יידישן שפּראַך־ און ליטעראַטור־פֿאָרשער. אַ װענדע־פּונקט איז געװען דער באַרימטער פּנקס, װעלכן ניגער האָט אַרויסגעגעבן אין 1913 און אין װעלכן עס זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געװאָרן די ערשטע צװיי גרונט־אַרבעטן אויף דעם געביט פֿון בער באָראָכאָװן: „די אויפֿגאַבן פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע" און „די ביבליאָטעק פֿון דעם יידישן פֿילאָלאָג (פֿיר הונדערט יאָר יידישע שפּראַך־פֿאָרשונג)".

לאָמיר איצט אָניאָגן מיט אַ קפֿיצת־הדרך די װײַטערדיקע אַנטװיקלונג. נאָך דער גרויסער װעלט־מלחמה מיט אירע מוראדיקע ליידן פֿאַר דעם מזרח־יידישן קיבוץ, װען דאָס שאַפֿנדיקע און ברױזנדיקע לעבן הייבט אָן צו גיין באַרג אַראָפּ, אַנטשטייען צװיי װיכטיקע צענטרען: אויף איין זייט דער סאָװיעטיש־רוסישער צענטער, איזאָלירט, אײַנגעצױמט, סאָװיעטיזירט; אויף דער צװייטער זייט דער פּויליש־יידישער צענטער, װאָס איז אויסגעבויט געװאָרן אויף דורות פֿון טראַדיציע.

דאָס יידישע לעבן נוסח סאָוויעטיש־רוסלאַנד אָרגאַניזירט זיך צו ביסלעך. שוין לכתחילה ווערט דאָרט געמאַכט אַ באַמיאונג צו אויסוואָרצלען אַלץ, וואָס שמעקט מיט יידישער קולטור־טראַדיציע. עס איז די באַמיאונג צו איזאָלירן די יידן, אָפּרייסן זיי פון וועלט־פאָלק, אויסמעקן, וואָס מען האָט דאַמאָלסט גערופן אויפן פּראָלעטאַרישן לשון, די בורזשואַזע עלעמענטן פון יידיש און פון דורות יידיש לעבן, און שאַפן אַ „נייעם נוסח", אַ פּראָלעטאַרישע קולטור. פונדעסטוועגן האָט דאָרט פולסירט אַ שטיק ייד׳יש קולטור־לעבן. עס איז געווען אַ נעץ פון יידיש־וועלטלעכע שולעס, מיטל־שולעס, טעכנישע שולעס, פּראָפּעסיאָנעלע שולעס, פּעדאַ־גאָגישע אינסטיטוטן. עס זענען אַנטשטאַנען קורסן, און יידיש איז געוואָרן דער טרעגער פון דעם אויפגעוואַכטן קולטור־שאַפן. עס זענען אַנטשטאַנען קאַטעדרעס פון יידיש, פון ליטעראַטור אין יידיש און יידיש־פאָרשונג, אַלץ פאַרשטייט זיך לויטן מאַרקסיסטישן שולחן־ערוך. עס זענען דאָרט אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ סך ביכער, צייטשריפטן און איך וואָלט צוגעגעבן, אַז גערעכט איז געווען מן הסתם ניגער, וואָס באַטראַכט די יאָרן 1923 — 1933 אין סאָוויעט־רוסלאַנד אַלס די גאָלדענע תקופה פון יידיש־קולטורעלן אויפשטייג אין רוסלאַנד.

לאָמיר דערמאָנען, כדי נישט צו רעדן סתם הוילע פּראַזעס, צוויי, דריי נעמען פון די מענטשן, וואָס זענען דאַמאָלסט געשטאַנען בראש פון דער דאָזיקער אַרבעט, ווי אַזאַ וואַרעמען ייד מיט אַזויפיל ליבשאַפט פאַר יידיש לשון און יידישער קולטור, נחום שטיף, און דערנאָך מ. ווינער, אויסלענדער, נוסינאָוו, בורשטין און אַנדערע. שפּעטער, ווייסן מיר, איז געקומען די מוראדיקע קאַטאַסטראָפע. די שעפערישע עלעמענטן, שרייבער, טוער, פאָרשער פון יידיש זענען געוואָרן גרויזאַם ליקווידירט.

איצט לאָמיר ווידמען אַ פּאָר ווערטער דעם צווייטן צענטער פון דער נאָכ־מלחמהדיקער תקופה, דעם צענטער פון פּוילן, וואָס איז דער צווייט־וויכטיקסטער יידישער קולטור־צענטער. איך באַהאַנדל היינט בכיוון נישט דעם מעבר־לים, ד. ה. אַמעריקע. כ׳האָב גערעכנט, אַז אונדזערע אַמעריקאַנישע געסט וועלן וועגן דעם רעדן.

אין פּוילן בויט זיך אַ נייע קולטור, אַ פּרעכטיקע און פול מיט אימפּעט, מיט אַ סך מסירות־נפש, אויף די יסודות פון די גרויסע און רייכע טראַדיציעס פון עבר. דערין טאַקע שטעקט דער אונטערשיד צווישן דעם פּויליש־ליטווישן נוסח און דעם סאָוויעטיש־רוס־שן. דאָ האָבן מיר די גרויסע טראַדיציע פון נעכטן, פון דעם גרויסן יידישן עבר, וואָס מיינט חסידות, השכלה, נאַציאָנאַלער רענעסאַנס, וואָס מיינט אויך ציוניזם און סאָציאַליזם. אויך דאָ איז פאַראַן, ווי איר ווייסט, אַ גרויסע נעץ פון יידישע שולעס, פון אָוונט־קורסן; עס איז פאַראַן אַ דראַנג צו בילדונג ביי די יידישע מאַסן און עס שאַפן זיך דאָ וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. איר ווייסט זיכער אַלע, אַז עס איז דאָרטן אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר אָנערקענען יידיש סיי אין אונדזערע אייגענע היימען, סיי ביי דער מאַכט. עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַן אָנערקענונג פון יידיש אַלס נאַציאָנאַלן ווערט און אין פאַר־שטאַרקן די יידישע פּאָזיציע אַלס דעם טרעגער פון געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן שוין באַראָכאָוו, דערלויבט מיר אייך נאָכאַמאָל צו דערמאָנען, האָט אין די

מלחמה־יאָרן, בעת ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַמעריקע, געשאַפן צוזאַמען מיט א. הרכבי און אים צו לאַנגע יאָרן נאָך, מיט י. א. יאָפע, אַ וויסנשאַפטלעכע קאָמיסיע פאַר יידישער גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפיע. איז פאַרשטייט זיך שוין געווען עפּעס אַ יש, אַ לאַנגזאַם קריסטאַליזירטער געדאַנק פאַר אַ צענטער פון וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין יידיש און אויך דער געדאַנק צו שאַפן אַ צענטראַלע אינסטאַנץ פאַר דער פאָרשונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. דאָס אַלץ איז נישט געמיינט געוואָרן לשם דעמאָנסטראַציע, נאָר פאַר אַ סיסטעמאַטישער, וויסנשאַפטלעכער אַרבעט מיט מאָדערנע אייראָפּעאישע מעטאָדעס, דאָס הייסט, נעמען דאָס גוטע און דאָס שיינע פון יפתן און אַריינטראָגן עס אין דעם וואַרעמען אוהל פון שם, אין אייגענעם הויז. דאָ דאַרף מען דערמאָנען, הגם ווידעראַמאָל זייער קורץ, דעם באַרימטן פּראָגראַם, וואָס עס האָט איבער־געלאָזט נחום שטיף, און אויך אַן אויפרוף, וואָס איז דאַמאָלסט געמאַכט געוואָרן, נאָך אין בערלין אין 1925. איך ציטיר בלויז צוויי שורות: „אָרגאַניזירן די יידישע וויסנשאַפט, זי זאָל דינען די יידישע פאָלקס־מאַסן צו שאַפן אַ היים פאַר יידיש־וויסן. עס איז אַ געזעלשאַפטלעכע נויטווענדיקייט. דער אינסטיטוט שטיצט זיך אויף רעאַלע קולטור־פאַקטאָרן, בעיקר טאַקע אויפן יידישן שול־וועזן". און דאָס יידישע שול־וועזן איז שוין דאַמאָלסט געווען אַ יש אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער.

צוויי יאָר שפּעטער, אין 1927, האָבן מיר שוין אַ מער קאָנקרעטן פּלאַן פון דאָזיקן יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס האָט זיך דאַמאָלסט געשאַפן מיטן נאָמען „ייוו"א", וועלכער שאַפט אַ צענטראַלע אינסטאַנץ פאַר דער פאָרשונג און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור און צוגלייך איז עס אַ צענטער פאַר אויסבילדן נייע אַרבעטער און פאָרשער אויפן געביט פון יידישער וויסנשאַפט און קולטור, אַז עס זאָלן זיך מיט דער אַרבעט פאַרנעמען נישט נאָר די, וואָס שטייען בראש, נאָר טאַקע צוציען פרישע יונגע כחות, כדי זיי זאָלן קענען ממשיך זיין. און מיר רעדן דאָך כסדר וועגן המשך און אָפט וויסן מיר נישט וואָס אַזוינס מיר ווילן ממשיך זיין.

שפּעטער, ווי איר ווייסט, איז געשאַפן געוואָרן די אַספּיראַנטור אויפן נאָמען פון צמח שאַבאַד. און דערלויבט מיר אייך דערמאָנען, אַז עס זענען דאַמאָלסט אין יאָר 1927, אַנטשטאַנען (אָדער אפשר אַ יאָר פריער) די באַרימטע פיר סעקציעס — אַ שפּראַכלעכע סעקציע, אַ היסטאָרישע סעקציע, אַן עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע סעקציע און אַ פּעדאַגאָגישע סעקציע. עס איז נישט נויטיק צו דערמאָנען, אַז עס איז דאַמאָלסט געווען אַ שפע פון אַרבעט, פילאָלאָגישע שריפטן, ייוו"אָ־בלעטער, ביכער־אויסגאַבעס, „יידיש פאַר אַלע", ביולעטינען א. א. וו. ס'איז געווען אַ דערשטוינענדיקער אויסברוך פון ענערגיע און פון אָנגעזאַמלטע פּאָטענצן, וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פון יידישן לעבן אין פּוילן.

אויסערדעם האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז עס איז וויכטיק צו זאַמלען די פאָלקס־אוצרות, דעם פאָלקלאָר. עס האָבן זיך געשאַפן זאַמלער־קרייזן, זאַמל־אַנקעטעס און ביים ייוו"אָ איז ווילנע זענען אַנטשטאַנען אָפּטיילונגען, וואָס האָבן

זיך פאַרשפּרייט אין צפון־אַמעריקע און אין דרום־אַמעריקע און עס האָבן זיך אין זיי באַטייליקט אַזעלכע פאָרשער, ווי מאַקס וויינרייך און ר׳ זלמן רייזען און ר׳ זעליג קאַלמאַנאָוויטש און ד״ר יצחק שיפּער, נח פּרילוצקי, יעקב לעשטשינסקי און אַנדערע. איך דערמאָן נאָר אַ פּאָר נעמען. מען דאַרף פאַרשטייט זיך צוגעבן אליהו טשעריקאָווער. אַרום ייוו״אָ האָט זיך קאָנצענטרירט אַ פּלעיאַדע פון יידישע פאָרשער, וואָס זענען אַ כבוד און אַ זכיה פאַר יעדן פאָלק. לאָמיר נאָך דערמאָנען אַ צוויי, דריי נעמען, וועלכע איר קענט אַלע: רינגעלבלום, מאַהלער און פּנחס קאָהען.

אין אַמ.־אָפּטייל, אין אַמעריקאַנישן אָפּטייל, זענען געזעסן אַזעלכע יידן, ווי ש. ש. ניגער און לייבוש לעהרער,ליידער אַלע שוין אויפן עולם האמת. דער ווילנער אינסטיטוט האָט צוגעצויגן די בעסטע כחות פון דער יידישער און נישט־יידישער וויסנשאַפטלעכער וועלט פאַר דעם גרויסן אויפבוי, וואָס איז געקומען אין דער יידישער וויסנשאַפט. עס אַרבעטן מיט נישט נאָר יידישע געלערנטע, נאָר אויך נישט־יידישע. אין טאַרטו, אין עסטלאַנד, איז געזעסן צום ביישפּיל אַ פּראָפעסאָר אַנדערסען, איינער פון די גרויסע אינטערנאַציאָנאַל־באַרימטע פאָלק־לאָריסטן, און ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון ייוו״אָ.

און עס איז געשען אַן אומדערוואַרטער נס, וואָס פּאַסירט נאָר ביי אונדז יידן, אַז די וויסנשאַפט, צו וועלכער מען האָט נישט ביי אונדז קיין צו גרויסן צוטרוי, האָט פונדעסטוועגן באַקומען במשך וויניקע יאָרן אַ געוואַלטיק גרויסע השפּעה אויף דער טעגלעכער שפּראַך פון יידישן מענטש אין מזרח־אייראָפּע, אויף דער ליטעראַרישער שפּראַך נאַטירלעך, און זי העלפט איינפירן נייע טער־מינען, רעגולירט דעם אויסלייג און גיט בכלל אַכטונג אויף דער ריינקייט פון דער שפּראַך, ווייל פריער איז דאָך אַלץ געווען ווילד און הפקרדיק אויף דעם געביט. ייוו״אָ ווערט אַ שם־דבר, קאָאָרדינירט די אַרבעט, געווינט פּרעסטיזש און אַנערקענונג אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט.

איך דערמאָן זיך, אַז אין 1933 האָט מיך געבעטן אַ זייער וויכטיקער אינ־טערנאַציאָנאַלער זשורנאַל אין דייטשלאַנד „ליטעראַטור־צייטונג״ צו שרייבן אַ לאַנגע רעצענזיע וועגן די ביכער און אויסגאַבעס, וואָס זענען ביז דאַמאָלסט דערשינען אין ייוו״אָ. איך דערצייל עס אייך נאָר, כדי צו אילוסטרירן די חשיבות, מיט וועלכער די וויסנשאַפטלעכע וועלט האָט זיך באַצויגן צו דער אַרבעט פון ייוו״אָ.

אויף אַזאַ מין אופן שאַפט זיך דער יסוד פון אַ פּלאַנמעסיקער פאָרש־אַרבעט אויף אַלע שטחים פון יידישן לעבן. אין 1939 דערציילט אונדז „די כראָניק״, שטייט ייוו״אָ בסימן פון פופצן יאָר עקזיסטענץ און ער איז דאַמאָלסט באַוואָפנט מיט אַ היפּשער געזעלשאַפט, וואָס איז אויך אַרומגערינגלט מיט אַרבעטער און איבערגעגעבענע פריינט.

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע דערפאָלגן באַקלאָגט מען זיך אין ייוו״אָ אין 1939 — און עס איז וויכטיק, אַז מיר זאָלן עס וויסן היינט, ווען מיר רעדן מיט אַזאַ נאָסטאַלגיע, אַז די יידישע אינטעליגענץ גייט נישט מיט אונדז — אַז עס פעלט אויס דער עלעמענט, וואָס האָט אַ גוטע אייראָפּעאישע בילדונג, אַז

דער דאָזיקער עלעמענט שטייט פונדערווייטנס און פירט נישט אָן מיטן יידישן לעבן, אַזוי ווי מען האָט עס געקענט דערוואַרטן.

ליידער איז געקומען אַ צייט, אַז סיי די דאָזיקע אינטעליגענץ און סיי די יידישע פאָלקס־מאַסן, די שעפערישע באַזע פון דער יידישער קולטור, זענען אָפּגעמעקט געוואָרן און אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל דורך די נאַציס. אויף די חורבות איז דאָך אויפגעשטאַנען אַ פרישער כח — אַזוי זע איך אים — אַ נייער עקשנותדיקער רצון ממשיך צו זיין טאַקע אויפן געביט פון יידישער פאָרש־אַרבעט, אויפבויען פונדאַסניי און דערהאַלטן וואָס עס איז איבערגעבליבן. בעצם האָבן מיר היינט צו טאָג נישט קיין גרויסע אויפטוען. פונדעסטוועגן איז פאַראַן אַ מין שארית־הפליטה פון אַמאָליקן ייוואָ מיט ווילנער גרויסקייט אין ניו־יאָרק. עס איז אויך דאָ אַן אַרגענטינער אָפּטייל פון ייוואָ און לאָמיר דערמאָנען, אַז עס גייט אָן אַ זייער אינטערעסאַנטע און זייער וויכטיקע אַרבעט אויפן געביט פון יידיש־פאָרשונג אין ירושלימער העברעאישן אוניווערסיטעט, וואָס וועט באמת ווערן מיט דער צייט, לויט מיין מיינונג, אַ לייכט־טורעם פאַר דער יידישער פאָרשונג. עס איז אויך דאָ דער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע און זיי אַלע פירן אָן אַ סיסטעמאַטישע פאָרשונג אויף אַלע געביטן פון דער יידישער וויסנשאַפט.

אויב באַראַכאָוו האָט אין זיין צייט צונויפגעקליבן, פאַרעגיסטרירט, פינף הונדערט איינסן פון יידישער וויסנשאַפט ביז 1913 איז עס פאַר אונדז אַ געפיל פון סאַטיספאַקציע, וואָס ביים היינטיקן טאָג האַלטן מיר שוין ביי אַריבער פינף טויזנט אַזעלכע איינסן אויפן געביט פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור־פאָרשונג און אפשר נאָך מער. ווען אין רוסלאַנד האָבן זיך אויסגעלאָשן די לעצטע פלעמלעך פון אַן ערנסטער יידישער פאָרשונג, האָבן זיך אין די פרייע יידישע ישובים צעבליט נייע אינסטיטוציעס. עס זענען אַנטשטאַנען קאַטעדרעס, קורסן און פאָרש־סעקציעס, וואָס טראָגן מיט שטאָלץ די פאָן פון המשך פון דער יידישער פאָרשונג און פון דער יידישער וויסנשאַפט. עס באַווייזן זיך נייע יונגע פאָרשער, וואָס וואַרפן זיך אַריין אין דער אַרבעט מיט אַ סך ליבשאַפט און מיט אַ סך געניטקייט. אין מיין אייגענער דערפאַרונג שטיי איך אין פאַרבינדונג מיט געוויסע אַרבעטן פון אַ ריי יונגע, יידיש־אַמעריקאַנישע אוניווערסיטעט־מענטשן און איך וווּנדער זיך אַליין פונוואַנען זענען געקומען צום דאָזיקן דור פון גאַנץ יונגע מענטשן, די דאָזיקע ליבשאַפט, די דאָזיקע איבערגעגעבנקייט, דער אינטערעס און די געניטקייט אויפן געביט פון יידישער שפּראַך־פאָרשונג און פון יידישער וויסנשאַפט. עפּעס איז פונדעסטוועגן דאָך פאַראַן.

עס איז מיר דאָך שווער צו ענדיקן בלויז מיט שבח. איך מוז אייך זאָגן, רבותי, מיט אַ געפיל פון אומרו און זאָרג, אַז מיר זענען גאָר ווייט פון יענעם לאַנד, אין וועלכן מען האָט אַמאָל, אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, פאָרויסגעזען אַן אָרגאַניזירטע און קאָאָרדינירטע יידישע פאָרשונג. דוקא היינט פעלט צו אונדזער באַדויערן אַן אויטאָריטאַטיווע, צענטראַלע אינסטיטוציע אַלס אַ העכסטע אינסטאַנץ, וואָס זאָל אָנגיין מיט אַ בהדרגהדיקער, סיסטעמאַטישער און וויסנשאַפטלעכער פאָרש־אַרבעט, וואָס זאָל זיין דער מורה־דרך, וואָס זאָל

אַרויסוווייזן איניציאַטיוו, וואָס זאָל אָנפירן, קאָאָרדינירן, אויפמונטערן און באַראַטן, אַרויסגעבן ביכער, פּעריאָדישע פּובליקאַציעס אין יידיש און נישט אַרויסגעבן חצי שלי וחצי שלך אַ ביסעלע ענגליש און אַ ביסעלע יידיש. איך וואָלט וועלן זען אַן אינסטיטוט, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען טאַקע מיט יידישער פאָרשונג און וואָס זאָל אַרויסגעבן יידישע פאָרשונג־אַרבעט און עס זאָל טאַקע זיין אַ היים פאַר דער יידיש־שאַפונג, ווי דער ייוו״א האָט זיך עס פאָרגעשטעלט און אויך אין זיין פּראָגראַמאַטישער דערקלערונג אַוועקגעשטעלט אַלס איינע פון די באַדינגונגען אַזאַ אַרבעט, וואָס עס נויטיקט זיך, דאָס הייסט אַ גרינטלעך־וויסנשאַפטלעכע פאָרש־אַרבעט. דאָס איז נאָך היינט נישטאָ. אודאי זענען פאַראַן מניעות. דער וועג פון יידישער וויסנשאַפט איז נישט קיין לייכטער. אָבער דער וועג איז וויכטיק, ווייל המשך אַן פאָרשונג, דאָס הייסט אַן לערנען, אָן וויסן וואָס אַזוינס מען וויל ממשיך זיין, וועט בלייבן בלויז אַ הוילע פראַזע.

דערלויבט מיר פאַרענדיקן מיט אַ וואָרט פון איינעם פון אונדזערע שענסטע יידן, וועלכן ד״ר שלמה ביקל האָט דערמאָנט לשבח, און מען מוז אים דערמאָנען לשבח, דעם ד״ר נתן בירנבוים, דעם אַנטווישטן ראַדיקאַל, וועלכער האָט געזאָגט, מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז געווען אין די דרייסיקער יאָרן, ווען דער ייוו״א האָט אים איינגעלאַדן ער זאָל שרייבן זכרונות פון וואָס ער האָט זיך אייגנטלעך אָפּגעזאָגט, אַז ער איז זייער באַזאָרגט דערפון, וואָס יידיש ווערט אַ פאַרטיי־ענין, אָפּגעריסן פון דעם אַמאָליקן אמתן יידישן מקור. ער איז שוין דאַמאָלסט געווען דורך און דורך רעליגיעז יידיש.

דוקא היינט נאָכן גרויסן חורבן און אומקום ווערט יידיש אַלץ מער און מער אַזוי גוט אין אַמעריקע, ווי אין מערב־אייראָפּע און אין מדינת ישראל, ווי אַ פּרוכט פון לומדישקייט, פון חסידות און פון מקורדיקייט, באַהויכט מיט אַ שפּראַך פון זאַפטיקע און פאָלקסטימלעכע עלעמענטן און אָפט מיט יחוס־אַלטע טערמינען, וועלכע מיר פרישן אָפּ און פירן אַריין אין דער שפּראַך. דאָס אַלץ קומט אַ דאַנק דעם עקשנותדיקן ווילן, אַ דאַנק דער טיפער אמונה פון אַ ריי פאָרשער, וואָס זענען נאָך באַהויכט פון דעם רייכן עבר, וואָס זענען געשולט און באַוואָפנט מיט דעם נויטיקן וויסנשאַפטלעכן כלי־זין, וואָס האָבן זיך גענומען צו פאָרשן און זאַמלען מאַטעריאַלן און צוטראָגן אַ ציגל נאָך אַ ציגל, צו יענעם בכבודיקן בנין פון יידישער וויסנשאַפט, וואָס האַלט זיך אין בויען און וואָס — לאָמיר האָפן — וועט וואַקסן און וועט זיך שטאַרקן.

פּאַריז, 1965.

# די ווירקונג פון מזרח־אייראָפּע אויפן יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן

פון ד״ר בצלאל שערמאַן (ניו־יאָרק)

מיין טעמע פון היינטיקן אָוונט איז די ווירקונג פון מזרח־אייראָפּע אויפן יידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אייגנטלעך וואָלט מען געקענט אויס־ברייטערן אויף גאַנץ אַמעריקע, ווייל די לאַגע אין קאַנאַדע איז נישט קיין סך אַן אַנדערע, ווי די לאַגע פון די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס לעבן ווידער אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער איז אין אַ געוויסן זין און אין אַ סך פּרטים ענלעך צום לעבן פון די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אָבער דער עיקר וויל איך זיך אָפּשטעלן אויף די פאַראייניקטע שטאַטן, ווייל דאָרט האָט איר היינט צו טאָג דעם גרעסטן יידישן ישוב אין דער גאַנצער געשיכטע און אין דעם דאָזיקן ישוב האָט מזרח אייראָפּע געשפּילט און שפּילט נאָך עד היום אַן אומגעהויער גרויסע ראָלע.

עס וועט זיין וויכטיק, כדי צו האָבן פאַר זיך די ראַם אין וועלכער עס האָבן זיך אויסגעשפּילט פאַרשידענע השפעות פון די אימיגראַנטן, וואָס זענען געקומען קיין אַמעריקע פון די פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט, צו האָבן אין זינען, אַז מיר האָבן היינט אויף דער וועלט אַרום דרייצן מיליאָן יידן — לויט די בעסטע אָפּשאַצונגען. דאָס איז אומגעפער די צאָל יידן, וואָס האָט געלעבט אויף דער וועלט מיט פופציק יאָר צוריק, ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאַמאָלסט האָט מען אויך געשאַצט די יידישע באַפעלקערונג אויף דרייצן מיליאָן נפשות. און ווען איר נעמט די ענלעכקייט פון די צוויי ציפערן, וואָס זענען אָפּגעטיילט איינע פון דער אַנדערער מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָט איר פאַר זיך די גאַנצע טראַגעדיע פון יידישן לעבן אין די לעצטע פינף צענדליק יאָר און איר האָט אויך די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער יידישער געשיכטע.

פון די דרייצן מיליאָן יידן, וואָס האָבן געלעבט אין דער וועלט מיט פופציק יאָר צוריק, זענען ניין מיליאָן געווען אין אייראָפּע, בעיקר אין מזרח־אייראָפּע. בלויז אין די טעריטאָריעס, וואָס זענען דאַמאָלסט געווען באַהערשט דורכן צאַרישן רוסלאַנד, האָבן זיך געפונען כמעט דריי־פערטל פון אַלע יידן, וועלכע האָבן באַוווינט אייראָפּע. אין די פאַראייניקטע שטאַטן זענען דאַמאָלסט געווען צוויי

מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט יידן. זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַרום אַכצן פּראָצענט פון אַלע יידן אין דער וועלט.

פון די דרייצן מיליאָן יידן, וואָס מיר האָבן היינט, זענען אין אייראָפּע פאַראַן נישט מער, ווי קאַרגע פיר מיליאָן יידן, לויט די בעסטע אָפּשאַצונגען. פון זיי זענען דריי מיליאָן אַרויסגעריסן פון יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם און געפינען זיך הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, אין סאָוויעטנפאַרבאַנד, און זיי האָבן נישט די מעגלעכקייט צו לעבן, ווי יידן. מען גיט זיי אפילו נישט די מעגלעכקייט צו רעזיג־נירן פון יידישן פאָלק. פון איין זייט מוזן זיי זיך רעגיסטרירן ווי יידן אין זייערע פּאַספּאָרטן, פון דער אַנדער זייט האָט מען ביי זיי צוגענומען אַלע מעגלעכקייטן צו אויסלעבן זיך, ווי יידן.

פון די דרייצן מיליאָן יידן, וואָס זענען היינט פאַראַן, לעבן, ווי איך האָב געזאָגט, פיר מיליאָן אין אייראָפּע. פון זיי לעבט בלויז אַ קאַרגער מיליאָן אין די מער אָדער ווייניקער פרייע לענדער. אַלע אַנדערע, אַ חוץ די יידן פון מדינת ישראל, געפינען זיך איצט אין דער נייער העמיספּערע. פון זיי לעבן אין אַמעריקע אַליין פינף מיט דריי־פערטל מיליאָן. אַנשטאָט די אַכצן פּראָצענט, וואָס די אַמע־ריקאַנער האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט מיט פופציק יאָר צוריק, אין די דאַמאָלסט־דיקע דרייצן מיליאָן, בילדן היינט די יידן אין אַמעריקע פינף און פערציק פּראָצענט פון אַלע יידן אין דער וועלט.

שוין פון דעם אַליין קען מען פאַרשטיין, וואָס פאַרא געוויכט עס טראָגן מיט זיך די אַמעריקאַנער יידן אויף דער וואָגשאָל פון דער היינטיקער יידישער עקזיסטענץ.

אָבער דאָס וועט אייך נישט געבן קיין בילד פון די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אינעווייניק פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן. די אַכצן פּראָצענט אָדער די צוויי מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די פאַראייניקטע שטאַטן מיט פופציק יאָר צוריק, זענען אין צוויי דריטל באַשטאַנען אין יענער צייט פון אימיגראַנטן, וואָס זענען אָקאָרשט געהאַט געקומען פון די פאַרשידענע לענדער, בעיקר פון מזרח־אייראָפּע. אָבער פון די כמעט פינף און פערציק פּראָצענט, וואָס די יידן פון אַמעריקע שטעלן מיט זיך פאָר היינט פאַר דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג אין דער וועלט זענען אַכציק פּראָצענט אַמעריקאַנער געבוירענע.

די ענדערונגען זענען נישט נאָר דעמאָגראַפישע. די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען, זענען נוגע אַלע שטחים פון יידישן מאַטעריעלן און פון יידישן גייסטיקן לעבן. צו אָט די ענדערונגען, צו דער געשטאַלטונג פון דעם יידישן ישוב און צום כאַראַקטער, וואָס ער האָט אָנגענומען, האָבן צוגעטראָגן יידן פון דער גאַנצער וועלט. עס איז געווען אַן אינעווייניקסטער שמעלץ־טאָפּ, אין וועלכן יידן פון דער גאָרער וועלט האָבן אַריינגעטראָגן זייערע דערפאַרונגען. זיי האָבן אַהער אַריינגעטראָגן זייערע לעבנס־באַציאונגען, זייערע געוווינהייטן, זייערע מנהגים. און פון דאָזיקן אינעווייניקסטן שמעלץ־טאָפּ, וואָס האָט זיך געפונען אינעם בריי־טערן אַמעריקאַנער שמעלץ־טאָפּ, איז אַרויסגעקומען אַ יידישער ישוב, וואָס פון איין זייט טראָגט ער אין זיך די סימנים פון אָט די אַלע יידישע עדות, וועלכע

האָבן געפורעמט דעם יידישן ישוב, און פון דער אַנדערער זייט שטעלט ער מיט זיך פאָר עפּעס נייעס אין דער יידישער געשיכטע און עפּעס נייעס אין דער דער־פאַרונג פון אַמעריקע.

וואָס עס האָט כאַראַקטעריזירט די אַנטוויקלונג פון אַמעריקע איז געווען דער פאַקט, וואָס עס זענען געקומען אימיגראַנטישע כוואַליעס, וועלכע האָבן אין תוך נישט געהאַט קיין באַריר איינע מיט די אַנדערע. עס איז אין דער אימיגראַציע אין אַמעריקע נישט געווען קיין המשך. די ערשטע וואָס זענען געקומען, די ספּרדישע יידן, האָבן נישט געהאַט קיין שום באַריר־פּונקטן מיט די שפּעטער געקומענע דייטשע יידן. די דייטשע יידן ווידער האָבן נישט געהאַט קיין באַריר פּונקטן מיט די שפּעטער געקומענע מזרח־אייראָפּעאישע יידן. נישט ווי ביי אַלע אַנדערע אימיגראַנטן, וואָס זענען געקומען פון אַן איינהייטלעכן הינטערגרונט און האָבן גערעדט איין שפּראַך, זענען יידן געקומען און האָבן מיט זיך געבראַכט אַ פאַרשידנאַרטיקייט פון אַנטוויקלונג און זיי זענען אויך געקומען אין אַמעריקע אין צייטן, ווען אַמעריקע גופא האָט זיך געהאַלטן אין פורעמען און האָט זיך געהאַלטן אין בייטן.

די באַדינגונגען, צו וועלכע עס האָבן זיך געדאַרפט צופּאַסן די מזרח־אייראָ־פּעאישע יידן זענען געווען פונדאַמענטאַל אַנדערע פון די באַדינגונגען, וועלכע עס האָבן געפונען אין אַמעריקע די דייטשע יידן; און די באַדינגונגען, צו וועלכע עס האָבן זיך געדאַרפט צופּאַסן די דייטשע יידן זענען געווען פונדאַמענטאַל אַנדערע פון די באַדינגונגען, וואָס עס האָבן געפונען די ערשטע יידן, די ספרדים, וועלכע זענען געקומען נאָך אין דער צייט פון דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע אין דער אַמע־ריקאַנער געשיכטע. דעריבער האָט עס אַזוי לאַנג געדויערט ביז עס האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אַ יידישער ישוב. ביז היינט צו טאָג איז אַ ביסל שווער צו באַשטימען וואָס עס איז געווען די השפּעה פון יעדער איינער פון די גרופּי־רונגען אין דער יידישער עמיגראַציע און פון וואָס עס האָט זיך אויסגעפורעמט דער היינטיקער יידישער ישוב.

דאָך, ווען איר וועט נעמען אין אַכט די השפּעה פון מזרח־אייראָפּע, וועט איר זען, אַז מיט איר האָט זיך, אין אַ געוויסן זין, פאַקטיש אָנגעהייבן די יידישע געשיכטע אין אַמעריקע. דאָס הייסט נישט, אַז אַנדערע האָבן גאָרנישט צוגעטראָגן. באַזונדערס האָבן זייער אַ סך צוגעטראָגן די דייטשע יידן. זיי זענען געווען די בעסטע אַרכיטעקטן און אָרגאַניזאַטאָרן, די אינזשיניערן פון דעם יידישן ישוב. די אינסטיטוציעס, וואָס זיי האָבן געשאַפן, זענען נאָך היינט צו טאָג פונדאַמענטן אין דער יידיש־געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור. אויף די יסודות, וואָס זיי האָבן פאַרלייגט, איז אויפגעקומען די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזירטקייט. אָבער ווען איר נעמט אין באַטראַכט, אַז נײַנציק פּראָצענט פון די יידן אין אַמע־ריקע היינט צו טאָג, אפשר נאָך אפילו מער, זענען פון מזרח אייראָפּעאישער אָפּשטאַמונג, און אַז די מזרח־אייראָפּעאישע עמיגראַנטן האָבן איינגעשלונגען אַלע פריערדיקע אימיגראַציעס, וועט איר פאַרשטיין פאַרוואָס די דאָזיקע השפּעה איז געווען אַזוי דויערנדיק און פאַרוואָס די דאָזיקע השפּעה איז אַזוי קאָנטיק.

כדי אָפּצושאַצן די דאָזיקע השפּעה, טראָגט זיך אַריבער צו די אַכציקער

יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען די דאָזיקע מאַסן־עמיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע האָט זיך אָנגעהייבן. מען דאַרף דאָ גלייך פון אָנהייב אונטערשטרייכן, אַז אין לעבן גייט נישט אַלצדינג אַזוי קלאָר געשניטן. איר קענט נישט זאָגן, אַז אין דער צייט פון דער ספּרדישער אימיגראַציע זענען נישט געקומען קיין אשכנזים. איר קענט אויך נישט באַהויפּטן, אַז אין דער צייט פון דער דייטש־יידישער אימיגראַציע זענען נישט געקומען קיין יידן פון רוסלאַנד, פון פּוילן, פון ליטע, פון רומעניע און פון אַלע אַנדערע לענדער. וויכטיק איז אָבער יאָ, אַז די דאָמינירנדיקע גרופּע אין יידישן לעבן איז געווען די, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך די מערהייט פון אימיגראַנטן אין אַ באַשטימטן פּעריאָד און אַז די דאָזיקע אָנפירנדיקע ראָלע, וואָס אָט די דאָמינירנדיקע גרופּע האָט געפונען צוליב דעם, וואָס זי איז געקומען פריער, האָט זיך איבערגעטראָגן אויף דער צייט, ווען זיי זענען געווען אַ פאַרשווינדענדיקע מינדערהייט.

די ספּרדים זענען אין אַמעריקע נישט געווען קיין מערהייט זינט דעם 17־טן יאָרהונדערט. נאָך פון די יאָרן 1654 ביזן סוף פון 17 טן יאָרהונדערט האָט מען געקענט רעדן וועגן אַ ספּרדישער מערהייט. פון דעם 18־טן יאָרהונדערט אָן זענען שוין די ספּרדים געווען איינגעשלונגען פון דער גרעסערער עמיגראַציע, וואָס האָט זיך געטראָגן בעיקר פון דייטשלאַנד, אָבער אויך פון פאַרשידענע אַנדערע טיילן פון מזרח־אייראָפּע. דאָך אָבער האָבן די ספּרדים איינגעהאַלטן זייער פירערשאַפט. אַלע פינף שולן, וואָס האָבן עקזיסטירט אין אַמעריקע, ווען די אַמעריקאַנער רעפּובליק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, האָבן זיך געפירט לויטן ספּרדישן נוסח און לויט די ספּרדישע תפילות, נישט געקוקט, וואָס די מערהייט איז שוין דאַמאָלסט נישט באַשטאַנען פון ספּרדישע יידן. אייזיק מאיר וואַל, דער גרינדער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין אַמעריקע, ווען ער איז געקומען אין 1840 קיין אַמעריקע, האָט ער געפונען, אַז די עלטסטע יידישע שול „שערי ישראל" — זי עקזיסטירט נאָך היינט — איז אַ ספּרדישע שול און אין וועלכער עס ווערט נאָך עד היום אָפּגעהיט דער ספּרדישער נוסח פון דאַוונען. אָבער דער פּרעזידענט פון דער שול איז שוין געווען אַ פּוילישער ייד. דאָס זעלביקע וועט איר אויך זען אין דער דייטשער עפּאָכע. די ספּרדים האָבן פונדעסטוועגן אָנגעהאַלטן זייער אָנפירונג אינעם יידישן לעבן אַ לאַנגע צייט נאָכדעם, ווי זיי זענען געווען אין יידישן לעבן אַ פאַרשווינדענדיקע מינדערהייט. געשען איז עס צוליב דעם, וואָס זיי זענען געווען מער סטאַביליזירט אין מאָמענט ווען עס האָט זיך אָנגעהייבן די אימיגראַציע פון דייטשלאַנד. די זעלביקע ראָלע האָבן שפּעטער איבערגענומען די דייטשע יידן. זיי זענען געווען דער דאָמינירנדיקער כח אין יידישן לעבן אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט און זיי זענען געוואָרן דער דאָמינירנדיקער סעקטאָר אין יידישן לעבן. די דאָזיקע ראָלע האָבן זיי אָנגעהאַלטן לאַנג נאָכדעם, ווי זיי אַליין זענען געוואָרן אַ פאַרשווינדענדיקע מינדערהייט.

דעריבער האָבן די אימיגראַנטן, וואָס זענען געקומען שפּעטער, זיך געדאַרפט אין אַ גרויסער מאָס צופּאַסן נישט נאָר צו די אַלגעמיינע באַדינגונגען, וועלכע זיי האָבן געפונען אין אַמעריקע, נאָר זיי האָבן זיך אין אַ גרויסער מאָס אויך געמוזט צופּאַסן צו די לעבנס־פאָרמעס, וועלכע די פריערדיקע יידן האָבן איינ־

געפירט. גרינג איז עס נישט אָנגעקומען. עס האָט זיך גאַנץ אָפט געשאַפן אַ סיטואַציע, אין וועלכער איין יידישע עדה האָט נישט געהאַט קיין באַריר מיט דער צווייטער יידישער עדה און האָט אויף איר געקוקט פון אויבן אַראָפּ.

איז אָט אין דער צייט פון די אַכציקער יאָרן, ווען עס איז שוין פאַרלייגט געווען אַ יסוד פאַרן יידישן לעבן — איך האָב געזאָגט, אַז די דייטשע יידן זענען געווען גלענצנדיקע אַרכיטעקטן און אינזשעניערן פון דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן און אין דעם סוף פון 19 טן יאָרהונדערט איז שוין גאַנץ אַמעריקע געווען באַדעקט מיט אַ נעץ פון יידישע אינסטיטוציעס, וואָס אַ סך פון זיי עקזיסטירן נאָך עד היום און אַנדערע זענען געוואָרן מוסטערן, לויט וועלכע עס זענען געשאַפן געוואָרן שפּעטערדיקע אינסטיטוציעס — אין אָט דער צייט הייבט זיך אָן טראָגן די כוואַליע פון מזרח־אייראָפּעאישע יידן. די דייטשע יידן ווערן אומ־רואיק. זיי זענען שוין געווען געזונט עקאָנאָמיש פאַרפעסטיקט און סאָציאַל סטאַבי־ליזירט, כדי זיי זאָלן זיך שוין קענען פילן ווי אַ טייל פון אַלגעמיינעם לעבן. אין זיי האָבן מורא געהאַט, אַז די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, וואָס קומען פון לענדער מיט אַ דעספּאָטישן רעזשים, ווו די יידן גופא זענען געווען באַשרענקט אין רעכט, אַז די דאָזיקע מזרח־אייראָפּעאישע אימיגראַציע וועט שאַפן פּראָבלעמען פאַר זיי, פאַר די סטאַביליזירטע דייטשע יידן. מען האָט דעריבער אָנגעווענדעט אַלע כחות, כדי אָפּצושטעלן די שטראָמען פון דער מזרח־אייראָפּעאישער עמיגראַציע. זיי האָבן געשיקט דעלעגאַציעס קיין אייראָפּע און האָבן זיך באַמיט צו ווירקן, אַז די עמיגראַנטן זאָלן נישט פאָרן קיין אַמעריקע. מען האָט געשריבן וועגן די מזרח־אייראָפּעאישע יידן אין אַזאַ טאָן, אַז ווען איר זאָלט היינט נישט וויסן, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן דורך יידן, אין יידישע אויסגאַבעס און אין יידישע צייטונגען, וואָלט איר געמיינט, אַז דאָס איז אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור.

איין כאַראַקטעריסטישן ביישפּיל וועל איך אייך ברענגען פּשוט כדי צו אילוס־טרירן דעם קלימאַט, וואָס האָט דאַמאָלסט געהערשט אין דער באַציאונג פון די פריער געקומענע יידן צו די שפּעטער געקומענע מזרח אייראָפּעאישע יידן. אַן אָפּטייל פון „בני ברית" אין טשיקאַגאָ האָט אַרויסגעלאָזט אַ דערקלערונג פאַרוואָס זיי ווילן נישט אַריינעמען קיין פּוילישע אָדער רוסישע יידן אַלס מיטגלידער. אין דער דערקלערונג איז געווען געשריבן, אַז די רוסישע יידן זענען נאָך באַרבאַרן, זיי זענען נאָך נישט ראוי צו געהערן צו אַזאַ ציוויליזירטער אָרגאַני־זאַציע, ווי עס איז „בני ברית". די אַלע, וואָס קענען די היינטיקע „בני ברית" וועלן לייכט פאַרשטיין, ווי אַזוי „בני ברית" וואָלט אויסגעזען אָן די מזרח־אייראָ־פּעאישע יידן, אָן די גאַליציאַנער, אָן די ליטוואַקעס און די פּוילישע יידן, וואָס בילדן היינט די גרויסע מערהייט אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע.

אין יענער צייט זענען עס געקומען שטראָמען פון יידן פון די פאַרשידענע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, בעיקר פון די טעריטאָריעס פון פריערדיקן צאַרישן רוסלאַנד. זיי זענען געקומען נישט קיין געבעטענע, נישט קיין אָרגאַניזירטע. זיי זענען געקומען און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זיי אויסשטרעקן אַ פריינט־לעכע האַנט אָדער זאָל זיי אויפנעמען מיט אַ שמייכל. די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען שפּעטער געשאַפן געוואָרן, כדי צו העלפן אימיגראַנטן, האָבן נאָך דאַמאָלסט

נישט עקזיסטירט. זיי קומען און געפינען באַדינגונגען, וואָס זענען אינגאַנצן אַנדערע, ווי די באַדינגונגען, וועלכע זיי האָבן איבערגעלאָזט אין די לענדער, פון וועלכע זיי זענען אַרויסגעפּאָרן. זיי ווערן געשטעלט פאַרן פּראָבלעם פון פולשטענדיקן איבערבוי, נישט נאָר מאַטעריעל, נישט נאָר עקאָנאָמיש, נישט נאָר פּאָליטיש, נאָר זיי ווערן אויך געשטעלט פאַר אַ פּראָבלעם פון איבערשטעלן פולשטענדיק זייער גייסטיק לעבן. זיי זענען געקומען אין לאַנד פון דער גרעסטער דעמאָקראַטיע אין דער וועלט פון לענדער, אין וועלכע עס האָט נאָך געהערשט דער פּאָליטישער דעספּאָטיזם. זיי קומען אין דער מעכטיקסטער אינדוסטריעלער ציוויליזאַציע פון לענדער, וואָס האָבן זיך נאָך געפונען אין אַ האַלב־פעאָדאַלן צושטאַנד, פון לענדער, אין וועלכע די קירכע איז געווען אַ זייל פון אונטערדריקענדיקע רעזשימען. זיי קומען אין אַ לאַנד, וווּ עס איז נישטאָ קיין אָפיציעלע רעליגיע, וווּ עס איז נישטאָ קיין אָפיציעלע קירכע. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָבן זיי זיך נאָך קיינמאָל נישט געפונען און זיי ווערן אַריינגעוואָרפן אין דעם קעסל־גרוב פון דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט. עס איז נישטאָ קיינער, וואָס זאָל זיי העלפן, אַז זיי זאָלן נישט אַרויסקומען קיין אָפּגעבערענטע. זיי דאַרפן אַליין געפינען פאַר זיך אַ פּלאַץ, אַרויסגיין און דאָך בלייבן גאַנץ פון דאָזיקן קעסל־גרוב. און זיי האָבן דאָס באַוויזן. די שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג פון דעם יידישן ישוב דעמאָנסטרירט און מאַניפעסטירט דעם דאָזיקן דערפאָלג, וואָס געהערט צו איינעם פון די גרויסע נסים אין דער יידישער געשיכטע. אָט פאַרוואָס איך האָב אָנגעדייט, אַז די אימיגראַציע־אַמעריקע געהערט צום יידישן רענעסאַנס, צו דער יידישער אויפגעוואַכטער פאָלקס־ענערגיע, וואָס האָט געהאַט אָט דעם כאַראַקטעריסטישן בשותפותדיקן שטריך פון פּרובירן העלפן זיך אַליין און נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט.

די ערשטע זאַך, וואָס די געקומענע מזרח־אייראָפּעאישע יידן טוען איז בייטן זייער גאַנצע עקאָנאָמישע סטרוקטור. זיי זענען געקומען פון שטעט און פון שטעטלעך, וווּ זייער עקאָנאָמיש לעבן איז שטענדיק געווען אין אַ געפאַר פון דיסקרימינאַציע פון דרויסן, פון אומזיכערקייט פון אינעווייניק. זיי נעמען זיך צו די באַשעפטיקונגען, וואָס זענען פאַר זיי אָפן, באַשעפטיקונגען, אין וועלכע אַמעריקע נויטיקט זיך אין יענער צייט. עס איז די צייט, ווען אין אַמעריקע הייבן זיך אָן אַנטוויקלען די גרויסע שטעט און די גרויסע שטעט בייטן אינגאַנצן דעם כאַראַקטער און דעם שטייגער־לעבן פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק. די קליידונג הייבט אָן ווערן אַ וויכטיקער עלעמענט אין דער דאָזיקער ענדערונג פון שטייגער־לעבן. די יידן פאַרנעמען זיך כסדר מיט אָט דער אינדוסטרי, ווייל עס איז געווען אַ טראַדיציאָנאַלע פאַרבינדונג צווישן יידן און דער דאָזיקער אינדוסטרי אויך פריער, ווען זיי האָבן געאַרבעט אַלס האַנטווערקער. באַזונדערס אויך דערפאַר, ווייל עס האָט זיך געשאַפן אַ מאַרק פאַר דער דאָזיקער אינדוסטרי.

אין דער ערשטער צייט פּראָלעטאַריזירן זיי זיך. זיי האָבן נישט געלייענט די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור, די ציוניסטישע ליטעראַטור, נישט די השכלה־ליטעראַטור, אויך נישט זשיטלאָווסקיס מיינונגען און אויך נישט קיין שום אַנדער ליטעראַטור, וואָס האָט גערעדט וועגן פּראָדוקטיווע און נישט־פּראָדוקטיווע באַ־

שעפּטיקונגען און וואָס האָט געזען פּראָדוקטיוויקייט נאָר אין דער אַגריקולטור און בכלל אין שווערער פּראַצע. אָבער זיי זענען ממילא געוואָרן פּראָלעטאַריער, ווייל זיי האָבן זיך געדאַרפט צופּאַסן און די דאָזיקע צופּאַסונג האָבן זיי זייער גרינג און זייער שנעל דורכגעמאַכט.

אין אָנהייב פון 19־טן יאָרהונדערט זענען יידן אפשר די פּראָלעטאַרישסטע גרופּע אין די גרויסע שטעדט פון שטאַנדפּונקט פון אינדוסטריעלע אַרבעטער. אָבער זיי שטעלן זיך דאַרויף נישט אָפּ. גלייך פון אָנהייב אָן הייבן זיי זיך אָן אָרגאַניזירן. זיי אָרגאַניזירן זיך נישט נאָר, כדי זיך צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען, וואָס האָבן שוין דאַמאָלסט געהערשט אין אַמעריקע, נאָר זיי הייבן זיך אָן אָרגאַניזירן אויף געביטן, פון וועלכע אַמעריקע האָט ביז איצט נישט געהערט. זיי זענען געווען די פּיאָנערן פון די פאַרשידענע סאָציאַלע דינסטן, וואָס דאָס לאַנד האָט איבערגענומען ערשט אין 1932 אונטער דער אָנפירונג פון רוזוועלטן אין דעם „נייעם דיל". עס הייבן זיך אָן אָרגאַניזירן מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געקענט קיין אַנדער אָרגאַניזאַציע, ווי די שול ביי זיך אין דער היים אָדער די „חברה קדישא". זיי האָבן אָרגאַניזירט „יוניאָנס" און עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס די ערשטע „יוניאָנס", וואָס זיי אָרגאַניזירן, זענען נישט אַרבעטער־אָרגאַני־זאַציעס, וואָס דאַרפן זיי העלפן און גרינגער מאַכן זיי דאָס לעבן, וואָס דאַרף זיי־פּאַרטיידיקן אויף זייערע אַרבעט־פּלעצער, וואָס דאַרפן זאָרגן פאַר העכערע שכירות, בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען — און געווען איז עס אין דער צייט פון די שוויץ־שאַפּס — נאָר אויך, שוין אין יענער צייט מראַכטן זיי וועגן וועגן זייערע „יוניאָנס", כדי צו דערגרייכן אַ בעסער לעבן אין אַ נייער וועלט. אַלע קאָנסטיטוציעס, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אין די ערשטע „יוניאָנס" דורך מענטשן, וואָס זענען פריער קיינמאָל קיין אַרבעטער נישט געווען, האָבן אַנטהאַלטן סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. דער ציל פון די „יוניאָנס" איז געווען איינעמען די גאַנצע וועלט.

די דאָזיקע יוניאָנס זענען אַזוי פאַרכאַפּט פון דער וויזיע פון ברענגען אַ נייע וועלט, אַז זיי פאַרקוקן דאָס אייגענע יידיש לעבן. אָביעקטיוו גענומען האָבן די ערשטע יוניאָנס, די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין איר ערשטער פאַזע, דאָס הייסט ביזן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, געבילדעט אפשר דעם איינציקן אָרגאַניזירטן אַסימילאַנטישן כח, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט אַרויס־געגעבן. עס איז נישטאָ אין אַמעריקע קיין אָרגאַניזירטע גרופּע, וואָס זאָל פּרעדיקן אַסימילאַציע, אָבער אין די סאָציאַלע אַספּעקטן פון די ערשטע „יוניאָנס", אין זייערע סאָציאַלע פּראָגראַמען, איז פאַראַן אַן אויסדריקלעכער אַסימילאַנטישער צוגאַנג, וואָס רעדט וועגן דעם, אַז עס דאַרף נישט זיין קיין ייד און קיין גוי, אַז יידן דאַרפן זיך אויסמישן מיט אַלע אַנדערע. אַלע זענען ברידער אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע און זיי וועלן זיין ברידער ווען עס וועט קומען דער סאָציאַליזם.

אין 1890 איז פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. פאָרגעקומען איז זי אין ניו־יאָרק און אין דעם זאַל, ווו די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן זענען געהאַנגען עקספּאַנאַטן, אויפשריפטן און לאָזונגען אויף די ווענט. אויף איינער פון

די דאָזיקע לאָזונגען האָט מען געלייענט: „די וועלט איז אונדזער פאָטערלאַנד, סאָציאַליזם איז אונדזער רעליגיע". דאָס דערמאָנט אַ היפּש ביסל די ערשטע רעפאָרמער אין אַמעריקע, וואָס האָבן פּראָקלאַמירט „אַמעריקע איז אונדזער ציל און וואַשינגטאָן איז אונדזער ירושלים". אויפן פּראָלעטאַרישן אופן האָט מען עס איבערגעזעצט, אַז „די וועלט איז אונדזער פאָטערלאַנד און דער סאָציאַליזם איז אונדזער רעליגיע". אין דעם פּרט איז געווען אַ געוויסע גייסטיקע בריק צווישן די קלאַסישע רעפאָרמער און די ערשטע פּיאָנערן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. ביידע האָבן אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון אַ יידיש פאָלק. עס איז דערביי וויכטיק צו דערמאָנען די אידעאישע יסודות, וואָס די פאַרשידענע אימיגראַנטישע כוואַליעס האָבן געבראַכט קיין אַמעריקע.

די ספרדים האָבן בכלל נישט געשטעלט קיין פראַגע — וואָס יידן זענען? די פראַגע „ווער איז אַ ייד?" איז בכלל נישט געווען אַקטועל. אָבער וואָס יידן שטעלן מיט זיך פאָר אַלס אַ קאָלעקטיוו? — די פראַגע איז אַלעמאָל געשטאַנען פאַר אַמעריקאַנער יידן, ווי זי איז געשטאַנען בכלל פאַר אַלע יידן אומעטום. די ספרדים האָבן קיין פראַגעס נישט געשטעלט. אַ סך פון זיי זענען נאָר וואָס געקומען פון מאַראַנענטום, זיי זענען אַנטלאָפן פון דער אינקוויזיציע און — זאָלן זיי מיר מוחל זיין — מיט קיין גרויסער למדנות האָבן זיי זיך נישט אויסגעצייכנט. האָבן זיי אָנגענומען דאָס לעבן ווי עס איז, אַז אַ ייד איז דער, וואָס איז פאַרבונדן קודם כל מיט אַ שול, ווייל אַ שול איז דער צענטער פון יידישן לעבן און דערמיט ענדיקט זיך עס.

די זעלביקע פראַגע האָבן געשטעלט דייטשע יידן: „ווער זענען יידן?". זייער ענטפער איז אויף אַ קלאַסישן אופן געקומען צום אויסדרוק אין אַ פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1885 דורך אַ צוזאַמענפאָר פון פּיטסבורג. דאָרטן האָבן זיי דערקלערט, אַז יידן זענען נישט קיין פאָלק און זיי האָבן צוריקגעוויזן יעטוועדע באַהויפּטונג, אַז יידן זאָלן האָבן וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע אַספּי־ראַציעס. זיי האָבן אויסגעשלאָסן פון יידישן לעבן אַלע מצוות, וואָס האָבן צו טאָן מיט שיבת־ציון אָדער וואָס זענען פאַרבונדן מיט וואָס פאַראַ עס איז האָפענונג וועגן אויפשטעלן צוריק אַ נאַציאָנאַל לעבן. פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך געהאַלטן ווי אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט.

די מזרח־אייראָפּעאישע יידן אויף וויפל זיי האָבן געדאַרפט געבן אַן ענטפער ווי אַ קאָלעקטיוו, אַלס מזרח־אייראָפּעאישע יידן פון פאַרשידענע קלאַסן, אויף דער פראַגע „ווער זענען יידן?", האָבן געענטפערט: יידן זענען קודם כל אַ פאָלק! דאָס איז געווען דער אָביעקטיווער צוגעהער. סוביעקטיוו אָבער האָבן די פירער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג געטראָגן מיט זיך די אַסימילאַנטישע האָפענונגען. אָבער אַזוי איז שוין די ראָלע פון דער יידישער געשיכטע, אַז דוקא זיי, דער אייגנציקער, ווי כ'האָב געזאָגט, אָרגאַניזירטער אַסימילאַנטישער כח, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט ווען עס איז אַרויסגעגעבן, זענען געוואָרן די זויכ־טיקסטע בויער פון יידישן נאַציאָנאַלן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי האָבן עס געטאָן נישט צוליב נאַציאָנאַלע מאָטיוון, נאָר ווייל זיי האָבן געוואָלט פּרעדיקן דעם סאָציאַליזם און זיי האָבן געוואָלט געווינען דעם יידישן אַרבעטער,

די אימיגראַנטן־מאַסע פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מען האָט געמוזט צו זיי צוקומען מיט דער שפּראַך, וועלכע די יידישע אימיגראַנטן האָבן גערעדט. פריער האָט מען עס פּרובירט טאָן אין רוסיש. מען האָט גערעדט צו די יידישע אימיגראַנטן וועגן סאָציאַליזם אין... רוסיש! ביז עס איז געקומען אַב. קאַהאַן, דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף דער לעכערלעכקייט: — איר ווילט געווינען יידן, וואָס פאַרשטייען נישט קיין רוסיש און איר רעדט צו זיי מיט אַ שפּראַך, וואָס זיי האָבן אפילו אינדערהיים נישט געקענט. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהייבן רעדן יידיש און פּרעדיקן יידיש. און עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז פון אַ מיטל ווי אַן אינסטרומענט פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, איז אַרויסגעקומען די יידישע ליטעראַטור, די יידישע פּרעסע, ס'איז אויפגעקומען דער יידישער טעאַטער, וואָס אַלע האָבן זיי געהאַט זייער באַזע אין דער יידישער אַרבעטער־מאַסע. פון אַן אַסימילאַנטישן צוגאַנג זענען אויפגעקומען די באַריערס, וואָס האָבן במשך פון דער צייט אָפּגעהיט דאָס נאַציאָנאַלע יידישע לעבן.

און נאָך אַ דערשיינונג: יידישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט פאַר יידישע בעלי־בתים. ביידע זענען געווען אין דער זעלביקער נאַציאָנאַלער אַטמאָספערע. בעל־הבית און אַרבעטער האָבן געפירט אַ קאַמף און דער קלאַסן־קאַמף איז אָנגעגאַנגען אין דער יידישער סביבה. אָבער ביידע האָבן געפירט דעם קאַמף אין דער יידישער שפּראַך. דאָס איז געווען די איינציקע שפּראַך, אויף וועלכער זיי האָבן זיך געקענט צוזאַמענרעדן. די יידישע יוניאָנס זענען טאַקע געווען פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט „אַמעריקען פעדעריישן אָף לייבאָר", אָבער אין זייער טראַכטן און פילן איז עס געווען אַזוי ווי אין דער אַלטער היים, אין די אַלטע יידישע קהילות. אַ מלוכה אין אַ מלוכה. זיי האָבן זיך געפירט לויט זייערע אייגענע געזעצן. בעת אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג האָט געהערשט אַ פּרינציפּ „אַ יושרדיקער טאָג אַרבעט פאַר אַ יושרדיקן לוין", האָבן די יידישע יוניאָנס גערעדט וועגן אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג, און ביידע וועלטן האָבן זיך צונויפגערעדט אויף דער יידישער שפּראַך. אויף אַזאַ אופן האָט די יידיש שפּראַך, צום ערשטן מאָל, באַקומען אַ מאַטעריעלע באַזע און עס זענען געווען קלאַסן, וואָס האָבן געהאַט אַן עקאָנאָמישן אינטערעס אין דער אַנטוויקלונג פון יידיש.

נישט נאָר דאָס. עס זענען אויך געשאַפן געוואָרן דורך די מזרח־אייראָפּעאישע יידן באַוועגונגען, וועלכע די פריערדיקע יידישע אימיגראַנטן האָבן נישט געקענט. ערשטנס האָבן די מזרח־אייראָפּעאישע יידן צוריק אומגעקערט אָרטאָדאָקסיע, ווי די מערהייט־רעליגיע פון דער יידישער באַפעלקערונג. איך האָב פריער גערעדט וועגן דער דאָמינירנדיקער גרופּע. דאָס זענען געווען די דייטשן. אין אָנהייב פון 20־טן יאָרהונדערט זענען זיי שוין אַ קליינע מינדערהייט אין דער יידישער באַפעלקערונג. דאָך זענען זיי נאָך אַלץ דער אָנפירנדיקער כח, וואָס קיינער פרעגט אפילו נישט אָפּ. זייער רעליגיעזע באַזע איז געווען דער רעפאָרם־טעמפּל און דעריבער האָבן זיי אויך רעליגיעז געהערשט אין יידישן לעבן. די מזרח־אייראָפּעאישע אימיגראַציע ברענגט צוריק אָרטאָדאָקסיע. וואָלט די אָרטאָדאָקסיע געווען אָרגאַניזירט גלייך פון אָנהייב, ווי די רעפאָרמער, וואָלט דער גאַנצער

גאַנג פון דער יידישער געשיכטע אין אַמעריקע געווען אַן אַנדערער. אָבער די אָרטאָדאָקסיע האָט זיך אָרגאַניזירט אויף אַ לאַנדסמאַנשאַפט־באַזע, נישט אויף אַ באַזע פון יידישן קאָלעקטיוו, פון אַ יידישן קיבוץ. זייערע שולן זענען געווען אנשי־שולן, וואָס האָבן פּרובירט אָנהאַלטן פאַרבינדונג מיט די שטעטלעך און זיי האָבן נישט געהאַט פאַר זיך די וויזיע פון גאַנצן יידישן קאָלעקטיוו. אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט דאָס געפעלט פּרינציפּיעל און דער אָרטאָדאָקסיע האָט דאָס געפעלט פאַקטיש.

אָבער זיי האָבן אויך אַריינגעבראַכט עפּעס, וואָס עס איז נישט געווען. די מזרח־אייראָפּעאישע אימיגראַנטן האָבן געבראַכט סעקולערע באַוועגונגען צום ערשטן מאָל אויפן אַמעריקאַנער באָדן. צום ערשטן מאָל איז אויפגעקומען אַן אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז געווען, ווי איך האָב עס פריער געזאָגט, דורך און דורך סאָציאַליסטיש. היינט, ווען איר קוקט דאַרויף פון דער אָפּגעלאָפענער צייט, זעט עס אויס אַ ביסל קאָמיש. וואָרעם דער גרויסער קאַמף, וואָס האָט זיך דאַמאָלסט אָפּגעשפּילט, איז געווען צווישן די סאָציאַליסטן און די אַנאַרכיסטן. די יידן, וואָס זענען נאָר וואָס געקומען פון די שטעטלעך און וואָס האָבן קיינמאָל פון קיין אָרגאַניזאַציע נישט געוווסט, וואָס האָבן קיינמאָל פון קלאַסן־קאַמף נישט געהערט, און די יידן, וואָס זענען קיינמאָל נישט געווען אָרגאַניזירט, האָבן פּלוצלונג געפירט מלחמה וועגן סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם.

אָבער עס זענען אויך אויפגעקומען סעקולערע באַוועגונגען פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. די ציוניסטישע באַוועגונג באַקומט פון דער מזרח־אייראָפּעאישער אימיגראַציע אַ געוואַלטיקן שטויס פאָרויס.

איך האָב דערמאָנט, אַז די ערשטע פירער זענען געווען דוקא מערב־אייראָ־פּעאישע יידן. אָבער די מאַסן־באַזע, די מיטגלידערשאַפט, איז געקומען פון דער מזרח־אייראָפּעאישער אימיגראַציע. בכלל קומען אויף אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן פאַרשידענע באַוועגונגען. עס איז נישטאָ קיין באַוועגונג, וואָס זאָל נישט האָבן קיין אָפּקלאַנג און וואָס זאָל נישט באַקומען קיין אָרגאַניזירטן אויסדרוק אין דער יידישער אַמעריקע. דעריבער איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ווען די שעה האָט געשלאָגן און דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט געדאַרפט נעמען אויף זיך פאַקטיש די פירערשאַפט פון יידישן וועלט־פאָלק, איז נישט געקוקט דאַרויף, וואָס אין אַמעריקע האָט נישט עקזיסטירט קיין קערפּערשאַפט, וואָס דאָרט איז קיינמאָל נישט געווען קיין אַדרעס פון אַמעריקאַנער יידנטום אין אַ קאָלעקטיוון זין, זענען פונדעסטוועגן געשאַפן געוואָרן די מעגלעכקייטן, אַז די אַמעריקאַנער יידן זאָלן ענטפערן אויפן רוף פון דער צייט. און דאָ האָבן ווידעראַמאָל די מזרח־אייראָפּעאישע יידן געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָלע, הגם זיי זענען נישט געווען די גרעסטע געבער. איך מיין, אַז אפילו ביזן היינטיקן טאָג זענען יידן פון דייטשן אָפּשטאַם גרעסערע געבער אפילו, ווען זיי זענען נישט עלטער ווי די די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, זיי האָבן געהאַט די טראַדיציע פון געבן אַ סך מער אַנטוויקלט. ווי עס האָבן געהאַט די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, וועלכע זענען צוגעקומען צו רייכקייט ערשט אין די לעצטע פאַר דורות.

אָבער וואָס די מזרח־אייראָפּעאישע יידן האָבן יאָ געהאַט, איז געווען דאָס

געפיל, אַז יידן זענען אַ פֿאָלק און בעיקר האָבן זיי געהאַט פֿאַרבינדונגען מיט יידן אין דער גאַנצער וועלט. זיי זענען עס געווען די, וואָס האָבן געהאַט די קרובים, די פֿריינט און די לאַנדסלייט אין די פֿאַרשידענע מזרח־איראָפּעאישע לענדער, וואָס זענען אַמשטאַרקסטן געטראָפֿן געוואָרן פֿון די פֿאַרשידענע קאַטאַס־טראָפֿעס, וועלכע יידן האָבן איבערגעלעבט אין די לעצטע פֿופֿציק אָדער פֿינף און זיבעציק יאָר. אָט די אינטימע פֿאַרבינדונג איז געווען אַ כח מיט וועלכן עס איז אויסגעשמידט געוואָרן אפשר דער גרעסטער צושטייער, וואָס אַמעריקאַנער יידן האָבן געגעבן דער יידישער געשיכטע, די הילפֿס־אַרבעט, וואָס האָט אָנגענומען פּראָפּאָרציעס, פֿון וועלכע קיינער האָט פֿריער נישט געקענט חלומען.

איך וויל נישט גיין ווייטער, עטאַפּ נאָך עטאַפּ, וואָרעם דאָס וואָלט פֿאַרנומען מער צייט, און איך וויל נישט רעדן איצט, ווען איר האָט שוין צו טאָן מיט מזרח־איראָפּעאישע אימיגראַנטן, וואָס אָט די אינטימע פֿאַרבינדונג איז אָפּגעריסן געוואָרן. די אייניקלעך פֿון די מזרח־איראָפּעאישע אימיגראַנטן וואָלטן מער נישט געהאַט קיין דירעקטן און אינטימען קאָנטאַקט מיט זייערע שטעטלעך אפֿילו ווען די שטעטלעך וואָלטן נישט אָפּגעווישט געוואָרן פֿון דער אויבערפֿלאַך פֿון דער ערד אין דער צייט פֿון דער היטלער־קאַטאַסטראָפֿע. די אייניקלעך האָבן מער נישט דאָס געפֿיל פֿון קרובהשאַפֿט, וואָס איז פֿאַרבליבן אין יידישן לעבן און וואָס טראָגט נאָך אויף זיך דעם צייכן פֿון דעם מזרח־איראָפּעאישן צושטייער צום יידישן פֿאָלקס־בנין.

וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון אָט די ווערטן, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן דורך דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג היינט, אין אַ צייט, ווען אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין אמתן זין פֿון וואָרט איז מער אין לאַנד נישטאָ?

עס איז מער נישטאָ קיין באַזונדערע אידענטיטעט פֿון יידישן קאַפּיטאַל. דער יידישער קאַפּיטאַל איז היינט אַ טייל פֿון גאַנצן קאַפּיטאַל און איר קענט אין ערגעץ נישט באַשטימען ווו עס ענדיקט זיך איינס און ווו עס הייבט זיך אָן דאָס צווייטע. עס איז נישטאָ קיין ליניע אין דאָזיקן קאַפּיטאַל און אין די יידישע אַרבעטער. עס זענען נאָך פֿאַראַן צענדליקער טויזנטער פֿון זיי, ספּעציעל היינט אין נייע פּראָפֿעסיעס, וואָס האָבן צו טאָן מיט ווייסע־קעלנער־באַשעפֿטיקונגען. אָבער זיי שטעלן מיט זיך מער נישט פֿאָר קיין באַשטימטע איינהייט. זיי זענען אַ טייל פֿון דער גאַנצער אַרבעטס־קראַפֿט אין לאַנד. עס זענען היינט צו טאָג נישטאָ קיין יידישע יוניאָנס. די פֿאַראייניגן, אין וועלכע עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפֿטן מיט פֿופֿציק אָדער מיט פֿינף און זיבעציק יאָר צוריק עקזיסטירן נאָך היינט. זיי זענען נאָך היינט גרעסער, ווי זיי זענען עס געווען אין די יאָרן פֿון זייער פֿאָרמירונג. אָבער זיי זענען מער נישט קיין יידישע. די פֿירער זענען אָפּטמאָל נאָך יידישע, ווי צום ביישפּיל פֿון די נאָדל־אַרבעטער. די „אינטערנייש־על" האָט נאָך דובינסקין פֿאַר אַ פּרעזידענט. אָבער מינדעסטנס אַכציק פּראָצענט פֿון די מיטגלידער זענען מער נישט קיין יידן און אין פֿינף יאָר אַרום וועלן קיין צוואַנציק פּראָצענט יידן אויך נישט זיין צווישן די מיטגלידער. די „אַמאַלגאַמייטס", וואָס יידן האָבן געגרינדעט און וואָס האָט אויך געהאַט אַ סאָציאַליסטישן פּראָגראַם, האָט אפשר צען פּראָצענט

יידן מאַקסימום. די פירערשאַפט איז נאָך ביי זיי פאַרבליבן, ווייל די אַנדערע פעלקערשאַפטן וואָס זענען אַריינגעקומען אין דער אינדוסטרי האָבן נאָך נישט אַנטוויקלט קיין אייגענע פירערשאַפט. אָבער איר האָט צו טאָן מיט יידישע פירער איבער נישט-יידישע קערפּערשאַפטן. מען קען היינט נישט רעדן וועגן אַ יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. עס איז אַזאַ זאַך נישטאָ. אַ יידישער יוניאָן? אפשר די שוחטים אָדער די חזנים. זיי זענען אויך אָרגאַניזירט. זיי זענען אפשר די איינציקע אויסשליסלעך יידישע יוניאָנס, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אין אַמעריקע. אָבער וואָס איז פאַרבליבן פון די ווערטן, וואָס די יידישע יוניאָנס האָבן געשאַפן?

עס איז יאָ פאַרבליבן און זייער אַ סך. יעדער איינער האָט היינט צו טאָג אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבעטער-באַוועגונג אַ באַוווסטזיין פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם פאָלק, פון זאָרגן נישט נאָר פאַר די ענגע מאַטעריעלע אינטערעסן פון דעם מיטגליד, נאָר אויך די זאָרג פאַר דעם גאַנצן סאָציאַלן סיסטעם, פון וועלכן דער מיטגליד איז אַ גליד, אַ טייל. דאָס האָבן די יידישע יוניאָנס איינגעפירט אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבעטער-באַוועגונג.

די יידן האָבן אַ גרויסן ביישטייער אין פאַקט, וואָס אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער-באַוועגונג איז געבראָכן געוואָרן דער איזאָלאַציאָניזם. אַמעריקע איז אַן איזאָלאַציאָניסטיש לאַנד, וואָס זאָגט: „מיך גייט נישט אָן די גאַנצע וועלט". נאָך עד היום איז די איזאָלאַציאָניסטישסטע פון אַלע איזאָלאַציאָניסטן די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט. די אַרבעטער זענען עס אַמאָל געוועזן אַנטי-אימיגראַנטן. זיי האָבן דורכגעפירט באַשרענקונגען אויף אימיגראַציע. אָבער היינט צו טאָג האָט איר די אַמעריקאַנער אַרבעטער-באַוועגונג אין די סאַמע ערשטע רייען פון אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע, פון קאַמף פאַר אינטערנאַציאָנאַלער פאַרשטענדיקונג, פאַר אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערונג. אין דעם האָבן געשפילט אַן ענטשיידנדיקע ראָלע די יידישע יוניאָנס.

אויב איר זעט היינט, אַז מען גיט זיך אָפּ מיט סאָציאַלע פליכטן, מיט סאָציאַלער באַדינונג, אַז מען זאָרגט נישט נאָר פאַר דעם טאָג אַרבעט, פאַר די אַרבעט-באַדינגונגען, נאָר מען זאָרגט אויך פאַר די ברייטע באַדערפענישן פון דעם אַרבעטער, מען זוכט אויסצובררייטערן זיינע האָריזאָנטן, איז דאָס אויך דערפאַר, ווייל יידן זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געשאַפן די ערשטע קעגנזייטיקע הילף. נישט נאָר די אָרגאַניזאַציע, נאָר די גאַנצע קאָנצעפּציע איז געבראַכט געוואָרן פון יידן. עס איז אויך געבראַכט געוואָרן די אַנערקענונג, אַז די געזעלשאַפט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם יחיד. איך וועל דערמיט ענדיקן, ווייל איך האַלט, אַז דאָס איז אין איצטיקן מאָמענט אפשר דער ענטשיידנדיקסטער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון אַמעריקע.

אין אַמעריקע קומט היינט צו טאָג פאַר דער גרעסטער געראַנגל צווישן די פאָדערונגען פון דער נייער צייט און כחות פון נעכטן. אָט די פאָדערונגען פון דער מאָדערנער צייט פאַרלאַנגען דאָס אַריינמישן זיך מצד דער רעגירונג אין געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן; בפרט העלפן אין דער געזעלשאַפט די אַלע, וואָס קענען זיך אַליין נישט העלפן. זיי שטעלט זיך קעגן דער אַלטער אַזוי גערופענער „האַרטער אינדיווידואַליזם", וואָס האָט געזאָגט, אַז „אַ מענטש דאַרף זאָרגן פאַר

זיך אַליין". עס זענען נאָך לײדער פאַראַן געגנוג כחות, וואָס שטייען אויפֿן שטאַנד־פּונקט, אַז דער שטאַאַט דאַרף זיך דאָ נישט מישן נאָר לאָזן דעם מענטש פֿריי הונגערן און לאָזן די קאַפּיטאַליסטן פֿריי עקספּלואַטירן די אַרבעטער. „פֿרייהייט דאַרף הערשן" אַזוי ווי אַנאַטאָל פֿראַנס האָט געזאָגט: „אַלע מענטשן דאַרפֿן זיין גלייך, האָבן גלייכע רעכט צו... גנבענען בייגל ווען זיי זענען הונגעריק און צו שלאָפֿן אויף דער גאַס"... די דאָזיקע גלייכהייט איז אויך היינט אַ זאַמל־פּונקט פֿאַר אַלע צוריקגעשטאַנענע עלעמענטן און זיי זענען נאָך פֿאַראַן אין אַ היפּשער צאָל.

די יידן זענען עס געוועזן די, וואָס האָבן געפֿאָדערט, און באַזונדערס זענען עס געוועזן די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, אַז דער שטאַאַט האָט התחייבותן כּלפּי דעם יחיד און אַז ער קען זיך פֿון דעם נישט באַפֿרייען. איך זאָג באַזונדערס די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, ווייל די דייטשיש יידן אַלס גוטע קאַפּיטאַליסטן, פֿינאַנץ־לייט און קאָמערסאַנטן, זענען געווען רעפּובליקאַנער. ביז מיט אַ דרייסיק־פֿערציק יאָר צוריק איז די הויפּט־פֿירערשאַפֿט ביי יידן באַשטאַנען פֿון רעפּובליקאַנער. אָבער היינט צו טאָג, אויב די לאַגע האָט זיך געענדערט און יידן זענען אין דער פּראָגרעסיווער ריכטונג, איז עס אַ דאַנק דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייד. און ווי שטוינענדיק עס זאָל נישט קלינגען, האָט דאָ געהאַט אַ ווירקונג די מזרח־אייראָפּעאישע טראַדיציע פֿון די קהילות.

וואָס איז געווען די קהילה? זי איז געווען אַן אינסטיטוציע וואָס האָט געהאַט די אויפֿגאַבע צו זאָרגן פֿאַר יעדן ייד. דעריבער האָט דער ייד נישט קיין מורא פֿאַר דעם, אַז די רעגירונג, דער שטאַאַט זאָל העלפֿן די צווישן־גרופּירונגען־באַצי־אונגען און העלפֿן די, וואָס זענען צוריקגעשטאַנען. אויך אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן די יידן, וואָס זענען געווען די ערשטע סאָציאַליסטן, אַריינגעטראָגן אַ סיסטעם, וואָס איז היינט געוואָרן אַן אַלגעמיינער סיסטעם אין גאַנץ אַמעריקע — סיסטעם פֿון אַן אומפּאַרטייאישער בוררות. עס איז געקומען איינער, אפשר די גרעסטע אויטאָריטעט אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־געשיכטע, אַ ביאַליס־טאָקער ייד מיטן נאָמען זעליג פּערעלמאַן, אונדזערער אַ נאָענטער מענטש, און ער האָט עס געוויזן דעם פּרינציפּ פֿון אומפּאַרטייאישער בוררות צווישן אַרבעטער און קאַפּיטאַליסט, כדי מען זאָל נישט דאַרפֿן אַלעמאָל אָנקומען צו קאָנפֿליקטן און שטרייקן. ער האָט דעריך געזען די פֿאָרזעצונג פֿון דער יידישער טראַדיציע, פֿון „גיין צו מענטשן", אָדער רופֿן צו אַ דין־תּורה, אויסגלייכן זיך און געפֿינען אַן אויסוועג.

עס געהערט אויך צום מזרח־אייראָפּעאישן אויפֿטו, וואָס מיר האָבן היינט אַ גאַנצע פּלעיאַדע פֿון יידן, וועלכע שאַפֿן אויף ענגליש ווערק פֿון יידישן כאַראַק־טער, ספּעציעל טעאָלאָגישע, רעליגיעזע און אויך פֿילאָזאָפֿישע און היסטאָרישע ווערק, און אַזעלכע ווערק פֿון באַדייטונגספֿולן ווערט זענען געשאַפֿן געוואָרן בעיקר פֿון קינדער פֿון מזרח־אייראָפּעאישע אימיגראַנטן. עס זענען אויך פֿאַראַן די אָנגעזעענסטע יידישע שרייבער אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור און דאָס זענען יידן בעיקר פֿון די מזרח־אייראָפּעאישע קרייזן. די סיבות דערפֿון זענען פֿאַרשי־דענע. ערשטנס זענען מיר געווען מער אין צאָל און צווייטנס האָבן די אַנדערע

געהאַט מער פּראָפיטאַבלע באַשעפטיקונגען, אַז זיי זאָלן זיך אָפּגעבן נאָר מיט אינטעלעקטועלער אַרבעט.

עס איז זיכער נישט קיין קאָמפּענסאַציע פאַר דעם, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט באַקומען דעם גרעסטן שטויס פאָרויס מיטן אויפקום פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און האָט אָנגעהייבן גיין באַרג אַראָפּ ווען די יידישע אַמעריקע האָט זיך אָנגעהייבן אויסצולייזיקן פון די אַרבעטער־עלעמענטן. אָבער דאָס איז מסתמא געווען אַן אומפאַרמיידלעכער פּראָצעס. מיר האָבן אָבער לפּחות די קאָמפּענסאַציע, וואָס אין פּאָליטישן לעבן זענען יידן מער ליבעראַל, ווי די אַלגעמיינע באַפעלקערונג, מער פּראָגרעסיוו, ווי עס זענען נישט־יידן פון זעלביקן עקאָנאָמישן סטאַזש און וואָס אין דער ליטעראַטור און אויך אין דער וויסנשאַפט שטעלן די יידן מיט זיך פאָר אַ מער ליבעראַלן עלעמענט, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער קאָמפּראָמיסטישקייט, אין וועלכער מיר פאַלן אַריין. אַזוי אַז אויב עס איז עפּעס פאַרבליבן פון מזרח־אייראָפּע, נאָכדעם ווי מזרח־אייראָפּע איז פאַר זיך אַליין צעשטערט געוואָרן, איז עס אין אָט די גייסטיקע ווערטן, וואָס זוערן איבערגעגעבן אין די היינטיקע דורות אין אַ פאָרם, וועלכע איר קענט אפשר נישט באַצייכענען און דערקענען, אָבער זי איז נאָך אַלץ אַ לעבעדיקער כח און עס האַלטן זיך אויף דעם כח אַלע באַוועגונגען און אַלע אַקטיוויטעטן, וואָס האָבן אַלס ציל צו שטאַרקן דאָס לעבן איפן אָרט, צו איינגלידערן מער דאָס יידישע לעבן אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון אַמעריקאַנער לעבן אין אַ פּראָגרעסיווער ריכטונג און צו שפּילן אַ ראָלע פון אַ גרויסן פאַרנעם אין דער טאָטאַליטעט פונעם יידישן לעבן, וואָס דער נאַציאָנאַלער צענטער איז היינט צו טאָג מדינת ישראל.

פּאַריז, 1965.

# רעליגיעזער חינוך אין פוילן ביז צום חורבן

פון **הרב נתן טשאַסקאַלאַ** (פּאַריז)

ביז 1914 איז ביי רעליגיעזע יידן דער יידישער חינוך נישט געווען קיין פּראָבלעם. יידן האָבן געשריבן יידיש אָן צו לייגן אַכט אויף דער פאָרם, אָן צו טראַכטן וועגן אויסלייג. מען האָט געשריבן, ווי עס האָט זיך אויסגעלייגט. פון הארצן, און דאָס איז געווען יידיש. יידן, וואָס האָבן באַקומען אַ יידישע דערציאונג, האָבן נישט געטראַכט וועגן יידיש־אויסלייג. זיי האָבן געלעבט יידיש! ווען איר פרעגט מיך צום ביישפּיל וועגן דאַטעס אין לעבן פון עפּעס אַ ייד מיטן נאָמען מיימאָניד, וואָס האָט געלעבט מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק, וועל איך אייך מעגלעך נישט קענען געבן קיין ענטפער. איך ווייס אָבער ווער דער רמב״ם איז געווען און וואָס ער האָט געלערנט און געשריבן. מיך אינטערעסירט דער אינהאַלט. יידישע געשיכטע האָט מען געזוכט אין שאלות און תשובות. יידישע געשיכטע באַשטייט נישט פון דאַטעס, נאָר פון תוך־ענינים.

דאָס יידישע לעבן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין חדר. יידישע קינדער זענען אין די קליינע שטעטלעך פון די פריסטע יאָרן אָן דערצויגן געוואָרן אַלס יידן, קליינע יידן. יעדע יידינע פלעגט אַריינקוקן אין „צאינה וראינה״. קען זי נישט קיין וועלט־זאַכן, אָבער אַ יידיש קינד איז זי.

דער פּראָבלעם פון יידישן חינוך האָט זיך געשטעלט אין יאָר 1914. געשען איז עס מיטן אַראָפּקומען קיין פוילן בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון ד״ר יוסף קאַרלעבאַך, וועלכער האָט מיט זיך געבראַכט עפּעס אַ נייע יידישקייט. איך ווייס נישט וויפל ער האָט געקענט תורה. אָבער ער האָט גערעדט צו גוט דייטש... עפּעס איז נישט געווען אין אָרדענונג מיט די דאָזיקע ראַבינערס.

אין 1918 זענען די דייטשן אַוועקגעגאַנגען און עס איז אַנטשטאַנען אַ נייער פּראָבלעם, אין דער נייער סיטואַציע פון פנים אל פנים מיט דער ניי־אַנשטאַנענער פוילישער מדינה. עס זענען אַנטשטאַנען נייע באַדינגונגען פאַרן חינוך און אויך געפאַרן. אַפילו אין דער „יודאאיקאַ״ פון ד״ר פאַזנאַנסקי האָט מען אָנגעהייבן מורא צו האָבן פאַרן מאָרגן און עס זענען נויטיק געוואָרן נייע סיסטעמען. דאָ האָט מען אָנגעהייבן צו פאַרשטאַרקן די ישיבות. איך מיין נישט די צאָל ישיבות, נאָר זייער אינהאַלט. דער געדאַנק „וואָס איז חינוך״ האָט אָנגעהייבן באַשעפטיקן די מוחות. מיר קענען די ראָלע און דעם איינפלוס פון די ישיבות אויף די גאַליציאַנער און אויף די אונגאַרישע יידן. קרוין־פוילן האָט קיין ישיבות נישט

געהאַט. תורה האָט מען געלערנט ביים רבין. אונטערן דרוק פון די ליטוואַקעס זענען אויך אין פוילן אַנטשטאַנען ישיבות און שליסלעך זענען געשאַפן געוואָרן גרויסע תורה צענטרען.

וואָס איז געווען דער ציל פון דער ישיבה און וואָס האָט מען אין זיי געלערנט? וואָס איז געווען דער ציל פון חפץ־חיים? פון נאָוואָגרודעק? פון דער סלאָ־באָדקער ישיבה?

מיר האָבן דערמאָנט ד״ר פּאָזנאַנסקיס אינסטיטוט אין וואַרשע, וואָס האָט געהייסן „רבנישע פאַרפאָלקאָמונג״. די ניי־אַנטשטאַנענע פּוילישע מדינה האָט זיך געגנויטיקט אין מיליטערישע ראַבינערס און מען האָט אויך געדאַרפט רעליגיע־לערער. אין פוילן איז רעליגיע געווען אָבליגאַטאָריש און דער פּאָזנאַנסקי־אינס־טיטוט איז אומגעפער געגאַנגען אויפן וועג פון שאַפן די דאָזיקע רעליגיע־לערער. פרומע יידן האָבן קיין סך סימפּאַטיע צו דעם אינסטיטוט נישט געהאַט. דערנאָך איז אַנטשטאַנען די תחכמוני־שולע. זי איז געווען אַ זייער פרומע אָבער ווידער־אַמאָל אַ נייע רבנישע שולע. אָבער פריער איז עס ביי יידן נישט געווען. יידן האָבן געלערנט נישט, כדי צו ווערן רבנים, נאָר ווייל זיי דאַרפן קענען לערנען פאַר זיך אַליין. עס איז בכלל נישט געווען דער באַגריף פון ענדיקן אַ שולע. ביי יידן ענדיקט מען נישט! מען ענדיקט די תורה און מען הייבט זי גלייך ווידער אָן. אַ ייד דאַרף שטענדיק וויסן, אַז ער ווייס גאָרנישט.

נאָכן ענדיקן די תחכמוני־שולע איז מען ערשט געפאָרן אין אַן אַנדער ישיבה, כדי ווייטער צו לערנען און עס איז אַנטשטאַנען אַ נייע אינסטיטוציע — דער „לערער־סעמינאַר״ פאַר רעליגיע־לערער (1924 — 1930), ס׳איז אַנטשטאַנען דער פרידענזאָן־סעמינאַר (וואָס איז באַשטאַנען ס׳רוב פון געוועזענע חסידים) מיט אַן אייגענעם צוגאַנג צו יידיש־לשון (באַווירקט פון ד״ר שלמה בירנבוים).

גלייכצייטיק זענען געגרינדעט געוואָרן גרויסע שולעס, וואָס זייער ציל איז געווען צו ראַטעווען יידישע טעכטער. עס איז נעמלעך אַנטשטאַנען אַ פּראָבלעם, ווי אַזוי מען זאָל פאַרמירן יידישע טעכטער, וואָס זאָלן נישט זיין הינטערשטעליק אין באַצוג צום מאָדערנעם לעבן. דאָס זענען געווען די בית־יעקב־שולעס, וואָס האָבן אַדאָפּטירט דעם יידיש פון שלמה בירנבוים. די דאָזיקע שולעס האָבן דער־וויזן, אַז יידישע טעכטער קענען אויך לערנען תנ״ך. אגב האָט דער בייער טיפּ מאַן געפאָדערט די צופאַסונג פון דער פרוי. יידישע טעכטער זענען טאַקע געגאַנגען אין די גימנאַזיעס. אָבער עס איז געווען נויטיק אויך צו זאָרגן פאַר זייער יידישן חינוך. אין ישראל זענען היינט פאַראַן אַ פּאָר הונדערט פרויען פון די בית־יעקב־שולעס און זייער ציל איז צו פאַרנעמען זיך מיט דערציאונג, חתונה האָבן מיט מענער, וואָס זאָלן זיצן און לערנען און די פרויען זאָלן זיין די פרנסה־געבערינס.

אין די אַלע נייע אַנשטאַלטן האָט זיך נישט געהאַנדלט אין קאָנקורענץ, נאָר אין דערציען יידן, אין יידישקייט. דערנאָך זענען אַנטשטאַנען אַ סך קלענערע ישיבות. די חפץ־חיים־ישיבה איז געווען געבויט אויף מוסר, אויף וויניקער לערנען און מער טאָן. די ישיבות היינט צו טאָג אין ישראל און אין דער גאָרער וועלט, געשאַפענע פון פוילישע יידן זענען אויך ישיבות מיט מוסר. און אַמאָל האָט מען נישט געטראַכט, אַז מען לערנט, כדי צו ווערן אַ רב. לערנען איז

יידישקייט. מען לערנט פאַר זיך, כדי צו זיין אַ ייד. אָט דאָס איז געווען און דאָס איז חינוך.

אַ צייט האָט מען זיך געשראָקן, אַז די נייע ישיבות וועלן זיין צופיל מאָדערן. אין סלאָבאָדקע האָט מען געלערנט הלכה און די לובלינער ישיבה איז ווידער געווען מיט אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. דער גרינדער פון דער ישיבה, דער לובלינער רב, איינער פון אונדזערע גרויסע גייסטיקע פירער, איז געקומען צו אַ מאָדנעם אויספיר: ברויט מיט זאַלץ זאָל מען עסן? וואַסער זאָל מען טרינקען? ניין! אַ יידישער לערנער דאַרף נישט לעבן אין נויט! ער האָט געזוכט צו שאַפן אַ סטאַטוס פאַר אַן אייגנאַרטיקן לעבן פון אַ יידישן לערנער. „איך זוך נישט צו שאַפן קיין רבנים — האָט ער געזאָגט — איך זוך צו שאַפן מבינים אויף רבנים". ער האָט דערמיט געוואָלט אויסשמידן אַ יידישע עליטע און די עליטע איז אַנטשטאַנען מיט אייגענע און נישט מיט קיין קליימס־געלטער!...

אַ באַזונדערע ראָלע האָבן געשפּילט די מלמדים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין רעכט צו זיין מלמדים. וויפל האָבן זיי בייגעשטייערט פאַר אויפהאַלטן יידישקייט און וויפל נויט האָבן זיי געליטן! מען דערציילט וועגן אַזאַ מלמד, וואָס האָט זיך געשמדט און איז געוואָרן אַ פּראָפעסאָר ביי די גוים. אויף דער דער פראַגע פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ס'איז באַקוועמער צו זיין ביי „זיי" אַ פּראָפעסאָר, ווי אַ מלמד ביי יידן... יידישע מלמדים האָבן זיך אַלעמאָל מוסר נפש געווען פאַר זייער מיסיע און לײדער איז עס נאָך היינט צו טאָג נישט אַנדערש. ווי זעט אויס אַ ייד אַ מלמד, אַ שרייבער, אַ פּאָעט אין פאַרגלייך מיט אַ פאַריזער יידן פון 16־טן אַראָנדיסמאַן, וואָס האָט ביי זיך אַ רייכע זאַמלונג פון בילדער?... דעריבער האָט דאָ אפשר נישט געדאַרפט פאַרקומען קיין סימפּאָזיום וועגן געוועזענעם יידישן לעבן, נאָר אַ יזכור נאָכן געוועזענעם יידישן לעבן.

ווען מען האָט אונדז אין די יאָרן 1940 — 1944 צוזאַמענגעשלעפּט אין לאָדזשער געטאָ האָט מען געוואָלט נישט זיין בטלנים, נאָר שניידער, כדי צו האָבן אַ טאַלאָן אויף עסן. אָבער אין יענע טראַגישע טעג האָבן לערער, אַמאָליקע קאָמוניסטן, פּועלי־ציוניסטן און אָנגעהעריקע צו אַנדערע פּאַרטייען, באַשלאָסן נישט צו לאָזן די קינדער אויף הפקר. נישט געקוקט אויף די גרויסע געפאַרן האָבן זיי געלערנט קינדער יידישקייט. זיי זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם נישט כדי צו פאַרדינען חס ושלום. דאָס איז געווען חינוך.

די חז"ל האָבן געלערנט, אַז דו זאָלסט לערנען דיין קינד. אויב די תורה זאָגט אָן, אַז דו זאָלסט לערנען אַ פרעמדן (און עס איז אַ געזעץ), איז דאָך קלאָר, אַז דו דאַרפסט אויך לערנען דיין אייגענעם זון, וואָרעם עס ווערט געזאָגט: דיין זון איז פריער פון דיין זונס זון, דיין זונס זון איז פריער פון דיין פריינדס זון. דער רמב"ם זאָגט, אַז די ערשטע פליכט פון חינוך איז אָנצוהייבן ביי זיך אַליין, פון זיך. ערשט דערנאָך האָסטו אַ רשות זיך צו פאַרנעמען מיטן חינוך פון פרעמדע. קוים אָבער איז דיין אייגענע שטוב אויסגעליידיקט פון יידישקייט, האָסטו נישט קיין שום רעכט צו זאָרגן וועגן דער יידישקייט פון אַנדערע.

פּאַריז, 1965.

# המשך פון מזרח־אייראָפּע און ארץ־ישראל

פון ד״ר שלמה ביקל (ניו־יאָרק)

איך האָב געטראַכט אַז אַ דאַנק דאַרף מען אַרויסזאָגן נישט ביים אָנהייב נאָר ביים סוף. דערפאַר האָב איך מיך אָפּגעהאַלטן ביי דער דערעפענונג, צו זאָגן ווי דאַנקבאַר כ׳בין דעם „יידישן וועלט־קאָנגרעס״ און דעם פריינד אַרמאַן קאַפּלאַן פאַרן פאַרבעטן מיך זיך צו באַטייליקן אין דער היינטיקער קאָנפערענץ. איך האָב מיך צוגעהערט צו די רעפעראַטן, צו די דעבאַטן ווי ס׳איז מיר געווען מעגלעך, און ביי מיר איז פאַרבליבן דער סך־הכל פון אַ שיינער און נוצלעכער קאָנפערענץ. דריק איך אויס מיין דאַנק דעם וועלט־קאָנגרעס און פריינד אַרמאַן קאַפּלאַן אוז כ׳בין צופרידן וואָס כ׳קען עס דאָ טאָן עפנטלעך.

די טעמע האָט איר געהערט. כ׳וויס נישט צי אַקוראַט איז טאַקע די טעמע פונקט אַזוי ווי דאָס וואָס כ׳האָב צו זאָגן אָבער דאָס איז אַלעמאָל אַזוי: דער משל הינקט תמיד אונטער, אַבי דער נמשל איז גוט. איך האָף אַז דער נמשל וועט זיין דער וועלכן מיר האָבן אַלע גע׳פּלאַנעוועט אַז ער זאָל דאָ געזאָגט ווערן.

איך וועל אָנהייבן מיט עטלעכע באַמערקונגען וועגן דער באַוועגונג וואָס האָט גורם געווען צו מדינת ישראל, איך מיין וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועגן ציוניזם; וואָס שייך דעם פאַרנעם פון דער דרויסנדיקער קאַטאַסטראָפע, זענען די לעצטע זיבעציק יאָר געשיכטע בלי ספק אָן אַ גלייכן אין דער לאַנגער גלות־היסטאָריע, אָבער אויך אין פּרט פון אינעווייניקסטן נאַציאָנאַלן אויפברויז, אין פּרט פון אידעאַליסטישן שווונג און פון געזעלשאַפטלעכן פאַרמעסט האָבן די לעצטע זיבן צענדליק יאָר קוים זייער גלייכן אין די הונדערטער און הונדערטער יאָרן זינט דעם חורבן בית שני. עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז אויך אין דער געשיכטע בכלל קענען די דאָזיקע בערך 70 יאָר יידיש לעבן געשטעלט ווערן באַנאַנד מיט די סאַמע זעלטנסטע און פאַרביקסטע געזעלשאַפטלעכע ספּעק־טאַקלען פון דער צייט. און ווען איך זאָג דאָס, האָב איך נישט פאַרגעסן, אַז די מענטשלעכע היסטאָריע האָט פאַר די לעצטע הונדערט און זיבעציק יאָר געהאַט צו פאַרצייכענען גוואַלטאָוונע סאָציאַלע אויפטרייסלענישן ווי די רעוואָלוציע אין פראַנקרייך א. אַנד. אודאי האָט דער פראַנצויזישער אויפברויז אין יולי 1789 און דערנאָך דער רוסישער אויפרייס פון אָקטאָבער 1917 פאַרפלייצט די וועלט מיט זייער גייסטיקער השפעה און געשאַפן אַן איבערקערעניש אין די באַציאונגען צווישן קלאַסן, פעלקער און מלוכות. אין פּרט פון געאָגראַפישן אויסשפרייט, פון איינפלוס

און אויך אין פרט פון היסטאָרישן קולטור אָפּקלאַנג קאָן פאַרשטייט זיך קיין שום אַנדער פּאָליטישע געשעעניש פון דער מאָדערנער צייט נישט פאַרגליכן ווערן נישט מיטן באַסטיליע־שטורעם אין פּאַריז, און נישט מיטן אַרבעטער־אויפשטאַנד אין פּעטראָגראַד. אָבער אויפן שטח און אין די ראַמען פון בלויז איין פאָלק, פון יידישן פאָלק, האָט דער שטילער אויגוסט־טאָג פון 1897, ווען טעאָדאָר הערצל האָט געעפנט דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין דער שווייצאַרישער שטאָט באַזעל און דערמיט יענעם נייעם אָפּשניט יידיש לעבן, וואָס הייסט ציוניזם, באַדייט נישט ווייניקער אידעאישע רעוואָלוציע, ווי יענע וועלט־היסטאָרישע טעג פון יולי אין פּאַריז און פון אָקטאָבער אין פּעטראָגראַד.

פון דער פּערספּעקטיווע פון די אָפּגעלאָפענע זיבעציק יאָר, לאָזט זיך ערשט זען וואָס פאַראַ אויסנעמלעכן כח און וואָס פאַראַ רעוואָלוציאָנערע אינטענסיווקייט עס האָט פאַרמאָגט די באַזעלער פּראָגראַם־פאָרמולע פון אַן עפנטלעך־רעכטלעכע היים פאַרן יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע. נישט בלויז מוז מען בלייבן שטיין אַ דערהויבן־פאַרחידושטער פאַר דער איבעראַנדערשונג פון יידישן קיום, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער היסטאָריש־געוואָרענער רעזאָלוציע פון דעם אימפּראָוויזירטן צוזאַמענפאָר, נאָר נאָך מער פאַרכאַפּט דעם אָטעם מיט וווּנדער און מיט לויב דער פאַקט, וואָס דאָס פייער פון גאולה, וועלכן דער גרויסער מאַן אין דער שפּיץ פון יענע צוויי הונדערט אין באַזעל האָט אָנגעצונדן מיט אַזוי פיל תמימות און מיט אַזוי פיל דרייסטקייט, האָט אין די יאָרן זינט דאַמאָלסט געהאַלטן אין איין וואקסן און אָנצינדן נייע פלאַמען, אין איין אויסשפּרייטן נייע שיכטן פון פאָלק ביז עס האָט אַרומגענומען אין איין פלאַקער דאָס גאַנצע הויז ישראל. אין די זיבעציק יאָר איז די ציוניסטישע רעוואָלוציע געוואָרן אינטענסיווער, מאַקסי־מאַליסטישער אויף אַלע געביטן אין דער טעאָריע און אין דער פּראַקטיק. פּראָגראַ־מאַטיש האָט דער ציוניזם אַוועקגעשפּאַנט פון דער באַזעלער עפנטלעך־רעכטלעכער היים ביז צו דער באַלטימאָרער פאָרמולע פון אַ יידישער מלוכה און ביז צו דער פּראָקלאַמירונג פון דער יידישער מדינה מיט זעכצן יאָר צוריק; גייסטיק — ביז צום אידעאַל פון נאַציאָנאַלער קולטור־באַנייאונג; אידעאַליסטיש — פון פּאַטעטישע פאַרזאַמלונגס־רייד ביז חלוצישער זעלבסט־פאַרווירקלעכונג; חלוציש — פון יחידי־סגולהשער קרבנות־גרייטקייט ביז קאָלעקטיווער מסירות נפש, פון עליה ב׳ און בריחה ביז אַ קאָלעקטיווער שאַפונג, פון געציילטע עטלעכע טויזנט פּיאָנערן צו אַ מלוכהש אָרגאַניזירטן ישוב פון אַריבער צוויי מיליאָן יידן.

אַזאַ לאַנגער אָטעם פון העראָאישער, פּאָליטישער און מאָראַלישער אַקטיווקייט, ווי עס האָט עס באַוויזן די ציוניסטישע רעוואָלוציע, איז אַ בפירושע אויסנעמ־לעכקייט אין דער געשיכטע פון געזעלשאַפטלעכע אויפטרייסלונגען. נישט נאָר וואָלט מען נישט געקאָנט אויסרעכענען — כמה וכמה גרייזן פונעם ציוניזם אין משך פון יאָרן זינט זיין אָרגאַניזאַטאָרישן וועג, נאָר נאָכדעם ווי מען האָט געמאַכט דעם סך־הכל פון אַלע קריטישע באַמערקונגען, קומט מען צום אויספיר, אַז זיי זענען אין תוך געווענדעט אויף אַ פאַלשן אַדרעס. וואָרעם נישט די תורה איז שולדיק, נאָר דאָס פאָלק האָט נישט אַלעמאָל מיט דעם זעלבן ברען און מיט דער זעלבער געטריישאַפט געהיט זיין תורת חיים, ווי אין פּסוק שטייט:

ויזנו אחרי אלהים אהרים — און זיי זענען נאָכגעגאַנגען נאָך פרעמדע געטער. און נאָכגעגאַנגען זענען זיי נאָך פרעמדע געטער גראָד דאַמאָלסט, ווען אין יענע געציילטע, פרייע איינוואַנדערונגס־יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דער גאָט פון זייער אייגן לאַנד געווען גרייט אויפצונעמען זייער גאָב און זייער קרבן.

פון די צוויי פּראָגראַמען, וואָס זענען אויפגעקומען אין 1897, אין יענעם גורלדיקן יאָר פון אונדזער געשיכטע איז אין תוך, דער רעוואָלוציאָנערער פּראָגראַם געווען נישט דער „בונד", נאָר דער ציוניזם — דער ציוניזם, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין דעם העל־באַלויכטענעם קאַסינאָ־זאַל פון גוייִשן באַזעל און נישט דער „בונד", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה אין דער ייִדישער ווילנע.

אינהאַלטלעך האָט דער רעוואָלוציאָנערער „בונד" אַקצעפּטירט די קאָנסערוואַטיווע ייִדישע קיום־אידעע. דער בונדיסט האָט באַגלייך מיט אַלע פרומע רבנים, באַגלייך מיט אַלע באַלעבאַטישע ייִדן און מיט אַלע אַסימילירטע אינטעליגענטן פון זיין צייט געהאַלטן, אַז מיר ייִדן זענען און מיר בלייבן על פי גורל אַן אומה צעזייט און צעשפּרייט צווישן די פעלקער און אַז מיר מוזן איינאָרדענען אונדזער לעבן צווישן זיי, ווי אַ שטענדיקער מיעוט. דער פרומער ייִד האָט געזוכט אָנהאַלט פאַר קיום אין דער קולטור־אָפּגעזונדערטקייט פון זיין ייִדישן שטייגער. דער אַסימילירטער אינטעליגענט — אין דער קולטורעלער צופּאַסונג צום אַרומיקן לעבן. דער בונדישער אַרבעטער האָט אָנגעשפּאַרט זיין ווילן צו קיום אויף דער פּאָליטישער קאָאַליציע פון סאָציאַליסטישן געזעלשאַפט־אידעאַל. דאָס נייע, דאָס רעוואָלוציאָנערע, וואָס דער „בונד" האָט יאָ אַריינגעבראַכט אין ייִדישן לעבן, איז געווען פאַר אַלעמען דער אַנדערדיקער אופן פון קאַמף, זיין מעטאָדע פון אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן פּאָגראָמען און קעגן רדיפות. עס וואָלט געווען אַן אומרעכט צו וועלן מינימיזירן דעם אומפאַרמינדלעכן היסטאָרישן פאַרדינסט פון דעם „בונד'ס" אויפטו אין דעם פּרט. דער אַקטיווער ווידערשטאַנד פונעם בונדישן זעלבסטשוץ, פון דער בונדישער דעמאָנסטראַציע, פון דער בונדישער באָיוווקע, האָט בלי ספק געהאָלפן אויסגלייכן דעם רוקן ביים ייִדישן פאָלקס־מענטש און אים באַפרייט פון אַ היפּש ביסל געזעלשאַפטלעכן מורא־קאָמפּלעקס. דער קאַמף פון „בונד" האָט געוועקט און געשטאַרקט אין דעם ייִדישן יחיד דאָס געפיל פון זעלבסטווירדע און פון פערזענלעכן מוט און האָט באַרייכערט אונדזער העלדן־גאַלעריע מיט אַזעלכע געשטאַלטן ווי הירש לעקערט און אַ שפּאָר ביסל זייך־גלייכן, ווי אַרטור זיגלבוים. אָבער די בונדישע רעוואָלוציאָנערישקייט איז פונדעסטוועגן געווען און פאַרבליבן, ווי יוריסטן זאָגן, אַ פּראָצעדוראַלע, בלויז אַ רעוואָלוציאָנערישקייט פון קאַמף פאַרן אידעאַל און נישט פאַרן אידעאַל גופא! אין תוך האָט דעם „בונד'ס" אידעאַל־בילד פון ייִדישן קיום נישט אַריבערגעשפּרייזט די קאָנסערוואַטיווע גרענעצן פונעם פּאַקטישן לעבן אין תחום המושב און זיך נישט פאַרמאָסטן אויף עפּעס אַנדערש.

אויף אַ רעוואָלוציע אין דער פראַגע פון ייִדישן קיום האָט זיך פאַרמאָסטן בלויז דער ציוניזם און קיין דרייסטערן ציל האָט זיך דוכט מיר קיין שום רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון דער צייט נישט געשטעלט. די ציוניסטישע תוך־

רעוואָלוציע האָט אין זיך געהאַט אַזאַ גוואַלטאָוונע, אידעאישע און אידעאַליסטישע שטויס־קראַפט, אַז זי האָט עס בהדרגה אַרויפגעדרונגען אויף דער אידעאָלאָגיע פון די פּראָגראַמען פון דורכאויס אַלע יידישע גרופּירונגען און אַלע יידישע פּאַרטייען.

וואָס שייך אַלע איבעריקע יידישע גרופּעס איז נישט פאַראַן קיין איינע וואָס אין איר אידעאַל זאָל נישט געווען אַריינדרינגען דער ציוניזם און זיך מיט איר נישט געווען באַהעפטן אויף אַ מער אָדער ווייניקער סאָלידן אופן.

די דינאַמיק פון דער ציוניסטישער רעוואָלוציע האָט גובר געווען אַ היפּש ביסל טעאָלאָגישע באַוואָרעניַשן ביי די יידישע אָרטאָדאָקסן נישט בלויז אויף צו שאַפן אַ פרומע יידישע פּאַרטיי מיט אַן אויסגעשפּראָכן־ציוניסטישער אָריענ־טאַציע ווי „מזרחי”, נאָר האָט אויך געמאַכט די „אגודת ישראל”, אויב נישט אַלע־מאָל אָרגאַניזאַטאָריש, איז אָבער אַלעמאָל אידעאיש, פאַר אַמיטגייערין מיטן ציוניזם. ווי טיף און ווי תוכיק עס איז געווען די גייסטיקע אויפטרייסלונג, וואָס דער ציוניזם האָט גורם געווען אין דעם ייד פון דער פרומער וועלט, איז צו זען פון דער צאָל פרומע חלוצים אין די קיבוצים אין ישראל. אָבער נאָך מער דערפון וואָס דער „מזרחי”, דוקא דער „מזרחי”, איז אין פּרט פון פּאָליטישער קאַמף־טאַקטיק צום נאָענטסטן צום רעוויזיאָניזם פון אַלע אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען. די רעוואָלוציאָנערישקייט פונעם ציוניסטישן אידעאַל האָט דעם פרומען „מזרחי” געשטויסן אויפן וועג פון אַקטיוויסטישער קאַמף־טאַקטיק און פון פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערער פּראָצעדור, וואָס אין שייכות דערמיט, מוז דער פרומער ייד אין זיך גובר זיין אַ היפּש ביסל טעאָלאָגישע באַוואָרענישן. און נישט בלויז דער אָרטאָדאָקסישער ייד, נאָר אויך דער אַסימילירטער, האָט סוף כל סוף דערפילט דעם הייסן אָטעם פון דעם רעוואָלוציאָנערן שווונג פונעם ציוניזם אין יידישן לעבן און ער האָט זיך אונטערגעגעבן. דער אַסימילירטער ייד מיט דעם באַגער פון נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג פאַר זיך און פאַר זיין משפחה איז מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם פייערדיקן ווילן פון די אַנדערע צו לאַנד און צו קיום און ער האָט לכל הפחות צייטווייליק קאַפּיטולירט. עפּעס אַ זיכערער אינסטינקט האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז ער וועט נישט קענען פריער נאַציאָנאַל אונטערגיין ביז יענע וועלן נישט האָבן נאַציאָנאַל אויפגעגאַנגען, ד. ה. ביז די ציוניסטישע רעוואָלוציע וועט נישט האָבן בשלימות פאַרווירקלעכט איר אידעאַל פון אַ יידיש פאָלק אין פון אַ יידיש לאַנד., נישט בלויז זיין גרייטקייט צו העלפן די אָרעמע ברידער, וואָס ווערט דיקטירט פון מענטשלעכער גערעכטיקייט און פון בלוט־קרובהשאַפט, טרייבט דעם אַסימילאַטאָרישן יחיד און די אַסימילאַטאָרישע גרופּעס צו שטיצן מדינת ישראל, ווי איר ווייסט עס אַלע, נאָר קודם כל דאָס זיכערע געפיל און דער קלאָר געוואָרענער געדאַנק, אַז די מעגלעכקייט פון אַסימילאַציע פאַר יחידים איז אָפּהענגיק פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַרן כלל.

דער ציוניזם האָט מנצח געווען. די הערצלישע וויזיע אַז „אין באַזעל האָב איך געגרינדעט די יידישע מדינה” איז מקויים געוואָרן. וואָס איז געווען דער כח פון דער ציוניסטישער אידעע? מיר דוכט, אַז דער כח פון דער ציוניסטישער אידעע איז באַשטאַנען אין איר גרויסער סינטעטיזירונג פון אַלע אידעען פון

יידישן פאָלק און פון יידישער געשיכטע, וואָס באַשיצן און זיכערן דעם קיום פון דער יידישער אומה. אין דער גרויסער היסטאָרישער דעבאַטע, וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן די צוויי סימבאָלישע יוחנן׳ס פון אונדזער געשיכטע, כ׳מיין יוחנן בן זכאי פון יבנה און יוחנן פון גוש חלב, האָט דער ציוניזם געוואָלט זיין די סינטעזע. די אידעע פון ציוניזם איז געווען אי יבנה וחכמיה אי גוש חלב וגבוריה,ביידע אין דינסט פון לאַנד און פאָלק־באַנייאונג. די עיקר־פאַקטאָרן פון יידישן קיום זענען: א) די אמונה, ב) דאָס יידישע לאַנד, ג) דאָס יידישע פאָלק.

די יידישע אמונה, די יידישע כנסת ישראל, וואָס איז געווען די טרעגערין פון דער דאָזיקער אמונה און יידה, און די שטענדיק וואַכע פאַרבינדקייט מיט ארץ־ישראל האָבן ווונדערלעך קאָאָפערירט אין דעם אָנהאַלט פון יידישן פאָלקס־קיום. די שטענדיקע פאַרבינדנקייט מיט ארץ־ישראל איז אייך אַלעמען באַוווסט. מיר אַלע וואָס זענען דאָ, מיר אַלע וואָס האָבן געלערנט אין חדרים, וואָס קומען פון פרום־יידישע שטובן, מיר אַלע האָבן געלעבט מיט דער פאַונאַ און מיט דער פלאָראַ און מיט דער גאַנצער געאָגראַפיע פון ישראל. עס איז פאַר אונדז אַלעמען געווען ממשותדיקער ווי די פלאָראַ און פאַונאַ פון אונדזער אַרום. די באָקסערן, די פיפערנאָטערס, אַ שאַקאַל א. אַנד. זענען אונדז געווען נענטער, אָדער לכל הפחות אַזוי נאָענט ווי די פּאַקטישע לאָקאַלע אַרומרינגלונג. עס זענען געווען מאָמענטן אין אונדזער געשיכטע, ווען דער שונא האָט זיך פאַרמאָסטן עוקר מן השורש צו זיין דעם יידישן דין און אָפּצומעקן דאָס יידישע פאָלק און דאָס יידישע פאָלק איז אין די דאָזיקע מאָמענטן געשטאַנען ערב אונטערגאַנג. אַזעלכע מאָמענטן — איך רוף זיי אָן מודיעין־מאָמענטן, אויף דעם נאָמען פון דעם פאָטער פון די חשמונאים פונעם דאָרף מודיעין און דעם כהן מתתיהו — אַזעלכע מאָמענטן זענען געווען, ווען עס האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן אונדז אנטיוכוס אפיפנס און אַן ערך צוויי טויזנט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער דער גרעסטער יידישער צורר אַדאָלף היטלער ימ״ש. דאַמאָלסט, אין ערשטן מודיעין, האָט דער כהן מתתיהו אויפגעהויבן זיין שטים קעגן דער פאַרלענדונג און אין מודיעין פון אונדזער צייט, האָט הערצל אויסגעשריען, אַז דאָס ערשטע איז דאָס לאַנד באַקומען. דער גרויסער זעער טעאָדאָר הערצל האָט דורך דער אינספּיראַציע פון רוח הקודש אַרויסגעבראַכט דעם רוף פון „יודען־שטאַאט״ מיט פופציק יאָר איידער ס׳איז אויפגעשטאַנען די מדינה טאַקע אַ דאַנק אָט דער רעכטצייטיקייט פון אָנגיין מיט דער מאָביליזאַציע פון די פאָלקס־כחות פון יידישן קיום, וואָס האָט ביים סאַמע ראַנד פון אונטערגאַנג, זיך געקענט אַנטקעגנשטעלן דעם פאַרטיליקער. ביידע מאָל האָט דאָס פאָלק מנצח געווען. די חשמונאים האָבן פונדאָסניי אָנגעצונדן דאָס פייער פון יידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק. דער מאַן בערטראַנד ראַסל אין זיין געשיכטע פון דער מערבדיקער פילאָזאָפיע זאָגט, אַז די חשמונאים האָבן מיט זייער נצחון אָפּגעראַטעוועט נישט נאָר דאָס יידישע פאָלק, נאָר אויך דאָס קריסטנטום. זוען אנטיוכוס וואָלט געווען געזיגט, וואָלט קיין יידנטום נישט געווען און ממילא וואָלט אויך נישט אויפגעקומען קיין קריסטנטום און ממילא, וואָלט דאָס, וואָס מיר רופן אָן קריסטלעכע ציוויליזאַציע, וואָס דאָמינירט די היינטיקע מערב־וועלט,

וואָלט די דאָזיקע קריסטלעכע ציוויליזאַציע נישט געווען עקזיסטירט. עס האָבן אין אונדזער צייט, יידישע בחורים און מיידלעך זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער מלחמה און געקעמפט קעגן היטלערס חיילות און געהאָלפן אַזוי אַרום אָפּראַטעווען דאָס יידישע פאָלק פון אומקום. אָבער כדי צו זיכערן די פאָלקס־עקזיסטענץ נאָכן נצחון האָט געמוזט מיט דער פולער קראַפט פונקציאָנירן און וואַך זיין און ווערן אַ ממשות די קאָאָפּעראַציע צווישן אַלע פאָרמען פון פאָלקס־קיום. אודאי זענען די דרויסנדיקע פאַקטאָרן אַ גרויסער פּראָבלעם פאַרן לאַנד ישראל און אויך פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל. אָבער נאָך שווערער איז אפשר די פּראַגע פון מיזוג גלויות אין דער מדינה און די נאָך מער שווערע פון שווערערע, איז דער פּראָבלעם פון דער ווירקונג פון די אַלע פאַקטאָרן אויף דער מדינה פאַר אַ ריכטיקער און פרידלעכער עפעקטיווער קאָאָפּעראַציע, פאַרן יידישן פאָלקס־קיום. עס מוז זיך איינשטעלן די נויטיקע אינטים־באַוווסטזיניקע קאָמוניקאַציע צווישן די אַלע הויפּט־פאַקטאָרן. איך האָב איייניקע מאָל פאַרבראַכט אין דער יידישער מדינה לאַנגע וואָכן, אָבער כ'האָב מיר נישט געקענט דאָס אַלץ קלאָר מאַכן, ווי די זאַך זעט אויס, ווייל איך בין אַלעמאָל אַדורכגענומען פון דעם איינעם גרויסן נס וואָס הייסט יידישע מדינה. איך בין די גאַנצע צייט געווען אַריינגעטאָן אינעם היסטאָרישן וואונדער, אין וועלכן כ'האָב מיך איינגעקוקט, אין דעם סך־הכל, וואָס הייסט אויסשמידונג פון איין פאָלק, פון אַ ניי פאָלק. איך שטרייך עס אונטער, פון אַ ניי פאָלק. איך האָב מיך איינגעקוקט אין דעם וואונדער פון ספּעקטאַקל פון דער אויסשמידונג פון אַלערליי שבטים און פון די אַלע פאַרשידענע קולטורן אונטער וועלכע די שבטים האָבן אין משך פון הונדערטער יאָרן געלעבט און צו דעם ספּעקטאַקל פון דער אויסשמידונג פון גרויסן וועלט־פאָלק און כ'האָב געפּרוווט אַרויסשיילן די הויפּט־עלעמענטן אין וועלכע אַזאַ פאָלקס־באַשאַף קען זיך אָנשפּאַרן און מיר דוכט, אַז אָט זענען זיי און כ'וועל פּרובירן זיי בקיצור אָנרופן און פּרובירן אויך בקיצור צו באַגרינדן. פאַר לענגער איז אודאי נישטאָ קיין צייט. ראשית: א) פערזענלעכע פרייהייט. ב) צוגעבינדקייט צו ערד. ג) סאָציאַלע אחריות. ד) המשך פון יידישקייט. וועגן ערשטן מוז איך זאָגן אַז די יידישע מדינה קען נישט זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ פרייע, דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט. זי איז אַן ענין פון פרייוויליקער חברשאַפט על פי געמיט און גורל. אַן ענין פון פרייוויליקער חברשאַפט פאַר בשותפותדיקער אַרבעט און לאַנדבויאונג. און בלויז אַ פרייע, דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט, ווי מדינת ישראל, קען זיין דער צענטער פון די מיליאָנען יידן, וואָס לעבן אין די פרייע לענדער פון דער מערב־וועלט. וועגן צווייטן: דער ענין פון צוגעבונדנקייט צו דער ערד, האָט אַ חוץ דעם טעאָלאָגישן אַספּעקט נאָך איינעם, אַ גאָר וויכטיקן. ער האָט אויך אַ וועלטלעך־פּסיכאָלאָגישן אַספּעקט. עס איז נישט בלויז אַן ענין פון דער זינד, פון ווידערשפּעניקייט צו גאָט און דערפאַר זענען מיר פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד, נאָר אויך דער חטא פון אומגעטריישאַפט צו דער ערד, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן פאַר אַן אייגנטום. די ניי־אויפגעקומענע יידישע מדינה דאַרף, ווי מיר דוכט, באַשאַפן אַ מענטש, וואָס זאָל נישט בלויז ליב האָבן די יידישע ערד און זיין באַהעפט מיט איר פון אַרבעט און בויאונג, נאָר זי דאַרף אויסשמידן אַ טיפּ מענטש, וואָס די

יידישע ערד זאָל ביי אים זיין ווי אַן אייגן קינד, וואָס אַ מאַמע וועט זיך פון אים נישט אָפּזאָגן און וועט עס נישט פאַרלאָזן. דער פויער מיט דער פויערישער ליבשאַפט צו ערד פאַרלאָזט נישט דאָס לאַנד. ער גייט נישט אין גלות, ער בלייבט אויף זיין ערד אונטער אַלע באַדינגונגען, אונטער אַלע אייגענע און פרעמדע רעזשימען. עס איז נויטיק אַ נייע באַציאונג צווישן דעם נייעם ייד און דער אַלט־נייער ערד, ווייל אין תוך, דוכט זיך מיר, האָט נישט דער גלות איבערגעריסן דעם דאָזיקן בונד, נאָר דער בונד איז ווייזט אויס קיינמאָל נישט געווען אַזוי טיף, אַזוי פּראָסט־פּויעריש טיף, אַז ער זאָל נישט קענען איבערגעריסן ווערן, אָדער אַנדערש אויסגעדרייט, נישט ווייל די יידן זענען אַוועק אין גלות האָט זיך איבער־געריסן זייער ממשותדיקער בונד מיט דער ערד אין ישראל, נאָר ווייל עס איז מעגלעך געווען, אַז דער פּויער פון גליל, פון די ווייַנגערטנער פון יהודה זאָל זיך צעשיידן מיט זיין ערד, דערפאַר זענען יידן אַוועק אין גלות. די יידן האָבן געקעמפט אין משך פון דער לאַנגער היסטאָריע פאַר זייער מלוכהשער זעלבסט־שטענדיקייט, בימי בית ראשון און בית שני. יידן האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר זייער נאַציאָנאַלן כבוד. זיי זענען געגאַנגען אויף קידוש השם פאַרן אָנהאַלט פון זייער שיטה פון לעבן און גאָט־דערקענטעניש. אָבער יידן האָבן נישט געפירט דעם זעלבן עקשנותדיקן קאַמף פאַרן אָנהאַלט פון זייער ערד, פאַרן פאַרבלייב אויף איר. פאַראַן מאָמענטן אין דער געשיכטע פון אַ פאָלק, ווען דאָס פאָלק מוז האָבן כח מוותר צו זיין אפילו אויף פאָליטישער הערשאַפט צוליב זיין ערד און דאָך נישט אָפּטרעטן. דאָס איז דער אמתער טייטש פון מולדת, וואָס מען הערט אים אַזוי אָפט היינט אין ישראל, פאָטערלאַנד, וואָס דער נייער ייד אין ישראל לערנט און האָט זיך, ווי מיר דוכט, צום טייל אויסגעלערנט. וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויפן דריטן פונקט, וועגן סאָציאַלער אחריות: אין ישראל קען זיך דער עם אחד נישט אָנשפאַרן אויף פּראָספּעריטי. ישראל איז אַן אָרעמע מדינה און די קולטור־איינהייט צווישן די שבטים מוז זיך סומך זיין אויף דעם זעלבן כח פון נאַציאָנאַלן ווילן און פון נאַציאָנאַלן אידעאַליזם מיט וועלכע עס איז לכתחילה געבויט געוואָרן דער ישוב. די יידישע מדינה מוז און וועט מקיים זיין, זי וועט מוזן מקיים זיין די אַנזאָגענישן פון ר' בנימין פון פּרץ'עס טרויעריקער, איראָנישער דערציילונג „פיר דורות, פיר צוואות": ר' בנימין האָט געבעטן זיינע זין און איידעמעס אין דער דאָזיקער דערציילונג, זיי זאָלן זיך נישט אינ־גאַנצן אַריינטאָן אין הבל, נישט וועלן דווקא זיין גרויסע סוחרים, ווייל וואָס גרעסער דער סוחר, האָט פּרץ געשריבן, אַלץ קלענער דער ייד. און איך קען דערצו מוסיף זיין בשם פון מיין קלוגן פעטער, ר' שמעון פעטילעווער, — יעדער שרייבער מוז האָבן זיין קלוגן פעטער וואָס זאָל אים אַרויסהעלפן מיט אַ זאָג און מיט אַ געדאַנק — (אַפּלאָדיסמענטן) „אַז דער גביר — האָט ער געזאָגט, מיין פעטער ר' שמעון — האָט דעם באַגער צו מאַכן וואָס בעסערע געשעפטן, און אַז אַזוי אַרום וועט ער זיך וואָס בעסער אָנזען, — ווען מיר יידן זאָלן חלילה זיין אַ פאָלק פון גבירים וואָלטן מיר נישט דאָ געדאַכט — אַזוי האָט מיין קלוגער פעטער געטענהט, — זיך פונאַנדערגעפאַלן. יעדער גביר וואָלט אויפגעשטעלט ביי זיך אין הויז זיין אייגענעם באַרג סיני", און דאָס האָט טאַקע געמיינט די

גמרא ווען זי האָט געזאָגט: יאָה עניותא ליהודא, עס איז פּאַסיק — האָט זי געזאָגט, אָרעמקייט פּאַר יידן ווי אַ רויטער רימען אויף אַ ווייס פערד.

מיט דעם כח, מיט דעם עטישן, און לויט דעם פּאַרגלייך וואָס דער מדרש מאַכט אויך מיט דעם עסטעטישן, זענען יידן געבליבן אַ כלל ישראל אין באַרג סיני.

דער ישוב אין ארץ־ישראל האָט זיך געבויט אויף סאָציאַלער אחריות. היינט, ווען אונדזער דור איז באַרעכטיקט און מחוייב צו מאַכן דעם סך־הכל פון די סאָציאַלע חלומות וואָס האָבן באַגלייט אונדזער יוגנט און וואָס זענען אויף קיין פאַל, כ׳רעד דאָ וועגן מיר און מיינס גלייכן, נישט אויסגעוועפּט געוואָרן פון אונדזער האַרץ, מעג מען זאָגן אַז בדרך כלל איז דער קאָנסטרוקטיווער סאָציאַליזם פון דער הסתדרות, ווי איך זע אים, דאָס איינציקע לעבן־געבליבענע פּייערל פון סאָציאַליסטישן וועלט־חלום. איך שעם זיך נישט צו זאָגן און מיר דוכט אַז מען קען דאָס נישט אויסטייטשן ווי נאַציאָנאַלע איבערנעמערישקייט פון אתה־בחרת־ניזם, ווען איך וועל באַהויפּטן אַז דער עקספּערימענט פון די עטלעכע צענדליק יאָר, אין אַ היפּשער מאָס, פון געלונגענעם עקספּערימענט, כ׳וועל נישט זאָגן אַלע הונדערט פּראָצענט געלונגענע, אָבער אין אַ היפּשער מאָס געלונגענער עקספּע־רימענט, דער עקספּערימענט פון פריייוויליקער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט מיט אָנגעהאַלטענער פּערזענלעכער פרייהייט איז איינע פון די גרויסע דערגרייכונגען, אויב נישט איינע פון די סאַמע גרעסטע דערגרייכונגען, אויף וועלכע די סאָציאַ־ליסטישע הלכה און מעשה קען היינט נאָך אַלע חורבות און אַנטוישונגען שטאָלץ זיין.

דאָס באַרעכטיקט די האָפענונג און גיט אפילו אַ געוויסע מאָס פון זיכערקייט, אַז מדינת ישראל מיינט נישט בלויז קיום האומה נאָר אויך דעם קיום פון אַ יידישן נביאישן אידעאַל. קיום פון אַ תורה, וואָס וועט אַרויסגיין פון ציון. און מיר האָט אַמאָל געזאָגט אַ זייער וויכטיקער, זייער קלוגער ישראל־פירער אַז, אודאי דאַרף די מדינה האָבן קאַפּיטאַל. מיט קאַפּיטאַל בויט מען אַ לאַנד. אָבער קאַפּיטאַל, האָט ער מיר געזאָגט, מיט סאָציאַלער אחריות און ער האָט מיר, אַזוי פּאָלקסטימלעך געגעבן צו פאַרשטיין, מען גלויבט, איך גלויב, אַז תמיד האָט אַ משל מער קראַפט, דאָס וואָרט־בילד האָט מער קראַפט ווי דאָס בילד פון וואָרט, איז דאָס משל וואָס ער האָט מיר געגעבן, זייער סוגעסטיוו: צען יידן מיט איין דאָלאַר — האָט ער מיר געזאָגט — קענען דאָס זעלבע אויפטאָן און פעסטער בויען דאָס לאַנד ווי איין ייד מיט צען דאָלאַר. (געלעכטער אין זאַל) און צו דער סאָציאַלער אחריות, מיינע פריינד, געהערן אויך די רייד וואָס איך רעד צו אייך: סאָציאַליזם איז קודם כל אַ קולטור־פראַגע, נישט קיין עקאָנאָמישע פראַגע, אַ פראַגע ווי אַזוי די קולטור זאָל צוקומען צו וואָס ברייטערע קרייזן. ווי אַזוי מיר זאָלן האָבן וואָס מער מענטשן מיט אינטעלעקטן, וואָס מער טראַכטנ־דיקע מענטשן, וואָס מער מענטשן וואָס פאַרשטייען דעם פון וואַנען און וווהין צו גיין.

מיין זייער געערטער און זייער פאַרערטער חבר אליעזר שטיינבאַרג ז״ל איז אַמאָל פאַרבעטן געוואָרן צו אַ פּועלי ציון־גרופּע, כדי ער זאָל פאַר זיי רעדן וועגן סאָציאַליזם. וואָס האָט ער געוואָוסט צו זאָגן וועגן דעם, אַז ער האָט פּאַקטיש אפילו נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהייבן. האָט ער זיי געזאָגט: איך בין דאָך

אַ פּאַבל־דיכטער, וועל איך אייך דערציילן אַ משל בשם פון דובנער מגיד. איך האָב נאָכגעזוכט און האָב עס ביים דובנער מגיד נישט געפונען, (געלעכטער) ס'איז מסתמא זיינס אַן אייגענער משל און ער האָט זיך פאַרופן אויף אַ גרעסערן, כדי ס'זאָל מער אָנגענומען ווערן. ער האָט דערציילט, אַז אַ ייד אַ גביר האָט אַמאָל געדאַרפט פאָרן, האַרבסט־צייט אין אַן אַנדערער שטאָט אַריין. ס'זענען געווען בלאָטעס, די וועגן זענען געווען שלעכטע און דער ייד האָט געדונגען אַ בעל־עגלה און האָט אים אָנגעזאָגט, אם ירצה השם מאָרגן קאַיאָר, זאָל שטיין דער וואָגן, אָבער למען השם, זעקס פערד און נישט מער ווי צוויי מענטשן אין וואָגן. אינדערפרי, ס'האָט אָנגעהויבן צו שאַרען אויפן מאָרגן, איז געשטאַנען, אמת, דער וואָגן, אָבער ס'זענען געווען נאָר צוויי פערד און אויפן וואָגן זענען שוין געזעסן זעקס מענטשן. איז דער ייד אַרויס פון די כלים און אָנגעהייבן צו שרייען אויף דעם בעל־עגלה. האָט דער בעל־עגלה אים געזאָגט:

— ר' משה, טאָקע דאָס איז דער חילוק צווישן אונדז בעלי־עגלות און אייך גבירים. מיר דאַרפן האָבן וואָס מער מענטשן און איר דאַרפט האָבן וואָס מער פערד. (געלעכטער — אַפּלאָדיסמענטן) אַלזאָ די פראַגע איז, ס'איז טאָקע נאָר אַ משל, אָבער אין דעם משל איז פאַראַנען דער גאַנצער קולטור־פּראָגראַם פון סאָציאַליזם, די גאַנצע סאָציאַלע אחריות.

און איצטער קום איך צום פערטן פונקט, צום פונקט פון יידישקייט, המשך־יידישקייט.

די צוויי גרויסע באַגרינדער פון ציוניזם, די טעאָרעטיקער ווילן מיר זאָגן, זענען געווען טעאָדאָר הערצל, דער אָפּגעפרעמדטער ייד און אחד־העם, דער היימישער ייד, דער זון פון אַ חסיד, דער גרויסער העברעאישער דענקער און זיי האָבן ביידע געטראַכט וועגן אויפגאַנג פון ארץ־ישראל. אחד־העם האָט געהאַט געדאַנק, לאָגיק, הערצל האָט געהאַט וויזיע, האָט געהאַט זעאונג, האָט געהאַט חלום. עס איז געווען אַ צייט ווען מען האָט פּרובירט גרינדן אין ארץ־ישראל אַ גאַליצישע קאָלאָניע מחניים. האָט אחד־העם אָנגעשריבן אַ שאַרפן מאמר און געזאָגט: „שוין ווידער?", רעגיאָנאַליזם? איר ווילט אַריבערטראָגן גאַליציע? מיט ליטע? ווידער די אַלע לענדער מיט ליטוואַקעס, מיט גאַליציאַנער, מיט וואָלינער ווילט איר אַריבערטראָגן קיין ישראל? אָבער הערצל האָט אַנדערש געטראַכט; ער האָט אין זיינע ביכער, מיט דער גרויסער תמימות פון אַ גרויסן זעער, פון אַ גאון — אַ טרוימער, דער גאון פון טרוים האָט אַריינגעשריבן, „אַלץ וועלן מיר אַריבערנעמען קיין ארץ־ישראל, דעם גאַנצן טשאָרטקאָווער הויף מיטן רבין, מוזן מיר אַריבערנעמען". אַלץ, דאָס וואָס ס'איז דאָ, גאָרנישט דאַרף בלייבן. אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן דאָ, אין טשאָרטקאָוו און אומעטום אין גלות דאַרף אַריבערגעפירט ווערן קיין ארץ־ישראל.

עס איז דאָך אַן אַלטע מעשה אין דער ליטעראַטור, וואָס מער נאַציאָנאַליזם אַלץ גרעסער דער אוניווערסאַליזם, וואָס מער נאַציאָנאַל אַלץ אוניווערסאַלער. מיר האָבן דאַרויף אַ באַשטעטיקונג, אונדזער שלום־עליכם, טביה דער מילכיקער, מנחם מענדל, זיי זענען נאַציאָנאַל אָבער אין דער זעלבער צייט, ווייל זיי זענען נאַציאָנאַל, זענען זיי אויך אוניווערסאַל. איך האַלט, אַז וואָס מער רעגיאָנאַל, אַלץ

מער נאַציאָנאַל. דאָס איז אויך אַ זאַך, וואָס מען קען עס זייער גוט באַמערקן סיי אין דער ליטעראַטור און סיי אין לעבן. היינט איז ארץ־ישראל, ד. ה. די מדינה נאָך נישט אין דעם זין נאַציאָנאַל, ווייל ס'איז נאָך נישטאָ קיין רעגיאָנאַ־ליזם. ווי לאַנג מען דערקענט נישט אין העברעאיש פון אַ יידן, צי ער שטאַמט פון גליל, צי ער שטאַמט פון נגב, זענען מיר נאָך נישט קיין פאָלק. ערשט דאַמאָלסט ווען מען וועט אָנהייבן צו דערקענען אין עברית, אַז יענער איז פון מטולה און דער אַנדערער איז פון באר־שבע און דער דריטער שטאַמט אַזש פון אילת און יעדער וועט האָבן זיין רעגיאָנאַלע אויסשפּראַך דאַמאָלסט וועט מען קענען זאָגן, אַז ס'איז פאַראַן אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, וואָס נעמט אַלעמען אַרום און אַז עס איז פאַראַן אַ נאַציאָנאַל לעבן. און דאָ קומען מיר צו דער פראַגע פון איין קולטור, געבויט אויף אַלע קולטורן, אויף אַלע קולטורן פון אַלע פעלקער. אויף אַלע שבטים פון וועלכע עס באַשטייט היינט דער עם אחד, וועלכן מיר ווילן האָבן אין ישראל און אין דער דאָזיקער קולטור געהערט דאָך אַריין די גרויסע ציוויליזאַציע פון אונדזער צייט. וואָס איז געווען די ציוויליזאַציע פון אונדזער צייט?

איר קענט מסתמא אַלע דעם אפּיקורסישן אַנעקדאָט וועגן אַ רבין, ווי זיין פערד און וואָגן האָבן פאַרשפּעטיקט אין איינעם אַ פרייטיק אין וועג און ער איז אַריינגעפאָרן אין שבת. לאַכט דער אפּיקורס פון רבין און גיט איבער דעם רבינס אַ חסיד, וואָס האָט זיך געטרייסט, אַז דער רבי איז חלילה נישט מחלל שבת געווען, וואָרעם פון ביידע זייטן איז טאַקע געווען שבת אָבער אין מיטן, אויפן שאָסיי ווו דער רבי איז געפאָרן, איז פאַרבליבן די וואָך. צווישן אַ שפּאַליער פון שבת איז דער רבי געפאָרן איבער דער וואָכעדיקייט. ווען איך טראַכט וועגן אונדזערע שטעטלעך, וועגן די אין פייער חרוב־געוואָרענע יידישע שטעטלעך און וועגן דער גרויסער ציוויליזאַציע וועלכע זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט, טראַכט איך, אַז מיט די יידן אין אונדזערע שטעטלעך איז געשען פונקט דער היפוך ווי מיטן נס וואָס האָט זיך געטראָפן מיטן רבין אין דעם אפּיקורסישן אַנעקדאָט: פון ביידע זייטן יידיש לעבן איז געשטאַנען שפּאַלירט די וואָך. זי האָט געאַרבעט מיט אירע געוועלבער, געשמאַיעט מיט די ירידן און געליאַרעמט מיט אירע פרנסה־קאָנקורענטן. אָבער אין דער מיט האָט געשוועבט די שבתדיקייט, די גייס־טיקייט פונעם יידישן לעבן. אין דער מיט האָט געשפּאַנט די שבת־מלכה. דאָס יידישע געמיט פונעם קרעמער, פונעם שענקער, פון דעם מעקלער און פון יריד — האָט צווישן דעם שפּאַליר פון וואָכעדיקייט, געפּראַוועט שבת אין דער מיט, מיט בענקשאַפט נאָך גייסטיקייט און מיט חלום וואָס חלומט אַריבער אַלע צייט־ווייליקייטן און אַלע וואָכעדיקייטן פון אַרבעט צו דעם אויסגעטרוימטן גייסטיק־שיינעם יידיש־מענטשלעכן לעבן.

די זעאונג איז פאַר מיר, פון יענע שטעטלעך אַ שבתדיקע, אַ גוישער אַרום פון עולם הזה און אַ יידישער אַרום פון פרנסה־האַווענייש און צו מיר טראָגט זיך פון יענעם לעבן, ווי אין ביאַליקס פּאָעמע „אבי", מיין טאַטע; ער מאָלט זיין פאָטער דעם שענקער אין דער מיט פון שיכורים, וואָס זייערע רייד זענען אָפּשטויסנדיק, „עס האָבן זיך געקרימט די ווענט צו הערן די דאָזיקע מיאוסע רייד און די פענצטער האָבן צוגעדעקט די פנימער", אָבער פון דעם פאָטערס

געשטאַלט האָט געטריפט און זיך געגאָסן אין דער שטיל דער מורמל פון זיינע ליפן, דער געמורמל פון תורה און תפילה און פון גאָטס לעבעדיקן וואָרט".

אין אַמעריקע האָט מען ליב צו זאָגן, אַ מאָל האָפערדיק און אַ מאָל מיט קהלת־דיקער רעזיגנאַציע, אַז גאָרנישט איז אַזוי דערפּאָלגרייך ווי דער דערפּאָלג אַליין. אָבער איך טראַכט, אַז גאָרנישט קען אַזוי צונישט מאַכן אַ מענטש, ווי דערפּאָלג. דער דערפּאָלג מאַכט דעם מענטש תמיד אַ ביסל ענלעך צו זיין קאַריקאַטור. ער פאַרקרימט די גלייכקייט, ער מאַכט אים קרום און לעכערלעך. יענע יידן פון אונדזערע שטעטלעך זענען געווען ענלעך נאָר צו זיך אַליין. זיי זענען אַלעמאָל געווען נאָר זיי אַליין. ס'איז געווען אַ קולטור פון אויטענטישקייט, וואָס וויל קיינעם נישט נאָכמאַכן נאָר זיך אַליין. יעדער איז געווען ער אַליין. ס'איז געווען אַ וווּנדערלעכע היעראַרכיע פון גייסט, פון אַ פּרייוויליקייט, אַ היעראַרכיע פון זכות אבות און פון תורה. דאָס שטעטל געהערט אַריין אין דער קולטור פון עם אחד און ישראל ווי דער צענטער פונעם פאָלק ישראל, וואָרעם די גאולה אין ישראל, איז נישט קיין ענין אויף איבער נאַכט, ווו מען נעמט מיט אַ פּיזשאַמע אָדער אַ קליין רענצעלע, נאָר גאולה, אויסלייזונג, אויפקום, מדינה, אויפקום־רענעסאַנס איז אַ נסיעה אין דער אייביקייט אַריין; דאָרט נעמט מען מיט דעם גאַנצן היסטאָרישן באַגאַזש איבער וועלכן מען האָט געאַרבעט טויזנטער יאָרן.

ר' מאירל פון פּשעמישלאַן האָט אַמאָל געזאָגט, שטעלט מיך אין גושן דערקען איך אייך די לאַפּאַטע מיט וועלכער כ'האָב דאָרט געאַרבעט!

אָט די אַלע לאַפּאַטעס געהערן אַריין אין נאַציאָנאַלן קיום און די לאַפּאַטע, וועל איך זאָגן צום סוף, וואָס אַ בייזער ווינט האָט צייטווייליק צעבראָכן, ווי דאָס איז דאָס סאָוויעטישע יידנטום, אָבער דאָס יידישע וועלט־פאָלק איז נישט מוותר אויף קיין שום פון די היסטאָרישע לאַפּאַטעס, אויף קיין שום פון די היסטאָרישע ישובים, דערווייל שיקן מיר אונדזערע ברידער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד אונדזער גרוס און אונדזער דערמונטערונג.

פּאַריז, 1965.

# דעבאַטע

## יוסף לעפּטוויטש (לאָנדאָן)

דער פריינד וואָגלער האָט מיך איבערגעטראָגן מיט דרייסיק יאָר צוריק, זלמן רייזען האָט מיך באַקענט מיט די יונג־ווילנער, מיט סוצקעווערן, מיט גראַדע, מיט וואָגלערן, מיט לייזער וואָלפן. און איך קען וואָגלערן זאָגן, אַז איך קום ערשט פון ישראל און איך ברענג אים וואַרעמע גרוסן פון סוצקעווערן, פון אברהם לעוו און פון נאָך ווילנער, אויך גרוסן פון אַ ביסל פריער פון וואַרשע.

אין שייכות מיטן אויסגעהערטן רעפעראַט פון פריינד זילבערבערג וויל איך מאַכן פאָלגנדיקע באַמערקונג: איך מוז זיך אָנעמען פאַר אונדזערע מערב־אייראָפּעאישע היסטאָריקער. מיר זענען נישט געווען אַזעלכע עם־הארצים, מיר זענען נישט געווען אַזוי ווייט פון יידישן לעבן און נעכטן ביינאַכט האָבן מיר געהערט וועגן איינעם, אפשר דער ערשטער פון די, וואָס זענען געגאַנגען צוריק פון דייטש צו יידיש. ער איז נישט געווען דער איינציקער, אפשר בלויז דער ערשטער. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון דייטשן, וואָס זענען געקומען אין פּוילן און אין ליטע און האָבן זיך דאָרט כמעט איינגעבירגערט, ווי צום ביישפּיל קאַרלעבאַך און זיינער אַ פּלע־מיאַניק, וואָס איז געווען אַ יידישער רעדאַקטאָר און איך קען אויסרעכענען נאָך אַנדערע, ווי דניאל בעק. עס איז געווען אַן אַרטיקל מיט אַ צייט צוריק פון איינעם שטערן, ווי ער איז געגאַנגען אַלס אַ זעלנער פון דער דייטשער אַרמיי קיין פּוילן און ער איז דאָרט געבליבן אַ יידישיסט. ביי אונדז אין ענגלאַנד איז מען אויך נישט אַזוי ווייט פון מזרח־אייראָפּעאישן לעבן און אין אַמעריקע איז איצט אויסגעוואַקסן אַ גאַנצער דור אונטער דער השפעה פון סאַלאָ באַראָן און זיי שטייען זייער נאָענט צום מזרח־אייראָפּעאישן לעבן. איך רעכן, אַז די באַ־מערקונג איז נויטיק געווען.

## ד"ר רפאל עדעלמאַן (קאָפּענהאַגן)

איך גלויב, אַז מען וועט קענען פאַרשטיין דעם אונטערשיד צווישן די מערב־אייראָפּעאישע יידן און די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, ווען מען וועט אויפּאַסן די אונטערשידן פון די באַדינגונגען. דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום מוז מען פאַר־שטיין אין זין פון אַ געאָגראַפישער און נאַציאָנאַלער איינהייט. איך אונטערשטרייך דאָס וואָרט „געאָגראַפישע". מען קען פאַרגלייכן דאָס מזרח־יידנטום מיט די טשעכן

צום ביישפּיל, די טשעכן אין דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מאָנאַרכיע. די יידן אין מזרח־אייראָפּע האָבן געבילדעט אַ געאָגראַפישע איינהייט מיט אַן אייגענעם קולטור־רעלן לעבן און מיט דעם האָבן זיי זיך אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע יידן אין אייראָפּע. זיי האָבן געלעבט אויף אַ טעריטאָריע, וואָס האָט זיך געצויגן פון באַלטיק ביז צום שוואַרצן ים און אויף דעם שטח האָבן זיי געלעבט, ווי אויף אַ געדיכטן קולטורעלן באָדן מיט אייגענע מאַסן. זיי זענען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן געשאַפן אייגענע געאָגראַפישע נעמען: בּרעסט־ליטאָווסק איז געווען בריסק א. א. וו. און זיי האָבן געהאַט אייגענע, באַזונדערע געאָגראַפישע באַצייכע־נונגען. זיי האָבן אַזוי אַרום באַזעצט אַ געאָגראַפישן שטח, וואָס איז געווען יידיש. זיי האָבן זיך אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע מיט זייערע מלבושים, שפּראַך, קולטור און ליטעראַטור. אין אַלע אַנדערע ערטער פון אייראָפּע האָבן יידן געלעבט אין קליינע מינאָריטעטן, צעשפּרייטע איבער לענדער און אונטער דער השפּעה פון דרויסן. אין מזרח־אייראָפּע האָבן יידן געלעבט אין אייגענעם קולטורעלן לעבן און דערמיט האָבן זיי זיך אונטערשיידט סיי פון דער גאַנצער אַרומיקער באַפעל־קערונג און סיי פון די אַנדערע אייראָפּעאישע יידן, וועלכע האָבן געפילט דעם אונטערשיד. שוין אין 15־טן יאָרהונדערט מערקט מען דעם אונטערשיד צווישן די יידן פון אַנדערע טיילן פון אייראָפּע און די פּוילישע יידן. שוין גליקל פון האַמעלן רעדט וועגן די פּוילישע יידן מיט אַ געוויסן אָפּשטאַנד. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנדייט וועגן פּוילישן יידנטום, וואָס האָט געלעבט אין אַן אייגענער נאַציאָנאַלער פּעריפעריע מיט אַן אייגענער יידישער קולטור.

## יחזקאל קאָרנהענדלער (פּאַריז)

אין שייכות מיטן רעפעראַט פון פריינד זילבערבערג דערלויבט מיר צו מאַכן אייניקע באַמערקונגען. פריינד זילבערבערג האָט אינגאַנצן נישט גערעדט וועגן רעליגיעזן יידישן לעבן אין פּוילן. וואָס עס האָט מיך אָבער באַוווּיגן צו בעמען אַ וואָרט איז דער פאַקט, וואָס מיר האָבן פון אים געהערט אַ ווייט נישט קיין אָפּטימיסטישע נאָטע. קען מען רעדן אין אָפּטימיסטישן טאָן ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ ווונדערבאַר יידיש לעבן, וואָס איז חרוב געוואָרן? אָבער וועגן געוויסע אויסדרוקן זיינע און וועגן אייניקע פון זיינע אויספירונגען איז כדאי עפּעס צו זאָגן. אַזוי צום ביישפּיל האָט פריינד זילבערבערג אָנגעוויזן אויפן אונטערשיד צווישן דער אָרעמקייט וואָס האָט געהערשט אין מזרח־אייראָפּעאישן יידישן לעבן און דער פּראָספּעריטי, וואָס יידן האָבן אין די אייראָפּעאישע לענדער, ווי פראַנקרייך, ענגלאַנד און אויך אין אַמעריקע. ער האָט אָנגעוויזן, אַז נישט געקוקט אויף דער גרויסער אָרעמקייט אין וועלכער יידן האָבן געלעבט אין מזרח, האָבן זיי באַזיצט אַזויפיל שעפערישקייט, בעת די יידן, וואָס לעבן אין גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, אַפּעלירן צו הילפס־קאָמיטעטן, צו דער קליימס־קאָנפערענץ צום ביישפּיל, כדי צו באַקומען געלט אויף בויען יידישע אינסטי־טוציעס. יידן, וואָס לעבן אין אַזאַ רחבות האָבן נישט דעם כח צו שאַפן אייגענע מיטלען פאַר אַ יידישער כלל־עקזיסטענץ און פאַר יידישע קולטור־צוועקן.

די דערשיינונג איז אַ טרויעריקע. מיר אָבסערווירן זי און רעדן וועגן איר זייער אָפט. אָבער מיר געפינען זיך אין אַ מאָדנער לאַגע. איך גלויב נישט, אַז ווער פון די אָנוועזנדיקע און מיר אַלע זאָלן זיך ווענדן צום יידנטום, וואָס געניסט פון אַ פּראָספּעריטי, מיט אַ רוף זיך אָפּצוזאָגן פון דער פּראָספּעריטי און פּרובירן צוריק לעבן אין אָרעמקייט. עס איז באַקאַנט די געשיכטע מיטן רבין, וואָס האָט אויסגעדריקט פאַרן רבונו של עולם דעם ווונטש, אַז זיינע קינדער זאָלן זיין אָרעמעלייט, ווייל ווען זיי וועלן זיין אָרעם וועלן זיי בלייבן יידן. פון דאַנען וועט אַזאַ רוף זיכער נישט קומען. איך ווייס נישט וויפל פון אונדז געניסן פון אַזאַ גרויסער פּראָספּעריטי, אָבער עס איז נישט רעאַליזירבאַר אַזאַ געדאַנק וואָס דרינגט אַרויס פון די אויספירונגען פון פריינד זילבערבערג.

ווען איך שטעל זיך דאַרויף אָפּ איז עס נישט כדי חלילה צו מאַכן אַ פאַר־וווּרף. דער ענין איז זייער וויכטיק. ווייל אויב מיר גייען נישט צוריק צו אָרעמקייט, ווי וועט מאָרגן אויסזען אונדזער יידיש לעבן אין אַלע לענדער? זענען מיר הייסט עס פאַראורטיילט אויף אומקום? און אַקצעפּטירן מיר צו פאַרלירן אונדזער יידישקייט פאַרן פּרייז פון פּראָספּעריטי?

כ'קען אַ סך יידן פּערזענלעך, וועלכע זאָגן, אַז זיי זענען אַזוי פאַרנומען מיט זייערע פּרנסות, ביזנעס און אַרבעט, אַז זיי האָבן אפילו קיין צייט נישט אַריינצוקוקן אין אַ יידישער צייטונג. קומט טאַקע די פראַגע: ווי אַזוי קען מען זיין קולטורעל שעפעריש, אויב מען איז אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער מאַטע־ריעלער פּראָספּעריטי? פריינד זילבערבערג האָט אויך גערעדט וועגן דער אויס־געליידיקטקייט פון די יידישע שטובן. עס איז אַן ענין וועגן וועלכן מיר רעדן כסדר. מיר דערמאָנען עס אַזאַ־אויפהערלעך ביי יעדער געלעגנהייט, מיר רעדן וועגן דעם שוין יאָרן און איך קען ליידער נישט קיין יידישע שטוב אין פאַריז און אין די קרייזן, אין וועלכע איך קום מחוץ פאַריז, ווו איך זאָל האָבן געזען, אַז עפּעס האָט זיך געענדערט פון דאָזיקן רעדן. דערפאַר זע איך אָבער אין אַ סך יידישע שטובן הענגען בילדלעך פון קאַטעדראַלעס, אַ שטייגער פון דער קאַטעד־ראַלע אין מילאַן, וואָס יידן ברענגען מיט זיך פון זייערע רייזעס. און איך טראַכט: וואָס הייסט אויפהענגען אין אַ יידישער היים אַ בילדל פון אַ קאַטעדראַלע? זייט מיך נישט חושד, אַז איך זוך צו פאַרמינערן די שיינקייט פון דער קאַטעדראַלע פון מילאַן. איך בין זיך מודה, אַז ווען איך גופא האָב זי אַמאָל געזען האָב איך געפילט, אַז איך פאַרליר דעם לשון. מיר אַנערקענען, אַז די גרויסע נישט־יידישע וועלט פאַרמאָגט אַ מאַסע גרויסע און וווּנדערבאַרע ווערק און איך וועל אַנערקענען אַ יידישע שולע, אַ יידישן בנין, אַ יידישע קולטור־אינסטיטוציע, אויב זי וועט זיין געבויט אין דאָזיקן סטיל. אָבער אויפהענגען אין אונדזערע יידישע היימען, ווען זיי זענען אַזוי יידיש ליידיק, בילדער פון קאַטוילישע אינסטיטוציעס? מעג עס זיין אַן אימפּאָזאַנטער מאָנומענט, אָבער נישט צו באַצירן יידישע היימען.

## י. מאַניטש (פּאַריז)

איך ווין שוין אין פראַנקרייך לאַנגע יאָרן און עס וווּנדערט מיך דער טאָן פון יאוש, וואָס איך האָב דאָ געהערט. דער פריינד זילבערבערג האָט זיכער געזאָגט דעם אמת, אָבער ער איז נישט געקומען צום אויספיר, אַז מען דאַרף זיך מייאש זיין. אונדזער אויפגאַבע דאַרף זיין צו טראַכטן וועגן מאָרגן. נאַטירלעך איז עס זייער אַנגענעם צו הערן אונדזערע גדולי־הדור, ווען זיי דערציילן וועגן די לעצטע פופציק יאָר יידיש לעבן. אָבער דאָס אַלץ קאָסט צו טייער, צופיל מי און געזונט. לויט מיר דאַרף אַ סימפּאָזיום באַהאַנדלען דעם מאָרגן. איך האָב ביז איצט וועגן דעם קיין וואָרט נישט געהערט. עס איז אמת נישט מיין אויפגאַבע, איך בין נישט קיין מורה־דרך. איך וויל אָבער אָנווייזן אויף איין דערשיינונג. ביי אונדז אין פּאַריז לעבן פעך־מענטשן, יידישע שרייבער. אָבער אין מערב־אייראָפּע האָבן נישט די יידישע פעך־מענטשן קיין מעגלעכקייט צו לעבן פון זייער פעך. די פּאָעטן און שריפטשטעלער האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו דרוקן זייערע ספרים. עס איז נישטאָ קיין פאַרלאַג, וואָס זאָל זיי אַרויסגעבן. אויב מענדעלע האָט אַמאָל געקענט פאַרקויפן אַליין זיינע ספרים, מיט וועלכע ער איז אַרומגעפאָרן, איז עס היינט אויך נישט מעגלעך. שרייבער גייען אָפּט פון שטוב צו שטוב און זענען נישט ביכולת צו פאַרקויפן זייערע ביכער. איז ווי אַזוי ווילט איר דאָ האָבן אַ יידיש קולטור־לעבן?

און נאָך אַן ענין וויל איך באַרירן. מיר האָבן בעת די פריערדיקע סימ־פּאָזיומס געהערט, אַז עפּעס וועט אויפגעטאָן ווערן. אָבער אויפן לעצטן סימפּאָזיום האָט מען שוין אפילו קיין רעזאָלוציע נישט אָנגענומען, ווייל די רעזאָלוציעס איז אומעגלעך צו רעאַליזירן. אָבער וויפל געלט קאָסט עס אַלץ? פאַרן דאָזיקן געלט וואָלט מען געקענט כאָטש אַ ביסל ענדערן דאָס גייסטיקע לעבן דאָ אין פראַנקרייך. עס זענען פאַראַן צענדליקער שטעט אין דער פּראָווינץ, ווו עס איז נישטאָ קיין שום יידיש לעבן. קיין איין רעפערענט אָדער יידישער אַרטיסט קומט נישט צו זיי. פאַרן געלט, וואָס עס קאָסט דאָס איינאָרדענען אַ סימפּאָזיום, וואָלט מען געקענט פאַר די פּראָווינץ־שטעט עפּעס טאָן, שיקן זיי אַ יידישן פרעלעגענט, אַן אַרטיסט. אַזאַ אַרבעט וואָלט געווען אַ פּאָזיטיווע. אין אונדזער לאַנגער געשיכטע האָבן מיר אָפּט געהאַט מאָמענטן פון אָפּגעשוואַכטער יידישקייט, וואָס האָט זיך דאָך שפּעטער אַנטוויקלט. מיר זענען צוגעבונדן צו יידיש, אָבער מיר קענען נישט ברענגען דאָס יידישע וואָרט צו אונדזער יוגנט. לאָמיר זיי געבן כאָטש אַ יידיש לעבן אין פראַנצויזיש, אָדער אין ענגליש. און עס איז נישט איבעריק צו רעדן צו די קינדער און צו דער יוגנט. ביי מיר אינדערהיים האָט זיך אַמאָל פאַרזאַמלט אַ גרופּע פון יידישע שרייבער און מיר האָבן גערעדט וועגן קולטור. ווען אַלע זענען זיך צעגאַנגען האָט מיין פופצן־יאָריקע טאָכטער געפרעגט: וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?? וואָס האָב איך דערפון געלערנט? איך זע נאָר רויך פון פּאַפּיראָסן, איך האָב געהערט רייד און נישט מער. פונ־דעסטוועגן איז מיין טאָכטער אַ יידיש קינד. רייד ווירקן אויך. רעדן צו די קינדער דאַרפן מיר אויף אַלע אופנים און אויף אַלע שפּראַכן!

## ב. צוקער (בריסל)

איך וויל צוריקומען צום רעפעראַט פון פריינד זילבערבערג פון לאָנדאָן און איך האָב צו אים נישט קיין טענה פאַרוואָס ער זעט אַזוי דעם ענין יידישקייט. אָבער מיר דאַרפן געדענקען איין זאַך, וואָס איז אַקטועל נישט נאָר ביי אונדז אין בעלגיע נאָר אין אַלע מערבדיקע תפוצות. מיר טאָרן נישט פּרווון, ווי פריינד זילבערבערג וויל עס, איבערצופלאַנצן אונדזער ירושה אינעם ביימ יידישן דור אין מערב־אייראָפּע. דאָס איז ממש אומעגלעך פּונקט, ווי עס איז אומעגלעך היינט צו טאָג צו קומען פון ווארשע מיט פערד און וועגן אין דער צייט, ווען עס זענען פאַראַן שנעל־צוגן און דזשעט־אַוויאָנען. נעכטן אין אָוונט האָט דער סאָציאָלאָג פריינד שערמאַן זייער ריכטיק געזאָגט, אַז מיר טאָרן נישט קומען צו אונדזערע קינדער, וואָס זענען מערב־אייראָפּעאישע יידן, מיט מעשיות און לידער און פּאָעזיע פון כתרילעווקע. זיי פאַרשטייען דאָס נישט. אפילו, ווען די גרויסע אייראָפּעאישע קאַטאַסטראָפע וואָלט נישט געשען, וואָלט אויך געווען אומעגלעך צו ברענגען אונדזער ירושה אין דער זעלביקער פאָרם, ווי מיר האָבן זי געקענט און קענען זי, צו דעם יונגן דור. מיר דאַרפן האָבן עפּעס נייעס און דאָס נייע איז נאָך טאַקע צום באַדויערן נישט געשאַפן געוואָרן. אָט האָבן מיר צווישן אונדז פריינד פּוגאַטש, וואָס איז טעטיק סיי אין פראַנצויזיש און סיי אין יידיש. איך גלויב, אַז מיר דאַרפן האָבן נאָך אַזעלכע אינטעלעקטועלע, וואָס קענען זיין אַקטיוו אין ביידע שפּראַכן, כדי צו דערנענטערן די צוויי וועלטן. יידישקייט קען אויך געטאָן ווערן אין פראַנצויזיש און אין ענגליש. די יידישע פרומקייט אין אַמעריקע האָט אויך נייע פאָרמען.

## יצחק פּוגאַטש (פּאַריז)

דער פריערדיקער רעדנער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז איך באַנוץ זיך אין מיינע פאָרטראָגן מיט צוויי שפּראַכן. ס'איז אַן אמת. אָבער פונוואַנען שטאַמט דער אמת?

דער טאַטע מיינער איז געווען אַ פּשוטער ייד, אַן אַרבעטער. ער האָט געוואָלט, אַז זיינע קינדער זאָלן מער אָדער ווייניקער זיין געראָטן אין אים. האָט ער אונדז געזאָגט: — קינדערלעך, אין דרויסן קענט איר רעדן וועלכע שפּראַך איר ווילט, נאָר מיט מיר זאָלט איר רעדן יידיש. ווי איר זעט איז די זאַך פּשוט. מען דערציילט אונדז, אַז די רעליגיעזע יידן גלויבן אין גאָט און גלויבן אין המשך. זיי טוען וואָס מען דאַרף. ביי זיי איז אַ מצווה נישט קיין אַבסטראַקטע זאַך, נאָר אַ קאָנקרעטע. שיקן זיי זייערע קינדער אין יידישע טאָג־שולעס און עס איז פאַראַן אַן אויסזיכט, אַז די קינדער זאָלן בלייבן יידן. ווען מיר שיקן אָבער אונדזערע קינדער אין די אַלגעמיינע שולעס, דאַרפן מיר זיך נישט וואונדערן, ווען זיי ווערן אויס יידן.

דעריבער מיין איך, אַז מיר דאַרפן עס נעמען ערנסט, און איך קום צוריק צו מיינע שפּראַכן. איך רעד טאַקע צוויי שפּראַכן, זיי זענען מיינע מוטער־

שפּראַכן: יידיש און פראַנצויזיש. און ווען איך קום צו אַן עדה יידן אין פּאַריז אָדער אין דער פּראָווינץ און איך פרעג אויף וואָס פאַרא שפּראַך זאָל איך רעדן? ענטפערט מען מיר: פאַרשטייט זיך אויף יידיש. און גלייך דערנאָך גיט מען צו, אַז זיי ווילן צונויפזאַמלען אַ ביסל יוגנט און אויב די יונגע וועלן קומען, זאָל איך רעדן פראַנצויזיש. אַזוי אַרום קומט אויס, אַז אויך פאַר אונדזערע יידיש־רעדנדיקע געזעלשאַפטן דאַרף מען רעדן פראַנצויזיש.

## אלחנן וואָגלער (פּאַריז)

איך האָב דאָ געוואָלט מאַכן איין באַמערקונג אין שייכות מיט דער אַרויס־טרעטונג פון פריינד מאַניטש. פריינד מאַניטש האָט דאָ געזאָגט, אַז יידישע שרייבער אין פראַנקרייך און אין דער וועלט בכלל לעבן אין זייער שלעכטע באַדינגונגען. לויט מיין מיינונג און אין פאַרגלייך מיטן אַמאָליקן פוילן לעבן היינט די שרייבער אין גוטע באַדינגונגען. איר ווייסט נישט, ווי עס האָט אויסגעזען ישראל שטערן אין וואַרשע. איר ווייסט נישט, אַז משה זילבערג האָט געלעבט אין די צוואַנציקער יאָרן אין ווילנע און האָט געגעסן איין מאָל אין דריי טעג. מען האָט אים געפונען אַ פאַרחלשטן פון הונגער. מיר ווייסן, אַז לייוויק, דער גרעסטער יידישער דיכטער, האָט געאַרבעט כמעט אַ גאַנץ לעבן און געקראָכן אויף דער לייטער. פריינד שלמה ביקל האָט נישט לאַנג צוריק אָנגעשריבן אַן עסיי וועגן אַ פּאָעט מאיר זימל טקאַטש. דער דאַזיקער עסיי האָט מיך גערירט ביז טרערן, ווייל טקאַטש קריכט אויך אין ניו־יאָרק אויף די לייטערס און זיין לעבן הענגט אויף אַ האָר. פון ליטעראַטור בכלל, לויט מיין מיינונג, קען מען נישט לעבן. זשורנאַ־ליסטיק איז אַ פאַך. פון ליטעראַטור שטאַרבט מען; דער שרייבער, וואָס נעמט עס ערנסט ברענט אויס, ווי אַ ליכט. דער ענין קאָסט אים צופיל ענערגיע. היינט קויפט מען ביכער. אַמאָל האָט מען נישט געקויפט. אָבער אַז מען איז אַריינגעקומען אין אַ ביבליאָטעק, אין דער סטראַשון־ביבליאָטעק אָדער אַן אַנדע־רער, זענען דאָרט געווען הונדערטער לייענער אויף איין בוך, מען האָט די ביכער פשוט צעריסן.

## פרדי זיידמאַן (אַנטווערפּן)

עס ווילט זיך מיר אַריינברענגען אין דער דעבאַטע אַן אַנדער טאָן. מיר האָבן דאָ געהערט וועגן צוויי שפּראַכן, וועגן רייטן אויף צוויי פערדלעך און מיר דוכט, אַז מיר האָבן גאָר אַ טראַגיאַניש פערד, די העברעאישע שפּראַך, מיט וועלכער מען וועט קענען דערגרייכן די יידישע יוגנט אין ארץ־ישראל. עס איז כדאי דאָ צו דערמאָנען, אַז אין דער „גאָלדענער קייט" האָט דער דיכטער אריה שמרי געשריבן וועגן אַן אַנטאָלאָגיע פון משה באַסאָק. די אַנטאָלאָגיע נעמט אַרום אַכציק יאָר יידיש־שאַפונג, יידישע פּאָעזיע פון אַ זעקס מנינים יידישע דיכטער. שמרי שרייבט, אַז די אַנטאָלאָגיע הייבט זיך אָן מיט אַ תפילה „צו די קליינע ליכטעלעך און די ווייסע שטעטעלעך" פון יידישן וואָרט, אַז זיי זאָלן

דערגיין פון „בן־הדור צום בן־הארץ". ער דריקט אויס די האָפענונג, אַז אַזוי וועט געשען. ער גיט צו, אַז אויב אַזאַ זאַך וועט געלינגען, דאָס הייסט, אַז דאָס ליד זאָל גיין פון בן־הדור צום בן־הארץ, וועט אויך אומגעוואָרפן ווערן די באַריערע. וואָס איז געשאַפן געוואָרן במשך אַ לאַנגע צייט צווישן העברעאיש און יידיש און דאָס וועט אויך פירן צו אַ חשבון־הנפש וויפל די מחלוקת האָט פאַראָרעמט די יידישע שעפערישקייט.

## לייזער דאָמאַנקעוויטש (פּאַריז)

איך וויל דאָ זאָגן אַ פּאָר ווערטער, הגם די פריינד קאָרנהענדלער און וואָגלער האָבן שוין ביי מיר אַלץ „צוגענומען". פונדעסטוועגן וויל איך איבערחזרן אין שייכות מיטן געשריי איבער גאַנץ פּאַריז, אַז „טוט נישט דאָס, נאָר טוט עפּעס אַנדערש". מען שלאָגט אונדז פּאָר: „גיט אַרויס ביכער". אָבער דער „פאָנד סאָציאַל" גיט געלט דאַרויף. עס זענען גאָרנישט פאַראַן אַזויפיל געברויכער פון ביכער. ווייל קיינמאָל טויג נישט וואָס מען טוט, נאָר דאָס איז גוט, וואָס מען טוט נישט!... די קולטור־קאָמיסיע פון ייד. וו. ק. האָט מיט צוויי יאָר צוריק „געזינדיקט" מיט רעזאָלוציעס. אפשר איז עס געזינדיקט. מען האָט עפּעס געוואָלט. איך בין דאַן גראָד געווען קעגן אָנעמען רעזאָלוציעס. מיר מאַכן יעדעס יאָר אַ צוויי־טאָגיקן סעמינאַר, אַן אַזוי גערופענעם סימפּאָזיום. וואָס איז עס פאַראַ זינד? מיר רעדן צוויי טעג וועגן קולטור. הלוואי זאָלן אַלע טאָן דאָס זעלביקע און איינאָרדענען קולטור־שמועסן. מיר האָבן געוויזן אַ מאָדעל און אדרבה, זאָלן עס אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס נאָכטאָן, ווער רייכער, ווער אָרעמער. אין וואָס באַשטייט אויב אַזוי אונדזער זינד?

עס זענען פאַראַן יידישע לייענער אין פּאַריז, אָבער די קויפער פון יידישע ביכער לייענען זיי נישט. מען קען נישט זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ גאָרנישט געמאַכט. עס וואָלט געווען ביטער, ווען מען קען שוין גאָרנישט מאַכן. אָבער איך גלויב עס נישט. אפשר זענען מיר פאַנטאַזיאָרן. אָבער אָן פאַנטאַזיע בלייבט דאָך אויך נאָך וואָס צו טאָן. דורכרעדן זיך וועגן יידישע ענינים אין פאַרלויף פון צוויי טעג און צונויפנעמען אַזאַ חשובן און שיינעם עולם איז אויך אַ פּאָזיטיווע זאַך. דאָ איז פאָרגעקומען אַ יידישע קולטור־אונטערנעמונג, אויף וועלכער מען האָט געהערט פאַרשידענע געדאַנקען וועגן אונדזערע קולטור־פּראָבלעמען. הלוואי וואָלטן מיר זיך געקענט דערלויבן אַ סך אַזעלכע „הולטאַיסטוועס", ווי דער היינטיקער סימפּאָזיום.

## משה וואַלדמאַן (פּאַריז)

איך האָב זייער גוט פאַרשטאַנען דעם פּעסימיזם פון פריינד מיכאל זילבערבערג. איך מיין אָבער, אַז דווקא אין זיין פּעסימיזם איז פאַראַן אַ רוף צו בטחון. איך פאַרשטיי זיין פאַרלאַנג, אַז מיר זאָלן דערזען אונדזער פּרצוף אָן שמינקע, קוקן דער ווירקלעכקייט גלייך אין די אויגן.

מיר האָבן געהערט די אָפּשאַצונגען פון ד״ר בצלאל שערמאַן און בפרט פון ד״ר שלמה ביקל, װעלכער האָט גערעדט װעגן אונדזער גײַסטיקן רענעסאַנס און װעגן ד״ר נתן בירנבוים. זיכער האָט נתן בירנבוים אָנגעצונדן אַ פלאַם. עס איז נאָר אַ שאָד, װאָס עס איז נישט געקומען צום אױסדרוק נאָך אַן אַספּעקט. אַ ביסל פריער נעמלעך, נאָך דער דורכגעפאַלענער רעװאָלוציע, אין װעלכער עס האָבן געגלױבט אַ סך ייִדן אין אָנהײב פון אונדזער יאָרהונדערט און פאַר װעלכער זײ האָבן געבראַכט אַ סך קרבנות, האָט פרץ שױן געפּרװװט מאַכן דעם סך־הכל פון דעם דור. װו גײען מיר און װוהין דאַרפן מיר קומען? — האָט ער געפרעגט און אַלײן בקול רם געענטפערט: „צוריק אין שול אַרײַן!". מיט דעם רוף האָט ער זיכער נישט געמײנט, אַז מען דאַרף אָפּהיטן דרײַ מאָל אַ טאָג דאָס דאַװנען בציבור. געמײנט האָט ער, אַז מען דאַרף זיך צוריק אײַנהילן אין טלית, כדי צו לעבן מיט דער אײגענער ייִדישער גײַסטיקײט.

אָבער װאָס טוען מיר מיט די דערפאַרונגען פון פרצן, פון נתן בירנבוימען און פון נאָך אַ סך אַנדערע, װאָס האָבן געשאַפן ייִדישע װערטן אין די לעצטע פופציק יאָר? מיר גרױסן זיך מיט זײ אָבער מיר לאָזן זײ אױסגײן. מיר אַקצעפּטירן לײַדער דעם צושטאַנד, װאָס האָט זיך געשאַפן. דער פאַקט, װאָס עס הערשט בײַ אונדז אַ פּילשפּראַכיקײט איז געװאָרן נאָרמאַל, הגם צוליב דעם װערט די פאַרבינדונג צװישן ייִד מיט ייִד שװאַכער.

אַמאָל האָט בײַ אונדז געהערשט דער פאַרלאַנג, אַז ייִדן זאָלן אומעטום אין זעלביקן מאָמענט פּראַװען שבת. מיר האָבן אומעטום געזונגען די זעלביקע זמירות, אפילו װען דער ניגון איז געװען פאַרשידן. מיר האָבן געגעסן די זעלביקע מאכלים און מיר זענען געװען פאַרבונדן מיט דער ייִדישער טראַדיציע. הײַנט האָבן מיר עס אַלץ פאַרגעסן און די ייִדישע הײמען זענען אױסגעלײדיקט.

חברים האָבן דאָ גערעדט װעגן די רוסישע ייִדן. זײער טראַגעדיע איז אָבער אױך חל אױף אונדז, װײַל מיר זענען אין אַנדערע באַדינגונגען, מיט אַן אַנדערער „טעאָרעטישער" באַגרינדונג דערגאַנגען צום זעלביקן רעזולטאַט, װאָס זאָגט אָן אױפלײזונג. זײ זענען געװאָרן אױפגעצװוּנגען. אָבער אױב מיר זאָלן אָפּשײלן די פסולת פון דער פּראָפּאַגאַנדע װעלן מיר בײַ די דאָרטיקע ייִדישע שעפער געפינען אַ נאַציאָנאַל געפיל, אַ ראַנגלעניש פאַר ייִדישער שעפערישקײט אין פאַרשידענע פאָרמען. װען מיר קוקן זיך צו נענטער, דערפילן מיר אַ בענקשאַפט צו ייִדישקײט אין רוסלאַנד און אפילו אַן אידענטיפיקאַציע מיטן גרױסן ייִדישן כלל.

איך בין מיט אַ צײַט צוריק געװען אין פּױלן און איך האָב געזען אַ בײַע דערשײַנונג, װאָס איז פאַר מיר געװען אַן איבערלעבונג. מיר הערן אָפט װעגן דער אױפלײזונג פון ייִדישן ישוב אין פּױלן און עס איז מעגלעך. דער יונגער ייִדישער דור איז דערצױגן געװאָרן אין דער פּױלישער קולטור. בלױז אַ קלײנער טײל קומט פון דער ייִדישער שולע. אַ טײל ייִדן איז געקומען פון רוסלאַנד און געבליבן אָפּגעפרעמדט.

אָבער בעת אַ באַזוך אין לאָדזש האָב איך דערזען אין „פאָלקס־קלוב" אַ מאַסע יוגנטלעכע. אַרום הונדערט און פופציק זענען זײ געװען אין אַ פּראָסטן מיטװאָך און זײ האָבן אַן אינטערעס פאַר ייִדישקײט, פאַר ייִדישע ליטעראַטור, כאָטש

אין דער פּוילישער שפּראַך. זיי ווילן זיך אידענטיפיצירן, זיין צווישן זיך, לערנען יידיש און הערן אַ יידישן ניגון. די פונקען זענען נישט אויסגעלאָשן געוואָרן.

לאָמיר דעריבער געדענקען, אַז אויב מיר ווילן עקזיסטירן, טאָרן מיר נישט אויפגעבן אונדזער פּאַרמעגן. ליידער ליגט אויף אונדזער לעבן דער חותם פון פרעמדע קולטורן, צי דאָס איז די פראַנצויזישע, די ענגלישע אָדער די שפּאַנישע קולטור.

מיר באַמערקן אָבער אַ זוכעניש אין דער יידישער וועלט, אפילו אין ישראל ווו עס קומט פאָר אַ באַשטימטע איבערשאַצונג פון די ווערטן, וואָס דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום האָט געשאַפן. אָט איז געקומען אַזאַ עקסטרעמיסט און מאַקסימאַליסטישער העברעאיסט, ווי קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט ברוטאַל אַ זאָג געטאָן: העברעאיש האָט אונדז אומגליקלעך געמאַכט. לאָמיר צוריקגיין צו יידיש! מעג מען זיינע ווערטער ערנסט נישט נעמען, אָבער נאָכטראַכטן דאַרף מען, ווייל זיין אויסגעשריי קומט דאָך פון אַ וויייטיק און אַ סך אין ישראל פילן דעם דאָזיקן וויייטיק. אויך הזז האָט געבראַכט צום אויסדרוק אַן ענלעך געפיל, ווען ער האָט געזאָגט, אַז מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט און אַז עפּעס טויג נישט אין אונדזער קעניגרייך דווקא דאָרט, וווּ עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער ייד.

לאָמיר נאָך דערמאָנען דעם אַרויסטריט פון פּראָפעסאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט, יחזקאל קוטשער, וועלכער איז נישט אויסגעוואַקסן אין אונדזער פאָלקסטימלעכער יידישקייט פון מזרח־אייראָפּע. דווקא ער, דער פּראָפעסאָר פון העברעאישן אוניווערסיטעט, האָט געפאָדערט אַן איבערשאַצונג פון אונדזערע ווערטן און קומט צום אויספיר, אַז ישראל איז פאַרפליכטעט צו דערהאַלטן יידיש, ווייל אַ פאָלק מיט צוויי קולטורן איז רייכער פון אַ פאָלק, וואָס האָט נאָר איין קולטור. אויך אַ צייטונג פון אַמאָליקן „השומר הצעיר" האָט געפאָדערט די פולע אָנערקענונג פון יידיש אין ישראל. זענען דאָס אַלץ סימפּטאָמען פון אַ רעוואָלוציע אין ישראלדיקן לעבן און אויך סימפּטאָמען פון אַ באַשטימטן אומרו אין יידישן לעבן צוליבן צושטאַנד פון הערשנדיקן קריזיס.

אָט דער דאָזיקער אומרו באַרעכטיקט לויט מיר די נויטיקייט פון סימפּאָזיום, פון וועלכן עס דאַרף קומען אַ רוף צו דער יידישער וועלט וועגן דערציען דעם יונגן דור, אַז ער זאָל קענען איבערנעמען אונדזער אָנגעזאַמלטע ירושה. די דאָזיקע ירושה טאָר נישט בלייבן, ווי אַ פאַרגליווערט פאַרמעגן אין אַ ביבליאָטעק, הגם איך בין אַ שרייבער, וואָס דאַרף האָבן אַ פאַרלאַג, דערלויב איך זיך צו זאָגן אַז נייע שולעס זענען וויכטיקער, ווי הונדערט זשורנאַלן און ווי טויזנט ביכער, ווייל פאַרפוילט ווערן די ביכער, אויב עס וועלן נישט זיין די לייענער.

## שלום קלינגער (פּאַריז)

אַז מען רעדט וועגן יידיש איז שווער נישט צו נעמען אַ וואָרט. איך מיין. אַז איך בין נישט דער איינציקער צו קלערן, אַז די אַרויסגעזאָגטע קריטיק איז אַ רעזולטאַט פון ליבשאַפט צו יידיש און צום יידישן לעבן. איך פון מיין זייט, אַלס רעליגיעזער שרייבער, בין זייער צופרידן — און איך זאָג עס אייך אויך

אין נאָמען פון אַלע מיינע חברים — אַז איך טרעף זיך מיט אַ סך מנהיגים און מיט אַ סך פון אייך אויף פאַרשידענע יידישע אסיפות און איך ווייס, ווי זוויט יידישע פּראָבלעמען זענען אייך אַלעמען ליב און טייער. די קולטור־קאָמיסיע ביים ייד. וו. ק. האָט געטאָן זייער אַ וויכטיקע אַרבעט מיטן צונויפזאַמלען אַזעלכע וויכטיקע יידן דאָ אין פּאַריז, כדי אַרומצורעדן יידישע פּראָבלעמען. עס איז וויכטיק, אַז אַזעלכע סימפּאָזיומס זאָלן פאָרקומען עפטער, און נישט נאָר אין פּאַריז, נאָר אין אַלע לענדער פון אייראָפּע, כדי צו האָבן מער געלעגנהייטן אַרומצורעדן אונדזערע יידישע ענינים.

וואָס שייך דער פראַגע פון יידיש און פון רעדן יידיש, וויל איך דאָ דערמאָנען: אַז ביי אונדז אין דער היים האָט מען יעדנפאַלס אום שבת און יום־טוב נישט געטאָרט אין שטוב רעדן עפּעס אַנדערש, ווי יידיש. הלואי וואָלטן וואָס מער יידן געדענקט דעם מנהג און אָפּגעהיט דאָס יידיש רעדן, ווי אין די יידישע רעליגיעזע קרייזן.

## מאיר ראָזענבלאַט (פּאַריז)

דער קולטור־אָפּמאַך צווישן פראַנקרייך און ישראל דערלויבט, אַז יידישע קינדער פון פראַנקרייך זאָלן אויסוויילן העברעאיש אַלס פרעמד־שפּראַך. צי ווייסט איר, אַז בלויז זיבן פּראָצענט יידישע שילער פון ליצייען האָבן עס געטאָן?

און אין יידיש־רעדנדיקן סעקטאָר איז נישט בעסער. מיר האָבן אין פּאַריז טויזנטער יידן, וואָס רעדן אַ וווּנדערבאַרן יידיש און יידן וואָס באַטראַכטן זיך אפילו אַלס יידישיסטן, נישט נאָר חברים פון „בונד״. אָט די עטלעכע טויזנט יידן האָבן ביז היינט נישט באַוויזן צו שאַפן אַ פולע יידישע טאָג־שולע.

איך האָב געוווינט אַ צייט אין אַ פאָרשטאָט פון פּאַריז און דאָרטן האָבן יידן־בעלנים מיט צוויי יאָר צוריק געשאַפן אַ יידישע שולע. זיי האָבן נישט דיסקוטירט וועגן יידיש אָדער העברעאיש, נאָר האָבן געקלערט וועגן יידישן גייסט. געווען איז עס, ווי געזאָגט, נישט אין פּאַריז, נאָר אין אַ פאָרשטאָט, וווּ עס לעבן עטלעכע צענדליק יידישע משפּחות, אָבער מיט די אַרומיקע פאָרשטעט צוזאַמען איז דאָרט געווען אַ ישוב פון עטלעכע הונדערט משפּחות. צוערשט האָט מען געגרינדעט דעם 6־טן און 5־טן קלאַס און מיר האָבן אָנגעהייבן מיט אַרום פופצן קינדער. היינט צו טאָג איז שוין פאַראַן אַ 4־טער און אַ 3־טער קלאַס. דעם יידישן פּראָגראַם גיבן מיר אין פראַנצויזיש, אָבער זיי לערנען צען שעה אַ וואָך יידישע לימודים. איר האָט געדאַרפט זען די קינדער, וואָס האָבן פריער קיין צורת א׳ נישט געקאָנט און היינט קענען זיי לייענען און קענען אַ סך פון יידישקייט. דאָרט רעדט מען נישט וועגן רעליגיע, אָבער די אַטמאָספער איז אַ יידישע. קינדער קומען אין זייערע היימען און פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל צינדן חנוכה־ליכטלעך און זיי פאַרלאַנגען, אַז די עלטערן זאָלן שליסן שבת די קראָם. ווערט איר ווייניקער אַ ביסל פאַרדינען — טענהן זיי — און זאָל זיין שבת אין שטוב.

## ד״ר יעקב ראָטה (פּאַריז)

איך וויל זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם אָפּטימיזם פון פריינד וואַלדמאַן בנוגע פּוילן — אַן אָפּטימיזם, וועלכן איך טייל נישט. איך בין אויך געווען פּאַרגאַנגענעם זומער אין פּוילן, אויך אין לאָדזש און אין ווראָצלאַוו. וואַרשע האָט נישט קיין יידישע שולע. די רעגירונג איז דערין אינגאַנצן נישט שולדיק. פאַרקערט, עס איז פאַראַן אַ פאַראָרדענונג אין פּוילן, אַז ווען צען משפחות בעטן אַ יידישן אונטעריכט, באַקומען זיי עס אין דער שולע.ליידער ווינען די יידן אין וואַרשע צעוואָרפן איבער דער שטאָט און עס זענען נישט פאַראַן קיין צען יידישע פאַמיליעס, וואָס זאָלן ווינען אין איין געגנט, כדי עס זאָל קענען געעפנט ווערן אַ יידישע שולע. אין לאָדזש און אין ווראָצלאַוו זענען פאַראַן יידישע גימ־נאַזיעס, אָבער די אונטעריכט־שפּראַך איז פּויליש. זיי לערנען אויך יידיש. אָבער, ווען איר קומט אין דער שולע, זעט איר, אַז די קינדער צווישן זיך רעדן נאָר פּויליש. ווען איר קומט אין אַ יידישן קאָמיטעט אָדער אין אַ יידישן טעאַטער, הערט איר ווי די אַרטיסטן רעדן צווישן זיך פּויליש אָדער... רוסיש. אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט רעדט מען צווישן זיך פּויליש. דעריבער בין איך ליידער נישט קיין גרויסער אָפּטימיסט וועגן דער צוקונפט פון יידיש אין פּוילן, הגם מאַטעריעלע מעגלעכקייטן דערפאַר זענען פאַראַן, ווייל די פּוילישע רעגירונג דעקט דעם גאַנצן בודזשעט.

## מיכאל זילבערבערג (לאָנדאָן)

אַ טייל פון די אָנוועזנדיקע זענען נישט געווען און האָבן נישט געהערט מיין רעפעראַט. אודאי בין איך צופרידן צו הערן קריטיק לשבח, צי לגנאי, אָבער קריטיק בשייכות מיט מיין רעפעראַט. אָבער דאָ ליידער פאַרט מען אַוועק אין גאַנץ אַנדערע וועלטן, וואָס האָבן אַבסאָלוט נישט קיין שייכות מיט דעם, וואָס מיר האָבן דאָ געזאָגט, איך און מיינע פריינד, וואָגלער און שיין. ווייס איך באמת נישט, וואָס דאַרויף צו ענטפערן. וואָס פאַראַ שייכות האָבן אונדזערע רעפעראַטן פון היינט אינדערפרי מיט די צוויי שפּראַכן און מיטן יידישן שול־וועזן און מיט נאָך אַ ריי אַנדערע פּראַגעס, וועלכע זענען זייער וויכטיק און דאַרפן זיכער באַהאַנדלט ווערן אויפן סימפּאָזיום, אָבער האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט אונדזער ענין. איך וויל נאָר קורץ ענטפערן אויף אייניקע מאָמענטן, אַז צו דערמאָנען נעמען.

דער עיקר איז, אויב מען נעמט דעם ענין ערנסט. עס איז נישט קיין ענין פון אַ דעלעגאַט, פון אַן אַנדער לאַנד, אָדער אפילו פון אַ פּאַריזער ייד, וואָס קומט און האַלט אַ שיינע דרשה און גייט זיך דערנאָך אַוועק. דאָס זענען דאָך שטותים און דאָס איז בטלנות. זייט מיר מוחל פאַר דעם אויסדרוק, מיר הערן אַזויפיל רעדן. מיר ווערן פשוט דערטרונקען אין אַ ים פון ווערטער, וועלכע גיבן גאָרנישט און זאָגן אַבסאָלוט גאָרנישט. מען האָט גערעדט וועגן געדרוקטן וואָרט. אַ סך, אַ סך ביכער, וועלכע מיר באַקומען זענען ביכער... איינער האָט

זיך געקויפט אַ שיינעם נאָמען, איינער עפּעס אַנדערש. דערלויבט מיר איך צו ציטירן אייניקע ווערטער פון אליקום צונזער.

איך בין געווען אין בריטישן מוזעאום און דאָרט עפּעס געזוכט פאַר מרדכי־שעכטער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די צוויי בענדער פון אליקום צונזער. האָב איך צווישן אַנדערע געפונען עפּעס וועגן מכירת־יוסף. שרייבט ער דאָרט אין דער הקדמה פאָלגענדיקעס: „פאַר די וואָס וועלן מיך פרעגן: וואָס נוצן אונדז די אַלטע היסטאָריעס? ליבער שרייבט אונדז פון היינטיקע צייטן, מיר זאָלן זען לעבעדיקע בילדער. אויף אייער פראַגע, מיינע לעזער, מוז איך אייך ענטפערן, נישט ווי אַלע מחברים שרייבן אין זייערע הקדמות, אַז זיי מיינען נישט קיין כבוד, נישט קיין געלט, נאָר זיי שרייבן, ווייל זייער נאַטור דריקט זיי און צווינגט זיי דערצו, ווי די פייגל זינגען אָדער ווי דער האָן מיט זיין קרייען. איך בין גראָד פאַרקערט. איך פאַרזיכער אייך, אַז ווען איך וואָלט געווען אַ נגיד, וואָלט איך געוויס נישט געשריבן. איך בין זיך מודה פאַר אייך, ליבע יידן, אַז איך מוז דעם גראָשן פאַרדינען. אליקום צונזער".

דאָס איז געווען אַן ערלעכער צוגאַנג פון אַ מענטש פון יענער וועלט. ס'איז אפשר טאַקע געווען בטלנות, אָבער אַזוי האָט ער געזאָגט.

אַז מיר זענען געקומען צו דעם סימפּאָזיום, האָב איך געמיינט, און איך מיין, אַז מיר האָבן געדאַרפט זיך אַדורכטראַכטן, כדי עפּעס אַריינצוברענגען, וואָס מיר ווייסן נישט. איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך האָב צוגעגרייט מיין רעפעראַט נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין פּרטים און נישט פאַרוואַנדלענדיק אים אין אַן ענציקלאָפּעדיע וועגן יידישע פּראָבלעמען אָדער וועגן פּראָבלעם פון יידן אין פוילן. איך האָב נישט גענומען פון געדרוקטן וואָרט, וואָס עס איז באַקאַנט. איך נעם אָן, אַז אַלע וואָס זענען דאָ פאַראַן און אַלע, וואָס זענען געווען אינדערפרי זענען אויסגעבונדן מיט די פּראָבלעמען. זיי ווייסן אַלץ וועגן די יידישע פּראָבלעמען, וועגן יידן אין פוילן פאַר די לעצטע פופציק יאָר. מיין צוגאַנג איז געווען אַזאַ: איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל באַווייזן אין מיין רעפעראַט, אַדורכטראַכטנדיק דעם פּראָבלעם, וואָס האָט געפירט צו דער גאָלדענער תקופה פון יידן אין פוילן, די לעצטע פופציק יאָר, וואָס זענען געווען די פאַקטאָרן און סיבות, וואָס האָבן דערצו דערפירט. און כ'האָב געוויזן, אַז די סיבות און די פאַקטאָרן עקזיסטירן נישט מער. עס איז אונדז געבליבן אַ הייליקע ירושה פון מיליאָנען יידן און מיר דאַרפן אומבאַדינגט ווייטער ממשיך זיין, מיר דאַרפן שמידן די גאָלדענע קייט און מיר דאַרפן עס איבערגעבן צו די ווייטערדיקע דורות. איך האָב נישט גערעדט וועגן קיין שפּראַכן, איך האָב נישט אַרויסגעוויזן קיין פּעסימיזם. איך גלויב באמונה שלימה, אַז אין דער צוקונפט וועט נאָך יידיש לעבן בליען. אַ ייד, וואָס איז געווען פינף יאָר אין וואַרשע און האָט געזען דעם חורבן פון אַ האַלבן מיליאָן יידן און איך קען היינט אין יאָר 1965 זען דאָ אַן עין־הרע אַרום הונדערט יידן, וועלכע זיצן און אינטערעסירן זיך מיט פּראָבלעמען פון יידישן קולטור־לעבן, מוז זיין אַן אָפּטימיסט.

דער עיקר פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב געזאָגט, איז געווען, אַז אין די פאַרגאַנגענע פופציק יאָר איז געווען עקשנות, ס'איז געווען יידישער בטחון און

עס איז געווען צוגעהעריקייט צום יידישן כלל. אַ ייד האָט געפילט, אַז ער איז אַ חלק פון יידישן ציבור. און ווייטער האָב איך אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז מיר וועלן גיין מיט דעם וועג און מיר וועלן זיך פון דעם אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, דאָס הייסט, נישט אַריינברענגען קיין פּאַריז, לאָנדאָן און אין אַנדערע שטעט, וואָס עס איז געווען אין ווילנע. דאָס וועלן מיר נישט באַוויזן. דאָס קענען מיר נישט איבערגעבן. וואָס מיר קענען יאָ איבערגעבן איז, אַז די דורות, וועלכע וועלן קומען נאָך אונדז זאָלן ממשיך זיין, זאָלן וויסן וואָס זיי האָבן פאַרלוירן און זאָלן קענען ממשיך זייך אַליין, וואָס מיר ווילן איבערגעבן די קומענדיקע דורות. אָבער דער עיקר איז, אַז מען זאָל דאָס נעמען פאַר אַן אמת.

דאָ זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן הייליקע ווערטער וועגן די יידישע שטובן, וואָס זענען אויסגעליידיקט פון יידישקייט. עס שטאַרבן אויס אונדזערע יידן, וועלכע האָבן כלומרשט רעפּרעזענטירט די יידישע קולטור, איך זאָג נישט יידי־שיסטישע קולטור, נאָר יידישע קולטור אין ברייטסטן זין פון וואָרט. זייערע קינדער זענען פאַרפרעמדט און האָבן נישט קיין שום שייכות צו דעם, וואָס מיר האָבן. ווער איז אין דעם שולדיק? וואָס קומט מען באַשולדיקן לערער אָדער דאָס שול־וועזן. די עלטערן אַליין זענען דערין שולדיק.

אויסער דעם איז פאַראַן אַ וויכטיקער פּראָבלעם. לײדער קען איך וועגן דעם לאַנג נישט רעדן צוליב מאַנגל אין צייט, אָבער באַרירן אים איז נויטיק. עס איז פאַראַן אין דער יידישער וועלט, בפרט צווישן די יידן, וואָס קומען פון מזרח־אייראָפּע, אַ טענדענץ צו אַנטלויפן פון יידישקייט. די טענדענץ איז קענטיק אפילו ביי יידן, וואָס קענען די יידישע ליטעראַטור. עס איז אַ גאַנץ באַזונדערער פּראָבלעם, וואָס דאַרף דיסקוטירט ווערן און אָנשטאָט צו רעדן וועגן דעם באַ־האַלטן מיר אונדזערע קעפּ אין זאַמד און ווילן וועגן דעם נישט רעדן. אודאי זענען פאַראַן אין רוסלאַנד הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס ווילן בלייבן צוגעבונדן צו יידישקייט, אָבער דאָ, איך וויל נישט רעדן וועגן פראַנקרייך, אָבער אין ענגלאַנד זענען פאַראַן יידן, געקומענע נאָכן קריג פון מזרח־אייראָפּע און פון יידישן חורבן און זיי אַנטלויפן פון יידישקייט. מיט דעם פּראָבלעם האָבן זיך געדאַרפט פאַר־נעמען וויסנשאַפטלער און איך וואָלט אייך געקענט אילוסטרירן דעם פּראָבלעם מיט אַ סך ביישפּילן.

מען האָט מיר פאַרגעוואָרפן, אַז איך האָב נישט גערעדט וועגן רעליגיעזן לעבן אין פּוילן. איך האָב באַלד אין אָנהייב געזאָגט, אַז כ'וועל די טעמע נישט באַרירן, ווייל איך וויס, אַז די טעמע וועט מאָרגן דאָ באַהאַנדלט ווערן.

## מיכאל ראַיאַק (פּאַריז)

איך בין געווען אַ ביסל פאַרוווּנדערט פונעם אַריינפיר פון רעפעראַט פון ד"ר מייטליס.

איך קען דעם ד"ר מייטליס פון זיינע שריפטן און איך האָב דערוואַרט עפּעס אַנדערש. עס האָט זיך פון זיין אַריינפיר געשאַפן דער איינדרוק, אַז אין משך פון די פופציק יאָר זענען מיר געוואָרן אַ פאָלק, אַז עס איז ענדלעך געשאַפן

געוואָרן אַ שטיקל דיסציפּלין אין דער קולטור און שפּראַך־פאָרשונג. מיך ווונדערט, וואָס ד״ר מייטליס האָט נישט דערזען פונוואַנען מיר האָבן געשעפּט און פונוואַנען זענען מיר געקומען צו אָט דער מדרגה. ווער נאָך מער, ווי מיר, האָבן געהאַט אַ דיסציפּלין און אַן אחריות אין אונדזער עבר. ווי אַזוי האָבן מיר זיך דערהאַלטן, אויב נישט אַ דאַנק דער דיסציפּלין? וואָס האָט פאַר אונדז באַדייט דער תלמוד און אַנדערע ווערק? איז אָט דעם מאָמענט פון רעפעראַט האָב איך געוואָלט קאָרעגירן. דאָס אַלץ, וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן אין די לעצטע פופציק יאָר, איז בלויז געווען אַ ווייטערדיקער המשך. איך קען אייך אַלס ביישפּיל דערמאָנען יענעם קורצן מאָמענט, ווען מען האָט אין רוסלאַנד געוואָלט שאַפן אַ „נייע קולטור״, די פּראָלעט־קולטור. וואָס דערפון איז געוואָרן האָבן מיר געזען. און מיינט נישט, אַז אין רוסלאַנד איז עס געווען אַן ענין בלויז פון דער מאַכט. די יעווסעקציע איז דאָך אַרויסגעגאַנגען פון אונדזערע רייען. יידישע מענטשן מיט אַ גרויסן יידישן באַגאַזש זענען צוגעטראָטן צו שאַפן אַ נייעם בראשית.

איך האָב געמיינט, אַז ד״ר מייטליס וועט פּרוּוון צו שטעלן אַ געוויסע דיאַג־נאָזע, אַז ער וועט קומען צו געוויסע מסקנות. אַזוי איז נישט געווען.

ד״ר יעקב מייטליס (לאָנדאָן)

עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך האָב אַרויסגעבראַכט אַזוי גערופענע אפּיקורסישע געדאַנקען. מיר רעדן דאָך נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין. מיר ווילן דאָך, אַז עס זאָל זיין אַ רעזאָנאַנס און נישט מען זאָל נישט פאַרשטיין. איך האָבן בכלל נישט גערעדט וועגן אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, פון וועלכער מיר ווילן אַנטלויפן. כ׳האָב דערציילט, כ׳האָב פּרובירט ציען אַ פּאַראַלעל צווישן דעם, וואָס עס איז געווען אַמאָל און וואָס עס איז היינט. כ׳האָב פּרובירט אַריינפירן אַ היסטאָרישע דיסציפּלין אין דעם אופן פון יידישן לעבן פאַר דער לעצטער צייט, פאַר די לעצטע פופציק יאָר. מיר, די, אַזוי צו זאָגן, נייע מאָדערנע יידישע וויסנשאַפט, האָלטן גאָרנישט, אַז מיר הייבן אָן פון בראשית. איך האָב גערעדט, אַז פוילן האָט געבויט אויף טראַדיציע, אויף חסידות, אויף די פאָלקס־מאַסן, אויף ציוניזם, אויף סאָציאַליזם א. א. וו. דאָס איז געווען די פונקציאָנעלע אויפגאַבע פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. איך האָב ציטירט באָראָכאָוון און אַנדערע. מען קען דאָך נישט אין אַזאַ קורצער צייט אַרומרעדן אַלץ. איך וויל, אַז מיר זאָלן זיך פאַרשטיין. עס איז בכלל נישט קיין פראַגע פון אַנטלויפן פון אַנדערע. מען קען דאָך נישט אין אַזאַ קורצער צייט אַרומרעדן אַלץ. איך וויל, אַלט פאָלק. מיר קענען גאָרנישט אַנטלויפן פון עבר. איך אַליין בין איינגעגראָבן אין עבר און אַנטלויפן פון איִם איז מיר יעדנפאַלס נישט מעגלעך.

# די יידישע פּרעסע אין די תפוצות

פון **יוסף פרענקעל** (לאָנדאָן)

**אין יאָר 1960.**

די יידישע פּרעסע אין די תפוצות, וואָס דערשיינט אין אַכט און זיבעציק לענדער, איז אַ לעבעדיקער באַווייז פאַר דעם שטאַרקן ווילן פון די יידן צו זיין ענג פאַרבונדן און פאַראייניקט. אַריבער זעקס הונדערט לייכטנדיקע שטראַלן דרינגען דורך די יידישע קהילות, פאַרשטאַרקנדיק די יידישע איינהייטלעכקייט און פאַרטיפנדיק דעם יידישן באַוווסטזיין.

אומעטום, ווו אַ יידישע צייטונג ווערט געלייענט, טיליעט אַ יידישער פּונק; רעדאַקטאָרן, זשורנאַליסטן און שרייבער פאָלגן נאָך יידישע געשעענישן, און גע־שטיצט דורך זייערע לייענער, פאָרמירן זיי די יידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג. אַ לאַנד, וואָס האָט אַ יידישן ישוב, אָבער האָט נישט קיין יידישע צייטונג, איז כמעט אינגאַנצן איזאָלירט פון דעם יידישן פאָלק.

דער ייד איז אַ לייענער פון געבורט. ער לייענט די אַלגעמיינע צייטונגען וואָס דערשיינען אין זיין וווין־לאַנד, אָבער געוויינלעך איז ער אויך אַן אַבאָנענט פון אַ יידישער צייטונג. אויב ער לייענט נישט קיין יידישע צייטונג, איז דאָס דער ערשטער טרויעריקער סימן פאַר זיין וואַקסנדיקער אָפּפרעמדונג פונעם יידישן פאָלק.

זייט 1675, ווען די ערשטע יידישע צייטונג „גאַזעטאַ דע אַמסטערדאַם״ איז דערשינען, זענען פּובליקירט געוואָרן טויזנטער יידישע צייטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבן פון פאַרשידענע סאָרטן. אַ טייל פון זיי האָבן אָנגעהאַלטן גאָר אַ קורצע צייט, אָבער אַנדערע האָבן איבערגעלעבט די ערשטע געבורטס־ און גע־ווקס־ווייען און האָבן אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט. אין איצטיקן מאָמענט איז „דזשואיש קראָניקל״ די עלטסטע יידישע צייטונג (געגרינדעט אין יאָר 1841).

אין די פופציקער יאָרן פון 18־טן יאָרהונדערט און אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, מיט דער פאַרשפּרייטונג פון דער השכלה־באַ־וועגונג און מיט דעם קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג, האָבן אָנגעהויבן

אַרויסגיין יידישע צייטונגען אין פאַרשידענע לענדער, און אַזוי איז אַנטשטאַנען די יידישע פּרעסע. די צאָל צייטשריפטן איז געוואַקסן, זייענדיק באַווירקט פונעם רענעסאַנס פון דער העברעאישער שפּראַך, דורך די קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור און דורך די עמיגראַציע־כוואַליעס און יידישע וואַנדערונגען, וואָס זענען געווען אַ רעזולטאַט פון די ליידן פון יידן אין אַזויפיל לענדער און פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. דער געבורט פונעם מאָדערנעם ציוניזם, די ערשטע סימנים פון אַ יידישן סאָציאַליזם און דער וווקס פון יידישע פּאַרטייען, ספּעציעל אין מזרח־אייראָפּע, האָבן אויך גורם געווען צו דער אַנטשטייאונג פון נייע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן.

פאַר דעם צווייטן וועלט־קריג האָט אייראָפּע געהאַט די גרעסטע צאָל יידישע צייטשריפטן, אָבער היינט פאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט אַמעריקע. היטלער, ימח שמו, האָט פאַרניכטעט הונדערטער יידישע צייטונגען, נישט נאָר אין דייטשלאַנד, נאָר אומעטום, ווו זיינע סאָלדאַטן און די געסטאַפּאָ זענען געקומען. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, זענען פּובליקירט געוואָרן געהיימע צייטונגען דאָ און דאָרט אין די געטאָס און אין די וועלדער, ווו יידן האָבן געקעמפט אין די אונטערגרונט־באַוועגונגען. נאָך דער באַפרייאונג זענען דערשינען צענדליקער צייטונגען אין די לאַגערן און ווען מ׳האָט זיי געשלאָסן, — האָבן די אַמאָליקע קאַצעטניקעס גע־גרינדעט צייטונגען אין אַ סך לענדער, איבערהויפּט אין יידיש. אַ טייל פון זיי האָט נישט אָנגעהאַלטן לאַנג, אָבער אַנדערע עקזיסטירן ביזן היינטיקן טאָג.
די צאָל פון יידישע צייטונגען איז געוואַקסן נאָך דעם צווייטן וועלט־קריג אומעטום, מיטן אויסנאַם פון די לענדער הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג. די יידישע פּרעסע מיט די פיל טעגלעכע צייטונגען, איבערהויפּט אין יידיש, איז פאַרשוווּנדן אין סאָוויעט־רוסלאַנד און אין פּוילן, אָבער האָט ווידער אויפגעלעבט אין אַרגענ־טינע. יידישע צייטונגען זענען אָפּגעשטאָרבן אין רומעניע, ליטע און אין גאַליציע, אָבער האָבן אויפגעלעבט אין דרום־אַמעריקע און אין דרום־אַפריקע. אין לענדער ווו דאָס פּובליקירן פון יידישע צייטשריפטן איז פאַרבאָטן אָדער באַגרענעצט, איז אויך באַדראָט דאָס רעכט פון יידן צו אויסלעבן זיך אַלס יידן. נאָרוועגיע מיט 1.000 יידן, גריכנלאַנד מיט 5.400 יידן און עקוואַדאָר מיט 2.000 יידן — האָבן יידישע צייטונגען, אָבער סאָוויעט־רוסלאַנד, מיט אַרום דריי מיליאָן יידן, האָט נאָר איין יידישע צייטונג אין ביראָבידזשאַן מיט אַ טיראַזש פון 3.000 עקזעמפּלאַרן און אַ זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" אין מאָסקווע מיט אַ טיראַזש פון 25.000 עקזעמפּלאַרן. אורוגוויי מיט 50.000 יידן און קאַנאַדע מיט אַרום 250.000 יידן האָבן אַ יידישע פּרעסע פון טעגלעכע צייטונגען, וואָכנשריפטן און מאָנאַט־שריפטן; רומעניע, מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון 200.000 נפשות, און אונגאַרן מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון 120.000 נפשות, האָבן יעדע איינע נאָר איין וועכנטלעכע יידישע צייטונג.

# סטאַטיסטיק פון דער יידישער פרעסע אין די תפוצות

## 1. אייראָפּע : 161 צייטונגען

| שפּראַכן | טעגלעכע | וועכנט־לעכע | 2־וועכנט־לעכע | מאָנאַט־לעכע | אַנד. צייט־שריפטן | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגליש | | 6 | 2 | 10 | 24 | 42 |
| פראַנצויזיש | | 2 | 8 | 18 | 13 | 41 |
| דייטש | | 4 | | 9 | 3 | 16 |
| יידיש | 3 | 6 | 2 | 7 | 7 | 25 |
| העברעאיש | | | 1 | | 3 | 4 |
| אַנד. שפּראַכן | | 6 | 3 | 19 | 5 | 33 |
| סך־הכל | 3 | 24 | 16 | 63 | 55 | 161 |

## 2. אַפריקע : 43 צייטונגען

| שפּראַכן | טעגלעכע | וועכנט־לעכע | 2־וועכנט־לעכע | מאָנאַט־לעכע | אַנד. צייט־שריפטן | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגליש | | 4 | 1 | 15 | 10 | 30 |
| פראַנצויזיש | | | | 4 | 1 | 5 |
| דייטש | | | 1 | | | 1 |
| יידיש | | 1 | | 2 | 3 | 6 |
| העברעאיש | | | | 1 | | 1 |
| סך־הכל | | 5 | 2 | 22 | 14 | 43 |

## 3. אויסטראַליע און ניו־זעלאַנד : 16 צייטונגען

| שפּראַכן | טעגלעכע | וועכנט־לעכע | 2־וועכנט־לעכע | מאָנאַט־לעכע | אַנד. צייט־שריפטן | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגליש | | 2 | | 8 | 2 | 12 |
| יידיש | | 3 | | | 1 | 4 |
| סך־הכל | | 5 | | 8 | 3 | 16 |

## 4. קאַנאַדע: 19 צייטונגען

| שפּראַכן | טעגלעכע | וועכנט־לעכע | 2־וועכנט־לעכע | מאָנאַט־לעכע | אַנד. צייט־שריפטן | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגליש | | 5 | 1 | 4 | | 10 |
| פראַנצויזיש | | | | 1 | | 1 |
| יידיש | 2 | 3 | | 3 | | 8 |
| סך־הכל | 2 | 8 | 1 | 8 | | 19 |

## 5. פאַראייניקטע שטאַטן: 247 צייטונגען

| שפּראַכן | טעגלעכע | וועכנט־לעכע | 2־וועכנט־לעכע | מאָנאַט־לעכע | אַנד. צייט־שריפטן | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגליש | | 60 | 14 | 49 | 50 | 173 |
| דייטש | | 1 | | 1 | | 2 |
| יידיש | 3 | 7 | 4 | 14 | 19 | 47 |
| העברעאיש | | 1 | 2 | 7 | 13 | 23 |
| אַנד. שפּראַכן | | 1 | | 1 | | 2 |
| סך־הכל | 3 | 70 | 20 | 72 | 82 | 247 |

## 6. צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע: 124 צייטונגען

| שפּראַכן | טעגלעכע | וועכנט לעכע | 2־וועכנט־לעכע | מאָנאַט־לעכע | אַנד. צייט־שריפטן | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|
| דייטש | | 2 | 3 | 3 | | 8 |
| שפּאַניש — פּאָרטוגעזיש | 1 | 7 | 5 | 27 | 14 | 54 |
| יידיש | 4 | 13 | 7 | 16 | 20 | 60 |
| העברעאיש | | | | 1 | | 1 |
| אַנד. שפּראַכן | | 1 | | | | 1 |
| סך־הכל | 5 | 23 | 15 | 47 | 34 | 124 |

## 7. שפּראַכלעכע פּאַרטיילונג

### תפוצות: 616 צייטונגען

| שפּראַכן | טעגלעכע | וועכנט־לעכע | 2־וועכנט־לעכע | מאָנאַט־לעכע | אַנד. צייט־שריפטן | סך־הכל | אין פּראָצענטן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגליש | | 77 | 19 | 90 | 86 | 272 | 44,16 |
| פראַנצויזיש | | 2 | 8 | 23 | 14 | 47 | 7,63 |
| דייטש | | 7 | 4 | 13 | 3 | 27 | 4,38 |
| שפּאַניש — פּאָרטוגעזיש | 1 | 7 | 5 | 27 | 14 | 54 | 8,77 |
| יידיש | 12 | 33 | 13 | 42 | 50 | 150 | 24,35 |
| העברעאיש | | 1 | 3 | 9 | 16 | 29 | 4,71 |
| אַנד. שפּראַכן | | 9 | 3 | 20 | 5 | 37 | 6,00 |
| סך־הכל | 13 | 136 | 55 | 224 | 188 | 616 | 100,00 |

## 8. שפּראַכלעכע פּאַרטיילונג

### תפוצות און ישראל: 1.144 צייטונגען

| שפּראַכן | טעגלעכע | וועכנט־לעכע | 2־וועכנט־לעכע | מאָנאַט־לעכע | אַנד. צייט־שריפטן | סך־הכל | אין פּראָצענטן |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ענגליש | 1 | 83 | 23 | 109 | 132 | 348 | 30,42 |
| פראַנצויזיש | 1 | 4 | 9 | 26 | 24 | 64 | 5,59 |
| דייטש | 2 | 9 | 5 | 18 | 4 | 38 | 3,32 |
| שפּאַניש — פּאָרטוגעזיש | 1 | 7 | 5 | 27 | 14 | 54 | 4,72 |
| יידיש | 13 | 36 | 17 | 44 | 58 | 168 | 14,68 |
| העברעאיש | 15 | 32 | 15 | 122 | 200 | 384 | 33,57 |
| אַנד. שפּראַכן | 4 | 37 | 8 | 28 | 11 | 88 | 7,70 |
| סך־הכל | 37 | 208 | 82 | 374 | 443 | 1144 | 100,00 |

## 9. געאָגראַפֿישע פֿאַרטיילונג

| | צאָל פֿון צייטונגען | אין פּראָצענטן |
|---|---|---|
| אייראָפּע | 161 | 14,07 |
| אַפֿריקע | 43 | 3,76 |
| אַזיע | 534 | 46,68 |
| אויסטראַליע — ניו־זעלאַנד | 16 | 1,40 |
| קאַנאַדע | 19 | 1,66 |
| פֿאַראייניקטע שטאַטן | 247 | 21,59 |
| צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע | 124 | 10,84 |
| סך־הכל | 1144 | 100,00 |

יידישע רעדאַקטאָרן, זשורנאַליסטן, קריטיקער און רעפּאָרטערן, וועלכע אַרבעטן פֿאַר די 616 צייטונגען אין 78 לענדער פֿון די תּפֿוצות ברענגען צו די מיליאָנען יידישע לייענער און אינטערפּרעטירן פֿאַר זיי די נייעס און געשעענישן, פּאָליטישע ריכטונגען און אַנטוויקלונגען אין דער ליטעראַטור, קונסט און וויסנשאַפֿט. די מענטשן טראָגן אויף זיך אַ גרויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווייל זיי זענען די וועכ־טער און אויסקוקער, וועמענס פֿליכט עס איז צו וואָרענען דאָס יידישע פֿאָלק וועגן מאָראַלישע און פֿיזישע געפֿאַרן וואָס לויערן אויף אים. פֿון זייער וואַכזאַמקייט איז אָפּהענגיק די יידישע פֿעאיקייט צו אָפּהיטן דאָס יידישע פֿאָלק פֿון אינערלעכע און אויסערלעכע אָנגריפֿן. דאָס אַממערסטן עפֿעקטיווע געווער קעגן אַסימילאַציע איז די יידישע פּרעסע. אומעטום ווו עס ווערט געלייענט אַ יידישע צייטונג דאָרט איז דאָ אַ יידישער פּלאַם און אַ יידישע געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג.

די 1144 צייטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבן אין ישראל און אין די תּפֿוצות ברענגען פּאָליטישע, רעליגיעזע, קולטורעלע און ליטעראַרישע נייעס און ידיעות און שאַפֿן אַ גייסטיקע קייט, וואָס פֿאַרבינדט די 78 לענדער פֿון די תּפֿוצות צווישן זיך און מיט ישראל.

אַ יידישע צייטונג אין יידיש לשון לייענט מען, ווייל מען קען יידיש, ווייל מען האָט סענטימענטן פֿאַר יידיש, ווייל מען געפֿינט דאָרט יידישע נייעס, אַרטיקלען און קאָמענטאַרן און ווייל יידישע און נישט־יידישע געשעענישן ווערן דאָרט

דערקלערט פון יידישן שטאַנדפּונקט. אויסער דעם באַזיצט אַ יידישע צייטונג אַ מאַגנעטישע קראַפט, — זי עלעקטריזירט און באַלעבט דעם לייענער.

אַ יידישע צייטונג איז בדרך כלל לעבעדיק, היימיש, פאַרבנרייך און אָפּטימיסטיש. ווען מען פּאָלעמיזירט אין דער צייטונג אָדער מען קריגט זיך, זעט מען בפירוש אַ שלאַכטפעלד מיט טויטע און פאַרוווּנדעטע. שרייבט זי וועגן הומאָר, לאַכט מען אָ סך; דערקלערט זי שווערע פּראָבלעמען, מאַכט זי עס לייכטער און אין אַ פאַרשטענדלעכער פאָרם; ווען זי גיט איבער באַריכטן וועגן ישראל, גלויבט מען צו הערן בן־גוריון. איז אַ צייטונג ציוניסטיש — טוט זי עס מיטן גאַנצן האַרצן, איז זי לינק, איז זי עס פולשטענדיק.

יעדע איינע פון די צייטונגען איז אַן אינדיווידואַליטעט פאַר זיך. זי האָט — אין וועלכער שפּראַך זי זאָל זיין — אירע באַזונדערע אייגנאַרטן, אָנשויאונגען, פּאָליטישע און ליטעראַרישע אויסדרוקן און אויך אייגענע אופנים פון פאָרשטעלן געשעענישן. יעדע צייטונג האָט איר ספּעציפישן אַרכיטעקטאָנישן בוי. די אַרכיטעקטן זענען דער רעדאַקטאָר און די מיטאַרבעטער, וועלכע מוזן תמיד שטרעבן צו בויען די צייטונג שענער, אינטערעסאַנטער און אַנגענעמער.

זאָל דערביי ווערן אונטערגעשטראָכן, אַז אין די תפוצות עקזיסטירן צוועלף טאָג־צייטונגען אין יידיש און קיין איינע נישט אין אַן אַנדער שפּראַך.

וואָס גרעסער עס איז די צאָל פון יידישע צייטונגען, אַלץ לעבעדיקער איז די טעטיקייט פון דער יידישער געזעלשאַפט, אַלץ וואַכזאַמער זענען די יידישע אָרגאַניזאַציעס אויף די אָנגריפן קעגן יידן, אַלץ איינפלוסרייכער איז די יידישע עפנטלעכע מיינונג, אַלץ שטאַרקער איז די קאָנטראָל איבער יידישע אינסטיטוציעס און אַלץ ענגער פאַרקניפּט זענען די יידן פון די תפוצות מיט די יידן פון ישראל.

***

### אין יאָר 1967.

אין אַכט יאָר אַרום ווערט דריי הונדערט יאָר, זייט די ערשטע יידישע צייטונג איז דערשינען. אונדזער פרעסע דאַרף זיך נישט שעמען. אין יאָר 1675 איז דערשינען די ערשטע יידישע צייטונג און איך האָף, אַז דער וועלט־פאַרבאַנד פון יידישע זשורנאַליסטן אין ירושלים וועט צוגרייטן גרויסע פייערלעכקייטן צו דער געלעגנהייט.

חברים האָבן זיך באַקלאָגט, ווי ביטער עס איז צו זיין אַ יידישער זשורנאַליסט. ס׳איז אַן אַלטע דערשיינונג און אַ טרויעריקע. איך האָב געפונען אַ בריוו פון מתתיהו אחר און דער בריוו איז אַלט אַכציק יאָר. איר ווייסט אַלע ווער עס איז געווען מתתיהו אחר. שרייבט ער: „מיין פרוי איז קראַנק און מוז וואַשן וועש. די קינדער זענען קראַנק און איך האָב נישט קיין געלט פאַר אַ דאָקטאָר און נישט פאַר מעדיצין. און איך אַליין, מתתיהו אחר, מוז עסן ברויט און ציבעלע ווייל איך קען זיך נישט פאַרגינען אויף פּוטער". דאָס האָט געשריבן מתתיהו אחר, איינער פון די גרעסטע זשורנאַליסטן און שרייבער, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. אַזוי שלעפּט זיך עס. דער איינציקער אויסוועג, וואָס איך זע,

איז דער וועלט־פֿאַרבאַנד פֿון יידישע זשורנאַליסטן. אויב דער וועלט־פֿאַרבאַנד פֿון יידישע זשורנאַליסטן אין ירושלים וועט זיין שטאַרק, אויך דאָ אין גלות, קען מען דערגרייכן אַ קליינע ענדערונג, אַז מען זאָל נישט גנבענען קיין אַרטיקלען, אַז מען זאָל נישט פֿאַרעפֿנטלעכן מיט אַ נאָמען און אָן אַ נאָמען, מען זאָל אונדז פֿרעגן, מען זאָל אונדז באַצאָלן. ציטונגען, וואָס עקזיסטירן אויף רויב, גייען מיט דער צייט אונטער. עס איז נישטאָ קיין רעספּעקט פֿאַר זיי.

דערמיט וויל איך שליסן. און איצט קום איך ווידער צו אַ טרויעריקן קאַפּיטל. אין יאָר 1961, אין דער אויפֿלאַגע פֿון ביכל „די יידישע פּרעסע אין דער וועלט" האָבן מיר געהאַט 933 ציטונגען אין ישראל און אין גלות. איך וועל אייך דאָ אָנגעבן אַ פּאָר צאָלן, וואָס רעדן אַליין פֿאַר זיך. פֿון 933 ציטונגען האָבן מיר געהאַט 153 יידישע ציטונגען, אָדער 16.40 פּראָצענט. מיר האָבן דאַמאָלסט געהאַט 14 יידישע טאָגציטונגען, אַלע טאָגציטונגען אין גלות זענען אין יידיש. מען האָט איין מאָל פּרובירט צו האָבן אַן ענגלישע טאָגציטונג אין לאָנדאָן. זי האָט עקזיסטירט אַ פּאָר חדשים. עס האָט אויך עקזיסטירט אין אַרגענטינע אַ פּאָר וואָכן אַ טאָגציטונג אין שפּאַניש און עס האָט אויך עקזיסטירט אין ווין אַ פּאָר יאָר די „מאָרגן־ציטונג", מיט פֿערציק יאָר צוריק. אָבער אין די לעצטע יאָרן זענען אַלע 14 טאָגציטונגען אין יידיש. מיר האָבן פֿאַרמאָגט ביזן יאָר 1961 33 וואָכנציטונגען, 10, וואָס זענען דערשינען איין מאָל אין צוויי וואָכן, 46 חודש־ציטונגען און 50 אַנדערע.

ווי זעט עס אויס היינט זעקס יאָר שפּעטער?

אייניקע סטאַטיסטישע ציפֿערן קען איך דאָ מיטיילן, הגם נישט אַלע. די ציטונגען אין דער וועלט מאַכן דורך אַ קריזיס. דער דאָזיקער קריזיס ווערט שטודירט, אָבער אין דער יידישער פּרעסע קען מען פֿאַרויסזען, אַז דער קריזיס וועט ווערן גרעסער און גרעסער. די פּאַרטייאישע ציטונגען וועלן אין די נאָענט־סטע יאָרן דורכמאַכן אַ שווערן קריזיס. אין די לעצטע זעקס יאָר האָבן מיר פֿאַרלוירן 52 ציטונגען. עס עקזיסטירן היינט 886 ציטונגען אין דער וועלט. יידישע ציטונגען זענען פֿאַראַן 130, מיט 23 ווייניקער, ווי מיט זעקס יאָר צוריק. מיר האָבן היינט 11 יידישע טאָגציטונגען און נישט מער 14, ווי פֿריער. אַ שווערע לאַגע, אַ קריזיס לעבן איבער די וואָכנציטונגען. מיר האָבן פֿאַרלוירן 6 וואָכנציטונגען. מיר האָבן היינט נאָר 27. מיר האָבן אויסער דעם היינט צייטונגען, וואָס דערשיינען איין מאָל אין צוויי וואָכן ווייניקער, ווי מיט זעקס יאָר צוריק. מיר האָבן געהאַט 10 און היינט זענען פֿאַראַן 9. דערפֿאַר האָבן מיר פֿאַרלאָרן חדשים־ציטונגען פֿון 46 אויף 34, מיט 12 ווייניקער, און 49 האָבן מיר אַנדערע. יידישע ציטונגען זענען געווען אין 1961 — 16.40 פּראָצענט. דאָס מאָל — 14.67 פּראָצענט. דאָס הייסט, מיר האָבן פֿאַרלאָרן 1.7 פּראָצענט. אויב עס וועט ווייטער אַזוי גיין, איז נישט גוט. מיר האָבן ציטונגען, וואָס באַשעפֿטיקן זיך מיט אַלע פּראָבלעמען, ווי קינדער־ציטונגען, פֿרויען־ציטונגען, ציטונגען פֿאַר ליטעראַטור, פֿאַר קונסט, פֿאַר פּאָליטיק און מיר האָבן אויך 4 אָדער 5 זשורנאַלן, וואָס געהערן צו די בעסטע פֿון דער יידישער פּרעסע. די מערהייט

ציַיטונגען איז אין ענגליש און דאָס איז אפשר וויכטיק, אַז איר זאָלט עס וויסן, אַז זיי באַטרעפֿן 34,7 פּראָצענט. נאָך ענגליש קומט העברעאיש — 26,6 פּראָצענט (איך רעד וועגן יאָר 1961), דערנאָך קומען 16,4 פּראָצענט אין יידיש, 6,6 פּראָצענט אין פראַנצויזיש, 4,8 פּראָצענט אין שפּאַניש, 3,8 פּראָצענט אין דייטש און 6,9 פּראָצענט אין אַנדערע לשונות. אָבער מיר באַשעפֿטיקן זיך דאָ הײַנט מיט 4 אָדער 5 זשורנאַלן אין יידיש.

„סאָוועטיש היימלאַנד" האָט מיר צוגעשיקט אין 1961 אַ נאָטיץ, וואָס איז געווען זייער קורץ: „סאָוועטיש היימלאַנד", די אַדרעס (זיי האָבן הײַנט אַ נייע אַדרעס), רעדאַקטאָר: א. ווערגעליס. די צײַטשריפֿט איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1961 און האָט אַן אויפֿלאַגע פֿון 25 טויזנט. אָבער בדרך כּלל קומען פּאָר יעדעס יאָר טויזנטער ענדערונגען אין דער יידישער פּרעסע. עס ענדערן זיך רעדאַקטאָרן, אַ רעדאַקטאָר שטאַרבט, אַ נייער קומט. אָפֿט איז פֿאַראַן אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע פֿון פֿינף מענטשן און במשך עטלעכע יאָרן קומען גאַנץ נייע מענטשן. אַ וואָכנצײַטונג ווערט אַ חודש־צײַטונג, אַ חודש־צײַטונג הייבט אָן צו דערשײַנען איין מאָל אין דריי חדשים. אָן אַ סוף ענדערונגען. אין יאָר 1967 האָט „סאָוועטיש היימלאַנד" מיר געשריבן — ערשטנס: אַ נייע אַדרעס, צווייטנס — דער זעלביקער רעדאַקטאָר. אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע ווערן אָנגעגעבן עלף נעמען. די ריכטונג און אַדרעס: מאָסקווע — ליטעראַריש־אַרטיסטיש. די צײַטונג פֿאַרעפֿנטלעכט יידישע ביכער, ווערט אַרויסגעגעבן פֿון פֿאַרבאַנד פֿון רוסישע זשורנאַליסטן; די צירקולאַציע איז די זעלבע און געגרינדעט, ווי געזאָגט, אין יאָר 1961.

„די גאָלדענע קייט" האָט מיר אָנגעגעבן אין יאָר 1961 די אַדרעס; רעדאַקטאָר — א. סוצקעווער. אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע זענען געווען אליעזר פּינעס און מענדל מאַן. די ריכטונג איז ליטעראַריש־סאָציאַל; זי ווערט אַרויסגעגעבן פֿון דער הסתדרות. אין יאָר 1967 — די זעלבע אַדרעס, דער זעלביקער רעדאַקטאָר; די רעדאַקציע־קאָלעגיע באַשטייט פֿון אליעזר פּינעס און מלך קאַרפּינאָוויטש; די זעלביקע ריכטונג, ווערט אַרויסגעגעבן פֿון דער הסתדרות. די צײַטונג איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1949.

„דווקא" דערשײַנט אין בוענאָס־איירעס איין מאָל אין דריי חדשים („די גאָלדענע קייט" אויך איין מאָל אין דריי חדשים). כ׳האָב פֿאַרגעסן צו דערמאָנען אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" דערשײַנט איצט יעדן חודש. דער רעדאַקטאָר פֿון „דווקא" איז שלמה סוסקאָוויטש. זי ווערט אַרויסגעגעבן פֿון שלמה סמוסקאָוויטש און ווערט אונטערשטיצט פֿון קולטור־דעפּאַרטאַמענט פֿון יידישן וועלט־קאָנגרעס. זי איז געגרידעט געוואָרן אין יאָר 1949, אין זעלביקן יאָר, ווי „די גאָלדענע קייט" און זי האָט באַזונדערע אויסגאַבעס וועגן שפּינאָזאַ, יהודה הלוי, זיגמונט פֿרויד, נחמן קראָכמאַל, הערמאַן כּהן, מאָזעס מענדעלזאָן א. א. וו. דאָס יאָר: דער זעלביקער רעדאַקטאָר; די רעדאַקציע־קאָלעגיע באַשטייט דאָס מאָל פֿון בער קרימסקי; אַלע אַנדערע אָנגעגעבענע ידיעות זענען די זעלביקע, די צירקולאַציע איז 1.200.

„די צוקונפט" דערשיינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אין יאָר 1961 זענען געווען דריי רעדאַקטאָרן: יעקב גלאַטשטיין, לייוויק און אליעזר גרינבערג, אויך מענעס. זי ווערט אַרויסגעגעבן פון ציק"א; זי איז געגרינדעט געוואָרן אין 1892 און האָט אַ צירקולאַציע פון 8.000. היינט זענען אין דער רעדאַקציע: שלמה ביקל, משה קריסטאל, חיים באס, יעקב גלאַטשטיין, אליעזר גרינבערג. צירקולאַציע איז 8.000. „די צוקונפט" דערשיינט איין מאָל אין חודש.

בריסל, 1967

# „די גאָלדענע קייט״

פון ד״ר אריה טאַרטאַקאָווער (ירושלים)

איך בין נישט קיין מיטגליד פון דער רעדאַקציע פון „די גאָלדענע קייט״. איך בין איינער פון די שטענדיקע לייענער פון דער דאָזיקער צייטשריפט. איך פאַרעפנטלעך דאָרט פון צייט צו צייט מיינע אַרטיקלען און די מענטשן פון דער רעדאַקציע זענען פון מיינע נאָענטסטע פריינט און מיטקעמפער אין ישראל. צוליב דעם האָף איך, אַז די דיאַגנאָזע, וואָס איך וועל דאָ געבן, וועט דורך זיי אַקצעפּטירט ווערן, ווי אַ דיאַגנאָזע, וואָס גיט איבער אַ ריכטיקן בילד פון דער דאָזיקער איינציקאַרטיקער צייטשריפט.

„די גאָלדענע קייט״ איז נישט קיין נייע דערשיינונג. זי האָט שוין דורכגעלעבט דריי מאָל ח״י נומערן. דעריבער קאָן מען שוין היינט מאַכן אַ דיאַגנאָזע פון דעם, וואָס עס שטעלט פאָר מיט זיך די דאָזיקע צייטשריפט, וואָס איז איר כאַראַקטער, וואָס זענען אירע אויפגאַבן און וואָס זענען אירע דערגרייכונגען. לאָמיר אָנהייבן ראשון ראשון, גייענדיק פון די לייכטערע צו די שווערערע זאַכן און נעמלעך: וואָס איז דאָס איינציק־אַרטיקע אין „די גאָלדענע קייט״?

דאָס ערשטע און דאָס כאַראַקטעריסטישע איז, וואָס די דאָזיקע יידישע צייט־שריפט דערשיינט אין ישראל. אָבער דאָס אַליין איז נישט גענוג. מיר האָבן היינט אין ישראל אַ סך צייטשריפטן אין דער יידישער שפּראַך. מיר האָבן אַ יידישע טאָגצייטונג אין ישראל, איינע פון די פּאָפּולערסטע אין דער היינטיקער יידישער וועלט. מיר האָבן זייער אַ סך חודשלעכע צייטשריפטן און וועכנטלעכע אויסגאַבעס און אַ ביכער־פאַרלאַג. דעריבער איז דער פאַקט, וואָס „די גאָלדענע קייט״ דער־שיינט היינט אין ישראל, נישט איר גרעסטער יחוס, נישט דער סאַמע כאַראַקטע־ריסטישער שטריך.

דער צווייטער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון „די גאָלדענע קייט״ איז, וואָס זי ווערט פאַרעפנטלעכט דורך אַ באַשטימטער אָרגאַניזאַציע אין ישראל, דורך דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. דריטע זאַך, וואָס די אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרקערפּערט אויפן שטאַרקסטן אופן צוויי זאַכן — ערשטנס איר קאַמף און אירע דערגרייכונגען פאַר אַ נייעם לעבן אין ישראל — דאָס איז דאָך דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין לאַנד — צווייטנס — אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס צענדליקער יאָרן האַלט זי די העברעאיזירונג פון ישראל פאַר איינע פון אירע וויכטיקסטע אויפגאַבן און האָט טאַקע זייער אַ סך

דערגרייכט אויף דעם דאָזיקן געביט. די אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען די ערשטע, וואָס האָט נאָך מיט צוויי דורות צוריק אויפגענומען דעם קאַמף פאַר דער העברעאיזירונג פון יידישן לעבן אין ישראל. דער פאַקט, וואָס די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו פאַרעפנטלעכן אַ יידישע צייטשריפט אין ישראל, איז זייער אַ כאַראַקטעריסטישער.

די דאָזיקע צייטשריפט איז געשאַפן געוואָרן דורך דריי מענטשן. דער ערשטער פון זיי, וואָס איז שוין אויף אייביקע צייטן פאַרבונדן מיטן נאָמען פון ישראל, איינער פון די בעסטע מענטשן פון דער צווייטער עליה, דער פאָרזיצער פון דער הסתדרות אַ לאַנגע רייע פון יאָרן, דער שעפער פון יידישן פאַרלאַמענטאַריזם אין ישראל, איז שפרינצאַק. דער צווייטער איז איינער פון די באַדייטנדיקסטע פערזענלעכקייטן סיי פון פוילישן און סיי פון ישראלדיקן לעבן, אַ געוואַלטיקער קולטור־טוער, אברהם לעווענסאָן ז״ל. און דער דריטער — דער רעדאַקטאָר אברהם סוצקעווער. דער פאַקט, אַז שפרינצאַק, אַ בעסאַראַבער ייד, לעווענסאָן אַ פוילישער ייד און סוצקעווער, אַ ליטווישער ייד, האָבן אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו שאַפן די צייטשריפט, איז זייער כאַראַקטעריסטיש. דאָס איז, וואָס מיר האָבן צו פאַרדאַנקען דעם בעסאַראַבישן, דעם פוילישן און דעם ליטווישן יידנטום.ליידער זענען קיין סך פון זיי נישט געבליבן. אָבער די, וואָס זענען געבליבן, פירן ווייטער און מיט אימפעט דאָס יידישע לעבן.

און איצט קום איך צו דעם עיקר, בעסער געזאָגט, צו צוויי עיקרים, וועלכע איך וויל אונטערשטרייכן. ערשטנס: ווער עס לייענט „די גאָלדענע קייט״ און ווייס, ווער עס פאַרעפנטלעכט דאָרט זייערע לידער, זייערע אַרטיקלען, זייערע דערציילונגען, זייערע עסייען, די אַלע ווייסן, אַז עס האַנדלט זיך אין גרעסטן טייל פאַלן אין מענטשן, וואָס שאַפן אין צוויי שפּראַכן, סיי אין יידיש און סיי אין העברעאיש. דורך זייער פּערזענלעכע אַקטיוויטעט פּערסאָניפיצירן זיי די פאַרבונדנקייט פון די דאָזיקע צוויי קולטורן, דער העברעאישער מיט דער יידישער קולטור. דאָס איז נישט קיין פראַגע פון טאָלעראַנץ, פון פאַרשטיין זיך איינע מיט די אַנדערע. דאָס איז די פראַגע פון דער טיפסטער מענטשלעכער פאַראַנטוואָרטונג. מיר ווייסן דאָך אַלע, אַז פונקט, ווי אין העברעאיש, אַזוי אויך אין יידיש קומען צום אויסדרוק די טיפענישן פון דער יידישער נשמה און דער דראַנג צו דער אייביקער יידישער שאַפונג. מיר רעדן שוין היינט נישט פון שטאַנדפונקט פון וועלן פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן. מיר רעדן היינט פון שטאַנדפונקט פון אַ געמיינזאַמער שאַפונג. עס איז פאַרביי די צייט פון שעמען זיך, ווען עס האָבן געקעמפט די צוויי שפּראַכן איינע מיט דער אַנדערער. איך פאַרזעגלעך באַטראַכט יעדן מענטש, ווער ער זאָל נישט זיין, וואָס באַקעמפט וואָס פאַראַ שפּראַך עס זאָל נישט זיין און וואָס פאַראַ נישט קולטור, פאַר אַ קולטורלאָזן מענטש. און צוליב דעם, ווען מען רעדט וועגן קולטורלאָזיקייט אין אונדזער יידישן לעבן וואָלט איך געשטעלט אויפן זעלביקן באַזיס צוויי זייער פאַרשידענע גרופּעס: פון איין זייט דעם גדוד מגיני השפה אין ישראל, וואָס וויל מאַכן פּאָגראָמען אויף יידישע צייטונגען און אויף יידישע ביכער, און פון דער אַנדערער זייט די מענטשן אין יעווסעקישן רוסלאַנד, וואָס באַטראַכטן זייער אויפגאַבע צו באַקעמפן די

העברעאישע שפראַך. בשותפותדיק איז ביי זיי ביידן, וואָס די און יענע זענען קולטורלאָז.

דאַרפן מיר אין „די גאָלדענע קייט" פּרוּוון דורכפירן די פּאַראייניקונג פון די צוויי קולטורן אָדער בעסער געזאָגט נישט פּאַראייניקונג, ווייל זיי דאַרפן זיך בכלל נישט פּאַראייניקן. איך בין נישט זיכער, צי מיר וועלן בלייבן אַ פּאָלק פון צוויי שפּראַכן. איך בין נישט קיין נביא און נישט קיין בן־נביא, אָבער איין זאַך בין איך זיכער, אַז מיר וועלן בלייבן אַ פּאָלק פון צוויי קולטורן, פון דער העברעאישער קולטור און פון דער יידישער קולטור, וואָס עס זאָל נישט זיין דער גורל פון די צוויי שפּראַכן. אייביק איז די קולטור געשאַפן אין עברית און אייביק איז די קולטור געשאַפן אין יידיש, די צוויי קולטורן פון יידישן פאָלק.

דערמיט קום איך צום לעצטן פּאַקט, אויף וועלכן איך וויל אָנווייזן. אַ פּאָר חברים האָבן גערעדט מיט שטאָלץ אַז די צייטשריפטן, וועגן וועלכע זיי רעדן, זענען ריינע ליטעראַרישע צייטשריפטן. איך פאַרשטיי זיי, מען קאָן זיין זייער שטאָלץ מיט דעם. אָבער דאָס איז נישט מיין שטאָלץ, ווען איך רעד וועגן „די גאָלדענע קייט". „די גאָלדענע קייט" איז נישט קיין ריינע ליטעראַרישע צייטשריפט. „די גאָלדענע קייט" איז אַ צייטשריפט, וואָס קלערט און וואָס קעמפט. ס'איז אַ צייטשריפט פון מענטשן, וואָס זענען געזעלשאַפטלעך און אַ צייטשריפט פון געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וואָס ווילן דורך זייערע געדאַנקען, דורך זייערע שריפטן, דורך זייער פּאָעזיע, דורך זייערע עסייען, שאַפן אַ נייע זאַך אין יידישן לעבן. פּונקט, ווי אַמאָל מיט אַ דור צוריק האָבן מיר געהאַט אין פּוילן און אין אַנדערע יידישע ישובים אין אייראָפּע, דעם איינציקאַרטיקן טיפּ פון אַ לערער, וואָס איז נישט נאָר אַ לערער, נאָר אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן, וואָס פאַר אים איז די שולע געווען די לאַבאָראַטאָריע פון דער יידישער געגנוואַרט און די לאַבאָראַטאָריע פון דער יידישער צוקונפט, ווער פון אונדז דערמאָנט זיך נישט דעם דאָזיקן געוואַלטיקן טיפּ פון העברעאישן און יידישן לערער און טוער אין פּוילן און אין אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, פּונקט דאָס זעלבע האָבן מיר היינט מיט די מענטשן, וואָס זענען קאָנצענטרירט אַרום „די גאָלדענע קייט". מיר זענען — אויב איך האָב דאָס רעכט צו רעדן אין זייער נאָמען — נישט נאָר שריפטשטעלער, נישט נאָר דענקער, נישט נאָר וויסנשאַפטלער, נאָר מיר זענען אַלע געזעלשאַפטלעכע טוער, ווייל מיר קעמפן פאַר דער רעאַליזירונג פון אַ באַשטימטער אידייע. פּונקט ווי מיר קעמפן אויף אַנדערע שטחים אין ישראל, פּונקט אַזוי קעמפן מיר דורך דער צייטשריפט „די גאָלדענע קייט". „די גאָלדענע קייט" הייסט ביי אונדז אַ פראַגע פון דער פאַרגאַנגענהייט, וואָס זועט אויף אייביקע צייטן זיין מיט אונדז פאַרבונדן. עס קאָן נישט זיין קיין יידיש לעבן אָן די יאָרטויזנטער פון יידישער פאַרגאַנגענהייט און פון יידישער שאַפונג. „די גאָלדענע קייט" ווייזט אונדז אָבער אויך דעם וועג צו דער צוקונפט. די גאָלדענע קייט, וואָס דאַרף גיין ווייטער און ווייטער, אָבער תמיד זיין פאַרבונדן מיט דער פאַרגאַנגענהייט. פאַר אונדז הייבט זיך אָן יידישע קולטור נישט מיט מענדעלע מוכר ספרים און מיט שלום אַש, ווי גרויס זיי זאָלן נישט זיין, נאָר פאַר אונדז הייבט זיך אָן די יידישע קולטור מיט דעם, וואָס מיר האָבן געהערט

אויפן באַרג סיני. און עס גייט ווייטער די שאַפונג, דער געוואַלטיקער פּאַטאָס פון דער יידישער נשמה, ווי ער איז געקומען צום אויסדרוק אין פאַרלויף פון יאָרטויזנטער. דאָס איז אונדזער לעבן, אונדזער געדאַנק און אונדזער שאַפן אין לאַנד.

און דערלויבט מיר צום שלוס נאָך איין פּאָלעמישע באַמערקונג. עס זענען געווען חברים, וואָס האָבן אונדז גזעאָגט: וואָס דאַרפן מיר זיין פאַרזאָרגער פאַר אַנדערע. זיי האָבן זיך באַוואָרנט, אַז זיי זענען נישט קיין ראַסיסטן און ביי דער זעלביקער געלעגנהייט האָבן זיי געזאָגט: לאָמיר קלערן קודם כל וועגן אונדזערע יידישע אינטערעסן און לאָמיר נישט זיין די פאַרזאָרגער פון דער גאַנצער מענטשהייט. דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט אַקצעפּטירן מיר נישט. נישט נאָר צוליב דעם, וואָס מיר האָבן פּראָקלאַמירט אין ישראל איין מאָל, אַ צווייט מאָל און אַ דריט מאָל, אַז וואָס מיר שאַפן אין ישראל איז אַ נייע רעאַליטעט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. דער איינציקער פאַל פון אַ פּראָקלאַמאַציע מיט וועלכער עס ווערט געשאַפן אַ מדינה, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם, אַז די מדינה וועט פאַרווירקלעכן דעם געבאָט פון די נביאים, איז דער פאַל פון מדינת ישראל. מיר האָבן אין דער פּראָקלאַמאַציע וועגן שאַפן די מדינה דערקלערט: מיר ווילן אין ישראל שאַפן די היים פאַרן יידישן פאָלק און מיר וועלן שאַפן דאָס לאַנד, ווו עס זאָל רעאַליזירט ווערן די אידייע פון די יידישע נביאים. און די אידייע פון די נביאים איז געווען נישט נאָר די אידייע פון יידישע אינטערעסן. עס איז געווען אַ שטאַרקע אידייע פון יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן, אָבער אין דער זעלביקער צייט איז עס געווען די גרויסע, אייביקע אידייע פון אַלגעמיין־מענטשלעכע אינטע־רעסן. איר דאַרפט נישט גיין צו מאַרקסן, צו לענינען און צו סטאַלינען, כדי געוווירן צו ווערן וועגן אונדזערע אַלגעמיין־מענטשלעכע אויפגאַבן. פאַר מיר איז גענוג, אויב איך האָב זיך אויסגעלערנט די דאָזיקע תורה פון ישעיהו הנביא, ווען ער האָט אונדז דערקלערט, אַז מיר דאַרפן זאָרגן פאַר דעם יידישן פאָלק, אַז אונדזער גאָט, דער גאָט פון ישראל, איז נישט נאָר דער גאָט פון יידישן פאָלק, נאָר אויך אַ גאָט פון מצרים און פון בבל, פון פעלקער, וואָס האָבן קעגן אונדז געקעמפט. פונדעסטוועגן האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפן זיין מיט זיי פאַרבונדן דורך אייביקע אידעאַלן פון מענטשלעכער סאָלידאַריטעט. פון דעם קומט אַרויס דער געדאַנק וועגן אַ צייט, וואָס וועט נאָך קומען, ווען איין פאָלק וועט נישט קעמפן קעגן דעם אַנדערן פאָלק, נאָר צוזאַמען פאַראייניקט וועלן מיר שאַפן אַ גרויסע אַלגעמיינע מענטשלעכע רעאַליטעט.

דאָס ווילן מיר אויך האָבן אין ישראל, נישט נאָר דערפאַר ווייל מיר זענען סאָציאַליסטן, איך בין אַ מיטגליד פון אַ סאָציאַליסטישער פאַרטיי, נאָר אין דער ערשטער ריי צוליב דעם, ווייל מיר זענען יידן, פאַרבונדן מיט אונדזער יידישער קולטור.

צום שלוס נאָך איין ענין. „די גאָלדענע קייט", ווי זי איז איצט געקומען צום אויסדרוק, ווי מיר קלערן, אַז זי וועט אויך ווייטער קומען צום אויסדרוק, גייט אַרויס פון שטאַנדפּונקט, אַז דאָס וואָס מיר טוען אין ישראל מוז נישט בינדן אַלע אַנדערע. מיר האָבן אונדזער וועג. די צייטשריפט האָט איר וועג און

דאָס יידישע פאָלק אין ישראל האָט זיין וועג. מיר ווילן נישט זאָגן, אַז דאָס איז אויך דער וועג פאַר אַלע אַנדערע. וואָס מיר ווילן זאָגן איז, אַז יעדעס פאָלק, יעדע גרופּע דאַרף געפינען איר וועג צו גאָט. עס זענען פאַראַן אַ סך וועגן, וואָס פירן צו גאָט. מיר גייען אונדזער וועג. מיר האָפן, אַז אַנדערע וועלן גיין מיט זייערע וועגן און וועלן רעאַליזירן די אידייע פון מענטשלעכער מאָראַל, פון מענטשלעכער לאָיאַליטעט און פון סאָלידאַריטעט. אויף אַזאַ אופן וועלן מיר דערגרייכן אַ נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע דערלייזונג פון יידישן פאָלק מיט דער אייביקער צונויפגעבונדנקייט מיט אַלע גערעכטע מענטשן פון אַלע גערעכטע פעלקער.

בריסל, 1967.

# „די צוקונפט"

פון **משה וואַלדמאַן** (פּאַריז)

ווען מיר קומען זיך צונויף אָפּצוגעבן כבוד דער יידיש־ליטעראַרישער פּעריאָ־דיק, דאַרף דערמאָנט ווערן דער יום־טוב לכבוד דעם עלטסטן יידיש־ליטעראַרישן זשורנאַל „די צוקונפט". היי־יאָר ווערט „די צוקונפט" אַלט פינף און זיבעציק יאָר. קומט ממילא אויס, אַז פונדאַנען, דוקא פון אייראָפּע, אין דער סביבה פון אַ קרייז פון יידישע געניסער, ווערט אויפגעהייבן דער כוס צו מאַכן אַ „לחיים" לכבוד דער יידישער ליטעראַטור, וואָס „די צוקונפט" האָט גאָר אַ סך צוגעהאָלפן צו איר פאַנאַנדערבלי.

אויב איך פאַראַלגעמיין די באַדייטונג פון „די צוקונפט" אַלס אַ וויכטיקן פאַקטאָר אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס אירע השפעות זענען פון אַ קאָלאָסאַלן אָנזען, איז דערמיט אַליין שוין אַ באַווייז, אַז אין דער דאָזיקער אויסגאַבע פאַר ליטעראַטור, קולטור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, זאָלן קומען צום אויסדרוק במשך פון די פינף און זיבעציק יאָר די חשובסטע און צומייסטנס געהערטע און געערטע וואָרטזאָגער אויף אַלע געביטן פון דער קולטור־אַנטוויקלונג. דאָס מיינט אויך, אַז אירע השפעות זענען אַריבערגעוואַקסן ווייט אויסער די גרענעץ פון איין לאַנד, אַמעריקע, ווו דער זשורנאַל איז אויפגעקומען און גייט אַרויס חודשלעך אַלע יאָרן ביז היינט אָן איבערייס. דאָס אַליין איז אַ זעלטענע דערשיינונג. זענען מיר דאָך אַ פאָלק פון כסדרדיקע אָנהייבן, צעריסענע אָנהייבן אין רעזולטאַט פון אַ צעשטערטער עקזיסטענץ, פון אַ ביטערן גורל. עס איז נעמלעך ביי אונדז פאַראַן אַ ווילן שטענדיק זיך איינצוואָרצלען און דאָך בלייבן מיר אויסגעוואָרצלט. דער דאָזיקער אומזיכער, אַרויסגערופן דורך נישט ווייניק טרויעריקע דערשיי־נונגען, וואָס פרעמדע פאַקטאָרן האָבן פאַר אונדז באַשטימט, האָבן געשאַפן סיטואַציעס, ואָס יעדער שעפערישער אָנהייב, יאָ אָדער נישט געבונדן מיט אויסערלעכער מאַניפעסטירונג, האָט געמוזט איבערגעריסן ווערן. דערפון שטאַמט דער גרויסער סך־הכל, וואָס וואָלט זיך מסתמא באַקומען, ווען מיר ציילן איבער די קעפּלעך פון יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס איבער דער גרויסער צעשפּרייט־קייט פון יידישן לעבן אין די לעצטע פינף און זיבעציק יאָר. עס וואָלט זיך באַקומען אַזאַ גרויסער פאַרמעגן, וואָס ווייניק פון דער דרויסנדיקער וועלט קענען מיט אונדז קאָנקורירן.

דאָ הייבט זיך טאַקע אָן די טראַגעדיע פון יידישער אומנאָרמאַלקייט, פון

יידישער אַנהייבערישקייט ביז פּרעמדער פּאַרוואָרצלטקייט. אָבער דאָ הייבט זיך אויך אַרויס דער יידישער פּענאָמען, וואָס האָט כסדר כּה צו בויען, ווידער אָנהייבן. אַ שטענדיקער בראשית, ווי עס חזרט זיך איבער דאָס לערנען אונדזערס: פאַר־ענדיקט די פינף חומשים, איז ווידער בראשית. און אין דעם נייעם בראשית איז פאַראַן נייע דערקענטעניש, נייע אַבערבליקן צו ווייטערדיקע אָנהייבן, צו ווייטערדיקער פאַרטיפונג. ווייל אַלץ צוזאַמען איז נישט איינזאַמלונג, נאָר אָנ־זאַמלונג. עס איז אַ גרויסער אונטערשיד. צוויי באַגריפן: איינזאַמלונג מיינט אָפּשלוס, אָנזאַמלונג — קאָנטינואיטעט, באַרייכערונג, אָנוווקס; נאָך אַ ציגל און נאָך אַ שטיין און עס ווערט אַ העכערע געביידע, נעמט אַרום אַ גרעסערן שטח.

פינף און זיבעציק יאָר „די צוקונפט" זענען אייגנטלעך געווען עפּעס מער, ווי פּרצס יום־טוב־בלעטלעך. אַן אויסגאַבע, וואָס האָט זיך געשטעלט באַוווסט־זיניקע צילן צו דערהייבנקייט פון אונדזער לעבן, נישט נאָר מאַניפעסטאַציע, נאָר מאָביליזאַציע פון כחות, פאַרמעסטן זיך.

פאַר אונדז ליגט אַ קאָפּיע פון ערשטן נומער „די צוקונפט", וואָס איר אַרנאַמענטיק איז געצייכנט מיט דער דאַטע — יאַנואַר 1892. דאָס איז פינף יאָר פריער, ווי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון תחום־המושב איז אויפגעקומען דער יידישער אַרבעטער־בונד „בונד", די באַוועגונג, וואָס האָט אַקצענטירט איר פאַרבינדונג מיטן פּראָגרעס פון דער וועלט, כּדי צו ברענגען די גאולה אויך פאַרן יידישן מענטש. עס איז פינף יאָר פריער, ווי עס האָט זיך באַוויזן דער ציוניזם, די באַוועגונג פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, וואָס האָט פאַרבונדן דעם גורל פון ייד מיט דער ערד פון די אבות, מיטן הייליקן ירושלים, וואָס איז צעשטערט געוואָרן און דאַרף צוריק אויפגעבויט ווערן. און אפשר האָט די דערשיינונג פון „די צוקונפט" במשך די פינף יאָר מיט עפּעס משפּיע געווען אויף דער אויסקריס־טאַליזירונג פון געדאַנקען און אויף דער דערוואַכונג פון געפילן, וועלכע האָבן טיף געדרעמלט אין אונדזער פאָלקס־אָרגאַניזם. דאָס ערשטע זייטל „צוקונפט" פון יאַנואַר 1892 האָט אָנגעזאָגט, אַז „אונדזער פּראָגראַם קענען מיר אייגנטלעך אויסדריקן אין די ווערטער: „מיר זענען סאָציאַל־דעמאָקראַטן". אַזוי האָבן עס דערקלערט יענע ערשטע, די אָנהייבער, די וויזיאָנערן פון אַ פרייערער וועלט, די אייניקלעך פון אייביקע טרוימער וועגן „והיה באחרית הימים".

וואָס זאָגט זיך אין דאָזיקן ערשטן זייטל?

„מיר זאָגן עס גאַנץ אָפן. מיר ווילן פון קיינעם נישט באַהאַלטן דעם פאַקט, אַז מיר הייבן אָן אַרויסצוגעבן אַ וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל אין זשאַרגאָן, אַ נייעס אין דער אָרעמער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור. נאָר אַלס פּרובע. די יידישע אַרבעטער־רייע וואַקסט זייער שנעל און עס אַנטוויקלען זיך אַזעלכע אַרבעטער, וואָס ווילן זייער גרינטלעך לערנען די סאָציאַלע פראַגע פון אונדזער צייט און איבערהויפּט זיך אויסבילדן. ער קען דאָס ליידער נישט דערגרייכן, ווייל אויף זשאַרגאָן האָט מען ביז דער לעצטער צייט נאָר געשריבן באָבע־מעשיות און בדחנות. אַנ־דערע שפּראַכן קענען זיי אַזוי ווייניק, אַז זיי זענען נישט אימשטאַנד

צו פאַרשטיין אַ בוך אָדער אַן ערנסטן אַרטיקל. פּאַר די ערנסטע אַרבע־טער, וואָס זענען גערן צו וויסן און צו ווערן געבילדעטע מענטשן, גיבן מיר אַרויס „די צוקונפט". אויב זייער צאָל איז ווירקלעך אַזוי גרויס, ווי פילע גענאָסע באַהויפּטן, וועט זי עקזיסטירן און דערפילן איר ערצי־אונג־אויפגאַבע. און דאַן וועלן מיר וואַרטן אויף די צייט, ווען אונדזער פּראָפּאַגאַנדע אויף פאַרזאַמלונגען, אין דער אַרבעטער־צייטונג, וועט אַנט־וויקלען אַזאַ צאָל ערנסטע אַרבעטער, אַז אַ וויסנשאַפטלעכער זשורנאַל זאָל יאָ קענען עקזיסטירן."

לאָמיר דאָ נישט צופיל אַנאַליזירן, אַריינלאָזן זיך אין חקירות אָדער דיס־קוסיעס. אַזוי האָבן זיי אָנגעהייבן, די ערשטע, מיט פינף און זיבעציק יאָר צוריק. דאָס איז געווען זייער וויזיע. און וויכטיק איז דוקא צו געדענקען די ערשטע צוויי שורות, וואָס דערקלערן אין דריי ווערטער זייער פּראָגראַם: „מיר זענען סאָציאַל־דעמאָקראַטן". באַגלייט זענען די ווערטער מיט אַן אָרנאַמענט פון אַנקו־מענדיקע מלאכימלעך, בשורה־טרעגער. עס פעלן זיי נאָר די טראָמפּייטן אין מויל, וועלכע זאָלן זיך לאָזן הערן און אויסשאַלן די בשורות, אַז „מיר גייען באַפרייען די וועלט, מיר גייען באַפרייען די יידן אין דער וועלט."

איך שטעל זיך דאַרויף אָפּ און אַקצענטיר די שורה, ווייל ד ע ר געדאַנק האָט באַשטימט דעם כאַראַקטער פון דער יידישער אַנטוויקלונג אין דער גרויסער פרייער אַמעריקע. אָבער וועגן דעם אַ ביסל שפּעטער.

זאָלן מיר אָבער נישט פאַרגעסן אויך אָפּצוגעבן כבוד אַ צווייטן יידישן זשורנאַל פון אַמעריקע, וואָס איז עלטער פון „די צוקונפט" און דאָס איז „די פרייע אַרבעטער־שטימע", וועלכע איז באמת אַ פרייע טריבונע פאַר יעדן פריי־דענקענדיקן מענטש. מיט צוויי יאָר עלטער איז איין אויסגאַבע פון דער אַנדערער. אָבער כאַראַקטעריסטיש איז, און עס דאַרף דערמאָנט ווערן; ווען „די צוקונפט" איז אויפגעקומען אַלס סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַן, האָט „די פרייע אַרבע־טער־שטימע" שוין עקזיסטירט אַלס אויסגאַבע פון די פרייהייטלעכע סאָציאַליסטן, די אַנאַרכיסטן. אויך דאָס איז סימבאָליש און זאָגט אייגנטלעך אָן אין וועלכער ריכטונג האָט דער יידישער ישוב אין אַמעריקע זיך געוואָנדן און ווו האָט ער געמיינט צו אַנקערן.

כדי נישט שלעכט פאַרשטאַנען צו ווערן מוז מען אונטערשטרייכן: נישט אַלץ, וואָס יענע ערשטע, די פּיאָנערן פון געדרוקטן יידישן וואָרט אין אַמעריקע האָבן געמיינט, איז געוואָרן וואָר. אַ סך אין דער וועלט איז אויך געוואָרן אַנדערש, ווי עס האָבן אפילו וועלט־פירער געמיינט און געוואָלט.

דער אויפקום און דער רענעסאַנס פון אונדזער יידישער אַקטיוויטעט איז געבונדן אויך מיטן אָנהייב פון דער יידישער דיכטונג. אויב עס איז געוואָרן הונדערט יאָר זייט מענדעלעס דערשיינען, איז געוואָרן פינף און זיבעציק יאָר זינט עס איז דערשינען די גרופּע אַרבעטער־דיכטער מיט מאָריס ווינטשעווסקי בראש. די ערשטע זייט פון דער „פרייע אַרבעטער־שטימע" הייבט זיך טאַקע

אָן מיט זיינס אַ ליד „גרוס אויס איראָפּע״. געצייכנט איז מ. וו. און דאָס מיינט מאָריס ווינטשעווסקי.

לאָמיר דעריבער אויך היינט באַערן יענע ערשטע, פון וועלכע מיר האָבן אַ סך געלערנט. אַ דאַנק זיי האָבן מיר אַ וווּנדערלעכע אַנטוויקלונג פון יידיש־ליטעראַרישן שאַפן, וואָס די וועלט הייבט אפילו אָן היינט צו דערזען איר ווערט. ווער איך ציטירן אַ ליד פון 1894, געשריבן דורך איינעם פון יענע ערשטע, פון די ראשונים, א. באַשאָווער. „רעוואָלוציאָן״ הייסט דאָס ליד:

„איך קום ווי אַ שטאָלצער קאָמעט, ווי די זון ווען עס הייבט אָן צו טאָגן,
איך קום ווי אַ בייזער געוויטער, פון בליץ און פון דונער געטראָגן,
איך קום ווי די גלוטיקע לאַווע פון וואָלקן באַדעקטע וואולקאַנען,
איך קום ווי דער שטורעם פון צפון, וואָס וועקט און דערשרעקט אָקעאַנען,

איך קום ווייל מען פּיטערט דעם פרידן מיט פולווער און בליי אין קאַנאָנען,
איך קום ווייל די וועלט איז צעטיילט און דער בונד פון דער מענטשהייט צעריסן;
איך קום ווייל מען ווייל פאַר דעם צייטגייסט דעם ענדלאָזן וועלט־טרוים פאַרשליסן.

איך קום, ווייל איך בין אין דעם מדבר פון הערשאַפט געבאָרן געוואָרן;
איך קום, ווייל עס האָבן די הערשער געוועקט און דערצויגן מיין צאָרן;
איך קום, ווייל די מענטשלעכע ווערט קען די זכיה פון לעבן נישט טייטן;
איך קום, ווייל מען קען נישט די פרייהייט אויף אייביק פאַרשמידן אין קייטן.

דאָס זענען נאָר דריי פערזן פון אַכט. איך האָב עס אייך איבערגעלייענט, כדי אויף אַ מאָמענט צוריקומען צו יענער תקופה, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דערוואַכונג אין יידישן לעבן. ס׳איז די תקופה פון יענע טרוימער, וואָס וואַרטן, אַז „נאָך די שטורמען, פרעסט און שנייען, קומען וועט דער שיינער מאַי; וואָס מיר וועלן איצט פאַרזייען, וועט היינט בליען פראַנק און פריי.״ און אַזוי האָט געזונגען אין יענער צייט אַ צווייטער פון דער דאָזיקער גרופּע, דוד עדעלשטאַט.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער ליטעראַטור בכלל, און אַמעריקע איז נישט קיין אויסנאַם, אַז יענע אָנהייבער האָבן זיך געשטעלט גאַנץ באַוווסטזיניקע צילן און אויפגאַבעס. נישט נאָר ווילן און פאַרווילן, ווייך מאַכן דאָס האַרץ, נאָר פילן און דערפילן שליחותן. לאָמיר נישט פאַרגעסן אַזאַ וויכטיקע געשטאַלט, ווי עס איז געווען יעקב דינעזאָן, סענטימענטאַל ביז גאָר טאַקע, אָבער ווי טיף וויר־קענדיק און ווי דערהייבן איז ער געווען אין זיין ווערק, אין וועלכן ער האָט אויס־געדריקט דעם צער פון אַ גערודפטן. דאָס אַליין האָט אין זיך געהאַט פּאָזיטיווקייט. ווייל די עוולה איז דערקענט געוואָרן און קעגן איר איז געפירט געוואָרן אַ קאַמף.

פון דעם פריער ציטירטן ערשטן בלעטל איינעם ערשטן נומער „די צוקונפט״

דערוויסן מיר זיך וועלכע אויפגאַבעס דער דאָזיקער יידישער זשורנאַל האָט זיך געשטעלט. דערציען, דערהייבן דעם עולם, צובינדן אים צו אונדזערע ווערטן. דאָס קומט אַרויס גאַנץ קאָנקרעט. אַ יידיש געדרוקט וואָרט האָט געהאַט וויכטיקע דער־ציערישע צילן.

הייב אויף דיינע אויגן, אָ פאָלק, וואָס דו ביסט אַזוי הייל און אָרעם,
הייב אויף דיינע אויגן צו מזרח און מערב, צו צפון און דרום,
און זע די געזאַמלטע אוצרות, און זע ווי פון דער אַרבעט די פירות
און זע דעם געבליבענעם רייכטום פון פריער געוועזענע דורות.

פינף און זיבעציק יאָר „די צוקונפט" מיינט אויספירן אַ שליחות. די אַנט־וויקלונג איז געווען אַ גאָר גאָר אינטערעסאַנטע. מיט יעדער נייער פערזענלעכקייט, וואָס איז אַריינגעקומען אין דאָזיקן היכל, איז ניואַנסירט געוואָרן די אויפגאַבע, אויסגעברייטערט געוואָרן די ראַם, איז רייכער געוואָרן דער טעמאַטישער שטאָף. אויף וויפל עס איז פאַראַן פאַרבינדונג פון דער יידישער פעריאָדיק בכלל מיט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור איז שוין אַ באַקאַנטע זאַך. אָבער בכדי צו זיין קלאָרער אינפאָרמירט, מוז מען וויסן, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועלן מיר פייערן אַ יום־טוב פון הונדערט יאָר יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע. און עס איז דאָ מיט וואָס זיך צו באַווייזן און עס איז דאָ מיט וואָס זיך צו גרויסן. לאָמיר געדענקען: יידיש אין אַמעריקע איז עלטער. יידיש האָט מען אין אַמעריקע געהערט גלייך ביים סאַמען אָנהייב, גלייך נאָכדעם, ווי עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע יידישע איינוואַנדערער. דאָס זענען געווען דריי און צוואַנציק ספרדישע יידן. זיי האָבן זיך באַוויזן אין ניי־אַמסטערדאַם, אין איצטיקן ניו־יאָרק, אין 1654. אָבער תיכף נאָך זיי זענען קיין אַמעריקע געקומען אויך דייטשע יידן. דער דאָזיקער פּרט איז אַ וויכטיקער. ווי באַוווסט האָבן דייטשע יידן גערעדט יידיש האַרט ביזן מיטן 19־טן יאָרהונדערט. אין 17־טן יאָרהונדערט, ווען זיי האָבן איבערגעטראָגן זייער יידיש קיין אַמעריקע, האָבן זיי שוין געהאַט הינטער זיך אַ זיבן הונדערט יאָר יידיש־שעפערישקייט.

וואָס מיר זאָלן נישט קענען זאָגן וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, וואָס איז גאָר אַ וויכטיקע, האָט אָבער געשפּילט אַ באַזונדערס וויכטיקע ראָלע די גרופּע „יונגע"; דאָס איז נישט נאָר אַ שם־דבר, דאָס איז אַ דערשיינונג פול מיט ווונדער, וואָס האָט געפירט צו אַ גרויסער אַנטוויקלונג, וואָס האָט דער יידישער ליטעראַטור, דער יידישער דיכטונג געגעבן ממש פליגלען צו פליען. מיט די „יונגע" איז שוין געקומען אַ גרויסער קינסטלע־רישער פאַרמעסט און אויך אַ גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג.

ווער זענען זיי געווען די אָנהייבער? לייוויק און משה־לייב, אָפּאַטאָשו און מנחם, זישע לאַנדוי און איגנאַטאָוו און משה נאַדיר, י. י. שוואַרץ און ראַבאָי און אַ סך אַנדערע מיט זיי, צענדליקער הינטער זיי, וועלכע האָבן דערגרייכט אין דער ליטעראַטור־שאַפונג ווונדערבאַרע הויכן. מען טאָר אָבער אויך נישט פאַרגעסן די

פאַרגייערס, וואָס האָבן פאַר זיי אויסגעלייגט אַ וועג און דאָס זענען: אברהם רייזן, יהואש, אברהם ליעסין און אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון זייערע מיטצייטלער.

שטעלט זיך די פראַגע: די יידיש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור, בילדענדיק שוין אַ צענטער, האָט עפּעס געהאַט אַן איינפלוס אויף די ליטעראַטור־צענטערס אין אַנדערע ישובים? קאָנקרעט — וואַרשע און מאָסקווע? יאָ. אפילו ווען מאָסקווע, דאָס יידישע מאָסקווע, האָט געגומען אַן אַנדערן דרך. אויך דאָרטן האָט מען אַרײַ־בערגעקוקט צו ניו־יאָרק, געווען פאַרבונדן מיט די שעפערישע פערזענלעכקייטן, ווי דאָס איז אויך געווען מיט וואַרשע און מיט לאָדזש. אין די פעלדלעך פון אייגענעם האַרץ האָט מען זאָרט באַהאַלטן אַ טיף דאַנקבאַרקייט־געפיל צום יידישן שעפערישן מענטש און געפרייט זיך מיט יעדער שאַפונג. דער פאַקט, וואָס דער רוב פון די אַנגעזעענסטע שרייבער אין ניו־יאָרק איז אַ צייט אויך געווען פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציע, מיט איר טרוימערישן צוזאָג, האָט אַ סך בייגע־שטייערט פאַר יענער פאַרבינדונג פון מזרח מיט מערב. דאָס איז אָבער געווען נאָר אַ געוויסע צייט, אַ קורצער פעריאָד.

„די צוקונפט" האָט געהאַט אַ שליחות, אמת נישט אַלע צייטן אַ גלייכע. פינף און זיבעציק יאָר איז אַ מהלך. דורך דער צייט האָבן זיך געביטן אירע קאַפּיטאַנען. אַ רעדאַקטאָר איז אַזאַ קאַפּיטאַן. און לויט דער פערזענלעכקייט — דאָס פּנים. „די צוקונפט" האָט אַרום זיך געזאַמלט די וויכטיקסטע רעפּרעזענטאַנטן פון יידישן וואָרט, אויב אין דער צייט פון אויפקום, ווען אב. קאַהאַן האָט געזאָגט זיין וואָרט, ווען ער האָט געגעבן אַ ריכטונג, האָט דער גרעסטער פון דער יידישער זשורנאַליסטיק געשריבן אין צוועלפטן נומער „צוקונפט" צום ערשטן מאַי: „אַדיע רעליגיעזע פייערטעג, אַדיע נאַציאָנאַלע שמחות", דערמאָנט עס אָבער „די צוקונפט"־רעדאַקציע ביים אַרויסגעבן איר יובל־נומער צום 65־טן געבוירנטאָג און זי שרייבט: „און היינט שטייען מיר ערב דער נאַציאָנאַלער פייערונג פון צענטן יאָר יידישע מדינה". ווען מיר זאָגן די ווערטער האָבן מיר געפייערט ח"י יאָרן און מיר גרייטן זיך איצט צום צוואַנציקסטן יום־העצמאות.

עס זענען פאַרשטייט זיך פאַראַן פּראָבלעמען, פאַרבונדן מיט דער עקזיסטענץ פון „די צוקונפט" אין פינף און זיבעציק יאָר. אויב עס איז אמת, אַז די יידישע אויסגאַבעס האָבן געוואָלט זיין מאָביליזירנדיקע פאַקטאָרן פאַר יידישע אינטערעסן, קען מען זאָגן, אַז צום באַדויערן האָבן די אויסגאַבעס אין אַמעריקע נישט אויסגע־פירט זייערע געזעלשאַפטלעכע שליחותן. אויב אין סך־הכל האָבן מיר געהאַט אַ ווונדערלעכן פאַנאַנדערבלי פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, איז אָבער דער ישוב, ווי אַזעלכער, אַוועק אויף אינגאַנצן אַנדערע דרכים. דאָס יידישע נאַציאָנאַלע לעבן אין אַמעריקע איז ביז צו דער גרויסער קאַטאַסטראָפע געווען נישט קיין זיך בויענדיקס. מען האָט נישט געטאָן, כדי זיך צו פאַרפעסטיקן, צו פאַרוואָרצלען. מען האָט אפילו אַלץ געהאַט — ליטעראַטור און טעאַטער־קונסט, אַ שול־וועזן, אָבער נישט, אַז עס זאָל דערפון ווערן אַ יש, וואָס די רעליגיעזע האָבן שפּעטער יאָ באַוויזן. אַ פאַקט — אין איינציקער כאָטש — דער ישיבה־אוניווער־סיטעט, וואָס הייבט זיך וואָס אַמאָל העכער און העכער, וואַקסט, אַז אפילו דאָ הי גרויסן מיר זיך מיט דעם דאָזיקן פאַקט. אָבער די סיבה דערפון זע איך אין דער

ערשטער פּראָקלאַמאַציע פון פּראָגראַם, וואָס איז דערשינען אין דער „צוקונפט": „מיר זענען סאָציאַל־דעמאָקראַטן". די וויזיע איז באַלד געווען אַן אַנדערע: ביִשט יידישער תּוכן, נאָר סאָציאַלע איבעראַנדערשונג פון סיסטעמען. דערמיט וועלן מיר קענען ראַטעווען אונדזער נפש. געדאַרפט האָט מען אָבער פון סאַמען אָנהייב טראַכטן צו דערהאַלטן געזונט די נשמה. יענע ערשטע עמיגראַנטן, סאָציאַליסטן, פאַרלייקענער פון יידישקייט, די „פאַרוואַרפערס פון נאַציאָנאַלע פייער־טעג" האָבן עס געבערענגט צו אַזאַ מצב, מיט וועלכן די יורשים שפּעטער, נאַציאָנאַלע יידן מיט אַ וויזיע, האָבן שוין געמוזט קעמפן און שווער איז זיי שוין געווען זיך אַן עצה געבן.

ערשט איצט אייגנטלעך וואָלט זיך געוואָלט אָנהייבן אַ סך צו זאָגן, ברענגען צום אויסדרוק געדאַנקען פון יידישע שרייבער, מיטבויער פון „צוקונפט" און פון אַנדערע יידישע אויסגאַבעס, פון דער דאָרטיקער יידישער ליטעראַטור, בכדי צו דערקענען, ווי האַלטן מיר מיט יידיש לעבן אין אַמעריקע? אָבער איך וויל בלויז פאַרענדיקן מיט נאָך איין באַמערקונג.

איך האָב פריער דערמאָנט אַ טייל „צוקונפט"־רעדאַקטאָרן. אָבער צווישן זיי זענען געווען אַ סך זייער אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייטן. עס איז כּדאַי צו איבער־לייענען די עטלעכע נעמען, וואָס ווערן דערמאָנט אין ספּעציעלן יובל־נומער צום פינף און זעכציקסטן יאָר:

מיר דערמאָנען מיט יראת־הכבוד אונדזערע פאָרגייער, די גרונט־לייגער פון דער „צוקונפט", די רעדאַקטאָרן אין דער פאַרגאַנגענהייט: פיליפּ קראַנץ, אב. קאַהאַן, ד"ר קאַספּער, מאָריס ווינטשעווסקי, בער פייגנבוים, יעקב מילך, ד"ר י. פאַרבער, א. ש. זאַקס, אברהם ליעסין און זיין רעדאַקציע־סעקרעטאַר יעקב קרעפּ־ליאַק, שמואל ניגער און אברהם מענעס און אויך דוד פּינסקי; געווען איז אויך איינער פון די רעדאַקטאָרן הלל ראָגאָף און דער היינטיקער רעדאַקטאָר פון „פאָר־ווערטס" ד"ר ל. פאָגעלמאַן. אָבער אין די לעצטע יאָרן האָבן מיר געהאַט אין דער רעדאַקציע לייוויקן, יעקב פאַטן, יעקב גלאַטשטיין און שלמה ביקל, וועלכע פייערן איצט זיבעציק יאָר פון זייער לעבן און פופציק יאָר ביישטייער צו דער יידישער ליטעראַטור. איז דעריבער ביז גאָר וויכטיק, אַז פונדאַנען, ווען מיר רעדן וועגן „צוקונפט" זאָלן מיר אָט די צוויי יידישע פּערזענלעכקייטן, וואָרטזאָגער אין דער יידישער וועלט, היינט צו טאָג, איבערשיקן אונדזער גרוס און ברכות פאַר אַ געזונט און לאַנג לעבן און פאַר שעפערישקייט אין זייער לעבן.

בריסל, 1967.

# „דווקא"

פון פראָפ. אַלעקס דערטשאַנסקי (פּאַריז)

עס זענען פאַראַן צוויי סיבות צוליב וועלכע איך האָב זיך אונטערגענומען צו רעדן וועגן זשורנאַל „דווקא": די ערשטע איז, וואָס אין דער צייט פון דער מלחמה האָט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין פראַנקרייך אַרויסגעגעבן אַ קליינע צייטונג, וואָס האָט געהייסן „קאַן־מעם" און ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען דעם זשורנאַל פון דרום־אַמעריקע „דווקא" האָב איך זיך דערמאָנט אין די צייטן, ווען מיר האָבן פאַבריצירט אונדזער צייטונג „דווקא". צווייטנס האָט מיך אינטערעסירט צו רעדן וועגן „דוקא" ווייל איך האָב געווידמעט לאַנגע יאָרן דעם שטודיום פון פילאָזאָפיע און עס האָט מיך אינטערעסירט צו באַקענען זיך נענטער מיט אַ יידיש־פילאָזאָפישן זשורנאַל.

ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל ווען עס גייט אַרויס אַ פילאָזאָפישער זשורנאַל אין יידיש. איך וועל דערמאָנען צוויי זשורנאַלן פון פאַר דער מלחמה, וואָס האָבן געהאַט אַן אומדירעקטן שייכות מיט „דווקא". דער ערשטער איז „די פרייע שריפטן פאַרן יידישן סאָציאַליסטישן געדאַנק", וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך ד"ר יצחק נחמן שטיינבערג. דער צווייטער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין קאָוונע. איך דערמאָן זיך נישט זיין נאָמען, אָבער איך געדענק דעם נאָמען פון זיין רעדאַקטאָר דאמסקי. פאַרוואָס דערמאָן איך יצחק נחמן שטיינבערגן, דאמסקי אין שייכות מיט „דווקא"? ווײַלט דער קולטור־אָפּטייל פון יי. וו. ק., אָנגעפירט דורך ד"ר אהרן שטיינבערג, האָט געגעבן דעם געהעריקן אימפּולס, אַז „דוקא" זאָל אַרויסגיין. און יצחק נחמן שטיינבערג איז געווען דער ברודער פון אהרן שטיינבערג. דאמסקי איז געווען דער קוזין פון ד"ר אהרן שטיינבערג און זוען נישט אהרן שטיינבערג, וואָלטן מיר היינט צו טאָג נישט געהאַט קיין „דווקא". דערפאַר דערלויב איך זיך אַלס אַריינפיר אייך צו רעדן וועגן די סיבות צוליב וועלכע איך האָב זיך אינטערעסירט מיט „דווקא".

פאַקטיש איז יידישע שפּראַך, וועלטלעכע יידישקייט, אַ פילאָזאָפישער סיס־טעם. כמעט אַלע מענטשן האָבן עס פאַרגעסן. די וועלטלעכע יידישקייט, וואָס האָט אירע ממשותדיקע יסודות אין דרום־אַמעריקע, האָט געוווסט, אַז היינט צו טאָג מוז מען געבן אַ פילאָזאָפישן יסוד דעם היינטיקן יידישן סעקטאָר. ווייל פאַר דעם רעליגיעזן יידיש־רעדנדיקן עלעמענט איז שפּראַך אַן אונטערבאַוווסט־זיניקער מכשיר אויסצודריקן זיינע געפילן. פאַר דעם וועלטלעכן ייד איז יידישע

שפּראַך דער אלף און דער תו פון זיין יידישקייט. דערפאַר מוז ער זיך אויס־דריקן פּרעציז שטרענג, לויט די מוסטערן פון דער פילאָזאָפישער סיסטעמאַטיק. און עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דער פילאָזאָפישער זשורנאַל איז דערשינען אין דרום־אַמעריקע אין סוף פון די פערציקער יאָרן. ווייל דרום־אַמעריקע איז געוואָרן אין די לעצטע צוואַנציק־דרייסיק יאָר אַ קאָנטינענט, וואָס טראָגט אין זיך די האָפענונגען פון דער באַנייאונג פון דער וועלט. ווייל אַלע נייע אידעאָ־לאָגיעס ווילן שלאָגן וואָרצלען אין דרום־אַמעריקע, אָדער ציען זייער יניקה פון דרום־אַמעריקע. למשל: די היינטיקע פראַנצויזישע סאָציאָלאָגיע, ווי צום ביישפּיל, די שיטה פון קלאָד לעווי־שטראוס, וועגן וועלכער איר האָט געהערט, ציט איר גאַנצן מאַטעריאַל פון בראַזיל. קלאָד לעווי־שטראוס דערציילט אין זיינע זכרונות פון דער צייט ווען ער איז געווען פּראָפעסאָר אין ריאָ דע זשאַניירא, אַז ווען ער פלעגט דאָרטן רעדן וועגן פלאַטאָ און אַריסטאָטעל פלעגן די סטודענטן קומען רעדן וועגן דער מאָדערנסטער פילאָזאָפיע.

פאַרוואָס רעד איך וועגן דעם? ווייל דער רעדאַקטאָר פון „דווקא", שלמה סוצקאָוויטש, ווען ער האָט אָנגעהייבן אַרויסצוגעבן „דווקא", האָט ער געזאָגט, אַז ער וויל גיין לויט דער שיטה פון דער פענאָמענאָלאָגישער שולע פון עדמאָנד הוסל. ער האָט געזאָגט, אַז היות די טראַדיציאָנעלע פילאָזאָפיע איז נישט מער מסוגל אויסצודריקן דעם יידישן גורל, וויל ער פּרוּוון אויסצוטייטשן דעם יידישן גורל לויט דער שיטה פון עדמאָנד הוסל.

וואָס איז דאָס אַזוינס די פענאָמענאָלאָגיע? ווער איז עס עדמאָנד הוסל? איך וועל דאָ אָנדייטן דעם יידישן מאָמענט פון עדמאָנד הוסל. עדמאָנד הוסל אַזוי ווי זיגמונט פרויד און אַזוי ווי פרידריך מילטנער איז אַ מענטש, וואָס קומט אַרויס פון מעהרן, טשעכאָסלאָוואַקיי אָדער בעהמען־מעהרן. אָבער עס איז פאַראַן אַ טשיקאַווער מאָמענט, אַן אַנגעווייטיקטער מאָמענט אין דער יידישער גייסטיקער געשיכטע. די אַלע דריי שטאַמען פון משפחות, וואָס זענען געווען מיט דורות צוריק אָנגעשטעקט מיט שבתיזם. זיי זענען יורשים פון דער תורה פון שבתי צבי. און דערלויבט מיר צו מאַכן אין קלאַמערן אַ באַמערקונג וועגן דער שבתי צבי־באַוועגונג. פאַקטיש זענען מיר נאָך ביז היינט צו טאָג נישט אַרויסגעקראָכן פון דעם קריזיס, אין וועלכן שבתי צבי האָט אונדז אַריינגעפירט מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק. אין וואָס באַשטייט די נייע רפואה פון עדמאָנד הוסל? ער האָט איינגעזען, אַז מען טאָר נישט פאַרטייטשן דיווירקלעכקייט לויט אידעאַליס־טישע אָדער רעאַליסטישע השגות. מען מוז די ווירקלעכקייט אַריינטאָן אין קלאַ־מערן. לויט אים דאַרף מען באַשרייבן די ווירקלעכקייט. איינע פון זיינע טעזעס איז געווען: צוריק צו די זאַכן זעלבסט. האָט סוצקאָוויטש געוואָלט מיט דעם געפינען אַ רפואה פאַר די פּראָבלעמען פון דער וועלטלעכער יידישקייט. ער האָט זיך אונטערגענומען אַ וויכטיקע אַרבעט. ער האָט אַרויסגעגעבן במשך די יאָרן אַ גאַנצע סעריע נומערן און איר וועט מיר דערלויבן איך אָנצוגעבן אַ סדר פון די נומערן, איינגעטיילט לויט די תקופות.

ס'איז פאַראַן אַ סעריע פון נומערן, וואָס זענען געווידמעט געוואָרן פאַר יהדות, תנ"ך, אַ ספר בראשית־נומער, אַ נביאים־נומער, אַן איוב־נומער, אַ קהלת־

נומער. עס איז פאַראַן אַ נומער, וואָס איז געווידמעט דער העלעניסטיש־יידישער פילאָזאָפיע, פילאָנען פון אַלעקסאַנדריע. דערנאָך איז פאַראַן אַ סעריע נומערן, וואָס זענען געווידמעט דער פילאָזאָפיע פון מיטלאַלטער, ווי סעדיה גאון, שלמה איבן גבירול, יהודה הלוי, רמב"ם, חיים קרסקס, אין דער רענעסאַנס — יהודה אברבאנל; אין דער מאָדערנער צייט — שפינאָזאַ, משה מענדעלסאָן, חסידות, שלמה מימון און נחמן קראָכמאַל. וואָס שייך דער היינטיקער פילאָזאָפיע איז פאַראַן אַ נומער געווידמעט הערמאַן כהן און קאַסירער. עטלעכע נומערן זענען געווידמעט פאַר שטחים פון דער פילאָזאָפיע, ווי עטיק, עסטעטיק, מעטאַפיזיק, פילאָזאָפיע פון דער וויסנשאַפט.

אין וואָס באַשטייט די נייקייט פון זיין זשורנאַל?

ער האָט צוגעצויגן אַלס מיטאַרבעטער דעם פאַרשטאָרבענעם פסיכאָלאָג און לינגוויסט ראַבאַק פון האַרוואַרד און ער האָט דאָרט אַריינגעלייגט אַ שלל מיט אַרבעט וועגן שפּראַך און פאָלקלאָר. מען קען יאָ אָדער נישט מסכים זיין מיט די שיטות פון ראַבאַקן, אָבער ער האָט אונדז איבערגעלאָזט וואָגיקע אַרבעטן, וואָס האָבן געפונען זייער תיקון אין די נומערן פון „דווקא", ער האָט אויך צוגעצויגן יוגנטלעכע מיטאַרבעטער. עס זענען פאַראַן עטלעכע נומערן, אין וועלכע עס האָבן מיטגעאַרבעט יונגע, וואָס זענען געבוירן אין דרום־אַמעריקע, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין די וועלטלעכע יידישע שולעס אין דרום־אַמעריקע און וואָס האָבן געגעבן וואָגיקע אַרבעטן אי וועגן דער געשיכטע פון מאַטעמאַטיק, אי וועגן פסיכאָלאָגיע און אי וועגן יהדות און כל מיני אַנדערע טעמעס.

צען יאָר נאָכדעם, ווי „דווקא" האָט עקזיסטירט, איז ווידער דערשינען דער מאַניפעסט, וואָס קלערט אויף פאַרוואָס מען גיט אַרויס דעם זשורנאַל. דערלויבט מיר צו לייענען אַ קליינעם ציטאַט פון דעם נומער.

„דוקא נאָך דעם לעצטן חורבן, וואָס אונדז האָט געטראָפן, איז דער ווילן צו לעבן ווי אַ כלל חלילה ביי אונדז נישט שוואַכער געוואָרן. פאַרקערט מיר פילן איצטער מער ווי תמיד אַ טיפע אחריות דוקא צו באַפעסטיקן אַלץ מער אונדזער נאַציאָנאַלן קיום. הגם מיר זענען איבערצייגט, אַז אמונה איז געווען דער גרעסטער פאַקטאָר ביים דערהאַלטן יידן ביים לעבן, גלויבן מיר דאָך, אַז מיטן איבערייס מיט דער אמונה רייסן מיר חלילה נישט איבער מיט עבודת הבורא. ניין, דוקא אַזוי ווערט אונדזער בונד מיט טהרת און קדושת הלבבות נאָך מער דערהויבן, מער ריינער, מער אידעאַלער און פאַראינטערעסירטער. אונדזער ווילן איז, אַז דער פרייער פאַרשערישער געדאַנק זאָל אינספּירירן נישט סתם אַ נייעם פּלפּול נאָר אַ קאָנקרעטן אויסגעפּרובירטן באַוויז, נישט קיין מליצה נאָר אַ דאַטע, ווו דאָס יידישע וואָרט זאָל נישט דינען פאַר קיין צוועק אָדער אויסרייד, נאָר להיפּוך פאַר אַן אָפּדעק און אויסדרוק. דוקא דערפאַר ווייל די האָריזאָנטן פון יידיש לשון זענען אַזוי אכזריות פאַרטונקלט און פאַרשמעלערט געוואָרן, מוזן מיר אויף זיך נעמען די פּריווילעגירטע אחריות זיי לויטערער און ברייטער צו מאַכן."

דאָס איז דער מאַניפעסט פון „דווקא" פאַר זיין דערשיינונג. און אין דעם פאַרלעצטן נומער פון דווקא" האָט דער רעדאַקטאָר סוצקאָוויטש אָנגעהייבן אַ וואָגיקן אַרטיקל וועגן שפּראַך אַלס אינסטרומענט און אַלס שאַפונג. ער האָט

אָנגעדייט אַז דער וויכטיקסטער מאָמענט פון דער שפּראַך זענען די מעטאַפאָרן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז אין אונדזער יידישער ליטעראַטור — און איך רעד וועגן יידישער ליטעראַטור אַלס אַ כוללדיקן באַגריף — איז דער מעטאַפאָר דער עצם־אויסדרוק פון דער שפּראַך. ווען מען פרעגט אין וואָס באַשטייט דאָס שעפערישע ביים מענטשן מוז מען זאָגן, אַז די שעפערישקייט באַשטייט קודם כל אין אַנטלויפן פון דעם אויבנאויפיקן, פון באַקאַנטן און באַוווסטן און זיך פאַרטיפן אין דער מיסטעריע פון לעבן. דערמיט ברענגט ער אַרויס אַ נייעם געדאַנק, אַ נייע געשטאַלט און אַ נייעם זין. דאָס איז דער מעטאַפאָר, וואָס פאַרבינדט דאָס געהיימע און פאַרבאָרגענע מיט דעם, וואָס איז באַקאַנט און באַוווסט. דערמיט שאַפט ער איבער די וועלט.

מיט דעם ציטאַט, גלויב איך, האָב איך אייך געגעבן די ליניע, אין וועלכער „דווקא" האָט באַוויזן צו בויען זיין וועג. צום שלוס דערלויבט מיר אייך צו זאָגן, אַז הגם איך האָב נישט קיין גרויסע פאַרשטענדעניש פאַר דעם וועג פון אונדזערע פריינט אין דרום־אַמעריקע, מוז איך באַוווּנדערן דעם פאַקט, וואָס יעדעס יאָר דערשיינען צוויי בענדער, אָפיציעל הייסט עס יעדע דריי חדשים, אָבער פאַקטיש זענען עס צוויי נומערן, וואָס נעמען אַרום הונדערט און אַכט צוואַנציק זייטן און וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ וואָגיקן ביישטייער פאַר דער יידישער שאַפונג.

# „סאָוועטיש היימלאַנד״
# און איר ליטעראַרישער אינהאַלט

פון **שמואל גאָלדשמידט** (לאָנדאָן)

אין „סאָוועטיש היימלאַנד״ פון דעצעמבער־יאַנואַר 1964 ווערט מיטגעטיילט פון די אַרויסגעבער — דער פאַרבאַנד פון סאָוויעטישע שריפטשטעלער — אַז פונעם נייעם יאָר וועט דער צוויי־חדשימדיקער זשורנאַל דערשיינען אין הונדערט און זעכציק זייטן אַנשטאָט די ביז־איצטיקע הונדערט און דרייסיק. דאָס איז אַ גוטע געלעגנהייט צו מאַכן אַ סך־הכל.

ווען דער ערשטער נומער פון „היימלאַנד״ איז אָנגעקומען צו אונדז, אין אויגוסט 1961, האָט זיך געוואָלט מאַכן „שהחיינו״. דאָס איז געווען דער ערשטער יידישער זשורנאַל אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד זייט 1948. אונדזער ערשטער אימפּולס איז געווען צו מאַכן אַ ברכה, אַז מיר האָבן בכלל אַ יידישן זשורנאַל אין רוסלאַנד, געדרוקט שוואַרץ־אויף־ווייס, געבונדן און פאַרשפּרייט אין רוסלאַנד און אין דער גאָרער וועלט. נאָך היינט וואַרטן מיר אַלע מיט אומגעדולד אויף יעדן נייעם נומער. אָבער פון דער צווייטער זייט איז אונדזער חוב אָפּצושאַצן דעם זשורנאַל אַזוי ווי ער איז. זיינע רעדאַקטאָרן ווילן מען זאָל זייער זשורנאַל באַטראַכטן ווי אַ זשורנאַל און נישט ווי אַ ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע המצאה אָדער פאַרזעעניש. פּשוט אַ זשורנאַל מיט זשורנאַלן גלייך. ביי מיר האָבן זיי געפּועלט. אָבער מיט איין תנאי: זיי דאַרפן נישט זען אין יעדער קריטישער באַמערקונג אַן אַטאַקע אויף זייער אידעאָלאָגיע און רכילות קעגן סאָוויעטן־פאַרבאַנד, פּאָליטביוראָ און די סאָוויעטישע פעלקער. זיי קריטיקירן יידן — און נישט־יידן — אין מערב, און מיר האָבן דאָס רעכט זיי צו קריטיקירן. איך האָב דאָ אין זינען אַן אָפּשאַצונג פון דעם ליטעראַרישן ווערט פון זשורנאַל און נישט קיין פּאָליטישן וויכוח. איך זאָג אייך צו, אַז איך וועל נישט רעדן וועגן מאָסקווער שול, מצה אויף פּסח, עקאָנאָמישע פּראָצעסן און אפילו נישט וועגן מאַנגל אין סידורים און מחזורים.

אָט איז אַ זשורנאַל און מיר באַטראַכטן זיין ווערט אין די ראַמען פון זיין געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן הינטערגרונט. אָבער קודם כל אַ פּאָר ווערטער וועגן יידיש אין רוסלאַנד. דער זשורנאַל דערשיינט אין זייער אַ גוטן יידיש. מען וואָלט געדאַרפט זוכן און זיפּן אין מערב צו געפינען אַזאַ גוטן יידיש. „די גאָלדענע קייט״, אָדער „דווקא״, אָדער „די צוקונפט״ זענען אויף דער מדרגה פון יידיש,

אָבער נישט קיין אַנדערע יידישע אויסגאַבעס. די אויסלייגעכץ פון די העברעאישע ווערטער — און זיי נוצן אַ סך מער איידער מיר — איז נישט צום האַרצן, אָבער מען געוווינט זיך צו און מען פאַרגעסט באַלד, אַז „באַלעבאָס" דאַרף מען שרייבן אַנדערש. אגב, זיי האָבן נישט מער נישט קיין קורצע נונען, צדיס, פייען און כאָפן צום סוף פון אַ וואָרט, און זיי האָבן אויך אָפגעשאַפט דעם מנהג צו ענדיקן ווערטער מיט מעמען אַנשטאָט שלוס־מעמען. האָבן מיר צוריק לאַנגע בוכשטאַבן און אַ שלוס־מעם צום סוף פון אַ וואָרט און עס איז געזינטער פאַר די אויגן און פאַר די נערוון. איך האָב כל ימי געטענהט אַז אַ לאַנגער נון איז נישט מער רעאַקציאָנער איידער אַ קורצער נון. אגב, די אויסגאַבעס פון שלום־עליכם, פרץ און מענדעלע האָבן נאָך די קורצע בוכשטאַבן צום סוף פון אַ וואָרט און פאַרלירן דורך דעם אַ טייל פון זייער חן.

אָבער צוריק צום יידיש. עס לייגט זיך נישט אויפן שכל, אַז מענטשן, וועלכע רעדן נישט קיין יידיש אינדערהיים, און אודאי נישט אין גאַס, זאָלן אויפשטיין אין אַ העלן פרימאָרגן און אָנהייבן שרייבן אַזאַ זאַפטיקן יידיש, ווי עס טראָגט אונדז צו דער דאָזיקער זשורנאַל. זיי רעדן יידיש בלי ספק און זיי האָבן מסתמא געשריבן יידיש און געזאַמלט זייערע מאַנוסקריפּטן ביז עס איז געקומען די שעה צו דרוקן. ווער עס האַלט אַליין אַ פּעדער אין דער האַנט מוז זיך פרייען מיט זיי צוזאַמען.

פאַראַן צווישן די מיטאַרבעטער פון „היימלאַנד" אַלטע באַקאַנטע נעמען, וואָס מיר האָבן געקענט אין די פאַר־מלחמה־יאָרן: יעקב שטערנבערג, הירש אָשעראָוויטש, מאַרק ראַזומני, קיפּניס, נחום אויסלענדער. פאַראַן אָבער אויך נייע נעמען, כאָטש זיי זענען אַלע איבער דרייסיק און די מערהייט איבער פערציק. משה טייף, סאָניאַ פריי, שיקע דריז, י. רובין, יחיאל פאַליקמאַן, מאָטל סאַקציער, מאָטל גראָביאַן, טוביה גען, אפרים לויטער.

בדרך כלל זענען די לידער פון די נייע מיטאַרבעטער און אויך פון די וועטעראַנען בעסער איידער די פּראָזע. עס איז אַ מערקווירדיקע דערשיינונג: אין לינקע אויסגאַבעס געפינט איר בעסערע לידער איידער דערציילונגען. איז עס דערפאַר ווייל דער ריטם פון אַ רעוואָלוציע לאָזט זיך בעסער פאַנגען אין אַ ליד? אָדער איז עס דערפאַר וואָס רעוואָלוציאָנערן האָבן נישט קיין צייט פאַר לענגערע אַרבעטן? און אפשר איז פאַראַן אַן אַנדערע סיבה. עמיצער וואָלט געדאַרפט זיך מיט דעם פאַרנעמען. עס איז אַ טעמע פאַר אַן אינטערעסאַנטער סטודיע.

די דערציילונגען זענען לאַנגווייליק און געמאַטערט. דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט זייער סאָציאַליסטישן רעאַליזם. שאָלאָכאָוו און אַלעקסיי טאָלסטאָי זענען אויך גוטע קאָמוניסטן און זייער ליטעראַרישע אַרבעט איז דורך דעם נישט באַשעדיקט. בעצם האָט עהרענבורג אַליין באַמערקט, אַז סאָציאַליסטישער רעאַליזם אַלס אַזאַ איז נישט קיין מניעה צו שרייבן גוט; אייניקע סאָציאַליסטישע רעאַליסטן שרייבן שלעכט, ווייל דער רבונו־של־עולם האָט זיי נישט געגעבן קיין טאַלאַנט...

אָט נעמט יוסף רובינ׳ס דערציילונג וועגן דעם מאָלער און די פרוי־דאָקטאָר. דוקא בעת דער מאָלער דערקלערט, אַז סוף כל סוף האָט ער דערפילט איר כאַראַקטער און ער וועט באַלד, מיט נאָך עטלעכע שטריכן, האָבן אַ קונסט־

ווערק אויפן לייוונט, קלינגט דער טעלעפאָן און מען רופט דעם דאָקטאָר צו אַ קראַנקן קינד. דער מאָלער בעט זיך זי זאָל זיצן נאָך אַ פּאָר מינוט און זי טענהט אַז דאָס קינד איז אַזוי קראַנק אַז אַ פּאָר מינוט קענען דעצידירן: זי לאָזט אים מיט זיין קאַנוואַ און גייט אַוועק צו איר פּאַציענט. די כאַראַקטערס זענען גוט געמאָלן; די טעמע לאָזט איבער אָרט פאַר ספּעקולאַציע און דעבאַטע: די סיטואַציע טויכט אויף אין איין פּאַראַגראַף — הכלל, אַ פּערל פון אַ קורצער געשיכטע. דאָס הייסט אַז מען קען יאָ שרייבן גוט אין מאָסקווע ביי יידן — און אפילו פּראָזע...

איך וויל אויסטיילן פון די דיכטער יאָסל בוכבינדער. ער איז נישט דער גרעסטער פון דער מאָסקווער פּלעיאַדע, אָבער ער איז דער סאַמע אוניווערסאַלער פון זיי אַלעמען: ער זינגט וועגן גאָטס וועלט און די וווּנדער פון דער נאַטור — פעלדער און סטעפּעס, קאַיאַר און אויסגעשטערנטע נאַכט. דאָס זענען נישט קיין נייע טעמעס, ווי איר ווייסט, אָבער בוכבינדער געפינט עפּעס נייעס צו זאָגן וועגן זיי — דער בעסטער סימן פאַר אַן אמתדיקן דיכטער. פיניע פּלאָטקין, נאָך אַ פּנים חדשות, האָט טאַלאַנט, אָבער ער גייט און פירט אַלץ איבער מיט זיין „זאַמפּאָליט". די רוטין פון זיך אָנשליסן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז אפשר אַ נויטווענדיקער ענין אין רוסלאַנד, אָבער זייער אַ לאַנגווייליקער. דאָס איז נישט קיין קריטיק פון דער פּאַרטיי. איך וואָלט דאָס זעלבע געזאָגט ווען עמיצער וואָלט געשריבן לידער מיט אַזאַ ענטוזיאַזם וועגן זיך אָנשליסן אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע, אָדער צו דער הסתדרות.

אַן אָנשיקעניש זענען די יידישע גענעראַלן מיט זייערע מעמואַרן. דאָס האָט גאַרנישט צו טאָן מיט אונדזער רעספּעקט פאַר זיי אַלס מיליטערישע גאונים און העלדן פון קאַמף קעגן נאַציזם. אָבער שרייבן קענען זיי נישט. אפשר איז עס אַ נס. ווען זיי וואָלטן געקענט שרייבן וואָלטן זיי נישט געהאַט אַזאַ הצלחה אויפן שלאַכטפעלד בשעת מען האָט געדאַרפט באַזיגן די נאַציס.

אין מערב האָבן מיר אויך די פּלאָג פון גענעראַלן, וועלכע שרייבן מעמואַרן. אָבער דאָ רעדט זיך וועגן איין זשורנאַל אין גאַנץ רוסלאַנד. אגב, אין איינעם אַן אַרטיקל שרייבט גענעראַל דוד דראַגונסקי וועגן ישראל „דעם שותף פון ענגלאַנד און פראַנקרייך אין אימפּעריאַליזם". דער זון פון אַ יידישן שניידער אין סוויאַטסק האָט געמעגט וויסן בעסער...

איר געפינט אָפּט אין „היימלאַנד" לידער און אַרטיקלען פון דיכטער אוז שרייבער אין אויסלאַנד. דוקא פון אויסלאַנד האָט איר די סאַמע ווערטלאָזע — פון ליטעראַרישן און עסטעטישן שטאַנדפּונקט — בייטראַגן. צוליב פּאַר־שטענדלעכע טעמים: נאָר קאָמוניסטישע שרייבער און דיכטער אין אויסלאַנד האָבן אַ דריסת הרגל אין „סאָוועטיש היימלאַנד". אפשר איז עס אַ פעלער פוןביידע צדדים, ווער פון אונדז האָט געשיקט אַן אַרטיקל, אַ דערציילונג אָדער אַ ליד צו דער רעדאַקציע פון „היימלאַנד"? מיר שיינען צו זיין מער שעמעוודיק איידער נישט־יידן אין מערב. אַמעריקאַנער און ענגלישע שרייבער, נישט קיין קאָמוניסטן, דרוקן זיך אָפּט אין סאָוויעטישע זשורנאַלן. מען דאַרף דאָך נישט מסכים זיין מיט דער אידעאָלאָגיע פון אַ זשורנאַל בכדי עפּעס צו דרוקן אין

אים. אָבער אַזוי איז עס. האָט איר פּסח בינעצקי, וועלכער שרייבט אַזוי ווי ער וואָלט אַדרעסירט אַ מיטינג אין בית־העם אין תל־אביב, און אַמעריקאַנער יידישע שרייבער, וועלכע האַלטן אַז זיי מוזן קודם כל לויבן לענינען איידער זיי גייען אַריבער צו זייער טעמע. עס וואָלט געווען כדאי צו פרעגן ווערגעליסן, צי ער באַשטייט אויף דעם.

ליטעראַרישע קריטיק איז תמיד אַ האַרבער ענין אין זשורנאַלן מיט אַ שווערן אידעאָלאָגישן רעזשים, וואָס האָבן נישט קיין ספיקות וועגן דער גערעכטיקייט פון זייער טעזע. איך האָב צו זיי קיין טענות נישט; אַזוי זענען זיי. אַ דיכטער, אָדער אפילו אַ פּראָזאַאיקער, קען דאָך געפינען פאַר זיך אַ ביסל רוים, אָבער אַ קריטיקער איז דאָך בטבע דער טרעגער פון דער אידעאָלאָגיע, אַז נישט וואָלט מען אים נישט טאָלערירט. קיין ליטעראַרישע מורדים ווערן נישט געדולדעט אין רוסלאַנד. די גאַר גרויסע קענען היינטיקע צייטן זיך דערלויבן אַ ביסל פרייהייט און גיין זייער וועג טראָץ כרושטשאָווס באַמערקונגען, אָבער אַזוינע טאַלאַנטן זיינען אין „היימלאַנד" נישט פאַראַן.

נעמט דעם רעדאַקטאָר אַליין, אהרן ווערגעליס. איך מוז דאָ מודה זיין, אַז איך וואָלט אים נישט באַאיקאָטירט. פאַרקערט, איך וואָלט זייער גערן זיך דורכ־געשמועסט מיט אים באריכות. כ'האָב אַמאָל געהערט אַ גאַנצע נאַכט מיט איציק פעפער. עד היום האָב איך נישט קיין חרטה אויף דעם. אָבער ער איז נישט געווען אין מיינע מקומות דאָס מאָל. מוז איך וואַרטן. דערווייל וואָלט איך געוואָלט זאָגן אָט וואָס: זיין גרויסע אַרבעט וועגן יידישער ליטעראַטור דערמאָנט מיר אין נעלסאָנס טעלעסקאָפּ, וואָס ער האָט געהאַלטן ביי דעם בלינדן אויג. דאַקעגן איז יעקב שטערנבאַרג (אַן אַלטער ייד פון איבער אַכציק), אַ סך מער יידישלעך און ממילא אַ סך מער גערעכט צו שרייבער און דיכטער, וועלכע האָבן געחלומט דעם חלום פון ציון אָדער געשריבן נאָך העברעאיש.

איך הערט אָפט פון קאָמוניסטישע שרייבער און רעדנער, אויך פון די „היימ־לאַנד"־מענטשן, אַז מען מוז אויסטאָן די אידעאָלאָגישע ברילן פון דאַלעד'ן. גוט, לאָמיר אַלע אויסטאָן די אידעאָלאָגישע ברילן. אָן ברילן איז אורי צבי גרינבערג אַ גרויסער דיכטער לכל הדעות און ש. י. עגנון אַ גרויסער שרייבער לכל הדעות.

הומאָר און סאַטירע איז אַ נייע אָפּטיילונג אין „היימלאַנד" און זיי זאָגן צו נאָך מער, ווען זיי וועלן דערשיינען אין הונדערט און זעכציק זייטן. דער הומאָר איז אין סטיל פון די צוואַנציקער. זאָסטשענקאָ אין זיינע סאַמע אומפּאָלירטע און אומעלעגאַנטע סקיצן. דערצו האָט דער הומאָר נאָך אַן אַנטי־רעליגיעזן בייגע־שמאַק. איך בין נישט גאָטס טראַפּטשע, אָבער די צרה איז, וואָס דער מין הומאָר איז נישט קיין הומאָר; עס ווילט זיך פון אים נישט לאַכן. דער יידיש אין דער הומאָריסטישער אָפּטיילונג איז אויך פאַרעלטערט; ער האָט נישט קיין שוווּנג פון „היימלאַנד"ס מאָדערנעם יידיש אַזוי ווי, למשל, די לידער פון אַשעראָוויטש אָדער די פאָעמעס פון זיאמע טעלעסין. דעם אמת זאָגנדיק האָבן מיר אויך נישט קיין צו פיל גוטע הומאָריסטן אין מערב, ווו די באַדינגונגען פאַר זאָרגלאָזן הומאָר זענען פיל בעסער. פון דער צווייטער זייט, האָבן מיר אין רוסלאַנד אַ טוואַרדאָווסקי, אַ פּאָרל ווי אילף און פּעטראָוו. אין דער אכסניה

פון „הימלאַנד״ ווינען נישט קיין הומאָריסטן אפילו אין סאָוויעטישן זשאַנר.

סאַטירע איז עפּעס אַנדערש. איר געפינט סאַטירע קודם כל אין איניקע לידער — אַ געביט אויף וועלכן זיי זענען שטאַרק. בכלל געפינט איר די בעסטע סאַטירע נישט אין דער באַצייכנטער אָפּטיילונג נייערט דאָ און דאָרטן אויף די שפּאַלטן פון אַנדערע אָפּטיילונגען. דוקא אין אָפּטיילונג פון סאַטירע איז עס אויסגעמאַטערט און אָפּגעבליאַקעוועט. די פיילן פון זייער סאַטירע זענען גע־ווענדעט צו דער מערב־זייט. דאָס איז נישט קיין חסרון. איין גאָט ווייס — מען קען פון מערב לאַכן ביז מען זאָל זיך האַלטן ביי די זייטן, אָבער עס געלינגט זיי נישט — ליידער! איך זאָג „ליידער״ מיטן גאַנצן האַרצן. פון זיך אַליין לאַכן זיי זעלטן. דאָס איז נישט ספּעציפיש „הימלאַנד״, עס איז אַן אַלגעמיינע דער־שיינונג אין רוסלאַנד.

בדרך כלל קען מען די מיטאַרבעטער פון „הימלאַנד״ פאַרטיילן אין צוויי קאַטעגאָריעס: די וועלכע האָבן אַ ליטעראַרישן זיידן — מענדעלע, פּרץ, אָפּאַטאָשו און אַ ליטעראַרישן טאַטן — בערגעלסאָן, כאריק, קולבאַק, האפשטיין — און די וועלכע האָבן נאָר אַ ליטעראַרישן טאַטן. זייער טראַדיציע איז סאָוויעטיש־יידיש און זיי גייען נישט ווייטער, אָדער בעסער געזאָגט: זיי גייען נישט צוריק אייך טריט מער ווי 1917. זיי געניסן פון אונדזער ליטעראַרישער טראַדיציע ממילא, אָבער זיי ווייסן עס נישט. אָבער די טראַדיציאָנאַליסטן צווישן זיי, די מיט אַ זיידן, אַנטלויפן אפילו נישט פון ביאַליקן און האָבן נישט מורא פאַר דעם חסידישן שטייגער און די ווילנער משכּילים. זייער עובדה איז נישט קיין שווערע בעצם. אייזיק מאיר דיק, אליקום צונזער, וועלוול זשבארשער — אַלע קבצנים, אַלע קעמפער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט אויף זייער שטייגער און לויט זייערע השגות. זיי זענען רעוואָלוציאָנערן געבוירן פאַר דער צייט. איניקע פון די „הימלאַנד״־שרייבער שעמען זיך אפילו נישט מיט מאַפּו און סמאָלענסקין — נישט זייער ציוניזם, אָבער זייער סאָציאַלע פונקציע.

בסך הכל און אַרום און אַרום פּילט מען זיך אינדערהיים בשעת מען לייענט דעם „הימלאַנד״: ס׳איז משפּחה, אפילו ווען מען איז נישט מסכּים מיט דער אידעאָלאָגיע און מען איז דערצאָרנט פון דער טאַקטיק. אָפּט ווילט זיך שרייבן אַ בריוו אין רעדאַקציע (קעגן אַלע פּרינציפּן נישט צו געבן רעדאַקטאָרן קיין אומזיסטע שורות); אָבער מען דאַרף געדענקען אַז אויך אָפּט ווילט זיך שרייבן אַ בריוו אין רעדאַקציעס פון העברעאישע צייטונגען אין ישראל און אַנגלאָ־יידישע צייטונגען אין אַמעריקע און ענגלאַנד, שוין נישט רעדנדיק וועגן אַלגע־מיינע צייטונגען און אַלוועלטלעכע טעמעס. דאָס איז נאָך נישט קיין סימן פון אַן אייביקן קאָנפליקט. מיר האָבן מיט זיי נישט קיין אייביקן קאָנפליקט. מיר און זיי זענען קודם כל יידן!

פּאַריז, 1964.

# „סאָוועטיש היימלאַנד"

פון ד"ר חיים סלאָוועס (פּאַריז)

עס קענען זיין פאַרשידענע צוגאַנגען צו אַזאַ טעמע וועגן אַ זשורנאַל. מען האָט דאָ גערעדט וועגן „צוקונפט", וואָס האָט געפייערט אירע פינף און זיבעציק יאָר. מען האָט גערעדט וועגן „דוקא" און מען האָט געגעבן אַ געוויסן פילאָזאָפישן אַנאַליז פון אַ פילאָזאָפישער שיטה. איך מיין, אַז צווישן שרייבער און קולטור־טוער, דאַרפן מיר באַטראַכטן אַ זשורנאַל פון שטאַנדפּונקט פון אַ קולטור־קוזשניע, פון אַ צענטער פון שאַפן פון גייסטיקע ווערטן. נאַטירלעך מיינען מיר נאַציאָנאַלע יידישע ווערטן. „סאָוועטיש היימלאַנד" איז לויט מיין מיינונג אַזאַ צענטער און אַ וויכטיקער צענטער. איך גלויב, אַז היינט צו טאָג איז „סאָוועטיש היימלאַנד" צווישן די סאַמע וויכטיקסטע יידישע זשורנאַלן. איך וויל נישט באַנוצן דאָס וואָרט — דער וויכטיקסטער — אפשר איז ער דער וויכטיקסטער און איר וועט באַלד זען פאַרוואָס.

קודם: „סאָוועטיש היימלאַנד" דערשיינט אין פינף און צוואַנציק טויזנט עקזעמפּלאַרן. יוסף פרענקעל, וועלכער האָט געגעבן אַ זייער פאַכמענישן אַריינפיר און האָט ציטירט ציפערן פון טיראַזש, האָט אָנגעגעבן, אַז „די צוקונפט" דערשיינט היינט צו טאָג אין אַכט טויזנט עקזעמפּלאַרן, „דוקא" האָט אַן אָנגעגעבענע צירקו־לאַציע פון טויזנט צוויי הונדערט עקזעמפּלאַרן. „די גאָלדענע קייט" ווייס מען נישט. עס איז אַ סוד. איך גלויב, און איך וויל זיך נישט שפּילן אין השערות, אַז זי גייט אין צוויי, דריי טויזנט, אָדער אין פיר טויזנט — דאָס איז בערך די צירקולאַציע פון אַ יידישן קולטור־זשורנאַל. „יידישע קולטור" אין ניו־יאָרק האָט אַ פינף טויזנט־צירקולאַציע. פינף און צוואַנציק טויזנט עקזעמפּלאַרן — דאָס איז בכלל צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּעריאָדיק. איך האָב נישט קיין טענות, איך דערצייל נאָר. איך וויל אייך נישט אַגיטירן און איך וויל אייך נישט פאַרשרייבן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. איך אינ־פאָרמיר אייך נאָר.

דער דאָזיקער זשורנאַל ווערט פאַרשפּרייט טיילווייז אין אויסלאַנד, וואַר־שיינלעך עטלעכע טויזנט עקזעמפּלאַרן פון אים, אָבער קרוב צו צוויי צענדליק טויזנט עקזעמפּלאַרן ווערן פאַרשפּרייט אין ראַטנפאַרבאַנד און דאָס ווערט פאַר־שפּרייט ווי עס באַדאַרף צו זיין.

„סאָוועטיש היימלאַנד" איז נאָך מיט עפּעס אַ יחיד במינו, וואָס ער איז אַ

ריין־ליטעראַרישער זשורנאַל. די יידישע פּעריאָדיק, ווי עס איז „די גאָלדענע קייט" אָדער „די צוקונפט" פאַרנעמט זיך מיט ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע פּראָב־לעמען. „היימלאַנד" איז בלויז ליטעראַטור, וואָס מיר רופן שיינע ליטעראַטור. דאָס איז אגב אורחא נישט קיין אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג, ווייל אין ראַטנ־פאַרבאַנד איז פאַראַן אַ טראַדיציע פון די גרויסע רוסישע זשורנאַלן און אויך אין אַנדערע שפּראַכן, וואָס זענען אויסשליסלעך ליטעראַרישע זשורנאַלן. „סאָוועט־טיש היימלאַנד" איז אויסשליסלעך אַ ליטעראַרישער זשורנאַל. ער גייט אַרויס יעדן חודש אין הונדערט און פופציק זייטן, אָנגעפּיקעוועט. דאָס הייסט, אַז דאָס איז היינט די גאַנצע סאָוויעטיש־יידישע ליטעראַטור. צום באַדויערן איז דאָס בלויז די גאַנצע סאָוויעטיש־יידישע ליטעראַטור, ווייל ביכער זענען ביז איצט אַרויס זייער ווייניק. איך מיין אינדיווידועלע ביכער, דוכט מיר אַז עס זענען דערשינען פיר אָדער פינף.

וואָס זענען די כאַראַקטער־שטריכן פון „סאָוועטיש היימלאַנד"? קודם כל די צאָל שרייבער, וואָס באַטייליקן זיך אין זשורנאַל. עס באַטייליקן זיך אין זשורנאַל אַלע סאָוויעטיש־יידישע שרייבער, בערך הונדערט און פופציק מענטשן. דאָס איז די גרעסטע יידישע שרייבער־משפּחה אין דער גאָרער וועלט. צווייטנס: דער עלטער. נישט לאַנג האָט מען דאָרט געפייערט דעם נעסטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אַלט געוואָרן ניינציק יאָר. פון דער צווייטער זייט זענען פאַראַן שרייבער און דיכטער, וואָס זענען נאָך נישט אַלט קיין דרייסיק יאָר. דאָס איז באַזונדערס מערקווירדיק דערמיט, וואָס שוין כמעט אַ פערטל יאָר־הונדערט, ווי אין ראַטנפאַרבאַנד איז נישטאָ מער קיין איין יידישע שולע. אין במשך פון אַנדערטהאַלב צענדליק יאָר איז פאַקטיש דער יידישער א״ב געשטאַנען אויסערן געזעץ. פונדעסטוועגן קומען צו יונגע יידישע שרייבער. איך וויל אייך נישט געבן קיין סטאַטיסטיק און זיך נישט אַריינלאָזן אין פּרטים. אָבער איר קענט מיר גלויבן אויפן וואָרט בעת איך זאָג אייך, אַז אויב מען פאַרגלייכט דעם דורכשניטלעכן עלטער־צושטאַנד פון די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער מיטן עלטער־באַשטאַנד פון לאָמיר זאָגן די אַמעריקאַנער שרייבער, די יידישע, און אויך פון אַנדערע לענדער, קומט אויס, אַז די סאָוויעטיש־יידישע שרייבער זענען היינט די יינגסטע אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור און דאָס הייסט די פּאָטענציעל שאַפערישסטע. און, ווי איך האָב געזאָגט, דאָס סאַמע וויכטיקע, פרייִדיקע און גלייכצייטיק מערקווירדיקע איז דער צוּוווקס. אמת עס שפּאַרן זיך נישט די טירן פון דער יידישער ליטעראַטור, עס קומען נישט צו קיין הונדערטער און אפילו נישט קיין צענדליקער. אָבער מער ווי אַ צענדליק איז צוגעקומען און דאָס איז אין ערגעץ אַנדערש נישטאָ.

קוואַליטעט. נאָכדעם ווי מען האָט אומגעבראַכט די פּאָן־טרעגער פון דער סאָוויעטיש־יידישער ליטעראַטור האָט מען געקענט מיינען, אַז מען האָט אָפּגע־שניטן די קעפּ און אַז עס איז געבליבן נאָר אַ צווייט־ראַנגיקע ליטעראַטור. דאָס איז נישט ריכטיק. צום גליק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרמאָגן ערשטראַנגיקע פּראָזאַאיקער, דוקא פּראָזאַאיקער, און דאָס איז אַ סימן פון געזונט אין דער ליטעראַטור, ווייל פּראָזע איז דאָס קאָרענע

ברויט, דאָס טאָג־טעגלעך ברויט פֿון יעדער ליטעראַטור אין דער צייט ווען דיכטונג איז זעמל־מעל און פיינגעבעקס, גלענצנדיקע יידישע פּראָזאַאיקער און אויך זייער טאַלאַנטירטע יידישע דיכטער.

אויסער טאַלאַנט, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן, איז די באַציאונג צו שפּראַך. די אויסערגעוויינלעכע רייכקייט פון שפּראַך און די אויסערגעוויינלעכע באַציאונג צו שפּראַך. ס'איז פאַראַן אַן אויסערגעוויינלעך הויכער ניוואָ, אַ געפיל פון אחריות, פון אָפּגעהיטקייט. איך האָב עס געשריבן און איך חזר איבער, ווייל איך גלויב, אַז עס איז אמת, אַז אין ערגעץ שרייבט מען נישט היינט אויף אַזאַ אָפּגעהיטן ציכטיקן יידיש, ווי עס שרייבן היינט יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד.

נאָך עפּעס כאַראַקטעריסטישעס. ד״ר מייטליס און פּראָפעסאָר דערטשאַנסקי האָבן זיך באַקלאָגט און ריכטיק, אויפן קלאָגעדיקן מצב פון יידישער שפּראַך־פאָרשונג, וואָס איז אינגאַנצן אָפּגעלאָזן, פאַרנאַכלעסיקט און אָפּגעשטופּט אין אַ ווינקל ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט. אין ראַטנפאַרבאַנד איז פּונקט פאַרקערט. זיי האָבן אַ פלעיאַדע שפּראַך־פאָרשער, ליטעראַטור־פאָרשער פון אַ זייער הויכן ניוואָ. און נאָך עפּעס: די באַציאונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד" צו אַלגעמיין־יידישע קולטור־פראַגן. אויב איר ווילט, צו וועלט־יידישקייט. דאָס איז געווען איינער פון די סאַמע שוואַכע און טראַגישע פּונקטן פון דער סאָוויעטישער יידישער ליטעראַטור פאַר דער מלחמה. דאָס איז דער פּראָבלעם פון באַציאונג צום אַלוועלטלעכן יידנטום. אַלץ וואָס איז געטאָן געוואָרן, און עס זענען געשאַפן געוואָרן אָן אַ צאָל אוצרות, וואָס זענען נאָך אפילו נישט אויסגעפאָרשט געוואָרן, איז געטאָן געוואָרן אונטער דער לאָזונג פון סאָוויעטישן יידנטום, פון סאָוויעטישע יידן. עס האָט געהייסן דאָס סאָוויעטיש יידיש פאָלק. און היות עס איז דאָ אַ לאָגיק אין דער געשיכטע, און אַ דינאַמיק אין דער געשיכטע, דאַרף מען זאָגן, אַז עס איז נישטאָ קיין סאָוויעטיש יידיש פאָלק, נאָר עס איז דאָ אַ יידיש פאָלק און ממילא די סאָוויעטישע יידן האָבן זיך געפילט און פילן זיך און וועלן זיך נאָך מער פילן געבונדן און געקניפּט מיטן יידישן פאָלק. עס איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" אין קעגנזאַץ צו די פאַר־מלחמה־דיקע סאָוויעטיש־יידישע זשורנאַלן, נישט נאָר פילט, נאָר ווייזט אַלץ מער אַרויס באַציאונג צום דאַזיקן קולטור־שייכות. אַ שטייגער: עס איז געווען אַ נומער, פון וועלכן אַ גרויסער טייל איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר איבערזעצונגען פון דער שפּאַנישער גאָלדענער תקופה, מיט איבערזעצונגען פון יהודה הלוי, איבן גבירול. בלויז די, וואָס ווייסן ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען יידישע ליטעראַטור און יידישע ליטעראַטור־קריטיק אין ראַטנפאַרבאַנד פאַר דער מלחמה, קענען אָפּשאַצן דעם וועג, וואָס איז אויף דעם געביט געמאַכט געוואָרן. דאָס הייסט אָנערקענען זיך און אַריינקייטלען זיך אין דער היסטאָרישער קייט פון יידישן שריפטום פון דורות. נאָך מער: אין די סאַמע לעצטע נומערן איז דערשינען אַ וווּנדערלעכע איבערדיכטונג פון שיר־השירים, פון אַ גלענצנדיקן דיכטער, וואָס איז נישט לאַנג געשטאָרבן, משה טייף. איך דערמאָן נישט קיין נעמען פון די לעבעדיקע, אָבער ביים נאָמען פון אַ געשטאָרבענעם וועט איר מיך נישט חושד זיין, אַז איך וויל דאָ עמיצן ספּעציעל פּראָטעזשירן. די דאָזיקע איבערדיכטונג פון שיר־

השירים וואָלט אויך געווען נישט מעגלעך אין אַנדערע צייטן. דאָס איז ווידער דאָס איינקייטלעכן זיך אין דער קייט פון דער יידישער קולטור אָט פון די צייטן פון תנ״ך. און נאָך מערער: דאָס איז לעצטנס געזאָגט געוואָרן זייער אויס־דריקלעך. אין אַן ענטפער, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון איינעם פון די עלטערע יידישע שרייבער, משה אַלטמאַן. און ער האָט געענטפערט: יאָ, דער תנ״ך איז איינער פון די הויפּט־יסודות, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די גאַנצע אונדזער קולטור, די גאַנצע ליטעראַטור, די סאָוויעטיש־יידישע אַריינגערעכנט. איך מיין, אַז דאָס איז אַ וויכטיקער פּונקט, וואָס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן אין די ראַמען פון אונדזער שמועס. איך וויל זאָגן, אַז נישט נאָר אין דער ליטעראַרישער טעטיקייט, נאָר אויך אין זייער רעדאַקציאָנעלער טעטיקייט, אַ שטייגער: זיי גיבן אויסצוגן פון דער אויסלענדישער יידישער פּרעסע. לעצטנס איז געווען אַ גרויסער אויסצוג פון אַן אַרטיקל פון שלמה ביקל. נאַטירלעך זיי שרייבן, אַז זיי זענען נישט מסכים מיט די אויספירן פון אַרטיקל פון שלמה ביקל, אָבער עס איז פאַראַן אַ קאָנטאַקט, עס איז אַ צייטונג, וואָס שטייט אָפן, אויפגעעפנט פאַר דער יידישער וועלט, פאַר דער יידישער אַלוועלטלעכקייט.

עס איז אויך זייער אינטערעסאַנט ווער עס זענען די שרייבער אין „סאָוועטיש היימלאַנד״. אָבער פּונקט אַזוי אינטערעסאַנט איז ווער עס זענען די לייענער פון „סאָוויעטיש היימלאַנד״. דאָס זענען יידן פון עלטערן דור, יידן פון מיטעלן דור. דאָס זענען פּענסיאָנערן, אַרבעטער, אינזשיניערן, גענעראַלן. אָבער אינטערעסאַנט, אַז אויך יוגנט לייענט „סאָוועטיש היימלאַנד״. ס׳איז געווען נישט לאַנג אַ בריוו פון איינעם אַ דאָצענט אין עלטער פון איין און צוואַנציק יאָר, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט יידיש און האָט געשריבן אַ בריוו אין „סאָוויעטיש היימלאַנד״ דיסקוטירנדיק וועגן אַזוינס אָדער עפּעס אַנדערש. אויף די פּאָטאָס פון די צונויפּ־טרעפן פון דער רעדאַקציע מיט לייענער, מיר האָבן צום ביישפּיל בילדער פון מאָסקווע, זעט מען גרויע קעפּ, אָבער מען זעט אויך יוגנט, אין ווילנע, אין קישיניעוו א. א. וו. דאָס איז אויך אַ יחיד במינו, ווייל מיר ווייסן דאָך, אַז אונדזער יוגנט לייענט נישט קיין יידיש, אַלנפאַלס זייער און זייער ווייניק יידישע זשורנאַלן.

איך האַלט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד״ איז אַ גרויסער און וויכטיקער יידישער זשורנאַל, אַ גרויסער און וויכטיקער צענטער פון יידישער קולטור און קולטור, ווי מיר ווייסן, איז נישט אָפּצוטיילן פון פאָלק. יידישע קולטור הייסט יידישע פאָלקישקייט און יידישער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין. אין דעם זין פאַרדינט, גלויב איך און בין אין דעם זיכער, „סאָוועטיש היימלאַנד״ די ברייטסטע אונטערשטיצונג און די וואַרעמסטע באַציאונג פון גאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין דער גאַנצער וועלט.

בריסל, 1967.

# דעבאַטע

**י. זאַנטאַג** (לאָנדאָן)

איך מיין, אַז מיר האָבן אַלע עפּעס געלערנט. אָבער מיר לאָנדאָנער האָבן נישט קיין מזל. יידיש לאָנדאָן האָט קיינמאָל נישט קיין מזל, הגם „די צוקונפט" איז געשאַפן געוואָרן אין לאָנדאָן מיט אַכט יאָר צוריק פריער ווי ווינטשעווסקי האָט עס איבערגעפירט קיין ניו־יאָרק, אָבער מען רעכנט עס נישט אַריין.

**מאיר ראָזענבלאַט** (פּאַריז)

וואָס שייך „סאָוועטיש היימלאַנד". איך באַקום איצט יעדן חודש דעם זשורנאַל און איך לייען אים און איך בין מסכים מיט סלאָוועסעס אויספירונגען. ווער עס לייענט דעם זשורנאַל, די אַרטיקלען און די לידער, און קען לייענען צווישן די שורות, פילט דעם גרויסן גלגול, וואָס קומט פאָר. עס איז נאָך נישט אויף היינט און נישט אויף מאָרגן, אָבער עס גרייט זיך צו. איך האָב לעצטנס געלייענט אַ פאַרצייכענונג, וואָס איז אַ קריטיק פון אַן אַרטיקל אין דער ישראל־פּרעסע מיט וועלכן איך בין מסכים געווען. ס'איז געווען ווען עורי זשאַבאָטינסקי, דער גרויסער מאַטעמאַטיקער און זון פון זאב זשאַבאָטינסקי, איז אַרויסגעטרעטן מיטן משונהדיקן פּראָיעקט, אַז מען זאָל ביאַליקן איבערדיכטן אין דער בייער הברה הספרדית. און מיך האָט געפרייט, אַז „סאָוויעטיש היימלאַנד" האָט גענומען די דאָזיקע שטעלונג. איך ווייס אויך און איך באַגריס עס, אַז מען האָט זיך גע־ווענדעט צו עגנונען, אַז ער זאָל געבן עטלעכע אַרטיקלען. אַזוי ווי מען האָט דאָ גערעדט וועגן פיר זשורנאַלן „דווקא", סאָוועטיש היימלאַנד", „די גאָלדענע קייט" און „די צוקונפט" איז מיר אונטערגעקומען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער קאַלאַמבור, מיט וועלכן איך וויל ענדיקן.

איך האָף און איך וועל זיין גליקלעך, אַז דוקא „סאָוועטיש היימלאַנד" וועט אין איר נייעם, אמת יידישן, דאָס הייסט, אַלמענטשלעכן גלגול, שמידן ווייטער די אמתע גאָלדענע קייט אין דער ווייטער, ווייטער צוקונפט.

**ד"ר בערנאַרד** (פּאַריז)

פיר צייטשריפטן זענען געווען אויפן סדר־היום. און עס טוט מיר ווי דאָס האַרץ אַז אַזאַ יידישע צייטונג, דער אָפיציעלער אָרגאַן פון „איקוף" אין אַמעריקע איז נישט געשטאַנען אויפן סדר־היום. איך וויל איבערלייענען אַ טייל פון אַ ליד

פון לעצטן נומער „יידישע קולטור״ און איך וואָלט געבעטן, אַז דער אָפיציעלער סעקרעטאַריאַט זאָל וועגן דעם מודיע זיין, אויב עס איז מעגלעך דער צייטונג „יידישע קולטור״.

„באַוויַיז זיך דו יורש פון יידישן וואָרט״ פון חנה סאַפּראַן:

באַוויַיז זיך דו יורש פון יידישן וואָרט,
ס'איז צייט שוין צו דערהערן דיין שטימע,
איך זוך דיך, דו צווייגלינג, אויפן בוים פון מיין דור,
וווּ ביסטו? ווען וועסטו שוין קומען?
די גאַנצע עשירות, וואָס איך זאָל פאַרמאָגן,
די לידער, די ליכטיקע טרוימען
פון פרייהייט, פון יושר, די מאָס און די וואָגל
פון אבות, די פּיין און די קרוינען,
איך האָב פאַר דיר פאַרהיט מיט מי, פאַר דיר און דיינע קינדס־קינדער,
שטאָלץ זאָלט איר זינגען דאָס יידישע ליד, דעם עבר מיטן מאָרגן פאַרבינדן,
דאָס יידישע ליד, וואָס קוועלט פון דעם פאָלק,
זיין חכמה, זיין ליבשאַפט, זיין שאַפן,
עס פינקלט ווי דימענט, איז טייערער פון גאָלד אויף וועגן פון וואַנדער און קאַמפן
עס וויטיקט און זינגט פון אַלץ וואָס געשען ביים ווייסל, ביים דניעפּר, און וואָלגע
אין אים רוישט דער ירדן, דער האָדסאָן, די סען
מיט טענער פון נעכטן און מאָרגן,
געלעכטער און טרערן, ליבע און פּיין פון דורות אין גייסטיקייט רייכע
גייט אויף אַ געזאַנג פול מיט שיינקייט און חן
באַטעמט, ווי דער נאַמעס אַ מאכל.
עס קלינגט אָפּ געשריי פון באַעוולטן מענטש
אין לידער פון אַלערליי צייטן
איך טראָג זיי צו דיר מיט מאַמעשע הענט
דו זאָלסט זיי אויף רענץ נישט פאַרבייטן,
איך טראָג אויך צו דיר די בענקשאַפט נאָך פרי,
וואָס בליט, ווי אַ בלום אויף די קברים
פון גאולה, דעם אייביקן חלום
מלחמות און חורבן פאַרשפּאַרן.
אַזויפיל עשירות איך האָב פאַר דיר דאָך
אין גאולה דעם אייביקן חלום
באַפרייען דעם מענטש פון אומענטשלעכן יאָך
געווינען אויף אייביק דעם שלום,

און גלויבן האָב איך אין דעם פשוטן מענטשן
ער וועט דאָך די רשעות באַזיגן
דאָס איז די ירושה, דער המשך, וואָס כ׳בענטש,
וואָס דו זאָלסט אויף ווייטער אים קריגן
און שמידן דיין רינג אין דער גאָלדענער קייט
פון יידיש געזאַנג און נגינה.
וו ביסטו מיין יורש? ווי נאָענט, ווי וויט?
שוין צייט, לאָז הערן דיין שטימע.

## יוסף פרענקעל (לאָנדאָן)

דער זשורנאַל „יידישע קולטור" איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1938. דער רעדאַקטאָר איז א. גאָלדבערג. אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע זענען: נאָוויק, בער גרין (געווען), יאַנאָווסקי. ער ווערט פאַרעפנטלעכט פון יידישן קולטור־פאַרבאַנד און ער האָט אַ צירקולאַציע פון זעקס טויזנט. דער גרינדער און הויפט־רעדאַקטאָר איז געווען נחמן מייזיל.

## ד"ר יעקב ראָטה (פאַריז)

איך וועל זיך דערלויבן שטעלן עטלעכע פראַגעס דעם פריינד סלאָוועס:

ערשטנס האָט פריינד סלאָוועס געזאָגט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" גייט אַרויס אין פינף און צוואַנציק טויזנט עקזעמפלאַרן און ער באַגריסט עס אַלס אַ גרויסע געשעעניש. ווען איר רעכנט פינף און צוואַנציק טויזנט עקזעמפלאַרן, ביי צוועלף נומערן אַ יאָר, מאַכט עס אויס דריי הונדערט טויזנט נומערן אַ יאָר. דאָס קליינינקע מדינת ישראל, וועלכע האָט ווינציקער, ווי די העלפט יידישע איינוווינער פון רוסלאַנד, גיט אַרויס, ווען מען זאָל רעכענען אַלע טאָגצייטונגען, וואָכנשריפטן און אַלע אויסגאַבעס, אודאי מיליאָנען עקזעמפלאַרן און נישט די דריי הונדערט טויזנט.

איצט וואָלט איך געוואָלט פרעגן פריינד סלאָוועס. איך לײדער לייען נישט אָפט „סאָוועטיש היימלאַנד" און איך וויל פרעגן. איך וויל וויסן, צי „סאָוועטיש היימלאַנד" שפיגלט אָפּ דאָס יידישע לעבן אין היינטיקן רוסלאַנד? צי זעט מען דאָרט די ליידן, די פריידן, די בענקשאַפט פון די יידן, וואָס ווילן זיך בענטער באַקענען מיט אונדז אויסער רוסלאַנד, האָבן מיט אונדז באַציאונגען, קאָרעספּאָנדענצן א. א. וו. צי באַדויערט „סאָוועטיש היימלאַנד" וואָס עס איז נישטאָ קיין יידישע שולע אין רוסלאַנד? צי וויס „סאָוועטיש היימלאַנד" דעם אינטערעס, וואָס די רוסישע יידן האָבן פאַר מדינת ישראל? און פאַרוואָס זאָלן מיר נישט פרעגן: צי וויס „סאָוועטיש היימלאַנד" וועגן אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד? עס איז נישט גענוג אונדז צו ענטפערן, ווי מיר הערן דאָס פון יידישע קאָמוניסטן, אַז די סאָוויעטישע קאָנסטיטוציע דערלויבט נישט קיין אַנטיסעמיטיזם. מיר ווייסן,

אַז דאָס איז אויפֿן פּאַפּיר און אין דער אמתן איז ער דאָרט פֿאַראַן. לאָמיר אָנגעבן אייניקע ביישפּילן.

עס איז פֿאַראַן אַ יידישער מלוכה־טעאַטער אין וואַרשע, וועלכן עס איז נישט דערלויבט צו קומען קיין רוסלאַנד. פֿאַרוואָס קען קומען קיין רוסלאַנד די „קאָמעדי פֿראַנסעז״, די אָפּערא, עס קענען קומען טעאַטערס פֿון אַנדערע לענדער, אָבער נישט דער יידישער מלוכה־טעאַטער פֿון פּוילן, וואָס איז דאָך אַ פֿאָלקס־דעמאָקראַטיע? אייך איז באַקאַנט די באַרימטע געשיכטע מיטן בוך פֿון קיטשקאָ. איר קענט אַלע די געשיכטע מיט פּאַסטערנאַק. איך וויל וויסן צי עס שרייבט וועגן דעם „סאָוועטיש היימלאַנד״? איך וויל וויסן וואָס פֿאַרא שטעלונג עס האָט אָנגענומען „סאָוועטיש היימלאַנד״ ווען מען האָט נישט דערלאָזן פּאַס־טערנאַקן צו פֿאָרן קיין שטאָקהאָלם אָפּצונעמען די נאָבעל־פּרעמיע? שאָלאָכאָוון האָט מען עס יאָ דערלויבט.

## י. זאַנטאַג (לאָנדאָן)

ד״ר סלאָוועס האָט דאָ דערמאָנט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד״ איז אַ ליטע־ראַרישע צייטונג לויט דעם ביישפּיל פֿון רוסישע צייטונגען, וואָס האָבן שוין אַ געוויסע טראַדיציע. ער האָט געזאָגט אַלס אַ פֿאַקט און ער האָט דערמיט פֿאַר־ענטפֿערט וואָס געוויסע געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען האָבן ביז איצט נישט באַקומען קיין אָפּקלאַנג אין „סאָוועטיש היימלאַנד״. איך האָב די פֿראַגע גע־שטעלט אהרן ווערגעליסן, ווען ער איז געווען אין לאָנדאָן. ער האָט געגעבן דעם זעלביקן ענטפֿער. אָבער עס איז נישט אין איינקלאַנג אפֿילו מיט דער סאָוויעטיש־יידישער ליטעראַטור פֿון דער פֿאַר־מלחמהדיקער צייט. פֿאַר אונדז איז נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן לעבן און ליטעראַטור. ווערגעליס איז מיט מיר מסכים געווען און ער האָט געזאָגט, אַז אַן ענדערונג וועט פֿאָרקומען. עס איז נישט קיין נאַטירלעכע דערשיינונג. מען קען נישט אָפּטיילן סתם ליטעראַטור פֿון לעבן און ספּעציעל יידישע ליטעראַטור פֿון יידיש לעבן. מיר קענען דעריבער האָפֿן אויף אַן ענדערונג אין דעם פּרט.

וואָס שייך דער פֿראַגע פֿון דערנענטערן אונדז צו די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, און ווען זיי דערנענטערן זיך צו אונדז, איז דאָס זייער וויכטיק. איך האָב דערמאָנט היינט וואָס איז פֿאָרגעקומען אין ישראל. די אגודת־הסופרים האָט עפּנטלעך ביי דער געלעגנהייט דורך זיין פֿאַרטרעטער ישראל כהן דערקלערט, אַז דער צווייטער סימפּאָזיום, וואָס זיי פּלאַנעווען, איז דער סימפּאָזיום מיט די סאָוויעטיש־יידישע שרייבער. איר קענט עס לייענען געדרוקט. און ער האָט צוגע־געבן: מיר וויסן, אַז מיר זענען נישט מסכים אין אַלעם, אַז זיי האָבן אַן אַנדער אָנשויאונג און מיר האָבן אַן אַנדער אָנשויאונג. אָבער מיר גרייטן זיך צו דעם, ווי צו אַ יום־טוב. מיר ווילן זיך מיט די שרייבער טרעפֿן, מיר ווילן זיך מיט זיי דורכשמועסן, מיר ווילן זיין אינאיינעם.

## ד״ר חיים סלאָוועס (פּאַריז)

איך האָב נישט באַרימט זיך, ווי עס מיינט דער חשובֿער פּראָפעסאָר טאַר־טאַקאָווער, מיט דעם, וואָס „סאָוועטיש היימלאַנד״ איז אַ בלויז ליטעראַרישער זשורנאַל. איך בין נישט קיין שרייבער „ליטעראַריש ריין״, איך האַלט נישט הלילה, אַז וואָס עס איז געזעלשאַפטלעך איז טריף. ניין, איך בין אויך אַ געזעל־שאַפטלעכער טוער. אָבער אַזוי איז עס. פּאַרוואָס ווייס איך נישט. צי פינף און צוואַנציק טויזנט עקזעמפּלאַרן איז אַ גרויסע צאָל? יאָ, פאַר אַ יידישן ליטע־ראַרישן זשורנאַל איז עס אַ גרויסע צאָל. צי קומט דאָרט אַרויס אַלזייטיק דאָס יידישע לעבן? עס קומט אומבאַדינגט אַרויס דאָס היינטצייטיקע יידישע לעבן. אפילו פּראָבלעמען פון אַנטיסעמיטיזם קומען אַרויס, אויף אַזויפיל, אויף וויפל זיי קומען אַרויס פון די ווערק פון די סאָוויעטישע שרייבער. אַלזייטיק קען איך נישט זאָגן. ניין, עס זענען פאַראַן זאַכן, וואָס קומען נישט אַרויס. אָבער וועגן אינטערעס פון ישראל איז איין זאַך וויכטיק, קלאָר און דייטלעך. ווי איר ווייסט גרייט זיך סאָוועטיש היימלאַנד״ אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלן ישראל־נומער. „סאָוועטיש היימלאַנד״ האָט זיך געווענדעט צו דער פאַראייניקונג פון יידישע שרייבער אין ישראל וועגן דעם, אַז זיי זאָלן שיקן מאַטעריאַל, כדי אַרויסצוגעבן אַ ישראל־נומער. איז דעריבער נאָכאַמאָל, ווער עס ווייס, ווער עס געדענקט, ווער עס קען זיך פאָרשטעלן, וואָס עס האָט געהייסן ישראל און ישראל־ווירקלעכקייט און אויב מען זעט, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד״ גייט אַרויסגעבן אַ ישראל־נומער דאַרפט איר אָפּשאַצן דעם קאָלאָסאַלן מהלך, וואָס איז דורכגעמאַכט געוואָרן. איך מיין, אַז אונדזער בעסטע קאָנקלוזיע וואָלט געווען, ווען מיר דריקן אויס אַ ווונטש פון איינשטעלן ברידער־לעכע באַציאונגען צווישן די פיר יידישע זשורנאַלן, וועגן וועלכע מיר האָבן היינט גערעדט.

## נפתלי זילבערבערג (פּאַריז)

עס רעדט צו אייך אַ ייד, וואָס האָט דעם כבוד צו שטיין אויף דער וואָך פון יידישן געדרוקטן וואָרט שוין גאַנצע פינף און פערציק יאָר. מיין גאַנץ לעבן פאַר דער מלחמה האָב איך פאַרבראַכט אין שאָטן און אין דער אָנוועזנהייט פון די גרעסטע גדולים פון דער וואַרשעווער יידישער פּרעסע, אין וואַרשעווער „מאָמענט״, און איצט האָב איך דעם כבוד צו אַרבעטן אויך אין אַ יידישער טעגלעכער צייטונג אין פּאַריז, אין „אונזער וואָרט״.

מיר האָבן זייער אַ סך גערעדט וועגן יידישער קולטור און איך וועל דאָ נישט איבערחזרן וואָס אַזוינס איז קולטור. איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז קולטור אין פּוילן איז געווען אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל, און מען האָט עס געקענט שאַרן מיט פולע הויפנס. היינט ליידער, אַז מען רעדט וועגן יידישער קולטור, דאַרף מען אָנשטעלן אַ גרויסן רעפלעקטאָר אין דער פינצטערער נאַכט, כדי צו געפינען דאָס ביסעלע יידישע קולטור. מיין איך, אַז עס איז פשוט אַ הייליקייט. נישט נאָר די יידישע קולטור איז הייליק, נאָר אויך די יידישע שפּראַך איז פאַר מיר איצט פאַרהייליקט

געוואָרן נאָכן גרויסן חורבן, נאָכן גרויסן בראָך און אומגליק, וואָס האָט מיט אונדז פּאַסירט. יידיש איז דעריבער פאַר מיר געוואָרן לשון־קודש, די הייליקע שפּראַך, דעמאָלט ווען העברעאיש האָט גאָט צו דאַנק, צו אונדזער אַלעמענס גליק, ווער עס זאָל פאַר איר זאָרגן, ווער זאָל פאַר איר טראַכטן, איז יידיש געוואָרן פאַר אונדז נישט מער ווי אַ סענטימענט־זאַך. מיר ווילן, אַז יידיש זאָל ווייטער עקזיסטירן, אַז מען זאָל האָבן צו יידיש די דאָזיקע האַרציקע באַציאונג, ווי מיר האָבן עס געהאַט פאַר דער מלחמה.

און איך דערמאָן זיך נאָך, ווי אַזוי דאָס יידישע פאָלק האָט זיך באַצויגן צו יידיש. ווען מען האָט געוואַרט אויף בייליסעס פּראָצעס, זענען געשטאַנען צען טויזנט יידן און געוואַרט אויף די טעלעגראַמעס פון יאַנאָווסקי און פון קארליניוסן, כדי צו וויסן וואָס דער אורטייל איז געווען. איר שטעלט זיך פאָר, וואָס דאָס הייסט די צוגעבונדנקייט פון יידן צו אַ יידישער צייטונג. און איך וויים, אַז אויך היינט איז די דאָזיקע צוגעבונדנקייט פון יידן צו אַ יידישער צייטונג אַן אויסערגעוויינלעכע. עס איז אַ שאָד, וואָס מען האָט אין דאָזיקן סימפּאָזיום נישט געווידמעט אַ ספּעציעלע שעה דער יידישער פּרעסע. מען האָט בלויז גערעדט וועגן יידישע שרייבער אין וועגן דער אייביקייט פון יידישן בוך. אָבער דאָס יידישע פאָלק אַלס אַזעלכעס לעבט מיטן טאָגטעגלעכן לעבן און אין טאָגטעגלעכן לעבן מיט זיין צייטונג. און ווען עס קומט אַ שבת סיי אין „מאָמענט", סיי אין „אונזער וואָרט" און סיי אין „לעצטע נייעס" אין ישראל און סיי אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" און אין „פאָרווערטס", האָט איר שבתדיקע נומערן, וואָס זענען אָנגעפּיקעוועט מיט יידישער ליטעראַטור. ווען איר וועט עס צוזאַמענעמען וועלן דאָך זיין גאַנצע בענדער פון יידישער ליטעראַטור. מיין איך, אַז מען דאַרף דעם ענין פון אַ יידישער צייטונג ווידמען אַ ביסל מער פּלאַץ, ווי מיר האָבן עס געטאָן ביז איצט.

עס איז פאַראַן איין אײנציקער ענין, אַ געזעלשאַפטלעכער ענין. אין דער יידישער טעגלעכער פּרעסע איז פאַראַן אַ סך ווילד גראָז. וואָלט איך געוואָלט, אַז פונדאַנען זאָל אַרויס אַ באַשלוס און עס זאָל געשאַפן ווערן אַ קאָמיסיע, אַז זי זאָל לייענען די יידישע טעגלעכע און אויך וועכנטלעכע פּרעסע און אויב זי זאָל באַמערקן אַ ווילד גראָז, צי עס זאָל זיין אַן אַרטיקל וואָס פּאַסט נישט פאַר דער יידישער פּרעסע, צי אַ געדאַנק וואָס איז נישט פּאַסנדיק אָדער באַליידיקנדיק פאַרן יידישן וואָרט, זאָל קומען פּשוט אַ באַמערקונג פון דער קאָמיסיע, פון דער קולטור־קאָמיסיע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, אַ בריוועלע צו דער אָדער יענער צייטונג: חברים, עס פּאַסט נישט, עס דאַרף נישט זיין אַזוי, מיר מאַכן אייך אויפמערקזאַם. עס זאָל זיין אַ באַמערקונג אין דער איידלסטער און חברישער פאָרם. אָבער די צייטונג זאָל וויסן, אַז ערגעץ־ווו איז פאַראַן אַ יידיש אויג, וואָס לייענט, און אַ יידיש אויער, וואָס הערט. איך מיין, אַז אַזאַ קאָמיסיע, און עס איז דאָך שוין דאָ אַ יידישע קולטור־קאָמיסיע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, זאָל איך מיט דעם ענין אַ ביסל ערנסטער באַשעפטיקן.

# אַרייַנפיר

פון **יצחק פוגאַטש** (פּאַריז)

אין דער הייַנטיקער שטורמישער צייַט איז זייער אָנגעגומען דער סיסטעם פון קאָלעקטיוון חשבון־הנפש, וואָס ווערט געמאַכט ביי אַלע פעלקער און כמעט אויף אַלע געביטן. דער יידישער וועלט־קאָנגרעס, וואָס זיין אויפגאַבע איז צו שטאַרקן, פאַראייניקן און פאַרטיידיקן אַלע לעבעדיקע שיכטן פון יידישן פאָלק, איז אויך צוגעשטאַנען צו דעם אַלט־נייַ׳עם מיטל, באַזונדערס אויפן קולטורעלן געביט. די פּראָגרעסיוויזישע סעקציע האָט אין די לעצטע יאָרן אָרגאַניזירט פינף צוזאַמענטרעפן פון פּראַגנצויזיש־רעדנדיקע יידישע אינטעלעקטואַלן. דער ציל פון די דאָזיקע צוזאַ־מענטרעפן איז געווען בעיקר צו דערנעענטערן די שטייגנדיקע צאָל פון יידיש־פּראַנצויזישע געלערנטע צו אונדזער פאָלק און צו אונדזערע יידישע ווערטן. דער אינהאַלט פון אָט די „קאָלאָקן" איז פאַרצייכנט געוואָרן אין אַ ווערטפולן בוך, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דאָס יידישע באַוווסטזיין".

לאָמיר גלייך זאָגן, אַז אויף אונדזער יידישן סימפּאָזיום ווערן באַהאַנדלט גאַנץ אַנדערע פּראָבלעמען. דאָ דאַרף מען נישט דערנעענטערן די וואָס קומען, נאָר די אַלע, וואָס קומען נישט... און איך מיין דערמיט די שטייגנדיקע צאָל דערוואַק־סענע און בפרט די יוגנטלעכע, וועלכע פאַרלאָזן לייַדער אונדזערע רייען. אויב מען זאָל גלויבן דער סטאַטיסטיק, איז די לאַגע גאָרנישט קיין פריילעכע. די יידישע רייען ווערן וואָס אַמאָל אַלץ שיטערער. איך רעד שוין נישט פון אונדזער ישוב אין פראַנקרייַך אָדער פון אַנדערע מערב־אייראָפּעאישע לענדער — פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער איז דאָך שוין אודאי אָפּגערעדט — אָבער אפילו אין די ביידע אַמעריקעס גייט לייַדער אונדזער זאַך באַרג אַראָפּ. אָט דערוויסן מיר זיך, אַז אין אַזאַ אַרגענטינע, וואָס ווערט פאַרעכנט אַלס אַ פעסטונג פון יידיש, פעלן לייענער פון אַ יידיש בוך און אפילו איבערזעצונגען פון יידיש אין דער אומגאַנג־שפּראַך ווערן קנאַפּ געלייענט. עס זענען דאָרט פאַראַן גאַנץ ווייניק בעלנים אויף אַ בוך מיט אַ יידישן אינהאַלט.

זאָל עס באַדייטן אַ סוף? — ניין. גייסטיקע פּראָצעסן האָבן זייער אייגענע לאָגיק און יידישע גייסט־פּראָצעסן האָבן אודאי זייער באַזונדער לאָגיק. אין איין אָרט גייט עס באַרג אַראָפּ, אָבער אין אַנדערע ערטער גייט עס גראָד באַרג אַרויף. מיר דערוויסן זיך צום ביישפּיל, אַז אין לאָס אַנדזשעלעס, אין קאַליפאָרניע, אָרגאַ־ניזירן זיך יונגע מענטשן, כדי זיך אויסצולעבן אין יידיש און ביי מענטשן, וואָס

זענען געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע פאַרנעמט יידיש אַ זייער בכבודיקן אָרט.

און אויב מיר האַלטן אַזוי שטאַרק פון יידיש, געשעט עס נישט סתם אַזוי, נאָר עס האָט זיין באַגרינדונג. כמעט אַלע לעבן מיר זיך אויס פּראָפּעסיאָנעל און אפילו געזעלשאַפטלעך אין אַנדערע שפּראַכן. אָבער ווי שטאַרק און ווי האַרציק זענען מיר אַלע צוגעבונדן צו אונדזער יידיש! דער פענאָמען איז נישט קיין אַנאַכראָניזם און ער קומט נישט נאָר צוליב סענטימענטאַלע טעמים. יידיש איז ביי אונדז אַ טיפע, אינערלעכע באַדערפעניש. מיר האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט נישט ווי פאַרצווייפלטע און פאַרמשפּטע, אויך נישט ווי קיין קלאָגנדיקע, נאָר ווי יידן, וואָס זענען מיט ליבשאַפט צוגעבונדן צו אונדזער לעבעדיקן מאַמע־לשון. גראָד דאָ אין פאָלקס־הויז, אין וועלכן די איבערוויגנדיקע מערהייט באַזוכער באַשטייט **פון ספרדים, בפרט צפון־אַפריקאַנער יידן**, וועלכע האָבן אַ גאַנץ קנאַפּע ידיעה אין יידיש, פילן מיר זיך בכלל נישט, ווי לעצטע מאָהיקאַנער. מיר זענען נישט קיין לעצטע און נישט קיין מאָהיקאַנער. אונדזערע ספרדישע פריינד וואָלטן די ערשטע געווען דערשטוינט, ווען זיי זעען אונדז אין אַ שטימונג פון יאוש. זענען זיי דאָך אונדז מקנא, וואָס מיר פאַרמאָגן אונדזער יידיש און אייניקע פון זיי ווילן אפילו זיך לערנען ביי אונדז יידיש, נישט בלויז צוליב פּראַקטישע שפּראַך־טעמים, נאָר כדי זיך נענטער צו באַקענען מיט אונדזערע יידישע גייסטיקע ווערטן.

אַ לשון איז נישט קיין קאָנווענציאָנעלער צוזאַמענשטעל. אַ לשון וואַקסט אויס אָרגאַניש. אַזוי איז אויך יידיש לשון איינגעוואָרצלט אין יידישן געדאַנק און איינגע־פלאָכטן אין יידישן לעבנס־שטייגער. במשך דורות האָט יידיש אויסגעדריקט און איבערגעגעבן נישט בלויז אונדזערע פאָלקסטימלעכע אוצרות, נאָר אויך אונדזערע עכטע און איידלסטע אַלגעמיין־מענטשלעכע אַספּיראַציעס. דעריבער לאָזט זיך יידיש נישט אָפּשאַפן און עס לעבט!

גייסט בכלל ווייס נישט פון קיין טויט, נאָר פון לעבן. מיר ווייסן נישט וואָס פאַראַ פאָרמען וועט יידיש אָננעמען מאָרגן. וואָס מיר ווייסן יאָ איז, אַז יידיש איז אַ לעבעדיקע שפּראַך און אונדזער חוב אַלס לעבעדיקע מענטשן איז ממשיך צו זיין. נישט נאָר אַ חוב איז עס פאַר אונדז, נאָר אויך אַ כבוד און אַ פאַרגעניגן. אָט זענען מיר זיך דאָ צונויפגעקומען פון פאַרשידענע לענדער און יעדער פון אונדז, ווו ער זאָל נישט וווינען, ראַנגלט זיך טאָגטעגלעך מיט דער פראַגע פון יידיש און מיט דער פראַגע פון יידישקייט. מיר ווייסן, אַז דער מצב פון יידישקייט איז נישט תמיד קיין פריילעכער. אָבער מיר דאַרפן זיין רעאַליסטן און אַקטיווע רעאַליסטן. מיר טאָרן נישט זיין אָפּהענטיק און מיר דאַרפן זיך נישט לאָזן פאַר־פירן פון סטאַטיסטיקעס. האָבן מיר דאָך אין אַלע צייטן געהאַט אונדזער אָפּפאַל, פון די צייטן פון די אבות אָן. האָבן מיר נישט געהאַט קיין ישמעאל, וואָס טוט אונדז נאָך היינט אָן געבראָטענע צרות? וואָס מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין פון עשון איז זיכער נישט כדאי אויסצורעכענען. אונדזערע גייסטיקע מנהיגים האָבן נישט תמיד געקענט איבערגעבן זייערע זין די גייסטיקע פירערשאַפט. זאָל אונדז אַלס ביישפּיל דינען משה רבנו און אויך שמואל הנביא. וועגן די היינטיקע צייטן

איז זיכער אָפּגערעדט. וויפל זענען זיי די זין און טעכטער, וואָס זעצן פאָר די אַרבעט פון זייערע ווערטפולע עלטערן?

דערפאַר אָבער ווייסן מיר, אַז אַ טייל פון אונדזערע פירער, וואָס האָבן פאַר־שריבן ווונדערלעכע קאַפּיטלען אין אונדזער געשיכטע, זענען אַרויסגעקומען דווקא פון אַסימילאַטאָרישע קרייזן. בכל דור ודור קומען אויף אַזעלכע געשטאַלטן און דאָס פאָלק איז ממשיך זיין אייגנאַרטיקן וועג. יידיש לשון פּונקט ווי דאָס יידישע פאָלק מאַכט דורך שטויגנענדיקע נסיונות. עס זענען נאָך היינט פאַראַן מענטשן, וואָס האַלטן נישט יידיש פאַר אַ שפּראַך פּונקט, ווי עס זענען פאַראַן מיינונגען, אַז דאָס יידישע פאָלק איז נישט קיין פאָלק.

אָבער מיר ווייסן גוט, אַז יידיש איז אַ לשון מיט אַלע אַטריבוטן און איז אפילו מער, ווי אַ שפּראַך, איז אַ קולטור. און דער לעבנס־וויכטיקער מקור פון יידיש איז יידישקייט. דעריבער איז דאָס אויסדריקן אין יידיש געדאַנקען פון פרעמדע מקורות נישט קיין יידישע קולטור. און אודאי איז עס ריכטיק, ווען מען שעפּט אויסשליסלעך פון פרעמדע מקורות און ווען מען איז אונטערגעוואָרפן פרעמדע געטער און פרעמדע אידעאַלן, וועלכע מען פּרוווט אונדז אָנוואַרפן אויף יידיש. דערמיט ווערט אפשר נישט ווילנדיק באַגאַנגען אַ פאַראַט לגבי יידיש, ווייל מען רייסט אָפּ יידיש פון יידישקייט. מען דערווייטערט יידיש פון זיין אייגענעם מקור. פאַרלירנדיק זיין לעבנס־קוואַל, שטאַרבט עס ממילא אָפּ. עס קען זיין אַ שיינע ליטעראַטור, געלונגענע סאַטירע, פיינע פּאָעזיע, אָבער די ספּעציפישקייט פון יידיש איז מער דערין נישטאָ. עס וואָלט געווען אַ נס, ווען אַזאַ יידיש זאָל נישט אונטער־גיין צוזאַמען מיט אַזאַ מחבר, העכסטנס מיט זיין דור. עס קען דאָ קיין רייד נישט זיין פון המשך.

יידיש האָט אַ באַזונדערן מזל. מיט הונדערט יאָר צוריק זענען געווען מחברים, וואָס האָבן געשריבן אין יידיש קעגן יידיש. דער רעזולטאַט איז אָבער געווען פּונקט אַ פאַרקערטער: די יידישע ליטעראַטור האָט זיך דווקא צעבליט. היינט שרייבט מען אין יידיש קעגן יידישקייט, אָדער לפּחות מחוץ יידישקייט און דאָס איז נאָך געפערלעכער. הלואי זאָלן די רעזולטאַטן זיין די זעלביקע, ווי אין פאַריקן יאָרהונדערט.

מיר דאַרפן אויך וואָרענען קעגן פּרווו צו מאַכן פון יידיש אַ לשון־קודש, וואָס אַנטהאַלט אַ רמז אויף רעזיגנאַציע. מיר טרייסלען זיך אָפּ פון אַזאַ געדאַנק, סיידן ווען ער ווערט אויסגעדריקט אין באַזונדערע אומשטענדן, ווי עס איז צום ביישפּיל געשען מיט צען יאָר צוריק, ווען דער פראַנצויזישער שרייבער־פאַרבאַנד האָט געפייערט דעם אַכציק־יאָריקן געבורטסטאָג פון עדמאָנד פלעג, וועלכער איז גאָר לעצטנס נפטר געוואָרן.

עדמאָנד פלעג זכרונו לברכה האָט אין זיין דאַנק־וואָרט פאַר די אָנוועזנדיקע געסט געזאָגט בזה הלשון:

„אָמטיפסטן בין איך גערירט, ווען איך זע דאָ צווישן פאַרזאַמלטן עולם פאַר־טרעטער פון גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס. עס איז פאַר מיר אַ באַזונדערע איבער־לעבונג וואָס צו מיין היינטיקן יום־טוב זענען געקומען סיי יידן, וואָס זייער שפּראַך איז פראַנצויזיש און סיי יענע יידן, וואָס רעדן יידיש, אָט די הייליקע שפּראַך,

וועלכע ציט איר יניקה פון העברעאיש ביים וועלן זיך דערגרונטעווען צו די בראשיתדיקע יסודות פון אונדזער גייסט".

אונדזער היינטיקער סימפּאָזיום שטעלט זיך באַשיידענע און רעאַליסטישע צילן. מיר ווילן זען, ווו מיר האַלטן און ווי אַזוי גיין ווייטער אונדזער וועג. קיין הילכיקע דעקלאַראַציעס אָדער רעזאָלוציעס וועלן דאָ נישט פּראָקלאַמירט ווערן. מיר דאַרפן לערנען פון עבר און זיך באַמיען צו זיין ווירקזאַם. מיר אַליין דאַרפן די ערשטע זיין אַקטיוו. נאָר אין דעם פאַל וועלן אונדזערע רייד האָבן אַן אָפּקלאַנג און אַ השפעה. דער עצם פאַקט, וואָס די אָנטיילנעמער זענען געקומען פון פאַרשידענע איירָאָפּעאישע לענדער און דער לעבהאַפטער אינטערעס, וועלכן זיי ווייזן אַרויס, זייער פּאַקטישע און אינטענסיווע באַטייליקונג, זאָגן עדות, אַז מיר האָבן שוין דערמיט עפּעס דערגרייכט צוזאַמען. מיר דאַרפן נעמען אין אַכט די היינטיקע באַדערפענישן און אויסברייטערן אונדזער אַרבעט, קומען אין פאַרבינדונג מיט די קרייזן, אין וועלכע יידיש ווערט היינט גערעדט. אַזעלכע קרייזן געפינען זיך אומעטום, אפילו ביי אונדז אין פראַנקרייך, און מיר האָבן זיי פאַרנאַכלעסיקט. אָבער מיר דאַרפן אויך צוקומען צו די טיילן פון פאָלק, וואָס פאַר זיי איז יידיש פרעמד. מיר דאַרפן זיי איבערגעבן, אויב נישט דעם יידיש־לשון, איז דעם גייסט פון יידיש, וועלכן זיי האָבן נישט און וועלכער איז אַזוי וויכטיק פאַרן כלל ישראל. לאָמיר זיי באַקענען מיט דער יידישער ליטעראַטור און געבן זיי צו פאַרשטיין און צו פילן אונדזער יידישע קולטור און פאָלקסטימלעכקייט. זאָלן זיי וויסן וואָס פאַר אַן אומשאַצבאַרן ביישטייער האָט יידיש געבראַכט דעם פאָלק און זאָלן זיי האָבן אַן אָנונג פון דער אייגנאַרטיקייט און רייכקייט פון יידיש. איז דאָך יידיש זייט זייער לאַנג דער היימישער, געטרייער טרעגער און איבערגעבער פון אונדזערע איי־ביקע ווערטן. זינט הונדערטער יאָרן פלאַנצט יידיש איין און אַנטוויקלט אין יידישע הערצער אהבת־ישראל און אהבת־ארץ־ישראל. איז דאָך יידיש געוואָרן דער סינאָנים פון היימישקייט, האַרציקייט, פאָלקס־חכמה און בטחון. אָט די אַלע מעלות טובות דאַרפן מיר ממשיך זיין.

ווילן מיר דעריבער דאָ אויסהערן איינע די אַנדערע, שטאַרקן איינע די אַנדערע, ווייל מיר וויסן, אַז באַפעסטיקן אונדזער יידיש באַדייט אויך די באַפעס־טיקונג פון גאַנצן יידישן בנין. די שטרעבונג צו דעם ציל איז שוין אַ באַרעכטיקונג פאַר אונדזער היינטיקן סימפּאָזיום.

פּאַריז, 1964.

# יידיש אין ראַטנפאַרבאַנד

פון ד״ר ש. לעווענבערג (לאָנדאָן)

יידיש האָט טיפערע וואָרצלען אין ראַטנפאַרבאַנד ווי אין אַנדערע לענדער. מיט זיבעציק יאָר צוריק — בעת דער פאָלקס־ציילונג פון 1897 — האָבן כמעט 97 % פון די פינף מיליאָן יידן אין רוסלאַנד אָנגעגעבן „מאַמע לשון״ אַלס זייער מוטער־שפּראַך. אפילו פון די פּריווילעגירטע יידן, וועלכע האָבן געהאַט דאָס רעכט צו לעבן אויסער דעם „תחום המושב״ האָבן 80 % דערקלערט, אַז יידיש איז זייער שפּראַך. נאָר 31 % יידישע מענער און 10 % יידישע פרויען האָבן אָנגעגעבן אַז זיי קענען לייענען רוסיש. מיט אַנדערע ווערטער, פאַר די זיידעס און באָבעס צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין היינטיקן קאָמוניסטישן רוסלאַנד איז יידיש נאָך אַלץ די שפּראַך אין וועלכער מען האָט גערעדט אין זייערע היימען. דאָס איז אַ פאַקטאָר וועלכן מען דאַרף נישט פאַרגעסן בעת מען רעדט וועגן דעם איצטיקן מצב פון יידיש אין ראַטנפאַרבאַנד. מען דאַרף אויך נעמען אין אַכט, אַז די פּרעסע אין יידיש און די יידישע ליטעראַטור האָבן זיך אין רוסלאַנד אַנטוויקלט אויף אַ נאַטירלעכן באָדן; זיי זענען נישט אימפּאָרטירט געוואָרן פון דרויסן דורך אימיגראַנטן ווי דאָס איז געווען די לאַגע אין די אַזוי־גערופענע מערב־לענדער.

מיט פערציק יאָר צוריק איז יידיש נאָך אַלץ געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין לעבן פון סאָוויעטישן יידנטום. בעת דער אָפיציעלער פאָלקס־ציילונג פון 1926 האָבן איבער 70 % פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ראַטנפאַרבאַנד אָנ־געגעבן יידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך. אָבער די פּאָזיציעס פון יידיש זענען געווען שטאַרקער אין די צוויי טיילן פון לאַנד וווּ עס איז געווען אַ מאַסן־קאָנ־צענטראַציע פון יידן אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד. אין די דאָזיקע צוויי רעפּוב־ליקן האָבן געלעבט כמעט 74 % פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. אין אוקראַינע האָבן 70 % יידן דערקלערט, אַז יידיש איז זייער מוטער־שפּראַך; אין ווייסרוסלאַנד איבער 90 %. אָבער אין דער רוסישער רעפּובליק האָבן נאָר 47 % אָנגעגעבן יידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך. דאָן איז נישט פאַראַן קיין שום ספק, אַז פאַר אַ גרויסער צאָל יידן אין ראַטנפאַרבאַנד וועלכע זענען היינט איבער פופציק יאָר אַלט איז יידיש נאָך אַלץ אַ היימישע שפּראַך; און דאָס האָט, מן הסתם, אויך אויסגעאיבט אַ השפעה אויף זייערע קינדער.

אין 1926 זענען אין ראַטנפאַרבאַנד געווען זיבן הונדערט און פופציק יידישע

שולעס, וווּ עס האָבן זיך געלערנט הונדערט און פופצן טויזנט קינדער. לערנ־ביכער זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין 25־30 טויזנט עקזעמפּלאַרן. עס איז אויך דערשינען אַ וויסנשאַפטלעך פּעדאַגאָגישע ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך. עס זענען דערשינען ליטעראַרישע חודש־זשורנאַלן. אין אוקראַיִנע האָט עקזיסטירט אַ יידישער פּעדאַגאָגישער סעמינאַר. אין ווייסרוסלאַנד זענען געווען צוויי לערער־אַנשטאַלטן. אין 1929 זענען אין ראַטנפאַרבאַנד דערשינען דריי יידישע טעגלעכע צייטונגען: „אָקטאָבער" (מינסק); „דער עמעס" (מאָסקווע) און „דער שטערן" (כאַרקאָוו). עס זענען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן יידישע וואָכנבלעטער און חודש־זשורנאַלן. אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד האָט עקזיסטירט אַ יידישער טעאַטער. אין סאָוויעטן ראַדיאָ זענען געווען פאַרשידענע פּראָגראַמען אין דער יידישער שפּראַך.

אין 1932 זענען אין ראַטנפאַרבאַנד געווען פיר יידישע ביכער־פאַרלאַגן, פערצן יידישע טעאַטערן — אונטערשטיצט פון דער מלוכה, פינף און דרייסיק פעריאָדישע אויסגאַבן אין יידיש. אין אוקראַיִנע און ווייסרוסלאַנד זענען געווען געריכטן וווּ מען האָט זיך באַנוצט מיט דער יידישער שפּראַך. אין גאַנץ רוסלאַנד זענען געווען 3,360 סטודענטן אין יידישע פּעדאַגאָגישע אינסטיטוטן און די יידיש־דעפּאַרטאַמענטן אין פאַרשידענע אוניווערסיטעטן.

די פאָלגענדע טאַבעלע גיט אַ בילד וועגן דער צאָל יידישע ביכער און בראָ־שורן וועלכע זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד פון 1932־49:

| | | |
|---|---|---|
| 1932 | — | 668 |
| 1933 | — | 391 |
| 1934 | — | 348 |
| 1935 | — | 437 |
| 1936 | — | 431 |
| 1937 | — | 356 |
| 1938 | — | 348 |
| 1939 | — | 339 |
| 1940 | — | 359 |
| 1941 | — | 202 |
| 1942 | — | 2 |
| 1943 | — | 24 |
| 1944 | — | 18 |
| 1945 | — | 14 |
| 1946 | — | 19 |
| 1947 | — | 52 |
| 1948 | — | 60 |
| 1949 | — | 0 |

אין 1948 האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור־טעטיקייט אין רוסלאַנד — אַ פּראָצעס, וועלכן מען האָט שוין געקענט באַמערקן

סוף פון די דרייסיקער יאָרן. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער יידישער אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן די צייטונג „אייניקייט״ און עס האָט זיך געפילט אַ געוויסע אויפלעבונג אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין דער יידישער שפּראַך. אָבער דערנאָך האָט זיך אָנגעהייבן דער קאַמפּיין פון רדיפות אויף יידישע קולטור־טוער.

די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אַרעסטירט און שפּעטער דערמאָרדעט די פירער פון יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט און אַ גרויסע צאָל אַנדערע יידישע שרייבער, אַרטיסטן, פּעדאַגאָגן און קולטור־פּערזענלעכקייטן מכל המינים. עס איז געשלאָסן געוואָרן די צייטונג „אייניקייט״. אין משך פון די יאָרן 1949־59 איז אין ראַטנפאַרבאַנד נישט דערשינען קיין איין יידיש בוך. די רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן ליקווידירט דעם יידישן מלוכה־טעאַטער אין מאָסקווע. אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו יידישער קולטור־שאַפונג איז אונטערדריקט געוואָרן אויף אַן אכזריותדיקן אופן. אירע פאַרשטייער האָט מען דערהרגעט אָדער פאַרשיקט אין ווייטע מקומות אויף צוואַנגס־אַרבעט. עס איז נישט געבליבן קיין איין יידישע שולע, קיין איין יידישער ליטעראַרישער פאַריין, קיין איין יידישע קולטור־אויסגאַבע. צווישן די דערמאָרדעטע זענען געווען שמעון דימאַנשטיין, אסתּר פרומקין, רחמיאל וויינשטיין, מערעזשין, משה ליטוואַקאָוו, מיכאל לעוויטאַן, יעקב לעווין, הערש בריל, איזי כאַריק, משה קולבאַק, דוד בערגעלסאָן, דער נסתּר, פּרץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, דוד האָפשטיין, איציק פעפער, יצחק ניסימאָוו און אַ סך אַנדערע. שלמה מיכאָעלס איז געהרגעט געוואָרן אין אָנהייב 1948. אַ סך פון די דערמאָנטע שרייבער זענען דערשאָסן געוואָרן אין דער נאַכט פון 12־טן אויגוסט דעם זעלבן יאָר.

סטאַלין איז געשטאָרבן אין 1953. כרושטשעוו האָט געהאַלטן זיין באַרימטע רעדע קעגן די שרעקלעכע טאַטן פון סאָוויעטישן דיקטאַטאָר אין 1956. אָבער ערשט אין 1959 — נאָך אַן איבערייס פון עלף יאָר — האָט מען ווידעראַמאָל דערלויבט דאָס אַרויסגעבן פון אַ יידישער ליטעראַרישער אויסגאַבע.

בעת דער סאָוויעטישער פאָלקס־ציילונג פון 1959 האָבן 471.770 בירגער אָנגעגעבן יידיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך, איבער 20,8 % פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. דאָס איז אַ היבשע צאָל. דאָך זענען אין משך פון די יאָרן 1959־1965 דערשינען נאָר ניינצן ביכער אין יידיש אָדער דורכשניטלעך צוויי ביכער יעדן יאָר. עס איז אינטערעסאַנט אָנצוגעבן די נעמען פון די ביכער:

1. דערציילונגען פון י. ל. פּרץ. 1959;
2. מענדעלע מוכר ספרים. 1959,
3. שלום־עליכם. 1959;
4. בירא־בידזשאַן — זאַמלונגען. 1960;
5. בריעף און לידער פון אשר שוואַרצמאַן. 1961;
6. אויסגעוויילטע שריפטן פון דוד בערגעלסאָן. 1961;
7. יידישע פאָלקס־לידער פון משה בערגאווסקי. 1962;

8. „אַזוי לעבן מיר" — זאַמלונגען. 1964 ;
9. „ערב". ראָמאַן פון א. שעכטמאַן. 1965 ;
10. „הימל און ערד" פון נ. לוריא. 1965 ;
11. לידער, פּאָעמען און באַלאַדן פון משה טייץ. 1965 ;
12. „האָריזאָנטן" — אַנטאָלאָגיע פון פּאָעזיע. 1965 ;
13. „איך מוז דערציילן" פון מאַשאַ ראָלניק. 1965 ;
14. „אין טראָט פון דורות". אַ ראָמאַן פון פרץ מאַרקיש. 1966 ;
15. אַ בוך פון שמואל האלקין. 1966 ;
16. לייב קוויטקאָ. געקליבענע ווערק. 1966 ;
17. ז. װענדראָף — דערציילונגען. 1967 ;
18. מענדל ליפשיץ — לידער. 1967 ;
19. איציק פעפער — לידער, באַלאַדעס, פּאָעמעס. 1967.

אין 1961 — נאָך אַן איבעררייס פון דרייצן יאָר — האָט אָנגעהייבן דערשיינען אַ יידישע צייטשריפט. „סאָוועטיש היימלאַנד" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַלס אַ צוויי־מאָנאַטלעכע אויסגאַבע. אין 1965 האָט דער זשורנאַל אָנגעהייבן צו דערשיינען יעדן חודש. לויט זיין רעדאַקטאָר אהרן ווערגעליס ווערן געדרוקט פינף און צוואַנציק טויזנט עקזעמפּלאַרן; פון זיי ווערן אַכצן טויזנט פאַרשפּרייט אין ראַטנפאַרבאַנד און זיבן טויזנט אין דרייסיק אַנדערע לענדער. לויט „סאָוועטיש היימלאַנד" זענען פאַראַן אין דער סאָוועטיש־יוניאָן הונדערט שרייבער אין יידיש.

לויט אַן אויספאָרשונג פון לעאָן שאַפּירא, וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ניו־יאָרק, זענען פון 60 יידישע שרייבער, צוויי און דרייסיק געבוירן געוואָרן פאַר דעם יאָר 1910; פיר און צוואַנציק זענען געבוירן געוואָרן אין די יאָרן 30־1911: פיר זענען געבוירן געוואָרן נאָך דעם יאָר 1931. נאָר זעכצן שרייבער פון די זעכציק זענען געבוירן געוואָרן אין די גרעסערע שטעט; פיר און פערציק — אין שטעטלעך און דערפער. דרייסיק פון די שרייבער קומען פון אוקראַינע; צען פון מאָלדאַוויע, ניין פון ליטע; צוויי פון ווייסרוסלאַנד; צוויי פון פוילן און דריי פון דער רוסישער רעפּובליק. פינף און דרייסיק פון די זעכציק שרייבער האָבן אַן אוניווערסיטעט־בילדונג.

אויסער „סאָוועטיש היימלאַנד" עקזיסטירט אין ראַטנפאַרבאַנד נאָך איין אַנדערע יידישע אויסגאַבע — די צייטונג „בּיראָבּידזשאַנער שטערן" וועלכע דערשיינט אַ פּאָר מאָל אַ וואָך. דאָס איז אַ קליינע צייטונג, וועלכע באַשטייט — אין אַ גאָר גרויסער מאָס — פון איבערזעצונגען פון דער אָפיציעלער סאָוויעטישער פּרעסע.

אין גאַנץ ראַטנפאַרבאַנד איז איצט נישט פאַראַן קיין איין שולע אין דער יידישער שפּראַך. עס זענען געוועזן באַריכטן, אַז מען גרייט זיך אַרויסגעבן אַ ווערטער־בוך אין יידיש אָבער ביז איצט איז אַזאַ אויסגאַבע נישט דערשינען.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז די ביכער, וועלכע זענען דערשינען אין יידיש, זענען געדרוקט געוואָרן אין מאָסקווע. עס איז נישט פאַראַן קיין יידישע פאַרלעגערישע טעטיקייט אין אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד, מאָלדאַוויע, די באַלטישע שטאַטן און אַנדערע וויכטיקע יידישע צענטערן אין ראַטנפאַרבאַנד.

מען קען ריכטיק אָפּשאַצן די באַדייטונג פון יידיש אין רוסלאַנד נאָר אויב מען

נעמט אין אַכט, אַז די דאָזיקע שפּראַך האָט געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע באַדייטונג אין די נייע טעריטאָריעס, וועלכע זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן צום ראַטנפֿאַרבאַנד אין די יאָרן 1939־45. עס איז נאָך פֿאַראַן אין דער סאָוויעטן־יוניאָן אַ היפּשע צאָל יידן וועלכע קענען יידיש און נאָך אַ גרעסערע צאָל וועלכע לעכצן נאָך אַ יידיש וואָרט... עס איז אמת, אַז דער אַסימילאַציע־פּראָצעס פֿון יידן אין רוסלאַנד איז זייער אַ שטאַרקער — אַ פּראָצעס, וועלכער ווערט אונטערשטיצט פֿון די רעגירונגס־אָרגאַנען. דאָך וואָלט געווען אַ פֿעלער אונטערצושאַצן די יידיש־ירושה צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג — גאַנץ באַזונדערס אין די טיילן פֿון לאַנד, ווו די זיידעס און באָבעס, טאַטעס און מאַמעס פֿון איצטיקן דור האָבן גערעדט יידיש אָדער געהאַט געוויסע ידיעות אין דער שפּראַך. אין די באַלטישע לענדער, אין מאָלדאַוויע, אין אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד און אין אַנדערע פּלעצער, ווו יידן האָבן זיך באַזעצט אַלס פּליטים אין דער צייט פֿון דער מלחמה, איז נאָך פֿאַראַן אַ סענטימענט פֿאַר „מאַמע־לשון". מען דאַרף אויך געדענקען, אַז יידיש איז די שפּראַך, וועלכע פֿאַרבינדט יידן אין לאַנד פֿון קאָמו־ניזם מיט די יידן אין אויסלאַנד.

דער מצב פֿון דער יידישער קולטור אין רוסלאַנד איז זייער אַ שווערער, אָבער עס איז נאָך פּריצייטיק צו זאָגן קדיש נאָך יידיש אין ראַטנפֿאַרבאַנד.

לאָנדאָן, 1966.

# ווענן איבערזעצונגען פון ייִדיש

פון יוסף לעפּטאָוויטש (לאָנדאָן)

פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז מען קען נישט איבערזעצן פון איין שפּראַך אין אַ צווייטער. אין יולי־נומער 1963 פון „אַרענאַ", דעם אָרגאַן פון דעם פּען־צענטער פון שרייבערס אין גלות, איז דאָ אַן אַרטיקל פון איינעם פון די גויאישע גלות־שרייבערס, דזשאַן קאָזאַ, וואָס וווינט איצט אין אַמעריקע. ער קלאָגט זיך, אַז ער קען זיך נישט איבערגעבן אין זיין ניי לשון, ענגליש. מען דאַרף זיין געבוירן אין אַ שפּראַך, זאָגט ער. מען קען לעבן און רעדן אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אָבער נישט שאַפן. „ענגליש איז נישט די שפּראַך, וואָס קען אויסדריקן מיינע אונגאַרישע געדאַנקען און געפילן. איך באַהערש טאַקע די שפּראַך און איך שרייב אין איר, אָבער נאָר מיטן מוח, נישט מיטן האַרץ".

איך האָב שוין דערציילט אין מיין ביאָגראַפישן עסיי איבער סטעפאַן צווייג אין לעאָ בעק יאָרבוך פון 1958, ווי צווייג פלעגט זיך קלאָגן פאַר מיר, אַז זיינע דייטשע ווערטער, מיט וועלכע ער האָט זיך געצערטלט, ווערן נישט געדרוקט, נאָר עס ווערן געגעבן די ווערטער פון איבערזעצער, וואָס גיבן נישט שטענדיק איבער אַזוי גענוי, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן.

איך בין שוין אין דעם פאַך פון איבערזעצן העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט, ווייס איך, אַז ס'איז נישט נאָר דאָס וואָרט, ס'איז דאָס געמיט. און אַ מאָל לאָזט זיך דאָס געמיט נישט איבערזעצן. בכלל איז אַן איבערזעצונג נישט דער אָריגינאַל. ס'קען אַמאָל זיין בעסער ווי דער אָריגינאַל, ווי געטעס אָדער היינעס איבערזעצונגען פון בייראָן, אָבער די זעלביקע זאַך איז עס נישט. די צוויי שפּראַכן זענען באַזונדערע לענדער, און דער איבערזעצער בויט בריקן צווישן זיי.

ביי די בעסטע איבערזעצונגען איז ריכטיק צו זאָגן, אַז זיי זענען געוועזן אַ שותפות, אַ פאָרונג, נאָר אַז ס'איז נישט דער אָריגינאַל איז קלאָר פון דעם פאַקט, וואָס פאַרשידענע איבערזעצע־ס, — און ס'קען זיין דער זעלביקער איבערזעצער אין פאַרשידענע צייטן — באַנוצן פאַרשידענע ווערטער פאַר דעם מחבר'ס איין וואָרט. מען קען בייטן. ס'איז נישט, ווי ס'דאַרף זיין אין אָריגינאַל דאָס איין איינציקע וואָרט. צוויי איבערזעצונגען פון דער זעלביקער זאַך, איבערגעזעצט פון צוויי באַזונדערע מענטשן, זענען נישט דאָס זעלביקע, אַ מאָל איינע זייער ווייט פון דער צווייטער.

אָבער ווען נישט איבערזעצונגען וואָלט די וועלט נישט געוווסט פון אַ סך פון

אונדזערע גרעסטע ליטעראַרישע ווערק. וויפל אין ענגלאַנד אָדער פראַנקרייך אָדער אַמעריקע קענען לייענען טאָלסטאָין אויף רוסיש אָדער האָמערן אויף גריכיש?

די ווונדערלעכסטע איבערזעצונג, וואָס מיר האָבן אין ענגליש, איז די קינג דזשיימס איבערזעצונג פון תנ״ך. אַרטור קווילער־קאָוטש, פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור אין קעמברידזש, און אַליין אַ פּראַכטפולער שריפטשטעלער, האָט עס אָנגערופן „אַ נס״. און דאָך האַלט מען כסדר אין איבעראַרבעטן אָט די ווונדערלעכע איבערזעצונג, ווייל עס זענען טאַקע דאָ טעותן, און אפילו גראָבע טעותן. ערשט איצט גייט אַרויס אַ נייע איבערזעצונג אויף ענגליש אין ענגלאַנד. ווי האָט אַ קריסט געקענט טייטשן פֿאַרשידענע פסוקים, אַז זיי זאָלן נישט אָנטייטן אויף זיין משיח? נאָר אויך יידן טייטשן פֿאַרשידן. גייגער האָט געטענהט, אַז מען מוז דעם תנ״ך האַלטן אין איין איבערזעצן אויף ס׳ניי, לויט דער עפּאָכע, ווייל ווערטער בייטן זייער זין. דער היינטיקער ענגליש איז נישט דער ענגליש פון שעקספּירן. מען איבערזעצט נישט ווערטער, נאָר באַגריפן, וועלטבאַנעם, ציוויליזאַציעס. ד״ר מאַרגאָליס גיט אַ ביישפּיל אין זיין בוך „די געשיכטע פון ביבל־איבערזעצונגען״. וועגן איין וואָרט „אשת חיל״, און ער באַמערקט, אַז דאָס וואָרט קען מען נישט איבערזעצן, ווייל עס געהערט צו יידישן לעבן־שטייגער, וואָס איז פרעמד דעם גוי.

מען קען פאַרשטיין, פאַר וואָס יידן האָבן געזאָגט, אַז דעם טאָג, ווען ס׳איז אַרויס די סעפּטואַגינטאַ־איבערזעצונג, איז די וועלט געוואָרן חושך. מען קען פאַרשטיין, פאַר וואָס פרומע יידן האָבן באַקעמפט מענדעלסאָנס דייטשע איבערזעצונג פון תנ״ך. און דאָך האָבן יידן געהאַלטן אין איין איבערזעצן דעם תנ״ך. ס׳איז דאָ אַ לעגענדע, אַז יהושע האָט געלאָזט אויסקריצן אויף די שטיינער פון מזבח די תורה אויף אַלע לשונות, ווייל די תורה איז פאַר אַלע מענטשן. האָט מען איבערגעזעצט אויף תרגום לשון. האָט סעדיה גאון איבערגעזעצט תנ״ך אויף אַראַביש. און מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט מען אָנגעהויבן איבערזעצן תנ״ך אויף יידיש־טייטש. אמת, דאָס זענען געווען איבערזעצונגען פאַר אייגענע בריקן צו זיך. אָבער ס׳איז געווען נייטיק צו איבערזעצן.

מלך ראַוויטש פריידיקט שוין לאַנג דעם געדאַנק, אַז מען דאַרף צונויפשטעלן אַ צווייטן תנ״ך פון דער יידישער ליטעראַטור. ראַוויטש האָט מיט יאָרן צוריק געחלומט אַ חלום און ער חלומט אים נאָך היינט: אַ מיליאָנער האָט אים געגעבן זיין פאַרמעגן און ראַוויטש האָט מיט דעם פאַרמעגן געדונגען יידישע שרייבערס, קריטיקערס, איבערזעצערס, און ביי זיי באַשטעלט אַ ביבליאָטעק אין הונדערט בענד, „דער גרויסער אוצר פון דער יידישער ליטעראַטור״, זאָל עס הייסן. אין די הונדערט בענד וואָלט אַריינגעגאַנגען דער סאַמע עיקר פון אַלע אונדזערע שאַפונגען אויף יידיש לשון. און די אַלע הונדערט בענד וואָלט ער דאַן אַרויסגעגעבן אויף די אַלע גרויסע לשונות פון דער וועלט. ווייל דעם זין און דעם אמתן באַטייט פון דער יידישער ליטעראַטור, זאָגט ער, קען מען זען נאָר אין דעם שפּיגל פון אַנדערע לשונות — ווייל יידישע ליטעראַטור איז אַ טייל פון דער וועלט־ליטעראַטור.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט אין אַ לענגערן איבערבליק איבער דעם מצב פון דער יידישער ליטעראַטור נאָכן חורבן געשריבן, אַז דער גרעסטער ליטעראַרישער קאָמפּלימענט, וואָס יידיש האָט באַקומען אין די לעצטע יאָרן אין אַמע־

ריקע, זענען די פיל איבערזעצונגען, וואָס זענען אַרויס אויף ענגליש. דער אַרטיקל דערמאָנט די איבערזעצונגען פון מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם, אַש, שניאור, פּינסקי, זינגער און באַשעוויס און גיט צו, אַז „פיל מער פאַרדינען איבערגעזעצט צו ווערן״.

דאָס וועלן ווערן איבערגעזעצט און געלייענט אין די גרויסע וועלט־שפּראַכן איז נישט בלויז אַ יידישער חשק. אפילו אַזאַ וועלט־ליטעראַטור ווי פראַנצויזיש באַמיט זיך צו באַקומען וואָס מער איבערזעצונגען פון אירע שרייבער. ווען דזשאָן לעמאַן האָט אַרויסגעגעבן זיין בוך „ניו־רייטונג אין יוראָפּ״, האָט ער דאָרט אָנגעוויזן וויפל די נייע שרייבערס פון פראַנקרייך, וואָס זענען היינט באַרימט איבער דער וועלט, ווי מאַלראָ און שאַמסאָן, האָבן צו פאַרדאַנקען זייערע איבערזעצונגען אויף ענגליש פאַר זייער וועלט־באַרימטקייט. און טאַקע, וויפל מענטשן אין ענגלאַנד אָדער אַמעריקע וואָלטן געקענט לייענען אויף פראַנצויזיש באַלזאַק, אָדער פלאָבער, ווען זיי זענען בלויז אויף פראַנצויזיש?

דער אינטערנאַציאָנאַלער פּען־צענטער, צוזאַמען מיט יונעסקאָ, האָט אונטער־גענומען אַ קליינעם פּראָגראַם פון לאָזן איבערזעצן אויף די גרויסע שפּראַכן עטלעכע פון די וויכטיקסטע ווערק פון די קליינע ליטעראַטורן. אליעזר גרינבערג האָט די פראַגע אויפגעהויבן ביים דובלינער פּען־קאָנגרעס אין 1953. ער האָט פאָר־געשלאָגן, אַז דער פּען־צענטער זאָל נעמען אויף זיך די אַרבעט פון לאָזן איבער־זעצן די ווערק פון די קליינע ליטעראַטורן, אַז זיי זאָלן קענען צוקומען צו אַ גרעסערן עולם און אַזוי אַרום באַרייכערן די וועלט־ליטעראַטור. האָט דער פּען־צענטער טאַקע גענומען אויף זיך די אַרבעט. צווישן פאַרשידענע ווערק, וואָס יונעסקאָ האָט געהאָלפן אַרויסצוגעבן, איז דערווייל אַרויס בלויז זאַנטאַגס איבער־זעצונג פון סוצקעווערס „סיביר״. אין לעצטן באַריכט פון אינטערנאַציאָנאַלן פּען־סעקרעטאַר, דוד קאַדווער, ווערט איבערגעגעבן, אַז ער האָט לעצטנס ווידער באַ־האַנדלט די פראַגע מיט די יונעסקאָ־מענטשן, און ער וועט אין גיכן איבערגעבן די באַשלוסן. אָבער איך ווייס, אַז יונעסקאָ לייגט איצט מער אַכט אויף איבערזעצן פון די עקזאָטישע ליטעראַטורן, די אַזיאַטיש־אַפריקאַנישע.

מיר וועלן נישט האָבן די מעגלעכקייט דורכצופירן דעם געדאַנק, וואָס דער יידישער פּען־פאַרבאַנד האָט פאַרגעלייגט מיט עטלעכע דרייסיק יאָר צוריק פאַרן פעלקער־בונד, פאַר זיין קאָמיטע פאַר אינטעלעקטועלער קאָאָפּעראַציע, אַז ער זאָל לאָזן איבערזעצן גאַנצע צוואַנציק געקליבענע, רעפּרעזענטאַטיווע ליטעראַרישע ווערק פון די קלענערע ליטעראַטורן אויף ענגליש, פראַנצויזיש און דייטש. מיר האָבן ביז איצט אַ שפּאָר ביסל איבערזעצונגען פון דער יידישער ליטעראַטור אויף ענגליש. מחברים רייסן זיך איבערגעזעצט צו ווערן. פאַרלעגערס לאָזן זיך אַ מאָל צורעדן. אָבער ס׳איז צופעליק. ס׳איז נישט אויסגערעכנט לויט אַ פּלאַן.

וואָס אַ מאָל ווערט טייערער די אַרבעט פון איבערזעצן און נאָך מער פון דרוקן און בינדן און פאַרשפּרייטן. פאַרלאַגן זוכן היינט נאָר „בעסט סעלערס״. אַנישט, זאָגן זיי, פאַרלירן זיי געלט ביי יעדן בוך. אָט שרייבט טאַקע וועגן דעם סער סטאַנלי אַנווין, איינער פון די בעסערע ענגלישע פאַרלעגערס, אַליין אַ שריפט־שטעלער: „אַרויסצוגעבן איבערזעצונגען איז זייער אַ טייערע אונטערנעמונג היינט צו טאָג. איז דער צוגאַנג פון פאַרלאַג אַרויסצוגעבן אַ בוך, וואָס וועט האָבן אַ

גרויסן אָפּגאַנג אויפן ביכער־מאַרק, און די ביכער זענען נישט שטענדיק די בעסטע אַמבאַסאַדאָרן פאַר זייער ליטעראַטור.״

איך זע פון די אויסגאַבעס פון יונעסקאָ, אַז צוליב דעם, וואָס איבערזעצן קאָסט טייער, לאָזט מען די מאַשינען איבערזעצן. די איבערזעץ־מאַשין איז אַזוי ווי אַ שרייב־מאַשין. ווערטער זענען דאָרט פאַרשריבן אין צוויי שפּראַכן־עקוויוואַ־לענטן. אַז מען דריקט דעם קנאָפּ ביים וואָרט, דרוקט זיך דאָס איבערגעזעצטע וואָס אויפן בלאַט. און איך מוז זאָגן, אַז ס׳זענען פאַראַן לעבעדיקע איבערזעצערס, וואָס טוען אויך נישט בעסער. סער סטאַנלי אַנווין — און אַנדערע — גיבן איבער אַ סך אַזעלכע מאָדנע ווער־טערלעכע איבערזעצונגען. באמת צו לאַכן אָדער אפשר צו וויינען. ווייל אַזעלכע מאַשין־איבערזעצונגען טויגן אפשר פאַר טעכנאָלאָגיע, פאַר וויסנשאַפטלעכן זשאַרגאָן, אָבער נישט פאַר ליטעראַטור, פאַר איבערגעבן לעבן און שפּראַך און געפיל, פאַר איבערדיכטן אַ גרויס ווערק.

פראַנק אָ׳קאָנער, וואָס זעצט איבער אויף ענגליש דאָס אַלטע אירישע, גאַליק, שרייבט, אַז דער איבערזעצער דאַרף געבן דעם לייענער אַ ווערק, וואָס יענער זאָל נישט וויסן אַז ער לייענט אַן איבערזעצונג. בין איך שטאָלץ דערמיט, וואָס מיט יאָרן צוריק האָב איך איבערגעזעצט לעאָ קעניגס ״שבעה״, וועגן יידיש שטייגער לעבן אין אַלטן ווייטשעפּעל, און בעשאַפער ראָבערטס, אַ באַרימטער און אַ גוטער קריטיקער, האָט געשריבן אין זיין רעצענזיע: ״איך האָב געלייענט דאָס בוך פון אָנהייב ביזן סוף, און ערשט ווען איך האָב גענומען זוכן מער פּרטים וועגן מחבר, האָב איך דערזען די נאָטיץ, אַז ס׳איז אַן איבערזעצונג פון יידיש. בראַוואָ, מ״ר לעפטוויטש״.

איך נעם זיך נישט איבער, ווי איך וואָלט געוועזן דער איינציקער, וואָס קען דאָס באַווייזן. איך ווייס, אַז איך בין נישט דער ערשטער, וואָס האָט זיך גענומען צו דער דאָזיקער אַרבעט. איך דערמאָן זיך אָפּט, אַז איך האָב געקענט העלענאַ פראַנק, וואָס האָט די ערשטע איבערגעזעצט פּרצן, אין דעם באַרימטן באַנד פון 1906. איך האָב געקענט און געלערנט פון חנה בערמאַן, וואָס איז געווען שלום־עליכמס ערשטע איבערזעצערין. איך קען גוט מאָריס סעמועלס און אַנדערע ערשט־ראַנגיקע איבערזעצערס פון יידיש אויף ענגליש. איך בין שטאָלץ דערמיט, וואָס איך קען זיך אַריינרעכענען אין דער משפּחה. כאָטש ביי מיר געפינט זיך באַן אַ נומער פון ״ווילנער טאָג״, פון 1938, ווו זלמן רייזען, שרייבנדיק וועגן אַ קורס אויף יידישער ליטעראַטור אין לאָנדאָנער אוניווערסיטעט פון שלמה בירנבוים און מיר, זאָגט וועגן מיר: ״דער בעסטער איבערזעצער פון דער יידישער ליטע־ראַטור אויף ענגליש״.

מיר האָבן אַ חוב צו געדענקען יענע ערשטע, וואָס האָבן אַריינגעפירט אונדזער ליטעראַטור אין דער וועלט־ליטעראַטור. מיר האָבן היינט געגרעכטע טענות צו לעאָ ווינער. אָבער ער האָט דאַמאָלסט, אין 1899, געבראַכט מאָריס ראָזענפעלדן פאַר דער וועלט, און מיט אים אויך זיין שפּראַך. איך וויל דערמאָנען אויך יענע, וואָס האָבן געטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט, באַקענענדיק די ענגליש־לייענענדיקע יידן מיט אונדזער ליטעראַטור אויף יידיש. ווען לוסיען וואָלף איז אין 1906 געוואָרן רע־דאַקטאָר פון לאָנדאָנער ״דזשוּאיש וואָרלד״, האָט ער זיך געלאָזט צורעדן פון

זאַנגווילן צו געבן אַ יידישע ביילאַגע. דאָרט האָט הדס איבערגעזעצט ענגלישע שרייבערס, און מען האָט געדרוקט פּרצן, שלום־עליכמען, וואָס איז גראָד דאַן געווען אין לאָנדאָן, שלום אַשן, וואָס איז דאַמאָלסט געקומען דאָס ערשטע מאָל קיין לאָנדאָן, און מענדעלען. כּאָקאָלאָוו, דאַמאָלסט אַ תושב אין לאָנדאָן, האָט דאָרט מיטגעאַרבעט, און דוד פרישמאַן און נחמן סירקין זענען געווען שטענדיקע מיט־אַרבעטער. דער „דזשואיש וואָירלד“ האָט אויך געדרוקט איבערזעצונגען פון יידישע שרייבער אויף ענגליש. דוכט זיך, אַלמיס קרוב מאַקס מילטאָן איז געווען איינער פון די איבערזעצער און אַ ייד מיטן נאָמען טראַכטענבערג און הדס אַליין, און פּינקעלשטיין, ליטווינאָוו, דער סעקרעטאַר פון זאַנגווילס טעריטאָריאַליסטן. איך האָב געקענט פּינקעלשטיינען. אַ וווּנדערלעך באַגאַבטער מענטש. בלעטערנדיק די אַלטע „דזשואיש וואָירלד“־נומערן האָב איך געפונען פּינקעלשטיינס איבערזעצונג אין 1906 פון אָסיפּ דימאָווס „פּאָגראָם“. די מענטשן האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר יידיש אין אַ צייט, ווען די ענגלישע יידן און די עלטערע אימיגראַנטן האָבן זיך געשעמט מיט יידיש און האָבן דאַן, מיט זעכציק יאָר צוריק, געטענהט, אַז יידיש שטאַרבט אָפּ.

אין „דזשואיש וואָירלד“, אין אויגוסט 1906, געפינט זיך אַ לייט־אַרטיקל, אַ באַגריסונג צו שלום אַשן צו זיין באַזעצן זיך אין לאָנדאָן, וואָס זאָגט: „מענטשן רעדן זיך נאָך איין, אַז יידיש שטאַרבט אָפּ און אַז יידישע ליטעראַטור איז געקומען צו אַ טויטן פּונקט. ס'איז נישט אמת. אָט איז אַש, אַ יונגער מענטש, וואָס שרייבט איצט זיינע ערשטע זאַכן, אָבער ער וועט ווערן אַ גרויסער שרייבער“. דאָס איז געווען אין 1906. אגב, איז אינטערעסאַנט, אַז אַשס דערציילונג „וועגן וואָס מ'קריגט זיך אין קאָרטשעווו“, איז געגאַנגען אין „דזשואיש וואָירלד“, איבערגעזעצט פון רוסיש. לויט דעם אַלטן שטייגער, ווען כמעט די גאַנצע רוסישע ליטעראַטור אויף ענגליש איז געווען איבערגעזעצט פון דער פראַנצויזישער איבערזעצונג. מ'טוט דאָס נאָך היינט. אָט ווייס איך פון אַן איבערזעצונג פון אַ יידיש בוך, וואָס ווערט איצט געמאַכט פון דער פראַנצויזישער איבערזעצונג. און ערשט נישט לאַנג איז מען געקומען צו מיר פון דעם גרויסן דייטשן „אינדזל“־פאַרלאַג וועגן זייער פּלאַן אַרויסצוגעבן עטלעכע יידישע קלאַסיקער, איבערזעצנדיק זיי פון דער ענגלישער איבערזעצונג, ווייל איבערזעצערס פון ענגליש זענען אין דייטשלאַנד דאָ אַ סך און פון יידיש ווייניק. אָבער דאָס וויכטיקע איז — מען זעצט אונדז איבער. די וועלט־ליטעראַטור וויל אונדז קענען. און דאָס איז נישט דערפאַר, ווייל איך האָב מורא, אַז יידיש שטאַרבט און מען דאַרף ראַטעווען אירע אוצרות אין די גרויסע וועלט־שפּראַכן. איך גלויב, אַז יידיש וועט בלייבן לעבן און אַז מיר וועלן ווייטער שאַפן אויף יידיש. נאָר גלייכצייטיק דאַרף די וועלט אויך וויסן וועגן דעם, וואָס מיר שאַפן אויף יידיש. מיר געהערן צו דער וועלט־ליטעראַטור.

איך פריי זיך, ווען איך זע אַזאַ בוך, ווי „גרייט שאָרט סטאָריס אָוו די וואָירלד“ און איך געפין דאָרט מיט דיקענס און האַרדי, ראַבעלע און באַלזאַק, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי און טשעכאָוו אויך פּרצן, שלום־עליכמען, מענדעלען, אַשן, פּינסקין, רייזענען, ליבינען, און די רובריק הייסט „יידיש“. און די איבערזעצונגען זענען אַלע פאַר מיין צייט. העלענאַ פראַנק האָט דאָרט די גרעסטע צאָל איבערזעצונגען.

דאַרף איך אויך דערמאָנען דעם געלערנטן ד״ר אַנגעלאָ ראַפּאַפּאָרט, וואָס האָט דער ערשטער איבערגעזעצט מענדעלען אויף ענגליש און די וויכטיקע אַרבעט פון דעם גרויסן יידיש־אָפּטימיסט ד״ר ראָבאַק, און דאָס וואָס עס איז געטאָן געוואָרן פון יצחק גאָלדבערג, וואָס האָט אַ סך איבערגעזעצט, למשל, אָפּאַ־טאָשוס „פוילישע וועלדער״, און עטלעכע זאַכן פּינסקיס. ער האָט דער ערשטער געשאַפן אין ענגליש אַן אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער דיכטונג. ס׳איז אַ קליין ביכל, בלויז זעכציק זייטן, אָבער די אויסגאַבע איז געווען אין דער מיליאָ־נען־פאַרשפּרייטער „ליטל בלו בוקס״. מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן הלל ראָגאָפס אויפטו מיט זיין „איסט ענד וועסט״־זשורנאַל, וואָס האָט אין צייט פון ערשטן וועלט־קריג באַקענט דעם אַמעריקאַנער ייד און נישט־ייד מיט דער איבערגעזעצטער יידישער ליטעראַטור.

היינט איז דאָ אַן אַנטאָלאָגיע פון דער וועלט־פּאָעזיע, אַרויסגעגעבן פון דעם גרויסן סקריבנער פאַרלאַג. אָנו צווישן געטע, היינע, רילקע, דעמעל און ברעכט, באָדלער, ווערלען, רעמבאָ, לאַפאָרג, פּושקין, לערמענטאָוו, אַלעקסאַנדער בלאָק, מאַיאַקאָווסקי, פּאַסטערנאַק — געפינען זיך אויך ראָזענפעלד, פרוג, יהואש, רייזען, לייוויק, זישע לאַנדוי, גלאַטשטיין. און כאָטש איך בין דאָרט איינער פון די איבערזעצערס, זענען נאָר צוויי לידער איבערגעזעצט פון מיר. ס׳איז אַ גרויס פעלד. גוט וואָס ס׳זענען דאָ גענוג מענטשן, וואָס קענען עס באַאַרבעטן.

שרייבער רייסן זיך צו ווערן איבערזעצט. זיי ווילן ווערן געלייענט פון וואָס מערער לייענער. איך לייען אין דעם „אינדישן פען־ניוס״, אַז זיי האָבן אויס־געאַרבעט אַ פּלאַן צו געבן, ווי זיי רופן עס, „אַ שליסל צום מח און האַרץ פון אינדיע״, אַ גרויסער פּראָגראַם פון איבערזעצונגען פון אינדישע ווערק אויף ענגליש. מיין פריינד, פּאָול טאַבאָרי, וואָס זיצט פיל יאָרן מיט מיר צוזאַמען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון פּע״ן, און וואָס איז אַן אונגאַרישער גלות־שרייבער, זאָגט אין דער הקדמה פון דער אַנטאָלאָגיע פון די גלות־שרייבערס, אַז אַ שרייבער אין איינער פון די גרויסע שפּראַכן קען נישט פאַרשטיין דעם ווייטיק פון זיין פאַרשפּאַרט אין אַ קליין לשון און אַ קליינער ליטעראַטור. ער וויל זיך אַרויסרייסן, דורכברעכן די מויערן, אַריינאָטעמען ליכט און לופט.

און אויך די לייענער, ווען ס׳קומט ווי אַן איבערזעצונג אין האַנט, ווילן דאָס ווייטער געבן, דער־ציילן אַנדערע וועגן דעם אוצר, וואָס זיי האָבן געפונען. איך דערצייל, למשל, אין דער הקדמה צום „גאָלדן פּיקאָק״, ווי דער באַוווסטער וויסנ־שאַפטלער פּראָפעסאָר בראָנאָווסקי האָט שרייבנדיק וועגן דעם בוך געזאָגט, אַז ווי איינער, וואָס קען נישט קיין יידישע דיכטונג, האָט ער דאָרט געפונען אַן אוצר פון פרייד, און ער וויל, אַז אַנדערע זאָלן אויך האָבן די זעלביקע פרייד. אין שאָטלאַנד איז געווען אַ באַקאַנטער שאָטישער דיכטער וויליאַם סאוטאַר. פלעגט ער לייענען איבערגעזעצטע לידער פון פאַרשידענע לשונות: פון רוסיש, פון דייטש און אויך פון יידיש, פון דעם זעלביקן „גאָלדן פּיקאָק״, און ער האָט זיי איבערגעזעצט אויף שאָטיש. זיי געפינען זיך אין זיין באַנד לידער, וואָס איז אַרויס אין 1962. וואַריאַציעס רופט ער זיי. נייע לידער, אינספּירירט פון דער איבערזעצונג. „דער איינפלוס, שרייבט זיין רעדאַקטאָר, ד״ר ייטקען, פון איין דיכטער אויף אַ צווייטן״. קלאָוד

מאַנטעפּיאָרעס אַ קרובה, לוסי כּהן, האָט געקריגן בובערס מעשיות פון בעל שם אויף דייטש און זי איז געוואָרן אַזוי באַגייסטערט, אַז מיט קלאַוד מאַנטעפּיאָרעס הילף האָט זי דאָס בוך איבערגעזעצט און געלאָזט אַרויסגעבן.

פאַר מיר איז עס אַ גרויסע פרייד, וואָס איך האָב זיך אַזוי געלאָזט פאַנגען פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור און זיך גענומען אַזוי פיל איבערזעצן יידישע ווערק אויף ענגליש. איך האָב איצט, צו מיין ווערן אַ בן־שבעים, געקריגן מיין חלק שכר אין די פיל באַגריסונגען, וואָס זענען געקומען פון אַזוי פיל יידישע שרייבער. איך בין ווידער שטאָלץ, וואָס איך האָב אויך געהאַט אַ האַנט דעריין, וואָס די וועלט ווייס היינט אַ ביסל מער וועגן דער יידישער ליטעראַטור.

ביי דער געלעגנהייט איז אפשר כּדאי צו דערמאָנען, אַז דער יידישער פּע״ן־קלוב אין ניויאָרק פּלאַנירט איצט צו פאַרופן אַ וועלט־קאָנפערענץ פון יידישע שרייבער מכּל תפוצות יידיש, און צווישן אירע אויפגאַבעס וועט זיין אויך „אַרויס־צוגעבן אַ כּוללדיקע אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער פּאָעזיע, פּראָזע און עסיי אויף ענגליש, כּדי צו באַקענען די דרויסנדיקע וועלט מיט די אוצרות פון אונדזער ליטעראַטור״. דאָס איז אַ גרויסע אונטערנעמונג, וואָס דאַרף פון אַלעמען באַגריסט ווערן.

פּאַריז, 1964

# די מערכה פון יידיש אין דרום־אַמעריקע

פון **מאַרק טורקאָוו** (בוענאָס־איירעס)

איך רעד צו אייך אין נאָמען פון דער עקזעקוטיווע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין לאַטיין־אַמעריקע, אין וועלכן עס זענען אָנגעשלאָסן קהילות פון צוואַנציק לענדער און דאָס גאַנצע לאַטיין־אַמעריקאַנער יידנטום.

ווען יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער היימלאַנד, איז די טאָגטעגלעכע העברעאישע שפּראַך פון דעם פאָלק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לשון־קודש מיט וועלכן יידן האָבן געוואַנדערט איבער לענדער און קאָנטינענטן און אין דער דאָזיקער שפּראַך האָבן זיי אויסגעזונגען, אויסגעקלאָגט און אויסגעוויינט זייער צער און זייער פרייד. אין די עפּנטלעך־דערלויבטע בתי־תפילה און אויך אין די געהיימע קעלערן האָבן אָפּגעהילכט תפילות אין דער העברעאישער שפּראַך. ערשט שפּעטער איז די העברעאישע שפּראַך, נאָך איידער עס איז אויפגעקומען מדינת ישראל, צוריק געוואָרן אַ פאַקטאָר אין יידישן לעבן. אין דעם יידישן מאָדערנעם שאַפן, אין דער יידישער קולטור און אין דער ליטעראַטור.

אַנדערש איז די מערכה פון דער יידישער שפּראַך, די שפּראַך, ווי עס איז שוין דאָ דערמאָנט געוואָרן, פון יידינעס און דינסטמוידן, די שפּראַך, אין וועלכער אונדזערע באָבעס פלעגן אויסוויינען און אויסזינגען די צאינה וראינה און דינסט־מיידלעך פלעגן פאַרגיסן טרערן ביים לייענען מעשה־ביכלעך פון אייזיק מאיר דיק, לונעצקי און אַנדערע.

און פּלוצלינג, ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע, איז זי געוואָרן די שפּראַך נישט נאָר פון דער גאַס, נישט נאָר פון דער אַרבעטערשאַפט, נאָר אויך פון דעם סאַלאָן, פון יידישע אוניווערסיטעט־מענטשן, פון דער יידישער סטודענטן־יוגנט. ד״ר שלמה מינץ, דער באַרימטער וואַרשעווער מעדיקער, וועלכער איז געווען סטודענט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, האָט באַשריבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן זכרונות, ווי אַזוי ער האָט צום ערשטן מאָל אַריינגעבראַכט צווישן פּויליש און רוסיש רעדנ־דיקער אינטעליגענץ פּרצן און שלום אַשן און פאַר זיי פאַרגעשטעלט די צוויי יידישע שרייבער, איינער שוין מער ווייניק אַן עלטערער און דער אַנדערער נאָך זייער אַ יונגער, און עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ קאָנטאַקט צווישן דער יידישער ליטעראַטור און דער יידישער אינטעליגענץ.

ד״ר גרשון לעווין, דער אינטימער פריינד פון פּרצן און פון אַשן, האָט אין זיינע זכרונות דערציילט, אַז זייענדיק אַ קינד, דער זון פון לובלינער חזן, האָט

ער באַקומען פּעטש פֿאַר אַרײַנברענגען אַ זשאַרגאָניש מעשה־ביכל פֿון דער קיך אין דעם עס־צימער אַרײַן. דער טאַטע, דער חזן, האָט עס נישט געקענט פֿאַר־טראָגן און האָט געזאָגט, אַז דאָס איז נישט פֿאַר לערנדיקע יידישע קינדער, נאָר פֿאַר דינסט־מוידן. חיים ווייצמאַן ווידער דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז ער פֿלעגט זיך דורכשרייבן מיט זיין טאַטן אין העברעאיש און מיט דער מאַמען אין יידיש. איין מאָל על פּי טעות האָט ער אַמאָל געשריבן צום טאַטן אַ יידישן בריוו. האָט אים דער טאַטע געפֿרעגט: וואָס איז פּלוצים יידיש? וואָס בין איך אַ יידינע, וואָס דו שרייבסט צו מיר יידיש?

און יידיש איז געוואָרן די שפּראַך פֿון מיליאָנען מאַסן, יידיש איז געוואָרן די שפּראַך פֿון רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־קרייזן, יידיש איז געוואָרן די שפּראַך פֿונעם וואַרשטאַט, פֿון דער יידישער אָרעמקייט און פֿון דער יידישער אינטעליגענץ.

דאָס אָפּטמאָל אַזוי באַליידיקטע און דערנידעריקטע מאַמע־לשון איז נאָכן חורבן בית שלישי געוואָרן דאָס לשון הקדושים. געפֿינען זיך יידן, וואָס האַלטן, אַז דאָס איז די פֿאַרגאַנגענהייט, אַ זכר פֿון דעם טראַגישן גלות־לעבן און דאַרף וואָס שנעלער פֿאַרגעסן ווערן. דאָס איז געוואָרן אויסגעדריקט נישט נאָר אין טעאָרע־טישע באַגרינדונגען, נאָר ווערט אויך ליידער פֿאַרווירקלעכט אין טאָגטעגלעכן לעבן.

נישט געקוקט אויף דער היסטאָרישער ראָל, וואָס יידיש האָט געשפּילט און שפּילט נאָך עד היום אין אונדזער לעבן, נישט געקוקט אויף די גרויסע ווערק, וואָס זענען אין דער יידישער שפּראַך בייגעטראָגן געוואָרן צו דער יידישער קולטור, צו דער אויפֿהאַלטונג פֿון יידישן מאַסן־לעבן, נישט געקוקט אויף די גרויסע שעפֿערישע כחות, וואָס האָבן באַרייכערט און באַפֿעסטיקט אונדזער יידישע נאַציאָ־נאַלע עקזיסטענץ, נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, האַלט מען אין אַ סך קרייזן היינט צו טאָג, אַז יידיש איז אַ שפּראַך פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט.

ווי איז די ווירקלעכקייט?

דאָ איז געזאָגט געוואָרן, אַז מען טאָר היינט נישט ציילן, אַז עס איז נישט גוט צו ציילן. ביי אונדז אין דרום־אַמעריקע קומען פֿאָר פֿאַרזאַמלונגען ווען עס קומט אַ נחום גאָלדמאַן, אָדער אַ גאָלדע מאיר, אָדער לוי אשכול, אָדער ווען עס קומט פֿאָר אַ יאָרטאָג פֿון אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, און עס פֿאַרזאַמלען זיך פֿון פֿינף און צוואַנציק ביז דרייסיק טויזנט יידן אונטער איין דאַך. איז עס אַ געוואַלטיק פּאָזיטיווע דערשיינונג. פֿונדעסטוועגן גייען מיר אַרום און מיר ציילן. מיר ציילן צווישן די 25 ביז 30 טויזנט פֿאַרזאַמלטע יידן וויפֿל עס געפֿינען זיך צווישן זיי 17־, 18־, 20־, 25־, 28־ און 30־יעריקע. מיר ווילן וויסן נישט וועגן די, וואָס קומען אויף אַ געטאָ־אַקט, כדי צו הערן קדיש, אָדער וועגן די, וואָס קומען אויסהערן אַ פּאָליטישע רעדע וועגן ישראל, וועגן ציוניזם, נאָר וועגן דער יוגנט. און מיר האַלטן, אַז ציילן איז זייער וויכטיק. ווייל אויב עס האַנדלט זיך נישט וועגן גרויסע פּאָליטישע מאַניפֿעסטאַציעס, וואָס רירן אָן די געפֿילן און די אינטערעסן פֿון דער דאָזיקער יוגנט, איז די צאָל אירע אויף די מאַסן־פֿאַרזאַמלונגען זייער אַ קליינע.

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז אין בוענאָס־איירעס פֿאָרגעקומען אָט אַזאַ אינצידענט: אין אַ יוגנט־צייטונג פֿון אַ ציוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס דער־

שיינט זעלבסטפאַרשטענדלעך אין דער שפּאַנישער שפּראַך און נישט אין דער יידישער, האָט אַ יונגער יידישער יוגנט־פירער, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אַ שטוב, אין וועלכער מען רעדט נאָך ביז היינט צו טאָג יידיש, און וואָס ער אַליין קען ווונדערבאַר יידיש און האָט אַליין איבערזעצט אויף שפּאַניש דערציילונגען פון פּרצן, פון שלום־עליכמען, פון שלום אַשן, פון נאָמבערגן און אַנדערע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור, פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקן שטורעם אין אונדזער יידישער וועלט. דער אַרטיקל האָט געהייסן: „די נישט־קאָמוניקאַטיווע שפּראַך". ער האָט אַנגעוויזן, אַז צו דער יידישער יוגנט אין לאַטיין־אַמעריקע קען מען מער נישט קומען רעדן יידיש. וועגן העברעאיש איז אָפּגערעדט. האָבן די ווערטער אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקן שטורעם און אַ פּאַרדרוס, אַ וויטיק. אָבער מיר דאַרפן די דאָזיקע פאַקטן אַנאַליזירן און זען צי דאָס איז אמת, אָדער נישט.

עס וועט גאָרנישט העלפן, ווען מיר וועלן קומען אויף יידישע אינטערנאַציאָנאַלע אָדער טעריטאָריאַלע פאַרזאַמלונגען, אויף פאַרזאַמלונגען פון יידישע שרייבער און פון יידישע פאָלקס־מענטשן, וועלכע לעבן אין יידיש, און מיר וועלן זיך איינרעדן זאַכן, וואָס זענען נישט קייןווירקלעכקייט. עס זענען פאַראַן אויפן לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט לענדער, אויסער מעקסיקע און בוענאָס־איירעס, אויסער בראַזיל, טשילי און אורוגוואַי, וווּ מען קען מער נישט קומען און האַלטן אַ יידישן רעפעראַט. די עלטערע מענטשן זענען מיד און די ייִנגערע אינטערעסירט עס נישט, מעג עס זיין אפילו אַ טעמע, וואָס דאַרף זיי אינטערעסירן. דער אמת איז, אַז זיי קומען וויניק אויך אויף שפּאַנישע רעפעראַטן. זיי קומען נישט אויב די פאַרזאַמלונג ווערט נישט איינגעאָרדנט צווישן און דורך זיי אַליין, אויב די פאַרזאַמלונג טראָגט נישט דעם כאַראַקטער פון אַלגעמיין־פּאָליטישע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט די יידישע יוגנט אַ סך מער, ווי די יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

מיר, אין דרום־אַמעריקע, האָבן אַ פאַרלוירענעם דור. דאָס איז דער דור פון די קינדער פון די יידישע עמיגראַנטן. די דאָזיקע קינדער זענען נישט געגאַנגען אין קיין יידישע שולעס אָדער די שולעס זענען געווען אָרעמע ווינקלען און די טאַטעס האָבן זיך שוין אָנגעהייבן אַרויפצואַרבעטן און עס איז זיי שוין נישט אָנגעשטאַנען, אַז זייערע קינדער זאָלן באַזוכן אַזעלכע אָרעמע ווינקלען, כדי צו לערנען דאָרט יידיש. האָט מען אָנגעהייבן בויען לוקסוס־געביידעס און דאָס האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין יידישן לעבן. די דאָזיקע רעוואָלוציע באַשטייט דערין, וואָס אָרעמע עלטערן האָבן זיך געבעטן, אַז מען זאָל אָננעמען זייערע קינדער אין די יידישע שולעס, בכדי די קינדער זאָלן אַ פּאָר שעה אין טאָג זיך געפינען אין אַ שענערער, רייכערער און מער לוקסוסאַרטיקער סביבה. די רייכע עלטערן האָבן זיך שוין נישט געשעמט צו שיקן זייערע קינדער אין אַזעלכע שולעס. אין גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע זענען אויסגעבויט געוואָרן אַזעלכע שול־בנינים. איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די אויסערלעכקייט האָט אָנגעהייבן צו ווירקן און עס האָט זיך געשאַפן די אינערלעכע יידישע רעוואָלוציע. עס זענען אָבער אַנטשטאַנען פּראָבלעמען, ווי צום ביישפּיל, אין אַזאַ ווענעצועלאַ, וווּ עס איז פאַראַן אַ ווונדערבאַרע יידישע אינטעגראַלע שולע,

דאָס הייסט, אַ שולע, אין וועלכער מען לערנט אַלגעמיינע לימודים און יידישע לימודים. קומען יידישע עלטערן און טענהן אַזוי:

— מען לערנט שפּאַניש, מען לערנט העברעאיש, מען לערנט ענגליש, פּיאַנאָ, טאַנצן, וואָס ווילט איר פון אונדזערע קינדער נאָך מיט יידיש? — און זיי ווייזן אָן: אונדזערע טאַטעס זענען געווען אימיגראַנטן, פּוילישע, ליטווישע, בעסאַראַבער יידן. מילא, זיי האָבן נישט געקענט קיין שפּאַניש, זיי האָבן געדאַרפט, אַז מיר זאָלן לערנען אַ ביסל יידיש, כדי צו קענען שרייבן אַ בריוול דער באָבען, מען זאָל קענען זיין מיט זיי אין קאָנטאַקט. אָבער מיר זענען גאָר שוין ווענעצועלער! מיר זענען דאָך שוין נישט קיין פּוילישע, נישט קיין בעסאַראַבער און נישט קיין ליטווישע צי רוסישע יידן. פאַרוואָס לערנען נישט קיין יידיש די ספרדישע קינדער? פאַרוואָס לערנען נישט קיין יידיש די קינדער פון די דייטשע יידן? פאַרוואָס מוזן אונדזערע קינדער ליידן נאָך אַ שעה צוליב יידיש?

און איצט נאָך אַן ענין. וועגן דעם איז שוין גערעדט געוואָרן אויך אין שטראַסבורג, אין דער קולטור־קאָמיסיע, און נעמלעך וועגן ברענגען יידישקייט פון דער היים אין דער שולע אַריין. פון דער היים אין דער שולע קען מען ברענגען נאָר עם־הארצות. פון דער שולע אין דער היים ברענגט מען דאָך דאָס קאָפּעלע יידישקייט, ווען מען לערנט דאָרט. מען ברענגט וועגן אַ שבת־צו־נאַכט, וועגן אַ פרייטיק־צו־נאַכט און וועגן שבת און יום־טוב, מען ברענגט עפּעס וועגן יידישע טראַדיציע. אפילו אין די וועלטלעכע שולעס, אפילו אין די יידיש־סאָציאַליסטישע שולעס ווערט געלערנט יידישע טראַדיציע און די שולע ווערט די בריק פון דעם קינד צו דער מאַמען און נישט פון דער מאַמען צום קינד.

מיר דאַרפן זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון, אַז דער קריזיס פון דער יידישער שפּראַך רופט זיך אָפּ אויף אַלע דערשיינונגען, אויף דער יידישער ליטעראַטור, צי מען וויל עס יאָ אָדער נישט, אויף דער יידישער פּרעסע. מען דערציילט, אַז יעקב פּיכמאַן האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ווען מען זעט אַ יידישע לוויה באַדייט עס אין אַבאָנענט ווייניקער.

כ׳וועל נאָך עפּעס דערציילן. עס געשעען פאַלן, ווען אַ קינד ברענגט אַריין אין דער רעדאַקציע אַ נעקראָלאָג. דער טאַטע אָדער די מאַמע, דער מת ליגט נאָך אין שטוב און שוין בעט מען, אַז פון מאָרגן אָן זאָל מען מער די צייטונג נישט שיקן. עס ענדיקט זיך מיטן נומער, אין וועלכן דער נעקראָלאָג ווערט געדרוקט.

עס איז נישט נאָר די טראַגיק פון יידישן לעבן, ס׳איז די טראַגיק פון דער יידישער ווירקלעכקייט, פון פאַרטרייבן יידיש. כ׳ווייס נישט צי דאָס געשעט צוליב ענגליש, פראַנצויזיש, צי שפּאַניש. כ׳ווייס נאָר, אַז מען פאַרטרייבט זיך אַליין דערפון, מען וויל עס נישט זען, מען וויל עס נישט קענען.

אודאי זענען פאַראַן אויסנאַמען. ווי איז צו דעם יידישן כלל־טוער אין בוענאָס־איירעס, וואָס האָט נישט קיין דרך־ארץ פאַר אַ יידישער צייטונג. די יידישע צייטונגען אין אַרגענטינע זענען נאָך דער וואָרטזאָגער אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער זיי זענען דער וואָרט־זאָגער, ווייל דער עמיגראַנטישער עלעמענט פירט נאָך דאָרט אָן מיטן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. און אפילו ווען עס פירן שוין אָן יונגע אינטעלעקטואַלן, ריכטיקער פראָפעסיאָנאַלן, געבוירענע אָדער דער־

צויגעגע אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער, האָבן זיי נאָך דעם דרך־ארץ פֿאַרן ייִדישן וואָרט. עס איז נאָך קיין ייִדישע פּרעסע אין דער שפּאַנישער שפּראַך נישט אַנטשטאַנען. יאָ, עס זענען פֿאַראַן וואָכנבלעטער, אָבער עס איז נישטאָ קיין אײן ייִדישע טאָגצייטונג אין דער שפּאַנישער שפּראַך, אין דער צייט, ווען עס זענען פֿאַראַן טאָגצייטונגען אין דער ייִדישער שפּראַך.

אין בוענאָס־איירעס זענען מיט פֿופֿצן — צוואַנציק יאָר צוריק געווען פֿינף ייִדישע טעאַטערן. היינט זענען פֿאַראַן פֿון צייט צו צייט ייִדישע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען. קיין ייִדישער טעאַטער איז שוין אָבער נישטאָ. די צייטן, ווען עס איז געקומען אַ מאָריס שוואַרץ אָדער אַ בן־עמי, אָדער אַ בולאָוו, אָדער ווען עס זענען געקומען אַנדערע ייִדישע קינסטלער, זענען פֿאַרביי. אָט איז פֿאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע, אַ קליינע רעוואָלוציע, ס׳איז געקומען דער ייִדישער מלוכה־טעאַטער פֿון וואַרשע. האָט עס אויפֿגערודערט די ייִדישע עפֿנטלעכקייט און ייִדישע יוגנט, וואָס איז נאָך אין איר לעבן נישט געווען אין קיין ייִדישן טעאַטער, איז געקומען זען די פֿאָרשטעלונגען פֿון וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער. אָבער דאָס זענען אויס־נאַם־פֿאַלן.

דעריבער וועט זיין אָך און וויי, ווען ייִדיש וועט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ לשון־קודש און נישט דאָס לשון פֿון דער טאָגטעגלעכקייט, פֿון דער גאַס און פֿון פֿאַרזאַמלונגען. פֿון לערנען ייִדיש אין זעקס און צוואַנציק אוניווערסיטעטן וועט נישט בלייבן קיין ייִדישע שפּראַך, אין וועלכער מיר זענען דערצויגן געוואָרן, מיט וועלכער מיר לעבן און מיט וועלכער מיר גייען דורך די וועלט.

איינע פֿון אונדזערע פֿליכטן און אויפֿגאַבעס דאַרף זיין קודם כל אַרויסצורופֿן רעספּעקט, פֿאַרשטענדעניש און דרך־ארץ צו דער ייִדישער שפּראַך. איך וויל דערמאָנען אַז ד״ר לעווענבערג האָט געמאַכט וועגן דעם פֿאָרשלאָגן אויף דער זיצונג פֿון אַקציאָנס־קאָמיטעט אין ירושלים. און איך מוז אייך זאָגן, אַז עס איז וווּנדער איבער ווונדער. מיר באַטייליקן זיך אָפֿט אין ייִדישע וועלט־אסיפֿות און מיר זעען מענטשן, וועלכע קענען נישט קיין ייִדיש, ווייל זיי רעדן ענגליש אָדער עברית און זיי פֿאָדערן, מען זאָל רעדן ייִדיש, ווייל ייִדיש כאַפּן זיי אויף. דאָס טראַגישע אָבער איז, וואָס מען לייענט נישט קיין ייִדיש בוך, מען לייענט נישט קיין ייִדישע צייטונג, מען כאַפּט נאָר אויף דעם קלאַנג פֿון דער ייִדישער שפּראַך און ייִדיש ווערט פֿאַרוואַנדלט — דאָס איז איינע פֿון די גרעסטע געפֿאַרן — נישט אין קיין גערעדטע, נישט אין קיין געלייענטע, נאָר אין אַ געהערטע שפּראַך. בלויז דאָס געהערטע איז ווייניק, כדי אויפֿצוהאַלטן און צו קענען אַנטוויקלען אַ ייִדישע קולטור. מיר האָבן טאַקע די פֿראַגע אַרומגערעדט מיט עטלעכע טעג צוריק מיטן ד״ר שטיינבערג און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען דאַרף מאַכן אַן אויפֿקלערונגס־מסיבה, נישט מיט רעזאָלוציעס, נאָר מיט אַ ממשותדיק אויסלעבן זיך, גיין צו דער אַנטלאָפֿענער ייִדישער יוגנט, גיין צו אַנטלאָפֿענער פֿון ייִדיש ייִדישער מאַסע און אויפֿקלערן איר די שיינקייט פֿון דער ייִדישער שפּראַך.

זאָגן מיר דעריבער: מען דאַרף אַנטוויקלען די אויפֿקלערונגס־אַרבעט. מיר זעען די טראַגעדיע פֿון דער שפּראַך און זאָל זיך קיינער נישט איינרעדן, אַז עס גייט גוט. עס קען קומען אַ קנאי פֿון ייִדיש און אויפֿווייזן, אַז עס דערשיינען

יידישע ביכער. יאָ, עס דערשיינען ביכער, אָבער מען לייענט זיי נישט! דאָס זאָגט אייך אַ מענטש, וואָס האָט אַרויסגעגעבן הונדערט פינף און זיבעציק ביכער. עס דערשיינען צייטונגען אָבער זיי פייניקן זיך און מאַטערן זיך. זיי האָבן נישט קיין עקזיסטענץ אויסער אייניקע אויסנאַמס־צייטונגען פון די יידישע ישובים. מיר דאַרפן קוקן דער דאָזיקער ווירקלעכקייט גלייך אין די אויגן און זיך נישט טרייסטן אַליין מיט חלשות־טראָפּנס, אַז עס איז אַלץ אין אָרדענונג והא ראיה מיר זיצן דאָ אויף אַ פאַרזאַמלונג ביז האַלב עלף ביינאַכט. מיר האָבן דעם מוט און דעם כח צו זאָגן: יידיש לעבט איצט איבער אַ טראַגישן קריזיס, נישט געקוקט, וואָס מען לערנט אויפן ירושלימער אוניווערסיטעט פאַר אייניקע יונגעלייט יידיש. דאָס איז אַ באַזונדערער פענאָמען, אַ וווּנדער. איר דאַרפט גיין אויף אַ פאָרשטעלונג פון מאַנגערס „מגילה" וועט איר זען וויפל יוגנטלעכע, אין ישראל געבוירענע, סאַברעס פון דור דורות, קומען און האָבן הנאה. אָבער מיר דאַרפן זען די ווירקלעכקייט. צי זענען מיר מסכים, אַז יידיש, די שפּראַך פון מענדעלע, פון פּרצן און פון שלום־עליכם און פון שלום אַש, פון נאָמבערגן און פון לייוויקן זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שפּראַך פון קדושים, אין אַ לשון־קודש? אָדער צי זאָל זי ווערן די בריק פון דעם יידישן לעבן, די שפּראַך פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, פון דער יידישער געגנוואַרט און פון דער יידישער צוקונפט?

לאָנדאָן, 1966.

# סטוטשקאָווס יידישער ווערטערבוך

פון ד״ר י. בערנפעלד (פּאַריז)

דאָס וועט זיין אַ הספד — איך וועל מספיד זיין נחום סטוטשקאָוון. מיט עטלעכע חדשים צוריק איז ער אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט. אַלט געוואָרן איז ער צוויי און זיבעציק יאָר. איבערגעלאָזט האָט ער דער יידישער וועלט אַ וואונדערלעך ווערק, עס הייסט „דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך", אַ ווערטערבוך פון אַ גאַנץ באַזונדערן מין, וואָס אַזוינס האָבן מיר נאָך נישט געהאַט פאַרמאָגט. און אויב צוריק מיט העכער פופצן יאָר האָט אונדזער וועלט נאָך נישט געקענט דעם נאָמען נחום סטוטשקאָוו, אַזוי קען זי אים היינט, אפילו אָן זיין ערשטן נאָמען, נאָר בלויז דאָס וואָרט „סטוטשקאָוו", און אַז עמעצער פרעגט: „דו האָסט אַ סטוטשקאָוו", „דו האָסט נאָכגעקוקט ביי סטוטשקאָוון?", אַזוי קלערט קיינער נישט אינעם מענטש, נאָר אינעם ווערק, אַזוי ווי אַן ענגלענדער אַ שטייגער פרעגט: „דו האָסט נאָכגעקוקט ביי ראָזשעטן?" אָדער דער פראַנצויז: „וואָס זאָגט דער ליטרע?" און אַזוי ווייטער. נחום סטוטשקאָוו איז געשטאָרבן, אָבער עס לעבט דער „סטוטשקאָוו", זיין ווערק.

אַ הספד איז אַ נעקראָלאָג — אַזוי זעצט עס אויך איבער בירנבוים אין ווערטערבוך צו זיין פּראַקטישער גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך. יהואש־ספּיוואַק פאַרטייטשן דאָס וואָרט מיט „אַ קלאָגרעדע, אַ לויב־רעדע נאָך אַ געשטאָרבענעם". עס הייסט געוויינטלעך: דע מאָרטואיס ניל ניזי בענע — מע זאָל אַ טויטן קיין בייז נישט נאָכזאָגן. מע האָט איבערגעביטן דאָס ווערטל אויף: דע מאָרטואיז ניל ניזי ווערום, און מיר יידן האָבן גראָד אַזעלכע ווערטלעך. עס הייסט ביי אונדז: „אַ טויטן זאָל מען דעם אמת נאָכזאָגן"; „דער טויט באַווייזט דעם אמת". און דעריבער וועט דער היינטיקער הספד זיין אי אַ נעקראָלאָג, מיט באַדויערן און מיט אַ טרויער, וואָס דער מענטש נחום סטוטשקאָוו האָט שוין אָפּגעלעבט זיינע יאָרן, אָבער, נאָכזאָגנדיק דעם טויטן דעם אמת, און אויפווייזנדיק זיינע ראַנגלעניש און דאָס גובר זיין זיי. וועט ער אויך זיין אַ לאַודאַציאָ, אַ לויבליד אויף אים און אויף זיין ווערטערבוך „דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך".

איז נחום סטוטשקאָוו געווען אַ וויסנשאַפטלער, אַ שפּראַך־וויסנשאַפטלער? — אַ לעקסיקאָגראַף מוז דאָך דאָס זיין, וועט מען זיך זאָגן. ניין — און עס איז אַ מאָדנע זאַך: נישט אַלע וואָס האָבן אויסגעאַרבעט ווערטערביכער פון זייער שפּראַך און זיך קונה שם געווען אומעטום אויף דער וועלט, זענען פון אָנהייב אָן געווען שפּראַך־

וויסנשאַפטלער. אויך סעמועל דזשאָנסאָן איז קודם געווען אַ לערער, אַן אָנגע־שטעלטער ביי אַ פאַרלאַג, זשורנאַליסט, און קריטיקער, ביאָגראַף און סאַטיריקער. איידער האָט ער זיך גענומען צו זיין „דיקשאָנערי אָוו טהי אינגליש לענגוויש", אין דער עלטער פון קנאַפּע פופציק יאָר; און ראָדזשעט, פּיטער מאַרק ראָדזשעט איז גאָר געווען פיזיק־פּראָפעסאָר; אונדזער ד״ר אַלפרעד לאַנדוי איז גאָר געווען אַדוואָקאַט און דער פראַנצויזי ליטרע איז גאָר געווען אַ מעדיקער. און נחום סטוטשקאָוו? איך קען נישט די גענויע דאַטעס פון זיין ביאָגראַפיע, אָבער איך ווייס, אַז אין זיינע יונגע יאָרן און אויך שפּעטער, אין די עלטערע יאָרן, האָט ער גאָרנישט געהאַט צו טון מיט שפּראַך־וויסנשאַפט. אין דער אַלטער היים האָט ער געהערט צו די פּרץ־חסידים — און דאָס אַליין הייסט אַ סך, דאָס הייסט: אַז ער איז געווען צוגעהאָפטן צו יידיש און צו יידישקייט. אָבער שפּעטער ווערט ער גאָר אַ טעאַטערמענטש און ווען ער קומט אַריבער אין די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט קיין אַמעריקע, ווערט ער רעזשיסאָר, איבערזעצער פון פרעמדשפּראַכיקע פּיעסן אין יידיש און דערנאָך גאָר דער מחבר פון אַ גראַמען־ווערטערבוך. זאָל ער דעם גראַמען־לעקסיקאָן האָבן געמאַכט פאַר זיך אַליין און אויך פאַר אַנדערע וואָס ווילן איבערזעצן פרעמדע פּאָעזיעס אין יידיש? איך ווייס דאָס נישט — איך האָב קיין מאָל געזען דאָס ביכעלע. אָבער מיט שפּראַך־וויסנשאַפט האָט אַ גראַמען־לעקסיקאָן גאָרנישט צו טון. אָבער פּלוצעם — איך זאָג: פּלוצעם, ווייל איך ווייס דאָס נישט ווען דאָס איז געקומען איבער אים און פאַרוואָס ער האָט זיך גענומען דערצו — פּלוצעם נעמט ער זיך דערצו — געווען איז דאָס אין יאָר 1935, 1936 — צו מאַכן אַ יידיש ווערטערבוך, אַ גאַנץ יידיש ווערטערבוך אַ פולס, אַ פולשטענדיקס נישט בלויז פאַר גראַמען־פלעכטערס וואָס בויערן זיך דעם קאָפּ נאָך אַ פּאַסיקן גראַם (און וואָס קען דאָס שוין זיין פאַר אַ זיין צווישן די צוויי גראַמען אַ היעראַס גאַמאָס?) — ער וויל מאַכן אַ ווערטערבוך פּאַסיקער גראַם, אויב ער קומט נישט אַראָפּ פון הימל ווי אַ זאָג, כדי עס זאָל פאַר איטלעכן, פאַר יעדן, פאַרן גאַנצן פאָלק. וואָס האָט אים געבראַכט דערצו צו מאַכן דווקא אַ ווערטערבוך?

איך וויל דאָ ציטירן אַ פראַנצייזישן שרייבער און זשורנאַליסט פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט.

פון אַנטואַן דע ריוואַראָל — דאָס איז דער מחבר פון דער באַוואוסטער שריפט „דע ל'איניווערסאַליטע דע לאַ לאַנג פראַנסעזע" — „וועגן דער אוניווערסעלקייט פון דער פראַנצייזישער שפּראַך", וואָס איז געוואָרן אויסגעצייכנט פון דער בער־לינער אַקאַדעמיע — פון ריוואַראָלן ווערט איבערגעגעבן אַ וואָרט — און דאָס וואָרט זיינס וועט מיר דאָ צו נוץ קומען ווי אַן אַריינפיר צו דעם וואָס איך וויל זאָגן — און איך שטרייך שוין אונטער, אַז איך ציטיר עס פאַר אַנטיפראַזע. ריוואַראָל וואָס האָט שטאַרק ליב געהאַט זיין פראַנצייזישע שפּראַך, האָט אויך געהאַט בדעה צו מאַכן אַ פראַנצייזיש ווערטערבוך — אַליין, און נישט אַזוי, ווי די אומשטערבלעכע פון דער אַקאַדעמי פראַנסעז האָבן עס געמאַכט. אָבער דערנאָך איז ער זיך מיישב געווען און זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פּלאַן. און פאַר וואָס דאָס? ווייל — האָט ער געזאָגט — צו מאַכן ברעקלעך פון מיין שפּראַך, איינציקע ווערטער — דאָס וואָלט

זיך מיר אויסגעוויזן אַז איך בין אַ דאָקטער, אַ כירורג, וואָס איז מחויב צו פּאַלמעסן זיין אייגענע געליבטע". דאָס איז, דאַכט זיך מיר, געווען נישט מער ווי אַ זאָג, זייער שיין פאָרמולירט און גאַנץ פאַרכאַפּנדיק, אָבער בלויז אין דער ערשטער רגע, ווען מע הערט אָט אָ דאָס ווערטל ריוואַראָלס. וואָרן, זאָגט מען זיך אַ רגע שפּעטער, לויט ריוואַראָלן קומט גאָר אויס, אַז נאָר דער, וואָס האָט נישט ליב אַ שפּראַך, אָדער כדי צו בלייבן ביים עכט פראַנצייזישן פאַרגלייך ריוואַראָלס: דער וואָס זעט אין איר נישט די געליבטע פרוי, אַז נאָר דער קען זי, ווי ער זאָגט, סעצירן, דאָס הייסט צעטיילן אויף שטיקלעך, דאָס הייסט אויף ווערטער און דערפון מאַכן אַ ווערטערבוך.

איז דאָס אָבער אויך אַזוי? געוויס נישט! דאָקטאָר דזשאָנסאָן האָט אפשר פיינט געהאַט זיין ענגלישע שפּראַך? און פאַר די ברידער גרים איז זייער שפּראַך אפשר נישט געווען זייער „געליבטעס דויטש"? און ליטרע האָט אפשר בלויז צוליב גלייכגילטיקייט צו זיין שפּראַך אַוועקגעוואָרפן זיין גאַנצע דאָקטערייַ, כדי זיך צו קענען איבערגעבן אין גאַנצן צו זיין פראַנצייזיש? און אונדזער ליפשיץ איז אַרומגעלאָפן יאָרן לאַנג איבער די גאַסן, איבער די מערק, אין די שענקען און אין די קלייטן, און יעדעס מאָל אַרויסגעכאַפּט זיין נאָטיצביכל און פאַרשריבן יאָרט ווערטער און ווערטער — און דאָס, ווייל ער האָט אפשר פיינט געהאַט זיין מאַמע־לשון? און אַלפרעד לאַנדוי האָט אין גאַנצן פאַרנאַכלעסיקט זיין אַדוואָקאַטור און געהאַלטן אין איין זאַמלען ווערטער און געוואָלט מאַכן דעם יידישן ווייסנשאַפטלעכן ווערטערבוך — נאָר צוליב דעם ווייל די שפּראַך איז אים געווען גלייכגילטיק און ער האָט געקענט דערפאַר קאַלטבלוטיק זי סעצירן? און בן־יהודה וואָלט זיך נישט געווען געעקט פאַר זיין עברית? האָבן זיי אַלע „געזאַמלט ווערטער", אפשר נאָר צוליב דעם, זיי זאָלן זיך אַ ביסעלע פאַרשפּילן, עס זאָל זיי נישט זיין נודנע? ניין, זיי אַלע האָבן „סעצירט", ווי ריוואַראָל זאָגט, זייער שפּראַך. דווקא דערפאַר ווייל זיי האָבן זי ליב געהאַט און דווקא די ליבשאַפט האָט זיי נישט אָפּגעהאַלטן דערפון — נאָר פאַרקערט. ריוואַראָל האָט דאָ געמאַכט דאָס חנדעלע, און מיר — איך זאָג: מיר, ווייל איך ווייס, אַז איר אַלע דאָ זענט מיט מיר מסכים — מיר האַלטן, אַז דער אופן צו באַטראַכטן מיט ליבשאַפט זיין שפּראַך, זיין געליבטע שפּראַך, איז דער איינציק מעגלעכער און דער גאַנץ באַטירלעכער — וואָרן איז דען פאַרהאַנען פאַר אַ מאַמע, אַ שטייגער, עפּעס וואָס זאָל איר קענען פאַרשאַפן מער נחת און אַ גרעסערע פרייד, ווי נאָכצוגיין מיט די אויגן יעדן מינדסטן ריר פון איר קינד, יעדן גאַנג און יעדן שפּאַן; און אויפצונעמען מיטן אויער יעדן לאַך און יעדן וויין; און אויסצוצערטלען מיט אירע פינגער יעדעס אברל, יעדעס חן־גריבעלע, יעדעס שפּרענקעלע? ניין, ס'איז נישט פאַרהאַנען קיין גרעסערע פרייד — און נישט פאַרהאַנען פאַר קיינעם קיין גרעסערע פרייד, ווי אויפצוזאַמלען אַלץ פון זיין שפּראַך.

און אַזוי ווי עס זענען געווען פאַרליבטע אין זייער שפּראַך די אַלע וואָס איך האָב פריער אָנגערופן, אַזוי איז נחום סטוטשקאָוו, נאָך יענע וואָגלענישן איבער טעאַטערן און איבער גראַמען, זיך געוואָרן באַוואוסט: אָט זי, אונדזער שפּראַך.

אונדזער אַלעמענס שפּראַך, איז דאָס טייערסטע, וואָס איך פאַרמאָג, וואָס מיר אַלע פאַרמאָגן! ער האָט זיך געזאָגט:

איצט ווען עס הייבט זיך אָן דאָרט די „ענדלעזונג", ווען מיר וועלן אַלע זיין אַבלים און זיצן שבעה נאָך אונדזערע ברידער און שוועסטער אין איירָאָפּע, וואָס עמלק וועט זיי פאַרשניידן; איצט, ווען מיט זייער אומקום וועט ווערן טרוקן דער קוואַל פון וועלכן מיר שעפּן אונדזער גייסטיק חיות און עס ווערט צו שטויב דער באָדן וואָס האָט אונדז געגערט מיט זיינע יידישע זאַפטן, איצט האַלט איך עס פאַר אַ גרויסער זכיה, וואָס אויף מיר וועט אויספאַלן דער גורל אָפּצוראַטעווען בכתב אַ טייל כאָטש פון דער גרויסער שפּראַכיקער ירושה וואָס זיי לאָזן אונדז איבער. און דעריבער וויל איך אַלץ אויפצייכענען, אַלץ: די גרויסע און די קליינע ווערטער, די האָפערדיקע און אפילו די שקצישע אויך, די גילדענע ווערטער און אפילו די האַלב פאַרזשאַווערטע אויך, די ווערטער מיט שפּרענקעלעך. יאָ, זאָגט ער זיך, דאָס וועט זיין מיין שליחות. איך וועל נישט פאַרזען נישט די מעלות זייערע, און נישט חסרונות. חסרונות אויך!

האָט סטוטשקאָוו דעמאָלט געקענט דאָס ליד פון אַ גרויסן דיכטער וואָס ער האָט געשריבן טאַקע פאַר זיין געליבטער פרוי. עס גייט אַזוי:

דיין פעהלער, ליעבסטע, אך איך ליעבע איהן
דיין חסרון, טייערסטע, איך האָב אים האָלט
ווייל דו איהן האָסט
ווייל ער איז דיינער
אונד ער איסט איינע דיינער ליעבסטען גאַבען
און ער איינע פון די שענסטע מעלות דיינע.

און דער דיכטער פאַרענדיקט אָט ווי אַזוי דאָס ליד:

דאָך טרעטע זעלבסט די שענסטע פאר מיך הין
און וואָלט זיך מיר באַוויזן די שענסטע, מלא חן
אונד פעהלערלאָז —
און אָן דעם מינדסטן פּגם
איך ווערע מיינעס דראַנגס צו דיר קיין העהלער
איך וואָלט מיין ליבשאַפט צו דיר נישט פאַרהוילן
איהר, דיע זאָ פיעלעס האַט, פעהלט איינעס בלאָסס
איר, וואָס האט אַזוי פיל שיינס, איר פעלט נאָר איינס
אונד אַללעס דרום — אַך, ווי פערמיסס איך איהן
און דאס הייסט: אַלץ צום פולן טעם —
איר פעלט דאָך, ליעבסטע, וואס מיר פעהלט — דיין פעהלער!
איר פעלט דאך, טייערסטע, דאס וואָס מיר פעלט אַזוי — דיין חסרון.

נאָך פאַרהאַנען אַן אַנעקדאָט און טאַקע וועגן דער שיינקייט פון דער אייגענער שפּראַך, פון זיין מאַמע־לשון, און אפשר האָט נחום סטוטשקאָוו אים געקענט.

דער נאָרוועגישער דראַמאַטיקער און דערציילער ביערנסטיערנע ביערנסאָן, האָט סוף ניינצנטן, אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיך איינגעשטעלט פאַר זיין שפּראַך, דעם פאָלקסמאָל, ווייל אין נאָרוועגיע האָבן די „פיינע לייט" זיך באַניצט מיט דער דענישער שפּראַך.

ביערנסאָן פלעגט אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף און מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער קערנדיקער יאָדערדיקער און זאַפטיקער פויערן־ און פישער־שפּראַך פון זיין לאַנד. און אַזוי האָט ער איין מאָל פאַרבעטן אַ פריינד זיינעם, אַ פרעמדן פון אַן אַנדערן לאַנד, אַ קענער פון שפּראַכן און ליטעראַטורן, צו זיינעם אַ פאָרטראַג וואָס האָט געהייסן „וועגן דער שיינקייט פון דער נאָר־ וועגישער שפּראַך", אַז ביערנסאָן האָט פאַרענדיקט, אַליין באַגייסטערט, און אַלע צוהערערס באַגייסטערנדיק, זיין פאָרטראַג, האָט ער געפרעגט זיין פריינד, ווי אַזוי ער האָט אים געפעלן. האָט יענער געזאָגט: טאַקע גאַנץ שיין. נאָר דיין שפּראַך, וואָס דו האָסט גערעדט, איז דאָך אַזוי ווי מען וואָלט אַראָפּגעקייקלט שטיינער פון אַ באַרג אַראָפּ — ווי אַזוי האָסטו געקענט רעדן וועגן דער שיינקייט פון אַ האַרטן, פּילדערנדיקן לשון? — האָט ביערנסאָן אויף דעם געענטפערט: ביסט אפשר גערעכט, אָבער דו פאַרגעסט איין זאַך: אַז די שפּראַך דאָ איז מיין פאָלקס שפּראַך, און מיין מאַמעס שפּראַך, און מיין אייגענע שפּראַך. פרעג איך דיך: קען דען זיין עפּעס שענערס ווי דאָס?

אָט אַזוי האָט אויך געטראַכט נחום סטוטשקאָוו און זיך געזאָגט: „דאָס וואָס וואָס איך וויל אויפטון, זאָל זיין אַ סטימול פאַר דער ווייטערדיקער אַנט־ וויקלונג פון יידיש און פאַרן המשך פון אונדזער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור. אונדזער פאַריתומט מאַמע־לשון וואָס שוועבט איצט אין דער לופטן און זוכט אַ היים, וועט זי געפינען אין אַלע עקן פון דער וועלט, וואו נאָר עס לעבן יידן און מיר וועלן אָפּהיטן די ירושה וואָס אונדזערע קדושים לאָזן אונדז איבער."

נחום סטוטשקאָוו איז נישט געווען — איך האָב דאָס שוין געזאָגט — קיין שפּראַך־וויסנשאַפטלער. אָבער דעם חוש האָט ער געהאַט וועגן דעם אומגעהייערן ווערט פון דעם, וואָס איז די שפּראַך פון אַ פאָלק. און באמת טאַקע — אָט וואָס עס זאָגט דער דייטשער שפּראַך־וויסנשאַפטלער, דאָרנזייף: „איך בין נישט מגזם, ווען איך זאָג, אַז אַזאַ מין בוך, וואו ס'ווערט אינווענטאַריזירט דער גאַנצער אוצר פון אַ שפּראַך, איז אין ד'ער אמתן אַ הרחבת הדעת, אַ הרחבת הנפש — איין נאַציאָנאַלעס ערלאַבונגסבוך. די נאַציאָנאַלשפּראַך איז דאָס איינציקע זיכערע נאַציאָנאַלע עשירות פון די פעלקער. שטענדיק קען מען זיך לאָבן, קוויקן און זיך מחיה זיין מיט דער רייכקייט און מיט דער קרעפטיקייט פון זיין מאַמע־לשון".

זי איז דאָך אויך די שענסטע שפּראַך וואָס איז פאַראַנען. מען איז נישט קיין שאָוויניסט מיט דעם, אַז מע זאָגט אַזוי. סטוטשקאָוו האָט אפשר דעמאָלט שוין געהערט, אַז ליב האָבן זיין מאַמע־לשון טאָר נישט און דאַרף נישט אָפּ־ האַלטן דערפון, צו זען אויך די שיינקייט פון אַנדערע שפּראַכן. ניין, אַזוי נאַריש ווי דער פראַנצייזישער דאָמיניקאַנער דע בוהור איז ער נישט געווען, אַז נאָר מיט זיין שפּראַך, מיט דער פראַנצייזישער, קען מען אויסקומען. ער, סטוטשקאָוו, איז נישט געווען בלינד און טויב פאַר די שיינקייטן פון אַנדערע, פרעמדע שפּראַכן.

פאַר דער ליכטיקער קלאָרקייט פון פראַנצייזיש; פאַר דער טיפקייט, דער „געמיטס־טיעפע”, און דער האַרציקייט פון דייטש; פאַר דער פּרעציזקייט פון ענגליש, פאַר דער קלינגעוודיקייט פון איטאַליעניש — און אַזוי ווייטער, אָבער — אויב איר ווילט — און איר זאָלט דאָס וועלן! — אָט אָ דאָס אַלץ, אי רייכקייט, אי שפּילעוודיקייט, אי גרינטלעכקייט, אי ליכטיקייט — וואו נאָך קענט איר דאָס אַלץ געפינען אַלץ אין איינעם, אויב נישט אין אייער שפּראַך, אין אונדזער שפּראַך, אין אונדזער מאַמע־לשון?

נחום סטוטשקאָווער איז, ווי שוין געזאָגט, נישט געווען קיין וויסנשאַפטלער — ערשט שפּעטער איז צו אים צוגעשטאַנען אַ שפּראַך־וויסנשאַפטלער וואָס האָט אים געוויזן דעם וועג וואָס ער דאַרף גיין — דאָס איז געווען ד״ר מאַקס וויינרייך. אָבער נחום סטוטשקאָוו איז שוין דעמאָלט געווען — נישט וויסנדיק אפילו, צי ער איז עס — ער איז דעמאָלט געווען אַ פילאָלאָג. מען וועט זיך וועלן חידושן: אַ פילאָלאָג גאָר — און דאָס הייסט נישט: זיין a schprach-wisnschaftler? Jo take, ober ich banic mich mitn wort FILOLOG lojt der BOROCHOWISCHER definicje, wos is wisnschaftlech gewis nischt richtik, ober si is ful mit tajm und sejer schejn.

ליִיב און לעבן, מיטן גאַנצן האַרץ, מיט דער גאַנצער נשמה. די דעפיניציע איז, לויט וויסנשאַפטלעכע פּרינציפּן, אפשר נישט אין גאַנצן ריכטיק, אָבער זי איז שיין און כאַראַקטעריסטיש און

„מע דאַרף זיך קלאָר מאַכן דעם חילוק צווישן לינגוויסטיק און פילאָלאָגיע. לינגוויסטיק איז אַן אַלגעמיינע וויסנשאַפט. פילאָלאָגיע — אַ נאַציאָנאַלע. לינגוויסטיק קאָן זיך באַשעפטיקן אויך מיט טויטע שפּראַכן אָדער לחלוטין ווילדע שפּראַכן: די פילאָלאָגיע זעצט אָבער פאָרויס, אַז די שפּראַך, מיט וועלכער זי גיט זיך אָפּ, פאַרמאָגט אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט לפּחות פאַר דעם עבר. געוויינטלעך אָבער גייט די פילאָלאָגיע נאָך ווייטער און שטיצט זיך אויף דער איבערצייגונג, אַז איר שפּראַך האָט אַ נאַציאָנאַלן ווערט אויך אין דער צוקונפט. ווער ס׳גלייבט נישט אינעם קיום פון דער יידישער שפּראַך, קאָן אפשר נאָך זיין אַ יידישער לינגוויסט, אָבער נישט קיין יידישער פילאָלאָג”.

Un a filolog in Borochowischen sinen is gewen STUCZKOFF fun onhejb ob. Er hot ojch gefilt un gewust, az er ken mit der hilf fun sajn schprach, mit sajn mame-Loschn arojssogn alc, wos er nemt ojf mit sajne chuschim un wos er fartracht mit sajn mojech, un az er ken ojsdrikn mit di werter fun sajn sprach.

Men wert alt un wos elter men wert, alc baredewdiker wert men.

Borochow gejt curik in sajn definicje cum erscht-erschtn batajt funem wort filolog — filos, dos iz der wos hot lib, der ojhew, un logos — dos iz dos wort, di werter, di schprach. Un der hejpech fun dem iz: sagt Borochow der lingwist, der trukener, kiler, afile kalter wort un werter-registrator. Der, der lingwist wet ajch schrajbn un redn mit kentenisch un mit wisn, ober jener, az er redt un schrajbt wegn a schprach, iz er cu ir cugebundn mit ale gedanken, machschowes, trachtenischn un refleksjes, di hechste un di tifste; as er ken onrunfn, zag ire mit a pasik wort, fun der schprach, alc

wos men zet un wos men hert, wos men schmekt un wos men filt: ale rejeches un ale tajmen, ale farbn un kolirn un di njuansn zejere, un ale psichische iberlebungen: wi frejd un lejd, libschaft un sine, car un corn, wejtik un wogl, getrajkejt un falschkejt, un hechere ojch, wi werde un gajwe, emes un schejker, emune un apikorses, gadles un schifles, jojscher un kedische, awle un time — bekicer: alc wos macht ojfcitern dos mentschleche harc, alc wos derhejbt dem jichid, un alc wos dernidertkt im. Mit ejn wort: di gance jecire!

Un Stuczkoff iz geblibn derbaj: ich wil ajnsamlen alc, alc fun undzere jidische aschires. S'is gewen a topele arbet, wi Stejnberg sogt: an arbet *schel-rosch,* un an arbet *schel-jad.* Er hot gemuzt nochsuchn baj sich in sekorn, sich dermanen in werter noch fun der alter hejm, fun sajn friejester jugnt, dernoch suchn in der literatur, onhejbndik fun di klassikers Mendele, Scholem Alejchem un Perec, endikndik mit di wortmajsters fun hajnt; Mit der pen in der hant, hot er sich gesogt, wel ich durchgejn di wichtikste schafungen fun der alter un najer jidischer literatur un fun dortn wel ich nemen dem grestn materjal far majn arbet. Nu, un werterbicher jidische senen den nischt farhanen? Emes, nischt aselche werterbicher, wos hobn in sich dem ganzn ojzer fun undser mame-loschn, nor a ssach, a ssach wejniker werter, wi ich wil sej cunojfklojbn. Gewejntlech senen es cwejschprachike werterbicher mit praktichn, pedagogichn zil — ober sej weln mir sicher kumen cu nuc. Gewis, sogt sich STUCZKOFF, wel ich nischt curikgejn bis cu eltste, **bis cum eltstn wos mir farmogn,** bis cum SEJFER SCHEL REBBE ANTSCHL, Mirkewes Hamischne, dos erste hebreisch-jidisch detz, a konkordang ojch nischt cu di wertersamlungen; wos christleche jidisch-forschers hobn gemacht — ci wajl sej senen gewen filosemitn, ci gor wajl sej hobn fajnt gehat jidn. Ober dem grojsn klasiker un undsere jidische leksikologn wel ich durchnischtern, SCHIJE MORDCHE LIFSCHIC — sajne bejde werterbicher: dem jidisch-russischn und dem russisch-jidischn. Wajter wel ich gut ojsforschn HARKAWI's Werterbicher und dernoch — far wos nischt — ojch ale technische werterbicher, wos senen geworn cunojfgeschtelt baj unds, fun sint der IWO is baj unds ojfgekumen un hot geschafn a rinascimento, a renaissance fun jidisch, mit schuln, seminarn un andere noch. Chemje un fizik, soologje, botanik un mineralogie, un schprach- un literaturwissnschaft, filosofje un religje, milchome un awjacje un wos nischt noch alc? Sej ale hobn doch sejere ejgene werter un sej senen ale, geotsch genumen fun INTERNACJOALISMEN, geworn jidische werter. Hejst es: sej ojch; Nu — un undser teater-loschn? Undser kortn-spilerschprach? Undser gasn-loschn? Sej ojch? Un di podle werter, di gemejne, di niderike? Sej ojch! Sej zenen doch ale undsere — nischto kejn obsjenitetn, wos ich sol sej nicht weln arajnnemen in majn samlung. Wos hejst dos? Dos werterbuch is doch nischt kejn buch fun « gute mides », wi a dajtscher werterbuchmacher hot gesogt. Afile in der bibl gefint men werter, wos di asoj gerufene « fajne geselschaft » lejgt sej arajn in cherem. Wemen es gefeln nischt aselche werter, « asoj wi nakete statues », der sol sej ojsmejdn, wajl zej farschafn im nebech agmes-nejfesch. Chotsch, sej, un daffke sej, weln bahalteneshejt, az kejner sol sej derbaj nischt dertappn, suchn daffke aselche werter. Un STUCZKOFF hot sich derbaj dermant on jenem schejnem anekdot, wos wert ibergegebn wegn Johnson-en: As doktor Johnsohn hot farefntlecht sajn werterbuch

fun der englischer schprach, hot im « a dame fun der hojcher geselschaft » firgeworfn, halemaj er hot in im farcejchnt ojch — s'is shoking! — ojch umtarbesdike werter, proste, umonstandike — un dos is doch beemes shoking. Madam, hot Johnson derojf geentfert un cu ir gemacht mitn finger, Madam, ich bin sicher, az ir hot sej bekawonedik dortn gesucht! Un STUCZKOFF hot baj sich geschmejchlt. Ich wel bajm ojsfartikn majn arbeit mich nischt nojheg sajn wi di FLORENTINER akademikers, was hobn « gerejnikt » di schprach un ibergesupt di werter durch a reschete, kedej di werter opcusundern fun di klajen. Un ich wel mich ojch nischt asoj nojheg sajn, wi di ferzik umsterbleche fun der Académie Française wos haltn schojn durch hecher draj hundert jor in ajn rejnikn di francejsische schprach. Nejn, nejn, hot er cu sich gesogt, ich wel alc arajnnemen, nor — un do hot SCHTUCZKOFF wider geschmejchlt cu sich alejn, ich wel jene damen un hern, wos sej wert nebech ibl bajm hern oder lejenen aselche nakete werter, fargringern di arbet fun suchn: ich wel stein far aselche werter a simendl; wos hejsst: HIT AJCH, nict nischt schtendik asa min wort, wos is geschafn geworn fun der *UNTERWELT*.

Un er hot cum sof baj sich baschlosn: ich saml ojf ale werter, di hojche un di niderike di schajne un di paskodne, di hechste un di tifste, alc wos men set un hert, wos me schmekt un wos me filt; un ale rejches: di psomim-duftn un gesriches; ale tajmim un ale nochtajmim; ale fisische un ale psichische iberlebungen, un wajter: werde un gajwe, emes un schejker, gadles un schifles, thare un time — bekicer alc wos lost ojfcitern dos mentschlech harc, alc wos derhejbt dem jichid un alc wos derniderikt im mit ejn wort: di gance jecire, wos ligt in undsere jidische werter!

Un NUCHEM STUCZKOFF hot schpeter dos alc resumirt ojf a mer wisnschaftlechen ojfn. Wos wel ich, hejst es farcejchenen, hot er sich gesogt? Un er hot geentert:

1) di schprach fun der jidischer literatur un prese;

2) di schprach fun ale cawajgn wisnschaft;

3) di schprach funem lamdn un fun der jidischer tradicje bechlal: tojre-wertlech, mamorej-chasal;

4) dialektismen un lokalismen — werter un ojsdrukn fun der schmues-schprach un noch andere fun ot o der kategorje;

5) dos schpet-loschn;

6) ale minim szargonen: klesmer-loschn, kacowim-schprach, un dos hentschke-loschn — di ganowim-schprach, korntschpiler-schprach un andere noch fun ot o dem min;

7) archaismen — dos senen werter un ojsdrukn fun undsere elterer schprach — un dercu noch ojch di alte chumesch-tajtschn;

8) fraseologje, dos is: idjomatische ojsdrukn, farglajchungen un wertlech, interjekcje ojsgeschrejen, um cum sof noch:

9) schprichwerter.

Un wi schtark frejt er sich, wen er dertapt do a wertl, wos er hot schojn gehat on im fargesn, do a farglajch, wos is mole tam un mole chejn; do a schprichwort, wos is ful mit chochme un ful mit wicikejt; un do a gor alt wort, an arcaism, wos on im hot men schojn kimat fargesn un wos wet icter efscher kenen ojfschtejn tchijas hamejssim, wen a guter poet, a hajntiker, wet es banicn in sajnem a gedicht.

Nor mit der cajt — er arbet doch schojn bald cen jor — hejbt er on cu filn, as er gefint nischt kejn ojsweg fun di werter-labirintn. Afile di frajnt, wos hobn bis ict nischt ojfgehert im cu bawundern far sajn flajs, zajn hasmode, zajn akschonesdikeit un aingeschpartkejt bajm cunojfklojbn ojcer-werter, hobn nischt mer kejn ojslug. « Nu ?, wu haltstu ? » Un er wil sej — un sich in der erschter raj zich alejn — trejstn : Wos wilt ir ? Schojn bald hundert jor senen fargangen, sint di BRIDER GRIMM hobn obgehojbn sejer DEUTSCHES WOERTERBUCH, un s'is noch lang nischt farendikt ! Un wi lang hot gearbet LITTRE ueber sajn DICTIONNAIRE DE LA LANGUE FRANÇAISE ? Un wifl jorn hot sich gemutschet undser Dr. Alfred LANDAU un s'is gornischt geworn fun sajn WERTERBUCH ?

Un wen er wolt schojn demolt gewen gekent dem nomen ROGET, wolt er noch gewen gekent cugebn, as der hot gearbet kimat fufcik jor ueber sajn THESAURUS.

Ober mit der cajt wert STUCZKOFF alejn ojch umruik. Wos far ojl hot er ojf sich genumen ? Un er hejbt on cu filn iber sain arbet dos, wos SCALIGER hot ongerufn a « katorszne arbet », wen er hot gesogt : As a tribunal darf emecn farmischpetn cu a schwerer schtrof, asoj darf men dem farmischpetn gornischt nischt losn grobn kojln oder salc unter der erd, men darf im nor hejssn machn a werterbuch un dos wet sajn di schwerste schtrof.

Un Stuczkoff, arumkukndik sich in di schtiber fun sajn wojnung, wos is ongefilt mit gance berg papirn, kestlech un kastenes, ful mit cetelech, bletelech, kartotekes, wu er hot farschribn werter un nor werter un alc nor werter, wejsst acind nicht wu ajn un wu ojs. Er schtejt wi der oks farn najem tojer. Un er sogt sich : Wos hob ich do alc ojfgetun ? Rebojni schel ojlm ! Ot wil ich ojfschteln a schejnem binjen. Ich hob schojn dem dos plac, wu ich sol im ojfbojen. Ich hob schojn afile dem nomen far der schackamer, wos sol do wern ojfgeschtelt : der Ojcer fun der jidischer. Schprach. Un ich kum mir ict for wi a mentsch, wos wil sich losn bojen a hojs, wos hot cunojfgesamlt ale materjaln, cigl, schtejner, kalch, gehilc, glos, ajzn, blechn, alc wos me darf hobn cum bojen, ober kejn *plan*, wi asoj cu bojen, hob ich nischt. Cu wos sze der gancer boj-materjal ? Un er kukt noch a mol iber ale di grojse werterbicher fun fremde schprachn, wos hobn a schem ojf der gancer welt, un im bafalt a schrek un er farcogt kimat : Wind is mir un wej, afile wen ich wolt gehat cen lebns, wel ich doch kejn mol nischt fartik wern mit der arbet, ojb ich sol si weln machn asoj, wi di andere hobn si gemacht ! Baj jedn wort schtejen di gramatische forems, schtejen etimologische derklerungen, schtejen derklerungen, wi asoj dos wort hot sich ojsgeforemt nischt blojs lojt sajn ajsserlecher forem, nor ojch lojt dem inewejnikstn batajt sajnem — un dercu noch citates ! un noch epes : ich wil ojfwajsn.

די שטאָפּלעכע זייט פון אַ שפּראַך, די מאַטעריעלע פון איר ? געוויס — גראַמאַטיק איז אומגעהייער וויכטיק, אָבער די שטאָפּלעכע זייט פון דער שפּראַך וועט מען נאָר קענען באַנעמען אַ דאַנק דעם וואָרט־אוצר. און ער באַטראַכט זיך ווייטער : אין די ווערטערביכער זענען di werter געוויינטלעך געסדרט לויטן א״ב. דאָס איז פּונקט אַזוי, ווי למשל איך קום אין אַ פרעמדער שטאָט און זע קיין שום מענטשן נישט אויף דער גאַס, און וויל איך זיי יאָ זען, אַזוי מוז

איך זיי. איינעם נאָכן אַנדערן, אַרויסרופן לויטן אַדרעסבוך וואָס איז געמאַכט לויטן אַלפאַבעט.

Oder ich kum in schtot, wu ich darf ojfsuchn a mentschn, wos sajn nomen ken ich nischt, ich ken nor sajn professje — er is a dokter; Wi asoj sze sol ich dem mentschn trefn, as der adresbuch is ojsgeschtelt lojt alphabet fun di nemen fun di ajnwojner, ober nischt lojt sejer professje? Oder a schtejger ich kum arajn in a bibljotek, un ich wil dort suchn a buch wegn undser folklor? Ober wi asoj sol ich dort gefinen aza buch, as ale bicher in der bibljotek zenen ojsgeschtelt in katalog nischt lojt zejere materjes, najert lojt di nemen fun di farfasers — un kejn nomen fun a farfaser ken ich nischt. Tojg mir di gance bibljotek mit ale ire ojcres wos senen in farhanen.

Un wos sze wil ich machn mit majne ongesamlte materjaln? A buch wos sol jedn kumen cu nuc, der iker dem, wos sucht a wort wos ligt im asoj cu sogn ojf der cung un er ken sich nicht dermanen onem wort;

Hejsst es: culib cajt un wajl ich bin ajner alejn, wel ich nischt torn gebn baj jedn wort di ale derklerungen, wos schtejen gewejntlech baj jedn wort in ale werterbicher. Ich wel nor torn gebn dos nakete wort, on gornischt.

Ich wel ojch nischt torn ojssedern di werter lojtn A"B. Ich wil, es soln farn lejener fun majn werterbuch sich antplekn ale rajchkejtn fun der schprach. Un sej weln sich nischt antplekn far im, wen ich wel im wajsn, wos is frier a mol gewen der batajt funem wort IKS — dos is semantik. Ojch nischt mit dem, wen ich wel im wajsn, fun wanem es nemt sich dos wort IKS. Un ojch nischt mit dem, wos ich wel ojsbrejtern far im ale gramatische formes funem wort IKS. Wi asoj zse sol ich ojfwajsn ale rajchkejtn fun der schprach gufe? Un dos wort IKS ken ich doch suchn im an A"B-WB blojs, wen ich ken schojn dos wort — ober wen ich derman mich nischt dem IKS. Un schojn mit dem alejn, wos STUCZKOFF hejbt sich on cu schteln aza konkrete frage, hejbt im joch schojn on zu schajnen dos mazl, der glikschtern sajner. Ot halt er schojn kimat baj der GOJRLSCHO fun zajn arbet. Dos rajchkejt fun der schprach — in wos ligt dos, fregt er sich. Blojs in der col werter — un a schprach iz rajcher fun an anderer, ojb si hot blojs — *NUMERISCH* — mer werter, wi di andere farmogt? Dos ojch, sogt sich Stuczkoff, ober dos is cu wenig — in dem fal meg ich doch poschet oskupen werter — poetische un pornografische, un alc wos in der kort. Nejn, dos nischt. Ober mer-wejniker glajche werter un sej cunojflejgn in ejn kestele. Dos efscher. Efscher take asoj? fregt er sich. Un dermant er sich baj der gelegnhejt onem klasischn anekdot, wos Mendele hot im dercejlt wegn sich (er hot dos dercejt Salmen Schnejern). Oft mol, *STUCZKOFF*, wen er dermant on dem dosikn anekdot, halt sich nischt ojf baj dem, wos Mendele klojbt ojs dos ssame chejnewdikste, dos baschejdnste un klenste — Mendele alejn schit oft mol mit ale glajche wertlech fun der selber grupe; nor Stuckoffn gejt es in dem, wos es senen farhanen asoj fil farschejdn-artike werter — un fort senen sej ale fun der selber mischpoche.

Er is schojn kimat ariber ibern barg. Lomir es onrufn derwajl ganc prost: er wet machn a sinonimen-werterbuch fun der jidischer Schprach. Er hot

noch nischt gehat far sich dem muster, dem prototip. Ober bald schojn, gor bald wet er schojn hobn DEM PLAN, wos hot im bis ict gefelt un er wet kenen onhejbn bojen dem binjen.

Aselche Sinonymen-werterbicher senen schojn gewen farhanen baj andere felker — baj di franzojsn baj di englender, daj di dajtschn. Wos wilt ir mer — ojch in der gor alter cajt hobn di *grekn* schojn gehat aselche ganc basundere werterbicher.

אָפּט מאָל, ווען איך זיץ און שרייב און זוך אַ וואָרט, וואָס זאָל קורץ און שאַרף אַרומכאַפּן דאָס וואָס איך וויל זאָגן, קומען צו גיין אַ סך, אַ סך ווערטער, אַ סך, אַ סך אויסדריקן, סינאָנימען... און שטעלן זיך אויס מיר אַנטקעגן אין איין שערענגע.

עס שטעלן זיך אויס זאַטע, מיט זיך צופרידענע ווערטער; רויע, גראָבע אָן מאַנירן; שטיפערישע ווערטער, שקצים; רייך־באַפּוצטע, אָפּגעפּאַרבטע; שטאָלצע, יחוסדיקע, מיט אַלטע שטאַמצעטלען אין די הענט; ווערטער ציגיינער, ווערטער מלכים. יעדער פון זיי וויל זיך מיר אַרויסווייזן פון דער שענסטער זייט. אַנדערע שמייכלען, אַנדערע בעטלען... די יחוסדיקע, די זאַטע, די רייכע צעזעצן זיך ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן: „מענדעלע, אָן מיר קענסטו נישט אויסקומען!... מענ־דעלע, אַז דו וועסט זיין מיט זיבן קעפּ, וועסטו זיך פון מיר נישט אַרויסדרייען...״

נאָר ערגעץ וואו הינטעו׳ דער פאַרביקער ראָטע, פאַרקוועטשט הינטער די בייכיקע און רייכע ווערטער, שטייט זיך נעבעך אַ פאַרשעמט ווערטעלע, אַ באַ־שיידנס, אַ קליינס, אַ ציטערדיקס... דאָס פינגערל און מיילעכל. טרערן שטייען אים אין די אויגן.

דערזע איך עס — לאָז איך שטיין אַלע זיינע קאָנקורענטן און גיב אים אַ וואונק מיט איין אויג און מיט איין פינגער:

„אָ, קום נאָר אַהער, קליינינקער! שעם זיך נישט, נעהענטער, נעהענטער. אָט אַזוי! נאָר דיך, טייערינקער, דאַרף איך האָבן. נאָר דיך!״

דער סאָפּיסט פּ ר אָ ד י ק אָ ס פון ק ע אָ ס איז געווען, דאַכט זיך מיר. איינער פון די ערשטע, וואָס האָט, שוין אין 5טן יאָרהונדערט פאַר אונדזער צייט, זיך פאַרנומען מיט אַזעלכע סינאָנימיקאַ (סאָקראַטעס האָט פון אים געמאַכט חוזק). און דער סאַמע ערשטער וואָס האָט טאַקע געמאַכט אַזאַ מין ווערטערבוך לויט באַגריפן, איז געווען טעלעפאָס, דער פערגאַמענישער גראַמאַטיקער, וואָס האָט, אין ערשטן פאַרקריסטלעכן יאָרהונדערט, אַרויסגעגעבן אין צען ביכער אַ זאַמלונג פון בייווערטער, וואָס זענען צוגעפּאַסט צו דער זעלבער זאַך, כדי צו געבן דעם וואָס לערנט זיך די שפּראַך — אין דעם פאַל די העלענישע שפּראַך — אַ מיטל צו קענען גיך געפינען דאָס פּאַסיקע וואָרט. דער נאָמען פונעם דאָזיקן ווערק איז אַ גאָר שיינער נאָמען און צוליב דעם ציטיר איך אים. דאָס ווערק הייסט: אָ ק י ו־ ט אָ ק י אָ ן און הייסט, איבערגעזעצט אויף דייטש: „שנעלערגעבורטסהעלפער״, אַ גיכער אַקושאָר, אַ גיכע הייבאַם, דאָס הייסט: אָפּנעמען גיך, גיך ביי דער מאַמען דאָס קינד, אָן לאַנגע פּאָרווייען און אָן לאַנגע נאָכווייען״.

אַזאַ מין אָקיוטאָקיאַן האָט געשוועבט פאַר סטוטשקאָוון, כאָטש ער האָט נאָך נישט געהאַט די גענויע דעפיניציע. וועט מיר מעגלעך זיין, פרעגט זיך סטוטשקאָוו. אַזאַ מין אָרגאַנישער צונויפשטעל פון ווערטער?

און ווען איז עס געקומען איבער אים אַזוי ווי אַן עלעקטרישער שאָק: פּלוצעם און אומגעריכט? איך ווייס דאָס נישט — און ווען מע וואָלט געקענט פרעגן ביי סטוטשקאָוון אַליין, אַזוי וואָלט ער אייך אוודאי אויך נישט געקענט געבן קיין קלאָרן, איינטייטיקן ענטפער אויף אָט אָ דער פראַגע, ווי אַזוי ער איז געקומען דערויף אויסצוסדרן אין זיין ווערטערבוך נישט „פונעם וואָרט צו דער אידייע, נאָר פאַרקערט: פון דער אידייע צום וואָרט". האָט סטוטשקאָוו אפשר אויך געקענט יענעם שיינעם אַנעקדאָט מיט מענדעלען. מענדעלע איז אַ מאָל אַהיימגעקומען און אַן אַ גוטן טאָג זיך גענומען זוכן אין די שאַפעס, אַזוי לאַנג, ביז דאָס ווייב זיינס האָט אים אַ פרעג געטאָן: „וואָס נישטערסטו דאָרט". און ער האָט דערויף געענטפערט: שוין! איך דאַרף נישט מער זוכן. מיר האָט געפעלט דווקא דאָס וואָרט נישטערן און דו, מיין טייער ווייב, ביסט געקומען פונעם גרונטוואָרט „זוכן", ווייל דו האָסט מיך דאָך געזען זוכן, אויפן ספּעציעלן וואָרט „נישטערן".

אָדער גאָר האָט סטוטשקאָוו זיך באַקענט דורך אַן אַרבעט פון שמעון שפּיגל — וואָס איז אייגנטלעך געווען נאָר אַ שטיקעלע אַרבעט און וואָס האָט געהייסן „דער יודישער וואָרט־אוצר אָדער: דער פּאַסנדער אויסדרוק"?

צי גאָר האָט ד"ר מאַקס וויינרייך אויפגעעפנט די אויגן און אים געזאָגט: אָט זע איך אייער אַרבעט, אַן אומגעהייערע אַרבעט, און איר ווייסט נישט, ווי אַזוי איר זאָלט אייך נוהג זיין, כדי צו פירן זי צו אַ גוטן סוף. אָט איז פאַרהאַנען אַזאַ מין פּראָטאָטיפּישע אַרבעט, וואָס קען אייך דינען ווי אַ מוסטער, די אַרבעט פון אַן ענגלענדער וואָס האָט אויך געהאַט גרויסע צרות ביים צונויפשטעלן אַ פּאַסיקן ווערטערבוך. דער ענגלענדער הייסט ד"ר פּ. מ. ראָדזשעט, און זיין בוך הייסט: „דער אוצר פון ענגלישע ווערטער און ריידעניש". דאָס וועט אייך קענען צו נוץ קומען. און איך וועל אייך באַהילפיק זיין ביי דער אַרבעט. איר האָט זי געמאַכט און איך וועל זיין דער רעדאַקטאָר.

און אַזוי איז עס געבליבן.

וואָס זשע האָט יענער ענגלענדער געמאַכט?

לאָמיר איצט ווייטער הערן סטוטשקאָוון: ער זאָגט:

ד"ר ראָדזשעטס אויפטו איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די ווערטער און די ריידענישן פון זיין שפּראַך ווערן אויסגעשטעלט נישט לויטן א"ב, נאָר זיי זענען גרופּירט אין סינאָנימע גרופּעס, אָדער באַגריף־קאַטעגאָריעס. אין זיין בוך זוכט איר נישט דעם באַטייט פונעם וואָרט, נאָר פאַרקערט, איר זוכט אַ וואָרט פאַר אַ באַשטימטן באַטייט. איר זוכט אַ וואָרט, וואָס איז אייך פאַרלוירן געגאַנגען, אָבער דעם וויטן באַגריף צו וועלכן עס געהער דאָס וואָרט קענט איר יאָ. טאַקע אַזוי ווי ביי מענדעלען: ער קען גאַנץ גוט די משפּחה „זוכן", אָבער דאָס קינדעלע „נישטערן", וואָס איז פון דער זעלביקער משפּחה, האָט ער פאַרגעסן. אים העלפט אַרויס זיין ווייב פון דער צרה. און ראָדזשעט העלפט יעדן איינעם אַרויס פון זיינע צרות. ער איז טויזנטפאַך פאַר אייך דאָס זעלבע, וואָס מענדעלעס ווייב איז געווען

איין מאָל פּאָר מענדעלען. ווייל איך מאַכן אַ ווערטערבוך, „דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך" לויט ראָדזשעטס מוסטער און ווען צו מענדעלעס צייטן וואָלט שוין געווען אַזאַ יידישער ווערטערבוך, וואָלט ער נישט ערשט געווען געדאַרפט איבערקערן די גאַנצע שטוב, נאָר אַרויסנעמען דעם אוצר פון דער יידישער שפּראַך און אָנהייבן צו זוכן טאַקע אונטער דער באַגריף־קאַטעגאָריע „זוכן" און דאָרט וואָלט ער שוין געפונען זיין וואָרט צווישן אַנדערע סינאָנימען פון „זוכן". צווישן „זוכן", „בודק זיין", „בדקענען", „גריבלען זיך", „נישטערן זיך", „באַבערן זיך", „ראַיען זיך", „פּאָרקען" און... „בישטערן"!

סינאָנימען? וואָס איז דאָס אַזוינס? לאָמיר קודם זען, וואָס דאָס איז אַזוינס „סינאָנימען". לאָמיר זיי קודם אויסשטעלן אַזוי ווי זיי שטייען ביי מענדעלען. עס שטעלן זיך אויס זאַטע ווערטער; רויע, גראָבע אָן מאַניערן; שטיפערישע ווערטער שקצים; רייך־באַפּוצטע, אָפּגעפּאַרבטע; שטאָלצע, יחוסדיקע; ווערטער ציגייַ־נערס, ווערטער מלכים. און אַזוי ווייטער. מיר איז געגאַנגען אין דעם, איך צו ווייזן אַזעלכע משפחה־ווערטער, סינאָנימען הייסט דאָס, אַזוי ווי מענדעלע זעט זיי: איז, נאָך אַ מאָל: וואָס זשע זענען אַזוינס סינאָנימען? איז טאַקע אמת, אַז אַלע האָבן זיי דעם זעלביקן באַטייט? ניין! נישט אַזוי! אָט די דאָזיקע ווערטער זענען טאַקע יאָ קרובים, אָפּט מאָל גאַנץ נאָענטע קרובים, און אָפּט מאָל אפילו גאַנץ ווייטע קרובים, אַזוי ווי מע זאָגט ביי אונדז: אַ באַבעס אַ טשוואָק.

איז ווי אַזוי זשע קען מען זאָגן אויף זיי, אַז דאָס זענען ווערטער „אידענ־טישע"? ניין, אַזוינס איז נישט פאַרהאַנען אין קיין שום שפּראַך נישט. פאַרהאַנען זענען נאָר מער ווייניקער גלייך־באַטייטיקע ווערטער. וואָרן אַז נישט, אויב די סינאָנימען וואָלטן טאַקע יאָ געהאַט אַלע דעם זעלביקן באַטייט, אַלע דעם זעלבן, איין און איינציקן באַטייט, צו וואָס זשע האָט די שפּראַך זיך געדאַרפט ברעכן דעם קאָפּ און אַרויסגעפינען אַלץ נייע ווערטער, אַז זי פאַרמאָגט שוין פון אָנהייב אָן דאָס פּאַסיקע וואָרט? נאָר צוליב דער אַנדערשקלאַנגיקייט אפשר? אָדער צוליב דעם, ווייל איין וואָרט האָט אַן אַנדערן עמאָציאָנעלן כאַראַקטער, סיי ביי דעם וואָס ניצט דאָס וואָרט, סיי ביי דעם, וואָס הערט דאָס וואָרט? געוויס, דאָס איז געוויס, און מיט דעם אַליין איז שוין באַוויזן, אַז די אַזוי אָנגערופענע סינאָ־נימען, גלייך־ווערטער, זענען גאָרנישט קיין סינאָנימען גלייך־ווערטער. עס זענען פאַרהאַנען גרעסערע אָדער קלענערע דיפערענצן צווישן איין סינאָנים און דעם אַנדערן — ניואַנסן, שאַטירונגען, לויט דער סביבה, וואו זיי זענען אויפגעקומען, און לויט דער סביבה, וואו מע רעדט זיי. און וואָס מער אַ שפּראַך פאַרמאָגט אַזעלכע סינאָנימען — לאָמיר זיך האַלטן ביי דעם אָנגענומענעם וואָרט — אַלץ רייכער איז זי.

פון דעם אַנעקדאָט מיט מענדעלען ווייסן מיר, אַז ער שטופּט אַוועק אַלע רייכע ווערטער און האַלט זיך נאָר ביים קליינעם ווערטעלע, דעם ל"ו־ניקל פון דער וואָרט־משפּחה. נאָר אונדז וועט נישט אויסקומען תמיד אויסצוקלויבן אַ וואָרט אַ צדיקל. ווייל מיר ווייסן, אַז אָפּט מאָל דאַרפן מיר האָבן דווקא אַ חוצפהדיק וואָרט, אַ שקציש, אַ וואָרט אַ לאַידאַק, און נישט תמיד וועט אונדז אַרויסהעלפן אַ צנועה, נאָר דווקא אַ חצופה, וואָס האָט אַ פּיסק אויף שרויפן. און פּונקט אַזוי, ווי איך וועל נישט טאָרן אַריינלייגן אַ גראָביאַניש וואָרט אין אַ מויל פון אַ ציכטיק

קינד, אַזוי וועל איך מיך אויך מוזן היטן, אַז אַן אַרענדאַר למשל, אַ באַלעגאָלע, אַ דאָרף־שענקער אָדער אַ זונה זאָלן זיך נישט באַניצן מיט אַ ציכטיק וואָרט, מיט אַן אײדל וואָרט.

אָט אַזוי פיל וועגן די סינאָנימען, וואָס לויט זיי האָט סטוטשקאָוו געוואָלט אויפבויען זיין ווערק. איז עס געוואָרן אַ סינאָנימען־ווערטערבוך? לאָמיר ווייטער הערן סטוטשקאָוון:

דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך וועט ווערן אַ סינאָנימען־בוך און צו גלייכער צייט מער ווי דאָס אַליין.

לאָמיר נעמען די באַגריף־גרופּע וואָס האָט איבער זיך דאָס קעפּל: „דערפּאָלג, גליק": דאָס זאָל זיין אַ מין ביישפּיל פאַר מיין אוצר. דאָ אין דער גרופּע וועט איר קענען לייענען: קודם די סובסטאַנטיוון: איך רעכן זיי אויס: מזל, מערכה, גליק, מזל־ברכה, „גאָטס בענטשונג", און נאָך אַנדערע פון דער זעלבער משפּחה, „אַ מזל פון אַ גוי", „גנבישער מזל". איר זעט: אַלע שטייען אָן גאָר־נישט אָן קיין אַרטיקלען אפילו און, פאַרשטייט זיך, אָן יעדער עטימאָלאָגיע. נאָר ביי איין וואָרט „גליאַק" שטייט אַ באַמערקונג: שפּעט־לשון. דערנאָך קומען די ווערבן פון דער זעלביקער באַגריפן־גרופּע, למשל: „נתגדל ווערן", „דערהויבן ווערן", „באַגליקן", „גוט אָפּשניידן", „געבוירן ווערן אין אַ הייבל", „אין אַ זיידן העמדל". און נאָך אַנדערע אויך. ווידער זענען זיי אַלע נאַקעט, אָן צייט־פאָרמעס און אַזוי ווייטער. און איצט אַדיעקטיוון, ביייווערטער: „מזלדיק", „הצלחהדיק", „נצחונדיק". יאָ, אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דאַרף איך דען נישט אַריינגעמען אַהער אויך אַזעלכע ווערטער ווי „אַרויסקריכן פון דער בלאָטע", „געפינען אַ וועג", „מאַכן דעם הויפּטטרעפער" א. אַנד.? דאַרף איך דען נישט „מאַכן אַ המוצא מיט האָניק". „אַראָפּנעמען די סמעטענע"? דאַרף איך נישט אַריינגעמען אַזעלכע אויסדרוקן און פאַרגלייכן ווי: „געראָטן מעשה שטן", „אַ נס איז אים געשען", „ער גייט דורך טיר און דורך טויער"? זיכער אַז יאָ, אַלע געהערן זיי צו דער זעלבער באַגריף־גרופּע. נו, און שפּריכווערטער — געהערן זיי דען נישט אַריין אין אַזאַ מין ווערטער־בוך? זענען דען זיי נישט אויך עכטע פּראָדוקטן פון אונדזער פאָלקלאָר, פון אונדזער פאָלק־שאַפונג? און דעריבער האָב איך אַריינגענומען אַהער אין דער גרופּע אַזעלכע שפּריכווערטער ווי: „ווען מען דאָס גליק שפּילט, טרעפט אפילו אומגעצילט", „אַז דאָס מזל גייט, קעלבט זיך דער אָקס", „גאָט איז אַ פאָטער, דאָס מזל איז אַ שטיפפאָטער"; און נאָך אַנדערע אויך; און דערצו נאָר פראַזעס, אויסרופן, פאַרגלייכן און איך פרעג: און אַזעלכע אויסדרוקן, עכטע פאָלקס־אויסדרוקן — געהערן זיי נישט אויך אַהער אַריין? און איך וועל זיי טאַקע אַריינגעמען. און אַז איך צעל איבער די קאַרטעלעך אין מיינע קאַרטאָטעקע־קעסטעלעך, וואָס באַלאַנגען צו דער באַגריפן־גרופּע „גליק", אַזוי האָב איך שוין איבער העכער פינף הונדערט קאַרטעלעך. און אַז איך מאַך אַ פּשוטן חשבון, זע איך, אַז איך וועל האָבן אַן ערך זעקס הונדערט ביז זעקס הונדערט צוואַנציק און אפשר נאָך מער גרופּעס, און יעדע גרופּע וועט האָבן אין דורכשניט אַ קאָלומע לאָן פון זיבן ביז אַכט הונדערט ווערטער. שפּיץ: דער גאַנצער ווערטערבוך וועט האַלטן ביי די פינף הונדערט טויזנט ווערטער.

איך ווייס, טראַכט זיך סמוטשקאָוו ווייטער, איך ווייס, אַז אַ סך ווע̇לן זאָגן: די כּלה איז צו שיין, דאָס הייסט: איך האָב אַריינגענומען אַ סך איבעריקע ווערטער, וואָס אָן זיי וואָלט מען זיך געוועזן געקענט באַגיין. איז מילא. זאָלן זיי זאָגן. די דאָזיקע טענות וואָלטן אפשר געווען ריכטיק, ווען איך וואָלט בלויז געוואָלט געבן פּשוט אַ סינאָנימען־ווערטערבוך. אָבער איך האָב דאָך געוואָלט מאַכן אַ גאַנצן אינווענטאַר פון אונדזער לשון. און איך האָב דערפאַר נישט איבערזיפּט דורך אַ רעשעטע. איך וויל געבן פאַרעלטערטע ווערטער, וואָס קענען אונדז נאָך היינט אויך קומען צו נוץ; און אַרכאַאיזמען און דיאַלעקטיזמען, און אפילו אַלטפראַנקישע אידיאָמען, אויסדרוקן און ווערטלעך. און אין אינווענטאַר איז קיין זאַך נישט איבעריק, דאָס אַלטוואַרג איז פונקט אַזוי וויכטיק ווי דאָס נייוואַרג, און פאַרן פאָלקלאָריסט, דעם היסטאָריקער, דעם סאָציאָלאָג זענען וויכטיק אַלע ווערטער, וואָס מיר האָבן אַ מאָל געשאַפן אין אַלע קרייזן, אין אַלע שיכטן, אין אַלע פאָלקסקלאַסן.

איצט ווען סטוטשקאָוו האָט שוין געהאַט דעם גאַנצן מאַטעריאַל, אַזוי ווי ער האָט זיך אים געהאַט פאָרגעשטעלט; איצט ווען ער האָט שוין געוואוסט ווי אַזוי ער דאַרף אויסטדרן דעם אומגעהייערן מאַטעריאַל, דהיינו: אין באַגריפן־גרופּעס לויטן מוסטער פון ראָדזשעט — איז די אַרבעט, דאָס גאַנצע צו פאַרענדיקן, שוין געווען נישט מער ווי אַ רוטינע־אַרבעט. און ניינצן הונדערט פופציק, פונקט פופצן יאָר נאָך דעם, ווי ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, איז אַרויסגעקומען, מיט דער וויסנשאַפטלעכער ביהילף פון ד״ר מאַקס ווײַנרייך און מיט דער מאַטעריעלער הילף פונעם ייוו״אָ און פון אַנדערע אינסטיטוציעס און יחידים „דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך״ פון נחום סטוטשקאָוו.

נאָכן פאַרענדיקן זיין אוצר האָט סטוטשקאָוו זיך נישט געוואָלט אויסרוען אויף די לאָרבערן. ער איז באַלד געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמיסיע, צוצוגרייטן דעם גרויסן אַקאַדעמישן יידישן ווערטערבוך. אָן זיין אוצר וואָלט אַזאַ מין ווערטערבוך נאָך אַלץ נישט געווען געקענט ווערן רעאַליזירט. אָט איז צוריק מיט צוויי יאָר שוין אַרויסגעקומען דער ערשטער באַנד.

Ojf sajn tojtnbet, farn ojshojchn sajn neschome, hot Nochem Stuczkoff gekent sogn: Grojsser got, ich dank dir! du host mich gelost ojsfirn majn arbet, wos du host ojf mir arojfgelejgt wi a hejlik schliches. Ot is do di gance schackamer, undser gancer kimat tojsnt jor alter werter-ojcer, undser THESAURUS LINGAYE YIDDISCH.

פול מיט בלישטשענדיק אידל־געשטיין אין אַלע קאָלירן און אין אַלע גרייסן. אָבער אויך פול מיט געוויינטלעכע שטיינער און שטיינדלעך. זי איז פול מיט מטבעות — גילדענע און זילבערנע מינצן, אָבער אויך מיט קופערנע געלט־שטיקלעך, מיט ניקלנע און גלאַט אייזערנע. עטלעכע פון זיי זענען שוין פאַרזשאַווערט אָדער איבערגעצויגן מיט גרינשפּאָן, מיט „אידל־פּאַטינאַ״, אַ סימן, אַז מען האָט זיי שוין לאַנג, לאַנג נישט גענוצט און נאָר פון צייט צו צייט נעמט זיי פון דאָרט אַרויס אַ מבין, אַ ליבהאָבער; אַנדערע ווידער זענען שפּאָגל ניי, נאָר וואָס אַרויס פון דער מינצעריי — פון אונדזער אייגענער מינצעריי, און אַלע מטבעות

טראָגן אונדזערן חותם, דעם יידישן. און אַזוי איז עס אויך מיט אַלע מינים שטיינער: זיי זענען געוואָרן געשליפֿט און געגלעט מיט אונדזערע אייגענע שלייף־שטייגער, מיט אונדזערע מכשירים, און צוגעפּאַסט צו אונדזערע באַדערפֿענישן.

„דאַנק איך דיר, גרויסער גאָט, דערפֿאַר, וואָס דו האָסט מיר געשענקט די כוחות צו מאַכן דעם גרויסן אינוועטאַר פֿון אונדזער שענסטן פֿאַרמעג!"

איך שטיי ביי מיין ביכער־שאַפֿע, ביי דער אָפּטיילונג „ווערטערביכער". ווערטערביכער פֿון דער גאַנצער וועלט, אפֿילו פֿון אַזעלכע שפּראַכן וואָס איך קען זיי נישט, אָבער וואָס קומען מיר צונוץ ביי מיין אַרבעט. לאַטיינישע און גריכישע, אַלט־דייטשע און מיטל־דייטשע, פֿראַנצויזישע און ענגלישע, העברעאישע און פּויליש און אוקראַינישע; אַרגאָ־ווערטערביכער, ראָטוועלש, דיאַלעקט־ווערטערביכער, אפֿילו טעכנישע, יורידישע און קאָמערציעלע ווערטערביכער. אַלע זענען זיי אויס שיין און ריין, ווי עס געהער צו זיין, אָרדנטלעך און זויבער, כאָטש איך באַנוץ מיך מיט זיי זייער אָפֿט. אָבער דאָרט אין ווינקל שטייט — ניין: ליגט אויפֿגעמאַכט — אַ ווערטערבוך: אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, אָפּגעריבן דער רוקן, פֿאַרשמירט די טעוועלעך, פֿאַרפּאַטשקעט דער שניט, בעפֿלעדערט די בלעטער, פֿאַרקאַדזיעט און פֿאַרמאַדזיעט די זייטן, באַשריבן פֿון אויבן ביז אונטן. וויפֿל מאָל האָב איך דיך שוין געהאַט אין דער האַנט, דו, מיין ווערטערבוך, זינט יענעם מאַי 1950, און דאָס הייסט דאָך: זינט העכער פֿופֿצן יאָר? יעדן טאָג האָב איך דיך געהאַט אין דער האַנט, יעדן טאָג עטלעכע מאָל, אפֿילו אין די טעג פֿון וואַקאַנסן. יעדעס מאָל האָב איך דיך אויפֿגעעפֿנט, געבלעטערט, געזוכט און אַז איך פֿלעג מיך אפֿילו נישט ריכטן, אַז איך וועל געפֿינען אין דיר דאָס וואָרט, וואָס איך זוך, ווייל ס'איז דאָך עפּעס אַן „אויסגעפֿאַלן" וואָרט — האָב איך מיך יעדעס מאָל צעשריגן: זע נאָר, אָט־אָ דאָס אויסגעפֿאַלענע וואָרט שטייט אויך פֿאַרצייכנט אין מיין ווערטערבוך!

איך וועל דיך נישט אַוועקגעבן פֿאַר די „דע־לוקס־אויסגאַבעס", געבונדן אין לעדער, וואָס שטייען אין אַ סך ביכערשאַפֿעס, שיין און סטאַטעטשנע און אויסגעפּוצטע און טויטע, ווייל קיינער קוקט זיי נישט אָן דאָרטן. איך וועל דיך ווייטער לאָזן ביי מיר אַזוי ווי דו ביסט, ווייל דו ביסט אַ שטיק פֿון מיר, דו — מיין סטוטשקאָוו.

און איך דאַנק דיר, נחום סטוטשקאָוו!

לאָנדאָן, 1966.

# „ייִדיש — ווי עס רעדט זיך און ווי עס שרייבט זיך"

פון **שמואל גאָלדשמידט** (לאָנדאָן)

דער קאַמף פאַר אַ קאָרעקטן ייִדיש איז נישט קיין נייער. שלום עליכם, וועמענס פּופּולאַריטעט מיר וועלן בקרוב דערמאָנען, האָט בשעתו געפירט אַ קאַמף פאַר אַ גוטן ייִדיש, און קעגן דייטשמערישן לשון, אין זיין „שמרס משפט". זייט דאַן האָט דער דאָזיקער קאַמף נישט אויפגעהערט. אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעט פון ייוו"אָ איז געווען אויף דעם דאָזיקן געביט. ניגער האָט געשריבן קעגן שלעכטן ייִדיש. משה נאַדיר האָט געווידמעט דעם דאָזיקן קאַמף פאַר אַ גוטן ייִדיש אַ גרויסן טייל פון זיין מערקווירדיקן בוך, „פּען און ביקס", וווּ ער מאַכט אַ בייסנדיקע אַטאַקע אויף אייב קאַהאַנס ייִדיש און שפּילט זיך אַרום מיט קאַהאַנס „גענאָסע". די אַטאַקע דאָרטן איז אַן אַלגעמיינע, און משה נאַדיר מאַכט אַן אַלגעמיינעם חשבון, אָבער ער טונקט זיין פּעדער אין דעם „גענאָסע" ווי אַן אַפריקאַנער יעגער טונקט זיין פייל אין קוראַרע. אונדזער שלמה בירנבוים, יודל מאַרק, אַלגין און נאָך אַנדערע האָבן איבערגענומען און געפירט דעם דאָזיקן קאַמף, שוין נישט רעדנדיק וועגן די צענדליקער דיכטער און שרייבער, וועלכע האָבן געמאַכט זייער בייטראַג צום קאַמף פאַר אַ ריינעם ייִדיש דורך דעם, וואָס זיי האָבן אַליין געשריבן אַ גוטן ייִדיש און געוויזן אונדז אַלעמען דעם וועג. בעצם איז דער וועג פון ביישפּיל געווען דער עפעקטיווערער וועג זייט מענדעלע מוכר ספרים, וועלכער האָט געוויזן, ווי אַזוי מען קען אויסלייזן ייִדיש פון דער קנעכטשאַפט פון דייטשמערישקייט.

אָבער וואָס איז מכוח אונדזערע טעג?

אײדער איך נעם זיך צו דעם וויל איך עפּעס זאָגן וועגן דער הייַנטיקער טעמע. מיינע טענות — און זיי וועלן באַלד קומען, איר קענט נעמען מיין וואָרט — זענען נישט וועגן ייִדיש ווי עס רעדט זיך אויף די געמאַרקן. עס אַרט מיך נישט אַז גאַליציאַנער זאָגן „שראַבן" אָנשטאָט שרייבן; אָדער אַז ליטוואַקעס קענען נישט אויסרעדן אַ שין — כל זמן זיי שרייבן נישט ווי זיי רעדן. ענגליש רעדט מען אויך נישט אומעטום אויפן זעלבן אופן. אַ פישער פון קאָרנוואַל רעדט נישט ווי אַ קוילנגרעבער פון נאָטינגהעם, און אַ וועבער פון וויק אין שאָטלאַנד רעדט נישט ווי אַ פּאַרמער פון ווינקאַנטאָן אין סאָמערסעט. אָבער זיי שרייבן אַלע דעם זעלבן ענגליש; ביכער און צייטונגען זענען געדרוקט פאַר אַלעמען, אויפן זעלבן אופן, מיטן זעלבן לשון. דאָס זעלבע גילט פאַר פראַנצויזיש,

איטאַליעניש, שפּאַניש און אַלע אַנדערע שפּראַכן. אין דושאַנבע רעדט מען נישט אַזאַ רוסיש ווי אין לענינגראַד, אָבער די לאָקאַלע רוסישע צייטונג — איך זע זי אַמאָל — איז געדרוקט אויפֿן זעלבן רוסיש.

נאָר יידיש איז הפקר. כ׳מיין הפקר אפילו ביי אַ סך פון די וועלכע שרייבן און דרוקן; איך רעד דאָ נישט וועגן פּריוואַטע בריוו פון אַלטע ווייבער צו זייערע אייניקלעך.

עפנט איר אויף אַ יידישע צייטונג — פאַראַן אויסנאַמען, פאַרשטייט זיך — שטויסט איר זיך אָן אויף אַ יידיש, וואָס שמר אַליין וואָלט נישט געשריבן; און עס איז צייט מיר זאָלן פּראָטעסטירן.

איך וועל זיך דאָ נישט אונטערנעמען פאָרויסצוזאָגן דעם גורל פון יידיש אין קומענדיקן דור, אָבער אויב מיר קענען נישט האָבן קיין בעסערן יידיש ווי מען שרייבט אין אייניקע צייטונגען און זשורנאַלן, איז שוין בעסער נישט האָבן קיין יידיש בכלל. לאַטיין איז פאַרגליווערט געוואָרן אין טויטע פּסוקים, אָבער זי איז נישט קאָרופּטירט געוואָרן. ווען עמיצער זאָל האָבן פאַרמישט דעם אַקוזאַטיוווּם מיטן אַבלאַטיוווּם, וואָלט מען אים „אויסגעלאַכט פון פּאַלאַץ״, ווי די ענגלענדער זאָגן. אפילו די באַרבאַרן האָבן זיך נישט דערלויבט צו טאָן מיט לאַטיין דאָס וואָס מען טוט הײַנט מיט יידיש. און יידן טוען עס...

און טאָמער איר וועט זאָגן, אַז איך בין צו שאַרף, וועל איך אייך געבן אַ פּאָר ביישפּילן פון היינטיקן יידיש — גענומען פון דער יידישער פּרעסע — און איר וועט אַליין זען, וואָס דאָ טוט זיך.

אַ יידישע צייטונג שרייבט: „די פיפציגסטע יובילײ פון פּרץ וועט אָבזער־ווירט ווערן״, א. א וו. פאַראַן נאָך זעקס גרייזן אין דער דאַטע און די אַנדערע פּרטים, אָבער איך וויל שוינען אייערע נערוון.

און קיינער האָט נישט אויסגעהאַקט די שויבן פון דער רעדאַקציע. פאַר־קערט, מען האָט געזאָגט, אַז דער חשובער רעדאַקטאָר מאַכט גרויסע באַמיאונגען אויפצוהאַלטן יידיש, נרו יאיר...

נאָך אַ ביישפּיל:

„שלינגט אַראָפּ דאָס פּלע׳של דריי מאָל אַ טאָג״.

און אַ דריטער ביישפּיל, אויף אַ פּאַקעט פון מצות:

„דער קאָנטענטס פון דיזען פּאַקעטן איז כשר לפּסח״. זיי וואָלטן נישט געהאַט די חוצפּה צו שרייבן אַזאַ ענגליש. דער ענגליש אויפן פּאַקעט איז גוט, ווייל זיי האָבן געהאַט עמיצן, וועלכער האָט זיי געהאָלפן; אָבער יידיש איז הפקר, יידיש קענען זיי אַליין...

ווי איר זעט גיי איך דאָ נישט אַריין אין אַ וויכוח, צי דער יידישער געניטיוו איז אַ פּאָסעסיוו נאָר און נישט קיין פולער געניטיווער ביינפאַל. איך וואָלט מוחל געווען אַלע שרייבער, וואָס האָבן נישט קיין צייט זיך אין דעם אַריינצולאָזן, כל זמן זיי קענען יידיש... אָבער ליידער פעלט אייניקע פון אונדזערע שרייבער דער אינסטינקט, וואָס איז אַזוי גוט ווי אַ הונדערט ייוו״אָ־לעקציעס. זיי האָבן נישט דעם אינסטינקט און זיי ווילן נישט, אָדער קענען נישט, זיך אויסלערנען יידיש.

וואָלט איך זיי אויך מוחל געווען — ווען זיי זאָלן נישט איינשפּאַרן זיך, אַז זיי מוזן דוקא שרייבן...

מדינת ישראל און סאָוויעט־רוסלאַנד זענען היינטיקע צייטן די היימען פון גוטן יידיש — כ׳רעד דאָ נישט וועגן אינהאַלט. פּוילן אויך. קלאָר אַז אין צפון־ און דרום־אַמעריקע און אפילו אין ענגלאַנד שרייבט מען נאָך אַ גוטן יידיש, אָבער דאָרטן שרייבט מען אויך דעם צעקאַליעטשעטן יידיש וואָס איך האָב ציטירט — אַזאַ יידיש וועט איר אין רוסלאַנד און ישראל און פּוילן נישט געפינען. וואָס איז פון דעם אָפּצולערנען? זיי האָבן אַ באַציאונג צו דער שפּראַך. טאָמער עמיצער קומט מיט אַ שלעכטן יידיש, דרוקט מען אים נישט. אין די מערבדיקע לענדער איז נישטאָ צווישן יידן קיין באַציאונג צו יידיש. און די אויסנאַמען באַשטעטיקן דעם כלל.

איר האָט דאָ די סענטימענטאַליסטן און די צבועים. די סענטימענטאַליסטן פאַרגיסן טרערן אויפן חורבן — אמתע און אויפריכטיקע טרערן — און ס׳האַרץ לאָזט זיי נישט אַרויסטרעטן קעגן דער הפקרות אין יידיש. איינער אַזאַ ייד — אַ יידישער פירער — האָט מיר נישט לאַנג צוריק געזאָגט: „ס׳טייטש, ווי קענסטו קריטיקירן יידישע שרייבער און יידיש בכלל נאָך דעם גרויסן חורבן?״ נאָכן חורבן איז ער אפילו גרייט אַראָפּצושלינגען דאָס פלעשל דריי מאָל אַ טאָג, אַבי נישט קריטיקירן די שארית הפליטה... די צבועים זענען אַ סך עקלדיקער. זיי האָבן בכלל נישט קיין באַציאונג און פאַרגיסן נאָר קראָקאָדיל־טרערן אויף דעם בראָך פון יידיש. זיי טוען גאָרנישט אויפצוהאַלטן יידיש. זיי גיבן נישט קיין מודעה אין אַ יידישער צייטונג און זיי גייען נישט אַריין אין אַ יידישן טעאַטער. אידאַ קאַמינסקאַ איז היינט אין לאָנדאָן: פרעגט זי וועט זי אייך זאָגן, אַז די דאָזיקע גבאים זענען אפילו נישט געקומען זען איר טעאַטער. זיי וועלן גיין אין אַ כינעזישן טעאַטער, אָבער נישט אין אַ יידישן.

פאַרשטייט איר מיך, זיי זענען וועלט־מענטשן, גרויסע אויפטוער; זיי רעדן ענגליש, אָדער פראַנצויזיש; זיי קוקן אַרונטער צו די, וועלכע רעדן און שרייבן יידיש. איך באַגעגען זיי אָפּט; ווען איך זאָג זיי, אַז בעצם זענען זיי די בטלנים, וואָרעם זיי הייבן נישט אָן צו פאַרשטיין די קונסט פון לעבן אין צוויי קולטורן און געניסן פוןביידן — איך רעד דאָ וועגן די, וועלכע האָבן געוויסע השגות — האָבן זיי נאָך פאַראיבל...

איך שטעל זיך אָפּ אויף די דאָזיקע דערשיינונגען אין אונדזער לעבן, וואָרעם זיי ברענגען צו דער הפקרות. קיין יידישע שולעס האָבן מיר כמעט נישט. עס איז אָפּהענגיק פון אונדז אַליין צו כאַווענען די יידישע שפּראַך און צו קעמפן קעגן די, וועלכע פאַרמעסטן זיך — אפשר נישט ווילנדיק אָבער דאָס איז אַן אַנדער ענין — צו פאַרניכטן דאָס וואָס מיר האָבן אין יידיש. ווייל די הפקרות ברענגט צו פאַראַכטונג. די, וועלכע קענען יידיש אָבער קענען נישט ליידן דעם שלעכטן יידיש, וואָס זיי געפינען אין געוויסע צייטונגען און ביכער, הערן אויף לייענען יידיש. געמט אַ יידן אין ניו־יאָרק, וועלכער וויל נאָך לייענען יידיש. ער קען נישט זיצן און וואַרטן אויף דער „גאָלדענער קייט״ אָדער „דוקא״. און

די טאָג־צייטונגען דענערווירן אים מיט זייער יידיש, הערט ער אויף צו לייענען. מיר קענען אַלע אַזוינע יידן.

אין אַ געוויסער מאָס זענען שולדיק די רעדאַקטאָרן פון יידישע אויסגאַבעס, היות זיי דרוקן אַזאַ יידיש. אָבער זיי זענען נישט אינגאַנצן שולדיק. פאַראַן ביי אונדז אַ מנהג, אַז עמיצער שרייבט אַן אַ בוך, גייט ער נישט זוכן קיין פאַרלעגער, נייערט ער דרוקט אים אָפּ אויפן אייגענעם חשבון.

ער קען קיין פאַרלעגער נישט געפינען. אָבער ווער קען קאָנטראָלירן זיין יידיש? ווער קען אים זאָגן דעות? אין איינציקע ערטער ליידן מיר מער פון רייכע מחברים, וועלכע קענען נישט קיין יידיש און דרוקן אויפן אייגענעם חשבון, איידער פון אָרעמע שרייבער, וועלכע האָבן נישט קיין פאַרלעגער...

וועט איר מיך פרעגן: גוט, לאָמיר זאָגן אַז דו ביסט גערעכט, וואָס איז דיין תרופה? וועל איך אייך ענטפערן כהאי לישנא:

קודם כל איז נישט קיין חוב צו געפינען אַ תרופה ווען מען ווייזט אָן אויף אַ מחלה. אַ דיאַגנאָזע אַליין איז אויך אַן ענין; אפשר וועט עמיצער אַן אַנדערער געפינען אַ תרופה. שנית, טוט מיר ווי דאָס האַרץ און ווו זאָל איך זיך אַראָפּ־רעדן פון האַרצן אויב נישט אויף אַזאַ מין סימפּאָזיום ווי מיר האָבן דאָ.

דריטנס זינדיקן מיר אַלע, אייער אונטערטעניקער קנעכט בתוכם, כאָטש נישט אַזויפיל ווי דער מצה־בעקער אָדער דער רעדאַקטאָר מיט זיין „פיפיציגסטע יובילייע". איז כדאי מיר זאָלן זיך אַמאָל זאָגן מוסר איינער דעם אַנדערן. ספּעציעל. אַז יידיש האָט נישט קיין אַפּוטרופּסים. איך שרייב אָפּט העברעאיש און איך האָב זיך אויף וועמען אָנצושפּאַרן אויב איך זאָל זיין אין ספק. אָבער ווען איך שרייב יידיש, בין איך אַליין און איינזאַם און מוז זאָרגן פאַר זיך, ווי ראָבינזאָן קרוזאָע. דאָס זעלבע האָבן מיר געזאָגט חברים און קאָלעגן, עלטערע און בעסערע פון מיר, ווי עס שטייט געשריבן.

אָבער דאָס איז נישט אַלץ. אויב די דאָזיקע ווערטער וועלן גיין ווייטער אַרויס פון די פיר ווענט פון דעם דאָזיקן זאַל, און דערגיין צו לייענער אין מדינת ישראל, צו יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין פּוילן, אין רומעניע, וועלכע געהערן צום קומענדיקן דור, דער דור נאָך מיינעם, זאָלן זיי לכל הפחות וויסן, אַז מיר פּרוּוון אַליין קעמפן קעגן דער הפקרות אין יידיש; אַז די, וועלכע זאָגן מוסר דער יידישער מדינה, הלמאַי זי טוט נישט גענוג אויפצוהאַלטן יידיש, אין טענהן, מיט רעכט, אַז יידיש האָט אַ שלעכטע מערכה אין רוסלאַנד — און קענען אַליין נישט שרייבן קיין אָנשטענדיקן יידיש, זענען נישט די איינציקע רעפּרעזענטאַנטן פון דער יידישער קולטור.

איך געהער נישט צו די, וועלכע לעבן מיט אילוזיעס. אָן שולעס וועט איר נישט אויפהאַלטן קיין יידישע קולטור. אויב צווייִשפּראַכיקייט וועט אַריינדרינגען צווישן יידן, וועט די צווייטע שפּראַך זיין העברעאיש. יידיש אויף ענגליש איז נישט קיין יידיש און נישט קיין יידישע קולטור.

„דער פידלער אויפן דאַך" איז נישט מער שלום־עליכם ווי „אָליווער" איז טשאַרלס דיקענס, אפשר נאָך ווייניקער, היות „אָליווער" איז לכל הפחות באַזירט אויף איין בוך, און דער פידלער איז אַ מישמאַש פון פאַרשידענע שלום־עליכם־

מאַטיוון. איך בין אפילו נישט נתפּעל וואָס יידן לויפן עס אָנקוקן. ס'האָט גאַרנישט צו טאָן מיט יידישער קולטור. כ'האָף אַז שלום־עליכמס יורשים באַקומען כּאָטש גוט באַצאָלט פאַר דעם רעכט צו נוצן די טעקסטן...

די יידישע קאַטעדרעס אויף די אוניווערסיטעטן ווערן אונדז געבן אַ קליינע צאָל מומחים, ווי מיר האָבן לאַטיינער, אָבער נישט קיין מאַסן־יידיש. די גע־ציילטע סטודענטן, וועלכע קענען באמת יידיש, זענען נישט קיין סימן פון אויפ־לעבונג. פאַראַן נאָך מער, וועלכע קענען סאַנסקריט.

טאָ וואָס־זשע טוען מיר דאָ?

יעדער פון אונדז מאַכט זיין אייגענעם חשבון און ראַציאָנאַליזירט זיין אייגענע שטעלונג. פון מיר אויס, און קיינער איז נישט מחויב מסכים צו זיין, כאָטש איך האָף אַז אייניקע וועלן יאָ מסכים זיין, זעט עס אַזוי אויס: מיר רעדן נאָך יידיש און שרייבן נאָך יידיש. מיר האָבן יידיש אין אונדזער בלוט, אַזוי צו זאָגן. עס איז אונדזער אוצר, אַזאַ מין פּריוואַטער עדלשטיין, און מיר האָבן רעכט זיך צו פאַרזאַמלען און דיסקוטירן דעם דאָזיקן אוצר, נישט ווייניקער ווי די פּראַקטיציר ער פון אַן אַנדערער קולטור האָבן עס.

אויב עמיצער זאָגט, אַז קענגן אַלע לאָגישע באַווייזן וועט יידיש נאָך אויפ־לעבן במהרה ובימינו, וועל איך מיט אים נישט פּאָלעמיזירן, להיפך, איך וועל מתפּלל זיין, אַז ער זאָל זיין אַן אמתער נביא... און אויב דער שר האומה וועט עפּעס טאָן מכּוח יידיש, וועל איך זאָגן — זאָל זיין געבענטשט און געהויבן זיין נאָמען!

הכּלל, איך בין דאָ, ווייל איך קען יידיש און וויל טרעפן נאָך יידן, וועלכע קענען יידיש. און ווער וויל זיין פּראַקטיש?

אויב מענטשן קומען צו אַזוי גערופענע נישט־פּראַקטישע אסיפות, איז אַ סימן, אַז זיי דאַרפן זיי האָבן. אין דער אסיפה גופא ליגט איר שכר. מיר דאַרפן נישט וואַרטן צו זען אויב רעזאָלוציעס וועלן דורכגעפירט ווערן און דערגרייכן אַ געוויסן ציל. מיר האָבן דעם ציל דערגרייכט מיט דעם, וואָס אין ניינצן זעקס און זעכציק האָבן מיר אַ סימפּאָזיום אין יידיש. איך האָף, אַז מיר וועלן האָבן נאָך איינעם אין זיבן און זעכציק.

און באחרית הימים?

מען האָט געפרעגט אַ תימנער צדיק צי משיח צדקנו וועט זיין אַ ווייסער ייד אָדער אַ שוואַרצער ייד. „איך האָב נאָכגעקוקט אין די הייליקע ספרים", האָט ער געזאָגט, „און נישט געפונען קיין רמז וועגן דעם; אָבער איין זאַך איז דאָך קלאָר און אַלעמען באַקאַנט: זיין אייזל וועט זיין אַ ווייסער".

דאָס פאַרקערטע וועגן יידיש. נישטאָ קיין רמז וועגן אייזל, אָבער מען דאַרף אָננעמען אַז צום אייזל וועט משיח רעדן ענגליש. שטוביקע בהמות האָבן אַ טבע צו פאַרשטיין נאָר אויפן גוייִשן לשון. אָבער צו יידן וועט משיח לכל הדעות רעדן יידיש...

לאָנדאָן, 1966.

# יידיש לעבן און יידיש לשון אין בעלגיע אַמאָל און היינט

פון ישעיה זאַנדבערג (בריסל)

## די ערשטע קהילות אין בעלגיע

ס׳איז אין אַלגעמיין אָנגענומען, אַז די ערשטע יידן האָבן זיך באַזעצט אין די שטחים פון היינטיקן בעלגיע, ווען די רוימישע חילות זענען אַריינגעדרונגען אין לאַנד. לויט פראָפ. מאַקס גאָטשאַלק, פּרעזידענט פון אינסטיטוט פאַר הויכע יידישע פאָרשונגען אין בריסל, האָבן זיך שוין אין 4־טן יאָרהונדערט געפונען קליינע יידישע קהילות אין טורנעע און אין טאָנגערן. לויטן האָלענדישן היסטאָ־ריקער קעינען, זאָלן זיי אין די דערמאָנטע שטעט אפילו האָבן געהאַט בתי־מדרשים.

אין יאָר 945 קומט פאָר דער גירוש פון הואי, פונוואַנען די פאַרטריבענע יידן לאָזן זיך קיין ליעזש.

אַ סך היסטאָרישע דאָקומענטן באַווייזן, אַז אין פאַרשידענע שטעט און דער־פער פון די בעלגישע פּראָווינצן, האָבן שוין דאַמאָלסט עקזיסטירט נעמען פון גאַסן, עפנטלעכע פּלעצער און בנינים, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט אַ יידיש לעבן אויפן אָרט, ווי אַ שטייגער, יאָדענסטראַעט, וואַל דע זשוויף, יאָדענ־באַרגע א. א. וו.

פון אַן אויטענטישן דאָקומענט, וועלכער געפינט זיך אין די קעניגלעכע אַרכיוון אין בריסל, ווייסן מיר, אַז די נעמען פון די יידן זענען געווען: ווינאַנדוס דע פּאַנדעי, מאַדעי דע סאַליין, אַרנאָלד יודעאָ א ד. גל. מען קען זיך משער זיין, אַז זייער גייסטיק לעבן איז געווען אויסגעפּילט מיט אַ רעליגיעזן אינהאַלט. די איבערגענומענע השפעות פון זייערע שכנים, זענען פון די יידישע איינ־ווינערס געוואָרן איבערגעאַנדערשט לויט זייערע אייגענע טראַדיציעס, וועלכע האָבן דורך דעם באַקומען דעם קאָלאָריט פון אָרט ווו ס׳איז זיי אויסגעקומען צו לעבן.

מען קען מיט זיכערקייט אָנעמען, אַז אַ גרעסערע יידישע קהילה, האָט זיך געפונען אין בריסל אַ צייט פאַרן עלפטן יאָרהונדערט. יידן האָבן זיך דאַמאָלסט קאָנצענטרירט אויפן אינדזל סען־זשערי נישט ווייט פונעם „קאַסטרום״, דאָס

הייסט, נעבן שלאָס פונעם דוכס פון בראַבאַנט, בערך אויפן אָרט ווו ס'געפינט זיך היינט די קירך רישע־קלער. איבער דעם טייך סעננע איז געווען אַריבער־געוואָרפן אַ בריק, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „יאָדענבריגגע". די דאָזיקע בריק האָט נאָך יאָרן לאַנג דערמאָנט אין דער עקזיסטענץ פון אַ יידישן ישוב אויף דעם אָרט. לויטן היסטאָריקער דע מארעז, איז אין נאָענטער שכנות פון קאַסטרום געווען איינגעאָרדנט אַ מאַרק, וועלכער האָט געטראָגן דעם נאָמען „נעדערמאַרקט". (מן הסתם זיך געפונען אין אַ טאָל).

ווען דער דוכס האָט פאַרלאָזן דעם אינדזל סען־זשערי און זיך באַזעצט אין זיין שלאָס אויפן „קוידענבערג", האָבן די יידן אים נאָכגעפאָלגט, וועלנדיק ווייטער געניסן פון זיין שוץ. ער האָט זיי פריער אויסגעהיט פון די כסדר־דראָ־ענדיקע געפאַרן מצד זייערע שכנים.

אַזוי ווי דאָס באַזעצן זיך פונעם דוכס אין קוידענבערג איז, לויטן היסטאָ־ריקער באַנאַנפּאַנט, פאָרגעקומען אין סוף פון עלפטן יאָרהונדערט, דרינגט דערפון אַרויס, אַז ס'האָט עקזיסטירט אין בריסל אַ יידישע קהילה, פאַרן עלפטן יאָרהונדערט.

די יידישע עדה האָט זיך באַזעצט אין דער נידער פון קוידענבערגער שלאָס און געלעבט צוזאַמענגעפּרעסט אינעם טאָל פון קאָפּערבעעק, דאָרט ווו ס'געפינט זיך היינט דער פּאַלע דע באָזאַר און דער בנין פון „האָטעל ראווענסטעען", וועלכער האָט נאָך ביז היינט אויפגעהאַלטן דעם אַרכיטעקטאָנישן סטיל פון יענער עפּאָכע. די דאָזיקע געגנט איז באַצייכנט אין דער געשיכטע מיטן נאָמען: „יאָדענ־פּול" (יידנזומפּ) און די ענגע געסלעך, וועלכע האָבן זיך דאָרט אויספּאָרמירט, האָבן געהייסן: יאָדענסטראַעט, יאָדענבערג א. ד. גל. די איינוווינערס פון דאָזיקן געטאָ האָבן אויסגעהאַקט אין די שיפּועים, וועלכע האָבן געפירט צום אויבערשטן טייל שטאָט, פיר אַרויסגענג, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען: יאָדענטראַפּפּען, די דאָזיקע טרעפּ זענען פאַרשוווּנדן, צוליב דער מאָדערניזירונג פון דעם שטאָט־טייל, אַן ערך צען יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

יידן פאַרנעמען זיך אין יענע צייטן מיט קליינהאַנדל און מלאכה, זיי באָרגן געלט אויף פּראָצענט און פּראַקטיצירן מעדיצין. יורידיש ווערן זיי נישט באַ־טראַכט ווי לייב־אייגנטום. זיי זענען אָבער אויך נישט אַנערקענט פאַר בירגער, ווי אונטערן רוימישן רעזשים, נאָר זיי ווערן באַטראַכט ווי אויסלענדער, וואָס געפינען זיך נישט אונטערן שוץ פון וועלכער ס'זאָל נישט זיין פרעמדער מלוכה.

מיר נעמען אַרויס פון דובנאָווס „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק", אַז נאָכדעם ווי קאַרל דער פינפטער, קעניג פון די נידערלענדער, האָט זיך פאַר־בונדן מיט שפּאַניע, האָבן אין זיינע פּראָווינצן גענומען אַריינדרינגען מאַראַנען פון דעם פּירענעאישן האַלב־אינדזל. די מאַראַנען האָבן זיך געלאָזט גיין צוערשט אין דרומדיקן טייל (בעלגיע) מיט דער האָפענונג צו קענען מיט דער צייט אַראָפּ־וואַרפן דעם קאָטוילישן לעבנס־שטייגער.

מיר זעען, בכן, אַז אין 16־טן יאָרהונדערט באַווייזן זיך אין בעלגיע יידישע משפּחות פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל און זיי פאַרשפּרייטן זיך אין לאַנד. מען דאַרף דאָ אונטערשטרייכן, אַז אויב אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער, האָבן זיך אין די בעלגישע פּראָווינצן אויפגעהאַלטן דער עיקר אשכנזישע יידן, בעיקר פון

די רהיין־לענדער, ווו יידיש לשון האָט זיך אָנגעהייבן צו פאָרמירן, שאָפט זיך מיט דער איינוואַנדערונג פון 16־טן יאָרהונדערט אַ ישוב פון ספרדישע יידן.

זיי ברענגען מיט זיך זייער אייגענעם לעבנסשטייגער און דער עיקר ברענגען זיי מיט זייער שפּראַך לאַדינאָ, אָדער דזשודעזמע, דאָס הייסט פשוט, יידיש. דאָס איז, ווי מיר ווייסן, אַן אַלט שפּאַניש לשון, אין וועלכן די ספרדישע יידן האָבן אַריינגענומען העברעאישע און אַראַמעאישע אויסדרוקן מיט אייגן געשאַפענע אידיאָמען און געשריבן מיט העברעאישע אותיות. אין דער דאָזיקער שפּראַך האָבן זיי פאַרמאָגט איבערזעצונגען פון תנ"ך, פּרקי־אבות און אַנדערע ספרים. חוץ דעם, פעריאָדישע אויסגאַבעס און אַ דיכטונג, וואָס באַשטייט דער עיקר פון וויג־לידער.

מיר האָבן אויבן געהערט וועגן אָנקום פון יידן קיין בעלגיע אין 16־טן יאָרהונדערט. פּראָפ. מאַקס גאָטשאַלק גיט איבער, אַז לויט אַ טשאַרטער פון 1480, איז דערלויבט געוואָרן אַ קלענער צאָל יידן זיך צו באַזעצן אין אַנטווערפּן. אָבער אַלע רעדן וועגן דעם אויף אַזאַ אופן, ווי ס׳וואָלטן קיין יידן אין בעלגיע נישט געווען שוין פון פריער. וואָס איז די סיבה פון דאָזיקן בלויז, וועלכער איז הל אויף קנאַפּע צוויי יאָרהונדערטער?

## דער פאַטאַלער יאָרהונדערט

יעדן דריטן זונטיק פון חודש יולי, ווען דער יערלעכער קערמעס פון בריסל איז אין פולן ברען, אינמיטן די פריילעכע פאָלקס־שפּילן און פאַרווייַלונגען, גייט אַרויס פון דער קאַטעדראַלע סינט גידיל די באַרימטע פּראָצעסיע, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „זייער הייליקער סאַקראַמענט פון וווּנדער".

יידן, וואָס זענען אַדורכגיין דעם פרידלעכן צוג מיט די גרופּעס זינגענדיקע קינדער און די רייען יונגפרויען אָנגעטאָן אין ווייסן, פאַלט נישט אייך צו טראַכטן, אַז דאָס פייערט די קירך דעם נצחון, וואָס זי האָט אָפּגעהאַלטן מיט אַן עך זעקס הונדערט יאָר צוריק, איבער אַן עדה יידן, וועלכע זענען געשטעלט געוואָרן צום משפט פאַר אַ שענדונג פון האָסטיעס. אודאי קומט זיי נישט אויפן געדאַנק, אַז דער דאָזיקער יובל פון דער קירך איז פאַרבונדן מיטן בלוטיקסטן קאַפּיטל פון דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע אין בעלגיע.

נאָך היינט קען מען זען אויף איינעם פון די צען וויטראַזשן, וועלכע באַצירן די קאַטעדראַלע, דאָס בילד פון די יידישע מאַרטירערס, וועלכע הערן אויס, קניענדיק, דעם ווערדיקט פון הויכן געריכט, אַז זיי וועלן ווערן פאַרברענט לעבעדיקערהייט ביים שוואַרצן טורם אויפן פּלאַץ סינט־קאַטערין אין בריסל.

אין רעזולטאַט פון יענעם משפט זענען די יידישע פאַרמעגנס קאָנפיסקירט געוואָרן לטובת דעם אוצר פון דוכס, און אַלע לעבן־געבליבענע יידן זענען אויף אייביק פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד.

דער דאָזיקער גירוש איז פאָרגעקומען אין יאָר 1370, און פון דאַמאָלסט אָן איז בעלגיע געוואָרן אויסגעליידיקט פון יידן.

וועגן דער דאָזיקער געשעעניש איז געבליבן אַן עלעגיע, אין העברעאיש־

אָנגעשריבן פון איינעם פון די גולים, וועלכער גיט נישט אָן זיין נאָמען. פון די קינות, אין וועלכע דער אַנאָנימער מחבר פּאַראַפראַזירט ערטערווייז דעם „על נהרות בבל", נעמען מיר אַרויס פּאָלגנדיקע שורות:

„ביים ברעג פון טייך סעננע, לאָז איך פריי רינען מיינע טרערן, ווען איך דערמאָן זיך די גרויזאַמע שחיטה פון אַנגיען (אַ שטאָט אין בראַבאַנט) און איך טראַכט וועגן דעם מוראדיקן שייטער פון בריסל".

„איך הענג אויף מיין האַרף אויף אַ ווערבע פון ברעג טייך. וויי! פון די וואַסערן פון דער סעננע הערן זיך בלויז נאָר יאָמערדיקע קלאָגענישן, און מיינע אַקאָרדן זענען פאַרגאַנגען אין אַ געזיפצעניש."

און ער פאַרענדיקט די האַרבע ווערטער:

„פריי זיך, טאָכטער פון אדום, וואָס וווינסט אין דעם לאַנד פון בראַבאַנט! אויף צו דיר וועט דערגרייכן דער בעכער מיט גאַל, פון וועלכן דו וועסט טרינקען ביז דו וועסט נישט שיכור ווערן!"

## פון 16־טן יאָרהונדערט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה

נאָך זייער ווידעראיינוואַנדערונג אין 16־טן יאָרהונדערט, ווערן יידן נאָר טיילווייז טאָלערירט אין לאַנד. ערשט אין 1794, ווען דער פראַנצויזישער גענעראַל זשאָרדאַן פאַרנעמט בעלגיע און דאָס לאַנד ווערט פאַראייניקט מיט פראַנקרייך, באַקומען יידן גלייכבאַרעכטיקונג. די קאָנסטיטוציע פון 1831, ווען בעלגיע ווערט אומאָפּהענגיק, באַשטעטיקט די גלייכבאַרעכטיקונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע באַשטייט דאַמאָלסט פון דריי טויזנט נפשות. אין די אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט קומען גרעסערע גרופּעס פּליטים פון רוסלאַנד און נאָך דער דורכ־געפאַלענער רעוואָלוציע פון 1905 דערגייט די צאָל יידן אין בעלגיע ביז צוואַנציק טויזנט.

אונטערן דרוק פון פאַרשאַרפטן אַנטיסעמיטיזם אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, וואַנדערן אויס פון דאָרטן גרעסערע צאָלן יידן, פון וועלכע אַ טייל באַזעצט זיך אין בעלגיע. צוזאַמען מיט די פופצן טויזנט פּליטים פון דייטשלאַנד נאָכן קומען פון היטלערן צו דער מאַכט, וואַקסט אויס דער ישוב אין בעלגיע ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה צו קנאַפּע הונדערט טויזנט נפשות.

אויפן פאַן פון עפנטלעכן לעבן הייבן זיך אַרויס פּערזענלעכקייטן, ווי: באַראָן הירש, פראַנץ פיליפּזאָן, גענעראַל בערנהיים, אַמבאַסאַדאָר קאַרל מעי, די מיניס־טאָרן פּאָול הײמאַנס און גוטענשטיין, ס. ווינער, בירגערמייסטער פון בואַ פּאָר; פּאָול ערעדאַ א. אַנד.

ס'קומען אויף ישיבות, סינאַגאָגעס און הילף־אינסטיטוציעס. יידן שאַפן און אַנטוויקלען נייע אינדוסטריעס, ווי: דיאַמאַנטן, לעדער, טעקסטיל און שפּינערייען, גאָלדשמידעריי א א. וו.

ס'שטייען אויף גרעסערע קהילות אין בריסל, אַנטווערפּן, ליעזש און שאַר־לערואַ. אין די אוניווערסיטעט־שטעט גענט און ליעזש, ווו ס'לערנען זיך צאָל־רייכע יידישע סטודענטן, וואָס האָבן נישט קיין צוטריט צו די אוניווערסיטעטן

פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, בילדן זיך יידישע סטודענטן־קרייזן, וועלכע אַנטוויקלען אַן אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט אויף יידיש.

ד״ר חיים שאָשקעס, רעדנדיק אין זיינס אַן אַרבעט וועגן דער יידישער סטודענטן־קאָלאָניע אין גענט, דערמאָנט, אַז ס׳פּלעגן אַהין קומען לעקטאָרן פון פּוילן, ווי: זלמן שניאור, אנוכי א. אַנד. די יידישע סטודענטן אין בעלגיע זענען אויך געווען באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דעם זשורנאַל „דער יידישער סטודענט״ אין ציריך.

געטריי צו די טראַדיציעס, וואָס די אימיגראַציע פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער האָט מיט זיך געבראַכט, אַנטוויקלט זיך דאָס יידישע קולטור־לעבן מיט אַ גיכן טעמפּאָ. אַחוץ דער ישיבה „עץ חיים״ אין היידע, שטייען אויף טאָג־שולעס מיט העברעאיש ווי אַ לימוד און צוגאָב־שולעס אויף יידיש אין בריסל און אַנטווערפּן; טאָג־צייטונגען, ווי: „אונדזער טאָגבלאַט״; „דער בעלגישער טאָג״ און „לעצטע נייעס״; וואָכן־זשורנאַלן, ווי: „אונדזער ישוב״, „די יידישע וואָך״ און „די פּרעסע״. אין 1935 דערשיינט אין אַנטווערפּן אַ חודש־זשורנאַל, „די בעלגישע בלעטער״, אַרויסגעגעבן פון שרייבער־קדוש בייניש זילבערשטיין אין דער צייטשריפט געפינען זייער אָרט די פּען־מענטשן: ד״ר י. ב. ציפּור, אלי קובאָוויצקי, ביידע אומגעקומען אין די דייטשע לאַגערן, און להבדיל בין החיים והמתים, דאַוויד לעהרער, אריה קובאָוויצקי, היינט דירעקטאָר פון „יד ושם״ אין ירושלים א. אַנד.

יידיש לשון לעבט אַ רייך־פולסירנדיק לעבן אין די גרעסערע שטעט, ווו עס שאַפן זיך דראַם־קרייזן, כאָרן, ביבליאָטעקן און רעפערענטן־קרייזן. קיין בעלגיע קומט דער מאָסקווער יידישער מלוכה־טעאַטער מיט מיכאָעלסן און זוס־קינען; דער „אררט״ מיט משה בראָדערזאָן; ס׳קומט שלום אַש, פּרץ מאַר־קיש א. אַנד.

ביי מיר געפינט זיך אַ פאָטאָגראַפישער דאָקומענט, וועלכער איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר יענער צייט. דאָס איז אַ פאָטאָ פון אַריינגאַנג צו דער פּאָליציי־ביוראָ אין אַנטווערפּן וווּ צווישן אַנדערע שפּראַכן, איז אויך דאָ אַן אויפשריפט אין יידיש: „איינגאַנג צו פּאָליצייא״. פאַר דער עפנטלעכער מאַכט איז דאַמאָלסט נישט געשטאַנען די פראַגע צי יידיש איז אַ שפּראַך...

מען האָט דאַמאָלסט געזען יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די קוילן־גרובן פון שאַרלערואָ און גענט.

לאָמיר דאָ דערמאָנען דאָס געדיכט „איך און דאָס פערד״ פון אַנטווערפּענער דיכטער, אהרן דאָמב. דער יונגער דיכטער שילדערט דאָרט די פּיינלעכע אַרבעט פונעם קוילנגרעבער, באַוויינענדיק דערביי דעם גורל פון די פערד, וואָס ווערן באַנוצט אין די מינעס, וועלכע זענען פאַרמשפּט קיינמאָל נישט צו זען די ליכט פון טאָג.

מען דאַרף אויך דערמאָנען דעם בריסעלער דיכטער, שמואל אייכל, מחבר פון „די קוזשניע״, אַ ליד, וואָס איז געוואָרן איינס פון די פּאָפּולערסטע אַרבעטער־לידער אין דער יידישער וועלט און דערפאַר, על פּי טעות, געוואָרן אַ צייט לאַנג פאַרעכנט פאַר אַ שאַפונג פון מאָריס ראָזענפעלד.

יידן האָבן אויך אין די צייטן געשאַפֿן פֿרישע פּרנסה־קוואַלן, ווי למשל: שנעל־פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס צאָלרייכע משפּחות אין בריסל און אין אַנטווערפּן האָבן דערפֿון געצויגן חיונה. אַזוי ווי די דאָזיקע באַשעפֿטיקונג איז, אגב, נאָר אָנגעגאַנגען אין די עפֿנטלעכע פֿאַרוויילונגס־טעג, וועלכע קומען פֿאָר דער עיקר אין זומער, האָבן די שנעל־פֿאָטאָגראַפֿן געהאַט בריווח צייט אין ווינטער זיך צו פֿאַרנעמען מיט קולטור־אַרבעט.

## אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז די יידישע קולטור־אַרבעט אין בעלגיע בשעת דער נאַצישער אָקופּאַציע.

זינט דעצעמבער 1941 ביזן סוף פֿון דער מלחמה, איז דערשינען אין בריסל, יעדן חודש, די צייטונג „אונדזער וואָרט״.

די דאָזיקע צייטשריפֿט, וועלכע האָט געמוטיקט יידן אין זייערע באַהעלטעניש, איז געוואָרן אַרויסגעגעבן פֿון די לינקע פּועלי־ציון אונטער דער רעדאַקציע פֿון אַבוש ווערדבער און אברהם ריבאַ.

ס'האָט אויך פֿונקציאָנירט אַ געהיימע יידישע ביבליאָטעק, וועלכע האָט באַזאָרגט יידן אין זייערע באַהעלטענישן מיט לייען־שטאָף און דערמיט געשטאַרקט זייער אויסדויער. די ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיך געפֿונען אויפֿן צווייטן שטאָק פֿון דער גרויסער סינאַגאָגע, האָט אויך געדינט פֿאַר אַ טרעף־פּונקט פֿאַר יידישע רעזיסטאַנטן, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַגעגנט, פֿאַרטיילט געהיימע ליטעראַטור און אויסגעטיילט סאָציאַלע הילף.

רעדנדיק וועגן דער יידישער קולטור־אַרבעט אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, דאַרף דערמאָנט ווערן דער גרויסער אויפֿטו, וועלכער איז געוואָרן פֿאַרטראַכט פֿון נתנאל לעווקאָוויטש. דער דאָזיקער אויפֿטו איז באַשטאַנען אין צוגרייטן אויך נאָך דער מלחמה אַ יידישע איבערזעצונג פֿון תלמוד בבלי.

מיט דער אויספֿירונג פֿון דער אַרבעט האָט זיך פֿאַרנומען הרב ד״ר שמואל היבנער און נתנאל לעוואָקאָוויטש האָט גענומען אויף זיך די הוצאות, וואָס זענען געווען פֿאַרבונדן מיט דער אויסגאַבע.

איז געזעסן אין זיין באַהעלטעניש ר׳ שמואל היבנער, פֿאַרטיפֿט אין זיין מלאכת הקודש און, ביי דער לויערנדיקער טויט־געפֿאַר, געאַרבעט אויף דעם גיגאַנטישן ווערק, פֿון וועלכן ס'זענען שפּעטער דערשינען צוויי מסכתות: בבא קמא און בבא מציעא. אַ דריטע מסכתא, ברכות, איז אין דרוק. הלואי זאָל זיין באַשערט, אַז ס'זאָלן דערשיינען נאָך און נאָך! פֿאַר דער מסכתא בבא קמא, דערשינען אין 1952, האָט ד״ר היבנער באַקומען דעם צבי־קעסעל־פּרייז.

אין יענע בהלה־צייטן האָט אויך משה פֿלינקער, אַ זעכצן־יעריק בחור, אָנגעשריבן אין העברעאיש, אַ טאָג־בוך, אין וועלכן ס'שפּיגלט זיך אָפּ די אַטמאָספֿער פֿון די נגישה־יאָרן אין בעלגיע צוזאַמען מיט די געפֿילן און באַטראַכטונגען פֿון דעם יונגן עילוי. די דאָזיקע העפֿטן, וואָס משה פֿלינקער האָט אָנגע־

הייבן שרייבן דעם 24־טן נאָוועמבער 1942, זענען אין יאָר תשכ״א — 1961 — דערשינען אין פאַרלאַג „יד ושם״ אין ירושלים.

משה פלינקער האָט אָבער נישט דערלעבט דאָס דערשיינען פון זיין ספרל. צוזאַמען מיט זיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער (ניין נפשות) איז ער דעם 7־טן אַפּריל 1944, פאַרשלעפּט געוואָרן קיין אוישוויץ ווו ער איז אומגעקומען מיט אַ מאַרטירער־טויט.

אין יידיש איז אויך דערשינען פון צייט צו צייט „אונדזער קאַמף״ אַרויס־געגעבן פון אַ גרופּע יידישע קאָמוניסטן.

## נאָך דער מלחמה

אין סעפּטעמבער 1944, נאָכדעם ווי די דייטשע חיילות זענען געוואָרן אַרויסגעיאָגט פון לאַנד, האָט זיך באַלד אָנגעהייבן אַן אינטענסיווע קולטור־טעטי־קייט אין ישוב. יידן זענען נאָר־וואָס געווען אַרויסגעקומען פון זייערע באַהעל־טענישן און זענען נאָך נישט געווען אַריינגעגלידערט אין די טעגלעכע באַשעפ־טיקונגען. האָט מען אויסגענוצט די פרייע צייט זיך צו טרעפן מיטאַנאַנדער און צו טאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. עס זענען געקומען פאָנדן פון אויסלאַנד און עס זענען פאַר די געלטער געוואָרן אויפגעבויט ספּעציעלע הייזער ווו ס׳האָבן פונקציאָנירט ביבליאָטעקן, צוגאָב־שולעס, כאָרן, קלובן, קעגנזייטיקע הילף, פרויען־פאַרבאַנדן, אַ פאָלקס־טעאַטער א א. וו.

פון אומלעגאַלן „אונדזער וואָרט״ איז געוואָרן אַ וואָכן־צייטונג. דער דאָזיקער פּרעסע־אָרגאַן, וועלכער איז אין אָנהייב דערשינען ראָנעאירט, איז שפּעטער אַרויסגעגאַנגען מיט קלישעס און צום סוף, ווען ס׳איז אָנגעקומען שריפט פון ישראל, האָט ער זיך געדרוקט ווי ביי לייטן.

אין 1945 איז דערשינען דאָס ערשטע ביכל אין יידיש „האַנט־אין־האַנט״, אַרויסגעגעבן פון דער געזעלשאַפט „שול און דערציאונג״. אין 1949, דערשיינט אַ לידער־העפט אַרויסגעגעבן פון בעלגישן אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן קולטור־קאָנגרעס.

ביכער אין יידיש, וואָס שפּיגלען אָפּ טיילוויז אָדער אינגאַנצן דאָס לעבן פון יידן אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, זענען:

„ניסעלעס טרער״ פון שפרה ווערבער, אַרויסגעגעבן דורך „שול און דערצי־אונג״ אין בריסל, 1950; „מעשהלעך און משלים״ פון פּייוול בלאַנק, אַרויסגע־געבן דורך „שול און דערציאונג״ אין בריסל, 1952; „מיינע איבערלעבונגען״ פון ישראל טאַבאַקמאַן, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, אין 1957; „טעג פון שרעק״ פון יעקב צבי לעמעל, אַרויסגעגעבן פון מחבר אין פּאַריז, אין 1962; „דער שונא אין די מויערן״ פון ישעיה זאַנדבערג, אַרויסגעגעבן אין תל־אביב דורכן פאַרלאַג י. ל. פּרץ, אין 1965; „פונקען אין דער נאַכט״ פון זעל־ביקן מחבר, אַרויסגעגעבן אין תל־אביב דורכן פאַרלאַג „אויפקום״, אין 1965.

### דער היינטיקער מצב

נאָך דער מלחמה בליבן מיר מיט אַ ישוב פון צוואַנציק טויזנט נפשות. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון וועלט־קאָנגרעס האָט די בעלגישע מאַכט דערלויבט צען טויזנט די־פּיס אַריינצוקומען אין לאַנד. היינט צו טאָג האָט זיך ביי אונדז אויסקריסטאַליזירט אַ ישוב פון פינף און דרייסיק טויזנט יידן.

אין פאַרגלייך מיט די יאָרן פון פאַר דער מלחמה איז דאָס קולטור־לעבן אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן אָפּגעשוואַכט. פונדעסטוועגן, האָבן מיר אין ישוב קולטור־כחות, וואָס זענען אַקטיוו אין אַ באַדייטנדיקער מאָס. קיין אייגענע פּרעסע אויף יידיש האָבן מיר דאָ נישט, אָבער די פּאַריזער צייטונג „אונזער וואָרט" און „אַרבעטער־שטימע" גיבן אָפּ איינמאָל אין וואָך, צי אין צוויי וואָכן, אַ זייט פאַר בעלגיע. די שטענדיקע מיטאַרבעטער אין בעלגיע זענען: ה. ביבראָווסקי, פּייוול בלאַנק, אהרן דאָרף און דער שרייבער פון די שורות.

דער קולטור־קרייז „עמנואל רינגעלבלום", וועלכער גייט איצט אַריין אין פינפטן יאָר פון זיין עקזיסטענץ, אַנטוויקלט אַ ברייטע אַקטיוויטעט אויף יידיש. ער אָרגאַניזירט רעגולער ליטעראַרישע אימפּרעזעס, רעפעראַטן און קאָנצערטן פון יידישן וואָרט מיט אייגענע און מיט צוגערייזטע כחות. ער האָט באַוויזן צו שאַפן אַרום זיך אַן אוידיטאָריע, וועלכע קומט אויף זיין יעדן רוף און דאָס גיט אים אַ מעגלעכקייט כסדר צו אַקטיוויזירן זיין טעטיקייט.

די דאָזיקע אונטערנעמונגען קומען פאָר אין הויז פון „יוגנט־צענטער" אין בריסל, וועלכער שטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון רינגעלבלום־קרייז, דעם גרויסן, גוט־איינגעאָרדנטן זאַל, וואָס נעמט אַריין אַן אוידיטאָריע פון צוויי הונדערט מענטשן. אימפּרעזעס, ביי וועלכע מען זעט פאָר אַ באַזונדער צאַלרייכן באַזוך, ווערן איינגעאָרדנט אין ספּעציעלע זאַלן.

דער „יוגנט־צענטער" נעמט אַריין אין זיין פאַרצווייגטער אַקטיוויטעט אויך קורסן פון העברעאיש און יידיש. די יידיש־קורסן ווערן אָנגעפירט פון דער לערערין מרים קאַץ, וועלכע פירט אויך אָן מיט אַ צוגאָב־שולע א. נ.: „פריינט פון קינדער".

אַ קולטור־טעטיקייט אויף יידיש פילט אויך אויס אין ישוב דער „אַרבעטער־רינג". ער האַלט אויס אַ צוגאָב־שולע און ברענגט אַראָפּ פון צייט צו צייט אַ שרייבער פון פּאַריז.

פאַראַן אין בריסל צוויי טעגלעכע שולעס. דאָס זענען: דער „בית ספר כללי" ווו עס לערנען אַן ערך דריי הונדערט קינדער, און „גננו" מיט אַן ערך הונדערט קינדער. די ערשטע איז אַן אָרטאָדאָקסישע און די צווייטע אַ ליבעראַלע. אין דיביידע שולעס איז די לערן־שפּראַך פראַנצויזיש מיט העברעאיש ווי אַ לימוד. יידיש ווערט נישט געלערנט.

צוויי יידישע שולעס פון אַ גרעסערן פאַרנעם, געפינען זיך אין אַנטווערפּן, דאָס זענען: „תחכמוני" מיט אַכט הונדערט תלמידים, און „יסודי תורה" מיט טויזנט צוויי הונדערט תלמידים.

די לעצטע איז אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע שולע ווו די מיידלעך לערנען העברעאיש מיט דער ספרדישער הברה און די ייִנגלעך מיט דער אשכנזישער הברה. איןביידע אַנטווערפּענער שולעס איז, לויטן נייעם געזעץ, וואָס איז גילטיק פאַר די פלעמישע פּראָווינצן, די לערן־שפּראַך פלעמיש. פאַראַן אויך אַ ישיבה אין ווילעברוק נעבן אַנטווערפּן.

דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכן דער מצב פון יידישן קולטור־לעבן אין בעלגיע אַמאָל און היינט. דער פּראָבלעם פון נאָכוווקס שטעלט זיך דאָ אַוועק אין דער זעלביקער שאַרפקייט ווי אין אַנדערע יידישע ישובים. אָבער ווען אַ קולטור־אינסטיטוציע קען אויף איר אַ רוף צונויפברענגען אַן אוידיטאָריע פון צוויי הונדערט מענטשן און מער, ווען אַ יידישער שרייבער קען נאָך געפינען הונדערטער געטרייע לייענער פאַר זיינס אַ בוך, האָבן מיר נישט קיין גרונט זיך מייאש צו זיין.

אין אַן אינטערוויו, וואָס איך האָב גענומען בשעתו ביי נתנאל לעווקאָוויטש, דעם אַרויסגעבער פון תלמוד אויף יידיש, האָט ער מיר אויף מיין פּראַגע: וואָס ער טראַכט וועגן דער מערכה פון יידיש לשון אין דער צוקונפט, געענטפערט בזה הלשון:

— האָט מען זיך אַמאָל ביי אונדז געפרעגט, צי דאָס יידישע פאָלק האָט אַ צוקונפט? ווען האָט מען זיך ביי אונדז געשטעלט די פּראַגע, צי דאָס פאָלק וועט אַרויסגיין גאַנץ פון אַלע נסיונות און בלייבן פעסט ווי אַ מויער? יידיש לשון איז איינער פון די מקורות פון אונדזער נאַציאָנאַלן, קולטורעלן און רעליגיעזן קיום. ווי לאַנג מיר לעבן, מוזן מיר טאָן אונדזער חוב און מיר מוזן אָנשטרענגען אונדזערע כחות צו פלעגן און רייכער צו מאַכן אונדזער ירושה־אוצר.

דאַרף מען זיך לערנען ביי דעם דאָזיקן אינטעגראַלן ייד צו זיין ביכולת צו שאַפן אפילו בלויז פאַר יחידים, און אַזעלכע וועלן זיך תמיד געפינען.

שאַפן מיר דען נישט סיי ווי אין אונדזער אָפּגעזונדערטקייט? זינגט דען נישט דער מענטש אפילו ווען ער איז אינגאַנצן אַליין און קיינער הערט אים נישט?

אין זיין איינזאַמקייט באַהעפט זיך דער מענטש צו די שטילקייטן, וואָס ער פאַרנעמט אַרום זיך און ווערט ראוי צו שאַפן.

דער פלעמישער עסייאיסט יאַן וואלראווענס האָט אַנומלט געזאָגט: „פּאָעזיע דאָס איז שאַפן שטילקייט דורך ווערטער."

וואָלט זיך דאָ געלאָזט צוגעבן, אַז שאַפן אין איינזאַמקייט, הייסט אַרויס־כישופן אַן אָאַזיס אין דעם מדבר, הייסט: האָבן די זכיה צו קענען אַריינדרינגען אין דער רייכסטער פון אַלע וועלטן. וואָס דאָס איז אין איר געלייטערטקייט, די וועלט פון זיך אַליין.

לאָנדאָן, 1966.

# די יידישע ביבליאָטעק אין קאָפּענהאַגן

פון ד״ר רפאל עדעלמאַן (קאָפּענהאַגן)

קאָפּענהאַגן, די הויפּטשטאָט פון דענעמאַרק, האָט קיינמאָל נישט געהערט צו די גרויסע יידישע צענטערס, ווי פראַנקפורט אַם מיין אָדער אַמסטערדאַם אָדער פּאַריז, וואָס האָבן פאַרמאָגט און פאַרמאָגן נאָך היינט חשובע יידישע ביבליאָטעקן, און ווו אַ סך יידישע ביכער האָבן זיך געפונען אין פּריוואַטן באַזיץ. אין דער הינזיכט איז אָבער געווען איין אויסנאַם: הרב פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען, וואָס זיין פּריוואַטע ביבליאָטעק וועל איך שפּעטער דערמאָנען. די צאָל יידן אין דענע־מאַרק איז אַלעמאָל געווען אַ רעלאַטיוו קליינע און זייער אינטערעס פאַר ביכער איז געווען נישט קלענער און נישט גרעסער ווי ביי יידן בכלל. אָבער די עקזיס־טענץ פון אַ ביבליאָטעק פון יידישע ביכער איז נישט שטענדיק אָפּהענגיק פון דעם, צי דאָרטן איז פאַראַן אָדער נישט אַ גרויסע יידישע קהלה מיט גרויסע גייסטיקע אינטערעסן און יידישער למדנות. כדי אויסצומיידן טעותן וויל איך דאָ מפרש זיין דעם באַגריף ״יידיש״, וואָס איך באַנוץ. אַ ״יידיש״ בוך מיינט אַ בוך מיט אַ ״יידישן״ תוכן, דאָס הייסט, וואָס באַהאַנדלט אַ טעמע אין שייכות צו יידן, צו דעם יידישן פאָלק, זיין געשיכטע, זיין גלויבן, זיינע שפּראַכן, פילאָזאָפיע א. א. וו. מען קען דאָס אויך באַצייכענען ״יודאאיקאַ״, נישט קוקנדיק אויף דעם ווער עס איז דער מחבר אָדער אין וועלכן לשון דאָס בוך איז געשריבן. אַ בוך געשריבן אָדער געדרוקט אין דעם לשון אין וועלכן אָט די שורות זענען געשריבן איז דערפאַר נישט סתם אַ יידיש בוך, נאָר עס איז אַ בוך אויף יידיש.

אַ סך גרויסע, און אפילו זייער גרויסע קאָלעקציעס פון יידישע ביכער, און צווישן זיי די חשובסטע קאָלעקציעס אין דער וועלט, געפינען זיך אין ביב־ליאָטעקן וואָס קיינער וועט בשום אופן נישט אָנרופן יידיש, ווי צום ביישפּיל, די ביבליאָטעק אין וואַטיקאַן, בריטיש מוזעאום און נאָך אַ גאַנצע ריי אַזעלכע אין אייראָפּע, אין אַמעריקע און אַנדערשוווּ. די זאַמלונגען פון יידישע ביכער און מאַנוסקריפּטן אין אָט די נישט־יידישע ביבליאָטעקן זענען געגרינדעט געוואָרן גאַנץ אומאָפּהענגיק פון דעם פאַקט, צי עס האָט אין יענער שטאָט עקזיסטירט אַ יידישער קהל צי נישט. דער הויפּטמאָטיוו פון די נישט־יידישע לומדים צו גרינדן אַ יידישע קאָלעקציע און זי צו פאַרגרעסערן איז געווען זייער אינטערעס פאַר די העברעאישע און אַנדערע יידישע ספרים, בעיקר אַלס אַ מקור פאַר זייערע טעאָלאָגישע און פילאָזאָפישע לימודים.

אין דער דענישער מאָנאַרכיע, דאָס הייסט, דענעמאַרק צוזאַמען מיט די הער־צאָגטימער שלעזוויג און האָלשטיין, האָט מען צוערשט אַריינגעלאָזן יידן אין יאָר 1622. אין עצם דענעמאַרק האָט מען יידן נישט אַריינגעלאָזן פאַר 1657 און ערשט אין 1670 האָט מען זיי ביסלעכווייז דערלויבט זיך צו באַזעצן. אַ דור שפּע־טער זענען אין דענעמאַרק געווען צווישן הונדערט און צוויי הונדערט יידן, פאַר־שפּרייט אין אַ צאָל מקומות איבערן לאַנד און אין דער הויפּטשטאָט קאָפּענהאַגן האָבן געלעבט צוועלף יידישע משפחות, ווען די קהלה איז געגרינדעט געוואָרן אָפיציעל אין יאָר 1684. אָבער יידישע ביכער זענען געווען אין דענעמאַרק שוין איבער הונדערט יאָר איידער דער ערשטער ייד איז אָנגעקומען. און ווען דער דענישער קעניג פרעדעריק דער דריטער האָט אַרום 1650 געגרינדעט זיין ביב־ליאָטעק, וואָס איז היינט די „קעניגלעכע ביבליאָטעק", האָט ער געהאַט מער יידישע ביכער, ווי עס זענען געווען יידן אין דענעמאַרק. שוין אין די 1550־ער יאָרן האָט דער קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט געהאַט זיין ערשטן פּראָפעסאָר אין העברעאיש.

פרעדעריק דער דריטער (1609־1670) איז געוואָרן קעניג אין יאָר 1648 נאָך זיין פאָטער כריסטיאַן דעם פערטן. ער איז געווען זייער אַ געבילדעטער מענטש און אַ גרויסער ליבהאָבער פון ביכער און האָט זייער אייפעריק געזאַמלט. דאָס 17־טע יאָרהונדערט איז געווען אַ תקופה פון בילדונג און די לומדים האָבן זיך פאַרנומען מיט העברעאיש און אַראַמיש אַזוי ווי מיט גריכיש און לאַטיין. די זין פון נאָבל־קלאַס, באַגלייט פון מדריכים, האָבן פאַרבראַכט פון צען ביז פופצן יאָר אין אויסלאַנד, ווו זיי האָבן באַזוכט די הויפּטצענטערס פון בילדונג און האָבן זיך געלערנט און אָנגעקליבן ביכער אויף די פאַרשידענסטע געביטן, צווישן זיי אויך יידישע ביכער און מאַנוסקריפּטן און האָבן זיי געבראַכט אַהיים. אַזוי אַרום האָט מען אין די היימען פון נאָבל־קלאַס און פון הויכע באַאַמטע געקענט געפינען יידישע ביכער, צום ביישפּיל, ביי יאָאַכים גערסדאָרף (1611־1661), וואָס האָט געהערט צו דער קעניגלעכער משפחה, ביי דעם הויכן מלוכה־באַאַמטן פּעטער סקאָווענויאוס (1623־1685) און ביי אַ סך אַנדערע. דאָס רוב פון אָט די קאָלעקציעס מיט זייערע יידישע ביכער זענען אַריינגעגאַנגען אין דעם קעניגס נייער ביבליאָטעק, ווי אַ מתנה, דורך ירושה אָדער אויף אַן אַנדער אופן. אַנדערע יידישע ביכער זענען צוגעקומען אַ קורצע צייט שפּעטער: ווי כטיקע יידישע ביכער און בפרט העברעאישע מאַנוסקריפּטן זענען אָנגעקומען פון אַן עקספּעדיציע, וואָס דער קעניג האָט אַרויסגעשיקט אין נאָענטן מזרח (1761־1767). אַנדערע דענישע פאָרשער האָבן אָנגעקויפט יידישע ביכער און מאַנוס־קריפּטן אין אויסלאַנד, בפרט אין האָלאַנד. אַלע אָט די ביכער און מאַנוסקריפּטן זענען ביסלעכווייז אַריין אין דעם קעניגס ביבליאָטעק. מען האָט אויסגערעכנט, אַז אין דעם יאָר 1800 זענען געווען אַן ערך פינף טויזנט בענדער פון יידישע ביכער אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק. צווישן זיי האָט זיך געפונען אַ צאָל פון וויכטיקע (און זעלטענע) יידישע מאַנוסקריפּטן און ביכער, צום ביישפּיל, דער ערשטער געדרוקטער קאָמפּלעטער ש"ס, געדרוקט ביי באָמבערג אין ווענעציאַ 1520־1523 און נאָך אַ צאָל אַנדערע יקרי־המציאות. צווישן די מאַנוסקריפּטן

וואָס זענען אַריין אין דער ביבליאָטעק אין יענער ערשטער תקופה געפינט זיך איינער וואָס פאַרנעמט אַ באַזונדער אָרט אין דער געשיכטע פון קונסט, סיי ביי יידן, סיי אין דער קונסט בכלל. דאָס איז אַ מאַנוסקריפּט אויף פּאַרמעט געשריבן און געמאָלן אין באַרצעלאָנאַ, אין שפּאַניע, אין דעם יאָר 1348 פון דעם שפּאַניש־יידישן שרייבער און קינסטלער לוי ב״ר יצחק פיגו קארו פון דער שטאָט סאַלאַ־מאַנקאַ. געשריבן האָט ער די־ האַנטשריפט פאַר דעם דאָקטאָר ר׳ מנחם בצלאל אין באַרצעלאָנאַ. דער אינהאַלט פון דעם ווערק איז דעם רמב״מס „מורה־נבוכים״ אין דער העברעאישער איבערזעצונג פון שמואל בן יהודה אבן תיבון. הגם דער טעקסט ווייזט אויף פאַרשידענע וואַריאַנטן, ליגט דאָך די הויפט־באַדייטונג פון דעם כתב־יד אין דער קינסטלערישער פאַרצירונג מיט אָרנאַמענטן און מיניאַ־טורן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ צאָל אַנדערע האַנטשריפטן, סיי אין העברע־איש, סיי אין אַנדערע לשונות, וואָס געפינען זיך אין פאַרשידענע ביבליאָטעקן, שטאַמען פון דעם זעלבן קינסטלער פון דאָזיקן כתב־יד. אָבער אַזוי ווי אונדזער כתב־יד איז דער איינציקער פון דער גאַנצער גרופּע, וואָס האָט אַ קאָלאָפאָן, דאָס הייסט, אַ צושריפט צום סוף, וואָס גיט אָן ווער עס האָט געשריבן, און ווען און ווו ער האָט דאָס געטאָן, הייסט דאָס, אַז אונדזער כתב־יד שטייט אין צענטער פון אָט דער גאַנצער גרופּע און זאָגט עדות ועגן ביז אַהער אומבאַקאַנטן יידישן קינסטלער, וואָס האָט געווירקט צווישן יידן און נישט־יידן צוגלייך. פון דעם זעען מיר, אַז יידן האָבן געשפּילט אַ גרעסערע ראָלע אין דער שפּאַנישער קונסט (און זיכער אויך אין דער מיטלאַלטערלעכער קונסט איבערהויפּט) ווי עס איז געווען אָנגענומען.

זאָל דאָ באַזונדערס דערמאָנט ווערן אַ צאָל ביכער וואָס זענען אַריינגעקומען אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק אין דער ערשטער תקופה, דהיינו, די עקזעמ־פּלאַרן פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור, ביכער, ווי: ספר ברנט שפיגל פון משה אַלטשולער, לב־טוב פון ר׳ יצחק בן אליקום, שמחת־הנפש פון אלחנן קירכ־האן און נאָך אַנדערע. גאַנץ וויכטיק איז אַן עקזעמפּלאַר, דער איינציקער וואָס איז באַקאַנט, פון דער אויסגאַבע פון דעם ספר־הגן, אַ מוסר־בוך. דער עקזעמ־פּלאַר גיט נישט אָן ווו און ווען ער איז געדרוקט, נאָר מען מוז משער זיין, אַז ער איז געדרוקט געוואָרן אין העגאַ (האַנוי, נאָענט פון פראַנקפורט אַם מיין) אַן ערך 1620, מיט די אותיות פון דעם באַזעלער דרוקער קאָנראַד וואַלדקירך, וואָס האָט געדרוקט אַ צאָל פאַרשידענע ביכער אויף אַלט־יידיש און העברעאיש.

אין דעם 20־טן יאָרהונדערט האָט די קעניגלעכע ביבליאָטעק נאָך צובאַקומען אַ צאָל וויכטיקע העבראַיקאַ און יודאַיקאַ. אין דעם יאָר 1924 האָט מען אויף ליציטאַציעס אין דייטשלאַנד געקויפט עטלעכע וויכטיקע העברעאישע אינקו־נאבולן (דאָס הייסט, ביכער געדרוקט במשך פון דעם 15־טן יאָרהונדערט, אין דער ערשטער תקופה נאָך גוטענבערגן) און כתב־ידן פון דער ביבליאָטעק, וואָס דער פאַרשטאָרבענער ביכער־זאַמלער, הרב פּראָפ. נתן פּאָרגעס אין לייפּציק האָט אָנגעזאַמלט. אין דעם יאָר 1928 האָט מען אַריבערגעפירט אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק די העבראַיקאַ־ און יודאַיקאַ־זאַמלונג, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגע־קליבן אין דער קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק.

די אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק האָט פאַרמאָגט אַ וויכטיקע זאַמלונג פון אַלטע העבראַיקאַ און יודאַיקאַ. נאָר אין דעם יאָר 1728 איז געווען אַ גרויסע שרפה אין קאָפּענהאַגן און אַ גרויסער טייל פון דער שטאָט איז פאַרברענט געוואָרן, און אויך דער אוניווערסיטעט מיט כמעט אַלע ביכער. שפּעטער האָט זיך דאָך אָנגעקליבן פון דאָס ניי אַ זאַמלונג העבראַיקאַ און יודאַיקאַ, בפרט מיט דער הילף פון אַ דעניש־יידישן בעל־צדקה, אַ סוחר מיט דעם נאָמען שמעון אהרן אייבעשיץ (1786־1856) (אַן שייכות צו ר׳ יהונתן אייבעשיץ). ער האָט איבער־געלאָזן געלט אויף פאַרשידענע אַלגעמיינע צוועקן, צווישן זיי אויך פאַר דער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק צו קויפן יידישע ליטעראַטור. אָט די זאַמלונג געפינט זיך היינט אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק.

צו דער צייט האָט די דאָזיקע ביבליאָטעק אַזוי אַרום געהאַט אַ זאַמלונג העבראַיקאַ און יודאַיקאַ, וואָס האָט זיך געקענט פאַרמעסטן מיט אַ דורכשניט־לעכער, גרעסערער עפנטלעכער ביבליאָטעק אין אייראָפּע. נאָך אין דעם יאָר 1932 איז די קעניגלעכע ביבליאָטעק אין קאָפּענהאַגן מיט איין מאָל אַרויפגעשטיגן אויף אַ הויכע מדרגה צווישן די ביבליאָטעקן אין דער וועלט מיט אַ גרויסער קאָלעקציע פון יידישע ביכער. אין דעם יאָר איז פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען נפטר געוואָרן און זיין פּריוואַטע ביבליאָטעק איז אַריינגעקומען אין דעם באַזיץ פון דער קעניגלעכער ביבליאָטעק.

הרב פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען איז געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר 1853 אין קאָפּענהאַגן. ער האָט געהערט צו אַן אַלט־איינגעזעסענער דעניש־יידישער משפחה. דער פאָטער זיינער איז געווען אַ באַנקיר, אַ גבאי און פּרנס. געלערנט האָט ער זיך סיי אין קאָפּענהאַגן, סיי אין ברעסלאַו (דייטשלאַנד), אין דעם יידיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר. ווען ער האָט באַענדיקט זיינע לימודים אין ברעסלאַו, איז ער געוואָרן רב אין קאָפּענהאַגן. ווען דער אַלטער רב־הראשי פון דענעמאַרק אברהם אלכסנדר וואָלף איז אין דעם יאָר 1892 נפטר געוואָרן, אין עלטער פון איין און ניינציק יאָר און נאָך דריי און זעכציק יאָר אַמטירן אויף דעם כסא־הרבנות אין דענעמאַרק, האָט הרב דוד סימאָנסען איבערגענומען זיין אַמט. ווען ער איז געווען פופציק יאָר אַלט, אין יאָר 1903, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין רבנות און האָט געלעבט נאָך קנאַפּע דרייסיק יאָר ווי אַ פּריוואַטער פאָרשער, בעל־צדקה, עסקן פאַר דעם יידישן כלל און ווי אַ זאַמלער פון ביכער. עס איז דאָ נישט דאָס אָרט צו שילדערן אין פּרטים די אויפטואונגען פון דוד סימאָנסען ז״ל. דאָ זאָל נאָר דערמאָנט ווערן זיין ביבליאָטעק. ער האָט איבערגעלאָזן אַ ביבליאָ־טעק פון אַן ערך פערציק טויזנט ביכער. צווישן זיי זענען געווען אַרום פינף און צוואַנציק טויזנט יידישע ביכער, העבראַיקאַ און יודאַיקאַ אין אַלע שפּראַכן און אויף אַלע געביטן פון יודאַיקאַ. אין משך פון כמעט הונדערט און פופציק יאָר, זינט 1796, האָט די קעניגלעכע ביבליאָטעק אין קאָפּענהאַגן נישט באַקומען אַזאַ גרויסע צאָל ביכער אויף איין מאָל ווי סימאָנסענס זאַמלונגען.

ווי געזאָגט, איז סימאָנסען געווען אַ גרויסער געלערנטער, סיי אין תלמוד און רבנישער ליטעראַטור, סיי אין אַלע צווייגן פון דער יידישער וויסנשאַפט, ווי אויך אין אַראַבישער ליטעראַטור און אויף אַנדערע געביטן. זיין ביבליאָטעק

זאָגט עדות וועגן זיין וויסן און זיין פאַרשן. די ביכער זענען פאַר סימאָנסען געווען נישט בלויז זאַמל־אָביעקטן, נאָר קודם־כל אינסטרומענטן פאַר זיינע פאָר־שונגען. כמעט אין יעדן עקזעמפּלאַר געפינט מען נאָטיצן אָדער לכל הפחות שטריכן פון סימאָנסענס האַנט־שריפט. אין משך פון איבער זעכציק יאָר האָט סימאָנסען געזאַמלט ביכער, אַלטע און נייע, און עס איז נישטאָ אַ צווייג פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס זאָל נישט זיין פאַרטרעטן, אָפט אין אַ זעלטענער קאָמפּלעטהייט, ווי למשל, די קאָלעקציע פון אַרום ניין הונדערט בענדער פון דער שאלות ותשובות־ליטעראַטור. אין דער זאַמלונג געפינען זיך צווישן אַנדערע זעקס בענדער פון דעם זעלטענעם „פרי עץ־חיים", אַמסטערדאַם 1728־1774, אַ פּוב־ליקאַציע אַרויסגעגעבן פון דער ספרדישער ישיבה אין אַמסטערדאַם, ווו די תלמי־דים האָבן אָפּגעדרוקט זייערע תשובות אויף די רבנישע שאלות, וואָס זייערע רבים האָבן זיי אויפגעגעבן אויף צו איבן זיך. דערמאָנט זאָל אויך ווערן אין אָט דעם צוזאַמענהאַנג אַ וויכטיקער כתב־יד, געשריבן אין אָריענט אין דעם 13־טן יאָר־הונדערט. ער פאַרנעמט די ערשטע זאַמלונג פון רמב"מס תשובות, מייסטנס אויף אַראַביש מיט העברעאישע אותיות, אַזוי ווי יידן פלעגן אין יענער צייט שרייבן.

אויף דעם געביט פון אַלט־יידיש געפינט זיך צווישן סימאָנסענס ביכער אַ צאָל עקזעמפּלאַרן, וואָס האָבן אַ באַזונדערע חשיבות. אויך אויף דעם געביט האָט סימאָנסען באַוויזן אַ גרויסן ספּעציעלן וויסן. צוערשט זאָל דערמאָנט ווערן דער קרובץ, געדרוקט פון דעם דרוקער יצחק ב"ר אהרן מפרוסטיץ אין קראָקע אין דעם יאָר 1571. ווי עס ווייזט אויס איז דאָס דער איינציקער באַקאַנטער עקזעמפּלאַר פון דעם דרוק פון דעם מחזור פאַר ימים־נוראים אויף אַלט־יידיש, איבערגעזעצט פון אביגדור בן משה. די צווייטע אויסגאַבע פון אָט דעם קרובץ, קראָקע 1599, צוזאַמענגעבונדן מיט דעם מחזור של שלש רגלים, איבערגעזעצט אויף אַלט־יידיש פון אשר אנשל בן יוסף מרדכי מפוזן און געדרוקט פון משה בן יוסף בצלאל כ"ץ אין פּראַג אין יאָר 1600, געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק נאָך פון פריער. צווישן סימאָנסענס אַלט־יידישע ווערק איז נאָך כדאי צו דער־מאָנען דעם ספר דניאל, איבערגעזעצט אין פּראָזע־גראַמען אויף אַלט־יידיש און געדרוקט אין קראָקע 1588; פרקי אבות, אין אַן אַלט־יידישער איבערזעצונג („ויל אנדרש אז זיא געדרוקט זיין אין דען אַלטן סידורים"), אויך געדרוקט אין קראָקע (1586 אָדער 1588 ?). ווייטער: אַ טייל פון אַ סדר תפלות מכל השנה אין אַן אַלט־יידישער איבערזעצונג. עס איז ביז אַהער נישט געלונגען אַרויסצו־געפינען ווו און ווען דער סידור איז געדרוקט, נאָר אַז עס איז אַ גאַנץ פריער דרוק איז בלי ספק. אויך אַן עקזעמפּלאַר פון דער אַלט־יידישער איבערזעצונג פון גאַנצן תנ"ך פון יקותיאל בליץ, אַמסטערדאַם 1676־1679, אַזוי ווי די איבער־זעצונג פון יוסף וויצנהויזן, אַמסטערדאַם 1679, געפינען זיך אין די זאַמלונגען פון סימאָנסען.

נאָכן איבערנעמען די זאַמלונגען פון סימאָנסען האָט די קעניגלעכע ביב־ליאָטעק באַשלאָסן ווייטער אויסצובויען אירע יידישע קאָלעקציעס און אין משך פון די דרייסיקער יאָרן זענען אַ סך יידישע ביכער צוגעקומען. אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע פון דענעמאַרק האָט די ביבליאָטעק נישט געליטן.

ערשטנס האָבן די נאַציס קיין בוך אין דער ביבליאָטעק נישט אַוועקגענומען און צווייטנס האָט די קעניגלעכע ביבליאָטעק איבערגענומען די יידישע זאַמלונגען וואָס האָבן זיך געפונען אין דער יידישער געמיינדע אין קאָפּענהאַגן, אין דעם יידישן געזאַנג־פאַריין „הזמיר", „די יידישע ביבליאָטעק" (וועגן דעם שפּעטער מער) און אַנדערע, און זיי באַהאַלטן אין די קעלערן און זיי צוריק אַוועקגעגעבן צו די בעלי־בתים נאָך דער מלחמה.

אין די יאָרן נאָך דער באַפרייאונג איז די יידישע אָפּטיילונג פון דער קעניג־לעכער ביבליאָטעק תמיד געוואַקסן. פון די ביכער אין איראָפּע וואָס זענען נאָך דעם חורבן איבערגעבליבן אָן יורשים איז אפילו קיין איינציקער באַנד נישט געקומען קיין קאָפּענהאַגן. אדרבה, די קעניגלעכע ביבליאָטעק האָט אַליין געשיקט קיין ירושלים און אין אַנדערע ערטער אַ סך הונדערטער ביכער וואָס זענען איבערגעבליבן אין דענעמאַרק נאָכדעם, ווי די אַמעריקאַנישע און ענגלישע כחות האָבן קאָנפיסקירט די צאָלרייכע ביבליאָטעקן, וואָס די דייטשישע אָקופּאַנטן האָבן געהאַט אויפגעריכט אין לאַנד, סיי פאַר זיך אַליין, סיי פאַרן צוועק פון פּראָפּאַגאַנדע.

אַ חוץ די שטענדיקע דערווערבונגען האָט מען עטלעכע מאָל אָפּגעקויפט גאַנצע זאַמלונגען, ווי למשל, אַרום טויזנט בענדער פון דער אלמנה פון דעם געוועזענעם רב־הראשי פון דענעמאַרק, ד"ר משה פרידיגער ע"ה (געשטאָרבן 1947); עטלעכע הונדערט בענדער פון דער ביבליאָטעק פון דעם פאַרשטאָרבענעם ד"ר נתן בירנבוים ע"ה (נאָר אין יידיש) און בערך די זעלבע צאָל ביכער, אויך אין יידיש, פון דער אלמנה פון דעם פאַרשטאָרבענעם יידישן לערער אין קאָפּענ־האַגן שמואל ביילין ע"ה (געשטאָרבן 1959) און נאָך אַנדערע. פון דער פעדעראַציע פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע האָט די ביבליאָטעק באַקומען אַ מתנה פון פופציק בענדער פון דער סעריע „פון פּוילישן יידנטום", פון דער יידישער געמיינדע אין קאָפּענהאַגן מער ווי טויזנט הונדערט בענדער פון זייער ביבליאָטעק, מייסטנס אַלטע רבנישע ווערק און עלטערע דייטש־יידישע צייטשריפטן, עטלעכע הונדערט בענדער פון דעם „אַמעריקאַנער דעניש־יידישן קאָמיטעט" אין ניו־יאָרק און פון אַ סך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און איינצלנע פריינד.

זייער אינטערעסאַנט איז אויך געווען דער אָפּקויף אין פּערסיע (איראַן) פון אַרום הונדערט כתב־ידן אויף יידיש־פּערסיש. היינט, ווען דאָס שטודיום פון דעם לשון און די ליטעראַטור פון די יידן אין פּערסיע האָט אויפגעבליט, ווייזט זיך אַרויס, אַז אָט די קאָלעקציע האָט אַ גרויסע חשיבות.

אין יאָר 1949 האָט די קעניגלעכע ביבליאָטעק דערוואָרבן אַ פאָנד פון אַ ספּעציעלער באַדייטונג. זי האָט דאַמאָלסט אָפּגעקויפט פון ד"ר אליעזר (לאַצאַרוס) גאָלדשמידט (געשטאָרבן 1950 אין לאָנדאָן) זיין באַרימטע זאַמלונג פון העבראַיקאַ און יודאַאיקאַ פון אַרום צוויי טויזנט פינף הונדערט בענדער. פון אָט דער זאַמלונג זענען 90 % יקרי־המציאות, צווישן זיי מער ווי פופציק העברעאישע אינקונאבולן און אַ צאָל אוניקא און כמעט־אוניקא, ווי למשל, דער „מחזור טאַנהויזן", אַ מחזור מכל השנה, געדרוקט אין דעם שטעטל טאַנהויזן אין דרום־דייטשלאַנד פון דעם דרוקער שמעון הלוי גינצבורג אין דעם יאָר 1592. דעם מחזור האָט דער דרוקער

נישט באַוויזן אָפּצודרוקן אינגאַנצן — ער הערט אויף אין מיטן פון אַ פּיוט פון יום־כפור — ווען די אָרטיקע באַווינער זענען באַפאַלן די דרוקעריי און זי פאַר־ברענט. פון דער גאַנצער אויפלאַגע זענען פאַרבליבן ביז היינט דריי עקזעמפּלאַרן, צוויי פון זיי זענען דעפעקטע און נאָר איין עקזעמפּלאַר, אונדזערער, איז קאָמפּלעט — דאָס הייסט, אַזוי ווייט, ווי ער איז געדרוקט געוואָרן. דער דרוקער שמעון הלוי גינצבורג האָט אויסגעוואַנדערט קיין איטאַליע, ווו ער האָט אָנגעהייבן דרוקן אין ווענעדיג. ער האָט דאָרטן, צום ביישפּיל געדרוקט די צווייטע אויפ־לאַגע פון ר׳ יצחק טירנויס מנהגים אין דער אַלט־יידישער איבערזעצונג, 1593 מיט די האָלצשניטן, וואָס זענען באַקאַנט בפרט פון די שפּעטערע אַמסטערדאַמער דרוקן פון דעם ספר. אונדזער עקזעמפּלאַר פון דער אויפלאַגע פון 1593 שטאַמט פון פּראָפ. סימאָנסענס זאַמלונג.

פון שפּעטערע דערווערבונגען מיט אַ גרעסערער חשיבות זאָלן דערמאָנט ווערן דריי וויכטיקע מתנות, וואָס די קעניגלעכע ביבליאָטעק האָט דערהאַלטן אין משך פון די לעצטע יאָרן. דער שריפטשטעלער לעאָן פאָרעם, ניו־יאָרק, האָט געשאָנקען עטלעכע טויזנט בענדער ליטעראַטור אויף יידיש און דער שריפט־שטעלער און פּאָעט שיע טענענבוים אין ניו־יאָרק האָט געשאָנקען זיין זאַמלונג פון מער ווי אַכט הונדערט בענדער אויף יידיש, כמעט אַלע מיט אַ פּערזענלעכער, מיט דער האַנט געשריבענער דעדיקאַציע צו אים פון די מחברים פון די ביכער. אין נאָוועמבער 1967 איז „די יידישע ביבליאָטעק" אין קאָפּענהאַגן אַריבערגע־גאַנגען אין דעם באַזיץ פון דער קעניגלעכער ביבליאָטעק. „די יידישע ביב־ליאָטעק" איז געגרינדעט געוואָרן אין ווינטער 1905/6 פון עמיגראַנטן פון רוסיש־פּוילן און באַלטיקום און פון זיי אַליין געוועזן אויפגעהאַלטן. אין אָנהייב איז די ביבליאָטעק געווען אַ ריין בונדישע, נאָר אין משך פון די יאָרן זענען צוגעקומען אַנדערע ביכער. מער ווי זעכציק יאָר די ביבליאָטעק האָט איבערגעלעבט און האָט געליען יידישע ליטעראַטור צו כמעט צוויי דורות פון מזרח־אייראָפּעאישע יידן אין קאָפּענהאַגן. זי האָט נאָך צו דעם געהאָלפן גרינדן אַ יידישע ביבליאָטעק אין דער שטאָט מאַלמע (**Malmö**) אין שוועדן פאַר די גרעסטעטעוועטע יידן פון די ק. צ.־לאַגערן, וואָס האָבן זיך דאָרטן באַזעצט. דער היינטיקער דור מיט דער גאָר קליינער צאָל יידיש־לייענענדיקע איז מער נישט אימשטאַנד אויפצוהאַלטן אַליין אַזאַ ביבליאָטעק, וואָס ווערט פאַרזקנט פון טאָג צו טאָג, ווייל זי ווערט נישט כסדר באַנייט. אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק האָט זי געפונען אַן אָרט ווו זי פּאַסט זיך אַריין אָרגאַניש אין אַן עפנטלעכער ביבליאָטעק מיט אַ פּאָזיציע אויף דעם געביט פון יידיש ווי די קעניגלעכע ביבליאָטעק איז. „די יידישע ביב־ליאָטעק" בלייבט דאָ ווי אַ ספּעציעלע זאַמלונג און נעמט אַרום אַן ערך פון צוויי טויזנט פינף הונדערט בענדער. אינגאַנצן פאַרמאָגט די קעניגלעכע ביבליאָטעק אַרום אַכט טויזנט בענדער ליטעראַטור אויף יידיש.

בסך־הכל געפינט זיך היינט אין אָט דער ביבליאָטעק אַן ערך פון זיבעציק טויזנט בענדער יידישע ביכער, דאָס הייסט, יודאַיקאַ און העבראַיקאַ. צווישן זיי זענען דאָ אַרום פיר הונדערט כתב־ידן, כמעט זעכציק העברעאישע אינקונאַבולן, עטלעכע הונדערט ביכער געדרוקטע אין דעם 16־טן יאָרהונדערט, אַ צאָל אוניקא

און כמעט־אוניקא און אַ גרויסע צאָל אַנדערע זעלטנהייטן און ביכער פון גרויסער חשיבות. דאָס רוב פון אָט די ביכער איז געזאַמלט אין אַ ספּעציעלער יידישער סעקציע פון דער קעניגלעכער ביבליאָטעק מיט אַ גרויסער מאָס זעלבשטענדיקייט אין באַצוג צו די אַנדערע אָפּטיילונגען פון דער ביבליאָטעק און זי האָט אַ באַ־שטימטן בודזשעט צוצוקויפן נייע ביכער, כדי צו האַלטן זיך up to date אין דעם שטראָם פון נייע דרוקן אויף אַלע יידישע געביטן אויף אַלע שפּראַכן.

די באַנוצונג איז פריי. די באַנוצער זענען סטודענטן, טעאָלאָגן, היסטאָריקער, זשורנאַליסטן און אַ סך אַנדערע. זי דינט אויך ווי אַ באַזע פאַר די קורסן אין יודאַיקאַ (געשיכטע פון ליטעראַטור און גייסט ביי יידן) וואָס ווערן אָפּגעהאַלטן אין דעם קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט, אויך אין יידיש און ליטעראַטור אין יידיש. אויך קיין אויסלאַנד ווערן אַ סך ביכער אויסגעליען, דורך די אָרטיקע ביבליאָטעקן.

די לייטונג פון דער קעניגלעכער ביבליאָטעק האָט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר דער באַדייטונג פון אַזאַ ספּעציעלער יידישער קולטורעלער אינסטיטוציע. זי גיט אַ גרויסע הילף אין דער אַרבעט, וואָס ווערט דורכגעפירט פון דער ביוראָ פון דעם „פאַרבאַנד פון ביבליאָטעקן מיט יודאַיקאַ און העבראַיקאַ אין אייראָפּע". אָט די ביוראָ געפינט זיך אין דער יידישער סעקציע פון דער קעניגלעכער ביבליאָטעק מיט דער אויפגאַבע צו קאָאָרדינירן די יידישע ביבליאָ־טעקן און די יידישע ביכער אין אייראָפּע.

ווייטער האָט די קעניגלעכע ביבליאָטעק עטלעכע מאָל געשטעלט אַ גרויסע צאָל פון אירע יידישע אוצרות אין רשות פון אויסשטעלונגען אין אויסלאַנד, ווי למשל, פאַר דער גרויסער אויסשטעלונג, וואָס איז געוואָרן אָרגאַניזירט אין פּאַריז אין יאָר 1952, די ערשטע גרויסע יידיש־קולטור־מאַניפעסטאַציע אין אייראָפּע **נאָך דעם חורבן, אין בריסל, אין מילאַנאָ און נאָך אַנדערשווו.** אַלע עקספּאָנאַטן האָבן דאָרטן געשטאַמט פון די אוצרות פון דער יידישער סעקציע אין דער קעניג־לעכער ביבליאָטעק אין קאָפּענהאַגן.

פּאַריז, 1965.

# דעבאַטע

## יחזקאל קאָרנהענדלער (פּאַריז)

ס׳איז שווער אין יידישן קולטור־לעבן. נישט נאָר האָבן מיר גרויסע צרות פון דרויסן, נאָר דער ווייטיק ליגט אין דעם וואָס יידן גופא, און אַ סך יידן „וואָס האָבן גאָר גוטע כוונות״ לייגן צו אַ האַנט אויף פאַרטרייבן דאָס יידישע וואָרט.

פאַראַן אַ סך אַזעלכע פאַלן און איר ווייסט עס פון אייער פערזענלעכער פּראַקטיק.

כ׳וויל איך נאָר דערציילן איין און איינציקן פאַל, אַ ביז גאָר כאַראַקטעריס־טישן, אויף וועלכן איך האָב מיך איצט אָנגעשטויסן:

אין אַמסטערדאַם איז פאַראַן אַ געביידע, אַ געוועזענער טעאַטער, וואָס האָט געניצט אויף איינזאַמלען דאָרט די יידן, כדי זיי פון דאָרט צו דעפּאָרטירן. היינט צו טאָג איז עס אַ יידישער מאָנומענט, ווו עס ווערט אָפּגעהיט דער אָנדענק פון יענע טראַגישע טעג. דאָרט אין דעם הויז פאַרקויפט מען אַ קליינעם אַלבאָם מיט פאָטאָגראַפיעס פון דעם הויז און מאָנומענט וועלכן מען האָט דאָרט אויפגע־שטעלט. דער אַלבאָם איז פאַרזען מיט דערקלערונגען אין זעקס שפּראַכן. אָבער חלילה נישט אין יידיש!

מיט דעם מאָנומענט פאַרנעמט זיך די יידישע קהילה פון אַמסטערדאַם, אַלץ איז דאָרט געמאַכט און ווערט געטאָן דורך די אָרטיקע יידן. צווישן די דעפּאָר־טירטע יידן פון אַמסטערדאַם האָט אַ גאָר גרויסער טייל אויך גערעדט יידיש, אָבער יידיש איז אויסגעשלאָסן פון די דערקלערונגען. דייטש יאָ, יידיש נישט!

פאַראַן נאָך אַ סך יידיש־רעדנדיקע מענטשן אין האָלאַנד, אָבער קיינער האָט נישט פּראָטעסטירט קעגן באָיקאָט אויף יידיש אין אַמסטערדאַמער מאָנומענט.

יידן זענען ליידער די ערשטע, וואָס מיען זיך פאַרן אַוועקגיין פון יידיש און, ווי מיר ווייסן עס אַלע, איז דאָס אַוועקגיין פון יידיש דער סאַמע זיכערסטער וועג אויך אַוועקצוגיין פון יידנטום.

אַמאָל איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר יידיש. היינט שוין נישט מער. און דאָס אַלץ געשעט אין טעג ווען מיר פאַרמאָגן נאָך אַזוי פיל וויכטיקע יידישע פּאָזיציעס צו פאַרטיידיקן.

### שלום קלינגער (פּאַריז)

מיר זעען דאָ נאָך אַ סך פריינד וועלכע ווילן אַז יידיש לשון און יידיש־לעבן זאָלן כסדר אָנגיין. מען דאַרף מאָביליזירן די אַלע וואָס ווילן און זוכן צו הערן און אויסלעבן זיך מיטן יידישן וואָרט. מען קען נאָך בכלל אַ סך טאָן פאַר יידיש. מיר אין פּאַריז זענען אַן אַקטיווער צענטער ווו עס דערשיינען צייטונגען פאַר גאַנץ אייראָפּע. מיר וואָלטן אויך וועלן אַז אין לאָנדאָן זאָל דערשיינען כאָטש איין לייטישע יידישע צייטונג.

מען דאַרף דאָ באַשליסן צו העלפן טעכניש דעם פר׳ רעד. ליסקי אַרויסצוגעבן די צייטונג אויך מיט דער הילף פון אַנדערע שרייבערישע כחות.

מיר זענען זיך צונויפגעקומען צו באַהאַנדלען פּראָבלעמען פון אונדזער מאַמע־לשון יידיש. די באַצייכענונג פון „מאַמע־לשון" פאַר דער יידישער שפּראַך איז לויט מיין מיינונג דער פּאַסנדיקסטער אויסדרוק פאַר דער באַציאונג, וואָס מיר דאַרפן האָבן פאַר אָט־דער שפּראַך, ווייל ליבשאַפט פון אַ קינד צו זיין מוטער איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, אַזוי גוט ווי מורא פאַר אַ פאָטער, דערפאַר האָט די תורה, ווי באַוווּסט, געשטעלט אינעם געבאָט „איש אמו ואביו תיראו", די מוטער פאַר דעם פאָטער. דאַקעגן אין געבאָט „כבד את אביך ואת אמך", שטייט פריער ׳את אביך" און נאָכדעם ערשט ׳ואת אמך", מען זאָל דעם פאָטער אַזוי מכבד זיין ווי די מוטער.

די מוטער־שפּראַך יידיש האָבן מיר אָנגעזאַפּט אין זיך פון די קינדער־יאָרן אָן און דעריבער איז זי אונדז טייער אויך צוליב סענטימענטאַלישע סיבות. מיר לעבן אָבער אין אַ צייט, ווען סענטימענטן זענען אַ נחלה בלויז פון יחידים און די אמתן ווערן ווייניקער באַווירקט פון זיי. מיר זענען דעריבער געקומען אויפן „קאָלאָק" פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, כדי זיך צו פאַרטראַכטן בכובד ראש און אויסצוהערן מיט דער טיפסטער אויפמערקזאַמקייט רעפעראַטן און מיינונגס־אויסטוישן פון די אָנגעזעענסטע מומחים אויפן דאָזיקן געביט, צוריקצוגעבן דעם יידישן לשון זיין פּלאַץ און זיין ראָלע אינעם פאָלק, ווי אַן עלעמענט, וואָס איז בכח צו קאָנסערווירן און צו פאַרשטאַרקן דעם גייסטיקן קיום פון די ישובים אין די פאַרשפּרייטונגען. ווייל די שפּראַך פון יעדן פאָלק איז נישט בלויז אַ מיטל פון פאַרשטענדיקן זיך צווישן זיינע מיטגלידער, נאָר אויך און אפשר בעיקר, ווי אַן אינסטרומענט, וואָס בילדעט אויס זיין כאַראַקטער און דעם אופן פון זיין דענקען. רעדט מען אין אַ יידישער היים יידיש, הייסט עס, אַז אין אירע פיר ווענט איז מען ממשיך די טראַדיציע פון די פריערדיקע דורות, פון זייער אייגנאַרטיקייט. מען דערמאָנט זיך אין דער פּראַכטפולער פאַרגאַנגענהייט פון אונדזערע אבות, מען חזרט איבער זייערע ווערטער, מען פאָלגט נאָך זייערע מנהגים און עס וועקט זיך אַ בענקשאַפט צו זייערע געשטאַלטן און צו זייער לעבנס־שטייגער.

און דערוויטערט מען זיך פון זייער שפּראַך, איז דאָס דער ערשטער שריט צום אַנטלויפן פון יידישער אייגנאַרטיקייט. נאַטירלעך, אַז צו דער שפּראַך, וואָס איז בלויז די אויסערלעכע פאָרם פון דער פאָלקס־אייגנאַרטיקייט, איז נייטיק אויך דער אינהאַלט, אָבער דער לשון איז, אַזוי צו זאָגן, דער לבוש, וואָס באַצירט

דעם תוכן. לבוש און תוכן דאַרפֿן דעריבער גיין געפּאָרט ווי אַן אינטעגראַלע גאַנצקייט.

די יידישע שפּראַך איז אַן אוצר פֿון יידישן פֿאָלק, וואָס האָט אונדז באַגלייט אין לאַנגן גלות־וועג און האָט געדינט ווי אַ פּאַנצער קעגן אַסימילאַציע און דעזאינ־טעגראַציע, לעבן דעם יידישן דת. אָבער מען דאַרף נישט מיינען, אַז די יידישע שפּראַך האָט שוין דערפֿילט איר אויפֿגאַבע, אַזוי ווי מען קען נישט זאָגן, אַז דער דת איז מער נישט נייטיק פֿאַר אונדזער עקזיסטענץ. עס איז נישט דער ציל פֿון אונדזער „קאָלאָק" צו דיסקוטירן וועגן דת, און איך נעם זיך נישט אונטער צו רעדן אויף אָט־דער טעמע. איך וויל נאָר אין מיינע קורצע ווערטער אָנווייזן אויף דער וויכטיקייט פֿון יידישן לשון אין דער איצטיקער צייט, ווען מיר זענען פֿון אַלע זייטן באַדראָט אין עצם־קיום און מיר זענען עדות פֿון אַ פֿאַרפֿרעמדונגס־פּראָצעס מצד גרויסע חלקים פֿון יידישן פֿאָלק אין די פֿאַרשפּרייטונגען.

עס איז דעריבער אונדזער הייליקער חוב צו ווידמען אונדזערע געדאַנקען און אונדזערע אָנשטרענגונגען צו פֿאַרשטאַרקן די השפּעה אויף פֿון דעם נאַציאָ־נאַלן אוצר, וואָס רופֿט זיך „יידישע שפּראַך", זי זאָל נישט אויפֿהערן צו דערפֿילן איר שליחות אין אונדזער געראַנגל פֿאַרן קיום און המשך.

## ד"ר מ. גערטנער (לאָנדאָן)

די צייט איז קורץ און מיר האָבן פּשוט נישט ווען צו באַהאַנדלען די אַלע פּראָבלעמען ווי זיי פֿאַרלאַנגען עס. בלויז מיטן רעדן יידיש קען מען אין אונדזער לעבן ווייט נישט אַוועקגיין. כ'וויל דאָ אָנווייזן, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ נויטווענדיקייט אַרויסצוגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פֿון גוטער יידישער דיכטונג. אַ גוטע אַנטאָלאָגיע פֿון פּראָזע. מיר האָבן דאָס נייטיק פֿאַר סטודענטן. ס'איז אויך נייטיק אַ גוטע אַנטאָלאָגיע פֿון תנ"ך־אויסצוגן, כ'מיין פּשוט תנ"כישע ליטעראַטור. דאָס איז אויך ביז גאָר וויכטיק פֿאַר די יידישע מאַסן. מיר נויטיקן זיך אויך אין קליינע אַנטאָלאָגיעס פֿון דער אַלטער, ערשטער ליטעראַטור. דאָס וואָלט געווען פֿון גרויסער וויכטיקייט!

## י. צאַנג (לאָנדאָן)

כ'זע אַז ס'איז פֿאַראַן אַן אַטמאָספֿערע פֿאַר פּראַקטישע אַרבעטן. אפשר וואָלט מען געקענט צעשמעלצן דאָס אייז צווישן די שרייבער פֿון דאַנען און די שרייבער „פֿון דאָרט"? לאָמיר זען צו וואָס מיר קענען זיך דערעדן. לאָמיר טראַכטן וועגן צוזאַמענרעדן, צוזאַמענטרעפֿן און שמועסן. האָבן מיר דאָך עפּעס אַ געמיינ־זאַמע פֿאַרגאַנגענהייט און געמיינזאַמע אינטערעסן פֿאַר יידיש לעבן...

ס'איז פֿאַראַן איצט אַ פּאַסיקער מאָמענט: דער שלום־עליכם־יובל. ער איז וויכטיק פֿאַר זיי און פֿאַר אונדז.

דער סימפּאָזיום דאַרף אַרויסטראָגן אַזאַ ווונטש פֿון צונויפֿטרעפֿן זיך!

## ל. לענעמאַן (פּאַריז)

די פריערדיקע, שוין פאַרגעקומענע סימפּאָזיומס האָבן נישט געבראַנגט קיין שום פּראַקטישע רעזולטאַטן. ס׳איז אמת אַז די אויסגעהערטע רעפעראַטן האָבן אונדז געגעבן אַ סאַטיספאַקציע אָבער אויך זיי ברענגען אונדז נישט קיין שום פּראַקטישע רעזולטאַטן.

אָפט האָבן מיר פּראַקטישע מאַניפעסטאַציעס פאַר יידיש. אַט זענען אין פּאַריז פאַרגעקומען אַ כ ט עמיסיעס אין פראַנצויזישן ראַדיאָ, געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור. אַזאַ מאַניפעסטאַציע האָט יאָ געהאַט אַן אָפּקלאַנג און האָט געווירקט פּאָזיטיוו, האָט דערמאָנט די חשיבות פון יידישן וואָרט.

מיר דאַרפן באַשליסן פּראַקטישע זאַכן פאַר דער מאָרגנדיקער אַקטיוויטעט. מיר דאַרפן שאַפן אין פּאַריז אַ צענטער פאַר דער קולטור־אַקטיוויטעט און שאַפן מיטלען דערויף. מען דאַרף באַשליסן וועגן דער שאַפונג פון אַ צענטראַלער אינסטאַנץ פאַר יידישער קולטור־פאָרשונג און רעאַלער אַקטיוויטעט.

מען דאַרף אויך העלפן די לאָנדאָנער אויסגאַבעס פון די פריינד ליסקי און שטענצל.

דערלויבט מיר אויסער דעם נישט מסכים צו זיין מיטן געזאָגטן וועגן ראַטנרוסלאַנד. אין אַלע פּראָיעקטן אין ראַטנפאַרבאַנד איז נישט פאַראַן קיין יידיש וואָרט און עס ווערט נישט דערמאָנט אַז באַבי־יאַר איז אַ מאָנומענט פאַר אומגעבראַכטע יידן. אויב עס זענען פאַרגעקומען געוויסע פאַרלייכטערונגען און ענדערונגען לטובת יידן אין רוסלאַנד, איז עס געשען, ווייל יידן האָבן פּראָטעסטירט.

## ד״ר ש. לעווענבערג (לאָנדאָן)

כ׳בין מסכים מיטן פר׳ לענעמאַן אַז אָן אַן אויסערלעכן דרוק, וואָלטן נישט פאַרגעקומען די פאַרלייכטערונגען אין רוסלאַנד אין באַצוג צו דער יידישער ליטעראַטור. מען דאַרף הערן די יידישע וועלט־שטימע. נישט אַלץ וואָס די יידישע שרייבער אין רוסלאַנד טראַכטן, זאָגן זיי. מיר צווייפלען נישט אַז וואָס מיר טרעפן אין די ווערק פון די יידישע שרייבער פון ראַטנפאַרבאַנד, פילן זיי אָפּ. לאָמיר נישט פאַרגעסן ד׳עם פרייז וואָס יידישע שרייבער פון ראַטנפאַרבאַנד דאַרפן צאָלן פאַר זייער צוזאַמענטרעפן זיך מיט יידן פון ענגלאַנד... און פון אַנדערע לענדער.

מען האָט שוין מערערע מאָל איינגעלאַדן די יידישע שרייבער און די יידישע סינאַגאָגעס צו קומען אויף קאָנגרעסן פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, אָבער זיי האָבן זיך יעדעס מאָל אָפּגעזאָגט אונטער פאַרשידענע תירוצים.

איך האָב פאָרגעשלאָגן דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס אויסצונוצן די פייערונג אין יאָר 1966 אַרום דער פּערזענלעכקייט פון שלום־עליכם, פאַר אַ געמיינזאַמע אַקציע מיטן סאָוויעטישן יידנטום, כדי אַזוי אַרום צו פאַרשטאַרקן דעם קאָנטאַקט מיט די יידן פון רוסלאַנד און שטאַרקן אַזוי אַרום די יידישע קולטור.

**ד"ר א. שטיינבערג** (לאָנדאָן)

איך מיין אַז אַזאַ אַקציע קענען מיר נישט אונטערנעמען אָן דער הסכמה פון דער עקזעקוטיווע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס.

**פרוי קאַץ** (בריסל)

איך בין אַ לערערין וואָס בין באַשעפטיקט אַ גאַנץ יאָר מיט לערנען יידיש און יידישקייט, איך בין אָפּטימיסטיש אויף דעם געביט, יידן ווילן בלייבן יידן, זיי ווייסן נאָר נישט ווי אַזוי און מען דאַרף זיי העלפן. היינטיקע צייטן און בכלל די לעצטע יאָרן, פאַרברענגען יידישע קינדער בעת די וואַקאַציעס אין יידישע קאָלאָניעס. מיין ווונטש איז, אַז דער יידישער וועלט־קאָנגרעס זאָל זיך אויך פאַרנעמען מיט דער דערציאונג פון דער יידישער יוגנט. ווען מען וואָלט אין ישראל כאָטש געלערנט איין שעה אין טאָג יידיש, וואָלט בכלל דער מצב פון יידיש נישט געווען אַזוי שלעכט.

# פּראָבלעמען פון יידישער שפּראַך
# און יידישער שפּראַך־פאָרשונג.

# דער אַלף־בית

פון **פּראָפ. דוד דירינגער** (קאַמברידזש)

איך בין דאָ נישט געקומען, כדי אייך צו לערנען דעם א״ב אָדער כדי אייך אַריינצונעמען אין חדר. למען האמת וויל איך מיין חדר נישט פאַרגעסן און איך וויל אויך נישט פאַרגעסן אונדזער אַלט ליד „אויפן פריפעטשיק ברענט אַ פייערל און אין שטוב איז הייס, זיצט דער רבי מיט די קליינע קינדערלעך און לערנט אלף־בית...״

יאָ, ווען אַנדערע פעלקער אַרום אונדז זענען געווען אַנאַלפאַבעטן, האָבן מיר געלערנט דעם א״ב.

דאָס געשריבענע וואָרט איז היינט דער פונדאַמענט פון דער ציוויליזאַציע. נישט נאָר די צייטונגען, די שולעס, די אוניווערסיטעטן, די ביבליאָטעקן, נאָר אַלע אַמטן וואָלטן געווען אומעגלעך, ווען נישט די שריפט. אויך דאָס גאַנצע טעגלעכע לעבן וואָלט געווען גאַנץ אַנדערש אָן דעם געשריבענעם וואָרט. דער א״ב איז דער וויכטיקסטער אונטערשיד צווישן מענטשן און חיות. דער א״ב איז דער איינציקער קולטור־פאַקטאָר, וואָס בינדט אַלע ציוויליזירטע פעלקער.

ווער האָט געשאַפן דעם גרויסן, ווונדערלעכן א״ב און ווען איז ער געשאַפן געוואָרן?

ערשטנס מוז איך דערקלערן, אַז דער א״ב איז נישט גענוי דאָס זעלביקע, ווי די „שריפט״. דער א״ב, וואָס איז היינט כמעט די אַלגעמיינע שריפט אין דער וועלט, איז דער וויכטיקסטער שריפט־סיסטעם, אָבער נישט דער איינציקער און נישט דער עלטסטער שריפט־סיסטעם. אַ סך הונדערטער יאָרן פאַר דעם אַלפאַבעט האָבן עקזיסטירט שריפטן, וואָס זענען נישט געווען קיין אַלפאַבעטן: די שריפטן פון אַלטן מצרים, די חיטישע און די קרעטישע שריפטן, די אַמעריקאַנישע שריפטן פאַר קאָלומבוסן, די כינעזישע און יאַפּאַנישע שריפטן (וואָס זענען די איינציקע נישט אַלפאַבעטישע שריפטן, באַנוצטע אין אונדזער צייט) און אַ סך אַנדערע, זענען נישט געווען אַלפאַבעטיש. אויך די סילאַבישע שריפטן, די אַלטע שריפטן פון ציפּערן, פון קרעטאַ (לינעאַר ב), די יאַפּאַנישע שריפטן און אַנדערע זענען נישט אַלפאַבעטיש.

אַן אלף־בית איז אַ שריפט, אין וועלכער יעדער פאָנעט (קאָנסאָנאַנט אָדער וואָקאַל) איז געשריבן מיט אַן אַנדערן צייכן, מיט איין אות. אַ צווייטע פעסטשטע־

לונג: עס איז נאָר פאַראַן איין אלף־בית. אַלע אַלפאַבעטן זענען אַנטוויקלונגען פון איין און איינציקן א״ב.

דריטנס: דער א״ב איז נישט געווען אַן אַנטוויקלונג פון אַן אַנדערער שריפט, ווי למשל פון דער היעראָגליפישער שריפט. דער א״ב איז געווען אַ גאַנץ אָריגינעלע דערפינדונג.

זייער ווייניק אַרכעאָלאָגישע דאָקומענטן זענען פאַראַן וועגן דעם ערשטן א״ב. אָבער וואָס עס איז פאַראַן באַווייזט, אַז דער א״ב שטאַמט פון ארץ־ישראל אָדער פון סיריע, אַז דער דערפינדער האָט גערעדט אָדער העברעאיש, אָדער פעניקיש (דיביידע שפּראַכן זענען אייגנטלעך, ווי איין לשון) און אַז די דער־פינדונג איז געמאַכט געוואָרן אַרום טויזנט פינף הונדערט יאָר פאַר דער היינ־טיקער צייט־רעכענונג. אַלנפאַלס איז גאַנץ קלאָר, אַז די דערפינדונג איז אַ סעמיטישע און אַז די אַלטע סעמיטן, וואַרשיינלעך די אַלטע העברייער, האָבן געגעבן דעם א״ב פאַר גאַנץ אַזיע (ביז מאָנגאָליע) און פאַר אייראָפּע (דורך דעם גריכישן, עטרוסקישן און לאַטיינישן א״ב).

די געשיכטע פון דעם אלף־בית אין די לעצטע דריי טויזנט יאָר איז גאַנץ קלאָר. אויך די געשיכטע פון דעם אַלט־העברעאישן א״ב, וויניקסטנס פון טויזנט יאָר פריער, זינט דוד המלך, און די געשיכטע פון היינטיקן א״ב זינט צוויי טויזנט יאָר זענען באַקאַנט און גאַנץ קלאָר. און עס איז זייער אינטערעסאַנט, אַז מיר פאַרמאָגן אַ קליינעם דאָקומענט, געשריבן פון אַ פויער מיט דריי טויזנט יאָר צוריק, וואָס ווייזט, אַז אַ געוויסע דערציילונג פון תנ״ך (שופטים ח׳ — 14) איז אמת. די דערציילונג איז, אַז אַ יונגערמאַן פון סכות האָט טויזנט צוויי הונדערט יאָר פאַר קריסטוסעס געבורט געקענט שרייבן.

מער ווי צוויי טויזנט יאָר שפּעטער האָבן די נאָרמאַנדישע פּרינצן אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד נישט געקאָנט שרייבן און האָבן זיך אונטערגעשריבן מיט אַ צלם, כדי צו באַווייזן זייער אמתדיקייט.

דעריבער איז מיין מיינונג, אַז מיר יידן, האָבן נישט געגעבן דער וועלט די קונסט (וואָס די גריכן האָבן געגעבן), נאָר מיר האָבן געגעבן די קולטור. מיר האָבן געגעבן דעם אות (אלף און תו).

פּאַריז, 1964.

# ווי אַלט איז יידיש?

פון **שלמה בירנבוים** (לאָנדאָן)

**ווי אַלט** איז בכלל אַ לשון? אַף דעם איז נישטאָ קיין פשוטער ענפער, ווייל דער ענפער געווענט זיך אין דער מאָס, וואָס מע מעסט דערמיט, דאָס הייסט: אין דער דעפיניציע פונים וואָרט לשון, אַ דעפיניציע, וואָס אַלע זאָלן מסכים זיין, איז נישט בנימצא.

מיר וועלן פּרוּוון צו פאַרענפערן אונדזער פּראָבלעם אַפן סמך פון פינף קריטעריעס.

### (1) די פּראַקטישע קריטעריע

אויב די מענטשן פון איין ציבור קענען זיך נישט צו נויף רעדן מיט די מענטשן פון אַן אַנדערן ציבור, וועט מן הסתם יעדערער זאָגן, אַז זיי רעדן צוויי פאַרשידענע לשונות. דאַרפן מיר, הייסט עס, פרעגן, צי אין דייטשלאַנד איז אַמאָל געווען אַ צייט, ווען יידן און גויים האָבן זיך נישט געקענט צו נויף רעדן, און ווען דאָס איז געווען, אַזוי ווי יידן זענען געווען אַ בטל־בשישימדיקער מיעוט, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, ווען זיי האָבן גערעדט צו די גויים, גענוצט דאָס גויאישע לשון. קומט אויס, אַז מיר דאַרפן פרעגן אַזוי: ווען איז געווען די צייט, ווען גויים וואָלטן נישט געווען פאַרשטאַנען, אויב יידן וואָלטן געווען גערעדט צו זיי אַפן יידישן שטייגער?

אַ חשוב עדות וועגן דעם געפינען מיר ביי יאָהאַן קריסטאָף וואַגנזייל, אַ באַוואוסטן גויאישן קענער פון לשון־קודש. אין אַ בוך מיטן נאָמען Belehrung der jüdisch-teutschen Red und Schreibart ,1699 זאָגט ער כהאי לישנא: „ווער עס הערט זיי רעדן דייטש, מיינט נישט אַנדערש, נאָר אַז זיי רעדן ריין לשון־קודש, ווייל כמעט נישט קיין איינציק וואָרט קומט אַרויס אַזוי, מע זאָל עס קענען פאַרשטיין." און אַף אַן אַנדער אָרט זאָגט ער: „מיטן ריינים הויך־דייטש זענען זיי נישט געוואוינט און פאַרשטייען נישט, וואָס מע זאָגט". פון דעם זעט זיך, אַז דאָס לשון פון יידן איז דעמלט געווען אַזוי דערווייטערט פון דייטש, אַז ביז עס איז געקומען דערצו, האָט געדאַרפט געדויערן אַ היפשע צייט נאָך פאַרן זיבעצעטן הונדערט יאָרן.

## (2) די פּסיכאָלאָגישע קריטעריע

מענטשן, וואָס קענען אַ פרעמד לשון, אדער פרעמדע לשונות, שטאַרק פאַר־שידן פון זייער אייגן לשון, דאַכט זיך אויס, אַז די פּראַקטישע קריטעריע איז אַ נאַטירלעכע און מע קען זיך פאַרלאָזן אַף איר. נאָר אַז עס קומט צו לשונות, וואָס זענען נאָענטע קרובים, טרעפט זיך גאַנץ אָפט, אַז מע קען זיך גרינג צו נויף רעדן איינע מיט די אַנדערע, כאָטש מע ווייסט, אַז איך רעד מיין לשון און ער רעט זיין לשון — ס'איז צוויי באַזונדערע לשונות.

וואָס טוט זיך דאָ?

גאַנץ קלאָר, דער עיקר איז דאָ דער פאַקט, אַז מע ווייסט, אַז מע רעט פאַר־שידענע לשונות. דער פּסק ווערט דאָ אַרויס גיגעבן פונים וויסיוודיקייט. אַזאַ וויסיוודיקייט ווייזט זיך אַרויס — און דערביי קען נישט זיין קיין טעות — ווען אַ ייד רופט אָן זיין לשון מיטן נאָמען יידיש. דאָס ערשטע מאָל טרעפן מיר דאָס אין יאָר 1597.

וואַגנזייל איז נישט גיווען דער ערשטער גויאישער גילערנטער אין דייטש־לאַנד, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן לשון פון יידן און גישריבן וועגן אים. גיווען אַזוינע שוין אין זעכציטן הונדערט יאָרן. זיי האָבן עס גיטון צו ליב פּראַקטישע טעמים. ערשטנס האָבן זיי זיך געוואָלט באַקענען מיטן פירוש פון תנ״ך, לויט ווי יידן טייטשן, און צווייטנס האָבן זיי אויך גיהאַט מיסיאָנערישע כוונות. דער פאַקט, וואָס זיי האָבן גיהאַלטן פאַר נייטיק אויס צו לערנען זיך יידיש, איז אַ ראַי׳, אַז דער חילוק פון יידיש ביז דייטש איז גיווען זייער גרויס אין זייערע אויגן.

אין אַ גויאישן מקור גיפינען מיר דים נאָמען יידיש הונדערט יאָר פריער ווי אינים יידישן, וואָס מיר האָבן דערמאָנט. די דאַטע איז 1479. קומט אויס, אַז די התחלות פון יידיש דאַרפן זיין עלטער פונים פופציטן הונדערט יאָרן.

# די פילאָלאָגישע קריטעריעס (א)

## (3) דאָס ליטעראַרישע לשון

אויב מיר פאַרגלייכן דאָס לשון, וואָס די דערמאָנטע דייטשע גילערנטע האָבן אונדז אָפּ גימאָלט, מיטן היינטיקן יידיש, זעען מיר באַלד, אַז ס'איז בעצם דאָס זעלבע (אַחוץ, פאַרשטייט זיך דער פאָנאָלאָגיע און וואָס עס איז נישטאָ קיין סלאַווישער עלימענט). לאָמיר למשל פאַרגלייכן דאָס לשון פונים שמואל־בוך, לויטן ערשטן דרוק פון 1544, מיטן לשון פון Die zway ersten Bücher der Künig, וואָס דער פּראָפעסאָר פּאולוס עמיליוס, אַ משומד, האָט 1562 אַרויס גיגעבן אפן סמך פונים אָריגינאַל. ס'איז נישט גיווען פשוט אַ טראַנסקריפּציע מיט דייטשע אותיות, ווי ער האָט גיזאָגט אפן שער־בלאַט, נאָר ער האָט אַריין גיברענגט אַסך שינויים. מע קען זיי אויס סדרן אַזוי: (א) אפן אָרט פון לשון־קודשע ווערטער האָט ער גישטעלט דייטשע, למשל כהן גדול — hoher Priester ; אָבער צו מאָל איז דאָס דייטשע וואָרט נישט גיווען קיין טייטש־וואָרט, נאָר אַ

פירוש, למשל פון גלות האָט ער געמאַכט jetzunden. (ב) אפן אַרט פון אַ לשון־קודשער פאַרים האט ער געשטעלט אַ דייטשע, למשל פון ישראל ווערט Israel. (ג) אַ מאָל פאַרבייט ער ווערטער פון דייטשן עלימענט אף אַנדערע דייטשע ווערטער, למשל זיכערהייט גיט ער איבער מיט güte, בולענדן מיט wenden, לייסטן מיט hielten. (ד) דייטשע עלימענטן ווערן פאַרביטן אף אַנדערע דייטשע עלימענטן למשל דר אף er, בור אף ver: דר נערט — erneert, בור געבן — vergeben. (ה) דייטשע גראַמאַטישע פאַרימס ווערן פאַרביטן אף אַנדערע דייטשע, למשל גילאַג אף lag. (ו') זייער אפט שטעלט ער אַריין ווערטער, למשל זין — sin vnd mut, מאַן — der Mann, וויל — so will. הייסט עס, די שינויים זענען דער־עיקרשט אף צוויי אופנים: צו גינומען אדער צו געשטעלט. עמיליוס האט גידאַרפט אַרויס נעמען דים לשון־קודשן און אַראַמישן און אויך דעם אַרכאַאישן דייטשן עלימענט, און אף זייער אַרט ברענגען דאָס דייטשע לשון פון זיין צייט. דאַרטן וואו ער האט מוסיף געווען ווערטער, איז דאָס, דאַכט זיך, תמיד געווען ביים אַרכאַאישן דייטשן עלימענט, וואו דער ריטים איז שוין געווען צו אַלט־פרענקיש פאַרן דייטשן לייענער, און ער האט אים גידאַרפט מאָדערניזירן. דאָס לשון פונים שמואל־בוך איז נישט געווען פאַסיק פאַר זיינע לייענער, די גויים. ס'איז שוין לאַנג נישט געווען „היינט־צייטיק" — אבער ביי יידן איז עס נאָך נישט געווען פאַרעלטערט אין דער ליטעראַטור, כאָטש זייער רעד־לשון איז נישט געווען אַזוי אַרכאַאיש, פאַרשטייט זיך. די אונטערשטע שורה: עמיליוס האט נישט פשוט איבער געשריבן מיט דייטשע אותיות אַ דייטשן טעקסט, וואָס איז געווען געשריבן מיט לשון־קודשע אותיות — ער האט פאַרטייטשט פון איין לשון אף אַן אַנדער לשון.

דערפון איז גידרונגען, אַז אין זיין צייט, מיט אַ פיר הונדערט יאָר צו ריק, האט יידיש גידאַרפט זיין אַ לשון בפני עצמו שוין פון אַ לאַנגער צייט. אַ לשון וואַקסט דאָך נישט אויס אין אַ טאָג.

פאַר אַ דייטש, וואָס פאַרגלייכט יידיש פון יענער תקופה מיטן דעמלטיקן דייטש, קומט אויס אַזוי: דאָס ליטעראַרישע לשון פון יידן האט אַסך פאַרעלטערטע אדער האַלב־פאַרעלטערטע ווערטער; טייטשן האבן זיך גיביטן, למשל פעדערן זיך הייסט„זיין פריי", בשעת sich fürdern איז די טייטש „איילן זיך"; גינענין איז אַ טראַנסיטיווער ווערב, genaehenen איז אינטראַנסיטיוו; נייע ווערטער ווערן באַשאַפן פון דייטשן מאַטריאַל לויטן לשון־קודשן מישקל, למשל קיניגן ווי לשון־קודש מלך; פאַראַן אין יידיש אַ ראמאַנישער עלימענט, וואָס איז פאַרשידן פונים ראמאַנישן עלימענט אין דייטש.

אויך פונים הונדערט יאָרן פאַר עמיליוסן האבן מיר אַסך מאַטריאַל — און דאָס לשון איז דאָס זעלבע. און ווידער, אַזוי ווי אַ לשון וואַקסט נישט אויס אין איין טאָג, דאַרפן מיר פאַרשטיין, אַז מיר מוזן צו ריק גיין אין עבר לכל הפחות אַ הונדערט יאָרן. אף דעם אופן זענען מיר דערגאַנגען ביזן פערציטן הונדערט יאָרן, דאָס איז די צייט, וואו די פילאלאָגן שטעלן אין די גרעניץ צווישן מיטל־הויך־דייטש און ניי־הויך־דייטש. מיר וועלן אַצינד ניצן די אַנדערע פילאָלאָגישע קריטעריע, כדי צו גיפינען, אף וועלכער זייט גרעניץ עס שטייט יידיש.

# די פילאלאגישע קריטעריעס (ב)

## (4) די פאנאלאגיע פון מיזרח־יידיש

יידיש און נה״ד (= ניי־הויך־דייטש) זענין שותפים אין געוויסע ענינים, וואו זיי זענין ביידע אָפּ גישייט פון מה״ד (= מיטל־הויך־דייטש). למשל, וואו מה״ד האט קורצע אַקצינטירטע וואקאַלן האבן יידיש און נה״ד לאַנגע: מה״ד mül(e) אבער מיל און Mühle. אַנטקייגן לאַנגע וואקאַלן פון מה״ד שטייען דיפטאנגין אי אין יידיש אי אין נה״ד: hûs — אבער הויז און Hans דיפטאנגין פון מה״ד זענין מאנאפטאנגין אי אין יידיש אי אין נה״ד: bruoder — אבער ברודער און Bruder. אפן טמך פון אט דעם שותפות וואלט אויס גיקומין צו זאָגן, אַז יידיש איז גיבוירין געווארן נאָך דער מה״ד תקופה.

פאַראַן אבער פאנאלאגישע פאַקטן, וואָס ווייזן אָן, אַז יידיש שטייט אַף דער אַנדערער זייט גרעניץ צווישן מה״ד און נה״ד, למשל אין ווערטער ווי אויוון איז וו אַ סימן פון דער מה״ד תקופה, וואָרן אין נה״ד קומט דאָ אַ פ — Ofen. אדער: ב, ג, ד, ז זענין שטימיק אַזוי ווי אין מה״ד, בשעת אין די דייטשע דיאַלעקטן זענין זיי אויס שטימיק גיוואָרן. אדער: אויב מיר נעמין אַזוינע ווערטער ווי בוידים, גומין, נאָנט, פּאַסן זיי צו מה״ד: nâhent, guomen, bodem אבער נישט צו די נה״ד פארימס nahe, Gaumen, Boden.

אַ פינקטלעכערע דאַטע קען מין אפשר אַרויס דרינגין פון אט דעם בינטל פאַקט:

יידיש האט אַ פאַרים פאַרן געניוויט, למשל דים ברודערס, בשעת אין די דייטשע דיאַלעקטן איז דער בייג־סימן פון געניטיוו אין גאַנצן פאַרפאַלן גיוואָרן. דאָס האט זיך אָן גיהויבן אין דרייצטן הונדערט יאָרן, און אין פערציטן איז אין דייטש שוין גאָר נישט איבער גיבליבן. וואלט מין גיקענט זאָגן, אַז די גרעניץ צווישן מיזרח־יידיש און דייטש אים אַרום דים יאָר 1300. ווייטער קען מין זיך עפּיס אָפּ לערנין פונים דיאַלעקטישן צוטיילונג פון מיזרח־יידיש. אַן עיקר־גרעניץ איז די ליניע, וואָס שייט אָפּ די דיפטאָנגין oi און ei, למשל broit פון breit, boim פון beim, foigl פון feigl. די עמיגראַנטן, וואָס זענין גיפאָרן פון פוילן קיין רייסן און ליטע, האבן זיך נישט געקענט לאזן אין וועג אַריין פאַרן דרייציטן הונדערט יאָרן. וואָרן ערשט דעמלט האט זיך אָן גיהויבן אין מה״ד דער פראַצעס, וואָס דורך דעם זענין קורצע אַקצענטירטע וואקאַלן לאַנג גיוואָרן (Vogel < vogel) און ערשט פונים לאַנגין וואקאַל האט אין יידיש גיקענט אויכ וואַקסן דער דיפטאנג oi (foigl), און ערשט פון oi האט זיך גיקענט נעמין (feigl < föigl)

פאַראַן אויך אַן אָן־ווייז אַף אַ צייט, וואָס די עמיגראַציע האט גימוזט זיין פריער דערפון. דאָס איז די דיאַלעקטישע גרעניץ צווישן n און i זי איז די זעלבע ווי די אַמאָליקע פאליטישע גרעניץ צווישן פוילן און רייסן ליטע. דאָס הייסט, דער בייט פון u אַף i האט זיך אויס גישפרייט אַף גאַנץ פוילן און האט זיך אָפּ גישטעלט ביי יענער ליניע אין אַ צייט, ווען זי איז גיווען אַ מניעה און מ־האט נישט פשוט גיקענט אַריבער פאָרן. דאָס האט מן הסתם נישט גיקענט

זיין נאָכן יאָר 1569, ווען די דאָזיקע פּאָליטישע גרעניץ איז פאַרשוואונדן געוואָרן, און אויך נישט נאָך 1385, ווען אַט די לענדער זענען פאַראייניקט געוואָרן אונטער איין קרוין.

קומט אויס, אַז דער בייט פון oi אויף ei איז געווען אַן ערך צווישן 1300 און 1385, לאָמיר זאָגן, אַרום דער מיט פונעם פערציטן הונדערט יאָרן. דאָס וואָלט געווען די שפּעטסטע צייט, ווען די עמיגראַנטן זענען אַוועק פון פּוילן אין האָבן שוין מיט גענומען מיט זיך די פאַרים oi, אָבער נאָך נישט קיין i פון u). דעריבער מעגן מיר משער זיין, אַז דאָס האָט עפּיס צו טון מיט דער גרויסער כוואַליע עמיגראַנטן, וואָס זענען געקומען פון דייטשלאַנד באַלד נאָכן יאָר 1348, דים יאָר פונים „שוואַרצן טויט" און די גרויסע פּאָגראָמען, וואָס די מגיפה האָט אַרויס גערופן — וואָרן אין מערב־יידיש איז דעמאָלט שוין געווען די שינוי פון u אויף ü.

פאַראַן פאַקטן, וואָס ווייזן אָן אויף נאָך עלטערע צייטן. למשל דאָס וואָרט פּויפּס ענדיקט זיך מיט אַ סמך, אַזוי ווי עס איז געווען אין עלטערן מה"ד, אין יינגערן מה"ד איז שוין צו געוואַקסן אַ ט : bâbest.

געוויסע ווערטער, וואָס זענען אַריין געקומען פון פּויליש האָבן אַ ריש, וואו פּויליש האָט היינט אַ זש (rz), למשל אינים שטאָט־נאָמען רייש‏ע אַנטקעגן Rzeszów. דערפון זעט זיך, אַז אַזוינע ווערטער זענען אַריין אין יידיש, ווען ר אין פּויליש איז נאָך נישט געווען פּאַלאַטאַליזירט. אין די עלטסטע פּוילישע כתב־ידן, דאָס הייסט פון דרייציטן הונדערט יאָרן, האָט זיך דער פּראָצעס שוין געהאָט אָן געהויבן. אַזוי ווי די יידישע אימיגראַציע אין פּוילן, פון דייטשלאַנד, הייבט זיך אָן ביים סוף פון עליפטן הונדערט יאָרן, האָט מען אַזוינע ווערטער שוין נישט געקענט אַריין נעמען נאָכן צוועליפטן הונדערט יאָרן.

נאָך אַן עלטערע דאַטע זעט זיך אפשר אין כ, למשל לאַכן, שטעכן, מיטן זעלבן קלאַנג, בשעת אין ch אין lachen פאַרשידן פון ch אין stechen. דאָס וואָלט געווען אַן אָן־ווייז, אַז יידיש כ וואַקסט נאָך פון דער אַלט־ה"ד תקופה. ווען דער קלאַנג איז געווען דער אייגינער אין lahhên ווי אין stëhhan. אַזוי אַרום וואָלטן מיר דערגאַנגען ביז פאַר דער מיט פונים עליפטן הונדערט יאָרן.

נאָך אַן עלטערע דאַטע איז געדרונגען דערפון, וואָס יידיש האָט דים לשון־קודשן און אַראַמישן, און אויך דים ראָמאַנישן עלימענט.ביידע זענען שוין אין דער ערשטער רגע געווען יסודות פונים לשון, ווען יידן האָבן זיך באַזעצט אין אשכנז, און האָבן עס אָפּ געשייט פונים לשון פון דייטשן. און דאָ גיסט זיך צו נויף די פילאָלאָגישע קריטעריע מיט דער סאָציאָלאָגישער.

## (5) די סאָציאָלאָגישע קריטעריע

לשון איז אַן עיניין פונים לעבן פון אַ ציבור. ווען יידן האָבן זיך באַזעצט אין אשכנז ציבורווייז און איבער גענומען דאָס לשון פון זייערע נייע שכינים, איז עס דורך דעם תיכף ומיד געוואָרן אַ יידיש לשון — יידיש איז געבוירן געוואָרן.

דאָס איז נישט קיין פּאַראַדאָקס און נישט קיין טעאָריע. אומיטום, וואו עמיגראַנטן באַזעצן זיך ציבורווייז צווישן אַן אַנדערן, גרעסערן ציבור, קען מען זיך אויך היינט צו קוקן צון אַזאַ פּראָצעס, ווי עס הייבט אָן אויס צו וואַקסן אַ נײַ לשון. אויב דער ציבור בלייבט אַ ציבור, וועט זײַן אַן אויס־וואַקס. אויב דער ציבור ווערט אויס ציבור, שטאַרבט דאָס שפּראַצונג אָפּ. אויב דאָס ציבורדיקייט פונים ציבור ווערט שטאַרק אָפּ געשוואַכט, זעען זיך נאָך אַ ביסל סימנים אינים לשון פונים מיעוט.

דעריבער, כדי געוואָר צו ווערן, ווי אַלט עס איז יידיש, דאַרפן מיר אויס געפינען, ווען יידן האָבן זיך באַזעצט אין אשכנז. אונדזערע ערשטע זיכערע ידיעות זענען פון ניינטן הונדערט יאָרן. אט דאָס דאַרף זיין אונדזער דאַטע.

אַזוי אַרום איז יידיש אַלט אַן ערך עליף הונדערט יאָר.

לאָנדאָן, 1966.

# אַריינפיר צום רעפעראַט פון ד״ר יעקב מײַטליס

פון פּראָפ. אַלעקס דערטשאַנסקי (פּאַריז)

עס וואָלט אפשר געווען ריכטיקער צו רעדן נישט וועגן דער שייכות צווישן דער שפּראַך־פאָרשונג און דער ליטעראַטור, נאָר וועגן יידישער פילאָלאָגיע. וועגן די פּראָגעס פירט זיך שוין אַ פּלוגתא איבער פערציק יאָר. עס זענען שוין פאַראַן מענטשן פון דעם געביט אויפן עולם האמת און עס איז נאָך פאַראַן יבדל לחיים ארוכים אַ מענטש, פון וועלכן מיר דערוואַרטן נאָך, אַז עס זאָל דערשײַנען זײַן געשיכטע פון יידיש. איך מיין די פּלוגתא צווישן באַראַכאָוון און ווײַנרײַכן. זאָל מיר דערלויבט זײַן צו דערמאָנען אין וואָס די פּלוגתא באַשטייט.

פאַר באָראָכאָוון איז די פילאָלאָגיע כולל אי שפּראַך־פאָרשונג, אי ליטע־ראַטור־פאָרשונג, אי פאָלקלאָר. פאַר ווײַנרײַכן זענען די שטחים באַזונדערע. עס זענען פאַראַן צווישן זיי פאַרבינדונגען, אָבער זיי קריסטאַליזירן זיך נישט אויס אין אַן איינהייטלעכער דיסציפּלין. פאַר באָראָכאָוון איז יידיש געווען פאַר־בונדן מיט דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־באַוועגונג. ביי ווײַנרײַכן איז דער וויסנ־שאַפטלעכער טראָפּ דאָס וויכטיקסטע. די סתירה צווישן ווײַנרײַכן און באָראָכאָוון געפינט איר אויף די צוויי טאָוולען פון דער „יידישער שפּראַך״, וואָס דערשײַנט אין ניו־יאָרק. אַז איר לייענט דעם יידישן טעקסט פון דער „יידישער שפּראַך״, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן דורך ייוו״אָ, זעט איר, אַז די צײַטשריפט איז אַרויס־געגעבן פון דער פילאָלאָגישער סעקציע פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. און אויף דעם ענגלישן טאָוול לייענט איר „סעקשן אָף לינגוויסטיקס — יידיש סײַיענטיפיק יינסטיטוט״. דאָס הייסט, אַז מען איז דערגאַנגען צו אַ פּשרה. מען גיט אָפּ כבוד באָראָכאָוון, נאָר מען פירט זיך לויטן נוסח ווײַנרײַך.

שטעלט זיך די פראַגע, צי ווײַנרײַך איז גערעכט? איך גלויב — איך זאָג עס אין מיין אייגענעם נאָמען — אַז ווײַנרײַך איז גערעכט. דער פונדאַמענטאַלער טעות, וואָס די יידישיסטישע באַוועגונג איז באַגאַנגען, איך מיין עס פון וויסנ־שאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, איז צו גלויבן, אַז יידיש האָט געקענט שפּילן די ראָלע כּלפּי לשון־קודש, וואָס פראַנצויזיש האָט געשפּילט כּלפּי לאַטיין. דער היסטאָ־רישער פעלער איז נישט פאַרבונדן מיטן חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום, נאָר איז פאַרבונדן מיט אַ פאַלשער אינטערפּרעטאַציע פון מהות פון יידישקייט. מיר זעען פּאַקטיש אין אונדזער יידישער פילאָלאָגישער אַרבעט און אין דער לינג־וויסטישער אַרבעט, ווי אַזוי די פרעמדע השפּעות קענען דערגיין צו ווילד־גראַז.

דעם בעסטן באַוויז האָבן מיר אין דער סאָוויעטישער פילאָלאָגישער אַרבעט, וואָס איז אַ ווונדערלעכע אַ־בעט אויפֿן וויסנשאַפֿטלעכן געביט, וואָס האָט די גרעסטע פֿאַרדינסטן אין דעם שטח, ווייל מיר זענען נאָך עד היום נישט דער־גאַנגען צו אַזעלכע רעזולטאַטן ווי די סאָוויעטיש־יידישע פֿאָרשער זענען דער־גאַנגען אין דער קורצער צייט, וואָס די דאָזיקע פֿאָרשונג האָט עקזיסטירט.

אָבער די סאָוויעטיש־יידישע שפּראַך־פֿאָרשונג איז געווען פֿאַרבונדן מיט דעם מאַרקסיסטישן שאַבלאָן. די יידישע שפּראַך־פֿאָרשער פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד האָבן געלייגט אַ צו גרויסן טראָפּ אויף אַ טיילווייזן היסטאָרישן אמת מיט דער באַהויפּטונג, אַז די העברעאיזאַציע פֿון זייער צייט ציט איר יניקה פֿון אַלט־יידיש. צווייטנס האָט די יידישע ליטעראַטור־פֿאָרשונג אין ראַטנפֿאַרבאַנד געהאַלטן, אַז די יידישע ליטעראַטור הייבט זיך אָן מיט מענדעלע. נחום שטיף למשל, האָט אין זיין אַנטאָלאָגיע פֿון אַלט־יידישער ליטעראַטור זיך באַשרענקט צו די פֿאָרגייער פֿון מענדעלע, ווי מענדל לעפֿין, שמואל עטינגער, אַקסענפֿעלד א. אַנד. פֿאַקטיש זענען זיי די באַנייער פֿון דער יידישער ליטעראַטור. נחום שטיף און מאיר ווינער האָבן אַרויסגעהייבן מענדעלע, ווייל זיי האָבן ביי אים געפֿונען בעיקר דעם קלאַסן־מאָמענט און אויך סאָציאַלע מאָמענטן, וואָס האָבן געקענט דינען אַלס אַ ביישפּיל פֿאַר דער אַלגעמיינער סאָוויעטישער ליטעראַטור.

מען דאַרף דאָך געדענקען, אַז די יידישע שפּראַך־פֿאָרשונג אין ראַטנפֿאַר־באַנד איז געווען נישט נאָר אַ פּיאָניר־אַרבעט, נאָר איז אויך געווען פֿאַרבונדן מיט דעם גורל פֿון דער סאָוויעטישער לינגוויסטיק בכלל און איז געווען אַ יש פֿאַר דעם יידישן קולטור־אוצר.

עס איז געגוג צו דערמאָנען צוויי אַרבעטן. די ערשטע אַרבעט איז דער שפּראַך־אַטלאַס פֿון וועגגער־ווילענקין, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דריי־סיקסטן יאָר. די צווייטע אַרבעט איז די גראַמאַטיק פֿון פֿאַלקאָוויטשן, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1940. פֿאַקטיש איז דאָס געווען דער שוואַנען־געזאַנג פֿון דער יידישער שפּראַך־פֿאָרשונג אין ראַטנפֿאַרבאַנד. מיר האָבן ביז היינט צו טאָג נישט קיין ממלא מקום צו דער גראַמאַטיק פֿון פֿאַלקאָוויטשן. אַ מענטש, וואָס מוז היינט צו טאָג זיך אָפּגעבן מיט אַ וויסנשאַפֿטלעכער באַאַרבעטונג פֿון דער יידישער גראַמאַטיק, קען זיך נישט באַגיין אָן פֿאַלקאָוויטשעס גראַמאַטיק. און יעדעס יאָר, ווען אוריאל וויינרייך הייבט אָן זיין קורס אין קאָלומביער אוניווערסיטעט, דערמאָנט ער די אַרבעט פֿון פֿאַלקאָוויטשן און ער גיט אים אָפּ דעם געהעריקן כבוד.

אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער לינגוויסטישער פֿאָרשונג, איך מיין די שפּראַך־פֿאָרשונג, די יידישע לינגוויסטיק אַלס אַזעלכע, האָט מאַקס וויינרייך, וואָס האָט באַקומען זיין בילדונג זיינער צייט אין דייטשלאַנד, געשאַפֿן אַ צווייטן דור פֿון לינגוויסטן, ווי זיין זון, וואָס האָט שוין זיין אייגענעם חדר. און זיין זון אוריאל וויינרייך גרייט צו דעם שפּראַך־ און קולטור־אַטלאַס פֿון אשכנזישן יידנטום, וואָס האַלט זיך ביים פֿאַרענדיקן. ער האָט נאָך געקענט באַנוצן מאַ־טעריאַלן פֿון געוויסע ערטער אין אייראָפּע, וווּ עס איז נאָך מעגלעך געווען צו אינטערוויואירן אינפֿאָרמאַנטן. ער האָט אויך געבראַכט קיין ניו־יאָרק משה

אַלטבויער פון ירושלים, כדי ער זאָל באַאַרבעטן די סלאַוויזמען אין די פּאַר־שידענע יידישע דיאַלעקטן. מיר זענען איצט אַריינגעגאַנגען אין דער לעצטער פּאַזע פון דער אַנטשטייאונג פון דאָזיקן שפּראַך־ און קולטור־אַטלאַס.

אָבער פּונקט ווי עס איז געווען אַ פּלוגתא צווישן באַראַכאָוו און ווייַנרייכן, אַזוי איז פאַראַן אַ פּלוגתא צווישן טאַטן און זון. ווען איר זעט דעם צווייטן באַנד פון „פּילד אָף יידיש", וואָס אוריאל ווײַנרייך גיט אַרויס אין פּאַריז, אין פאַרלאַג מוטאַן, פּאַריז—האַאַג, און די אַרבעט, אין וועלכער מאַקס ווייַנרייך רעדט וועגן דער דינאַמיק אין דער בילדונג פון יידישע דיאַלעקטן, איז פאַראַן אַ נאָטע ביים סוף פון דעם אַרטיקל, אַז „מען קען אַנדערש באַאַרבעטן דעם ענין און איך גיב אָן די מעטאָדע פון דעם אַנדערן, אָבער איך בין דערמיט נישט מסכים".

וואָס איז דער אונטערשיד צווישן טאַטן און זון? דאָס איז דער אונטערשיד צווישן מענטשן, וואָס קומען אַרויס פון דער אַלטער לינגוויסטישער שולע, וואָס איז נאָך געגאַנגען אין די דרכים פון דער ראָמאַנטישער שולע פון לעאָ שפּיצערן, וואָס רעדט נאָך וועגן אַ גייסט פון דער שפּראַך און וואָס דערגייט ביי מאַקס ווייַנרייכן צום הבדל צווישן פאָרם און דער פסיכישער פונקציע, און די נייע שולעס. ביי אוריאל ווייַנרייך האָט די שפּראַך אין זיך אַליין איר פאַרענטפערונג. ער איז איינער פון די בויער פון דער אַזוי גערופענער סטרוקטוראַליסטישער שולע. ביי אונדז אין פראַנקרייך איז סטרוקטוראַליזם היינט צו טאָג אַ זייער אָנגענומענער ענין. אַזוי ווי מען איז געווען עקזיסטענציאַליסטן אין 1946, אַזוי איז מען היינט אין פראַנקרייך סטרוקטוראַליסטן. דאָס איז דערפאַר, ווייל מען האַלט, אַז די לינגוויסטיק איז די איינציקע גייסט־וויסנשאַפט וואָס האָט דער־גרייכט געהעריקע רעזולטאַטן. מען איז דערגאַנגען דערצו, אַז די לינגוויסטיק — אַזוי האַלט מען — איז דער מאָדעל פון אַלע גייסט־וויסנשאַפטן. דאָס איז די שיטה פון קלאָד לעווי־שטראַוס.

די לינגוויסטיק לייגט דעם טראָפּ אויף דער חלוקה פון שפּראַך און וואָרט. דער לינגוויסט אינטערעסירט זיך נאָר מיט שפּראַך. די שפּראַך פאַר זיך אַליין באַשטייט פון סטרוקטורן, וואָס קריסטאַליזירן זיך אויס אין סיסטעמען. דאָס איז פאַקטיש דער זעלביקער פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער פּסיכאָלאָגיע מיט דעם זיג פון דער געשטאַלט־פּסיכאָלאָגיע, ווי עס האָבן געפּרעדיקט קאָעלער, ווערטהיימער, לעווין און אין פראַנקרייך גיאָם און איגנאַץ מייערסאָן.

די פּערספּעקטיוו פון סטרוקטור און סיסטעם געפינען מיר אויך אין דער מאָדערנער מאַטעמאַטיק. פאַר קלאָד לעווי־שטראַוס זענען צום ביישפּיל די פאַר־בינדונגען צווישן משפּחה־מיטגלידער געבויט אויף מאָדעלן פונעם לינגוויסטישן נוסח. דער סיסטעם פון אַ זאַץ־בוי אין דער שפּראַך איז אַ מוסטער פאַר דער סטרוקטור פון דער מענטשלעכער משפּחה.

וואָס שייך די פאַרבינדונגען מיט דער ליטעראַטור־פאָרשונג איז דאָס די שיטה פון ראָלאַנד באַרט און אַנדערע. דאָס באַדייט, אַז מען זאָל נעמען די לינג־וויסטישע מאָדעלן און דערמיט דערגיין צו אַ פאַרטיפונג פון דער ליטעראַטור.

פאַרוואָס האָב איך דאָס אַלץ דערציילט? ווייל דאָס האָט אַ שייכות מיט דעם מהות פון יידיש און מיט דעם מהות פון יידישקייט; ווייל מאַקס ווייַנרייך,

אַזוי ווי ער האָט געמאַכט דעם הבדל צווישן פאָרם און פּסיכישע פונקציע, האָט ער געקענט געפינען אַ בריק און געבן יעדן איינעם דעם געהעריקן פּלאַץ, וואָס קומט אים. אָבער אַז מען גייט אַרויס פון אַ סטרוקטוראַליסטישן שטאַנדפּונקט פאַרשווינדט דער גאַנצער צוגאַנג צו פּסיכישער פונקציע. מען ווערט אַ געפאַנ־גענער פון אַקצענטן, פון די ווערטער, פון די קלאַנגען, פון דער אַזוי גערופענער פאָנעטיק, און מען קריכט נישט אַרויס. דאָס דערגייט צו אַ מעטאָדאָלאָגישער פאַרלייקענונג פון יעדער גייסטיקער השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך, אַז די שפּראַך פאַר זיך אַליין האָט אין זיך איר זעלבסטבאַרעכטיקונג.

דאָס אָבער שמעקט מיט שבתי־צבי, דאָס הייסט מיט הפקרות, מיט מבטל מאַכן אפילו די ספּעציפישקייט פון יידיש. מיר ווייסן, אַז די שבתי־צבי־באַוועגונג האָט גורם געווען צו אַ חורבן פון די יידישע קהילות. דער בעסטער באַשרייבער פון די קאָנסעקווענצן, וואָס שבתי־צבי האָט געהאַט פאַרן יידישן פאָלק, איז יצחק באשעוויס, וועלכער איז אייגנטלעך אַ ראָמאַניסט, אָבער גלייכצייטיק אַ טיפזיניקער אַנאַליטיקער פון דעם שבתיאיזם, בעסער נאָך, ווי עס איז דער היסטאָריקער פון דער באַוועגונג גרשום שלום. די עראָטאָמאַניע, דאָס אַרונטער־רייסן די אויטאָריטעט פון דער הלכה, דער ניהיליזם, וואָס איז געווען באַגלייט מיט שענדלעכע אָרגיעס, האָבן דערפירט דערצו, אַז די השכלה האָט נישט געקענט שפּעטער ברענגען אירע אַנטשפּרעכנדיקע פּרוכטן און איז דערגאַנגען ביז כפירה. אין דעם זין איז די שבתי־צבי־באַוועגונג אַ סינאָנים פון הפקרות אין אונדזער געשיכטע.

די פראַנצויזישע שולע פון סטרוקטוראַליזם, וואָס נעמט אַרום מישעל פוקאָ, דעם נעאָ־מאַרקסיסט אַלטהוסער און דעם פּסיכאָ־אַנאַליסט לאַקאַן, דערגייט צו ניהיליזם און דעריבער איז דער סטרוקטוראַליזם אַלס פילאָזאָפישע שיטה, נישט אַלס מעטאָדע, נישט קיין אַנטשפּרעכנדיקער שליסל פאַר דער יידישער שפּראַך־און קולטור־פאָרשונג.

אין זיין אַרבעט וועגן דער דיאַלעקטן־געאָגראַפיע האָט זיך אוריאל וויינרייך אין דעם טייל וועגן ווייסרוסישן יידיש, מודה ומתודה געווען, אַז דער סטרוקטו־ראַליזם איז נישט מסוגל אַרויסצוגעבן דעם אמתן פּרצוף פון די דיאַלעקטן. דאָס הייסט, אַז די מאָדערנע לינגוויסטיק, אַלס אַ מכשיר, קען אונדז נישט געבן די געהעריקע תשובה אויף דעם פּראָבלעם — טויזנט יאָר יידיש — ווי ראַבאַק האָט עס אָנגערופן „די אימפּעריע יידיש".

מוז איך דעריבער אָפּגעבן די געהעריקע דערקלערונג, אַז די מאָדערנע לינגוויסטיק איז אין אַ טעמפּן ווינקל. מיר זענען היינט, אַז מיר מוזן צוריקגיין צו די קלאַסישע מעטאָדעס פון דער פילאָלאָגיע, און בנוגע שפּראַך־פאָרשונג צו דער טראַדיציאָנעלער פאָנעטיק, כדי מסביר צו זיין די פּראָבלעמען פון אונדזער שפּראַך און קולטור־ווירקלעכקייט. דערפאַר האָב איך געגלויבט, אַז די מענטשן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט דעם שטח זאָלן אונדז אָפּגעבן גרוסן פון די אַרבעטן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן.

און נאָך אַ באַמערקונג:

ווען נישט די רעגירונגען פון האָלאַנד, פון פראַנקרייך, פון דענעמאַרק און

אפילו פון צפון־אַמעריקע, כ׳מיין פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, וואָלט היינט צו טאָג קיין יידישע שפּראַך־פּאָרשונג נישט געווען. איך וויל אויך ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען דעם טייערן בריסעלער ייד, וואָס אַ דאַנק אים איז די יידישע שפּראַך־פּאָרשונג ממשיך געוואָרן. איר קענט זיכער דעם נאָמען אַטראַן און איר ווייסט, אַז די קאַטעדרע אין קאָלומביער אוניווערסיטעט, אויף וועלכער פּראָפעסאָר אוריאל וויינרייך דאָצירט, איז געוואָרן געשאַפן אַ דאַנק דעם בריסעלער ייד, אַ דאַנק יידיש בריסל.

נאָך מיר וועט פּאַר אייך נעמען אַ וואָרט ד״ר יעקב מייטליס, וועלכער איז נישט קיין פּנים חדשות אין דער יידישער ליטעראַטור־פּאָרשונג. אין יאָר 1932 האָט ער אונדז מזכה געווען מיט זיין וווּנדערלעכער אַרבעט וועגן מעשה־בוך, וואָס איז היינט צו טאָג אַ יקר־המציאות. זייט דאַמאָלסט האָט ד״ר מייטליס זיך אָפּגעגעבן מיט דער יידישער ליטעראַטור־פּאָרשונג און האָט געמאַכט אַ וויכטיקע אַנטדעקונג אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין פּאַריז. דער דאָזיקער כּתב־יד דערלויבט אים צו מאַכן אַ וויכטיקן בייטראָג צו דער שטודיע פון פּאָלקלאָר און ליטעראַטור ביי יידן.

בריסל, 1967.

# שפּראַך־ און ליטעראַטור־פאָרשונג

פון ד״ר יעקב מייטליס (לאָנדאָן)

איר ווייסט, אַז ביי יידן איז פאַראַן אַ מנהג, וואָס הייסט התנצלות המחבר, מען פאַרענטפערט זיך. וויל איך פאַר אייך פאַר באמת זיך פאַרענטפערן צוליב דעם, וואָס עס איז נישט געלונגען אַוועקצושטעלן מיין רעפעראַט, וואָס איז אַ טייל, אַן אחדות פון דעם צוגאַנג צו געוויסע וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען און געוויסע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגס־טעמעס אין יידיש, נאָר איך מוז אָפּגעבן מיין רעפעראַט איצט, און מאָרגן וועט מען מן הסתם האָבן די געלעגנהייט ממשיך צו זיין נישט נאָר די דיסקוסיע אַרום דער פראַגע, וועלכע דערטשאַנסקי האָט דאָ דערמאָנט, עס איז איינע פון די אָנגעווייטיקסטע פראַגעס פון דער פאַריתומדיקייט פון דער יידישער וויסנשאַפט, נאָר אויך וועגן אַנדערע פראַגעס. איך האָף, אַז איר וועט נאָך האָבן אַ געלעגנהייט דערמיט זיך צו באַשעפטיקן. איר האָט זייער גוטע פאַרטרעטער פון דער יידישער וויסנשאַפט און איר וועט דעם ענין קענען ברייט דיסקוטירן.

קודם כל צו אונדזער ענין גופא. די טעמע וואָס איך האָב געוויילט, אָדער וואָס מען האָט מיר פאָרגעשלאָגן, כדי אַריינצופּאַסן אין די ראַמען פון אונדזער צוזאַמענפאָר, איז פאָלקלאָר און ליטעראַטור. וויל איך קודם כל זאָגן, אַז עס איז זייער אַ ברייטע און זייער אַ וואָגיקע טעמע. אייגנטלעך וואָלט איך געזאָגט, אַז עס איז אַ גאַנצע מסכתא פון יעדער ליטעראַטור. אָבער איך וועל נישט צו ווייט פאַרקריכן. איך וויל נאָר יוצא זיין מיט אַן אַלגעמיינעם אַריינפיר און טאַקע דערמאָנען עפּעס פון דעם, וואָס איר האָט שוין דאָ דיסקוטירט, וואָס איז דאָ נעכטן גערעדט געוואָרן זייער אויספירלעך, וועגן יידישן המשך. סוף כל סוף איז דאָ מיין אויפגאַבע צו מאַכן אַ געוויסן סך־הכל פון דעם, וואָס איז פאָלקס־שאַפונג און המשך. טאַקע אָנווייזן די הויפּט־ליניעס פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג, אָפּמערקן די עלעמענטן פון דער פאָלקס־שאַפונג אַלס אַזעלכע און אירע שייכותן צו דער היינטיקער מאָדערנער ליטעראַטור בכלל, כ׳מיין יידישע ליטעראַטור און נאַטירלעך, אַז איך רעכן דעריין אויך אַריין די העברעאישע ליטעראַטור. נאָר דער דגש וועט נאַטירלעך זיין אויף דער יידישער ליטעראַטור.

לאָמיר זיך קודם כל דערמאָנען, אַז בראשית, דאָס הייסט, אין אָנהייב פון דער ליטעראַטור שטייט געווייגלעך די פאָלקס־מעשה. אַ זייער באַשיידן, פאַריתומט קינד. עס איז, וואָלט איך געזאָגט, אַן אַנאָנימע פאָלקס־שאַפונג, אָן אַ

לעגיטימען טאַטע און מאַמען. נעכטן האָט מען אויך גערעדט וועגן אַנאָנימער פאָלקס־שאַפונג, נאָר איך וועל מאַכן אַן אונטערשיד צווישן צוויי אַנאָנימע פאָלקס־שאַפונגען. איין אַנאָנימע פאָלקס־שאַפונג, וואָס איז אַ רשות־הרבים, וואָס דאָס פאָלק שאַפט. און עס איז פאַראַן אַזעלכעס, וואָס איז געוואָרן געשאַפן פון געוויסע מחברים, פון געוויסע מענטשן, פון געוויסע דיכטער און עס איז דערנאָך געוואָרן אַ רשות־הרבים, עס איז געוואָרן פּאָפּולער און עס איז איבערגעגאַנגען אין פאָלקס־אוצר. איך וויל, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין, אַז פאָלקס־שאַפונג בדרך כלל איז אַ רשות־הרבים. און עס באַשטייט פון שפּילפּולע, קאָלירפולע מאָטיוון, פרעמדע און אייגענע, סיפּור־המעשיות, אַ רייכע בעל־פּה־טראַדיציע, איבערגעגעבן פון דור צו דור און וואָס וואַנדערט איבער צייטן און איבער לענדער. עס ווערט דערנאָך ערשט, אַ סך אַ סך שפּעטער, דורות שפּעטער, פאַרשריבן, פאַרפיקסירט און געזאַמלט און אויף אַזאַ אופן אַריינגעטראָגן אין אוצר פון דער פאָלקס־ליטעראַטור. דאָס דאַרפן מיר האָבן פאַר אונדזערע אויגן. ערשט אויף אַ מער רייפער, צייטיקער און העכערער קולטור־שטופע ווערט פון דאָזיקן פאָלקס־שאַפן, פון דאָזיקן רשות־הרבים אַ רשות־היחיד. דאַמאָלסט ערשט קומט אַ פּאַרטיפּטע, פול־בלוטיקע פיל־פּנימדיקע ליטעראַטור, די אינדיווידועלע שאַפונג פון דעם קינסטלער, מיט איר אויסטראָג, מיט איר באַזונדערן סטיל, מיט איר פאָרם און אינהאַלט און זי טראָגט טאַקע דעם חותם פון דער אינדיווידועלער קינסטלערישער פערזענ־לעכקייט. און איך לייג דעם דגש אויף דער קינסטלערישער פערזענלעכקייט.

פרעגן מיר זיך על־כן, וואָס איז געווען די פאָלקס־שאַפונג, איר פּלאַץ אין דער ליטעראַטור און איר השפּעה אויף אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור? בשעת איך זאָג פאָלקס־שאַפונג, וויל איך, אַז מען זאָל פאַרשטיין, אַז דאָס נעמט אַרום אַלץ, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן ביודעים אָדער בלא־יודעים. דאָס הייסט, געשאַפן אין משך פון דורות, וואָס נעמט אַרום אַ ברייטן שטח, אָנגעהייבן פון דער פאָלקס־מעשה, פון דעם פאָלקס־ליד, פאָלקס־מוזיק, טאַנץ־לידער, פאָלקס־ווערטלעך, ביז מנהגים, גלויבענישן, שטייגער־לעבן א. א. וו. עס איז געווען אַ צייט, און איך מוז אייך דאָס דערמאָנען, אַז מען האָט געקוקט מיט גרויס ביטול אויף דעם, וואָס מיר רופן פאָלקס־שאַפונג. מען האָט דעריין געזען נאַרישקייטן, טיפלות, אָפּגעשטאַנענקייט און עפּעס פון דעם אַלעם, וואָס די באָבע דערציילט, וואָס הדר־יינגלעך דערציילן און וואָס עס פּאַסט זיך גאָרנישט פאַר אַן אינטע־ליגענטן, מיושבדיקן און אויפגעקלערטן מענטש. מען האָט פשוט פאַרזען, נישט פאַרשטאַנען, דעם ווערט און דעם באַדייט פון אָט דעם גרויסן פאָלקס־אייגנס. אגב, דוכט זיך, אַז עס איז שוין דאָ דערמאָנט געוואָרן, איז די זעלביקע באַציאונג אויך געווען צו יידיש. מען האָט אויך יידיש פאַרנאַכלעסיקט, מען האָט אייך יידיש אַלס אַ שפּראַך נישט פאַרשטאַנען. און עס האָט געמוזט קומען אַ גרופּע קולטור־טרעגער, פאָרשער, דיכטער, וואָס האָבן זיך מיט אַ געוואַלטיקער התלהבות אַריינגעוואָרפן אין די טיפענישן פון דער פאָלקס־שאַפונג. זיי האָבן פון דאָרט אַרויסגעטראָגן, ווי מען זאָגט עס אין אונדזער אַלטן שיינעם יידיש, אבנים טובות, טייערע זאַפטיקע שטיינער. זיי האָבן, די דאָזיקע פאָרשער און שרייבער, מיט אַ באַזונדערער איבערגעגעבנקייט און מיט פרייד זיך גענומען אָפּריייניקן דעם

שטויב פון דורות, פֿאַרשרייבן, זאַמלען און אַרויסגעבן דעם בעל־פּה־פֿאָלקלאָר. גלייכצייטיק טאָקע אויך באַאַרבעטן די אַלטע מקורות, מאָטיוון, דאָס, וואָס איז באַקאַנט פון די אַלטע מסורות. דאָס אַלץ האָט מען גענומען פֿאַרגלייכן. מיר לערנען אין דער מאָדערנער וועלט מיט מעטאָדעס פון פֿאַרגלייך, מיטן קאָמ־פּאַראַטיוון פֿאָלקלאָר, דאָס הייסט, פֿאַרגלייכן וואָס מיר האָבן געשאַפֿן מיט דעם, וואָס אַנדערע האָבן געשאַפֿן. מיר זענען נישט קיין יחידים, טאַרטאַקאָווער האָט נעכטן מיט רעכט דערמאָנט, אַז עס איז תמיד אָנגעגאַנגען אַ געוואַלטיקע השפּעה פון דער אַרומיקער וועלט אויף אונדז. מיר שטייען קיינמאָל נישט אָפּגעשלאָסן, איזאָלירט פון דער וועלט. און די דאָזיקע השפּעות פון דרויסן שפּילן נאַטירלעך אַ געוואַלטיקע ראָלע אין דעם דאָזיקן אַפּאַראַט, וואָס מיר רופֿן אָן קאָמפּאַראַטיווער פֿאָלקלאָר, דער פֿאַרגלייך־פֿאָלקלאָר.

אַ באַדייטנדיקער, נאַטירלעכער טייל פון פֿאָלקס־שאַפֿן איז די מעשה. און איר וועט באַלד זען פֿאַרוואָס איך לייג דעם דגש אויף דער מעשה. קודם כל וויל איך אייך דערמאָנען, אַז די מעשה אַלס אַזעלכע איז פּילמינימדיק און פֿיל־פּנימדיק. און ווידעראַמאָל — זי נעמט אַרום אגדה, סיפּור־המעשיות, זי נעמט אַרום די לעגענדע, דעם משל, דעם פּאַראַבאָל און אפֿילו, אויב איר ווילט, אויך דעם פֿאַבל. זי איז אי פֿרום, אי פֿאַרשייט, צוגעפּאַסט נאַטירלעך צו דעם גייסט און צו דעם געשמאַק פון דער צייט. איך קען זיך ליידער אויף די אַלע מאָמענטן נישט אָפּשטעלן, אָבער טאָמער עס וועלן זיין פֿראַגעס אין אַ דיסקוסיע, וועל איך ענטפֿערן מיט געוויסע ראיות ברורות וואָס איך מיין, אַז די מעשה און אפֿילו די פֿרומע מעשה קען זיין אי פֿאַרשייט און אי פֿרום. ווייל זי איז אַן אויסדרוק פון איר צייט און פון איר צייט־גייסט. אָבער על פּי רוב, טאָר מען נישט פֿאַרגעסן, איז די יידישע מעשה תמיד געווען מוסרדיק, זי איז געווען דידאַקטיש, זי האָט געהאַט אַן אויפֿגאַבע, זי איז תמיד דערציילט געוואָרן מיט אַ מוסר־השכל, מיט אַ פֿרומען היוצא לנו מזה. ווייל די מעשה האָט מען באַנוצט נישט לשם דערציילן אַ מעשה, נאָר כדי אַרויסצוציען דערפֿון אַ מוסר־השכל, און טאָקע אַ פֿרומען מוסר־השכל.

די פֿאָלקס־מעשה האָט אַ גאָר לאַנגע שלשלת היוחסין. זי קומט פון אַלטע צייטן, שפּאַנט איבער דורות און איבער געאָגראַפֿישע שטחים. זי הייבט זיך אָן — איך ווייס נישט, איך וויל דאָ ליבער נישט דערמאָנען ווו זי הייבט זיך אָן — נאָר קלאָר איז, אַז מיר האָבן זי אין דער תלמודישער ליטעראַטור. און איר ווייסט דאָך, אַז אַ פֿאָלק הייבט נישט אָן צו שאַפֿן פון דער לופֿט, פון אַ חלום, נאָר ס'איז דאָ אַ טראַדיציע, אַ שאַפֿערישע טראַדיציע. און די טראַדיציע גייט גאָר ווייט, אין דעם סאַמען בראשית. אין תלמוד ווייסן מיר, אין מדרש ווייסן מיר, און אין דער רבנישער ליטעראַטור פון גאַנצן מיטלאַלטער איז אָנגעפּיקעוועט מיטן דאָזיקן זאַפֿט פון פֿאָלקס־שאַפֿן און פון דער פֿאָלקס־מעשה. און איך דאַרף אייך דאָ נישט דערמאָנען אַז צוקומענדיק צו חסידות איז ווידעראַמאָל פֿאַראַן די מעשה, וואָס האָט דאָ באַקומען אַ נייעם זין און אַ נייעם וועג. די מעשה באַנייט זיך כסדר ביז זי ווערט מגולגל צום סוף אין אַ נייעם וואַריאַנט פון דעם אַזוי גערופֿענעם פֿאָלקס־מעשהלע. אונטער דעם נאָמען פֿאָלקס־מעשהלע פֿאַרשטייען

מיר אייגנטלעך אַלץ, וואָס די דייטשן רופן אָן מערכען. די אַלע גייען אַרום אין אונדזער יידישן וואָקאַבולאַר. די מעלה פון פאָלקס־מעשהלע איז, וואָס עס האָט אויפגעריסן די ראַמען פון דער נוסח־מעשה מיט איר טרוקענעם נוסח און אירע האַלב־פאַרגליווערטע פסוקים און האָט אַריינגעטראָגן אַ פרישקייט, אַ נייעם געדאַנק, אָן אויפבליק. אין נייעם פאָלקסטימלעכן לבוש פון דער מעשה צעוואַרעמט זיך דאָס האַרץ פון דעם פשוטן ייד. זי איז אָנגעפילט מיט אַ סך גייסטיקער, שטיפע־רישער הנאה און אַ סך שאַפערישער פרייד.

אַ גרויסע אויפלעבונג פון דער פאָלקס־מעשה איז נאַטירלעך חסידות. אויף דעם וועל איך זיך אָפּשטעלן אַ צוויי־דריי מינוטן; הגם איך ווייס, אַז עס וועלן זיין אָפּרופן, וואָס וועלן נישט מסכים זיין. אָבער דאָס שאַדט נישט. מיר זענען דאָך סוף כל סוף נישט קיין אַגיטאַטאָרן. מיר האָבן אַ וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג און מיר קענען נישט זאָגן קיין מגידות.

זאָג איך, אַז די גרויסע אויפלעבונג פון דער מעשה איז פאַרגעקומען אין חסידות. דאָ איז די מעשה דערהייבן געוואָרן צו אַ הויכער שאַפערישער מדרגה. דאָס מעשה דערציילן, אָדער ווי חסידים פלעגן זאָגן מעשהנען — ס׳איז אינטע־רעסאַנט — איז געוואָרן אַ מין הייליקער ריטואַל, אַ נשמהדיקער עקסטאַז, אַ פליענדיקער אין־סוף. אין חסידות האָט זיך די מעשה צעשטראַלט מיט דער אַלטער פאַרהוילענער ליכט פון דער יידישער פאָלקס־שאַפונג. און עס איז נישטאָ קיין צופעליקייט אין דער וועלט און אין לעבן פון אַ פאָלק, אין דעם שאַפן פון אַ פאָלק. עס קייטלט זיך, עס איז המשך. און אַזוי איז עס אויך געווען אין דער חסידישער מעשה. די מעשה איז שיעור נישט געוואָרן אין דער חסידישער וועלט אַן עבודה, אַ מענטשלעכע, פערזענלעכע איבערלעבעניש.

דערלויבט מיר איך צו דערמאָנען, אַז דער בעש״ט הקדוש, דער בעל־שם־טוב, האָט געזאָגט — און איך ציטיר — ווען איינער דערציילט דעם אַנדערן אַ פשוטע סיפור המעשה, פאַרטרייבט ער נישט נאָר דערמיט דעם גייסט פון עצבות, נאָר ער דערהייבט אים צו אַ העכערער מדרגה. עס איז אין דעם מעשה־דערציילן פאַראַן דער גרעסטער יחוד, די באַהעפטונג מיט גאָט ברוך הוא. מחמת גאָט דינען, טייטשט חסידות, הייסט אייגנטלעך דינען מיט פרייד. לאָזט מיר אויך אייך דער־מאָנען, אַז אַ צווייטער גאון אין דער חסידישער ליטעראַטור, וואָס מיר האָבן ערשט אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר אַריינגענומען, כולל געווען אין אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, איז נישט קיין קלענערער, ווי ר׳ נחמן בראַצלאַווער. און רבי נחמן זאָגט, אַז דערציילן סיפורי־מעשיות, זאָגן צדיקים אַז עס איז דבר גדול, זייער אַ גרויסע זאַך, דאָס איז די בחינה פון גדלות במוחין, פון אַ העכערער גייסטיקער עליה. מען ברענגט, זאָגט ער, דערמיט אַראָפּ אויף דער וועלט דעם אור־הגלות ומשיחא. מען פאַרדרענגט אַ סך פינצטערקייט, צרות פון דער וועלט.

אָט דעם כח זעט ר׳ נחמן אין דער מעשה און האָט דאָך ר׳ נחמן כסדר געזוכט פאַר זיינע געדאַנקען, פאַר זיינע תורות, אַ לבוש, אַ פאָרם, כדי איבער־צוגעבן אין בילדער און אין סימבאָלן, וואָס ער האָט געטראַכט. אַזוי זענען טאַקע געשאַפן געוואָרן זיינע פאַנטאַסטישע בילדער, וווּנדערלעכע מעשיות, וואָס האָבן

לויט אונדזער מאָדערנעם צוגאַנג, רבותי, פֿאַרלייגט דעם יסוד פֿאַר דער נייער ליטעראַטור, פֿאַר דער נייער פֿאָלקס־ליטעראַטור אין יידיש. דאָס איז אונדזער יחוס. מיט דער חסידישער מעשה הייבט זיך טאַקע אָן אַ נייע און תּוכיקע בלאַט אין אונדזער יידישער ליטעראַטור. חסידות האָט אויפגעטאָן לפי ערך אַ סך מער פֿאַר דער ליטעראַטור, ווי די השכלה מיט איר טרוקענעם, שכלדיקן אוטיליטאַרן צוגאַנג צו יידיש. מען האָט געגומען יידיש, ווייל דאָס פֿאָלק האָט אַזוי גערעדט, אָבער מען האָט עס נישט געטאָן צוליב ליבשאַפֿט. קעגן דעם שטייט חסידות. וואָס האָט אַריינגעטראָגן דעם יידיש־ברען, עקסטאַז, נשמהדיקייט. זי האָט אָפּגע־פּרישט די שפּראַך פֿון איר הילצערנעם אומבאַהאָלפֿענעם נוסח פֿון אַמאָל. אין חסידות איז געוואָרן מאַמע־לשון חשובער, אָנגעזעענער, געהויבענער, און זוי ניגער זאָגט, עס איז געוואָרן אַ ליטעראַרישע כּלי. עס איז געוואָרן אַ ליטעראַרישע כּלי פֿאַר טיפֿע רעיונות. פֿאָלקס־שפּראַך איז געוואָרן דורך חסידות באַרייכערט, פֿאַרטיפֿט, אויסגעאיידלט. מען האָט אַריינגעטראָגן זאַפֿטיקע מקורדיקע ווערטער. יחוסדיקע אויסדרוקן האָבן אָנגעהייבן צו דערשיינען אין יידיש אַ דאַנק חסידות. און לאָזט מיר אייך דערמאָנען, אַז אַ דאַנק חסידות איז די מעשה שוין מער נישט געווען קיין ענין פֿאַר דער פֿאָלקס־פֿרוי, פֿאַר דעם חדר־יינגל, נאָר עס איז אויך געוואָרן אַן ענין פֿאַר דעם ייד, פֿאַר דעם חסיד, פֿאַר דער הויז־הנעוודיקער פֿרוי און אפֿילו פֿאַר דעם ייד, דעם למדן. און עס איז ליידער נישטאָ קיין צייט לענגער זיך אָפּשטעלן, אָבער דער דאָזיקער עקסטאַזיקער רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער, ווי איז עס ביי אים אַרויסגעקומען דער ברען, דער גלי, אין דער פֿאָרם פֿון דער נייער יידישער מעשה און פֿון דעם נייעם יידישן פֿאָלקלאָר־שאַפֿן בדרך כּלל.

אָט די ברייט־פֿאַרצווייגטע מעשה־ליטעראַטור, אַ טייל פֿון לעבעדיקער, מקור־דיקער פֿאָלקס־שאַפֿונג האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין פּראָצעס פֿון צוגרייטן דעם יידישן לייענער פֿאַר זײער יידישער בעלעטריסטיק. אפֿילו די משכּילישע ליטעראַטור האָט גערעדט מיט דער שפּראַך פֿון פֿאָלק, ווייל זי האָט געוואָלט צוקומען צום פֿאָלק. זי האָט געוואָלט נוצן דעם פֿאָלק. און זי האָט אויך גערעדט אין דעם נוסח פֿון מוסר־ספֿר און פֿון מעשה־ביכל, צו וואָס דער פּראָסטער ייד און די יידישע פֿרוי, די יידישע לייענערין זענען געווען צוגעגרייט פֿון קדמונים.

לויטן נוסח פֿון מעשה־דערציילער און בעל־מוסר האָט אויך געשריבן דער פּאָפּולערער א. מ. דיק. און לאָזט מיר אייך דאָ זאָגן, טייערע פֿריינט, אַז מען האָט געוואָלטיק אונטערשאַצט דיקס השפּעה אויף דער יידישער ליטעראַטור. דיק איז געווען דער פֿאָרגייער פֿון מענדעלע מוכר ספֿרים. אפֿילו די סאַטירישע נעמען פֿאַר שטעט פֿון תחום־המושב — גלופּסק, קאַבצאַנסק, שלום־עליכמס קאַסרילעוועקע, זענען ווידעראַמאָל בירושה פֿון פֿאָרגייער. ס'איז דאָ „ניעבי־וואָלאָ" און ווילנאָ רופֿט דיק אָן מיטן סימבאָלישן נאָמען לינאַגל. עס זענען ביי אים פֿאַראַן עלעמענטן פֿון ווינטש־פֿינגערל און פֿון פֿישקע דעם קרומען. איך דערמאָן דאָס אַלץ, ווייל דאָס איז המשך.

לאָמיר אייך דערמאָנען, אַז בשעת די השכלה האָט זיך געפּלייסט צו פּראָ־פּאַגירן דעם ראַציאָנאַליסטישן וועלט־באַנעם, טרוקן און מיושבדיק, האָט חסידות

געשאַפֿן אַ נייעם מיטאָס און זאָלן מיר מוחל זיין די יידן, וואָס האָבן אָן אָפּשיי פֿאַרן וואָרט מיטאָס. מען האָט געוועבט די פֿאָלקס־מעשה מיט איר בראשית־כּישוף און אַריינגעטראָגן פֿון דעם דורות־אַלטן אור־הגנוז אין דער פֿאָלקס־יצירה. לאָמיר נישט פֿאַרגעסן, אַז דער גאַנצער דור שרייבער פֿון 19־טן יאָר־הונדערט איז אויסגעוואַקסן אויפֿן דאָזיקן פּעטן באָדן פֿון דער יידישער פֿאָלקס־יצירה: מעשיות־דערציילן און מוסר־ספרים, אַ שטיק פֿון דעם לעבעדיקן פֿאָלקלאָר איז אָפּגעשפּיגלט אין זייערע ווערק. אַזוי אַרום ציט זיך די גאָלדענע קייט פֿון דער פֿאָלקס־יצירה מיט איר נוסח און מיט איר תּוכן, זי איז פּושט צורה ולובש צורה, זי ענדערט זיך כּסדר. עס איז אַ קוואַליקער פּראָצעס פֿון פֿאָלקס־המשכדיקייט ביז זי איז געקומען צו אַ שטופּע פֿון אַ נייער באַוווּרטונג און אַ נייער פֿאַרטיפֿונג, פֿון אַ נייער קינסטלערישער אינטערפּרעטאַציע. נמצא, הייסט עס, איז דער אויספֿיר, אַז אונדזער היינטיקע ליטעראַטור איז נישט געבוירן געוואָרן אין דער לופֿט, זי איז נישט געבוירן געוואָרן אין אַ גייסטיקן חלל, נישט פֿון זיך אַליין, זי איז נישט אַראָפּגעפֿאַלן פֿון הימל, נאָר זי האָט טיפֿע, מקורדיקע וואָרצלען אין די פֿריערדיקע ליטעראַרישע פֿאָרמען און נוסחאות. אָן דער ירושה פֿון די דורות קען זי גאָרנישט געמאָלט זיין.

נעמט אויף טשיקאַווע אונדזער מענדעלע. מיר פֿייערן היי־יאָר די פֿופֿציקסטע יאָרצייט פֿון מענדעלע. איז כּדאַי צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דאָזיקן גרויסן יידישן שרייבער. זיין גרויסקייט אַלס שרייבער, רבותי, באַשטייט נישט נאָר אין זיין אופֿן פֿון שילדערן דאָס יידישע לעבן מיט אַלע זיינע ליכט און שאָטן־זייטן, אויך נישט אין דעם, וואָס ער איז געוואָרן אַ באַשאַפֿער פֿון אַ נייעם ליטעראַרישן סטיל. נישט קיין קלענערער, ווי חיים נחמן ביאַליק, האָט אָנגערופֿן מענדעלען, אין העברעאיש אפֿילו, דעם יוצר הנוסח. רעדנדיק טאַקע מיטן לשון פֿון פֿאָלק, מיט זיין גאַנצער לעבעדיקער אידיאָמאַטישקייט און מקורדיקייט, איז ער דורכגעזאַפּט ממש מיטן טראַדיציאָנעלן נוסח, מיט דעם פֿאָלקסטימלעכן סיפּור המעשה־נוסח, אַ ירושה פֿון אַלטער רעליגיעזער ליטעראַטור, פֿון דער צאַפּלדיקער פֿאָלקס־שאַפֿונג. אויפֿן ראַנד פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז די יידישע וועלט, ווי אַלע ווייסן, דערוואַכט צו אַ נייעם איך־באַוווסטזיין, מיט אַ נאַציאָנאַלן פֿאַרמעסט, צו אַ מדרגה פֿון אַ רייכער, שעפֿערישער פֿאָלקישקייט און אַ נאַציאָנאַלער עסענץ. די דורות־לאַנג אַקומולירטע כּחות פֿון פֿאָלק, די אָנגעזאַמלטע נאַציאָנאַלע פּאָטענצן האָבן זיך איצט גענומען רייסן אויף דער פֿרייהייט און באַקומען זייער תּיקון און זייער נייע עליה. עס האָט מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט די יידישע אינטעליגענץ אין לעצטן דריטל פֿון 19־טן יאָרהונדערט אַ מעכטיקע בענקשאַפֿט, אַ כּמעט מיסטישע תּשוקה אַריינצודרינגען לפֿני ולפֿנים פֿון די אַלטע, ביז איצט פֿאַרהוילענע פֿאָלקס־שאַפֿונגען, וואָס מען האָט זיי גאָרנישט געקענט. מען האָט גענומען ביסלעכווייז אָפּווישן פֿון זיי דעם דורות־אַלטן שטויב, זיך מיט זיי צו באַקענען. מיט ליבשאַפֿט זיי צו באַפּוצן, אָנגעהייבן זיי צו זאַמלען און מיט איין מאָל פֿראַלט זיך אויף אַ טיר צו דער דאָזיקער רייכער, צייטיקער און אויסגעשטאַנענער פֿאָלקס־שאַפֿונג, וואָס איז נישט נאָר סתּם, ווי מענטשן פֿלעגן זיך אויסדריקן, אַ פֿאַרגרעבטער פּרימיטיוו, נאָר שטייט אין איר פּשטות. דאָס איז

די גרויסקייט פון אַ פֿאָלקס־שאַפֿונג. ס׳איז די פּשטות אויף אַ הויכן ניוואָ פֿון אמתער פֿאָלקס־קונסט. דאָס זענען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פֿון דער פֿאָלקס־שאַפֿונג, פֿון פֿאָלקס־קונסט. ס׳איז די פֿאָלקס־קונסט, וואָס זאָל באַרייכערן, דערהייבן און פֿאַרטיפֿן די יידישע ליטעראַטור אויף להבא.

קומען מיר איצט צו צו דער בלי־תקופה פֿון דער יידישער ליטעראַטור, זעען מיר, אַז מענדעלעס ווערק זענען ממש פֿול מיט פֿאָלקלאָר־מאָטיוון, אַ פּשיטא ביי אונדזער שלום־עליכמען, וואָס האָט מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים געלעבט און געאָטעמט מיט דער פֿאָלקס־ירושהדיקייט. זיינע ווערק כּשופֿן מיט עכטער שטייגערישקייט, מיט פֿאָלקסטימלעכער רחבותדיקייט און מען קען נישט פֿאַרגעסן שלום־עליכמס גלייביקייט.

אָבער קיינער פֿון זיי איז נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה, ווי אונדזער י. ל. פּרץ. און וועגן פּרצן דערלויבט מיר צו זאָגן אַ פּאָר אויספּירלעכע ווערטער. פּרץ גייט צו צום יידישן פֿאָלקלאָר ממש, ווי אַ פֿרומער ייד בדחילו ורחימו, מיט אַ געפֿיל פֿון רעליגיעזער התרוממות, וואָס וויל געבן דער פֿאַרגעסענער, אָפּגעבליאַקטער פֿאָלקס־יצירה אַ נייעם זין און אַן אמתן תיקון. פּרץ האָט אַן אויג פֿאַר די טיפֿע ווערטן פֿון דער יידישער פֿאָלקס־שאַפֿונג. ער ווייזט איר אַרויס אַ מין קינסטלערישע פֿאַרשטענדעניש, ליבשאַפֿט און וואַרעמקייט. און דערלויבט מיר אייך צו דערמאָנען, אַז אַלע גרויסע דיכטער און פֿאָרשער פֿון פֿאָלקלאָר האָבן געהאַט דעם זעלביקן צוגאַנג. אויב איר וועט נעמען די דייטשע פֿאָלקלאָר־פֿאָרשער, די פֿראַנצויזישע אָדער אַנדערע, האָבן זיי תּמיד געהאַט אַ וואַרעמע, התלהבותדיקע באַציאונג צום דאָזיקן אור הגנוז פֿון דער פֿאָלקס־יצירה.

אַזוי נידערט פּרץ אַראָפּ אין די טיפֿענישן פֿון דעם עבֿר און ברענגט פֿון דאָרט אַרויס אַ שלל פֿון אוצרות, ממש דעם ניצוץ פֿון דער פֿאָלקס־יצירה, וואָס פֿאַרכאַפּט אונדזער אויג מיט זייער באַזונדערן חן און נאַטירלעכער שיינקייט. אָבער פֿאַר אונדז איז אינטערעסאַנט די פֿראַגע, און איך מעג זיך אָפּשטעלן דערויף, ווי אַזוי איז פּרץ אייגנטלעך געקומען צו דעם דאָזיקן פֿאָלקס־שאַפֿן. פֿאַרוואָס מער, ווי אַלע אַנדערע? ווי אַזוי האָט ער זיך דערנענטערט צו דעם פֿאָלקס־שאַפֿן? מיר ווייסן זייער גוט, אַז דער סימבאָליקער און ראָמאַנטיקער פּרץ פּונקט אַזוי ווי דער ראָמאַנטיקער אין דער דייטשער, פֿראַנצויזישער אָדער ענגלישער ליטעראַטור, אין אַלע ליטעראַטורן, האָט געזוכט אַן אָנשפּאַר פֿאַר זיינע קינסטלערישע שאַפֿונגען. האָט דאָך דער עבֿר מיט זיינע מסורות געכּישופֿט מיט כל המינים פֿאַרבן, מיט רמזים און סימבאָלישע מאָטיוון, וואָס האָבן גערעדט צו פּרצן אויף זייער אייגענעם לשון. עס איז אָבער נאָך פֿאַראַן אַ וויכטיקער באַקאַנטע סיבה. אייך איז זי מן הסתּם יאָ באַקאַנט, אָבער איך וויל זי פֿונדעסט־וועגן דערמאָנען.

שוין זייער פֿרי האָט פּרץ זיך באַקענט אין וואַרשע — און וועגן דעם האָט געשריבן זייער אויספּירלעך יעקבֿ שאַצקי — מיט דעם פֿאָלקלאָר־קרייז „ווּיסלאַ״ און אַרום דעם דאָזיקן פֿאָלקלאָר־קרייז זענען געשטאַנען אַ ריי זייער באַקאַנטע, דאַמאָלסט זייער באַקאַנטע פֿאָלקלאָריסטן, ווי: איגנאַץ בערנשטיין, שמואל אָדעל־בערג און עטלעכע יונגע מענטשן, בפֿרט דערמאָנט שאַצקי לוציען קאָן. ער

דערמאָנט אויך, אַז לוציען קאַן איז געווען זייער אַ גרונטיקער מענטש. ער איז אַרומגעפאָרן אין סוף פון אַכציקער און אין די ניינציקער יאָרן איבער פּויליש־רוסישע שטעטלעך און האָט געזאַמלט מאַטעריאַלן, פאָלקסטימלעכע שאַפונגען און איך וויל אייך דערמאָנען, אַז איינעם פון די מאַטעריאַלן, וואָס לוציען קאַן האָט געזאַמלט, האָט פּרץ באַנוצט פאַר דעם מאָטיוו פון „ביי דעם פּרעמדן חופּה־קלייד״, וואָס איז דערשינען 1896. אַזוי זעען מיר, אַז עס איז פאַראַן זייער אַ שטאַרקע המשכדיקייט צווישן דער אַלטער פאָלקס־שאַפונג און דער נייער ליטעראַטור.

פּרץ, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אַ שלל פאָלקלאָר־מאָטיוון, טאַקע פון זאַמאָשטש, פון זיין היימשטאָט, האָט איצט אַרויסגעוויזן אַן אַקטיוון אינטערעס פאַרן פאָלקלאָר בכלל. און דאָס גיט אונדז דעם שליסל צו פאַרשטיין פּרצס דרך אין זיינע פאָלקסטימלעכע געשיכטעס. ער האָט מיט אַ גרויסן אינטערעס זיך איינגעהערט צום דערציילן פון מעשיות און מסורות. אַזוי דערציילט אונדז אַנסקי. ער האָט אים דערציילט דיבוק־מאָטיוון און אַנדערע מאָטיוון. דער יונגער פאָלק־לאָר־פאָרשער און זאַמלער י. ל. כהן האָט אויך דערציילט אים מעשיות, וועלכע פּרץ האָט באַנוצט, וואָס האָבן אים אינספּירירט פאַר זיינע שאַפונגען. אַליין האָט פּרץ אויך גענומען זאַמלען יידישע פאָלקס־לידער. ער איז אַרומגעגאַנגען איבער יידישע טאַנץ־הייזער אין ווארשע אין יענע יאָרן, ער האָט זיך געלאָזט ברענגען יידישע אַרבעטער־מיידלעך, דינסט־מיידלעך, וואָס האָבן פאַר אים געזונגען יידישע פאָלקס־לידער און אַזוי האָט פּרץ שוין דאַמאָלסט געהאַט די ערשטע פאָלקס־לידער־זאַמלונג, וואָס איז צוליב אַ נישט־באַקאַנטע סיבה קיינמאָל נישט דערשינען.

אויף דעם באָדן פון ראָמאַנטישער נטיה צום עבר און דערוואַכטן אינטערעס צו דער פאָלקס־שאַפונג אין אַלע אירע וואַריאַציעס און מאַניפעסטאַציעס קענען מיר פאַרשטיין דעם דרך פון פּרצן אין דער יידישער ליטעראַטור. און נאָך אים און צוזאַמען מיט אים די גאַנצע פּלעיאַדע פון וואָגיקע, ליכטיקע, שרייבער־געשטאַלטן, אָנגעהייבן פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, פון אַשן, פון לייוויקן, פון אָפּאַטאָשו און אַנדערע, וואָס זענען געגאַנגען אויף דעם דאָזיקן וועג

לאָמיר זיך איינִיקע מינוט אָפּשטעלן אויף געוויסע פּונקטן פון די דערציי־לונגען פון פּרצן און אַריינקוקן אין זיין בית־היוצר, אין זיין שאַפונגס־צימער און זען, ווי אַזוי האָט זיך פּרץ באַנוצט מיט אַלטע מסורות און מאָטיוון פאַר זיינע געשיכטעס, נישט נאָר זיי באַאַרבעט, נאָר זיי סובלימירט אויף זיין שטייגער. דאָס איז געווען, וואָס פּרץ האָט אונדז געגעבן. די סובלימאַציע פון די דאָזיקע מאָטיוון. און עס איז דערין פאַראַן עפּעס פון קאָמפּאַראַטיוון פאָלקלאָר, פון אַ פאַרגלייכנדיקן פאָלקלאָר־קאַפּיטל. לאָמיר אייך דערמאָנען, און עס איז וויכטיק דאָס נישט צו פאַרגעסן, אַז בדרך כלל האָבן מיר צו טאָן אין פאָלקלאָר מיט וואַנדער־מאָטיוון. זיי זענען אוניווערסאַל און וואַנדערן פון פאָלק צו פאָלק איבער דורות און צייטן. דער נוסח פון דער מעשה, די פאָרם, ענדערט זיך. אויסגעבאַרגטע מאָטיוון פון דער פּרעמד ווערן פאַריידישט. מען דערקענט פּשוט נישט, אַז זיי זענען אַמאָל אויסגעבאָרגט געוואָרן אין דער פּרעמד. עס קומען צו שינויים, הוספות, ווייל אַזוי דערציילט דאָס פאָלק. עס איז נישט דער יחיד. עס איז שוין אַריבערגע־

גאַנגען אין רשות־הרבים און דאָס פאָלק מאַכט הוספות, וואָס ענדערט און וואַר־
אירט אין הסכם נאַטירלעך מיטן גייסט פון דער צייט און פון דעם פאָלק.

אָבער פרץ האָט נישט נאָר איבערדערציילט אַ מעשה, וואָס ער האָט געהערט, נאָר אויסגעשיילט אַן אַלטן פאָלקסטימלעכן מאָטיוו און אים מיט זיין קינסט־לערישער האַנט און וויזיאָנערן אויג אויסגעטייטשט. דאָס איז געווען זיין קינסט־לערישע אויפגאַבע. ער האָט עס איבערגעשאַפן און איבערגעשטאַלטיקט. שטעלט אייך פאָר אַ ביישפּיל, ווען מען נעמט אַרויס אַ שטיין פון דער ערד, וואָס שפּעטער, ווען מען שלייפט און מען אַרבעט איבער אים, ווערט ער אַ טייערער בריליאַנט. דאָס איז געווען די גרויסע קונסט, וואָס פּרץ האָט אונדז געגעבן.

אַזוי אַרום שאַפט ער אַ נייע קינסטלערישע גאַנצקייט. דאָס איז ווידעראַמאָל דער סימן מובהק פון גרויסן שרייבער. עס האָט עמיץ דאָ דערמאָנט טורגעניעווס אַ וואָרט, אַז קונסט באַפרייט. אָט דאָס האָט פּרץ אויך באַוויזן אין זיינע „פאָלקס־טימלעכע געשיכטעס". לאָמיר נעמען אויף איין מינוט איינע פון די געשיכטעס, די „זיבן גוטע יאָר" ווען מיר קוקן זיך צו אַ ביסל נענטער מיטן שפּאַקטיוו פון אַ פאָלקלאָריסט, זעען מיר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיטן אַלטן גילוי־אליהו־מאָטיוו, דאָס הייסט, די אַנטפּלעקונג פון אליהו הנביא. עס איז אַן אַלטע מסורה מיט אַן אליהו־מאָטיוו, וואָס פּרץ האָט איר אָנגעגעבן אַ בולטע סאָציאַלע טענדענץ. פּרץ פירט דאָ אַריבער די לעגענדע פון מזרח אין אַ פּוילישׁ שטעטל, וואָס הייסט טורבין. עס איז די אָרעמע יידישע האָרעפּאַשנע מאַסע, וועמען אליהו הנביא וויל העלפן אין איר גרויסער נויט. עס איז טוביה, דער טרעגער, צו וועמען עס באַווייזט זיך דווקא אַ דייטשל. פּרץ באַנוצט דעם דאָזיקן דייטשל־מאָטיוו זייער אָפט אין זיינע געשיכטעס. דער דייטשל זאָגט אים צו זיבן גוטע יאָרן פון מזל און ברכה און ער געפינט טאַקע, ווי מיר ווייסן, אַן אוצר, זהב טהור און די זיבן מזלדיקע יאָר קומען פאָר. ווען עס זענען דורכגעגאַנגען די זיבן מזלדיקע יאָר קומט נאַטירלעך דאָס דייטשל אין דער געשטאַלט פון אליהו הנביא און פאַרלאַנגט דעם פקדון צוריק. אויף דעם זאָגט טוביהס ווייב, אַז עס איז געווען אַ פקדון פון זיין ליבן נאָמען און זיי האָבן פון אים נהנה געווען נישט פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר צדקה־זאַכן. אַזוי ווערט אַ גרויסער גערודער, ביי פּרצן, אין בית־דין של מעלה און מען פסקנט, אַז דער פקדון בלייבט ווייטער ביי דעם דאָזיקן אָרעמען יידישן פּאָרל.

אָבער אינטערעסאַנט איז, אַז דאָס איז אַן אַלטע העברעאישע ווערסיע. מיר געפינען זי אין מדרש רות רבא, מיר געפינען זי אין אַן אַלטן ספר פון ר' ביסן פון פערואַן, און דאָרטן דערשיינט גאָר אליהו אין דער געשטאַלט פון אַן אַראַבער. פּרץ האָט נאַטירלעך געענדערט. ער האָט נישט געקענט נעמען קיין אַראַבער, וואָס זאָגט צו אויך אַ האָרעפּאַשנעם אָרעמען ייד זיבן גוטע יאָר און צום סוף כמעט דער זעלביקער פועל־יוצא.. אויב — זאָגט די פרוי פון דעם מענטשן — אויב דו קענסט געפינען, רבונו של עולם, אַ בעסערן פאַר דעם דאָזיקן פקדון, גיבן מיר אים צוריק. נאַטירלעך האָט דער רבונו של עולם קיין בעסערן נישט געפונען און מען האָט זיי געלאָזט דעם דאָזיקן פקדון. לאָמיר אייך דערמאָנען, אַז די שיינע תפילה, וואָס מיר זאָגן מוצאי־שבת, „איש חסיד", אַנטהאַלט דעם

זעלביקן אליהו־מאָטיוו, אָט דעם אליהו, וואָס פאַרקויפט זיך אַלס אַ שקלאַף, כדי צו העלפן יידן אין דער נויט.

נעמט צום ביישפיל אַ צווייטע מעשה, וואָס איז אויך געוואַלטיק אינטערע־סאַנט, אַ מאָטיוו, וואָס קומט פון אינעווייניק און פון דרויסן „דער קונצן־מאַכער". איר קענט די מעשה מיט חיים־יונה און זיין ווייב רבקה־ביילע, וואָס זענען פאַר־אָרעמטע יורדים און האָבן נישט אויף פסח. אָט קומט ווידעראַמאָל דאָס דייטשל און האָקוס־פּאָקוס און אַלץ איז גרייט און דער סדר איז פאַראַן. מוז איך אייך דאָ ווידער דערמאָנען, אַז דער דאָזיקער מאָטיוו פון צדיק, וואָס ווערט אין דער לעצטער מינוט אויפגעריכט מיט אַלדאָס גוטן, און טאַקע אויף פסח, איז ווידער־אַמאָל אַ מאָטיוו, וואָס געפינט זיך אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור, אין איינעם פון די אַלטע ספרים „חמדת הימים" און פּרץ האָט עס אַריבערגע־נומען, אויף זיין אופן אויסגעשטאַלטיקט און איבערגעשאַפן. האָבן מיר ווידער דעם טיפן קוואַל פון דער אַלטער יידישער מסורה, פון אַלטן יידישן פאָלקס־שאַפן, באַנייט דורך פּרצן.

און צום סוף וויל איך אייך דערמאָנען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע טעמעס, ווי פּרצס מעשה וועגן מסירות־נפש. דאָ האָט פּרץ אויסגענוצט אויף אַ קינסט־לערישן אופן אַ באַקאַנטן מאָטיוו — און זאָל אונדזערע פריינט נישט פאַרדריסן, וואָס איך וועל עס דערמאָנען — דעם טאַנהויזער־מאָטיוו. אגב אורחא, קומט פאַר דער טאַנהויזער־מאָטיוו אין אַ סך פאָלקסטימלעכע שאַפונגען, אפילו אין אַ מעשה, וואָס ווערט דערציילט פון ר׳ יהודה חסיד. אָבער פּרץ האָט דעם מאָטיוו אינ־גאַנצן איבערגעדרייט פון אינעווייניק און פון דרויסן. ער האָט אים תמציתדיק פאַריידישט. טאַנהויזער, ווי מיר ווייסן, איז אַ תאווהדיקער מענטש. ער גייט נאָך דער זינד און לעבט לאַנגע יאָרן אין זינד אויפן ווענוס־באַרג מיט ווענוס. ביז ער קריגט אַ הרהור־תשובה און וויל תשובה־טאָן. וואָס האָט פּרץ געטאָן מיט זיין חנניה. חנניה איז נישט קיין תאווהדיקער ייד, ווייל ער איז אַ ייד. חנניה האַלט פון גדלות, ער פילט זיך זייער גדולדיק אין זיין תורה. זיין גאווה, זיין פּלפּול אין לערנען, אין קונצן, ווי פּרץ זאָגט, אין דעם איז ער נכשל געוואָרן. אין דעם באַשטייט זיין זינד. פונקט אַזוי ווי ביי טאַנהויזערן מאַכט זיך אין דער יידישער מעשה, אַז דער שטעקן הייבט אָן צו בליען, הגם דער פּויפּסט האָט געזאָגט טאַנהויזערן, אַז אַזוי ווי דער שטעקן קען נישט בליען, אַזוי קענסטו פאַר דיינע זינד נישט האָבן פאַרגעבונג. אַזוי פּאַסירט ביי פּרצן. דער שטעקן הייבט אָן צו בליען און מען זעט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ כפרה פאַר די זינד פון חנניה. און נאָך אַן אינטערעסאַנטער אינטערנאַציאָנאַלער מאָטיוו אין דער דאָ־זיקער מעשה פון מסירות־נפש איז דער באַקאַנטער מאָטיוו אין דער גריכישער ליטעראַטור דער אלטעסטיס־מאָטיוו, ווו די פרוי איז זיך מקריב, איז זיך מוסר־נפש פאַר דעם מאַן און גיט אַוועק דאָס לעבן. די זעלביקע זאַך האָבן מיר אויך ביי פּרצן. מרימל, די צדיקות, גיט אַוועק דאָס לעבן, לאָזט זיך קוילענען פון דער שלאַנג, כדי צו ראַטעווען חנניה.

אָט האָט איר דאָ צוויי מאָטיוון פון דער פרעמדער וועלט, וועלכע פּרץ האָט אינגאַנצן פאַריידישט, אינגאַנצן איבערגעשטאַלטעט. פּרץ האָט זיי אויסגעליידיקט

און אַרייַנגעטראָגן אין זיי די אידעאַלן פון ליבשאַפט און רחמים און אַזוי אַרום זיי געגעבן זייַן קינסטלערישן יידישן תיקון.

פרץ איז געווען איינער פון די ערשטע וואָרט־קינסטלער, וואָס האָט בחוש דערזען די פאַרהוילענע ליכט, דעם אור־הגנוז פון דער יידישער פאָלקס־שאַפונג. ער האָט באַרייכערט די מעשה־שטאָפן און זיי קינסטלעריש אויפגעלעבט. נאָך פרצן אָדער מיט אים צוזאַמען האָבן זיך באַוויזן אַזעלכע פאָלקלאָר־פאַרטייטשער, ווי מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, וועלכן איך האָב שוין פריער דערמאָנט, ש. אַנסקי, בובער אויף זייַן שטייגער, און אויפגעוועקט מיט זייער כישוף־שטעקעלע די באַהאַלטענע פאָלקס־מעשה פון איר אַלטן שלאָף. נאָך היינט דערוואַרעמט אונדז דאָס ברייט־צעשטראַלטע ליכט פון דער פאָלקס־מעשה מיט איר נוסחדיקייט, ווי עס האָט זי קינסטלעריש ממשיך געווען און קאָנטעמפּלאַטיוו־אידעאיש פאַרטיפט אונדזער גרויסער מאָדערנער העברעאישער שרייבער, רבי שמואל יוסף עגנון, אין זיינע ווערק. אין זייַן שטייגערישער שילדערונג מיטן גאַנצן סקאַרבאָוון נוסח, מיט די פרומע מעשיות, משלים און טאַקע דעם היוצא לנו מזה, וואָס עגנון איז כסדר ממשיך. און עס איז זייער אַן אינטערעסאַנטער פאַרגלייך, ווען מען וואָלט אַזאַ פאַרגלייך געוואָלט מאַכן צווישן מענדעלען און עגנונען. פילן מיר דעם אייגנט־לעכן טעם און ריח פון אונדזער פאַרגאַנגענער וועלט מיט איר פאַרצייטיקייט, מיט איר פאָלקסטימלעכער אמונה, עפּעס פון דער דאָזיקער אַלטער אויסגע־שטאַנענער תמימותדיקער פאָלקס־שאַפונג, מיט איר כישוף, מיט איר חן, וואָס אָט דער געבענטשטער קינסטלער עגנון האָט זי אַזוי גראַציעז און אַזוי סובלים דערהייבן צו נייע, אויבערשטע הויכן.

אַזוי קייטלען זיך די צייטן און עס ציען זיך די גילדענע רינגען אָן אַ הפסק אָן אַן אויפהער, המשכדיק, אין אונדזער ליטעראַטור. פון דעם וויַיטן עבר ביז צום היינט און מאָרגן, איבער דורות און געאָגראַפישע שטחים, פון דער אַלטער פאָלקס־ליטעראַטור צו דער נייער, מיט איר בולטן חותם פון איר אינדיווידועלער פאַרטיפטער שאַפערישקייט. דער אָנהייב פון דער ליטעראַטור ליגט בלי ספק אין דעם תחום פון אונדזער אַלטן פאָלקס־שאַפן. אויסגעוואַקסן און אויסגעשטאַנען אויפן פעטן באָדן פון פאָלקס־לעבן און אין דעם דאָזיקן קינסטלערישן שמעלץ־טאָפּ האָט דער קינסטלער זיי געריייניקט און געלייטערט פון די פסולתן, זיי אויס־געאיידלט און סובלימירט, זיי ממש באַהויכט מיט זייַן יצירה־גייסט און זי איז אַרויס מסוגל פאַר אונדזער דור, אַז מיר זאָלן קענען פאַרשטיין די דאָזיקע פאָלקס־שאַפונג. דער מאָדערנער יידישער קינסטלער האָט דער פאָלקס־מעשה געגעבן איר תיקון און איר שלימות, זי אַרייַנגעפירט אין דעם היכל פון דער מאָדערנער ליטעראַטור און איר געגעבן איר פרישן זינען און איר נייעם באַדייט.

בריסל, 1967.

# דער אַלט־יידישער עפּאָס „מלכים־בוך״

## פון ד״ר י. בערנפעלד (פּאַריז)

איך זאָל היינט רעדן וועגן דעם אַלט־יידישן עפּאָס „מלכים־בוך״, וואָס ד״ר י. פוקס האָט אַרויסגעגעבן צוריק מיט העכער אַ יאָר, אין יאָר 1965, אין אַמסטערדאַם אין האָלאַנד, וואָס וועט, פאַרשטייט זיך, נישט זיין אויסשעפּיק.

נאָר איידער איך קום צו דער טעמע גופא — אָבער געהערט דען דאָס וואָס איך וועל קודם זאָגן, נישט אויכעט צו דער טעמע? — וועל איך זאָגן עטלעכע ווערטער פול מיט יראת־הכבוד וועגן דעם אַרויסגעבער פון אונדזער אַלטן עפּאָס און ווי אַזוי ער איז זיך נוהג געווען ביי זיין אויפטו צו לאָזן ווידער אויפלעבן פאַר אונדז אַ דיכטונג אונדזערע, וואָס איז אַלט שוין באַלד פינף הונדערט יאָר. איך וועל נישט מאַכן קיין „גלאָריפיקאַציאָ״ און אויך נישט קיין „לאַודאַציאָ״ גלאַט אין דער וועלט אַריין ווי דאָס פירט זיך געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן — נייערט איך וועל אָפּגעבן כבוד „דעם דעם עהרע געביהרט״ פאַרן מאַכן צוגענגלעך פאַר דער יידישער וויסנשאַפט אַ ווערק וואָס פון אים האָט מען געפונען ביז איצט בלויז קליינע, איך וואָלט אפילו געזאָגט: בלויז קליינטשיקע, אויסצוגן אין אונדזערע ליטעראַטור־געשיכטעס אָדער בלויז נאָר אָנווייזונגען מיט גאָר קורצע דערקלערונגען. איז געקומען ד״ר פוקס און האָט אונדז געגעבן דעם פולן טעקסט, וואָס פאַרנעמט 127 בלעטער מיט 2.262 פיר־פערזיקע סטראָפעס. ד״ר פוקס האָט שוין געהאַט אַרויסגעגעבן פריער דעם דוקוס האָראַנט לויט אַ יידישן כתב־יד וואָס ער האָט געפונען אין קעמברידזש און ער האָט אויפגערודערט דערמיט די יידישע וויסנשאַפט, ווייל אין דעם דאָזיקן כתב־יד געפינען זיך: אַ קליין עפּיש געדיכט וועגן משה רבנו; אַ ליד וועגן גן־עדן; וועגן אברהם אבינו; וועגן יוסף׳ן; און אַ פאַבל וועגן אַ לייב וואָס האָט אין שטאַרבן; אָבער נאָך מער אויפגערודערט געוואָרן איז די גערמאַ־ניסטיק, ווייל אין יענעם קעמברידזשער קאָדעקס געפינט זיך אַ חוץ דעם נאָך אַן עפּיזאָד פונעם דייטשן פאָלקסעפּאָס קודרון. דער עפּיזאָד: דער דוקוס האָראַנט — אויך, געשריבן מיט יידישע אותיות און אויך פאַרפאַסט פון אַ יידישן דיכטער אָדער לאָמיר אים בעסער אָנרופן אַ יידישן „שפּילמאַן״, און אויפגערודערט געוואָרן איז די דייטשע ליטעראַטור־פאָרשונג אויך צוליב דעם, ווייל די יידישע פאַסונג איז עלטער מיט כמעט הונדערט און פופציק יאָר פון דעם עלטסטן ביז איצט באַקאַנטן כתב־יד פון קודרון־עפּאָס וואָס געפינט זיך אין דעם אַזוי גערופענעם אַמבראַזער העלדנבוך. — אָט דאָס איז נומער איינס.

דער נומער צוויי פון ד״ר פוקס אַרבעטן איז זיין פולע אויסגאַבע פון אונדזער אַלטן עפּאָס דאָס שמואל בוך, וואָס וועגן אים איז דווקא שוין יאָ אויספירלעך געוואָרן געשריבן — פון ערִיקן, וויינרייכן און ד״ר צינבערגן א״אַ.

און אָצינד קומען מיר צום נומער דריי — ווייל „אַלע גוטע דינגע זינד דריי״ אָדער ווי דער פראַנצויז זאָגט: jamais deux sans trois אָדער ווי ד״ר פוקס אַליין זאָגט, באַניצנדיק זיך מיט אַ העברעאיש ווערטל וואָס הייסט: „אַ פּאָדעם אין דרייען צעררייסט זיך נישט אַזוי גרינג״ — און דאָס איז טאַקע אונדזער „מלכים־בוך״.

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז ער האָט אַרויסגעגעבן דעם גאַנצן טעקסט, דעם פולן טעקסט — און קיין סך פולע טעקסטן פון אונדזערע אַלטע ווערק פאַרמאָגן מיר נישט. און ווי אַזוי ברענגט ער אונדז דעם טעקסט? ער האָט נישט חלילה געלאָזט איבערדרוקן דעם טעקסט מיטן הייַנטיקן שריפט, נייערט ער ברענגט אַ פאָטאָ־כעמישע אויסגאַבע לויט אַן עקזעמפּלאַר וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1543 אין אויגסבורג און וואָס געפינט זיך אין דער היידעלבערגער א״ב (אַ צווייטער עקזעמפּלאַר געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון בריטישן מוזיי אין לאָנדאָן), אַ פאַקסימילע־אויסגאַבע הייסט דאָס, נישט מיט די העברעאישע קוואַדראַט־אותיות מיט Meruve וואָס זיי באַניצט מען נאָר פאַר „הייליקע ביכער״ און אויך נישט מיטן רש״י־כתב וואָס איר קענט אים אַלע און וואָס איז אַ מין קורסיוו, נאָכגעמאַכט לויט די מיט דער האַנט געשריבענע אותיות, נייערט מיט אַן אַנדערן, מיט אַ גאַנץ באַזונדערן קורסיוו, וואָס הייסט „ווייבער־טייטש״ — און וואָס הייסט נישט אַזוי צוליב דער שפּראַך, ווי מען וואָלט אפשר געקענט מיינען, נאָר צוליב דער גאַנץ באַזונדערער שריפט, וואָס איז אויפגעקומען אונטער דער השפּעה פון דער אַזוי גערופענער גאָטישער שריפט, וואָס די דייטשן האָבן זיך מיט איר באַניצט. אמת: דער נאָמען „ווייבערטייטש״ גיט אונדז שוין יאָ אַ געוויסן אָנווייז, ווער עס האָט געלייענט אַזעלכע ביכער. זאָל שוין דאָ ווערן געזאָגט, אַז ד״ר פוקס, וואָס ברענגט דעם יידישן טעקסט לויט דער „עדיציאָ פּרינצעפּס״, לויט דעם ערשטן אונדז באַקאַנטן דרוק און דאָס איז די אויגסבורגער אויסגאַבע פון 1543, האָט זיך באַניצט ביי זיינע אַריינפירן און ביי אויספירן, נאָך מיט צוויי אַנדערע דרוק־ווערק פון „מלכים־בוך״ וואָס האָבן זיך אויפגעהיט ביז הייַנט, דהיינו: מיט דער קראָקעווער אויסגאַבע פון יאָר 1582 און אויך נאָך מיט דער פּראַגער אויסגאַבע פונעם יאָר 1607 — און אויף איר באַזירט ער זיך אין זיינע הערות און אין זיינע טעקסט־פאַרגלייכונגען — שוין דאָס אַליין אַן אומגעהייערע אַרבעט. אַז איר נעמט זיין בוך אין דער האַנט אַריין און אַז איר קוקט איבער בלאַט נאָך בלאַט, זייט נאָך זייט — אַזוי פיל איר אייך אַזוי ווי עפּעס צוריקגעפירט אין פאַרלאַנגסטיקע צייטן און איר קומט אייך פאָר ווי די לייענער אָדער בעסער געזאָגט: ווי די לייענערין, וואָס האָט זיך געהאַט געקויפט דאָס בוך אין יאָר 1543 אָדער שפּעטער אין אויגסבורג אָדער אין אַן אַנדערער יידישער שטאָט. אמת, איר וועט עס נישט קענען לייענען אַזוי לייכט ווי דער לייענער דעמאָלט — איר האָט אייך צוגעוואוינט צו אַן אַנדערן זאַץ

און צו אַן אַנדערן דרוק — און די שפּראַך האָט זיך דאָך אַנטוויקלט! — איך וועל נאָך דערויף צוריקקומען.

און וואָס גיט אייך ד"ר פוקס, כדי אייך צו פאַרגרינגערן דאָס לייענען, דאָס פאַרשטיין דאָס געלייענטע, אייך צו באַקענען מיט די אָנהייבן פון דער יידישער שפּראַך אין דייטשלאַנד, מיט די אָנהייבן פון דער יידישער ליטעראַטור, פאַר וועמען און צו וואָס און ווי אַזוי זי איז געשאַפן געוואָרן? איר געפינט אַן אַריינפיר וועגן אויפקום און אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און דערביי איז ער זיך סומך אין דער ערשטער ריי אויף אונדזערע גרעסטע, יידיש־וויסנ־שאַפטלער'ס. אונדזער יידיש איז אַלט, זאָגט ער אין אַריינפיר, אַן ערך טויזנט יאָר. וואו איז זי אויפגעקומען? אין די דייטש־רעדנדיקע לענדער צווישן ריין און מאָזעל? אין טירינגען־אייבער־זאַקסן? אין די בייעריש־עסטרייכישע געגנטן? אין די אַלעמאַנישע פּראָווינצן? אונדזער יידישטיק גיט אונדז קיין קלאָרן ענטפער. זי קען דאָס נאָך נישט!

און פאַר וואָס האָבן מיר איבערגענומען דווקא די דייטשע שפּראַך? ווייל אויף אונדזערע טויזנט־יעריקע וואַגלענישן האָבן מיר אין יעדן לאַנד, וואו מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ מער אָדער ווייניקער לאַנגע צייט, געמוזט אָננעמען די שפּראַך פונעם לאַנד וואו מיר האָבן זיך גראַד באַזעצט פשוט, כדי מיר זאָלן קענען אויסקומען שפּראַכלעך מיט אונדזערע שכנים און צו קענען לעבן. אָבער אומעטום וואוהין מיר זענען געקומען, האָבן מיר מיטגעבראַכט אונדזער גאָר אַלטן אוצר, אוצרות, אויב איר ווילט: לשון קודש און אַראַמיש. דאָס איז געווען דאָס הייליקע געבאָט פון אונדזער דת, פון אונדזער רעליגיע. זענען מיר געווען אין שפּאַניע, אַזוי האָבן מיר באַפאַרבט דאָס דזשודעזמע דאָס איז דאָס לאַדינאָ מיט אונדזערע העברעאישע רעשטלעך. האָבן מיר געוואוינט אין פראַנקרייך (ביז מע האָט אונדז נישט אַרויסגעטריבן פון דאָרטן), האָבן מיר באַרייכערט דעם פראַנצייזישן וואָרט־אוצר וואָס מיר האָבן אים געמוזט איבערנעמען, מיט אונדזערע „הייליקע ווערטער". און תמיד און שטענדיק, האָבן מיר געשריבן מיט אונדזערע שריפטצייכנס. (איך האָב דאָ געלאָזט צירקולירן אַ בלעטל פון דער „סליחה פון טרוא", געשריבן אין אַלט־פראַנצייזיש מיט אונדזערע אותיות. אָבער איר געפינט דאָרט אויך העברעאישע ווערטער). און אַז מע האָט געמוזט פאַרלאָזן די פראַנצייזישע געגנטן? האָט מען אין דייטשלאַנד זיך געמוזט אויס־לערנען דייטש, אָבער מיר האָבן אויך נאָך פאַרמאָגט עטלעכע ראָמאַנטישע עלע־מענטן וואָס מיר האָבן געראַטעוועט און אַריבערגענומען מיט אונדז — און זיי לעבן אויך היינט נאָך ביי אונדז און מיט אונדז. (דער עיקרשט אין געוויסע נעמען: דולצע, יענטל, שניאור, אַנטשעל, פרייען, בענטשן, אַרן א"א). און — קורץ געזאָגט — אַז מיר האָבן פאַרלאָזן דייטשלאַנד אויך? נו, זענען מיר גע־גאַנגען קיין איטאַליע וואָס איז געוואָרן אַ גרויסער יידישער צענטער און, דער עיקרשט, אין די מזרח־לענדער, קיין ביימען און אין דער ערשטער ריי קיין פוילן — אָבער אונדזער שפּראַך, דאָס הייסט, די שפּראַך, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעלערנט אין די דייטשע געגנטן און וואָס איז מיט דער צייט, במשך פון יאָרהונדערטער, געוואָרן אַן אייגענע שפּראַך, די יידיש־דייטשע שפּראַך,

האָבן מיר שוין נישט מער אָפּגעלאָזט — זי האָט זיך ווייטער און ווייטער אַנט־וויקלט, זי איז געגאַנגען אירע וועגן און אומעטום איז זי געוואָרן אַלץ רייכער ביז זי איז געוואָרן פּשוט יידיש. נו, מיר האַלטן אָבער מיטן מלכים־בוך דערווייל נאָך אין פּופּצנטן, זעכצנטן יאָרהונדערט — פאַרשטייט זיך, אַז קיין סלאַוויזמען האָבן מיר נאָך נישט (סיידן: נעבעך). און ד״ר פוקס ציטירט ציג־בערגן, אַז לשון אשכנז די אַלט־יידישע שפּראַך, איז שוין אין מיטלעלטער, חוץ די העברעאיש־אַראַמישע און ראָמאַנישע ווערטער, געווען גאַנץ אַנדערש ווי מיטלהויכדייטש — צוליב דער באַזונדערער הברה, צוליב די ניואַנסן ביי די וואָקאַלן, צוליב דעם סינטאַקס, זאַץ־בוי און געוויסע ריידענישן — און מיט אַלעמען האָבן מיר אויסגעדריקט די באַזונדערע באַדינגונגען פון אונדזער נשמה.

וואָס האָבן די יידן דעמאָלט געטאָן מיט זייער שפּראַך? נו, זיי האָבן פּשוט גערעדט צווישן זיך. און נאָך עפּעס: יעדעס יידישע קינד, יעדעס יינגעלע, האָט געמוזט זיך לערנען תנ״ך. ווי אַזוי זיך לערנען תנ״ך און שפּעטער גמרא, אויב עס קען נישט די העברעאישע און נישט אַראַמישע שפּראַך? האָט אים דער רבי דאָס איבערגעגעבן. איבערגעגעבן אויף וואָס אַ לשון? נו, אויף טאָג־טעגלעכן לשון, אויף דעם לשון וואָס דאָס קינד האָט זיך געהאַט אויסגעלערנט פון זיין מאַמע, און דאָס הייסט: אויף מאַמע־לשון, אויף טויטש, אויף לשון אשכנז. און דער רבי האָט אָט אָ דאָס אַריבערגעטראָגענע אָפּגעשריבן און אַזוי האָבן מיר די ערשטע איבערזעצונגען, נאָך נישט קיין קונסטווערק, אָבער שוין געשריבן אויף יידיש־טויטש. און עס גערויערט נישט לאַנג, אַז מע הייבט אָן צו שרייבן אויך אַנדערע זאַכן, און עס זענען פאַרהאַנען אין דער דעמאָלטיקער יידישער וועלט מענטשן וואָס גייען אַרום פון שטאָט צו שטאָט, פון הויז צו הויז און לייענען פיר אַזעלכע פּאַראַפראַזן פון תנכישע טעקסטן, אין פּראָזע, שפּעטער אפילו אין פערזן מיט גראַמען — דאָס זענען די שפּילמענער, וואַנדער־זינגערס, וואַנדער־זאָגערס וואָס שטייען ביים אָנהייב פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור. נאָר תנכישע טעקסטן? ניין — וואָרן וואָס מער זיי באַצירן זיי, זיי פאַרשענערן זיי, זיי מאַכן זיי זינגעוודיקער און קלינגעוודיקער — אַלץ מער ווערט דאָס וואָס מע קען שוין אָנרופן פּרימיטיווע ליטעראַטור אָבער דאָך שוין ליטעראַטור. לאָמיר איינס נישט פאַרגעסן: ביי די יידן זענען קיין מאָל נישט געווען קיין אַנאַלפאַבעטן — מע האָט געמוזט קענען לייענען און שרייבן. און אַזוי האָט מען די געהערטע טעקסטן איבערגעשריבן און זיי איבערגעגעבן אַנדערע מענטשן וואָס האָבן זיי נאָך נישט געהאַט געהערט. ד״ר פוקס שטרייכט אונטער, אַז די אַלע ערשטע ווערק, אויב מיר מעגן זיי אַזוי אָנרופן, און אויב זיי האָבן נישט געהאַט קיין שטרענג רעליגיעזן כאַראַקטער, האָבן זיי פאָרט געדינט צור ערבאַונג, צו דערהייבן דאָס האַרץ און די נשמה, אַ מין השתפכות הנפש, און נישט פּשוט זיך צו „קורצווייליקן״. עס זענען פאַרהאַנען פאַרשיידענע מיינונגען וועגן כאַ־ראַקטער פון דער דאָזיקער ניי־אַנטשטייענדיקער און ניי־אַנטשטאַנענער ליטעראַ־טור: עריק האַלט, אַז יענע ליטעראַטור איז געווען אין עצם אַ פּראָפאַנע ליטע־ראַטור; צינבערג פאַרקערט האַלט, אַז זי איז געווען רעליגיעז. אָבער ד״ר פוקס וואָס האָט דורכגעאַרבעט אַזוי און אַזוי פיל ווערק אָן אַ צאָל, קומט צום אויס־

פיר: רעליגיעז — דאָס זענען אַזעלכע ווערק וואָס האָבן אַ דירעקטן שייכות צום ריטוס און צו רעליגיע: סידורים, מנהגים, גלאָסן. פאַרקערט איז די „ערבאַונגס־ליטעראַטור" — דאָס זענען ווערק מיט אַ רעליגיעזער טענדענץ — למשל עפּישע און עקסעגעטישע איבעראַרבעטונגען פון ביבלישע ביכער ווי אַ שטייגער: דאָס שמואל־בוך, דאָס מלכים־בוך און נאָך אַנדערע; און דערצו נאָך די ריינע פאַרוויילונגס־ליטעראַטור, ווי למשל אין די אַלטע ליבע־לידער און דאָס באַניצן זיך מיט עפּישע טעמעס פון דער אַרומיקער גויאישער וועלט. אָבער, אין איך וויל נאָך שפּעטער צוריקקומען צו דעם, אַפילו די פּראָפאַנע ליטעראַטור איז אין גאַנצן יידיש — שוין אַליין מיט דעם וואָס זיי הייבן זיך אָן און פאַרענדיקן זיך מיט אַ תפילה צום אייבערשטן און מיטן אויסדרוק פון דער האָפענונג, אַז מיר וועלן נאָך דערלעבן משיח זאָל קומען.

אין אַ וויטערן אָפּשניט פון זיין אַריינפירנדיקער און אויפקלערנדיקער אַרבעט רעדט ד״ר פוקס אויספירלעך וועגן דעם כתב־יד פון מלכים־בוך און וועגן די דריי דרוקן וואָס מיט זיי האָט ער זיך באַניצט כדי אַרויסצוברענגען דאָס אַלט־יידישע עפּאָס „מלכים־בוך". פון פאַל צו פאַל וועל איך דערויף נאָך צוריקקומען.

און איצט נאָך: פון וואַנען האָט געשעפּט דער מחבר פון מלכים־בוך? וואָס זענען געווען זיינע קוואַלן? פאַרשטייט זיך: אין דער ערשטער ריי דער טעקסט פון מלכים א און מלכים ב. דאָס אַליין? ניין! אַז נישט וואָלט דאָך טאַקע יאָ בלויז אַרויסגעקומען אַ פּערסיפיצירטע פּאַסונג פון די דאָזיקע צוויי ביכער פון תנך — און שוין! ד״ר פוקס וויזט אָבער אויך אויף די נאָך־תנכישע קוואַלן, סיי די העברעאישע סיי די אַראַמישע, וואָס פון זיי האָט געשעפּט אונדזער מחבר און דאָ מוזן מיר זיך נאָך אַ מאָל פאַרנייגן פאַרן אַרויסגעבער — ער וויזט אַלץ אָן און ברענגט, איבערגעזעצט אויף דייטש, אַלע טעקסטן וואָס מיט זיי האָט אונדזער עפּיקער זיך באַנוצט. איך וויל דאָס אַריינפיר־קאַפּיטל פאַרענדיקן — קורץ, כאָטש מע וואָלט געמוזט רעדן וועגן דעם שעהען און שעהען לאַנג. עס איז אָבער נאָך פאַרהאַנען אַ קאַפּיטל וועגן אויסלייג, וועגן דער אָרטאָגראַפיע פון אונדזער טעקסט; אַ רשימה פון די טעקסט־וואַריאַנטן צווישן די דריי פאַרהאַנענע דרוקן; טעקסט־קריטישע באַמערקונגען און צום סוף נאָך אַ גאַר גאַר אויספירלעכער גלאָסאַר מיט אַ נאָמען־רעגיסטער און מיט אַ געאָגראַפישן רייסטער.

פאַר זיין אַרבעט קומט ד״ר פוקסן דער ערנטיטל „פילאָלאָג" אין באָראָכאָווישן זינען. ער האָט געמאַכט זיין אַרבעט „באהבה" און ער איז געווען באַהאַוונט דערצו.

און אַצינד לאָמיר צוגיין צום מלכים־בוך.

איצט לאָז זיך אונדז אויסדאַכטן, אַז מיר וויסן נאָך גאָר, גאָרנישט וועגן מלכים־בוך. איך האָב דאָ געלאָזט צירקולירן אַ פאָטאָ־קאָפּיע פונעם בוך און לאָמיר לייענען אַצינד צוזאַמען.

און אָט וואָס מיר לייענען אויפן שער:

דאָס שפר מלכים אין טויטשער שפראך
היפש און באַשיידלעך, אויך גאר קורצווייליק דרינען צו לייען.
געדרוקט אין דער קייזערליכן שטאט אויגסבורג אין יאר
דא מאל ציילט דריי הונדערט און דריי אין דער קליינען צאל

איר האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס הייסט: לויטן פּרט קטן אָדער לפ״ק, דאָס הייסט: אָן די טויזנטער, לויט אונדזער יידישע צייט־רעכענונג, פון זינט עס איז געשאַפן געוואָרן די וועלט, און אויב מיר געבן צו צו דער צאָל דריי הונדערט און דריי וואָס שטייט אויפן שער, נאָך די צאָל 1240 אַזוי באַקומען מיר דאָס יאָר 1543 לויט דער געוויינטלעכער יאָרציילונג.

וואָס זעען מיר נאָך אויפן שער? דעם עיקר זעען מיר נישט, דהיינו: דעם מחבר, וואָס ווערט דאָך געוויינטלעך יאָ אויפגעשריבן אויפן טיטל־בלאַט. אָדער איז זיין נאָמען אפשר פאַרצייכנט אויפן לעצטן בלאַט, ביים קאָלאָפאָן, וואו עס ווערט געוויינטלעך אָנגעוויזן מיטן נאָמען פונעם דרוקער אויך דער נאָמען פונעם מחבר, וואָס האָט געמאַכט דאָס ווערק? אויפן לעצטן זייטל לייענען מיר, דאָס מאָל אויף העברעאיש, אַז עס איז געוואָרן געדרוקט בשנת „שג״ און דאָס הייסט אויף 303 לפ״ק און דאָס איז 1543 און חוץ דעם אויף לאַטייניש די שטאָט, וואו עס איז געוואָרן געדרוקט, דהיינו אוגוסטע ווינדעליקאַרוס, ביי איינעם וואָס הייסט פּ א ו ל ו ס ע מ י ל י ו ס אין יאָר 1543. און שוין. קיין מחבר איז נישט אָנגעוויזן. וואָס זשע קענען מיר דרינגען פון דעם? פשוט דאָס: אַז דער מחבר פון מלכים־בוך איז אַן אַנאָנימער — און זיין נאָמען ווערט אויך נישט דערמאָנט אין קיין שום אַנדערן דרוק, אויך אויפן כתב־יד נישט און אין קיין שום ביבליאָגראַפיע.

פרעגן מיר זיך: פאַר וואָס גאָר אַ נ אָ נ י ם? ווי געשיקט זיך דאָס? אַ מחבר מ ו ז דאָך שטיין אויפן שער, דעם מחבר ג ע פ ע ל ט עס דאָך, ווען זיין נאָמען ווערט דערמאָנט אויפן שער־בלאַט, אָדער לכל הפחות ביים סוף פונעם ווערק, וואָס ער האָט אָנגעשריבן נו, און פאַר וואָס זשע נישט ביי דעם מלכים־בוך? בעט איך אייך, קוקט אייך גוט גוט צו צו די גאָר ערשטע ליטע־ראַרישע שאַפונגען ביי אַנדערע פעלקער, וואָס גייען אייגנטלעך נאָך נישט אַריין אין דער ליטעראַטור און מע רופט זיי פאָלקס־שאַפונגען — כאָטש מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז דאָס איז נישט געווען דאָס ג אַ נ צ ע פאָלק וואָס פלעגט זיך אַנידערזעצן ביים שרייבטיש און שרייבן, נייערט ס׳איז תמיד און שטענדיק געווען איינער וואָס האָט דער ערשטער עס געשאַפן און דערנאָך האָט דאָס גע־שאַפענע זיך געטראָגן פון מויל צו מויל, איז געוואָרן צוגעפּאַסט, פאַרביטן, און דערפון פלעגט אַרויסצוקומען דאָס ווערק — אַנאָנים. נו, קוקט אייך אָן דאָס דייטשע ניבעלונגען־ליד, און דאָס דייטשע עפּאָס „קודרון״ — ווער זענען די מחברים? מע ווייסט נישט, סיידן מע וועט וועלן ענטפערן דערויף: דאָס פאָלק, דאָס דייטשע פאָלק. און קוקט אייך אָן לאַ ש אַ נ ס אָ ן דע ר אָ ל אַ ן — איז דאָרט אָנגעוויזן, ווער עס איז געווען דער מחבר פון דער דאָזיקער וווּנדער־לעכער עפּאָפּייע? ניין! נישטאָ קיין מחבר. סיידן איר וועט ווידער אַ מאָל זאָגן:

דאָס פראַנצייזישע פאָלק, דאָס הייסט: נישט פ ו נ ע ם פאָלק גופא, נייערט: פ אַ ר ן פאָלק, אַזוי גוט איז עס געווען אַרויסגענומען פונעם הארץ, פון דער נשמה פונעם פראַנצייזישן פאָלק. און אַזוי אויך ביי אַנדערע פעלקער — נישט אָנגעוויזן קיין מחבר. וואָס ווילט איר מער: ה אָ מ ע ר פון דער איליאַדע און פון דער אָדיסייע איז דאָך נישט מער ווי אַ לעגענדאַרע פיגור. און ווייסן מיר עפּעס וועגן די מחברים פון אונדזער תנך? ניין.

איז — האָבן מיר זיך אויסגעלערנט שוין איין זאַך אויפן ערשטן קוק: דאָס מלכים־בוך, אונדזער אַלט־יידישע עפּאָפּייע, איז אַ נ אָ נ י ם. פאַרשטייט זיך, אַזוי ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער, איז עס נישט געבליבן שטענדיק ביים אַ נ אָ נ י מ ע ן מחבר. אָט זעען מיר, אַן אַנדער ווערק פון דער יידישער ליטע־ראַטור וואָס טראָגט שוין יאָ דעם נאָמען פונעם מחבר, וואָס איז, הייסט דאָס, שוין נישט מער אַ נ אָ נ י ם. איר שטויסט אייך מסתמא אָן, וועלכעס ווערק איך מיין דאָ. דאָס איז דאָס באָבע־בוך און זיין מחבר הייסט אליהו ב א כ ע ר אָדער: עליאַ לעוויטאַ. אָט ווי אַזוי ווי שטייט דאָרט: (אין די שלוס־סטראָפעס פון זיין בוך):

דאך וויל איך נעמען וואָר<br>ווער דאס בוך האָט געמאַכט און געשריבן:<br>א ל י ה ו בחור נענט ער זיך צוואָר<br>א גאַנץ יאר האט ער דעריבער פארטריבן.<br>און האָט געמאַכט דאָס זעלביק יאר<br>דא מאן ציילט צווײ הונדערט און זעכציק זיבן

267, לויטן פרט קטן, לפ"ק, דאָס הייסט, אויב מיר שטעלן דערצו צו 1240, באַקומען מיר די יאָרצאָל 1507. ער שעמט זיך נישט אָנצואווייזן זיין נאָמען אויפן שער און נאָך עפּעס: וואו עס איז געוואָרן געדרוקט — אין איסני — און ווען: אליה המחבר איז גלייך דש פרט, און דאָס הייסט: 1541!

וואָס אָנבאַלאַנגט די היינטיקע צייט, וועט, פאַרשטייט זיך, שוין קיין איינ־ציקער מחבר נישט דערלאָזן, מע זאָל נישט אָנרופן זיין נאָמען. אָבער פריער אַ מאָל, און, וואָס גייט אונדז זיאָ יאָ אָן, האָט מען דאָס יאָ געמאַכט. איז נאָך אַ מאָל: דאָס אַלט־יידישע עפּאָס דאָס מלכים־בוך האָט, פאַרשטייט זיך, יאָ אַ מחבר, אָבער דער מחבר האָט נישט קיין נאָמען, ער איז אַ נ אָ נ י ם.

איז: ווייטער האָבן מיר געזען אויפן שער, אַז דאָס דאָזיקע בוך איז ב ע־ש י י ד ל ע ך צו לייענען. און דאָס ווידער הייסט: לייכט צו פאַרשטיין, און אויך נאָך קורצווייליק צו לייענען — און דאָס ווידער הייסט: פאַרגעניגלעך, מיט פאַרגעניגן און ווייטער זעען מיר נאָך דאָס וואָרט: לייען — און דאָס איז אונדזער וואָרט לייענען, און נישט חלילה לעזען, וואָס מע זאָל נישט זיך באַנוצן מיט דעם וואָרט, מע האָט ליב געהאַט ביי אונדז אין דער ערשטער צייט צו מאַכן אויפן שער אַזעלכע אָנווייזן. אָט איז דאָ אַן אָנווייז טאַקע פון דעם זעלביקן בוך, אָבער פון אַ שפּעטערן דרוק, פון דער אויסגאַבע פון יאָר 1582, געדרוקט אין קראָקע, דאָ הייסט עס — און צוליב דעם טאַקע וויל איך עס ציטירן:

„וואויל פאַרטויטשט אין טויטשער שפּראַך גאָר היפּש און באַשיידלעך — און איצט קומט דער עיקר — פאַר ווייבער און פאַר מיידלעך".

עס שטייט נישט: פאַר מענער און בחורים, פאַר זיי האָט דער אַנאָנימער מחבר נישט געשאַפן דאָס עפּאָס, נאָר פאַר ווייבער, די מיידלעך, די פּילצלעך, וואָרן די מענער, די יידן, צי גרויס צי קליין, האָבן געלערנט דעם תנך, און אין תנך דעם ספר מלכים, אין אָריגינאַל, דאָס הייסט, אויף העברעאיש.

און פּונקט אַזוי הייסט עס אויך אויפן שערבלאַט פון דער פּראָגער אויסגאַבע פונעם מלכים־בוך, וואָס איז געוואָרן געדרוקט אין יאָר 1607 — דהיינו: צו לייען פאַר ווייבער און מיידלעך. און אין דער זעלביקער אויסגאַבע איז אויך פאַרהאַנען אַ פּירוואָרט, אַ געגראַמטס, וואו עס הייסט: „איר ליבן פרויען.. טוט איר עבן אין דעם בוך שויען.. דרינען פינדען שיינע געטלעכע זאַכן"... צו וואָס, וועט איר אייך און מיך אויכעט פרעגן, צו וואָס האָב איך מיך אַזוי לאַנג אָפּגעשטעלט אויף דעם? נו, צוליב דעם, ווייל די עלטסטע, די גאָר אַלטע ליטעראַטור אונדזערע, און אפילו נישט די גאַנץ אַלטע, איז געוואָרן געמאַכט דער עיקר פאַר ווייבער, פאַר מיידלעך, פאַר יונג־פרויען, וואָס האָבן נישט געקענט לייענען עיברי, האָט מען די אַלטע אוצרות אונדזערע איבערגעגעבן פאַר זיי, און הויפּטזעכלעך פאַר זיי, אויף עיברי־טייטש, אָבער — און דאָס איז דעמאָלט געווען דאָס זעלביקע — אויף יידיש־טויטש, אָדער גלאַט טייטש, דאָס הייסט, מע האָט עס פאַר זיי פאַר־טייטשט — און דאָס וואָרט איז ביי אונדז שוין געבליבן און דאָס הייסט א ר י ־ ב ע ר ט ר אָ ג ן. איבערזעצן.

פאַרגעסט נישט — איך וויל אייך דאָס דערמאָנען — אַז ש. ניגערס איינע פון די ערשטע אַרבעטן זיינע האָט געהייסן: די יידישע ליטעראַטור און די לעזערין, און ער באַמערקט מיט רעכט, אַז אויב עס שטייט אַ מאָל אויפן שער־בלאַט „פאַר מאַנען און פאַר מיידלעך", אַזוי פאַרשטייט מען דאָ דאָס וואָרט מאַנען די פּראָסטע מענטשן, די מאַנסבילן, וואָס אין פּרט פון לומדות שטייען זיי אויף דער זעלביקער מדרגה וואָס די נישט־געלערנטע ווייבער. און אַזוי הייסט עס אויך אין אַן אַנדער ווערק, אין בראַנטשפּיגל: „דאָס בוך ווערט גע־מאַכט ט י י ט ש דען ווייבער און מ אַ נ ע ן, די דאָ זיין אַזוי ווי ו ו י י ־ ב ע ר און קענען נ י ט פּ י ל ל ע ר נ ע ן.

אַ מאָדנע פאָלק — דאָס יידישע פאָלק. מיט מאָדנע, גאָר אויסטערלישע ווייבער און פרויען! אָט מאַכן די עפּיקער פאַר זיי „בישיידלעכע" ביכער און „קורצוויילעכע" — אַזוי צו זאָגן „ליטעראַטור צום פאַרוויילן זיך". און די שפּיל־מענער זאָגן און זינגען דאָס אַלץ פאַר זיי. און אין דער ערשטער ריי מאַכט מען פאַר זיי „נישט קיין אונטערהאַלטונגס־ליטעראַטור" אַזוי ווי מע פלעגט זי מאַכן למשל אין דייטשלאַנד אין דער „גאַרטענלויבע"־צייט ווען די קורטס־מאַלערס און אייגעניע מאַרליטס מיט זייערע פאַרצוקערטע טריוויאַל־ראָמאַנען, אָדער די פראַנסואַזע סאַגאַנס היינט אין פראַנקרייך, אויך פאַר פרויען — נאָר פאַר די יידישע פרויען פון יענער צייט נעמט מען גאָר אוראַלטע טראַדיציאָנעלע שטאָפן פון זייער צוויי און האַלב טויזנט־יעריקער געשיכטע (וואָס האָט דאָך אייגנטלעך נישט קיין סך צו טאָן מיט רעליגיע אין אייגנטלעכן זינען פונעם וואָרט) און עס

ווערט פון דעם דאָס וואָס ד״ר פוקס רופט אָן „ערבאַונגס־ליטעראַטור״. זיי אַלע האָבן געקענט די געשיכטע פון שלמה המלך, דעם חכם, וואָס איז נישט געווען גראָד דער איידלסטער מענטש — מיר ווייסן אַז ער האָט געהרגעט נאָענטע קרובים, אָבער להיפך צו זיינע בליידע פאָרגייערס, צו שאול המלך און צו זיין פאָטער דוד המלך, האָט ער נישט געפירט קיין מלחמות — נאָר ער האָט זיך געהאַלטן ביים דעוויז פון דער שפּעטערדיקער עסטרייכישער מאָנאַרכיע: „בעללאַ געראַנט אַליי, טו פעליקס אוסטריאַ, נובע!״ — „מלחמות זאָלן אַנדערע פירן, דו, שלמה החכם, האָב חתונות״. און מיט זיינע חתונות האָט ער פאַרגרעסערט אַלץ מער און מער זיין קיניגרייך. אָבער ווי געזאָגט, דאָס האָבן דעמאָלט שוין אַלע די מיידלעך און פּילצלעך געוואוסט — און צוליב דעם וועל איך אייך דאָ היינט נישט איבערגעבן דעם אינהאַלט פונעם אַלט־יידישן עפּאָס מלכים־בוך — איר ווייסט דאָס אַלץ, אָבער איך וויל אָנווייזן אויף אַ זאַך, וואָס איר וועט נישט געפינען ביי שום אַנדערן פאָלק נישט. אָט הערט די ערשטע סטראָפע פון מלכים־בוך. זי גייט אַזוי:

„איך לויב דיך, גאָט, פון האַרצן, דו ביסט וואויל לויבס ווערט
„דו האסט מיט דיינען קרעפטן באַשאַפן הימל און ערד
„דערצו פיל וואונדער און צייכן די נימאַנט ציילן קאַן
„צאַם און אויך ווילדע, פרויען און אויך די מאַנען.״

און אַזוי גייט דאָס ווייטער, ביז עס הייבט זיך אָן „די געשיכטע פון שלמה המלך״. און פאַרענדיקן פאַרענדיקט זיך אונדזער עפּאָס אויך מיט אַ וואונדערלעכן פערז:

„מיר האָבן גאָר לאַנג געליטן איין עטלעכע הונדערט יאָר
לאָמיר זיך אָפּלאָזן איצט פון קינה און שינא צע וואר
אונדזער זאַך וועט בעסער און דאָס וועט בשום ספק אויך געשען
אַז מיר זאָלן מיט אונדזערע אויגן משיח בן דוד זען״

גאָט, און נאָך אַ מאָל גאָט — און יידישע ליידן און יידישער אויסלייז און באַפרייאונג.

און ווי אַזוי הייבט זיך אָן די גרויסע איליאַדע האָמערס? אָן גאָט: דער ערשטער פערז גייט אַזוי:

זינג מיר, מוזע, דעם גרימצאָרן פון אַכילעס, פעלעוסעס זון — און שוין! און פון אָדיסיי?

דערצייל מיר, מוזע, פון פיל־געוואָגלטן אָדיסעוס — און שוין.

און אַזוי ביים דייטשן הילדעבראַנד־ליד, ביי די ניבעלונגען, ביי קודרון, ביי די ריטער־ראָמאַנען.

אָבער נישט בלויז ביי דער אַזוי אָנגערופענער „ערבאַונגס־ליטעראַטור״ הייבן מיר תמיד אָן מיט גאָט. אָט שרייבט עליע באָכער זיין באבא־דאנטאנא — מיט

טורנירן פון די וואקערע רעקן, מיט ליבעס — אַלץ געגומען פון דער עפּישער ליטעראַטור פון די אַרומיקע פעלקער — אין דעם פאַל פון די איטאַליענער — און ווי אַזוי הייבט זיך אָן די העלדן־געשיכטע וואָס האָט גאָרנישט נישט צו טון מיט יידן און מיט רעליגיע? — אָט איז די ערשטע סטראָפע, אין אַכט פערזן אין אָטאַווערימע:

גאָט דען זאָל מען אייביק לאָבן
און זיינע וואונדער זאָל מען קונדן
וואָרן ער איז געאַכפּערט און דער הויבן
אין פרומע לייטן מונדן.
ער איז געוואַלטיק אונטן און אויבן
זיין לויב איז ניט צו גרונדן
קיין מענטש דער עס קאָן פאַרלענדן
ווען עס האָט נוך דרום נאָך ענדן.

זיין הייליקער נאָמען זאָל מיך שטערקן
און אַזוי ווייטער.

טאַקע אַ מאָדנע פאָלק, מיר יידן!

נו, און אַצינד גייען מיר צוריק ווידער צום שער־בלאַט פון אונדזער מלכים־בוך: האָבן מיר זיך נאָך עפּעס אויסגעלערנט? יאָ — און אַ סך — דהיינו: איך האָב אייך ציטירט נישט בלויז פון איין אויסגאַבע, פון דער ערשטער אויסגאַבע פון יאָר 1543, נאָר אויך פון צוויי אַנדערע אויסגאַבעס פון דעם זעלביקן ווערק, פון דער קראָקעווער אויסגאַבע און פון דער פּראָגער אויסגאַבע. האָבן מיר שוין דריי אויפלאַגן ווי מיר וואָלטן היינט געזאָגט. און וואָס זאָגט אונדז דאָס? דאָס זאָגט אונדז: אַז דאָס בוך, דאָס געדרוקטע ווערק, איז נישט געווען עפּעס בראַק, וואָס מע וואַרפט אַוועק, נייערט עס איז געווען כמעט אַ דאָס וואָס מע רופט היינט אָן: אַ ב ע ס ט ס ע ל ע ר. מע האָט עס געקויפט, אַז נישט וואָלט מען עס דאָך נישט געווען איבערגעדרוקט. ווער האָט עס געקויפט? נו, אין דער ערשטער ריי זענען עס טאַקע געווען די שוין דערמאָנטע ווייבער, מיידלעך, יונג־פרויען, פּילצלעך און אויך די מאַנען און — ב אַ ה אַ ל ט ע נ ע ר ה י י ט, און אפילו די תלמידי־חכמים! פאַר וואָס זאָל מען זיך נישט פ אַ ר ו ו י י ל י ק ן אויף טויטש?

מע חידושט זיך אָפּט: פאַר וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען אַזוי ווייניק עקזעמפּלאַרן פון אונדזער מלכים־בוך? איך, להיפך, חידוש מיך גאָר — און מיט מיר אַנדערע אויכעט — וועגן גאָר אַן אַנדערער זאַך, דהיינו: ווי קומט עס וואָס עס זענען פאָרט צו אונדז דערגאַנגען אַזוי פיל עקזעמפּלאַרן — דריי, און געדרוקט זענען זיי געוואָרן אין דריי פאַרשידענע שטעט און אַ כתב־יד אויך נאָך דערצו פון אַן אַנדערער שטאָט, מסתמא פון איטאַליע. נו, פּשוט — מיר ווייסן, אַז ביי די אָפּטע אַרויסטרייבונגען פון לענדער און פון שטעט, ווען

מע האָט געמוזט אַנטלויפֿן, כדי זיך צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבן — האָט מען תמיד און תמיד מיטגענומען דאָס טייערסטע, דאָס הייליקסטע און דאָס זענען געווען די הייליקע ביכער טאַקע, די ספֿרי תורות — די טויטשע ביכער האָט מען זעלטן מיטגענומען. אָבער, ווי געזאָגט, מע האָט פֿאָרט צו מאָל אויך מיטגענומען איין עקזעמפּלאַר, צוויי, עטלעכע עקזעמפּלאַרן פֿון דער פּראָפֿאַנער ליטעראַטור, ביז מען איז געקומען אין אַ רויִקער שטאָט און האָט זיי דאָרט געלאָזט איבערדרוקן.

נאָך עפּעס: וואו האָט מען געקויפֿט אַזאַ מין ווערק און אַנדערע דרוק־פּראָדוקטן? אין בוכהאַנדלונגען? ניין! אַזוינס איז דעמאָלט נאָך נישט געווען פֿאַרהאַנען. אָבער עס זענען געווען פֿאַרהאַנען אין אַלע ײ ד י ש ע לענדער, דאָס הייסט: אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער, וואו יידן האָבן צ ײ ט װ ײ ל י ק נאָך געקענט וואוינען, זענען געווען פֿאַרהאַנען אַרומפֿאָרנדיקע ביכער־פֿאַרקוי־פֿערס, מויכער־ספֿרימניקעס, וואָס פֿלעגן גייען אין די הייזער און אָנבאָטן לעבן אַנדערע ה ײ ל י ק ע ספֿרים, לעבן טליתים, ציצית, מזוזות און אַזוי ווייטער, אויך אונדזערע טויטשע ביכער — נו, און צווישן זיי אויך אונדזער מלכים־בוך. נישט יעדער האָט זיך געקענט קויפֿן אַזאַ מין קורצווייליק בוך — זיי זענען געווען זייער טייער, אָבער פֿאָרט זענען זיי געגאַנגען, און מע קען זאָגן: זיי האָבן זיך גוט פֿאַרקויפֿט!

---

וואָס נאָך קענען מיר זיך לערנען בלויז פֿון דעם שער פֿון מלכים־בוך? אָט וואָס עס שטייט דאָרט: „געדרוקט" אין דער קייזערלעכער שטאָט אויגסבורג. און דאָס וויל זאָגן: אַז די פֿאַקסימילע־אויסגאַבע, וואָס מיר האָבן דאָ פֿאַר זיך, איז נישט געמאַכט לויט אַ כתב־יד, לויט אַ מאַנוסקריפּט, אַן עקזעמפּלאַר געשריבן מיט דער האַנט, נאָר לויט אַ ד ר ו ק ו ע ר ק, אַזוי אַז מיר מוזן דערפֿון דרינגען, אַז עס זענען שוין דעמאָלט געווען ביי א ו נ ד ז יידישע דרוקערייען. געוויס. דאָס ווייסט מען דאָך, אַז מיר האָבן גאָר גיך איבערגענומען און, לאָמיר דאָס אַזוי זאָגן, „פֿאַריידישט", גוטענבערגס וואונדערלעכע דערפֿינדונג, וואָס ער האָט געמאַכט אין יאָר 1440 אין שטראַסבורג, אַנדערע זאָגן: אפֿילו שוין אין יאָר 1438. איר ווייסט, אַז ביים אָנהייב זענען געווען חוץ אַנדערע טעכנישע שוועריקייטן אויך נאָך אַנדערע שוועריקייטן, למשל האָבן די איבערשרייבערס, דאָס הייסט, די וואָס פֿלעגן איבערשרייבן מיט דער האַנט אַ ווערק, האָבן גענומען פֿאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז ס'איז „מעשה שטן", אַז מען טאָר קיין געדרוקטע ביכער נישט ניצן, ווייל אין די שוואַרצע פֿינטעלעך שטעקן שוואַרצע קונצן. אָבער „גוטענבערגס קינדער", אַזוי האָט מען גערופֿן די ערשטע דרוקערס, צעשפּרייטן זיך איבער אַנדערע שטעט און איבער אַנדערע לענדער און איבער אַלע לענדער. און מיר אויך זענען געוואָרן „גוטענבערגס קינדער". דאָס ערשטע דרוקווערק אויף ל ש ו ן ק ו ד ש קומט אַרויס אין איטאַליע אין יאָר 1475 — מע זעט, מיר יידן האָבן זיך גיך אויסגעלערנט דאָס דרוקן — דאָס מאַכן אותיות פֿון האָלץ צוערשט, פֿון בליי שפּעטער — און מען האָט געדרוקט! דאָס ערשטע געדרוקטע

שטיקל טעקסט אין יידיש (און נישט אין לשון קודש, אין העברעאיש, נאָר טאַקע אין אונדזער שפּראַך), איז פֿונעם יאָר 1526.

נו, און אַז מיר האַלטן שוין יאָ דערבײַ צו רעדן וועגן די ערשטע דרוקן אונדזערע, איז טאַקע כדאַי, אָנצורופֿן עטלעכע פֿון די ערשטע געדרוקטע ווערק. און אַזוי געפֿינען מיר, אין יאָר 1526, די הגדה, אין יאָר 1534 דאָס גאָר גאָר באַרימטע ערשטע העברעאיש־יידישע ווערטערבוך, וואָס הייסט: מרכבת המישנה, אַנאָנים, געדרוקט אין קראָקע; אין 1541, דאָס שוין דערמאָנטע בבא דאַנטאָנא פֿון אליהו בחור; ווײַטער: אונדזער ווערק, דאָס מלכים־בוך, אויגסבורג, 1543 און אַ יאָר שפּעטער דאָס שטאַרק באַרימטע שמואל־בוך, אויך אַנאָנים (אָדער פֿון אַ מחבר, וואָס ד״ר פֿוקס רופֿט אים משה עסרים ווערבע) אויך געדרוקט אין אויגסבורג; און צולעצט וויל איך נאָך דערמאָנען דאָס ספר יוסיפון, אַ היס־טאָרישע כראָניק, פֿון זינט ס׳איז באַשאַפֿן געוואָרן די וועלט ביזן צווייטן חורבן, געדרוקט אין יאָר 1546 אין דער שטאָט ציריך.

דערנאָך ווערט שוין גאָר אַ סך געדרוקט. מיר וועלן זיך אפֿשר אומקערן צו עטלעכע ווערק וואָס קענען אייך אינטערעסירן.

מיט וואָס פֿאַר אַ צייכנס, מיט וואָס פֿאַרע „שריפֿטן״ האָט מען געדרוקט די ביכער? לאָמיר איצט אָנקוקן אונדזער ספר־מלכים, וואָס איז דאָך, ווי איך האָב באַלד ביים אָנהייב דערמאָנט, אַ פֿאַקסימילע פֿונעם ערשטן גע־דרוקטן אָריגינאַל. וואָס זעען מיר דאָ? מיר זעען עפּעס אַ גאָר באַזונדערן שריפֿט, וואָס איז אַ ביסל יאָ ענלעך צו אונדזער אַלגעמיינער דרוקשריפֿט, וואָס מיט איר דרוקט מען די הייליקע ספֿרים דאָס הייסט: מיט מערובע, מיט קוואַד־ראַט־שריפֿט, און זי איז איינצייטיק אויך גאָר שווער צו לייענען. ס׳איז אויך נישט קיין רשי־שריפֿט, נאָר דאָס איז אַ שריפֿט וואָס מע רופֿט אָן געדרוקטע מעשיט אָדער גאָר פּשוט ווייבערטייטש, און איך וויל דאָ נאָך אַ מאָל אונטערשטרייכן, אַז מיט דעם ווייבערטייטש ווערט נישט באַצייכנט דאָס לשון, די שפּראַך, נאָר באַצייכענען טוט מען דערמיט דעם באַזונדערן שריפֿט, וואָס טרעפֿט זיך צום ערשטן מאָל אין דעם שוין דערמאָנטן העברעאיש־יידישן ווערטערבוך מרכבת המישנה (און וואָס רופֿט זיך אין אַ שפּעטערדיקער אויפֿלאַגע ספר של רעבע אַנטשל).

באמת — ס׳איז נישט גאָר גרינג זיך „אַריינצולייענען״ אין דאָזיקן ווייבער־טייטש־שריפֿט. אָבער איז נישט שווער פֿאַר אונדז זיך אַרייַנצולייענען למשל אין גריכיש, אָדער קיריליש? איז נישט שווער פֿאַר אַן אייראָפּייער זיך אויסצולערנען די כינעזישע שריפֿטצייכנס? געוויס, שווער — אָבער מע לערנט זיך אַלץ אויס און נאָך אַ ביסעלע בלאָנדזשען וועט איר גאַנץ גוט קענען לייענען אונדזער מלכים־בוך אויף ווייבערטייטש.

אמת — עס קומט צו נאָך אַ שוועריקייט, וואָס מע וועט זי נישט קענען אַזוי גרינג גובר זיין — דאָס איז דער אויסלייג, אי אין אונדזער מלכים־בוך, אי אין אַלע פֿריערדיקע דרוקן פֿון אונדזער ליטעראַטור. איר וועט אייך פֿרעגן, ווען איר זעט אַ, דעם אות ו: איז דאָס אַ או־קלאַנג, צי אַ אָ־קלאַנג, צי גאָר אַ וו־קלאַנג, צי גאָר אפֿשר אַ פֿ־קלאַנג? איר וועט אַ סך מאָל ראָטן אויפֿן צימבל, און איר

וועט נישט דעררּאָטן, ביז איר וועט נאָך עטלעכע מאָל לייענען קומען דערויף, צי דאָס איז אַ וואָקאַל, און וואָס פאַר אַ וואָקאַל, צי איז דאָס גאָר אַ קאָנסאָנאַנט. און וואָס פאַר אַ קאָנסאָנאַנט און דאָס זעלביקע וועט זיך טרעפן ביים צייכן א און אויך דאָ וועט איר אייך מוזן פרעגן, צי דאָס אות שטייט דאָ פאַרן קלאַנג אַ, צי פאַרן קלאַנג אָ, צי האָט עס בכלל נישט קיין קלאַנג, אַזוי ביים אָנהייב פון אַ וואָרט וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ ו אָדער מיט אַ י, אָדער גאָר ביים סוף וואָרט. וואו עס ווערט אויך בכלל נישט אַרויסגערעדט. נאָך אַ שוועריקייט: אַזוי ווי דאָס יידיש־שרייבן און יידיש־דרוקן מיט צייכנס וואָס נעמען זיך סוף כל סוף פון העברעאישע שריפט־צייכנס, און אַזוי ווי אויף העברעאיש ווייסט מען נישט — אין דער שריפט נישט! — פון וואָקאַל־צייכנס, אַזוי וועט איר אָפט מאָל אויך אין די יידישע דרוקן מיט וויבערטייטש נישט געפינען קיין וואָקאַל־צייכנס. איר וועט אָפט מאָל געפינען אַ וואָרט מיט צוויי שריפטצייכנס, מיט צוויי קאָנסאָנאַנטן, למשל: גר און גאָרנישט, און איר וועט ערשט פונעם צוזאַמענהאַנג זיך ווערן קלאָר אַז דאָס איז ג אָ ר אָדער ג אַ ר אָדער ג ע ר. אָדער וועט איר געפינען אין טעקסט אַנדערע שוין פיר קאָנסאָנאַנטן למשל: ב ר י ט און איר וועט אייך פרעגן: וואָס הייסט דאָס ב ר יי ט, אָדער ב י ר יי ט אָדער גאָר פשוט ב ר ע ט? אָבער ווי געזאָגט: איר וועט שוין קומען דערויף. אַ גרויסע הילף וועט זיין פאַר אייך דאָס בוך גופא און די גרויסע אַרבעט וואָס זיין אַרויסגעבער, ד״ר פוקס. האָט דערביי אויפגעטאָן. אין זיין גלאָסאַר פאַרטייטשט ער ווערטער, די וואָס איר האָט נישט באַנומען ביים לייענען, הן צוליב זייער באַטייט, ווייל דאָס וואָרט איז שוין שטאַרק פאַראַכאַאיסירט, הן צוליב דער גאָר באַזונדערער אָרטאָגראַפיע, וואָס וועגן איר האָב איך שוין דאָ געזאָגט עטלעכע ווערטער. און נאָך עפּעס: אויב מע שרייבט אַ ספר־תורה, אַזוי מוז מען זיך טויוולען ביי יעדן אַנידערזעצן זיך צום שרייבן. גרייזן טאָרן זיך נישט אַריינכאַפּן — אַז נישט, איז דאָס גאַנצע פסול. ביים דרוקן אַ ה י י ל י ק ספר האָבן זיך אויך נישט געטאָרט אַריינכאַפּן קיין גרייזן און זיי האָבן זיך נישט אַריינגעכאַפּט. דאָס דרוקן האָט ביי אונדז יידן באַקומען אַ שיינעם ביינאָמען — מ ל א כ ת ה ק ו ד ש. נאָר ביים דרוקן יידישע, יידיש־טייטשע, ספרים האָבן זיך יאָ אַריינגעכאַפּט טעותים. און אונדזער „עדיציאָ פּרינצעפּס” האָט אַזעלכע גרייזן, וואָס דער אַרויסגעבער שטעלט אַריין אין זיין אינדעקס. און פאַרריכט זיי.

אָט האָב איך געפּרואווט אייך פירן אויף באַהאַלטענע, כמעט שוין פאַרשיטע וועגן און דאָרט אויפגעהויבן עטלעכע שטיינדלעך, ווערטער־שטיינדלעך, אויך שוין פאַרגליווערטע, פאַרשטיינערטע, אַ מאָל לעבעדיק געוועזענע און אַצינד פּאָסיל געוואָרענע, כמעט שוין אָפּגעשטאָרבענע — אָבער, ווי איך האָב אייך געוויזן. לעבן זיי אַלץ נאָך און זענען מיט צענדליקער, מיט הונדערטער אַנדערע „פאַר־וועלטלעכע”, אויב מע קען אַזוי זאָגן, נאָך אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון אונדזער יידיש לשון.

נאָר כדי איר זאָלט חלילה נישט מיינען, אַז איך האָב אייך געוואָלט טון נאַזביטקע עפּעס גאָר אויף צעלאָכעס, — ווייל עס הייסט דאָ אין פּראָגראַם פון דער לעקציע, אַז איך וועל מיך פאַררופן ספּעציעל אויך אויפן „מעלאָכים־בוך”

— ווען איך מיך ווידער אומקערן צום אַלט־יידישן עפּאָס, וואָס האָט אַרויסגעגעבן ד״ר פוקס. און ווען איך לייענען איין קאַפּיטעלע און נאָך איינס — אויף הײנטיק יידיש צוערשט, דערנאָך פונעם אַלטן טעקסט, אַביסעלע פאַרהיינטיקט, כדי איר זאָלט קענען פאַרשטיין וואָס דאָרט איז געשריבן. איך וועל אייך לייענען פון מלכים, א׳ אין דער איבערזעצונג פון יהואשן און דאָס אַנדערע, ווי שוין געזאָגט, אין אורטעקסט, דאָס הייסט, אין אַלטן יידיש און איר וועט קענען דערקענען וואָס דער אַנאָנימער מחבר פונעם אַלט־יידישן עפּאָס האָט צוגעגעבן צו זיין בייער שאַפונג.

קודם אַ קליינטשיק שטיקעלע.

מלכים־בוך

דא דער קיוניג שלמה
עש קאמען צוויי שנורן
דא שפּראך דיא איין גינעדיגער
בון מיינן גרושן יאמר

אויף דעם קיוניג שטול זש
בור דעם קיוניג אין גרושן הש
איך וויל אויך קלאגן
דא ווער ויל בון צו זאגן

Ze samene si do komen vor dem münster wit. a
ez tet diu husvrouwe durch einen grozen nit, a
si hiez vil übelliche Kriemhilde stille stan: b
ja sol vor küniges wibe nimmer eigendiu gegan. b

שמואל־בוך

קיניד דוד זאך דען מלאך
ער דערשראק פון הערצן
ער ריף מיט גאנצן הערצן
אך אייכער גאט פון הימל

ווי ער די לייט דערשלאָג
עס וואס אים לייד געגוג
צו דעם אל מעכטיגן גאָט:
שלאג מיך פאר צו טאט!

K u d r u n

Daz horte der künic gerne und alle sine man, a
da von von Tenen Horant der friunde vil gewan. a
ouch hete es wol gehoeret diu alte küniginne. b
ez erhal ir durch daz venster da si was gesezzen an der zinne. b

איך האָב שוין פריער דערמאָנט, אַז דאָס מלכים־בוך אין פערזן — פיר פערזן, געגראַמט א:א ב:ב, יעדער פערז מיט צוויי מאָל דריי הייבונגען — מאַכן אויס אַ סטראָפע, נאָכגעמאַכט לויט דער דייטשער ניבעלונגען־סטראָפע. אַזוי איז דאָס „שמואל־בוך״. אין אונדזער מלכים־בוך האָט דער צווייטער טייל פונעם לעצטן פערז נישט דריי, נאָר פיר באַטאָנטע הייבונגען — נאָכגעמאַכט לויט דער קודרון־סטראָפע. (זעט איר, שוין דאָס אַליין, וואָס מיר האָבן זיך באַניצט אין אונדזערע עפּישע ווערק מיטן דייטשעסטן פערז — איז דאָס נישט אַ סימן דערפאַר, אַז מיר האָבן נישט געלעבט אָפּגעזונדערט אין געטאָס, נאָר געהאַט אפילו ג יי ס ט י ק ע באַציאונגען צום אַרומיקן פאָלק?) — איך וועל איצט לייענען צוויי סטראָפעס, איינע פון מיטלהויכטייטש, די אַנדערע אויף אונדזער טויטש

שלמהן חלומט זיך אַ חלום. ער זעט אין חלום גאָט און גאָט האָט געזאָגט:
„בעט וואָס איך זאָל דיר געבן. האָט שלמה געזאָגט: ...דיין קנעכט איז אין מיטן פון דיין פאָלק וואָס דו האָסט אויסדערוויילט, אַ גרויס פאָלק וואָס קען ניט געציילט און ניט באַרעכנט ווערן.. דרום זאָלסטו געבן דיין קנעכט אַ פאַרשטאַנדיק האַרץ, צו מישפטן דיין פאָלק, צו דערקענען צווישן גוטס און שלעכטס...”
„און די זאַך איז וואוילגעפעלן אין די אויגן פון גאָט: ..איך האָב געטאָן לויט דיין וואָרט, איך האָב דיר געגעבן אַ קלוג און פאַרשטאַנדיק האַרץ אַז אַזאַ ווי דו איז נישט געווען פאַר דיר און נאָך דיר וועט ניט אויפשטיין אַזאַ ווי דו. און אויך וואָס דו האָסט ניט געבעטן, האָב איך דיר געגעבן: אי עושר אי כבוד אַלע דיינע טעג.”
און איצט לאָמיר הערן וואָס דער אַלט־יידישער מחבר האָט דערפון געמאַכט.

גאָט דערצייגט זיך צו שלמה נאָך די זעלביק נאַכט
„הייס וואָס דו ווילסט — עס זאל דיר ניט ווערדן פאראכט.
דא ענטפערט אים שלמה דערמוטיקלעך און זו רעכט:
דו האסט מיר פיל געטאָן אום ווילן דוד דיינעם קנעכט.
אך, ליבער גאָט, איך בין נאָך איין יונגער און געווען נאָר צוועלף יאָר אַלט
דא דו מיך אן מיינעם פאטערס אָרט האסט געשטעלט
איבער פאָלק ישראל, אַז זאַמד אין דעם מער —
איך בעט דיך, אַלמעכטיקער קיניג און אויך הער:
גיב מיר איין קלוגעס האַרץ דאס איך דאס פאָלק רעכט ריכט
ער מוז האבן גרויסע וויזהייט דער זיך אונטער פפליכט
צו ריכטן איין פאָלק דאס דא איז וויט און בריט
ווער איך אונדרעכט ריכטן, עס ווערט מיר זיכער לייד.
איך ביט דיך, ליבער גאָט, גיב מיר אין דאס הערץ מיין
פיל קלוגהייט און וויזן זין און דיין קנעכט אונטערריכט די וואהרהייט
דערביי מאן מאג דערקענען די וואָרהייט און דיין א כ פ ע ר ק יי ט.

איך שטעל מיך דאָ אַ ביסל אָפּ. וואָס האָבן מיר געהערט? כמעט דאָס זעלביקע וואָס מיר לייענען אין מלכים א׳ פונעם תנך. דער מחבר האָט דאָ קיין סך זאַכן נישט צוגעגעבן. אמת, דער פערז און דער גראַם צווינגען אים דערצו, צו ווערן צו מאָל אַ ביסעלע לענגער — אָבער נאָר אין גאָר זעלטענע פאַלן. וואָס נוגע די ווערטער — אַזוי זענען כמעט אַלע, כאָטש אַלט און אפילו זייער אַלט, גאַנץ גוט צו פאַרשטיין. וועלכעס זענען אָט די ווערטער? אָט עטלעכע ווערטער אַזעלכע: ווערדן פאַראַכט דאָס הייסט: נישט נעמען אין אַכט, פאַר־אַכטן. אָט ווייטער: אום ווילן דוד דיינעם קנעכט — און דאָס הייסט: צוליב דיין קנעכט דוד. דאָס פאָלק ישראל — אַז זאַמד אין דעם מער. נו, איר ווייסט אַלע, אַז מער דאָס איז דער ים. אויף אַ מאָדנע זאַך וויל איך אָבער יאָ צוציען אייער אויפמערקזאַמקייט: דהיינו: זאַמד אין ים און גע־ווינטלעך הייסט עס דאָך: זאַמד ביים ים. דער מחבר פון דעם מלכים־בוך

חזרט דאָס אָבער שטענדיק איבער אַזוי ווי איך האָב עס געלייענט פֿאַר אייך. נאָכקוקנדיק אין איבערזעצונגען פֿונעם תנך, האָב איך אומעטום געפֿונען: זאַמד ביים ים און אין ערגעץ נישט: זאַמד אין ים.

ווייטער: וואָס דאָס איז: ווייזהייט דאָס ווייסט איר — דאָס איז חכמה. און נישט אומזיסט הייסט שלמה — שלמה החכם — סאַלאָמאָן דער ווייזע, לע סאַזש און ווייזהייט איז דאָס ענגלישע וויסדאָם. זיך אונטערפּפֿליכטן דאָס איז אונדזער זיך פֿאַרפּליכטן דאָס הייסט: נעמען אויף זיך אַ חוב. זאָל איך דאָ נאָך מאַכן אַ קליינע באַמערקונג צום וואָרט פּפֿליכטן, עס איז געשריבן מיט פּפֿ, אַזוי ווי דאָס דאָזיקע וואָרט ווערט נאָך היינט אַרויסגערעדט אין דער דייטשער ליטעראַטור־שפּראַך. ביי אונדז האָט זיך די פּ אָדער די פּ אין פּפֿ שוין אָפּגעשוואַכט און איז אין גאַנץ פֿאַרשוואונדן געוואָרן. אין מלכים־בוך געפֿינט איר אָבער די פּפֿ אין אַ סך, אַ סך אַנדערע ווערטער, ווי למשל: און נעמט מיין גוטן גויל (דאָס הייסט: פֿערד) דאָ איך פּפֿלעג אויף צו רייטן. ווייטער און קופּפֿער און אייזן מיר זאָגן היינט: קופּער אָן דער פּ. פּפֿוי דער שאַנד דער גראַסן, מיר זאָגן היינט פּשוט פֿע אָן דער פּ. ווייטער הייסט עס אין מלכים־בוך: ער מוז דאָס לעבן לוסן דען קאָפּף און דער גרינד מיר זאָגן היינט דעם קאָפּ אָן דער ף. און דאָס זעלבע אויך ביים וואָרט קעפּן, דאָס הייסט: אַראָפּנעמען דעם קאָפּ, אין עפּאָס הייסט עס קעפּפֿען. ער זאָגט אויך: אַנטפּפֿלאָהען, דאָס הייסט: אַנטלאָפֿן, און אַנטפּפֿאַנגען. ווייטער: אָפּפֿער, דאָס הייסט: אַ קרבן, מיר זאָגן דער דאָס אָפּער. ווייטער: טראָגן דעם שימפּף. דאָס דאָזיקע וואָרט איז נישט מער באַנוצט אין דער היינטיקער שפּראַך, מיר זאָגן דערפֿאַר: די שאַנד, דעם בזיון, די בושה. נאָך איינס: ער נאַם (ער האָט גענומען) וואָל, און דאָס לאָך ער מיט פֿאַרשטאָפּפּט — מיר זאָגן פֿאַרשטאָפּט, אָן דער פּ. צו וואָס דאָס אַלץ? צו וואָס האָב איך אייך גענודעט? נישט בלויז צוליב דעם, אייך צו ווייזן, אַז מיר האָבן פֿריער אַ מאָל זיך אפֿשר! באַנוצט מיט דעם פּפֿ, נייערט כדי אייך אָנצואווייזן אויף אַ יידישן פֿילאָלאָגס אַן אָנוויז, וואָס זאָגט אַזוי: דער טאָפּל־קאָנסאָנאַנט פּפֿ געפֿינט זיך נאָר אין דער דייטשער שפּראַך און ער איז דאָ דערצו, ווייל מיט דעם פּפֿ דאַרפֿן די דייטשן אַוועקבלאָזן דעם שוים פֿונעם ביר, וואָס זיי האָבן אַזוי שטאַרק ליב צו טרינקען. אויב דאָס איז טאַקע די איינציקע סיבה פֿאַרן דייטשן פּפֿ, אַזוי מוז מען, ווען מע האָט געלייענט די אַלטע טעקסטן, זיך פֿרעגן, צי האָבן מיר יידן איבערגענומען דעם טאָפּלקלאַנג פּפֿ טאַקע בלויז צוליב דעם, ווייל מיר זענען צוריק מיט עטלעכע הונדערט יאָר אויך געווען גרויסע בירטרינקערס. גענוג. בלייבן אין דעם טעקסט וואָס איך האָב פֿאַר אייך געלייענט נאָר צוויי ווערטער: די וואָרהייט, אָבער ביי אונדז זאָגט אויף היינט נאָך: וואָרהייט, און דאָס וואָרט אַכפּערקייט. אָבער איר קענט דאָך דאָס וואָרט עמעצן אַכפּערן, דאָס הייסט: אָפּגעבן כבוד עמעצן. נו, און דאָס איז דער סובסטאַנטיוו.

בלייבט נאָך צו דעם טעקסט די פֿראַגע: האָט איר אַרויסגעהערט אַ סך העברעאישע ווערטער? ניין! קיין איינציקס נישט. גאָט הייסט גאָט

און נישט אל; אויפן אָרט פון י ם שטייט מ ע ר; אויפן אָרט פון ב ר ע נ־ג ע ן אַ ק ר ב ן שטייט אַן אָ פּ פ ע ר אָדער אָפּפערן. עס הייסט נישט מ ל ך נאָר אומעטום ק י נ י ג. און אַזוי ווייטער — מיר וואָלטן געקענט שוין איצט פון די דאָזיקע פּאָר שורות דרינגען: מע האָט זיך באַנוצט מער מיט די פון דער דייטשער שפּראַך אַריבערגענומענע ווערטער, איידער מיט ה ע ב ר אַ־א י ז מ ע ן. כאָטש ד"ר פוקס שטרייכט אונטער דאָס פאַרקערטע. אָבער כדי צו זיין אָפּגעהיטער: א ו נ ד ז ע ר מחבר באַנוצט זיך מיט ווייניק ה ע ב־ר אַ א י ז מ ע ן! אפשר צוליב דעם, ווייל דאָס מלכים־בוך, אַזוי ווי אַנדערע ווערק פון דער דאַמאָלטיקער יידישער ליטעראַטור זענען געווען דאָס רוב געמאַכט פאַר ווייבער? קען זיין.

שוין. מיר ווייסן, אַז שלמה איז געוואָרן, אַ דאַנק גאָט און אַ דאַנק זיין אייגענעם וואונטש, דער לעגענדאַרער ש ל מ ה ה ח כ ם.

און דאָ מוז איך, איך זאָג: איך מוז, פאַר אייך לייענען דעם גאָר שיינעם עפּיזאָד מיט די צוויי ווייבער וואָס קומען צו שלמה המלך און בעטן אַ מישפּט, דאָס איז דער אויף דער גאַנצער וועלט באַקאַנטער ש ל מ ה ס מ ש פּ ט.

le jugement de Salomon, das Salọmoniche Urteil

איך וועל מיך איצט אָפּזאָגן פונעם טעקסט פונעם תנך און פאַר אייך לייענען די פערזן:

דאָ דער קיניג שלמה אויף דעם קיניגשטול זאס  
עס קומען צוויי ש נ ו ר ן פאַר דעם קיניג אין גרויסן האַס (שינאה)  
דאָ שפּראַך די איין: גענעדיקער קיניג, איך וויל אייך קלאָגן  
פון מיינעם גרויסן יאָמער — דאָ ווער פיל צו זאגן.

וואָס איז דער מער? אָט דערציילט זי:

איך און די געזעלין (חברטע) זאסן אין איינעם הויז  
פיל מענער, גוטער קנעכט (יונגע לייט) גינגען צו אונדז איין און אויס.  
מיר זענען געווען אַ יעדערן באַרייט (פאַר יעדן גרייט)  
עס איסט געוועזן קיינער זוי שלעכט דען מיר עס העטן פארזייט (אָפּגעזאָגט).

איך רייס אַ שטיקעלע איבער: מיר זעען פונעם טעקסט, וואָס פאַרע ווייבער דאָס זענען געווען: „ביי טאָג און ביי נאַכט איז מען צו זיי געקומען". ווער? „מענער און יונגע לייט!" פאַר אַלע זענען זיי געוועזן ג ר יי ט. צו וואָס? נו, דאָס פאַרשטייט זיך שוין פון זיך אַליין. און חוץ דעם שטייט בפירוש אין אַלטן העברעאישן טעקסט פון מלכים־בוך אָט וואָס:

אָז תבאנה שתים נשים ז ו נ ו ת.  
און אין יהואשעס איבערזעצונג הייסט עס פּראָסט און פּשוט:  
זענען געקומען צוויי פרויען ז ו נ ו ת.  
ביי לוטערן הייסט עס: צ וו יי ה ו ר ע ן.  
אין דער ענגלישער איבערזעצונג שטייט:  
Then came their two women, that ware HARLOT  
harlot = דאָס איז: זונה, הור.

און אין דער פראַנצייזישער איבערזעצונג רעדט זיך וועגן prostituées
נאָר מענדעלסאָן אין זיין דייטשער איבערזעצונג היט זיך פאַרן וואָרט הורע; און אַזוי היט זיך אויך מיין עלטער־פעטער שימעון בערנפעלד אין זיין דייטשער איבערזעצונג די הייליקע שריפט פאַר אַט אָ דעם פּאָדלע וואָרט. אָבער אונדזער דיכטער פונעם אַלטן עפּאָס? ער זאָגט שנורן, און דאָס הייסט, לויט די אַלטע דייטשע ווערטערביכער, אָדער דאָס וואָס הייסט ביי אונדז אויך היינט: די שנור, דאָס הייסט: שוויגער־טאָכטער, אָדער, לויט ד״ר פוקס, פשוט: ווייב. זאָל זיך אונדזער מחבר האָבן געשטויסן אינעם וואָרט הור? ניין. איר וועט באַלד זען, אַז ער לייגט זיך נישט קיין בלאַט פאַרן מויל, און ער געפינט שפּעטער אַ סך אַנדערע ווערטער פאַר זונה. און, כדי איך זאָל דאָ זאָגן מיין מיינונג; איך האַלט, אַז דאָס וואָרט שנורן איז גאָר אפשר אַ פעיאָראַטיווע פאָרעם פון הור. פאַר וואָס? מיר האָבן אַ סך ווערטער, כדי זיי צוצוגעבן אַ פעיאָראַטיווון אונטערשלאַג, צוגעגעבן אַ שם אָדער אַ שנ פאַרן וואָרט. אָדער איז דאָ פאַרן דער הייליקער מאַריאַ וואָס מיר האָבן נישט געוואָלט אַרויסרעדן, שנערי, אַט אָ דאָס נאָר דרך אגב.

איז — זענען געקומען די צוויי ווייבער פאַר שלמהן, ער זאָל מישפּטן. מישפּטן וואָס? אַט הערט?

מיר ביידע זענען געוואָרן טראָגנדיק
דער בויך גינג אונדז איבער די נאָזן — איין זון איך געוואָן.
און מיט דריי טעג שפּעטער אויך מיין געזעלין (חברטע)).
האָט זיך געטראָפן, דערציילט די איינע פאַרן מלך, אַז
יענערס זון איסט געשטאַרבן — זי האָט אין אים שלאָף דערדריקט
זי איז אויפגעשטאַנגען ביי דער נאַכט — מיין זון זי מיר צוקט
(נעמט אַוועק)
צו מאָרגנס וואָלט איך מיין זון זייגן, דען איך האָב געוואונען
עס וואַר מיין זון ניט דאַ.
דא שפּראַך די אַנדערע: דו לייקנסט ווי אַ נפקה (אַט האָט איר דאָס וואָרט = הור)
און איצט הייבט זיך אָן צווישן די צוויי ווייבער:
דער לעבעדיק זון איז מיין
ניין! זאָגט די אַנדערע: דו פּרוצה און דו גרועה, איך גיב עס דיר נישט ווידער

און דאָ צעלאָזט זיך אונדזער מחבר. סטייטש, אַ מחיה מען קריגט זיך, מע זידלט זיך

דא שפּראַך די ערשטע צו איר חברטע
הייסטו מיך אַ נפקה — וואָס ביזטו דא
דו ביסט אַל דיין טאַג איין הור געוועזן שטעטס
איך האָב ני פאַר דיר קענען קומען צו בעט.

גיב מיר מיין זון ווידער, דער טויטער זון איז דיין
און דאָס לעבעדיק קינד איז מיין

אַזוי רעדן זיי פאַר דעם קיניג און טרייבן פיל געשפיי
אַזוי ווי די הינער וואס דא גאצן ווען זיי ווילן לייגן אַן איי.

איצט — וואס זאל טון דער מלך שלמה? ווער איז גערעכט?
דא שפּראך דער קיניג: די איינע שפּריכט אַזוי:
דיין זון איז טויט און מיינער לעבט אל דא
און די אַנדערע שפּריכט להיפּך: מיינער איסט לעבענדיק צוואר
און דיינער איסט טויט — גאָט געב דיר איין בייז יאר.

אָבער בשעת דער מלך חזרט זיך דאס איבער, זעט ער שוין קלאר, וואס ער דאַרף דא טון.
נון שפּראך דער קיניג: ברענגט מיר איין שאַרפעס שווערט
און ווייטער:
האַקט דאס לעבעדיקע קינד אַן צוויי און געבט יעקלעכער איין טייל,
דאָס זי ניט טרייבן אַזוי איין גרויס געשריי.
דאס דערבארעמט יא די מוטער און שפּראך: קיניג הויך געבוירן
געבט מיינער געזעלין דאס קינד
מאן זאָל ניט טויטן, געבט איר דאָס קינד מיין.
ניין!, שפּראך די אַנדערע, ניין, מען טוט דיר אין דאס מויל הערײַן!
(איר זעט, ווי אונדזער מחבר נעמט גאָר פּראָסטע ווערטער)
די קינדער זאל מען צעהאַקן און פון אַנדער שניידן.
און איצט זעט מען שלמה המלך. עס גייט ווייטער דער טעקסט:
דא דערלויכטעט דער רוח הקודש אויף דעם קיניג. ער שפּראך:
געבט איר דאס קינד, זי איז די רעכטע מוטער!
עס נאם די רעכטע מוטער איר ליבעס קינדערליין
די אַנדער העט זי גערן צעביסן.
אָט אָ דאָס איז געווען שלמהס מישפּט. ס׳איז נייטיק נאָך צוצוגעבן איין סטראָפע:
דא דאס ישראל הערטן דאס ער אַזוי ווייזלעך העט גערײכט
זי פאַרכטן זיך פאַר דעם קיניג דא זי הערטן דיזע געשיכט.
איך האַלט ביים פאַרענדיקן, נאָר איידער איך פאַרענדיק, וויל איך נאָך מאַכן אַ קורצע באַמערקונג, נישט קיין דרך־אגבדיקע, נייערט לויט מיין מיין טאַקע אַן עיקרדיקע באַמערקונג. אָט אין וואָס גייט מיר דאָ:
איך האָב פריער, ווען איך האָב גערעדט וועגן ד״ר פוקס׳ אַריינפירן, וועגן זיינע קאָמענטאַרן אאַז״וו, יאָ דערמאָנט, אַז זיינע אייגענע טעקסטן זענען אין דייטש, העכער צוויי הונדערט זייטן אין דייטש — און בלויז אין דייטש. דאָס איז פריער ביי מיר געווען נישט מער ווי אַ קורצע פאַרענטעזע, ווייל איך האָב

געוואוסט, אַז איך וועל צום סוף נאָך צוריקקומען צו דעם דאָזיקן פּראָבלעם — איך זאָג: פּראָבלעם, און איך וויל דאָס איצט נישט באַהאַנדלען בלויז פּאַרענ־טעטיש. איך האָב וועגן דעם דאָזיקן פּראָבלעם אין דער יידיש־פּאַרשונג פון יידיש־פּאָרשערס, פון יידישע יידיש־פּאַרשערס, אַרויסגערופן אַ געוויסע שינאה ביי די „וואויל־געלערנטע" צו מיין פּאָזיציע און צו מיין קריטיק, ווען איך האָב געשריבן וועגן דעם בוך, וואָס איז אַרויסגעקומען צו מאַקס וויינרייכס זיבע־ציקסטן געבוירן־טאָג און וואו דער גרעסטער טייל פון די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן דאָרט זענען געווען געשריבן אָדער אויף ענגליש אָדער אויף דייטש — איך האָב דאָס נישט געקענט פאַרשטיין — און האָב אויך נישט געקענט פאַרשטיין, ווען וויסנשאַפטלערס, י י ד י ש ע וויסנשאַפטלערס, האָבן אויף מיין קריטיק געענטפערט מיט אַ „נו, מילא!" אָדער גאָר מיט אַ שמייכעלע. דאָס איז געווען צוריק מיט אַ צוויי יאָר — און איצט חזרט זיך איבער דער „נייער מעטאָד" אויך ביי ד"ר פוקסן.

פאַר וועמען האָט ער געשריבן זיינע אַריינפירן? נו, פאַר די וואָס פאַר־נעמען זיך מיטן אויספאָרשן אונדזער אַלטע שפּראַך און אונדזער אַלטע ליטע־ראַטור. און ווער פאַרנעמט זיך מיט אָט אַ דער דאָזיקער אויספאָרשונג? נו: די יידיש־פאָרשערס, און יידיש־פאָרשערס זענען דאָך אין דער ערשטער ריי — יידן, וואָס קענען יידיש שרייבן און יידיש לייענען און לייענען אפילו גאָר גאָר אַלטע טעקסטן. ווי אַזוי זשע דאַרף מען שרייבן פאַר זיי? נו: יידיש! אמת — אויך די גערמאַניסטן פאַרנעמען זיך מיטן אויספאָרשן די יידישע שפּראַך, ווייל דאָס קען זיי צו נוץ קומען ביים אויספאָרשן זייער אייגענע שפּראַך, די אַלטע דייטשע שפּראַך. ווי אַזוי זשע דאַרף מען שרייבן פאַר זיי? אויך יידיש! ווייל זיי קענען דאָך יידיש לייענען און שרייבן. אויב מע וויל זיי „אַנקעגנקומען", קען מען אויך שרייבן אויף דייטש. איך זאָג: א ו י ך אויף דייטש. אָבער איך זאָג נישט: ב ל ו י ז אויף דייטש! און דאָס האָט געטאָן ד"ר פוקס. זיינע אַריינפירן, קאָמענטאַרן, ווערטערביכער, דערקלערונגען, איבערזעצונגען זענען בלויז אויף דייטש. איז דאָס אַ סנאָביזם וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו אונדז? צי איז דאָס גאָר אַ פינאַנציעלע פראַגע, דהיינו: דער פאַרלעגער וויל, מע זאָל שרייבן אויף אַ „וועלטשפּראַך", אַז נישט וועט ער נישט געבן קיין געלט פאַרן אַרויסלאָזן דאָס ווערק? קען זיין. אָבער בלויז אויף דייטש? פאַר וואָס האָט דער מחבר, איך מיין: דער אַרויסגעבער, דאָס הייסט: ד"ר פוקס, נישט איבערגעזעצט אויף יידיש, אפילו אין אַ פאַרקירצטער פאָרעם, זיינע קאָמענטאַרן? ניין, ער האָט דאָס נישט געטאָן. און דאָס אַרט מיך ש ט אַ ר ק. און איך קען נישט אַוועקגיין איבער פשוט מיט אַ שמייכעלע.

# דעבאַטע

**מיכאל זילבערבערג** (לאָנדאָן)

איך וועל זיך נישט האַלטן ביים כלל פון כל המרבה הרי זה משובח. וואָס ווייניקער איז בעסער, נאָר צו דער זאַך.

איך בין געווען ביז גאָר געריררט פון דער לעקציע פון ד״ר י. בערנפעלד, הגם איך האָב נישט צו טאָן מיט פילאָלאָגיע אין דעם זין פון וויסנשאַפטלעכער פילאָלאָגיע. אָבער דאָך האָב איך צו דעם אַן אינטערעס מיין גאַנץ לעבן, אַלס אַ מענטש וועלכער איז פאַרנומען מיט דער געשיכטע פון יידן, מיט די וואַנדע־רונגען פון יידן אין אייראָפּע אין משך פון טויזנט יאָר. אויסהערנדיק די לעקציע האָב איך געהאַט אין געדאַנק קודם כל אַ יידישן שרייבער, וועלכער האָט אָנגע־שריבן אַ ליטעראַריש ווערק און אין וועלכן די פילאָלאָגישע אַספּעקטן האָבן אַ ריזיקן אָפּקלאַנג. איך מיין דאָס ווערק פון יוסף אָפּאַטאָשו „אַ טאָג אין רעגענס־בורג״. די אַלע מענטשן, וואָס זענען געקומען צום סימפּאָזיום האָבן זיכער גע־לייענט און האָבן געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון דעם ווערק. אינטערעסאַנט איז די ענגע שייכות, וואָס עס האָט „אַ טאָג אין רעגענסבורג״ מיט דער גאַנצער טעמע, וועלכע איז דאָ באַרירט געוואָרן.

אַ חוץ דעם וויל איך אייך אויסזאָגן אַ סוד, אַז פוקס, וועלכער איז געווען דער „הויפּט־העלד״ פון דער היינטיקער לעקציע, איז מיינער אַ פּערזענלעכער חבר מיט וועלכן איך בין געזעסן אויף איין באַנק אוןביידע האָבן מיר געזאָלט זיין רבנים בישראל. פיר יאָר האָבן מיר שטודירט צוזאַמען. נאָר ס׳איז געקומען נחום סאָקאָלאָוו צו אונדז באַגריסן די שפּעטערדיקע רבנים און האָט געקוקט אויף אונדז און האָט געהערט מיט וואָס מיר אינטערעסירן זיך, האָט ער געזאָגט: וואָס זיי וועלן זיין זיי זיין, רבנים וועלן זיי קיינמאָל נישט זיין. און קיין איין רב איז נישט אַרויסגעקומען פון דעם ראַבינער־סעמינאַר. עס איז אַרויס־געקומען אַ פילאָלאָג אַ גוטער, אַ וווּנדערבאַרער פילאָזאָף, ווייל אפשר זוייסט איר וועגן דעם, וואָס זיצט אין ירושלים, משה מייזעלס און ער האָט אָנגעשריבן „המחשבה בישראל״ און מאַרטין בובער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גרעסערן דענקער, ווי ער אַליין. אָבער בעיקר פוקס, וועלכער איז דאָ געווען דער וויכ־טיקסטער מענטש, דער העלד פון דעם היינטיקן פאָרטראַג, איז געווען מיין פּערזענלעכער חבר און בכלל וואָלט איך געוואָלט נאָך זאָגן אייניקע ווערטער וועגן דעם גאַנצן ענין אין שייכות מיט דער טעמע.

מיר האָבן היינט צו טאָג אָט אַזעלכע מענטשן, יחידים, וועלכע זענען בלבב

נפש איבערגעגעבן פילאָלאָגיע. מיר האָבן שוין אין ירושלימער אוניווערסיטעט אַ חי הנושא את עצמו, וואָס פאַרנעמט זיך מיט יידישער פילאָלאָגיע, מיר האָבן דעם ייוו״אָ־אינסטיטוט מיט מענטשן, וועלכע גיבן אַוועק דאָס גאַנצע לעבן, ווי מאַקס ווײַנרײַך, וועלכער איז דער חוט השדרה פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטי־טוט, אָבער מיר לעבן איבער אַ טאָפּלטע טראַגעדיע צוליב צוויי סיבות: די ערשטע סיבה איז, וואָס מיר האָבן נישט, וואָס עס איז דאָ ביי די אומות העולם. איר ווייסט דאָך, אַז דער בן־זקונים פון אונדזער סימפּאָזיום פאַרנעמט זיך מיט יידישער פילאָלאָגיע, אָבער ער פאַרנעמט זיך מיט יידישער פילאָלאָגיע, ווייל די גויים האָבן דערמעגלעכט, אַז ער זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען. פוקס פאַרנעמט זיך מיט יידישער פילאָלאָגיע, ווייל גויים האָבן דערמעגלעכט, ער זאָל זיך דער־מיט פאַרנעמען.

גויים האָבן דערמעגלעכט און איר פאַרשטייט זיכער, וואָס איך מיין. און הלואי וואָלטן מיר דורך דעם יידישן סימפּאָזיום געקענט אַ טראַכט געבן, אַז די פילאָלאָגיע זאָל צענטראַליזירט ווערן און עס זאָל זיך שאַפן אַן אינסטיטוציע, וועלכע זאָל קענען פינאַנצירן און געבן די מעגלעכקייט יידישע סטודענטן אין פאַרשידענע לענדער, אין אייראָפּע קודם כל, אַז זיי זאָלן קענען ממשיך זיין דעם שטודיום פון פילאָלאָגיע אין אייראָפּע.

דער צווייטער ענין, וועלכן איך האַלט פאַר גאָר וויכטיק, איז אַ זייער אָנגע־ווייטיקטער פּראָבלעם. איך האַלט, אַז די לעקציע איז געווען אויפן העכסטן ניוואָ, איז געווען ביז גאָר אינטערעסאַנט און דאַרף האָבן אַן אָפּקלאַנג. אָבער במה דברים אמורים? אַז זי זאָל האָבן אַן אָפּקלאַנג אין די קרייזן פון דער יידישער יוגנט, וועלכע זאָלן רעווידירן דעם צוגאַנג צום ענין יידיש. סוף כל סוף ווייסן מיר, אַז היינט נאָך שלעפּט זיך אויף דער יידישער גאַס אַ מין ביטול־צוגאַנג צו אַלץ, וואָס איז יידיש. מיר קומען פון לאָנדאָן און איך בין דער פאָר־שטייער פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין לאָנדאָן און איך קען אייך זאָגן מיט ווייטיק, אַז נאָך ביז היינט צו טאָג, אָפּגערעדט פון יידישע קרייזן, וועלכע זענען שוין באַהאַוונט און זענען שוין געבילדעט און האָבן אַ ניוואָ, אַן אַקאַדעמישן ניוואָ, ווען מען רעדט וועגן יידיש איז דאָס ללעג ולקלס. פאַרוואָס? ווייל עס איז אונדזער אייגענע שולד צוליב אַ סך מאָטיוון. האָט פּריינט פּוגאַטש געזאָגט איין דורכגייענדיק וואָרט. דאָס האָט געדאַרפט זיין די צענטראַלע טעמע פאַר אונדזערע סימפּאָזיומס, פאַרן סימפּאָזיום און נאָכן סימפּאָזיום. פאַר פופציק יאָר צוריק איז דער רוב פון אונדזערע עלטערן, עמיגראַנטן, וואָס זענען געפאָרן קיין אַמעריקע, קיין ענגלאַנד, און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין פּאַריז, זענען געווען מענטשן אָן בילדונג, מענטשן, וואָס האָבן זיך געריסן עפּעס צו וויסן, אָבער מענטשן, הונדערט פּראָצענט יידן, וועלכע האָבן קיין שולע נישט געזען. עס איז געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך. עס איז נישט געווען, וואָס מען רופט אין ישראל חינוך חובה, עס איז נישט געווען וואָס מען רופט אין יידיש בילדונג, וואָס מען מוז געבן יעדן קינד. און די קינדער, דער צווייטער דור און דער דריטער דור פון די עלטערן, וועלכע זענען רייך געוואָרן, זענען קינדער און אייניקלעך מיט

אַקאַדעמישער בילדונג. און עס האָט זיך געשאַפֿן אַ מוראדיקער תהום צווישן די עלטערן, וועלכע האָבן טייסטערס מיט געלט, אָבער זענען געבליבן די אייגענע יידן, עמך שער און אייזן, וועלכע האָבן נישט די אַקאַדעמישע בילדונג און האָבן נישט קיין גרונט־בילדונג, כּדי צו האָבן אַ געוויסע באַציאונג צו דעם. ווידער דער יידישער געבילדעטער עלעמענט, אין פראַנקרייך מסתמא אַזוי ווי אין ענגלאַנד, זעט נאָר דעם ערשטן דור פון די עמיגראַנטן, וועלכע זענען געווען כמעט, זיי אַנאַלפאַבעטן. און האָבן נישט אַרויסגערופן קיין דרך ארץ אין דעם זין פון יידישער בילדונג און פון יידישן וויסן. דאָס האָט געשאַפֿן אַזאַ מין באַציאונג, וואָס דויערט ביז היינט צו טאָג. די לעקציע, בכלל פאָרשונג און בכלל פאָר־שונגען, די גאַנצע ייוו״אָ און פוקס מיט זיין אַרבעט און אונדזער פראָפ. דער־טשאַנסקי מיט זיין אַרבעט אָט דאָס אַלץ זאָל קאָנצענטרירט ווערן, אַז עס זאָל געשאַפֿן ווערן אַ מין אַקאַדעמיע מיט פינאַנציעלע מעגלעכקייטן, מען זאָל ברענגען דאָס וויסן צו דעם יידישן יונגן דור.

## ד״ר יעקב מייטליס (לאָנדאָן)

מיין רעפעראַט איז געבוירן געוואָרן בין־השמשות. דאָ מוז איך מאַכן אַ קליינע קריטישע באַמערקונג די חברים, וואָס האָבן צוגעגרייט דעם סימפּאָזיום, ווייל עס האָט קיינער נישט געוווסט וועגן וואָס מען רעדט און וואָס מען זאָל רעדן. מען האָט סתם צוגעשיקט — אפשר וועט איר רעדן וועגן דעם. היות, ווי איך קען נישט רעדן וועגן דעם, האָב איך פאָרגעשלאָגן אַ טעמע, וואָס האָט אין זיך די דאָזיקע המשכדיקייט פון דער יידישער ליטעראַטור — דאָס הייסט פאָלקלאָר, פאָלקס־שאַפונג און מאָדערנע ליטעראַטור, וואָס איך האָב געהאַלטן, אַז עס דאַרף זיך אַריינפּאַסן אין די ראַמען פון דאָזיקן צוזאַמענפאָר. פון קיין וויסנשאַפטלעכע טעמע איז לית מאן דחשובא, האָט קיינער נישט דערמאָנט, און איך האָב עס נישט געוווסט. אויב מען וואָלט מיר וועגן דעם דערמאָנט, וואָלט איך טאַקע צוגעגרייט אַ טעמע און זי וואָלט זיך מער געהאַט אַריינגעפּאַסט אין דער וויסנ־שאַפטלעכער אַרבעט אויף דער דאָזיקער זיצונג.

לאָמיר אייך אויך דערמאָנען און עס איז נישט אינגאַנצן אייער טעות, פריינט דערטשאַנסקי, אַז די טעמע, וועגן וועלכער איר האָט מיט גרויסער התלהבות דערמאָנט, אַז איך האָב אַנטדעקט דעם כתב־יד אין פּאַריז, איז נישט קיין היינטיקע אַנטדעקונג. איך האָב עס אַנטדעקט שוין מיט עטלעכע דרייסיק יאָר צוריק און איך האָב שוין וועגן דעם עטלעכע מאָל געשריבן און איך האָב וועגן דעם כתב־יד גערעדט מיט פינף אָדער מיט זעקס יאָר צוריק בעת דעם צוזאַ־מענפאָר פון מדעי היהדות ביים ירושלימער אוניווערסיטעט. אַזוי, אַז די גאַנצע זאַך איז נישט מער קיין נייעס און איך האָב אייך נישט געקענט בחפזון דערציילן אַ סך נייעס וועגן דעם געביט. צוליב דעם האָב איך געהאַלטן, און איך האָף, אַז איר זייט מיט מיר מסכים, אַז די טעמע, וואָס איך האָב געוויילט, האָט זיך אַריינ־געפּאַסט אין די אַלגעמיינע ראַמען פון דאָזיקן צוזאַמענקום.

## פּראָפ. אַלעקס דערטשאַנסקי (פּאַריז)

דערלויבט מיר נישט אינגאַנצן מסכים צו זיין מיט דער מעטאָדאָלאָגיע פון ד״ר לייב פוקס פון אַמסטערדאַם.

די גאַנצע שיטה, די אָריענטאַציע, וואָס קומט אַרויס פון עריקן און אויך פון דער אַזוי גערופענער וועלטלעכער ליטעראַטור איז באַגאַנגען אַ גניבת־הדעת. מיין פריינד שמערוק האָט מיר באַוויזן, זייענדיק אין ירושלים, אַז פּאַקטיש האָט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור־פאָרשונג במשך די לעצטע פופציק יאָר, בפרט דער קאַפּיטל פּרץ, און בכלל וואָס נוגע דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, אַרויס־גייענדיק פון דער הנחה צו מאַכן די חלוקה צווישן וועלטלעכער און רעליגיעזער ליטעראַטור, פאַרגוואַלטיקט דעם מהות פון דער יידישער נשמה. דערמיט איז געפעלשט געוואָרן די יידישע ליטעראַטור־געשיכטע.

איך וויל אָפּגעבן כבוד דער התמדה און דער איבערגעגעבנקייט פון ד״ר פוקס, וואָס האָט במשך צען יאָר אַרויסגעגעבן דריי וואָגיקע ביכער אין גייסט פון די ווערטער, וועלכע מאַקס ווײַנרייך האָט געשריבן אין אַן אַרטיקל וועגן יידישער פילאָלאָגיע אין דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע״, אַז די וויכטיקסטע זאַך איז אַרויסצוגעבן די מייסטער־ווערק פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור.

אָבער לײַדער — און איך זאָג עס מיט אַ געבראָכן האַרץ — איז די אָריענטאַציע אַ פאַלשע. דאָס האָט אַ שייכות מיטן גאַנצן ויכוח וואָס עס גייט אָן וועגן אונדזער קולטור־ירושה און דער ראָלע פון יידישן שרייבער. עס דאַרף פאָרקומען אַ ווענ־דונג נישט נאָר אין דער נשמה פון יידישן פאָלקס־מענטש, נאָר פּאַקטיש אין דער נשמה פון יידישן פאָרשער.

דעריבער וויל איך אויך זאָגן דעם פריינד זילבערבערג, אַז איך גלויב נישט אין דער מעגלעכקייט פון אַ צענטראַלער אינסטיטוציע, ווי ער לייגט עס פאָר. לאָמיר זיך נישט מאַכן קיין אילוזיעס. מיר האָבן זיך צופיל פאַרלאָזט אויף נסים. היינט צו טאָג האָט די יידיש־פאָרשונג אַ שטיף־טאַטן און דאָס זענען די פאַרשידענע מלוכות. אַמאָל איז אַ שטיף־טאַטע בעסער, ווי אַן אייגענער טאַטע. דאָס האָבן באַוויזן סיי אַמעריקע, סיי די אוניברסיטה עברית כלפּי יידיש, סיי דער „סאַנטר נאַסיאָנאַל דע רעשערש סציאַנטיפיק״ אין פּאַריז. איך בין מסכים, אַז מען דאַרף קאָאָרדינירן די אַרבעט; אַז מיר דאַרפן זיך צוזאַמענקומען — מסכים; אַז מען דאַרף צונויפרופן, ווי עס איז פאָרגעקומען אין 1958 אין ניו־יאָרק דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענקום נאָך דער מלחמה וועגן לימודי יידיש — מסכים. אָבער רעדט מיר נישט וועגן איינהייטלעכקייט, ווייל מיר האָבן צופיל אָריענטאַציעס. ביי יידן איז מען אכזרים און ווער עס האָט די מאה, דער האָט די דעה. דעריבע,־ איז פאַראַן אַ סכנה פאַר דער פרייהייט פון אַקאַדעמיקער. איך בין געווען אין ירושלים האָבן דאָרט גאָר די פּראָפעסאָרן און די סטודענטן געהאַט אַ סימפּאָזיום וועגן אַקאַדעמישער פרייהייט. אויך אין פראַנצויזישן אוניווערסיטעט זענען די אַקאַדעמישע פרייהייטן אין אַ סכנה. אויך אין בעלגיע.

עס דאַרף זיין אַ קאָאָרדינאַציע. מען דאַרף וויסן וואָס עס טוט זיך אומעטום. נאָר מען דאַרף נישט אַריינפאַלן אין התפעלות. דערפאַר דערלויב איך זיך צו האָבן די גרעסטע ספיקות, צי דער ייוו"אָ איז נאָך דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט. ווייל די געזעלשאַפטלעכע קאָנטראָל איז נישט מסוגל משפיע צו זיין אויף די געלט־מיטלען. דעריבער האָט ייוו"אָ געמוזט זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור־פאָרשונג אין צוויי שפראַכן — יידיש און ענגליש — און איז נישט מער מסוגל צו זיין דער יידיש־צענטער, וואָס עס איז געווען זיין אַמביציע.

## ד"ר בערנפעלד (פאַריז)

דער ייוו"אָ איז נישט אַזוי, ווי עס האָט געדאַרפט זיין. אַז מען גיט אַרויס אַ שריפט צום זיבעציקסטן געבוירנטאָג פון ווייַנרייכן, וועלכער איז אַ יידיש־פאָרשער, אַ פאָרשער פאַר יידיש מיטן גאַנצן האַרצן. וואָס טוט מען אין פראַנקרייך ווען מען וויל אָפּגעבן כבוד מיט אַ פעסט־שריפט אַ גרויסן פראַנצויזישן פילאָלאָג? מען גיט דאָס בוך אַרויס אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. אויב עס קומען אַנדערע שרייבער, וויסנשאַפטלער פון דייטשלאַנד, פון ענגלאַנד, פון רוסלאַנד און זיי ווילן ברענגען אַרטיקלען אין זייער שפּראַך, נעמט מען עס אָן מיטן גרעסטן כבוד. אָבער דאָ האָט מען אַרויסגעגעבן אַ בוך פאַר ד"ר מאַקס ווייַנרייך אויף ענגליש. ער, דער פאָרשער פון יידיש, האָט באַקומען אַ מתנה, גאָט זאָל אָפּהיטן, אויף ענגליש. דאָס געשעט נישט ביי קיין שום אַנדערן פאָלק. דערפאַר, אויב דער ייוו"אָ ווערט היינט אויסגעהאַלטן פון די, וואָס מען האָט דאָ אָנגערופן בעלי־בתים, איז דאָס די גרויסע צרה וואָס קען אונדז באמת טרעפן. עס קען דאָך אויסקומען, אַז דער ייוו"אָ וועט אין פראַנקרייך אָנהייבן צו רעדן פראַנצויזיש. עס וועט זיך טרעפן דאָס, וואָס ד"ר ראטה האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער איז געווען אין ניו־יאָרק האָבן פינף אויף זיבן רעדנער גערעדט אויף אַ פרעמדן לשון אין דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פאַר דער יידישער שפּראַך.

## פּראָפ. אַלעקס דערטשאַנסקי (פאַריז)

ייוו"אָ ראַנגלט זיך מיט זיין עקזיסטענץ שוין זייט יאָרן. אין 1935 האָט מאַקס ווייַנרייך געהאַלטן אַ רעפעראַט אין קאָפּענהאַגן אויפן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס פון וויסנשאַפט און ער האָט געזאָגט, אַז די יידישע לינגוויסטיק דאַרף ווערן דער מקור פון דער אַלגעמיינער לינגוויסטיק, דאָס הייסט, אַז ער האָט פאָרויסגעזען, אַז עס וועט אַמאָל קומען די צייט, ווען יידיש וועט זיין אַ לימוד פאַר יושבי אוהל. ער האָט שוין דאַמאָלסט געהאַט דאָס פאַרגעפיל, אַז די געזעלשאַפטלעכע אַפּוטרופּסות פון דער יידישער שפּראַך האָט געפירט צו אַ קורצן אָטעם.

איך וויל אויך דערמאָנען דעם ד"ר בערנפעלד, אַז אין יובל־בוך איז פאַראַן סיי אַ יידישער טייל און סיי אַ העברעאישער.

## ד״ר י. בערנפעלד (פּאַריז)

איך האָב געזאָגט, אַז אויב מען גיט אַרויס אַ פעסט־שריפט, לכבוד איינעם, וואָס איז אַ פאָרשער אין דער און דער שפּראַך, און אויב עס קומען אַריין פרעמד־שפּראַכיקע אַרטיקלען איז עס נאָר צום לויב פאַר אים. דאָ איז אָבער אַזוי געווען: דער גאַנצער גרויסער טייל איז ענגליש, אויב עס האָט זיך אַריינגעריסן אַ יידישער אָדער אַן אַנדערער אַרטיקל איז עס אַ ריינער צופאַל. אויב מען גיט אַרויס אַ פעסט־שריפט צו אַ פרעמדער שפּראַך מוז מען דאָך אַריינגעבן, אויב דאָס איז אַ יידישיסט, די אַלע אַרטיקלען פון אַנדערע שפּראַכן אויף יידיש.

# די בריק צווישן ישראל און די תפוצות

פון **פּראָפ. אריה טאַרטאַקאָווער** (ירושלים)

לאָמיר מאַכן קודם כל, כדי אַריינצוטרעטן אין די ענינים, אַ ריי איינלייטנ־דיקע באַמערקונגען. איך וועל אייך זאָגן, וואָס איך וועל נישט זאָגן. דאָס איז אויך אַמאָל וויכטיק צו וויסן. צווייטנס וועל איך אייך דערקלערן דעם עצם־יסוד פון מיין היינטיקן רעפעראַט. אויב מיין טעמע איז די בריק צווישן ישראל און די־תפוצות, וועל איך רעדן נאָר וועגן אַ גאַנץ באַשטימטער בריק. מיין רעדע וועט היינט נישט זיין געווידמעט נישט צו פּאָליטישע און נישט צו עקאָנאָמישע ענינים. איך וועל זיך באַגנוגענען נאָר מיט קולטור־ענינים און איך וועל אפשר, כדי יוצא צו זיין, מאַכן איינע אָדער צוויי סאָציאָלאָגישע באַמערקונגען. דערוואַרט פון מיר נישט קיין אַלגעמיינע ראַמען פון די באַציאונגען, נאָר אַ באַשטימטן טייל. אודאי וועט ער אפשר זיין ד׳ער וויכטיקסטער, אָבער אַלע אַנדערע וועלן מיר לאָזן אין דער זייט. צווייטנס, די באַצייכענונג בריק איז אין איצטיקן מאָמענט נישט אינגאַנצן קיין ריכטיקע. אויב מען רעדט וועגן אַ בריק, מיינט מען אַ בריק, וואָס פירט פון איין סאָלידער זאַך צו דער אַנדערער סאָלידער זאַך. אין אונדזער פאַל קען מען נישט רעדן וועגן איין סאָלידער זאַך, פון וועלכער די בריק פירט, און נישט וועגן אַ צווייטער סאָלידער זאַך. עס זענען צוויי דערשיינונגען אין יידישן לעבן, וואָס ביידע זענען זיי לאַביל. וואָס עס דעצידירט אין יידישן לעבן אין די גלות־לענדער. איז נישט דאָס וואָס עס עקזיסטירט היינט, נאָר דינאַמיק, די אַנטוויקלונג פון דאָזיקן לעבן. און דאָס, וואָס איז אין ישראל היינט, איז אודאי ניט דעצידירנדיק פאַר דער היינטיקער רעאַליטעט פון ישראלדיקן לעבן, נאָר די דינאַמיק פון דאָזיקן לעבן, צו וואָס עס פירט די אַנטוויקלונג פון יידישן לעבן אין ישראל. מיר רעדן וועגן אַ בריק צווישן צוויי דינאַמישע דערשיינונגען, איז עס אודאי נישט קיין לייכטע זאַך צו רעדן דאָ וועגן אַ בריק. דאָס פירט מיך צו דער דריטער באַמערקונג. איך וועל נישט רעדן וועגן אַנטוויקלונג אין דער וועלט אַריין, נאָר וועגן אַ באַשטימטער אַנטוויקלונג, וועגן אַ באַשטימטן זין פון אַן אַנטוויקלונג. די וואָס קענען זיך אַ ביסל אויס אין סאָציאָלאָגישע און אין פילאָזאָפישע טערמינען, ווייסן, אַז מיר האָבן צוויי סאָרטן פון אַנטוויקלונג אין דער וועלט. איין אַנטוויקלונג ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען סטיכישע אַנטוויקלונג. וואָס זי גייט אָן, צי מיר ווילן עס אָדער צי מיר ווילן עס נישט, צי מיר פאַר־שטייען זי אָדער פאַרשטייען זי נישט. עפּעס וואָס געשעט אומאָפּהענגיק פון

אונדזער אינטעליגענץ, פון אונדזער ווילן, פון אונדזער פאַרשטענדעניש, פון דער אמתער טראַגיק פון דער לאַגע. און עס איז פאַראַן אַ צווייטער אופן פון אַנט־וויקלונג — די אַנטוויקלונג. וואָס מיר מאַכן, מיט אונדזערע צען פינגער, מיט אונדזער שכל, מיט אונדזער ווילן. דאָס איז די אַנטוויקלונג, וואָס האָט איר ווירקונג, ווייל מיר ווילן זי האָבן.

אויב מיר רעדן וועגן דער דינאַמיק פון היינטיקן יידישן לעבן סיי אין די גלות־לענדער און סיי אין ישראל, איז היינט קיין פּלאַץ פאַר סטיכיע בישטאָ. אויב מיר ווילן זאָגן, אַז דאָס לעבן דאַרף זיין לויט דער סטיכיע, פאַרלירן מיר דעם זין פון אונדזער עקזיסטענץ. סיי אין ישראל און סיי אין די גלות־לענדער, אויב מיר ווילן ווערן אַ פאָלק פון שאַפנדיקע מענטשן, איז עס נאָר מעגלעך אין פאַל, ווען אונדזער אַנטוויקלונג וועט זיין דיקטירט דורך אונדזער ווילן. אַ ביסל דעקט זיך דאָס אויך מיט די באַקאַנטע באַגריפן פון עוואָלוציע און רעוואָלוציע. וואָס מיר לעבן היינט דורך סיי אין ישראל און סיי אין די גלות־לענדער איז די רעוואָלוציע אין יידישן לעבן. מיר זענען נישט קיין יונג פאָלק — דאָ זיצן מסתמא אַ סך היסטאָריקער — דערמאָנען מיר זיך נישט אַזאַ פּעריאָד פון אַזעלכע געוואַלטיקע דערשיינונגען, ווי מיר האָבן זיי אין היינטיקן יידישן לעבן. אפשר נאָכן חורבן בית שני איז פאָרגעקומען עפּעס אַזאַ זאַך, אָבער אויך דאָס לאָזט זיך נישט פאַרגלייכן מיט דעם, וואָס מען זאָגט אין דייטש, די אומ־ווערטונג פון אַלע ווערטן, וואָס מיר לעבן היינט אַדורך אין יידישן לעבן. און ווען מען רעדט וועגן דער דאָזיקער אומווערטונג פון ווערטן, וועגן רעוואָלוציאָ־נערע דערשיינונגען, וועגן שאַפן אַ ניי לעבן, נייע אַנשויאונגען, אַ נייעם שטייגער פון דענקען און פון האַנדלען, רעדט מען אין דער ערשטער רייע וועגן ארץ־ישראל, היינט וועגן ישראל. אָבער דאָס שטימט נישט פאַר דער היינטיקער רעאַליטעט. אודאי, אין ישראל האָבן מיר עוואָלוציאָנערע דערשיינונגען, און איך וועל באַלד זאָגן אַ וואָרט וועגן דעם. אָבער דאָס וואָס קומט פאָר אין יידישן לעבן אין די גלות־לענדער איז נישט ווייניקער אַ רעוואָלוציע, ווי דאָס, וואָס מיר לעבן היינט דורך אין ישראל.

רעוואָלוציע איז דאָס איינציקע וואָרט, כדי צו כאַראַקטעריזירן דאָס וואָס קומט היינט פאָר. איך וועל לאָזן אין אַ זייט די אַלטע קלישעס, מיט וועלכע מיר באַנוצן זיך אָפט. ווען איר קומט אויף יידישע פאַרזאַמלונגען וועט איר אין ניין פאַלן פון צען הערן די מעשה וועגן דער אַסימילאַציע, וואָס דראָט אונדזער לעבן אין די גלות־לענדער, אַז אַלץ גייט פאַרלוירן אָדער קען גיין פאַרלוירן, אַז עס איז נישטאָ קיין געגנוואַרט, נישט קיין צוקונפט. מיר ווייסן אַלע מעשיות. פון דער אַנדערער זייט דערציילט מען אייך, אַז אין ארץ־ישראל שאַפן מיר אַלץ פונדאַסניי, אַ נייע קולטור און אַ ניי לעבן און דאָס כאַראַקטעריזירט דאָס לעבן אין ארץ־ישראל. מיט מער אָדער ווייניקער באַגייסטערונג דערציילט מען דאָס אַלץ אויף לעקציעס און פאַרזאַמלונגען. איך וויל אייך נישט זאָגן, אַז ס׳איז נישט אמת. אין יעדער קלישע איז פאַראַן אַ ביסל אמת. דער אומגליק אָבער איז, אַז אויב איר פאַרלאָזט זיך צו שטאַרק אויף דער דאָזיקער קלישע, וועט פון געדאַנקלעכן שטאַנדפּונקט פון דעם קיין סך נישט אַרויסקומען.

מיין טיפע איבערצייגונג איז, אַז דער הויפּט־פּראָבלעם פון יידישן לעבן אין די גלות־לענדער איז נישט אַסימילאַציע. נישט ווייל איך זע נישט די סכנה פון דער אַסימילאַציע. אָבער עס זענען פאַראַן אַנדערע דערשיינונגען, וואָס זענען מער כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן לעבן אין די גלות־לענדער איידער די דאָזיקע סכנה פון אַסימילאַציע. וואָלט, איך געהאַט צייט, וואָלט איך אייך דערוויזן, אַז די סכנה פון אַסימילאַציע איז געוואַלטיק אַן איבערגעטריבענע. איינמאָל ווען מיר האָבן געהאַט אין ישראל אַ קאָנפערענץ, געווידמעט דעם גרונט־פּראָגראַם פון יידישן לעבן, האָב איך באַוויזן, אַז אונדזער אומגליק איז נישט דאָס, וואָס מיר אַסימילירן זיך, נאָר דער אומגליק איז, וואָס מיר קענען זיך נישט אַסימילירן. מיר יידן זענען אַ פאָלק, וואָס האָט נישט די אינערלעכע פעאיקייט זיך צו אַסימילירן. עס האָט נישט די אינערלעכע פעאיקייט, ווייל תמיד בלייבט דאָס דאָזיקע „פּינטעלע ייד" אין מענטש, און דאָס דערלויבט אים נישט צו באַגיין זעלבסטמאָרד אין נאַציאָנאַלן זין און היינט, נאָכדעם, ווי ישראל איז געשאַפן געוואָרן, דערלויבט נישט ישראל די יידן אין די גלות־לענדער זיך צו אַסימילירן.

אין בעסטן פאַל אָדער אין ערגסטן פאַל איז דאָס, וואָס מיר דערלעבן אין די לענדער פון גלות אַ זייער טראַגישע דערשיינונג, אָבער עס איז נישט קיין אַסימילאַציע. וואָס מיר האָבן אין יידישן לעבן איז וואָס עס ווערט אין אַמע־ריקאַנישן סאָציאָלאָגישן לשון באַצייכנט אַלס „מאַרדזשינאַל־מען" — אַ מענטש, וואָס פון איין קולטור איז ער אַרויסגעגאַנגען און אין דער אַנדערער איז ער נישט אַריינגעגאַנגען, וואָס לעבט אַזוי אין דער לופט, אָן אַ קולטור. דאָס איז דער טראַגישער פאַל פון אַ סך יידן אין די לענדער פון דער גולה. אָבער פון דער דאָזיקער טראַגעדיע, פון אַזאַ מצב, פון אַ קאַריקאַטוראַל־טראַגישן מצב, קען זיך פונדעסטוועגן אַרויסרייסן עפּעס אַ נייע רעאַליטעט, אַ בכבודיקע רעאַ־ליטעט אין יידישן לעבן. וואָס איך וויל באַווייזן איז, אַז עס קריסטאַליזירט זיך די דאָזיקע נייע רעאַליטעט. אַ סך מאָל ווייסן מיר עס אפילו נישט. עס דערמאָנט זיך מיר די מעשה פון מאָליער וועגן דאָזיקן מענטש, וואָס האָט נישט געוווּסט, אַז ער רעדט פּראָזע. פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט צו זיין גרויסער דער־שטוינונג, אַז זיין לשון איז פּראָזע. אויך מיר רעדן אַ סך מאָל פּראָזע אין אונדזער לעבן פון די תפוצות. עפּעס קומט פאָר און מיר פאַרשטייען נישט די טיפעניש פון דעם, וואָס קומט פאָר. מיר פאַרשטייען נישט די רעוואָלוציאָנערע באַדייטונג פון דעם, וואָס קומט פאָר.

איך האָב נישט קיין צייט אַריינצוגיין אין די אַלע פּרטים פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג. לאָמיר אייך געבן דריי ביישפּילן און מיט דעם וועלן מיר שליסן.

ערשטער ביישפּיל. לאָמיר נעמען דעמאָגראַפיע און לאָמיר נעמען פּאָליטיק פאַר אַ ביישפּיל. און לאָמיר נעמען אחרון אחרון קולטור.

דעמאָגראַפיע אין יידישן לעבן. צי ווייסט איר יידן, אַז מיר האָבן אויפגע־הערט צו זיין אַ פאָלק פון וואַנדערנדיקע מענטשן. צוויי יאָר טויזנט, אפשר מער, מען קען זאָגן אונדזער גאַנצע געשיכטע, זענען מיר תמיד געווען אַ פאָלק פון וואַנדערנדיקע מענטשן. מיר זענען געגאַנגען פון לאַנד צו לאַנד, פון יבשה צו

יבשה, פון פלאַץ צו פלאַץ, דער אהאסווער־טיפּ פון ייד איז דאָך געווען דער דעצידירנדיקער. מען קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן אַ יידיש פאָלק אָן עמיגראַציע, אָן אַרומוואַלגערן זיך אין דער וועלט פון פלאַץ צו פלאַץ. היינט האָבן מיר אויפגעהערט צו זיין אַ פאָלק פון וואַנדערנדיקע מענטשן. יידן האָבן זיך איינגעפונדעוועט אין זייערע לענדער און זיי ווילן גאָרנישט וואַנדערן, כאָטש רייס זיי אַרויס מיט כח. זיי ווילן בלייבן אין די לענדער צוליב געוויסע זאַכן, וואָס זענען פאָרגעקומען, געבעסערטע סיטואַציע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, פרנסה האָבן זיי ברוך השם, צו וואָס דאַרף ער אַזוי וואַנדערן איבער דער וועלט? געשלאָגן ווערט ער נישט, לעת־עתה לכל הפחות נישט. בלייבט מען אין די לענדער, ווו מען זיצט. פונדעסטוועגן איז אין פאָרם פון וואַנדערונג יאָ געבליבן אין אונדזער יידישן לעבן. פון אַ פאָלק פון עמיגראַציע זענען מיר געוואָרן אַ פאָלק פון עליה. פון מענטשן, וואָס גייען, אָבער גייען נאָר אין זייער אייגן לאַנד. און דאָס וואָס טרייבט זיי איז נישט די סכנה פון רדיפות, אָדער פון נישט האָבן ברויט און פרנסה, נאָר אין די טיפעניש פון האַרצן דאָס באַוווסטזיין, אַז וואָס עס זאָל נישט זיין, איז אין ישראל פונדעסטוועגן בעסער, בכבודיקער, שטאָלצער, טיפער, שטאַרקער איידער אין אַלע אַנדערע לענדער.

האָט איר שוין דאָ אייך באַווייז פון אַ רעוואָלוציע. אויפגעהערט צו זיין אַ פאָלק פון וואַנדערנדיקע מענטשן. געוואָרן אַ פאָלק פון מענטשן, וואָס זיצן אויף די ערטער אָדער ווערן עולים, נישט קיין עמיגראַנטן.

כ׳וועל אייך געבן דעם צווייטן ביישפּיל פון פּאָליטישן לעבן. מיר יידן זענען היינט געוואָרן אַ טיפּיש פאָלק פון טאָפּלטער לאָיאַליטעט. אַ פאָלק, וואָס איז פאַרבונדן מיט די לענדער, אין וועלכע עס זיצט און אין דער זעלביקער צייט איז עס פאַרבונדן מיט ישראל. עס קענען די אַמעריקאַנער יידן און ענגלישע און אַנדערע יידן קומען און מיר באַווייזן מיט אותות און מופתים, אַז עס איז נישטאָ קיין טאָפּלטע לאָיאַליטעט, אַז זיי זענען פאַרבונדן אין דער ערשטער ריי מיט דעם לאַנד, אין וועלכן זיי לעבן. מיט גליקן זענען מיר פאַרזאָרגט און זאָלן די יידן אונדז נישט דערציילן אַזעלכע זאַכן. מיר ווייסן, אַז ביי יעדן ייד, אין די טיפענישן פון זיין האַרץ, לעבט די ליבשאַפט פון לאַנד, אין וועלכן ער וווינט. אָבער אין דער זעלבער צייט לעבט אין אים די ליבשאַפט צו ישראל, נישט נאָר ביי ציונים, זי לעבט ביי יעדן ייד, ווייל ער איז אַ ייד. און מיר זענען היינט געוואָרן דאָס טיפּישע פאָלק פון טאָפּלטער לאָיאַליטעט. און טאָמער מיינט איר, אַז דאָס איז אַ שלעכטע דערשיינונג די טאָפּלטע לאָיאַליטעט, וועל איך אייך זאָגן, אַז נישט נאָר פון יידישן שטאַנדפּונקט, נאָר פון אַלגעמיין־מענטשלעכן שטאַנדפּונקט איז עס אַ גרויסע און פונדאַמענטאַלע דערשיינונג. הלואי וואָלטן מיר עס געקענט זען ביי אַלע מענטשן, אָדער ביי אַ סך מענטשן פון די פעלקער פון דער וועלט דעם דאָזיקן פּרינציפּ, דעם פונדאַמענטאַלן פּרינציפּ פון טאָפּלטער לאָיאַליטעט. מיר וועלן דאַמאָלסט פּטור ווערן פון דעם איבערגעטריבענעם פּרינציפּ פון סווערעניטעט, וואָס ער איז איינער פון די אומגליקן אין דער היינטיקער וועלט, וואָס מאַכט אַ גרענעץ, אַ תהום צווישן פאָלק און פאָלק, צווישן לאַנד און לאַנד. לאָמיר קלערן מיט דער ליבשאַפט פאַר זיך און פאַר אַנדערע. דאָס איז דער

וועג פון הומאַניזם, פון אמתער מענטשלעכער צונויפגעבונדנקייט. און איך בין שטאָלץ מיט דעם, וואָס מיר יידן ווייזן היינט דעם דאָזיקן וועג.

און אחרון אחרון דער פרינציפּ פון טאָפּלטער קולטור, פון קולטור־פּלוראַליזם.

מיר יידן זענען תמיד געווען אַ פאָלק פון קולטור־פּלוראַליזם, לכל הפּחות אין די לעצטע דורות. אודאי האָבן מיר זיך אַסימילירט און אָנגענומען די לשונות און די קולטורן און די געדאַנקען פון די פעלקער, צווישן וועלכע מיר לעבן. אָבער האָבן מיר אויפגעגעבן, כ׳מיין אונדזער דור, דעם צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער יידישער קולטור? אויב מיר האָבן גערעדט רוסיש, צי ענגליש, צי אַמעריקאַניש, צי וואָס איר ווילט, זענען מיר נישט געווען פאַרבונדן מיט אונדזער יידישער שפּראַך? איז דאָס נישט געווען אונדזער צוגאַנג צו די ענינים פון לעבן? איך וואָלט געזאָגט, אַז דער ייד איז תמיד געווען אַ מענטש פון דריי שפּראַכן. ווייל רעדנדיק די לשונות פון גויים און קלערנדיק און ליב האָבנדיק יידיש איז ער אין די טיפענישן פון זיין האַרצן תמיד געווען פאַרבונדן מיט דער העברעאישער שפּראַך, מיט אונדזער העברעאישער שפּראַך, די שפּראַך פון דער יידישער פאַר־גאַנגענהייט, די שפּראַך אין וועלכער מיר האָבן געקלערט וועגן אונדזער באַציאונג צום אויבערשטן, די טיפסטע שפּראַך פון דער רעליגיעזער באַציאונג פון יידן. און מיר האָבן תמיד געקלערט וועגן דעם, אַז ווען עס וועט קומען דער משיח און מיר וועלן דערלעבן די דערלייזונג, וועט די העברעאישע שפּראַך פונדאָסניי ווערן די שפּראַך פון יידישן פאָלק. מיר זענען תמיד געווען פאַרבונדן מיט די דאָזיקע דריי שפּראַכן. און נאָכאַמאָל אויך אין דעם האָבן מיר געוויזן נייע וועגן, נייע געדאַנקען, אַ נייעם אימפּעט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. היינט קומט שוין אויך די איבערצייגונג ביי די פעלקער פון דער וועלט, אַז זיין צונויפגע־בונדן מיט איין לשון און מיט איין קולטור טויג נישט. נאָר אַ מענטש, וואָס איז פאַרבונדן מיט צוויי שפּראַכן, לכל הפּחות מיט צוויי שפּראַכן און מיט צוויי קולטורן, איז אַ קולטור־מענטש. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס אַ גרויסער יידישער דענקער, דער אַמעריקאַנער פילאָזאָף מרדכי קאַפּלאַן, האָט אונדז געגעבן דעם באַגריף פון צוויי־שפּראַכיקייט. קאַפּלאַן, אין זיין בוך וועגן אַמעריקאַנער יידנטום, זאָגט עס גאַנץ ריכטיק לויט מיין מיינונג: אַ מענטש, וואָס רעדט נאָר איין לשון, קען אפילו דעם דאָזיקן לשון נישט. און אַ מענטש, וואָס לעבט נאָר אין איין קולטור, איז מיט דער דאָזיקער קולטור נישט פאַרבונדן. נאָר דער מענטש, וואָס באַהערשט צוויי שפּראַכן און וואָס קען זיין פאַרבונדן מיט די טיפע־נישן פון צוויי קולטורן, דער דאָזיקער מענטש איז ראוי, אַז מען זאָל אים באַצייכענען, ווי אַ קולטור־מענטש. און מיר, יידן, האָבן געוויזן דעם דאָזיקן וועג נאָך לאַנגע לאַנגע יאָרצענטן, כ׳וואָלט געזאָגט אפילו יאָרהונדערטער איידער די גויים זענען געקומען צו דער דאָזיקער איבערצייגונג. ווען אין אַמעריקע איז מען געקומען מיט דער גרויסער אַנטפּלעקונג פון „קאַלטשער פּלוראַליזם״ פון די אַמעריקאַנער סאָציאָלאָגן, האָבן זיי געמיינט, אַז זיי האָבן געקערט וועלטן מיט דעם. אין אַ קאָנפערענץ, וואָס מיר האָבן אַמאָל געהאַט פון אַמעריקאַנער סאָציאָ־לאָגן אין טשיקאַגאָ, האָב איך די אַמעריקאַנער סאָציאָלאָגן געזאָגט: הערט זיך איין, חברים, מיר זענען זייער שטאָלץ אויף אייער טאָפּלטער לאָיאַליטעט, אָבער

איך מוז אייך זאָגן, אַז אַ ייִד, אַז איך, בין דער פּאַטער פון טאָפּלטער לאָיאַליטעט. פון מיין פאָלק האָט איר עס איבערגענומען. איר האָט פון מיין פאָלק איבערגענומען אַ סך גרויסע זאַכן, האָט איר אויך דאָס איבערגענומען פון ייִדישן פאָלק און הלואי זאָל עס זיין אַזוי טיף און שטאַרק, און אויף אייביקע צייטן זאָלט איר עס פאַרבינדן מיט דעם באַגריף פון סאָציאַלן לעבן, ווי מיר ייִדן האָבן עס באַוויזן.

דאָ האָט איר דרייביישפּילן פון אַ רעוואָלוציע, וואָס מיר לעבן היינט אַדורך, ווייל אין די גלות־לענדער איז די קולטור־פּלוראַליטעט פּלוצלונג פונדאָסניי אַרויסגעוואַקסן אין די טיפענישן פון ייִדישן באַוווסטזיין. זינט העברעאיש האָט אויפגעהערט צו זיין נאָר די שפּראַך פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט און זינט עברית האָט אויפגעהערט צו זיין נאָר די שפּראַך פון ייִדישער רעליגיע — אַ געוואַלטיקע זאַך אין ייִדישן לעבן — נאָר זינט מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז האָבנדיק אַן אייגענע שפּראַך און קולטור אין ישראל, די העברעאישע שפּראַך און די העברעאישע קולטור, מוז מען אין די גלות־לענדער זיין פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער שפּראַך און מיט דער דאָזיקער קולטור, ווייל דער וואָס קען נישט עברית, וואָס באַמיט זיך נישט אַריינצוגיין אין די טיפענישן פון דער דאָזיקער שפּראַך, דער וועט נישט זיין קיין ריכטיקער ייִד. פּונקט ווי דער מענטש אין ישראל אָדער אין אַנדערע לענדער, וואָס ער פאַרשטייט נישט די אייביקע, טיפע צונויפגעבונדנקייט צווישן דעם ייִדישן פאָלק און ייִדיש, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן אין צוויי יאָר טויזנטער פון אונדזער קאַמף און פון אונדזער מאַרטירערטום, פון אונדזערע טרערן און פון אונדזער חלום וועגן בעסערע צייטן, אויב אַ מענטש קען נישט די ייִדישע שפּראַך, קען ער אויך נישט זיין קיין אמתדיקער ייִד. און מיר זענען אין ישראל שוין לאַנג געקומען צו דער דאָזיקער איבערצייגונג, אַז אָן ייִדיש קענען מיר נישט לעבן פּונקט, ווי מיר קענען נישט לעבן אָן עברית.

און איצט, מיין לעצטע באַמערקונג. איך האָב ביז איצט גערעדט וועגן דער רעוואָלוציע אין ייִדישן לעבן אין די גלות־לענדער. און טאָמער מיינט איר, אַז מיר האָבן נישט קיין רעוואָלוציע אין אונדזער ייִדישן לעבן אין ישראל האָט איר ווייטער אַ טעות. מיר האָבן אויך אין אונדזער ישראלדיקן לעבן אַ טיפע, שטאַרקע רעוואָלוציע, וואָס קומט פאַר טאָג־טעגלעך, נישט אינגאַנצן די דאָזיקע רעוואָלוציע, וועגן וועלכער מען רעדט אייך אויף פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, אין דרשות א. א. וו. אָבער עס זענען פאַראַן אויך אין ישראל רעוואָלוציאָנערע דערשיינונגען פּאַראַלעל צו די, וועגן וועלכע איך האָב גערעדט, דערציילנדיק אייך וועגן ייִדישן לעבן אין די גלות־לענדער. מיר אין ישראל האָבן אויך אין דעמאָגראַפישער באַציאונג אַ גאַנץ נייע דערשיינונג. עס זענען דאָ עולים, וואָס קומען פון די גלות־לענדער קיין ישראל און אונדזער אויפגאַבע איז די דאָזיקע עולים צו אַבסאָרבירן, כדי זיי אַריינצובאַקומען אין ישראלדיקן לעבן און זיי זאָלן צוזאַמען מיט אונדז, מיט די ייִדן פון ישראל, בויען ווייטער דאָס ייִדישע לעבן אין ישראל.

אין דעם באַשטייט דער גרויסער חילוק צווישן אַבסאָרבציע אין ישראל, ווי מען רופט עס ביי אונדז קליטת העליה, און אַבסאָרבציע אין אַנדערע לענדער.

איר האָט עס אויך אין אַנדערע לענדער. זעט די גרויסע אַמעריקע, זויפל מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען האָט זי אַריינגענומען און פון זיי געמאַכט איין פאָלק, מיט צרות, אָן צרות, יעדנפאַלס געמאַכט די דאָזיקע זאַך, וואָס הייסט היינט אַמעריקאַנער פאָלק. אָבער ביי זיי אין אַמעריקע איז מסתמא געווען מער אַ סטיכישער פּראָצעס; עס איז געווען, ווי זאַנגוויל האָט עס אַזוי גוט באַצייכנט, אַ צונויפמישן זיך פון מענטשן אין אַמעריקע, ווייל ביי אונדז איז נישט גענוג, אַז מענטשן, וואָס קומען קיין ישראל, זאָלן סטיכיש אַריינגעצויגן ווערן אין דעם ישראלדיקן לעבן. וואָס מיר ווילן איז, אַז יעדער מענטש וואָס קומט קיין ישראל זאָל פאַרשטיין די נאַציאָנאַלע באַדייטונג און די נאַציאָנאַלע מיסיע, וואָס שטייט פאַר אים, אַז ער זאָל וויסן, אַז דאָרט אין ישראל בויט זיך די יידישע נאַציאָנאַלע היים און אָך און ווי וועט עס זיין צו אונדז, אַז מיר זאָלן ביים בויען די יידישע נאַציאָנאַלע היים גיין מיט די מער אָדער ווייניקער סכעמאַטישע וועגן פון אַנדערע פעלקער.

אונדזער פאַל איז אַן איינציק־אַרטיקער פאַל. נישטאָ קיין אַנדער פאַל אין דער געשיכטע פון בויען אַ נאַציאָנאַלע היים און דאָס איז, וואָס מיר ווילן דער־גרייכן ביי אונדז אין לאַנד.

לאָמיר אייך געבן דעם צווייטן ביישפּיל פון טאָפּלטער לאָיאַליטעט. פּונקט ווי מיר האָבן אין די גלות־לענדער דעם באַגריף און די רעאַליטעט פון טאָפּלטער לאָיאַליטעט, פּונקט דאָס זעלבע האָבן מיר אין ישראל. אויך אין ישראל האָבן מיר אַ טאָפּלטע לאָיאַליטעט. איין לאָיאַליטעט איז מיטן לאַנד, מיט אונדזער לאַנד, מיט אונדזער מדינה, וועלכע מיר האָבן אויפגעבויט און פאַר וועלכער מיר זענען פאַראַנטוואָרטלעך. די אַנדערע לאָיאַליטעט איז די לאָיאַליטעט פון ישראל מיטן יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער. מיר זענען פאַרבונדן מיטן פאָלק אין די גלות־לענדער שטאַרק, אויף אייביקע צייטן, כל זמן דער גלות עקזיסטירט. און דער דאָזיקער באַגריף פון זיין צונויפגעבונדן מיטן פאָלק אין די גלות־לענדער איז איינער פון די פונדאַמענטאַלסטע באַגריפן אין אונדזער היינ־טיקער ישראלדיקער רעאַליטעט. יאָ, מיר האָבן געהאַט מענטשן ביי אונדז אין לאַנד, וואָס האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן זיך קענען באַפרייען פון דער דאָזיקער רעאַליטעט. מיר האָבן געהאַט אפילו אַ פאַרזעעניש פון אַ באַוועגונג פון די באַקאַנטע כנענים, וואָס איר האָט געהערט פון זיי און וואָס האָבן געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין יידיש פאָלק און זיי דאַרפן נישט זיין פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלק. עס זענען געווען אַנדערע, וואָס זענען געווען אינדיפערענט צו דעם וואָס קומט פאָר אין יידישן לעבן אין די גלות־לענדער. היינט איז פון דער דאָזיקער אינדיפערענץ קיין זכר נישט געבליבן, אויב עס האַנדלט זיך וועגן די באַוווסט־זיניקע מענטשן אין ישראל. מיר ווייסן אַלע, אַז מיר זענען טיף און שטאַרק פאַרבונדן מיטן פאָלק אין די גלות־לענדער און ווען עס קומט פאָר אַ פאַל אַז מיר קענען האָבן אַ שאָדן, אַז עס שטייט פאַר אַ געוויסע סכנה פאַר די אינטערעסן פון ישראל, ביים פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די יידן אין די גלות־לענדער, נעמען מיר דעם דאָזיקן ריזיקאָ גאַנץ און פול אויף זיך. מיט צוויי, צו דריי וואָכן צוריק, האָבן מיר געהאַט אַ בולטן ביישפּיל פון דעם ביי אונדז אין ישראל.

מיר האָבן פּראָקלאַמירט „די וואָך פאַרן סאָוועטישן יידנטום". דאָס גאַנצע ישראל־דיקע יידנטום האָט זיך פאַראייניקט אַרום דעם רוף אין קאַמף פאַר די רעכט פון יידן אין סאָוויעטן־רוסלאַנד, אַז זיי זאָלן קענען זיין פאַרבונדן מיט זייער פאָלק, מיט זייער קולטור, אַז זיי זאָלן קענען עולה זיין. עס איז געווען אַן איינציק־אַרטיקע דערשיינונג, ווי הונדערטער טויזנטער מענטשן אין ישראל האָבן אין פאַרלויף פון אַ וואָך צייט געקלערט טאָג און נאַכט וועגן יידן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד. און איידער עס איז געקומען די דאָזיקע וואָך איז מען פון פאַרשידענע זייטן צוגעקומען צו אונדז און מען האָט אונדז געזאָגט: הערט זיך איין, יידן אין ישראל, ווייסט איר, אַז עס איז אַ סכנה פאַר אייך? אויב איר מאַכט די דאָזיקע סאָוויעטישע וואָך דאַרפט איר האָבן שלעכטע באַציאונגען מיטן ראַטנ־פאַרבאַנד, איר האָט ווייניק צרות מיט אים, וואָס דאַרפט איר האָבן נאָך מער צרות? און מענטשן זענען געקומען צו אונדז מיט נישט געבעטענע עצות, אַז מיר זאָלן פאַרציכטן אויף דער „וואָך פאַרן סאָוויעטישן יידנטום", ווייל עס קען זיין אַ סכנה פאַר ישראל. האָבן מיר נאָכגעגעבן? האָבן מיר גענומען אין אַכט די דאָזיקע עצות? האָבן אַלע מענטשן נישט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אונדזער חוב, דער אומשטרייטבאַרער חוב פון יידן אין ישראל צו זיין פאַרבונדן מיט די יידן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד אפילו, אויב עס קען זיין אַ ריזיקאָ פאַר ישראל?

איך וועל אייך געבן אַ צווייטן ביישפּיל. מיר האָבן אויך צרות מיט די יידן אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער. איר ווייסט וואָס טוט זיך אין אַרגענ־טינע? איר ווייסט, אַז מיר האָבן אַנטיסעמיטיזם אין אַנדערע דרום־אַמעריקאַנער לענדער און די דרום־אַמעריקאַנער לענדער זענען אַלע, כמעט אָן אויסנאַם, גרויסע פריינט פון ישראל. זיי האָבן מיר צו פאַרדאַנקען, אַז דאַמאָלסט, אין יענער היסטאָרישער דאַטע, האָבן מיר געקענט באַקומען אַ מערהייט אין די פאַר־אייניקטע נאַציעס, ווייל כמעט אַלע אַמעריקאַנער לענדער האָבן דאַמאָלסט גע־שטימט מיט אונדז. און ביז צום היינטיקן טאָג איז די פריינטשאַפט פאַר ישראל אַ טיפע און אַ גרויסע אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע. איך האָב עס אַליין געזען, בעיני ראיתי, ווען איך בין געווען אין די דאָזיקע לענדער. פונדעסטוועגן, אויב עס זענען געווען פאַלן פון אַנטיסעמיטיזם אין אַרגענטינע און אין אַנדערע לענדער, צי זענען מיר נישט שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן דעם? נאָכאַמאָל זענען געקומען יידן צו אונדז און געזאָגט: למען השם, וואָס דאַרפט איר קאַליע מאַכן די באַציאונגען צווישן אייך און אַרגענטינע און אַנדערע לענדער? צי איז פאַר ישראל נישט בעסער, אַז זי זאָל זיצן רואיק און זיך נישט אַריינמישן? זאָלן זיך די יידן אין גלות ברעכן דעם קאָפּ, ס'איז נישט אייער ענין. האָבן מיר דערקלערט: ניין! עס איז אונדזער ענין, ווייל מיר, די מענטשן אין ישראל, זענען פאַרבונדן מיט די יידן אין די גלות־לענדער און מיר זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער גורל, פאַר זייער צוקונפט. דער ייד אין די גלות־לענדער איז אונדז פונקט אַזוי טייער, ווי דער ייד אין ישראל. דאָס איז דער פונדאַמענט פון אונדזער היינטיקער באַוווסטזיניקייט אין ישראל.

און דאָס לעצטע — די פראַגע פון דאָזיקן קולטור־פּלוראַליזם. דערמיט וועל'ן מיר אָפּשליסן. איר מיינט, אַז איר האָט קולטור־פּלוראַליזם נאָר ביי אייך אין די

לענדער פון גלות? מיר האָבן דעם קולטור־פּלוראַליזם אין אַ סך שטאַרקערער און טיפערער פאָרם, ווי אין די לענדער פון גלות. איך וואָלט געווען גליקלעך צו קענען זאָגן, אַז מיר אין ישראל האָבן צו טאָן מיט צוויי אָדער מיט דריי קולטורן. מיר האָבן אַ סך מער, ווי צוויי אָדער ווי דריי קולטורן. קודם כל, אויב מיר בויען אַ נייע קולטור אין ישראל, איז עס נישט די קולטור, וואָס מיר האָבן זי געשאַפן אין די לעצטע צוויי אָדער דריי דורות. אודאי, דער געוואַלטיקער אויפטו פון דער קולטור, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון ארץ־ישראלדיקן גרונט און באָדן, דאָס נייע לעבן פון די אַרבעטנדיקע יידישע מענטשן אין לאַנד, די אַרבעט־קולטור פון יידישן פאָלק, אַ קולטור, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון ארץ־ישראל־דיקן גרונט — דאָס איז געווען אַ געוואַלטיקע אַנטדעקונג פון יידישער געניאַליטעט. אָבער מיר האָבן תמיד פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ קולטור אַליין וועט נישט זיין גענוג. דאָס יידישע פאָלק אין ישראל בויט נישט קיין נייע קולטור, עס בויט אויף די יסודות פון דער יידישער קולטור, וואָס דויערט דריי און פיר, און פינף יאָרטויזנט. און די קולטור אין ישראל וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן קולטור־לעבן אין די פריערדיקע יאָרטויזנטער, וועט נישט זיין קיין קולטור.

און עס זענען געווען ביי אונדז מענטשן, וואָס האָבן געזאָגט: גוט, מיר וועלן איבערנעמען די קולטור פון תנ״ך, אָבער צו וואָס דאַרף מען איבערנעמען די קולטור, וואָס יידן האָבן געשאַפן אין די גלות־לענדער? מיר אָבער האָבן געענטפערט: ניין, עס מוז זיין די קולטור פון יידישן לעבן אין אַלע יאָר־הונדערטער אין אַלע דורות, אין אַלע יאָרטויזנטער. וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט און דורכגעקימפּעט אין די טיפענישן פון אונדזער באַוווסטזיניקייט אין די לענדער פון גלות, דאָס איז אויך אַן אינטעגראַלער באַשטאַנד־טייל פון יידישער קולטור און אין ישראל קענען מיר גישט לעבן אָן דעם.

ווייטער. מיר האָבן תמיד געהערט, אַז דאָס יידישע פאָלק אין ישראל מוז זיין פאַרבונדן מיט דער קולטור פון יידישן פאָלק היינט, ווי זי לעבט היינט אָדער ווי זי האָט געלעבט אין די לעצטע גענעראַציעס אין די לענדער פון גלות. דאָס איז די טיפע פאַרבונדנקייט צווישן אונדז און צווישן דער יידישער שפּראַך. מיר זאָרגן פאַר יידישער שפּראַך. איז עס אַ צופאַל, וואָס ביי אונדז אין ישראל האָבן מיר געשאַפן אַ קאַטעדרע פאַר דער יידישער שפּראַך אין אוניווערסיטעט אין ירושלים? איז עס אַ צופאַל, אַז ביי אונדז אין ישראל דערשיינט איינע פון די בעסטע יידישע צייטשריפטן? איז פאַראַן אַ צופאַל, אַז מיר אין ישראל האָבן איינעם פון די בעסטע פאַרלאַגן פאַר דער יידישער שפּראַך אין דער היינטיקער וועלט? איז עס אויך אַ צופאַל, וואָס אין ערגעץ נישט, אין קיין שום לאַנד נישט, ווערט אַזויפיל נישט געטאָן פאַר יידיש, ווי עס ווערט געטאָן היינט אין ישראל? מיר זענען דאָך אין ישראל פאַרבונדן מיט דער יידישער שפּראַך און אפשר איז עס אויך סימבאָליש — כ׳מיין מיין פּערזאָן שפּילט דאָ נישט קיין ראָל — אָבער אפשר איז עס סימבאָליש, וואָס זייענדיק דער פּאַרזיצער פון ברית עברית עולמית, פון דער העברעאישער וועלט־באַוועגונג, בין איך אין דער זעלבער צייט איינער פון די מענטשן, וואָס קעמפט אין ישראל אויף

שריט און טריט פאַר די אינטערעסן, פאַרן כבוד און פאַר דער צוקונפט פון דער יידישער שפּראַך.

און אחרון אחרון, מיר אין ישראל שאַפן דעם באַגריף פון אַ קולטור, וואָס איז פאַרבונדן מיט די אַלע לענדער אַרום אונדז, די דאָזיקע נייע קולטור פון נאָענטן אָריענט, וואָס ווערט אין ישראל געשאַפן. מיר ווייסן, אַז מיר געפינען זיך צווישן אָריענטאַלישע פעלקער און מיר ווייסן, אַז מיר זענען אויך פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר זייער קולטור, פאַר זייער שאַפונגס־כח. און עס בויען זיך די יסודות אויך פון דער דאָזיקער צונויפגעבונדנקייט צווישן מזרח און מערב אין טיפן, קולטורעלן זין פון דעם וואָרט.

ווייסט איר, אַז מיר אין ישראל האָבן גרעסערע פאַכלייט אויפן געביט פון דער אַראַבישער שפּראַך און קולטור, ווי די אַראַבער גופא האָבן? ווייסט איר, אַז מיר אין ישראל האָבן פאַכמענער פאַר איראַניש, פאַר טערקיש און פאַר אַלע אַנדערע שפּראַכן? ווייל מיר מוזן דאָך קענען אָט די אַלע שפּראַכן. דאָס זענען דאָך שפּראַכן, פון וועלכע מיר בויען אויס אַ נייע רעאַליטעט.

דאָס איז דער קולטור־פּלוראַליזם פון ישראל, די געוואַלטיקע רעוואָלוציאָ־נערע דערגרייכונג פון אַ נייער קולטור, וואָס בויט זיך, ווי אַ צונויפמישונג פון די קולטורעלע כחות פון פאָלק.

און איצט, וואָס איז די בריק צווישן ישראל און די גלות־לענדער? מיר האָבן דרייפאַכיקע בריקן צווישן גלות און ישראל.

בריק נומער איינס: וואָס מיר זענען, אָבער יידן זענען מיר. אַלע זענען מיר פאַרבונדן מיטן באַגריף פון איין יידישן פאָלק. צי מיר לעבן אין ישראל, צי מיר לעבן אין גלות, זענען מיר איין פאָלק. און אויף אייביקע צייטן וועט עס בלייבן איין פאָלק.

נומער צוויי: מיר זענען פאַרבונדן מיט דער דינאַמיק פון אונדזער לעבן סיי אין די גלות־לענדער און סיי אין ישראל. אַלץ וואָס איז פאַראַן אין גלות און אין ישראל גייט ווייטער און ווייטער. דער באַגריף פון דער דינאַמיק און פון אַנטוויקלען זיך.

און נומער דריי: די גאַנצע אַנטוויקלונג איז באַזירט אויפן מענטשלעכן ווילן. מיר אַנטוויקלען זיך, ווייל מיר ווילן שאַפן נייע ווערטן. דאָס ווערט אין מענטש־לעכן לעבן דעצידירט דורכן אימפּעט פון דער מענטשלעכער באַוווסטזיניקייט און פון מענטשלעכן כח, פון מענטשלעכער אינטעליגענץ און פון מענטשלעכער שאַפונגס־קראַפט.

און נאָך אַ באַמערקונג. די היינטיקע וועלט איז אַ וועלט, וואָס וועט קענען עקזיסטירן נאָר דאַמאָלסט, אויב זי וועט פון אונדז זיך אויסלערנען אויך די תורה פון ווילן, וואָס שאַפט אַ ניי לעבן. דער אומגליק, דער גרעסטער אומגליק אין דער מענטשלעכער געשיכטע, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַ דור צוריק, איז געקומען, ווי איינער פון די דייטשע סאָציאָלאָגן האָט עס דערקלערט, ווייל עס איז געווען „דאָס יאָרהונדערט אָהנע גאָט", הונדערט יאָר פון לעבן אָן דעם באַוווסטזיין פון דער טיפסטער מאָראַל, אָן דער צונויפגעבונדנקייט מיטן רבונו של עולם אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. צוליב דעם איז געקומען דער

מאָראַלישער צוזאַמענברוך פון דער גאַנצער מענטשהייט מיט אַ דור צוריק. היינט פאַרשטייען זיי שוין, אַז מען דאַרף זוכן דעם וועג צוריק צום רבונו של עולם, צו די טיפסטע יסודות פון אַ נייער מענטשלעכער מאָראַליטעט. אויב מיר וועלן דאָס נישט באַוויזן צו בויען, דראָט די סכנה פון חורבן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. וואָס מיר זעען היינט איז עס גאָט־זוכעניש, איז דאָס דאָזיקע נייע מאָראַל, וועלכע מיר ווילן שאַפן אין דער היינטיקער וועלט. מיר, די יידן, האָבן געוויזן דער וועלט אויך דאָ נייע וועגן. דאָס איז אונדזער זכות און דאָס איז אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר דאַרפן גיין ווייטער אויף דעם וועג ווייל נאָר ער קען זיין אַ וועג, וואָס פירט צום ציל. ווי האָט געזאָגט איינער פון אונדזערע גרויסע יידישע דענקער פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע? מיר דאַרפן האָבן די זכיה צו זיין אַ ניי פאָלק און נייע מענטשן און זוכה זיין — האָט ער געזאָגט — הייסט וועלן.

בריסל, 1967.

# יידישע פֿאָלקס־שאַפֿונג נעכטן, היינט און מאָרגן

פון ד״ר בערנאַרד לינדענבערג (פּאַריז)

איין זאַך — יידישע פֿאָלקס־שאַפֿונג. צוויי ווערטער. און פּאָרט געגוג האַרבע עברי. די זאַך איז נישט דורכאויס איינטייטשיק. דער מהות יידיש — וואָס באַדייט ער? אין יידישן גייסט, אין אַ נאַציאָנאַלער יידישער שפּראַך, אָדער טאָקע דורכאויס נאָר אויף מאַמע־לשון? לאָמיר אָנעמען, אַז מען מיינט יידיש פּשוטו כמשמעו. שוין צוליב דעם מהות און געשטעל פון דער היינטיקער סביבה. וואָס, בכן, דאַרף מען פאַרשטיין מיט דעם צונויפהעפטן פֿאָלקס־שאַפֿונג? דאָס שאַפֿן פון פֿאָלק ממש, ווי אַ קאָלעקטיוו? אַזאַ זאַך איז נישט בנמצא. דאָס פֿאָלק־לאָריסטישע, דאָס אַנאָנימע, דאָס פֿאָלקסטימלעכע, אַ שטייגער וואַרשאַווסקיס „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פֿייערל״, מרדכי געבירטיקס „עס ברענט״, הירשקע גליקס „זאָג נישט קיינמאָל״? די דריי אויסגערעכנטע אומשטערבלעכע לידער קען יעדער פֿאַר זיך זיין אַ יידישער הימן און דער צד־השווה איז דאָ נישט זייער פֿאָלקסטימלעכקייט און נישט זייער האַלבע אַנאָנימקייט. הירשקע גליקס ליד האָט נישט קיין סך געפֿעלט זאָל בלייבן אַנאָנים, ווי ער וואָלט פון אונטער דער ערד, ווי אַ ווולקאַן אַרויסגעוואָרפן זיך אין די דאַמאָלסטיקע צייטן. דער צד־השווה איז, וואָס אין די אַלע דריי לידער איז פֿאַראַן איבערצייטלעכס און זאָרג פֿאַרן קיום פון פֿאָלק.

ווען מיר דעריבער מוותר זיין אויף פֿאָרמעלער סימאַנטיק, טייטש, געגוייער טייטש! יידיש פֿאָלקס־שאַפֿן איז דאָס שאַפֿן פון יחידים, פֿאַרשטייט זיך, אין אַנדערש קען עס נישט זיין, וואָס טראָגן אין זיך די אויסזיכט און די זאָרג פֿאַר פֿאָלקישן זיין. מיר דאַרפֿן זיך אויך היינט שטעלן מיטן פּנים צו דער היינטיקער ווירקלעכקייט. מיר טאָרן נישט מדקדק זיין אויף פֿאָרם, אויף לבוש, נאָר אויף תוכן און אויפֿן אינהאַלט. מיר ווייסן אגב נישט וואָס פֿאַראַ שפּראַך און וואָס פֿאַראַ פֿאָרם עס וועט אָנעמען אונדזער פֿאָלקס־שאַפֿונג מאָרגן, צי איבערמאָרגן. מיר ווייסן עס אודאי נישט. דאָס וואָס מיר ווייסן יאָ, איז, אַז מיר זענען נאָך אומעטום און אַלץ בשעת־חירום, אין אַ מצודה זענען מיר היינט, אין אַ קלעם, נאָך דעם גרויסן בראַך. עס לויערט אויף אונדז אויף שריט און טריט ממש פיזישע התבוללות און גייסטיקע השמדה. אונדזערע בעסטע, פעאיקסטע זין און טעכטער ווערן פֿאַרכאַפּט פון דער אַרומיקער קולטור און טיילמאָל אומקולטור, אויסגעכאַפּט ממש פֿאַר אונדזערע אויגן און פון אונדזערע שטיבער. דאָס טראַ־

גישסטע דערביי איז, וואָס מיר האָבן צומאָל נישט קיין פּתחון־פּה, מיר, די סעקולערע יידן, די וועלטלעכע, די עולמישע יידן. מער ווי ווייטיק און צער קענען מיר נישט אַנטקעגנשטעלן דער מגיפה פון מאָדערנער אַפּטריניקייט. מחמת מיר זענען אַליין מיט זיך נישט פאַרטיק. מיר האָבן די אַלע יאָרן פון חורבן זיך באַגנוגנט צו צער'ן און צו יזכור'ן, געשווירן „מיר וועלן נישט פאַרגעסן" און פּאָרט דאָס עיקרשטע פאַרגעסן. מיט וואָס זענען מיר יידן? וואָס איז אונדזער וועג אין יידישקייט? דער פּראָבלעם „ווער איז אַ ייד" איז בפירוש אַ פאַלשער פּראָבלעם. די אמתע קשיא, וואָס יעדער קינד פאַרשטייט, איז: מיט וואָס איז מען אַ ייד? וואָס טוען מיר אַלע טעג און יאָרן זיך צו פאַרדינען צו זיין אַ ייד? מיר האָבן נישט קיין פּתחון־פּה מחמת מיר זענען אידעאיש נישט באַוואָפנט צו וויסן וואָס צו זאָגן און וואָס צו ענטפערן. נישט בלויז זענען מיר נישט באַוואָפנט, נייערט אויך די טייערע כלי־זין, וואָס מיר האָבן יאָ געהאַט בירושה אין אונדזער רשות, האָבן מיר געלאָזט פאַלן. מען האָט אונדז געהאַט אַנטוואָפנט און טיילווייז איז עס אַזוי געבליבן ביזן היינטיקן טאָג. מיר ווייסן נישט צי אונדזער נוסח פון יידישקייט וועט דאָך דערגיין צו די קומענדיקע דורות.

מיר נעמען אָן דעם פּרינציפּ, מיר וועלטלעך־סעקולערע יידן, דעם פּרינציפּ פון עוואָלוציע, ווי אַן אומאָפּפרעגלעכן פּאָסטולאַט. רעליגיעזע יידן, זיי דוכט זיך, אַז אין כל חדש תחת השמים. איז וויל צו זיי. פאַר אונדז, אין דער מאָס, וואָס דער יידישער דת איז טאַקע געבליבן פאַרשטיינערט, איז ער אַ שטרויכל־שטיין אין וועג צו פאַרזיכערן דעם נאַציאָנאַלן קיום פון פאָלק. מחמת אונדזערע קינדער אין די לענדער ווילט זיך נישט און עס גלוסט זיך זיי נישט צו ווערן אַ סעקטע. גאָר וואָס דען? מען קען זיך גאַנץ נישט קשהדיק טרייסטן, סיי ווי סיי וועלן זיי קאַליע ווערן. און קאַליע ווערנדיק וועלן זיי דינען, ווי אַ רעזערוואַר, און שאַפן יידישע פאָלקס־שאַפונג.

אין דער מאָס אָבער, אין וועלכער די יידישע אמונה וועט דורכמאַכן די לעבנס־נויטיקע עוואָלוציע, ווי מיר זעען זי היינט, אין דער מאָס, אין וועלכער זי וועט זיין דער היטער פון די ליכטיקע טראַדיציע־ווערטן, זאָל עס זיין באַגלייט מיט מצוות, חוקים און סייגים, הלואי וואָלט איך געקענט אויף זיך זיי נעמען, וועלן מיר מיט די אָ רעליגיעזע יידן קיין מלחמה נישט האַלטן. אדרבא, פאַר־קערט. וואָרעם די יידישע נשמה איז הונגעריק נאָך מענטשלעכער און, אויב איר ווילט, געטלעכער חשיבות. מיר שטייען היינט בשעת־חירום, אויסגעהונ־גערטע פון רוח־הקודש, ווי עס זאָגט עס עדות דער מדרש רות אויף די יידן אין די צייטן פון די שופטים. זיי האָבן געבויט הייזער, געפלאַנצט וויינגערטנער, פאַרכליניעט זיך מיט מאַטעריעלע דערגרייכונגען, היינט וואָלט מען געזאָגט מיט טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען, און דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן אויסגע־הונגערט צו ווערן פון רוח־הקודש.

מיר זענען אָבער נישט אויסן צו מוסרן היינט אַנדערע, נייערט צו מאַכן קריטיק און צו זאָגן אויפריכטיק און ערלעך וועגן זיך אַליין. מיר נעמען אָן סעקולאַריזם און די וועלטלעכע באַוועגונג, ווי דער יסוד פאַר יידישן פאָלקס־שאַפן. צי האָבן מיר אָבער — פרעגט א. גאָלדבערג אין לעצטן נומער פון

„יידישע קולטור”, — צי האָבן מיר גלויביק און מסירות־נפשדיק זיך איינגעשטעלט פאַר יידיש וועלטלעך לעבן אין אַמעריקע? ס'איז, לויט מיין מיינונג, ווערט צו ציטירן אייניקע זאַצן: „וואָלטן מיר כאָטש געקענט זאָגן, אַז מיר האָבן אחריותדיק, גלויבנדיק און מסירות־נפשדיק זיך איינגעשטעלט פאַר אַ יידיש וועלטלעך לעבן אין אַמעריקע, אַז מיר האָבן זיך געראַנגלט מוטיק און מיט חכמה, איז עס אָבער אינגאַנצן נישט ריכטיק.” ווען עס קומט צו דער פראַגע פון נאַציאָנאַלן קיום, פון אמת־עקשנותדיקן געראַנגל פאַרן קיום, בין איך נישט זיכער, צי זענען טאַקע אַלע הענט און געוויסנס אינגאַנצן ריין. דער אַזוי גערופענער „ביו לעפט”, נייער לינקס, איז אינגאַנצן אַ־נאַציאָנאַל, אָן נאַציאָנאַלער פאַרשטענדעניש, אָן אַ נאַציאָנאַל פּנים, אַ מין סופּער־נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע. ער וועט זיך מעגלעך ראַנגלען פאַר נעגער־קולטור, אָבער נישט פאַר יידישער קולטור. דאָס איז אים צו ענג, צו נאַציאָנאַליסטיש. די אַזוי גערופענע לינקע ווידער זענען צעטומלט, אַסימילאַטאָריש, האָבן מורא, זענען נישט פעאיק אָנצורירן יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. אָט די מענטשן, צווישן זיי אַ גרויסע צאָל יידן, ווערן פאַרלוירן אין אַזויפיל מעכאַנישער און מעכאַניסטישער פּסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכער פראַזעאָלאָגיע אונטערן צודעק פון כלומרשטן מאַרקסיזם, אַז עס גרוילט! דער עלעמענטאַרער סינטעז פון געראַנגל פאַר אַ שלומדיקער, יושרדיקער וועלט און גלייכצייטיק פאַר אַ פּראָגרעסיוו, נאַציאָנאַל, שעפערישע יידיש לעבן, איז זיי פרעמד. אָט זיי ווילן דעם סינטעז פאַרשטיין, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם נעגער אין אַמעריקע, אָבער נישט ווען עס גייט אין יידישן לעבן דאָ אָדער אין אַנדערע לענדער, אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אָדער אין ישראל. מען האָט אויך פאַרפערזענלעכט דעם גאַנצן געראַנגל פאַר דער יידישער קולטור און פאַרן וועלטלעכן אויסדרוק פון יידישן לעבן. פאַר אונדז איז די יידישע קולטור נויטיק. אָבער פאַר אַמעריקאַנער קינדער און אייניקלעך אונדזערע? איך בין צופרידן וואָס זיי זענען כאָטש פּראָגרעסיווע מענטשן. אין פּאַריז איז נאָך אַ ביסל אַנדערש דער פּראָבלעם. נישט אַזוי קלאָר. גרויסע מאַסן יידיש־רעדנדיקע זענען דאָ. איז דאָס פערזענלעכע אויסלעבן זיך געווגע פאַר געוויסע מענטשן. זיי רעדן יידיש צווישן זיך, אַ פּאָר שעה אין וואָך, באַקומען די געלעגנהייט צו זיין צוזאַמען. איז עס אַ פאַלשער צוגאַנג, אַ געפערלעכער צוגאַנג. בעיקר אַ געפערלעכער און אַ פאַלשער צוגאַנג פאַר מענטשן־עסקנים, ווי מען האָט זיי דאָ אָנגערופן.

איך וויל דאָ אַ וואָרט פאַרלירן וואָס עס פעלט אין דאָזיקן פּרעכטיקן און האַרציקן אַרטיקל, וואָס הייסט „אָרנטלעך און אָפנהאַרציק”. עס פעלט קודם כל דאָס נישט דערגיין נאָך אַ פּאָר טריט. דער מאָמענט פון אַוועקשטעלן מדינת ישראל ווי דעם צענטראַל־פּונקט פון יידישן לעבן אומעטום. נישט נאָר נעמען אויף זיך די מיטפאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר בויען מדינת ישראל סיי אין מאַטעריעלער הינזיכט, סיי אין זיכערקייט־הינזיכט, סיי אין גייסטיקער הינזיכט, נאָר אפילו אין אַ געוויסער מאָס איבערשטעלן זיך אינגאַנצן און פאַרשטיין, אַז מיר מוזן די יוגנט אויך דערציען אין דעם גייסט.

דעם צווייטן פּונקט וועל איך באַרירן מיט אַ זייער וויטגייענדיקן און דער־

פרייענדיקן אויסדרוק פון מיין חבר און פריינד חיים סלאָוועס אין פּאַריז, אין אַ נומער פון „יידישע קולטור". ער האָט דאָרט אָנגעוואָרפן אונדזער טראַדיציאָנעלן, אַזוי אָנגעלאָדענעם אויסדרוק: מיר דאַרפן נעמען אויף זיך דעם עול־התורה. געוויס, איך האָב קיינמאָל נישט געצווייפלט דערינען, אַז חבר סלאָוועס טראָגט באמת דעם עול־התורה פון יידישקייט אַלע זיינע יאָרן. ער האָט מיך דערמיט אַבסאָלוט נישט פאַרוואונדערט. אָבער איך מוז עס זאָגן, עס איז היינט אַ סימ־פּאָזיום און איך ווייס אויך נישט, צי עס איז דער בעסטער אופן פון גיין ווייטער אין אונדזערע וועזנטלעכע פּראָבלעמען, צי עס וואָלט נישט בעסער געווען, ווען מיר שטעלן אַוועק אַ קליינעם סנהדרין יומם ולילה ער זאָל לערנען און אים שטיצן, פאַרשטייט זיך, מאַטעריעל. אָבער אין דעם סימפּאָזיום, אויב איך דערמאָן זיך די ווערטער פון חבר סלאָוועס, וועט ער מסתמא ענטפערן דאַרויף. איך האַלט, אַז זיין געדאַנק איז פול אָנגעלאָדן, אָבער נישט פּרעציזירט און איך באַגנוגן זיך נישט מיט עול־התורה. איך וויל אויך מלכות, פאַרשטייט זיך, נישט עול־מלכות־שמים דוקא. אַ סך פון דעם טראַדיציאָנעלן עול מלכות־שמים איז שוין אַריינגערעכנט אין דעם עול־התורה. אָבער איך מיין עול־מלכות — ארץ־ישראל.

דער נעכטן. די טעמע איז יידישע פאָלקס־שאַפונג — נעכטן, היינט און מאָרגן. הונדערטער יאָרן האָט דאָס אשכנזישע יידנטום געלערנט און געטייטשט אויף יידיש הלכה און אגדה, גמרא און מדרש. אין חדרים און ישיבות, אין חברה־משניות, אין די בעלי־מלאכהשע שולעכלעך און קלויזן, אַ גרויסע צאָל מוסר־ספרים, וועלכע געהערן פאַקטיש צו דער אגדה־ליטעראַטור, ווי דער „חובת־הלבבות", „מורת־המאור", דער „קב־הישר", דער „חפץ־מוסר" זענען געדרוקט געוואָרן מיט יידישע איבערזעצונגען און זענען, ווי „דער נחלת־צבי" און דער „אביר־יעקב", לכתחילה געשריבן געוואָרן אין יידיש, שוין נישט צו רעדן פון אַזאַ ספר, ווי די „צאינה וראינה", וואָס איז מער מדרש, ווי טייטש־חומש. אויך אין דעם נעכטן איז די אגדה שבעל־פה אויפגעהאַלטן געוואָרן אין יידיש דורך די אומצאָליקע מגידים, דרשנים און בדחנים, וואָס האָבן זיך ממש איינגעגעסן אין בלוט און פלייש פון פאָלקישן אָרגאַניזם, פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. דער יידישער שאַרפזין, דער יידישער הומאָר איז בשום אופן נישט געבליבן דאָס אייגנטום פון דעם קלאַס למדנים, אפילו נישט די יידישע קבלה, ווי מיר וועלן נאָך עס שפּעטער רעדן. מיר האָבן עס אגב אין אַ מאמר חז"ל: זייט געוואָרנט פון די קינדער פון אָרעמע, ווייל פון זיי גייט אַרויס די תורה. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב נאָך געהאַט די זכיה אין מיין לאָדזשער היים צו הערן אַ פאָלקס־טריבון אויסטייטשן דאָס און הגם עס האָט נישט קיין דירעקטע שייכות, באָר איך קען זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן איך דאָס איבערצוגעבן: הזהרו מבני עניים, זייט געוואָרנט פאַר קינדער פון אָרעמע, שמהם תצא תורה — אַז פון זיי זאָל אַרויס, אַוועק די תורה, ווייל טאָמער בלייבט זי ביי זיי וועלן חס ושלום די נגידים גאָרנישט האָבן קיין קיום ביי אונדז...

און ווי איר ווייסט, איז אין העברעאיש קען מען טייטשן „תצא" אין פאָרם פון עתיד און אין פאָרם פון הוה א. א. וו.

שפּראַכלעך גענומען האָט עס געבערענגט דערצו, אַז יידיש זאָל איינזאַפּן אין זיך דעם גייסט, און נוסח, און סטיל פון דעם מדרש־לשון, זיין אינטים־האַרציקע שפּראַך מיט אַלע זיינע פאָלקסטימלעכע, ליטעראַרישע קנייטשן און ניואַנסן. יידיש איז אַזוי אַרום געוואָרן דער נאַטירלעכסטער יורש פון לשון־קודשער און אַראַמישער מוסר־ און מדרש־שפּראַך אַזוי גוט אין דער אינטאָנאַציע און ריטם, ווי אין זיין השגה און גייסט. יידיש איז אַזוי אַרום געוואָרן די שפּראַך פון אונדזער אידענטישקייט און אויטענטישקייט, אָנגעלאָדן מיט עמאָציע, וואָס היט אויף די צוצי־קראַפט פאַר אונדז און פאַר דורות נאָך אונדז.

דאָ מוז אָבער געזאָגט ווערן אין קורצע ווערטער. פאַר אונדז איז יידיש די נאַטירלעכע שפּראַך, מעג זי זיין אפילו וויפל אָנגעפּיקעוועט מיט דייטשמע־ריזמען, אַמעריקאַניזמען און אַנדערע איזמען. אַזוי וועט עס אָבער נישט זיין מיט תורות, וואָס וועלן קומען פון אונדז. עס וועט אסור נישט לוינען צו לערנען און איבערטייטשן אויף יידיש דאָס, וואָס איז האַלב־דייטש, האַלב־רוסיש אָדער האַלב־אַמעריקאַניש. יידיש האָט זיך היינט אירע געזעצן, טיפע געזעצן. און אויב איך רעד דאָ אַזויפיל און וועל רעדן וועגן מדרש, איז עס דערפאַר ווייל עס איז דער בעסטער פּרווו־שטיין צו זען, אויב אַ וואָרט, אויב אַ באַגריף, אויב אַ זאַץ־בוי איז יידיש אָדער נישט, אין גייסט פון מדרש אָדער פון דער אגדה.

וואָס נוגע יידיש־גייסט איז אין דער גאַנצער מדרש־ליטעראַטור, ווי אין דער אגדה בכלל, נישט וויכטיק דאָס איינמאָליקע געשעעניש, אָדער די איינמאָליקע פּערזענ־לעכקייט, ווי דאָס סימבאָלישע אין זיי, דאָס איבערצייגלעכע, דער מוסר־השכל פאַר דורות. די פילאָזאָפיע פון מדרש איז אַ רעליגיעז־עטישע, אָבער אַ רעליגיעז־עטישע, אין וועלכער מיר שווימען אַרום, מיר וועלטלעכע, ווי פיש אין ים. בעת מיר זוכן היינט די סיבות און גורמים פון היסטאָרישע דערשיינונגען אין דער כפערע פון פּאַסירונגען פון דער באַלדיקער פאַרגאַנגענהייט, זוכט דער בעל־מדרש זיי אין דער ספערע פון עטיק, פון מאָראַלישן אויספיר, פון מענטשן און העלדן. און צוליב דער ליבער צייטלעכקייט אין זיין צוגאַנג צו די געשעענישן איז דעם בעל־דרשן נישט וויכטיק, צי די אָנגעגעבענע סיבה איז אַ נאָענטע און דירעקטע, אָדער זי געפינט זיך אין וויטן עבר. דער עיקר פון דעם סיסטעם איז שכר ועונש. דאָס הייסט: קיין שום מענטשלעכער אַקט צום גוטן אָדער צום שלעכטן גייט נישט פאַרלוירן. ערגעץ־ווו פירט זיך אַ חשבון אויף אַ האָר, אַ חשבון־צדק. דער שטאַם־פאָטער — און איך האָב אויסגעקליבן ביישפּילן פון מדרש אסתר — דער שטאַם־פאָטער פון מרדכי, בנימין, האָט גורם געווען, אַז זיינע ברידער זאָלן פון גרויס צער איבער דעם געפונענעם בעכער צערייסן זייערע קליידער ביי יוספן. איז אָפּגעצאָלט געוואָרן זיין אור־אור־אייניקל מרדכי אין אחשורושעס טעג. דער גרויסער און ביטערער געשריי — נאָך וויכטיקער, וואָס עס האָט זיך אַרויסגעריסן פון מרדכיס האַלדז — ומרדכי ידע את אשר נעשה — ווען ער האָט זיך דערוווסט פון המנס גזירה, איז געווען דאָס צוריקגעצאָלטע פאַרן גרויסן און ביטערן געוויין און געשריי, וואָס יעקב האָט פאַרשאַפט עשון, בעת ער האָט אים די בכורה אַרויסגענאַרט. דאָס איז די איינציקע שטעל, לויט מיין

אָרעם ווײסן, אין תּלמוד, ווו עס ווערט געטאַדלט אומדירעקט די אויסנאַרעריי פון יעקבן ביי עשון.

דער מענטש, מיט איין וואָרט, טראָגט אַ היסטאָרישע אחריות פאַר זיינע מעשים און נישט נאָר פאַר זיין צייט, נייערט אויך פאַר די סאַמע ווייטסטע דורות. צוליב דעם דאָזיקן רעליגיעזן בליק אויף דער מענטשלעכער געשיכטע, וואָס איז אין תּוך אַ געטרייער המשך פון דער נבואה, איז אומפאַרמיידלעך די נטיה אין מדרש כּסדר אַנטקעגנצושטעלן דעם צדיק און דעם רשע, ווי צוויי עקסטרעמען, שוואַרץ און ווייס. פאַרט נישט אַלעמאָל אַזוי. דער בעל־המדרש זעט אויך פּאַסמעס ליכט, וואָס רייסן זיך אַמאָל אַרויס פון דער חשכות פון רשעה.

דער צווייטער הויפּט־מאָמענט פון מדרש איז אהבת־ישראל. הגם יידישע צרות זענען פאָרמעל גענומען אַ שטראָף פאַר זייערע זינד, מפּני חטאינו, מינערט עס נישט אויף אַ האָר זיין ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט צו זיין פאָלק. ער געפינט געווּג מוט זיך שאַרף, סאַרקאַסטיש, זיך אויסצוטענהן מיטן רבונו של עולם, הלמאי ער שטאַרקט די הענט פון די רשעים און איבערענטפערט זיי זיין אויסדערוויילט פאָלק צו טאָן מיט אים, וואָס זייער האַרץ גלוסט. פאַרשטייט זיך, אַז פאַרן מדרש איז דער עיקר ישראל. אפילו די געבאָטן פון דער תּורה האָבן קיין האַפט נישט, ווען ישראל איז אין סכנה. מרדכי וויל נישט פאַסטן, ווייל עס איז דאָך פּסח. שיקט אים אסתר זאָגן: אויב נישט קיין יידן, וואָס דאַרף מען דעם פּסח? און ווייטער ווייס דער בעל־מדרש, אַז מיט אַלע זיינע שאָטנדיקע זייטן איז נאָך אַלץ דאָס פאָלק ישראל אַ צדיק לגבי דער אַרומיקער געצנדינערישער, אכזריותדיקער וועלט. און אינטערעסאַנט איז, אַז אין דער אהבת־ישראל־טעמאַטיק ווערן באַהאַנדלט צוויי ווערסיעס, ווי אַזוי דער הימל, די אבות, משה רבנו, אליהו הנביא, רחל אמנו און דער כּביכול אַליין ווערן אויפגערודערט ערשטנס פון חורבן בית המקדש — דאָס איז אין תּלמוד בבלי — און אין תּלמוד ירושלמי האָט איר די צווייטע ווערסיע, דאָס איז בשעת די גזירה פון המנען. איז דאָך אין דער צייט פון חורבן בית־המקדש די גזירה נישט אָפּגערופן געוואָרן. אין זכות פון רחל דער מוטער ווערט צוגעזאָגט גאולה, די ווייטע גאולה. בשעת המנען האָט מען באַוויזן די גזירה אָפּצורופן. דאָס איז נישט מער אין זכות פון דער מוטער רחל. און עס איז אויך נישט קיין ווייטע גאולה, נאָר אַ באַלדיקע גאולה, און אַ שנעלע גאולה, אין זכות פון תּינוקות של בית רבן, פון קינדער פון חדר, וואָס מרדכי איז געווען זייער דערציער און מורה־דרך.

מיינט נישט, אַז אין מדרש, אין דער גאַנצער אגדה־ליטעראַטור פילן זיך נישט די צייטן, אין וועלכע די דאָזיקע ליטעראַטור איז געשריבן געוואָרן. אדרבא, מיר האָבן גאַנץ גענויע אָנווייזונגען, אין אַ גאַנצער ריי שטעלן. אין אַלגעמיין איז דער מדרש פאַרענדיקט געוואָרן אין 6־טן און 7־טן יאָרהונדערט און דאַמאָלסט האָט אין ישראל געהערשט די ביזאַנטיש־קריסטלעכע וועלט און מען האָט געהאַט אויסצושטיין גאַנץ נישטקשהדיקע צרות פון זיי. און עס קומט צום אויסדרוק. די רעאַליטעט פון דאַמאָלסט איז נישט אָפּגעריסן, הגם דער צוגאַנג, דער ליטעראַרישער און דער עטישער צוגאַנג איז נישט דער, וואָס וועט זיין

היינט אונדזערער. איז דעריבער פֿאָלקס־ליטעראַטור אין בעסטן זינען פֿון דעם וואָרט, וואָס צילט אַלעמאָל מיט געשיכטלעכע מעשיות, דערציילונגען און שילדע־רונגען צוריקצוקומען אויף דער היינטיקער צייט. און סוף כּל סוף אין וואָס גייט דעם מדרש בעיקר? טרייסטן דאָס פֿאָלק, אונטערשטיצן און שטאַרקן זיין בטחון אויסצוהאַלטן די שלעכטע צייטן, נישט צו פֿאַרלירן מוט. און ביי דעם אַלעם, פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָבן מענטשן געשאַפֿן, יחידים געשאַפֿן, איז דאָ פֿון צייט צו צייט און עס רייסט זיך אַרויס די נטיה צו קינסטלערישקייט, צו קינסט־לערישער געשטאַלטונג פֿון די דאָזיקע פּאַסירונגען, וואָס ווערן באַשריבן. אָבער דאָס איז נישט דער עיקר־ציל פֿון מדרש.

דער מאַרגן. דער מאַרגן, כּדי נישט אַריינצופֿאַלן אין אַ שוואַרצן פּעסימיזם, און נישט אין קיין צו ראָזיקן אָפּטימיזם, דער מאַרגן קען באַשטיין אין בויען יידיש לעבן. דאָ וועל איך אַליין אויך נישט זיין פּרעציז, מען קען נישט זיין פּרעציז און קיינער וועט נישט זיין פּרעציז גענוג. מיר קענען נאָר אָנעמען, אַז עס קען קיין רייד נישט זיין וועגן יידישער שאַפֿונג אָן דעם יסוד אונטער די פֿיס. און דער פּראָבלעם שטעלט זיך אַזוי גוט אין די תּפֿוצות, ווי אין ישראל. און אויב אַזוי, הייסט עס, אַז אפֿילו יידיש־נאַציאָנאַלע אומגאַנג־שפּראַך גאַראַנטירט נישט די עכטקייט פֿון יידיש לעבן, פֿאַרזיכערט נישט יידישע פֿאָלקס־שאַפֿונג. מיר ווייסן, אַז זין און טעכטער פֿון ישראל, זייער חשובֿע בירגער, שרייבן אפֿילו נישט זייערע שאַפֿונגען אין העברעאיש. מיר ווידער פֿאַרכּליניען זיך אָפּט מיט דער פּולווערטיקייט אין יידיש, ווי דער בעסטער אויסגעפּרוווטער וועג פֿון יידי־שער פֿאָלקישקייט. אויך דאָס איז נישט קיין פּולקאָמע, הונדערט־פּראָצענטיקע גאַראַנטיע, ווי באַלד איר האָט נישט אונטער זיך, אָדער הינטער זיך, אָדער פֿאַר זיך, יידיש לעבן. איך וויל נאָר געבן איין איינציקן ביישפּיל. נחום שטיף האָט אין זיינע יונגע יאָרן זיך אַליין אָנגערופֿן בעל־דמיון. געגנוג העברעאיסט צו וועלן האָבן אַזאַ נאָמען. אַליין אַ מענטש פֿון רעליגיעזן געבוי, האָט זיך אים אין די עטלעכע דרייסיקער יאָרן, ווי אַ פּראָפֿעסאָר — כ׳געדענק נישט גענוי די שטאָט, עס האָבן נאָך דאַמאָלסט עקזיסטירט קאַטעדרעס יידישע — האָט זיך אים מיט איין מאָל פֿאַרגלוסט אַרויסצוגיין אין מלחמה קעגן העברעאיזמען אין יידיש. נישט אַנדערש. הגם ער איז געווען אַ געניאַלער שפּראַך־פֿאָרשער און זיין ביישטאַג צו יידיש איז גאָר אין לשער און מער ווי איין טעזיס וואָלט זיך פֿאַרלאַנגט צו דערגרונטעוועון דאָס געניאַלקייט פֿון זיין ווערק. פֿונוואַנען שטאַמט אַזאַ זאַך? ווי איז עס מעגלעך אַזאַ זאַך? האָט נחום שטיף נישט פֿאַרשטאַנען, אַז דער העברעאישער קאָמפּאָנענט איז דער פֿאָטער פֿון יידיש? אפֿשר האָט ער געמיינט אָנצודייטן מיט אינטואיציע די קאַטאַסטראָפֿע, וואָס גייט, און אַזוי נאָך וועט אים געלינגען אָפּצוכשרן יידיש נאָך אויף אַ געוויסע צייט. איך צווייפֿל גישט איין מינוט אין יידישן טיפֿן סענטימענט פֿון נחום שטיף. **ער איז געווען אַ ייד הונדערט פּראָצענט.**

ביי דער געלעגנהייט וויל איך נאָך זאָגן נאָך אַ וואָרט וועגן דער ציטאַטע, וואָס איך האָב געבראַכט פֿריער פֿון דעם אַמעריקאַנער מחבר, וואָס ער רעדט וועגן דעם, אַז יידישע לינקע פֿאַרנעמען זיך מער מיט נעגער, אפֿילו וועגן זייער

אייגנאַרט מער, ווי מיטן יידישן אייגנאַרט. דאָס קען מען שוין יאָ פאַרשטיין. איך האָב אַרום זיך אין פראַנקרייך געוויסע יונגע מענטשן, יונגע מענטשן הייסן ביי מיר מענטשן אין די פערציקער יאָרן, וואָס איך קען שוין פאַרשטיין פונוואַנען דאָס שטאַמט. מען דאַרף פאַרשטיין אַזוי. איך בין געווען אין דער פוילישער אַרמיי אין פראַנקרייך. איך האָב געוווּסט, אַז עס איז פאַראַן אַנטיסעמיטיזם אין פוילן, ווו איך בין געבוירן געוואָרן, מחמת דאָרט פלעגט מען מיך באַוואַרפן מיט שטיינער. אָבער קיין גרויסן מגע ומשא מיט די שגצים האָב איך נישט געהאַט. אין דער פוילישער אַרמיי האָב איך זיי געשריבן זייערע ליבע־בריוו און זייערע סתם־בריוו. איך האָב זיי דאָך געקענט זען נאָענט. פונדעסטוועגן האָבן זיי מיך פיינט געהאַט בתכלית השנאה און אַז זיי האָבן אַוועקגעלייגט דעם „זשידזשיע", האָב איך אויפגעהערט פאַר זיי צו עקזיסטירן אינגאַנצן, ווי אַ מענטש. דאָס זענען געווען זייער אָרעמע מענטשן. אַנדערש גענומען, דאָס הייסט, מיט אַ ביסל פאַרשטענדעניש, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען האָט זיי געגעבן די איינציקע מעגלעכקייט עפּעס צו זיין אין לעבן, עפּעס צו זיין מער, ווי אַ וואָרים, וואָס מען טרעט אויף אים. אַז ער האָט געזאָגט „זשידזשיע", הייסט עס, אַז עס איז פאַראַן עמיצער, וואָס איז נאָך נידעריקער פאַר אים, אַז דער שרייבער, דער וואָס דער קאַפּיטאַן אַליין האָט הנאה מיט אים צו כאַפּן אַ שמועס און פאַרבעט אים צו זיך אַלע אָוונט אויף טיי און אַז ער זאָגט אים גאָר „זשידזשיע", איז ער דאָך שוין עפּעס?

מיט דעם פאַרנעמען זיך מיט נעגערס איז אַ צווייטע קאַטעגאָריע. דער יידישער אומרו, די יידישע אויסגעהונגערטקייט נאָך רוח־הקודש פאַרבלייבט ביי אונדזערע יוגנטלעכע, אפילו ווען זיי פאַרכליניען זיך מיט לינקישקייט און עס פאַרבלייבט טאַקע אַ סאָציאַלער אומרו, אַן אומרו פאַרן מאָרגן. הייסט, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט נעגער, איז ער דאָך אַליין שוין פאַרזאָרגט, איז ער דאָך שוין אויף אַזויפיל אַמעריקאַנער און אויף אַזויפיל זיכער ביי זיך, אַז ער זאָרגט זיך אפילו אויס פאַר אַנדערע.

דער מאָרגן קען נאָר פאַרזיכערט ווערן, ווען מיר וועלן זיך אידעאיש אָנלאָדן, ווען מיר וועלן וויסן, וואָס מיר ווילן און הויפּטזעכלעך — נישט לייגן תפילין. פאַר אייך וועט עס זיין לייגן תפילין, פאַר מיר וועט עס זיין אַ חוכא ואטלולא לייגן תפילין. נאָר איך דאַרף וויסן, וואָס וועט מיין קינד זען ביי מיר טאָג־איין טאָג־אויס, מיט וואָס איך בין אַ ייד. איך ווייס, איך האָב גערעדט וועגן דעם מיט צער. איך האָב נישט קיין גוטע רעזולטאַטן. איך מיין אין דער הינזיכט, וואָס עס איז דאָ אַ היפּער־עמפּינדלעכקייט ביי אונדזערע קינדער, ווייל זייער גאַנצע יידישקייט שטעקט אין דער קאַטעגאָריע. איך בין שטאַרק באַזאָרגט, פערזענלעך אפילו באַזאָרגט, אין עניין פון מיינע קינדער.

בריסל, 1967.

# שמואל יוסף עגנון

פון **שמואל גאָלדשמידט** (לאָנדאָן)

איך מוז אָנהייבן פון סאַמע אָנהייב. וואָרעם מיר האָבן צו טאָן מיט אַ שרייבער, וועלכער איז נישט זייער באַקאַנט, אָדער בעסער געזאָגט, איז נישט געווען זייער באַקאַנט ביז ער האָט באַקומען דעם נאָבעל־פּרייז.

שמואל יוסף עגנון איז געבוירן געוואָרן מיט אַכט און זיבעציק יאָר צוריק אין דעם שטעטל בוטשאַטש אין גאַליציע, אין דער חסידישער טעריטאָריע. ער האָט באַקומען די טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג פון יענע צייטן, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ סך תורה און אַ ביסל וועלטלעכע ידיעות. זיינס גלייכן האָבן געזען די אויסער־לעכע וועלט דורך אַ טונקעלער גלאָז פון דער ווייטנס. עגנונס אָריגינעלער פאַמיליע־נאָמען איז געווען טשאַטשקעס. איך ווייס נישט וואָס דער קעניג פון שוועדן וואָלט געטאָן ווען עגנון וואָלט געווען געבליבן ביי זיין אָריגינעלן נאָמען...

עגנון איז געקומען קיין ארץ־ישראל אין 1909 מיט דער צווייטער עליה, אָבער ער איז נישט געווען קיין טיפּישער רעפּרעזענטאַנט פון דער דאָזיקער פּלעיאַדע. ער איז געווען אַ שרייבער און האָט עס זייער גוט געוווסט. נאָך עטלעכע יאָרן פון זוכענישן און ראַנגלענישן האָט ער זיך סוף כל סוף באַזעצט אין ירושלים, ווו העברעי־אישע שרייבער דאַרפן לעבן, על כל פּנים שרייבער ווי שמואל יוסף עגנון...

נאָך אַ געוויסער צייט איז עגנון אַרויסגעפאָרן זוכן אייראָפּעאישע קולטור. בערלין איז געווען דער מאַגנעט אין יענע טעג און עגנון איז געבליבן אין דער דייטשער הויפּטשטאָט עטלעכע יאָר — מיט הפסקות פאַר נסיעות אין אַנדערע טיילן פון דייטש־לאַנד. ער איז געקומען צוריק קיין ירושלים איידער די נאַציס האָבן פאַרנומען די מאַכט אין דייטשלאַנד. ער איז געווען אַ ייד פון ירושלים אויף אַ נסיעה צו געניסן פון אייראָפּעאישער קולטור און נישט קיין יורד. אַ לענגערע רייזע קיין פּוילן צווישן די מלחמות און קורצע באַזוכן אין אַ פּאָר אייראָפּעאישע לענדער אויפן וועג זענען דער סך הכל פון עגנונס רייזעס איבער דער וועלט — ביז דער טריאומפאַלער רייזע קיין שוועדן און די „מאַיעסטעטישע״ רייזעס קיין ענגלאַנד און אַמעריקע אַלס דער לאַורעאַט.

עגנון האָט געשעפּט זיין מאַטעריאַל פון זיין ירושלימער סביבה, פון זיין אַלטער היים אין גלות און פון אונדזער עבר. ער איז דער גרויסער בקי צווישן אונדזערע שרייבערס, דער גרעסטער זינט ביאַליק. פאַר אים איז אַלץ אָפן — פון בראשית ביז דעם לעצטן ספר פון אַ ירושלימער רב — און אַלץ וואָס איז פאַראַן צווישן.

אָבער דאָס אַליין איז נישט אַזוי מערקווירדיק. מיר האָבן געהאַט און האָבן נאָך עד היום תלמידי־חכמים, וועלכע קענען אויך אַזויפיל תורה און וועלטלעכע העברעאישער ליטעראַטור. איר קענט זיי באַגעגענען אין ירושלים אויף דער גאַס... אָבער ביי עגנונען איז דער דאָזיקער באַגאַזש איינגעשפּאַנט צו אַ ריזיקן טאַלאַנט. שוין אין 1934 האָט עדמונד ווילסאָן, דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור־קריטיקער, געזאָגט, אַז עגנון איז אַ „גאוניִשער שרייבער". איך גאָט ווייסט ווי אַזוי ווילסאָן איז עס דערגאַנגען. אפילו היינט האָט די שוועדישע אַקאַדעמיע געדאַרפט גלויבן אַ סך אויפן וואָרט...

אָבער לאָמיר הערן וואָס עגנון אַליין זאָגט וועגן זיך אַלס אַ שרייבער:

„ווען דער בית־המקדש וואָלט געשטאַנען אויפן הר הבית, וואָלט איך געשטאַנען אין בית־המקדש מיט מיינע ברידער די לויים און געזונגען אונדזער געזאַנג. אָבער דער בית־המקדש איז חרוב און מיר האָבן נישט קיין כהנים ביי דער עבודה און קיין לויים ביי דער שירה; בין איך פאַרטאָן אין דער תורה און אין די נביאים, אין משנה און אין אגדה, אין די גאונים און די מפרשים. איך לערן תורה און באַמי זיך צו דערגיין, וואָס די תורה האָט געמיינט און וואָס די שפּעטערדיקע פאָרשטייער האָבן געמיינט. און ווען איך פאַרטראַכט זיך וועגן דעם אַלעם, ווערט מיר זייער שווער אויפן האַרצן, און פון אונדזער אַלטער גדולה זענען נאָר געבליבן כתבים. דער דאָזיקער אומעט דרינגט אַריין צו מיר אין נשמה און איך דערצייל מעשיות — ווי יענער, וועלכער איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין פאָטערס הויז. ער גייט און בויט זיך אויס אַ געצעלט און זיצט דאָרטן און דערציילט אַלעמען וועגן דעם פּאַלאַץ, אין וועלכן ער האָט אַמאָל געלעבט...".

אַזוי זאָגט עגנון וועגן זיין גורל אַלס אַ שרייבער ביי יידן.

עגנון פאַרלירט פּונקט פּראָצענט פון זיין חן אין איבערזעצונג. און דאָס האָט נישט צו טאָן מיט דער מדרגה פון איבערזעצער. ער אַליין האָט געזאָגט, אַז ניינציק פּראָצענט פון אים ווערט פאַרלוירן אין איבערזעצונג, אָבער דאָ האָט ער אַ ביסל מגזם געווען. פּונקט פּראָצענט איז אויך אַ געוואַלטיקער פאַרלוסט. ווען איך וואָלט געדאַרפט אָפּקומען פאַר מיינע זינד דורך איבערזעצן עגנונען, וואָלט איך זיך אָפּגעבעטן, מען זאָל מיר לכל הפּחות אים לאָזן איבערזעצן אין יידיש...

דעריבער איז אַזוי שווער צו רעדן וועגן עגנונען אין אַן אַנדערער שפּראַך. אין יידיש איז עס לייכטער צוליב דער קרובהשאַפט צווישן אונדזערע ביידע לשונות. איבערזעצן עגנונס אַ דערציילונג, איר אינהאַלט, איז דוקא נישט שווער. ער איז זייער גוט מיט זיין אָנהייב און סוף פון אַ מעשה. מען קען זייער גוט אַנאַליזירן זיינע העלדן אין יעדער שפּראַך. זיי זענען זייער גוט געצייכנט פון מייסטער. מען קען אויך זאָגן, אַז ער האָט אַ סך כוונות און אַ סך רמזים, און אַז מען דאַרף אים באַטראַכטן פון אַלע זייטן. אָבער צום סוף איז דאָס אַלץ אַ הקדמה און בלייבט אַ הקדמה. וואָרעם דאָ האָבן מיר אַ מאָדערנעם שרייבער — און עגנון איז אַ מאָדערנער שרייבער — וועלכער ציט זיין שפּראַכלעכע יניקה, זיינע שפּראַכלעכע פאָרמען און געשטאַלטן, זיינע משלים און ווערטלעך, פון

תנ״ך און משניות, תלמוד און גאונישער ליטעראַטור, מיטלאַלטערלעכע העברעאישע פּייטנים און רבנישע שאלות ותשובות, תורה שבכתב און תורה שבעל־פּה, משכילישע שריפטן און חסידישע שבחים. איך מוז נאָכאַמאָל אונטערשטרייכן: עגנון איז אַ מאָדערנער שרייבער, טראָץ זיין דערשיינונג פון אַ ירושלימער תלמיד־חכם און טראָץ זיין סטיל, וואָס האָט אַלע זיבן חנען פון אַ געכאָוועטן העברעאיש. זיין העברעאיש איז אַ וווּנדערבאַרע קאָמבינאַציע פון אַלע סטילן, וואָס מיר האָבן אַקומולירט במשך פון דורות. ער וואַרפט גאָרנישט אָפּ און פאַרגעסט גאָרנישט. ער וועבט די אַלע עלעמענטן אין אַ זיידענעם העברעאיש, וואָס איז אַ מאָדערנער שפּראַכלעכער אינסטרומענט, טראָץ די מאָדערניזמען, וואָס דערמאָנען אונדז אין די העברעאיסטן פון פאַרגאַנגענע דורות. בעצם איז עגנונס העברעאיש נייער איידער דער העברעאיש פון אונדזערע מאָדערניסטן, מיט זייער נטיה צו נוצן דעם הפעיל און התפעל און זייערע שפּיציקע פראַזעס, וואָס רייסן דעם אויער ווי רעדער אָן שינעס. עגנון שפּאַצירט מיט שטילע טריט אויף אַ גלאַטן וועג און מיר הערן נאָר די עכאָס פון זיין ריטם.

נאָר מענדעלע איז געווען אַזוי געשיקט ווי עגנון אין נוצן פּסוקים, מאמרי חז״ל און אַלטערטימלעכע אויסדרוקן פאַר מאָדערנע הצטרכותן. דאָס איז נישט נאָר אַן ענין פון געפינען די דאָזיקע שפּראַכלעכע אוצרות, נייערט און בעיקר יצירה און השראה.

ביי עגנונען הערן די פּסוקים און ווערטלעך און מאמרי חז״ל אויף צו זיין מליצות און ווערן טיילן פון אַ גאַנצן און מעלאָדישן סטיל, ווי די פּוגעס אין אַ סימפאָניע. אָט איז אַ ביישפּיל: „נכנס בשלום ויצא בשלום״ איז אַן אָפּגעבליאַקעווטע מליצה, אַזוי אָפּגעניצט, אַז שרייבער מיידן זי אויס. אָבער ביי עגנונען איז עס אַ פּערל, די סאַמע בעסטע באַשרייבונג פאַר חנניהס סיטואַציע, די איינציקע קאָמבינאַציע פון ווערטער פאַר דער טעמע, שפּאָגל־ניי און מחיהדיק פריש. עגנון איז די לעבעדיקע ראיה פאַרן כלל: „אין מוקדם ומאוחר בתורה״, אַלץ איז אַלט און אַלץ איז ניי. עס הענגט אָפּ ווי אַזוי מען איז זיך נוהג...

נישטאָ ביי עגנונען קיין אַלט־העברעאיש און ניי־העברעאיש. עס איז נאָר פאַראַן אַ גוטער העברעאיש און אַ שלעכטער העברעאיש... אַלט־העברעאיש און ניי־העברעאיש איז אַ דערפינדונג פון די נישט־יידישע טעאָלאָגן, וועלכע וואָלטן נישט געקענט רעדן קיין צען ווערטער העברעאיש צו ראַטעווען זייער לעבן...

עגנונס דערציילונגען נעמען אַרום זייער אַ ברייטע טעמאַטיק. אַ גוטער ביישפּיל פון אַ שטעטל־דערציילונג איז „הכנסת כלה״. אַ גוטער ביישפּיל פון אַן ארץ־ישראל־דערציילונג, אָדער בעסער נאָך, אַ ישוב־דערציילונג, איז „תמול שלשום״ („נעכטן און אייערנעכטן״). אַ גוטער ביישפּיל פון אַ דערציילונג פונעם איבערגאַנג, די תקופה, וואָס איז די בריק צווישן שטעטל און נאָרמאַלער עקזיסטענץ אין אייגענעם לאַנד, איז „אורח נטה ללון״ („אַ גאַסט אויף איין נאַכט״).

„תמול שלשום״ איז די געשיכטע פון איינעם פון דער צווייטער עליה און פון דער צווייטער עליה גופא. עס איז די געשיכטע פון אַלטן ישוב און פון די נייע מענטשן, וועלכע זענען געקומען בויען אַ ניי לעבן איבער די חורבות פון

אַלטן ישוב. אָבער די בויער פון אַ נייער געזעלשאַפט האָבן נאָך צייט צו עסן און טרינקען, זיך ליבן און האַסן, האָבן קינדער און זוכן כבוד. דער העלד פון דער געשיכטע, יצחק, שטאַרבט פאַר דער צייט און זיינע חברים, די בויער פון דער נייער געזעלשאַפט, זענען ממשיך מיט דער אַרבעט — און עגנון איז ממשיך מיט זיין שרייבן. עגנונס אַלע דערציילונגען האָבן אַן עפּילאָג, אַ מין הדרן פון מחבר. צום סוף פון „תמול שלשום" זאָגט ער:

„זאָלן די אבלים באַקלאָגן דעם נפטר, ווילכער איז אומגעקומען אין אַן אומגליק. מיר וועלן דערציילן די געשיכטע פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, גאָטס קינדער, וועלכע אַקערן די ערד פון ישראל, געלויבט זאָל זיין השם יתברך...".

עגנון איז אָבער פאַרנומען נישט נאָר מיט יידן און מיטן יידישן גאָט. עס איז פאַראַן ביי אים אין האַרצן רוים פאַרן טרויער פון דער וועלט און פאַר די פּלאָגענישן פון אַלע מענטשן־קינדער, נישט דוקא יידן. ער האָט אפילו גרויס רחמנות אויף אַלע באַשעפענישן פון גאָט.

„אבי השור" — „דער טאַטע פונעם אָקס" — איז אַ געשיכטע מיט אַ מוסר־השכל. אָבער עס איז אויך אַ וואונדערלעכע געשיכטע וועגן אַן אָקס ממש, דערציילט פון אַ ווירטואָז.

„עד הנה" („ביז אַהער"), וואָס גיט דעם טיטל פאַר אַ גאַנצן באַנד, איז טייל־ווייז אויטאָביאָגראַפיש: עגנון אין בערלין פאַר דער נאַצישער תקופה. אָבער עס איז אויך די געשיכטע פון מענטשלעכע קאָנפליקטן. די באַשרייבונג פון דער דייטשער פרוי מיט אירע דריי טעכטער זאָגט עדות אויף עגנונס מיטגעפיל פאַר אַלע מענטשן. זיין אוניווערסאַליזם דאַרף נישט קיין באַווייזן: אַלע גרויסע שרייבער זענען אוניווערסאַל, אפילו ווען זייערע העלדן זענען געקומען פון אַ קליינעם קרייז. די דאָזיקע געשיכטע האָט אויך איר מוסר־השכל. בעצם האָבן אַלע געשיכטעס ביי עגנונען אַ מוסר־השכל. ער פאַרזאָגט אונדז אַליין, אַז מיר זאָלן אים לייענען אויף צוויי פלעכעס:

„מאַנכע וועלן לייענען מיינע ביכער ווי פאַנטאַזיעס און מאַנכע וועלן זיי לערנען און אָפּלערנען פון זיי עפּעס פאַר זיך. איך אַליין גלויב אפילו אין די פאַנטאַזיעס...".

עגנונס טיפע ליבע פאַרן יידישן פאָלק איז אין דער קאַטעגאָריע פון „אהבת ישראל", וואָס איז קיינמאָל נישט שאָוויניסטיש. דאָס איז די ליבע, וואָס פאַר־טייטשט „רע" מענטשן־קינד, נישט דוקא ייד, אין געבאָט „ואהבת לרעך כמוך". די דאָזיקע ליבע כאַוועט טאָלעראַנץ.

עגנונס פרומקייט, טיף און אויפריכטיק, האָט אויך אַן איינגעבויטע טאָלע־ראַנץ. ער איז נישט קיין נאַאיווער מענטש, כאָטש ער שפּילט אָפטמאָל דעם תמים און עס מאַכט אים שפּאַס. ער נעמט נישט אָן, אַז די תורה קען נישט געענדערט ווערן, היות זי איז מיט אַלע אירע פרטים און פרטי־פּרטים געקומען פון הר סיני.

די דאָזיקע טאָלעראַנץ אין ענינים בין אדם למקום שפּיגלט זיך אָפּ אין מייסטערס „בלבב ימים" („איפן ים"), ווו רב יהודה מענדל דער חסיד רעדט אַזוי צו זאָגן:

„דער שטן האָט מיט מיר זיך נישט געדאַרפט אַזויפיל מטריח זיין. מיר ווינען ווי צוויי נאָענטע שכנים. ווען איך האָב געטראַכט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָב איך אים געזאָגט: פאַרוואָס ביזטו פאַרזאָרגט וועגן מיין פאָרן קיין ארץ־ישראל? ארץ־ישראל איז דאָך נישט געגעבן געוואָרן צו מלאכים, טאָ פאַר־וואָס זאָל איך אויך טאַקע נישט פאָרן? ווען דער שטן האָט געהערט מיין טענה, האָט ער מיר שוין מער נישט געשטערט...".

אָט האָט איר דאָ די טאָלעראַנץ און די הנחה, אַז קיינער פון אונדז איז נישט פריי פון חטאים און דעריבער איז קיינער נישט באַרעכטיקט צו פסקענען זועגן אַנדערע, אָדער אפילו זיי זאָגן מוסר. עגנון פאַרטרעט סיי ירושלים של מעלה און סיי ירושלים של מטה. כל זמן מיר האָבן עגנונס, איז נישט פאַראַן קיין סכנה פון אַ קולטור־קאַמף אין מדינת ישראל. ער און זיינס גלייכן ווייזן דעם וועג, ווי אַזוי אָפּצוהיטן אַלטע רעליגיעזע ווערטן און דערביי נישט ווערן פאַרשטיינערט. ביי יידן איז עס מעגלעך, אפילו זייער לייכט און זייער אנגענעם צו טאָן...

עגנון פרעגט קיינמאָל נישט קיין קשיות וועגן די דרכים פון רבונו של עולם. ער פאַרלאָזט זיך אויף אים צו נוצן די מידת הרחמים ווען מיר פאַרדינען עס. ער ענדיקט אָפט אַ דערציילונג מיט אַ שבח והודיה צום רבונו של עולם. איינע אַ דערציילונג ענדיקט זיך בזו הלשון:

„דיין חסד האָט אונדז נישט פאַרלאָזן עד היום, זאָלסטו אונדז אויך אָפּהיטן להבא...".

איך וויל דאָ געבן לכל הפּחות איין ביישפּיל פון עגנונס גנאַדיקן הומאָר:

„אַ שטאָט וואָס האָט נישט געגעבן דער וועלט לכל הפּחות איין דעלעגאַט צו אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, און וועמענס נאָמען עס איז נישט פאַרשריבן אינעם ספר הזהב פון קרן קימת, קען מען פאַרלאָזן אָן חרטה...".

עס איז אויך פאַראַן עגנונס תורה שבעל־פּה. ער איז בטבע נישט קיין עסיי־איסט, און זיינע מיינונגען וועגן ציוניזם, ישראל־פּאָליטיק, יידן און די וועלט בכלל זענען פאַראַנקערט אין אַפאָריזמען בעתן שמועסן מיט פריינד און חברים. אָט וואָס ער האָט געזאָגט וועגן דער מדינה און וועגן דוד בן־גוריון:

„געוויס האָב איך געוואָלט אַ יידישע מדינה, אָבער ווען מען וואָלט בעתן פּראָקלאַמירן די מדינה מיך געפרעגט, פּראָקלאַמירן אָדער נישט, וואָלט איך זיך דערשראָקן. כ'וואָלט געזאָגט: לאָמיר וואַרטן נאָך דרייסיק יאָר. איך נעם אָן, אַז יעדער פון אונדז וואָלט זיך דערשראָקן פאַר אַזאַ שריט. בן־גוריון, אין וועלכן כ'האָב פריער אַ טעות געהאַט און נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק, האָט זיך נישט דערשראָקן".

דאָ האָט איר אויך דעם איש אמת, וועלכער איז מודה אויף אַ גרויסן טעות.

און אָט וואָס עגנון האָט געזאָגט וועגן סדר־עולם:

„דער אַפּטער רב האָט שוין אַמאָל געזאָגט: ווען דער קדוש ברוך הוא וואָלט איבערגעגעבן די וועלט אין מיינע הענט, וואָלט איך נישט געוווּסט וואָס צו טאָן...".

עס איז, פאַרשטייט זיך, נישט ריכטיק, אַז עגנון האָט נישט קיין השפּעה. די וואָס זאָגן עס, האָבן אים נישט געלייענט, על כל פּנים נישט אין העברעאיש. דערצו האָבן זיי אַ שאַנס פאַר נאָך אַ טענה. עגנון זאָגט אַזוינע נודניקעס, אַז

השפּעה איז אין די הענט פון רבונו של עולם, ווי אַלע אַנדערע ברכות, און ווערט פון זיי פּטור. בעצם האָט עגנון זייער אַ גרויסע השפּעה.

מען דאַרף געדענקען, אַז ער איז נישט קיין שרייבער פאַר דורכשניטלעכע לעזער. ער איז „אַ שרייבער פאַר שרייבער". מען נעמט אים נישט מיט צו לייענען אויף דאַטשע. ער מאַכט נישט קיין קאָנצעסיעס אויף דעם געביט. אים דאַרף מען לערנען און נישט לייענען, און ווער עס קען נישט לערנען — קען נישט עגנון. אָבער עגנונען לערנט מען אין די שולעס פון מדינת ישראל. אים לייענען די, וועלכע שרייבן אַליין, אָדער האַלטן לעקציעס וועגן ליטעראַטור. ער האָט דעריבער אַ גרויסע אומדירעקטע השפּעה. פאַר די צווישן אונדז, וועלכע שרייבן העברעאיש, בלייבט ער כסדר אַ מורה־דרך און אַ קוואַל פון וויסן, פון חכמה און פון סטיליסטישער השראה. קען דען אַ שרייבער פאָדערן נאָך עפּעס פון רבונו של עולם ?...

עגנון אַליין זאָגט :

„אָפּטמאָל פרעג איך זיך : פאַרוואָס שרייב איך דאָס אַלץ ? וואָס איז אין דעם אַלעם פאַראַן, וואָס מען האָט נאָך נישט געזאָגט פאַר מיר ? וואָס האָב איך צו זאָגן ? און איך ענטפער, אַז איך שרייב היות איך געפין מנוחה אין שרייבן".

דאָס איז אַ גרויסע מדרגה, אפילו גרעסער איידער דער נאָבעל־פּרייז...

בריסל, 1967.

# ישראל זאַנגוויל און יידיש

פון **יוסף לעפטוויטש** (לאָנדאָן)

„באַרימטער ענגלישער שריפטשטעלער. פון זיינע ווערק, וואָס האָבן אַ שייכות צו יידן, זענען אַלע איבערגעזעצט אין יידיש. פון זיינע דראַמען זענען אויף דער יידישער בינע אויפגעפירט געוואָרן: „דער קעניג פון די שנאָרערס" (1905, אין יעקב אַדלערס טעאַטער), „די קינדער פון געטאָ" (1904). אַ הייסער אָנהענגער פון דער יידישער שפּראַך, מיט אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער אידעע פון דעם יידישיזם, האָט ער זיך אינטערעסירט מיט דער יידישער ליטעראַטור, געווען פאָרזיצער אויף די ערנאָוונטן לכבוד מאָריס ראָזנפעלד און שלום־עליכם אין לאָנדאָן, געפּרוווט אפילו האַלטן אַ רעדע אויף יידיש לכבוד דער ווילנער טרופּע. ער האָט אויך געשריבן אַ הומאָריסטישע פּאָעמע אין יידיש."

דאָס האָב איך גענומען פון זלמן רייזנס לעקסיקאָן. און דאָ איז אַ באָדן, אויף וועלכן מען קען בויען אַ ברייטערן אָפּשאַץ וועגן זאַנגווילן און זיין שייכות צו יידיש־לשון און יידישע ליטעראַטור און צום יידישן שטייגער־לעבן פון מזרח־אייראָפּע, פון וואַנען זיין טאַטע און מאַמע זענען געקומען, ווי אימיגראַנטן קיין לאָנדאָן. עס איז גראָד די וואָך הונדערט יאָר, ווי ישראל זאַנגוויל איז געבוירן געוואָרן אין לאָנדאָנער געטאָ, אין ווייטשעפּל.

זלמן רייזן מאַכט אַ טעות, ווען ער גיט איבער אין זיין לעקסיקאָן, אַז זאַנג־ווילס עלטערן האָבן אויסגעוואַנדערט פון פּוילן. נאָר זיין מוטער איז געקומען פון פּוילן, פון אַ דערפל מיטן נאָמען סוואָנישטשע נעבן בריסק, בריסק דליטא. איר פאָטער איז דאָרט געווען אַ מילנער. זאַנגווילס פאָטער איז אָבער געקומען פון לאָטוויע, פון אַ שטעטל, וואָס הייסט ראַווינישעק, ווו די זאַנגוויל־משפּחה האָט נאָך געלעבט, ווען היטלערס נאַציס זענען אַריין אין לאָטוויע.

זאַנגווילס פאָטער איז געווען אַ קאַנטאָניסט, איינער פון די יידישע יינגלעך, וואָס מען האָט געכאַפּט אין מיליטער, און ווען ער איז אַלט געוואָרן צוועלף יאָר איז ער אַנטלאָפן פון מיליטער און געוואַנדערט איבער אייראָפּע ביז ער איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. דאָס איז געווען אין יאָר 1848, דאָס יאָר פון די גרויסע רעוואָלוציעס אין אייראָפּע, ווען עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ שטראָם פון יידישער איינוואַנדערונג קיין ענגלאַנד. אָבער ווייטשעפּל איז נאָך דאַמאָלסט נישט געווען דער גרויסער יידישער צענטער, אַן אמת־יידיש שטעטל, אַזוי ווי אין דער היים, ווי שלום אַש האָט עס געזען, ווען ער איז געקומען קיין לאָנדאָן אין

1906. די גרויסע אײַנוואַנדערונג פֿון מזרח־אייראָפּע האָט זיך ערשט אָנגעהייבן אין 1881, נאָך די רוסישע פּאָגראָמען, ווען ישׂראל זאַנגוויל איז שוין געווען אַ בחור פֿון 17 יאָר, איז שוין געווען אַ לערער אין דער גרויסער יידישער ראָטשילד־שולע אין ווייטשעפּל און האָט שוין געשריבן זײַנע ערשטע זאַכן, צווישן זיי אויך שקיצן פֿון ווייטשעפּלער טיפּן, וואָס ער האָט שפּעטער אַרײַנגענומען אין זײַן בוך „קינדער פֿון געטאָ".

ווען ישׂראל זאַנגוויל איז געבוירן געוואָרן, איז ווייטשעפּל געווען אַ היים פֿון די האָלענדישע יידן, ספֿרדים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין ענגלאַנד מיט פֿופֿציק יאָר פֿריער, ווען דער האָלענדישער קעניג ווילהעלם איז געוואָרן אויך קעניג פֿון ענגלאַנד צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי, די ענגלישע קעניגין מאַרי. די האָלענדישע יידן זענען שוין געווען היפּשלעך אַנגליזירט, און איינער פֿון זיי, הערצלס פֿרײַנד און סעקרעטאַר, יעקב דע האַאז, האָט שפּעטער באַשריבן, ווי אַזוי די זאַנגוויל־משפּחה איז „געווען פֿון די ערשטע רוסישע יידן, וואָס זענען געקומען וווינען אין אונדזער ענגלישער גאַס". דע האַאז און ישׂראל זאַנגוויל זענען אויסגעוואַקסן אין דער זעלבער ווייטשעפּלער גאַס. מיט יאָרן שפּעטער זענען ביידע געוואָרן הערצלס נאָענטסטע מיטאַרבעטער און פֿרײַנד.

ווען זאַנגוויל האָט זיך גענומען אין 1891, צו זײַנע איין און צוואַנציק יאָר, צו שרײַבן זײַן מייסטער־ווערק „די קינדער פֿון געטאָ", איז שוין ווייטשעפּל געווען באַזעצט פֿון מאַסן יידישע אײַנוואַנדערער פֿון פּוילן און רוסלאַנד, ליטע און לאָטווע און רומעניע. ס'איז שוין געווען פֿול מיט יידיש לעבן און מיט יידיש לשון.

זאַנגווילס טאַטע־מאַמע האָבן, ווי כמעט אַלע טאַטע־מאַמעס, דאַמאָלסטיקע אימיגראַנטן, גערעדט אין שטוב יידיש מיט די קינדער. ישׂראל זאַנגוויל איז אויסגעוואַקסן אין אַ יידיש־רעדנדיקער סביבה. אין זײַנע בעסטע יוגנט־יאָרן, פֿון זיבעצן ביז פֿיר און צוואַנציק יאָר, איז ווייטשעפּל געוואָרן דאָס יידישע שטעטל. עס האָט געקאָכט מיט יידישקייט. זאַנגוויל האָט זיך באַקענט אין ווייטשעפּל מיט אימבערן, דעם פּאָעט פֿון „התקווה", וועמען ער האָט אַרײַנגעפֿירט ווי איינעם פֿון די הויפּט־העלדן אין די „קינדער פֿון געטאָ"; ער האָט זיך באַקענט מיט אַנדערע יידן, יידישע שרײַבער און אַקטיאָרן, רבנים, דיינים, שמשים, משגיחים, אפּיקורסים, סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן, אַרבעטער־פֿירער און אויך אַרבעטער, בעלי־מלאכה, חסידים. זיי זענען אַלע דאָ אין זײַנע ביכער.

מען שפּילט ביי אים יידיש טעאַטער. דער מגיד און דער רב רעדן יידיש צום עולם און אויפֿן שטרייק־מיטינג זענען די רעדעס אויף יידיש. „עס פֿאַרשטייט זיך" — זאָגט דער אַרבעטער־פֿירער אין זאַנגווילס „קינדער פֿון געטאָ" צו אימבערן. „געוויס" — ענטפֿערט אים אימבער. אין זײַנע יאָרן האָט מען נאָך גערעדט דייטשמעריש און ביי זאַנגווילן האָט געווירקט אויך זײַן באַקאַנטער „קאָנגרעס־דייטש". אַזוי צום בײַשפּיל, אין זעלביקן קאַפּיטל וועגן שטרייק־מיטינג, הייבט אָן דער אַרבעטער־פֿירער שמעון וואָלף מיט אַ פֿראַגע צום עולם: „זינד זי צופֿרידן מיט איר טשערמאַן? האָט איינער עטוואָס צו זאָגן קעגן מיר?"

זאַנגווילס פֿאָטער, משה זאַנגוויל, האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט רעדן

ענגליש. זיין לשון איז געבליבן יידיש. ער איז געווען אַ שטאַרק פרומער ייד און אַ לערנער. אַ צייט איז ער געווען אַ שמש אין אַ ווייטשעפּלער שול. שפּעטער, אַז ישראל זאַנגוויל האָט זיך עס געקענט דערלויבן, האָט ער דערפילט דעם טאַטנס בקשה און האָט אים געשיקט ווינען אין ארץ־ישראל, אין ירושלים, ווו ער פלעגט דאַווענען ביים כותל מערבי און זיצן אין שטיבל און לערנען. ער האָט אין ווייטשעפּל געלערנט מיט ישראל און מיט אַנדערע ייִנגלעך גמרא. ישראל זאַנגוויל האָט וועגן דעם שפּעטער דערציילט, אַז ווען ער איז געווען אַ ייִנגל האָט ער געלערנט ביים טאַטן חומש און תנ"ך און גמרא מיט יידיש־טייטש, ווייל אַנדערש האָט דער טאַטע נישט געקענט. ער האָט אויך געקענט העברעאיש. האָט ער דאָך איבערזעצט, ווי ענגלישע לידער, אַ סך תפילות און פיוטים, אין דער ענגלישער איבערזעצונג פון מחזור, און ער האָט זיי אפילו געדרוקט אין זיין בוך עסייען „דער קול פון ירושלים", ווי אַ באַזונדער קאַפּיטל א. נ. „לידער פון דער סינאַגאָגע", ער האָט אויך איבערזעצט אויף ענגליש איבן־גבירול. ס'איז אַ שיין בוך, דיכטעריש גוט איבערזעצט און אין פילאָזאָפישער הינזיכט ערנסט זיך אַריינגעטראַכט אין גבירולס געדאַנק.

אָבער אין דער זעלביקער ווייטשעפּלער סביבה, אין וועלכער ישראל זאַנגוויל איז אויסגעוואַקסן, איז אויך געווען אַ שטאַרקע שנאה צו יידיש פון די אַנגליזירטע קאַרפּן־קעפּ, די פילאַנטראָפּן ראָטשילד און אַנדערע, און די לערער פון דער ראָטשילד־שולע, וואָס האָבן געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן לערנען די שפּראַך פון לאַנד און אָפּגעבן די מלוכהשע עקזאַמענס, כדי זיך קענען איינאָרדענען אין ענגלאַנד. מען דאַרף אויך זיין גערעכט צו די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן מורא געהאַט, אַז די ניי־צוגעקומענע יידן וועלן בלייבן אַ פרעמדער עלעמענט אין לאַנד. זיי האָבן עס געמיינט ערנסט מיט זייער אַנגליזאַציע. שפּעטער ווען יידיש איז מער נישט געווען קיין געפאַר פאַר זייער אַנגליזאַציע און פאַרקערט, די קינדער, וואָס זענען געגאַנגען אין ענגלישע שולעס האָבן זיך אַליין אַנגליזירט און עס איז אַנטשטאַנען אַ געפאַר, אַז זיי גייען אַוועק צו ווייט פון יידישקייט, האָבן זיי נישט נאָר געמילדערט זייער שטעלונג צו יידיש, נאָר געוויסע פון זיי, ווי למשל, סיר באַזיל העבריקעס, פון אַ משפחה, וואָס לעבט אין ענגלאַנד פון קראָמוועלס צייט, האָבן אָנגעהייבן אַגיטירן, אַז די יונגע יידן זאָלן זיך מער באַקענען מיט יידיש ווי אַ קוואַל פון יידיש לעבן און פילן. אָבער דאַמאָלסט, אין זאַנגווילס צייט, האָבן זיי געמאַכט חוזק פון יידיש.

זיי האָבן יידיש גערופן זשאַרגאָן. זיי האָבן עס פאַרמיאוסט ביי די קינדער און די קינדער האָבן זיך געשעמט מיטן זשאַרגאָן. „שמוציקער יידיש" — זאָגט איינער פון די קינדער אין דעם בוך „קינדער פון געטאָ". און די עלטערע טאָכטער, וואָס פּאַסט אויף איבער די ייִנגערע קינדער, דערציילט און באַרימט זיך: „דער טאַטע און די באָבע רעדן נאָר יידיש, זיי קענען נישט קיין ענגליש. אָבער איך לאָז נישט די קינדער רעדן קיין יידיש, נאָר צום טאַטן און צו דער באָבע, ווייל אַנדערש פאַרשטייען זיי נישט. די קליינע אָבער רעדט נאָר ענגליש. בלויז ווען זי צעוויינט זיך, שרייט זי אויף יידיש: „וויי איז מיר".

ביי ישראל זאַנגוויל איז יידיש געווען אַ זשאַרגאָן. אין בוך „קינדער פון

געטאָ״ דערציילט ער, ווי אין ווייטשעפּל העגנען פּלאַקאַטן און מענטשן רעדן „יידיש, דער פאַרדאָרבנסטער זשאַרגאָן, וואָס עס איז ווען געווען״.

זלמן רייזן דערציילט אין זיין לעקסיקאָן, אַז זאַנגוויל האָט אפילו געשריבן און געדרוקט אַ „הומאָריסטישע פּאָעמע אין יידיש״. איז דאָס געווען אַ יידיש, אַ דייטשמערישער, אַ „קאָנגרעס־דייטש״, זשאַרגאָן. איבריקנס איז דאָך דאָס געווען דער לשון פון די משכילים בכלל, אויך אין מזרח־אייראָפּע, די משכילישע שפּראַך, ווייל פּראָסט יידיש איז געווען פּאַר זיי צו גראָב. האָט דאָך דובנאָוו מאַכע אַ בוך, וואָס ער רופט אָן „פון זשאַרגאָן ביז יידיש״. און דעם וווּנדער האָבן מיר דערלעבט — האָט ער אונדז דערמאָנט — ערשט אין „אונדזער דור״. די פּאָעמע האָט זאַנגוויל געדרוקט אין אַן ענגליש־יידישן בלאַט, מיט ענגלישע אותיות, אַזוי ווי זשאַבאָטינסקי האָט געוואָלט מען זאָל שרייבן עברית און ווי ד״ר אַלשוואַנגער האָט געדרוקט זיין בוך „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען״ אין דער שווייץ.

אגב האָט זאַנגוויל רעצענזירט אַלשוואַנגערס בוך פאַר דער „איטאָ״. דאָס איז געווען אין 1921, ווען זאַנגוויל האָט שוין געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע און פיל בעסערע באַציאונג צו יידיש. איך בין דאַמאָלסט געווען אי זאַנגווילס אַ פריינד, אי דער רעדאַקטאָר פון „איטאָ״, עס ליגן נאָך ביי מיר זיינע בריוו וועגן דעם. „אָט שיק איך איצט די יידישע אויסדרוקן וואָס איך ציטיר אויף יידיש אין מיין אַרטיקל״.

דאָס ליד, וועגן וועלכן זלמן רייזן רעדט, האָט זאַגוויל געשריבן פיל יאָרן פריער, כמעט פערציק יאָר פאַר דער דערמאָנטער רעצענזיע פון אַלשוואַנגערס בוך, פאַר דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווו זאַנגוויל איז געווען צוזאַמען מיט הערצלען. דאָס ליד האָט ער געשריבן איידער ער האָט געשריבן זיין ערשט גרויס ווערק „קינדער פון געטאָ״ מיט זיבעציק יאָר צוריק, בעת ער איז נאָך געווען אַ יונגער זשורנאַליסט און האָט זיך לוסטיק געמאַכט ווי אַ קאָלומניסט אין אַן ענגליש־יידישן בלאַט אין לאָנדאָן „דזשואיש סטאַנדאַרד״. אגב שילדערט ער די רעדאַקציע און זיין אַרבעט דאָרט אין „קינדער פון געטאָ״. אינטערעסאַנט, אַז זיין קאָלום פלעגט ער חתמענען מיטן נאָמען „מאַרשאַליק״.

זאַנגווילס יידישע פּאָעמע לייענט זיך אַזוי:

מיינע שוועסטער, ברידער, גרינע,
הערט צו מיין פאַרנונפטיק וואָרט,
דאָס פון דיזער גראַנד מדינה,
מען שיקט אייך נישט ווידער פאָרט.

אייך איז עס גענוג באַקאַנט,
ענגלאַנד איז נישט איין יידיש לאַנד.
דרום זאָלט איר אייך שטרענג בעשטרעבן
ווי ענגלישמען צו לעבן.
קאָגעל מוזן זי פאַרגעסן,
קריסמאַס פודינג זאָלט איר פרעסן.

ווען זי מיינע ווערטע הערן,
ווירד זי זיין געערט, געשאַצט,
ענגלישמענער וועט איר ווערן,
אונד אין פאַרלאַמענט געזעצט.

דאָס איז נישט דאָס איינציקע יידישע ליד, וואָס געפינט זיך ביי זאַנגווילן. למשל, אין „קינדער פון געטאָ" פרעגט ער, מיט לאַטיינישע אותיות, און מיט אַן ענגלישע איבערזעצונג זיינע:

אונד היי ווי איזט מיר,
ווי שלעכט איז דאָך מיר,
איך בין פערטריבן געוואָרן,
יונגערהייד פון דיר.
מ׳נעמט אַוועק די חתנים פון די כלות.

זאַנגוויל איז בכלל געווען אַ מענטש, וואָס לאָזט זיך לערנען. אַזוי צום ביישפּיל, שרייבנדיק וועגן זיין עסיי „די לאַגע פון יידישקייט", דערציילט ער, אַז „אין די פינף און צוואַנציק יאָר זינט איך האָב געשריבן דעם עסיי, האָבן זיך מיינע מיינונגען אַזוי געביטן, אַז איך וואָלט היינט אַ סך ערטער גאַנץ אַנדערש געשריבן."

איז טאָקע אין 1904 אַרויסגעגאַנגען אין לאָנדאָן אַ יידישע ביילאַגע צום ענגליש־יידישן זשורנאַל „דזשואיש וואַרלד" („יידישע וועלט"), אונטער דער רעדאַקציע פון לוציאַן מאָללי און אין ערשטן נומער איז די ערשטע זאַך אויפן ערשטן זייטל „אַ בריף פון מר. זאַנגוויל" וועגן דער וויכטיקייט פון יידיש. איך ווייס נישט, איך גלויב קוים, צי דער יידישער טעקסט איז זאַנגווילס, ווייל אין זעלביקן נומער איז אויך געדרוקט זאַנגווילס בריוו, דער זעלביקער בריוו, אין ענגליש — דער אָריגינאַל. די יידישע איבערזעצונג איז מסתמא געמאַכט געוואָרן פון יעקב הדס, וואָס האָט כמעט ווי רעדאַגירט אָט די יידישע ביילאַגע.

„מיט גרויס פאַרגניגן — הייבט זיך אָן דער בריוו — האָב איך געהערט פון דעם אַבזיכט הערויסצוגעבן אַ אידישע ביילאַגע. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט פאַרשטיין וואָרום אַ שפּראַך וואָס ווירד גערעדט ביי פילייכט מער ווי אַ העלפט פון דער אידישער ראַסע, זאָל בעטראַכט ווערן מיט אַזויפיל שרעק, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ לעסטערונג. זעקס מיליאָן רעדנער זענען גענוג צו געבן אַ היסטאָרישע ווירדיגקייט צו אירגענד וועלכע שפּראַך, וועהרענד איין גרויסער שרייבער איז גענוג צו מאַכן עס הייליג און אונשטערבלעך.

מען רעכענט, דאָס אידיש איז אַ פערדאָרבענע דייטש.

דאָס איז געוויס ניט ריכטיג, אַבער ווען זאָגאַר דאָס זאָל זיין אַ פאַרדאָרבענע דייטש, מאַכט אויך ניט אויס. יעדע שפּראַך איז אַ פער־

דערבונג פון אַ פריערדיקער שפּראַך. פראַנצויזיש, שאָטלענדיש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, רומעניש, זענען אַלע אַ פּערדערבונג פון לאַטייניש. די הויפּט־זאַכע איז דאָס אידיש פּאַרקערפּערט דעם תמצית פון אַ לעבן, וואָס איז ניט גלייך צו איין אַנדער לעבן.״

אגב איז אין דער ביילאַגע אויף פּאַראַן „וואַרשעווער בילדער״ פון פּרץ, אַ בריוו פון וואַרשע פון דוד פרישמאַן און אַן אַרטיקל פון נחום סאָקאָלאָוו. און אַזוי אין די ווייטערדיקע נומערן — פּרץ, דוד פרישמאַן, סאָקאָלאָוו, סירקין און אַנדערע וויכטיקע יידישע שרייבער.

אין זאַנגווילס בוך עסייען „דער קול פון ירושלים״ געפינט זיך אַן עסיי „שפּראַך און יידיש לעבן״, וואָס ער האָט אָנגעשריבן פאַר סאָקאָלאָווס יובל־בוך. איז עס אַ לויב־געזאַנג פאַר יידיש:

„מאָריס ראָזנפעלד, גאָלדפאַדען, גאָרדין, דוד פּינסקי, פּרץ, אַש, שלום־עליכם און אַנדערע גיבן איבער דעם אמתן טעם פון יידישן לעבן. פון יידיש שאַפט זיך אַ בילד פון דער יידנגאַס. נעמט אַוועק אַלע דייטשע עלעמענטן פון יידישע ווערטער — דאַן וועט בלייבן אַ רייך בילד פון דעם גייסטיקן לעבן פון די יידן אין גלות, וואָס וועט אונדז ווייזן פאַרוואָס זיי האָבן אָנגענומען אויסדרוקן, גלייכע ווערטער, וויצן, משלים זענען געגוג באַוויז דערפאַר.״

זאַנגווילס דערציילונגען זענען פול מיט ווערטער פון יידישן ווערטערבוך, מיט יידישע וויצן און משלים און גלייכווערטער. ער גיט צו אין זיינע ביכער אויפקלערונגען פאַר גויים און פאַר יידן, וואָס קענען נישט קיין יידיש, פון די יידישע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס ער באַנוצט, ווי צום ביישפּיל, קדיש, קהילה, קינד, משומד, באַרישקייט.

שלום אַש האָט מיט מיר אָפט גערעדט וועגן זאַנגווילן, וועלכן ער האָט גע־שטעלט ווי אַ יידישן שרייבער אויף דער זעלביקער הויך ווי פּרצן. אגב — שרייבט שלום אַש אין זיין דערציילונג „אין אַ קאַרנאַוואַל־נאַכט״ — אַז די לעגענדע איז אויך באַנוצט געוואָרן פון זאַנגווילן אין איינער פון זיינע דער־ציילונגען. שלום אַש האָט זאַנגווילן באַצייכנט ווי אַ פאָלקס־דיכטער, אַ יידישער פאָלקס־דיכטער, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו די מעשיות, וואָס די יידן אין ווייטשעפּל האָבן דערציילט, מעשיות, וואָס זיין טאַטע האָט אים דערציילט, מעשיות פון דער אַלטער היים, און ער האָט זיי קינסטלעריש איבערדערציילט אויף ענגליש. ער האָט אַריינגעבראַכט יידישע ווערטער, ווי בדחן אָדער מצבה אין דער ענגלישער שפּראַך, און יידישע באַגריפן, און יידישע פאָלקס־מעשיות, וועגן מלאך־המוות וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידינע, וועגן כּמבטיון, וואָס רוט שבת, מעשיות וועגן אליהו הנביא, וועגן יידישן לעבן אין די מזרח־אייראָפּעאישע שטעט. ער האָט דאָס אַלץ איבערדערציילט אויף ענגליש. ס'איז נישטאָ אין דער ענגלישער ליטעראַטור קיין צווייטער מיט אַזוי פיל יידיש וויסן

און ליבע פּאַר יידן און יידישקייט, ווי זאַנגוויל. און עס איז וויכטיק, וואָס ער האָט אויסגענומען ביי די ענגלישע קריטיקער, און שרייבער און לייענער, ווי אַ שאַפער פון לעבעדיקע געשטאַלטן, מענטשן, וואָס זענען נישט בלויז פּאַפּיר, נאָר פליייש און בלוט.

זלמן רייזן דערציילט אין זיין לעקסיקאָן, אַז זאַנגוויל האָט אפילו געפּרווט האַלטן אַ רעדע אויף יידיש לכבוד דער ווילנער טרופּע. דאָס איז געווען אין 1921, ווען די ווילנער, מיט דוד בערמאַן, זענען געווען אין לאָנדאָן. ס׳איז געווען אַ קליינע מסיבה אין אַ לאָנדאָנער האָטעל נאָך אַ פאָרשטעלונג. זאַנגוויל איז פּלוצלונג אויפגעשטאַנען און געזאָגט, אַז ער איז באַגייסטערט פון דעם שפּילן און פון בערמאַנס אויפירונג, אַז ער וויל זיי געבן זיין פּיעסע „קעניג פון די שנאָררערס" צו שפּילן אויף יידיש, אויב איך, וואָס איך בין מיט אים דאָרט געזעסן, וועל מאַכן די יידישע איבערזעצונג מיט אים, דאָס הייסט, מיט אים ביי דער זייט. דאָס איז געווען זיין רעדע אויף יידיש און אויף אַ גאַנץ גוטן יידיש.

ליידער איז פון דעם פּלאַן גאָרנישט געוואָרן, ווייל די ווילנער, שיכור מיטן דערפאָלג, האָבן זיך אָנגעהייבן אַרומצוקריגן און זענען זיך צעפּאַלן. ביי מיר ליגן נאָך בריוו, וואָס פאַרשידענע מענטשן פון און אַרום די ווילנער האָבן געשריבן זאַנגווילן, אַז זיי און נישט קיין אַנדערן זאָל ער געבן די פּיעסע. מ׳האָט געוואָלט גיין איבער בערמאַנס קאָפּ. דער אַקטיאָר אזרא האָט געשריבן זאַנגווילן, אַז ער וועט די פּיעסע אויפירן „בעסער ווי אַלע אַנדערע טעאַטערס". סאַמי גראַנעמאַן, דער דייטש־יידישער דראַמאַטורג, האָט אונטערשטיצט אזראס בקשה מיט אַ לאַנגן בריוו אויף דייטש. דער אַקטיאָר שנייער פון דער ווילנער טרופּע האָט מיר געשריבן פון וואַרשע, אַז „נישט קענענדיק אייניקן זיך מיט אזראַן, איז די טרופּע, וועלכע איז געווען אין לאָנדאָן, זיך צעפּאַלן אויף צוויי טיילן. אזרא האָט אָרגאַניזירט אַ נייע זאַך". האָט זאַנגוויל געזאָגט אזראַן און גראַנעמאַנען — לא. ער האָט געהאַלטן דערביי, אַז די פּיעסע האָט ער צוגע־זאָגט דער גאַנצער טרופּע, און בפרט בערמאַנען, אַז ער זאָל זי אויפירן. אויך האָט ער געהאַלטן, אַז די איבערזעצונג מוז געמאַכט ווערן פון מיר און פון אים אַליין נעבן מיר. איז טאַקע זיין „קעניג פון די שנאָררערס" נישט אויפגעפירט געוואָרן פון די ווילנער.

זלמן רייזן דערציילט אין זיין לעקסיקאָן, אַז זאַנגווילס „קעניג פון די שנאָ־רערס" איז אויפגעפירט געוואָרן פון יעקב אַדלערן אין ניו־יאָרק נאָך אין 1905. איך ווייס נישט וואָס פאַר אַן איבערזעצונג אַדלער האָט געשפּילט, נאָר זאַנגוויל איז געווען אויפגעבראַכט, ווייל די פּיעסע איז אַרויסגעקומען, ווי אַן „אָפּעראַ־בופע", אַ זינגע־ און טאַנץ־קאָמעדיע. „איך בין אויפגעבראַכט אויף אַדלערן" — האָט זאַנגוויל דאַמאָלסט געשריבן. דעריבער האָט ער איצט געוואָלט זיין זיכער מיט דער נייער פאָרשטעלונג. ער האָט געהאַט אמונה צו בערמאַנען, וועלכער איז געבליבן אַ צייט אין לאָנדאָן און האָט זיך עטלעכע מאָל געזען מיט זאַנגווילן.

רעדנדיק וועגן זאַנגווילס קענען זיך מיט שלום־עליכם, מיט געוויסע ווערק פון פּרצן און מיט אַ צאָל אַנדערע יידישע שרייבער, מוז מען אָבער אָנווייזן, אַז

די באַקאַנטשאַפט איז געקומען שפּעטער. זאַנגוויל האָט געגומען שרייבן זיינע יידישע זאַכן נישט אונטער דער השפּעה פון דער יידישער ליטעראַטור. ער איז אין דעם זין געווען אָריגינאַל. ער האָט זיך גענומען שילדערן דאָס יידישע לעבן אין זיינע דערציילונגען אין דער זעלביקער צייט, אפשר מיט אַ פּאָר יאָר פריער ווי פּרץ און שלום־עליכם, כאָטש מענדעלעס ערשטע זאַכן שטאַמען פון דער צייט, ווען זאַנגוויל איז ערשט געבוירן געוואָרן.

מיר דוכט זיך, אַז געווירקט אויף זאַנגווילן האָט היינע, וועלכער איז געווען פּאַר מענדעלען, און היינע האָט אויך שטאַרק באַאיינפלוסט די יידישע ליטעראַטור. זאַנגוויל האָט אַריינגענומען היינען צווישן זיינע טרוימער פון געטאָ, ער האָט אים אָפּט דערמאָנט. ער האָט אין זיך געהאַט עפּעס פון היינעס בייסנדיקן וויץ. ענגלישע קריטיקער האָבן אים פאַרגליכן מיט היינע, מיט היינעס גייסט. היינעס „רבי פון באכאראך" און זיינע שילדערונגען פון זיין אַרומפּאָרן איבער די געטאָ־שטעטלעך פון פּוילן האָבן זיכער באַווירקט זאַנגווילן צו שרייבן וועגן די פּוילישע און רוסישע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין לאָנדאָן. אָבער מען טאָר נישט זוכן צו פיל השפּעות. ער האָט, ווי יעדער שרייבער, געשילדערט די מענטשן און די סביבה אַרום אים און זיין לערער, זיין אמתער מייסטער, ווי ער אַליין האָט דערקלערט, איז געווען דיקענס.

זאַנגווילס נאָענטקייט מיט דער יידישער ליטעראַטור קומט פון דער ענלעכ־קייט פון געוויסע יידישע שרייבער, איינער צום צווייטן, צי זיי שרייבן יידיש, אָדער עברית, אָדער ענגליש, אָדער דייטש, אָדער פראַנצויזיש. סטעפאַן צוויגס אלמנה, פרעדעריקאַ צוויג, אַליין אַ שרייבערין, האָט מיר געשריבן ווען מיין זאַנגוויל־בוך איז אַרויס, אַז ס'איז פאַראַן אַ סך ענלעכקייט אין דעם שרייבן פון זאַנגוויל און שלום אַש און אויך סטעפאַן צוויג, כאָטש — האָט זי צוגעגעבן — עס זענען פאַראַן אונטערשידן און זיי זענען אויך אינטערעסאַנט. זיי קומען דערפון וואָס זיי האָבן געלעבט אין פאַרשידענע סביבות. למשל אין סטעפאַנס לעבן האָט עס אַ גרויסן באַדייט, וואָס אין זיין ווין איז נישט געווען קיין געטאָ.

זאַנגווילס ווייטשעפּל און שלום־עליכמס קאַסרילעווקע זענען געקומען אויף דער וועלט כמעט אין איין צייט. זאַנגוויל איז נאָך נישט געווען קיין צוואַנציק יאָר אַלט. ער און שלום־עליכם און פּרץ זענען געווען אַרום דעם זעלביקן עלטער. זיי זענען געווען עטלעכע יאָר נאָר עלטער. דאַמאָלסט האָט ער גע־נומען פון זיך אַליין, בעת ער איז געווען אַ לערער אין דער ראָטשילד־שולע, צו שילדערן די יידישע מענטשן און די יידישע סביבה אַרום אים. זיין קוואַל איז געווען דאָס לעבן אַליין און די מעשיות, וואָס מענטשן האָבן אים דערציילט, בפרט זיין טאַטע, וואָס פלעגט זיצן מיט אים און מיט די אַנדערע קינדער, און זיי דערציילן מעשיות. אַזוי גיט עס איבער זאַנגוויל אַליין אין זיין בוך „קינדער פון געטאָ" — ווי משה אַנסעל זיצט און דערציילט די קינדער מעשיות, אַלטע יידישע מעשיות, פאָלקס־מעשיות און אויך פאָלקס־לידער. און אַזוי ווי עס שטייט אין בוך, אַזוי איז עס געווען. דער טאַטע האָט דערציילט „די קינדער" אויף יידיש — אַזוי רופט ער זיי אויך אויף ענגליש. אונדזערס אַן אימפּאָרטירט וואָרט, וואָס ער האָט צווישן אַנדערע אַריינגעבראַכט אין דער ענגלישער שפּראַך (אַזוי

ווי היינע האָט אַריינגעפּירט עטלעכע יידישע ווערטער אין דייטש), „די קינדער האָבן געערדט ענגליש".

איך גלויב נישט, אַז זאַנגוויל האָט געלייענט שלום־עליכם איידער זיי האָבן זיך באַקענט אין לאָנדאָן, אין 1906. אין דעם זעלביקן יאָר, 1906, איז אַרויס העלענאַ פראַנקס ערשט בוך איבערזעצונגען פון פּרצס מעשיות, און דאָס בוך האָט זאַנגוויל געלייענט. ער האָט עס דאַמאָלסט געמאַכט דעם פאַרגלייך פון פּרצן מיט האַנס אַנדערסען. „דער גרויסער יידישער שרייבער פּרץ — האָט ער געשריבן — וואָס האָט אַזוי וווּנדערלעך געשילדערט דאָס יידישע פאָלק, די פאָלקס־מענטשן, זייער לעבן און זייער גלויבן." און ווען פּרץ איז געשטאָרבן אין 1915, האָט זאַנגוויל וועגן אים געשריבן: „אַלץ וואָס איך האָב געלערנט פון פּרצן איבערצייגט מיך, אַז ער איז דער גרעסטער שרייבער וואָס האָט ווען געשריבן אויף יידיש און נישט נאָר אויף יידיש — אין דער ליטעראַטור בכלל."

צי פּרץ האָט געקענט זאַנגווילס ווערק ווייס איך נישט. זאַנגווילס נאָמען האָט ער זיכער געהערט. מאַרק שוועד אין זיין בוך וועגן פּרצן דערמאָנט, אַז ווען די „דזשוּאיש עדוקיישן סאָסיעטע" אין אַמעריקע האָט אַרויסגעגעבן העלענאַ פראַנקס בוך איבערזעצונגען, אין 1906, האָט דער פאַרלאַג פאַרגליכן זאַנגווילן מיט פּרצן. די באַמערקונג געפינט זיך אויך אין פּרץ־בוך, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אין 1937, ד"ר ל. ראָבאָק. אין זיין ענגלישן בוך איבער פּרצן חזרט ער איבער דעם פאַרגלייך פון פּרץ מיט זאַנגוויל.

אָבער שלום־עליכם האָט געקענט זאַנגווילן פּערזענלעך און ער האָט זיך דורכגעשריבן מיט אים. איידער שלום־עליכם איז אַרויסגעפאָרן קיין לאָנדאָן, אויך אין 1906, כדי צו האַלטן זיינע רעפעראַטן, וואָס זאַנגוויל איז ביים ערשטן רעפעראַט געווען דער יושב־ראש, האָט ער געשריבן אַ בריוו זאַנגווילן. און דאָרט האָט ער געזאָגט זאַנגווילן: „איך פיל זיך געשמייכלט, אַז איך וועל זיך באַלד טרעפן מיט דעם גרויסן זאַנגוויל". אין דער זעלבער צייט האָט שלום־עליכם אויך געשריבן אַ בריוו צו ישראל כהן אין לאָנדאָן און געבעטן אים ער זאָל געבן אַ גרוס זאַנגווילן — זאָגט אים, אַז

„זיין דערפאָלג מיט דעם שמעלץ־טאָפּ האָט מיך שטאַרק געפרייט. יעדעס מאָל ווען אַ ייד צייכנט זיך אויס אין דער וועלט־ליטעראַטור איז דאָס פאַר מיר אַ געוואַלדיקע פרייד. איך וויל, אַז די וועלט זאָל וויסן וואָס מיר זאָגן און טראַכטן וועגן זיך."

ס'איז אַ טבע ביי אַ טייל יידישע שרייבער אויסצולייגן אַן ענגלישן נאָמען פון אַ ייד, וואָס שרייבט ענגליש, מיט דעם ענגלישן נוסח. איך האָב דערמאָנט ישראל כהן. אָפט האָב איך געזען זיין נאָמען געדרוקט אויף יידיש איזראַעל קאָהען. מיר אַליין האָט דאָס געטראָפן מיט יעקב גלאַטשטיין און ער האָט שפּעטער אָפּגעדרוקט, אַז אויף יידיש הייס איך יוסף און נישט דזשאָזעף. און אַזוי האָט מען אָפט אין יידישע בלעטער געשריבן „יזראַעל זאַנגוויל" אַנשטאָט ישראל. ביי נחמן סירקין אין אַ לויב־געזאַנג צו זאַנגווילן אין „צוקונפט" שטייט עס טאַקע

„איזראַעל זאַנגוויל" און דאָס זעלבע ביי אב. קאַהאַן אין „פאָרווערטס" — „מיין פריינטשאַפט מיט איזראַעל זאַנגוויל" (1949). אָבער לרוב שרייבט מען אויף יידיש דעם נאָמען, ווי עס באַדאַרף צו זיין, ישראל זאַנגוויל.

„ער איז דער סימבאָל פון מאָדערנעם יידנטום — שרייבט **נחמן סירקין** — וואָס איז אַזויפיל מיט ווידערשפּרוכן. אין זאַנגוויל דעם מענטש, דעם פּאָעט, דעם פילאָזאָף, דעם ענגלענדער, דעם ייד, דעם ציוניסט, דעם אַסימילאַטאָר, דעם שעפער, דעם קריטיקער, דעם שפּאָטער, דעם גלויביקן, דעם גאָט־צעשטערער און גאָט־זוכער, זעען מיר דעם מאָדערנעם ייד אין אַלע זיינע פאַרבן".

„נישט זאַנגוויל אַליין האָט געמאָלט דאָס יידישע געטאָ — **שרייבט סירקין** — אַלע יידישע דיכטער זענען דיכטער פון געטאָ, אָבער זאַנגוויל האָט דעם געטאָ דערהייבן צו זיין גרויסקייט. ביי מענדעלע איז דאָס לעבן פון געטאָ אַ לעבן פון נאַרישקייט, פינצטערניש, עלנד און שרעק, און די ערלייזונג איז די אויסלייזונג. די קינדער פון געטאָ זאָלן נישט לאָזן נאָך זיך קיין קינדער אין געטאָ. ביי שלום אַש איז נישטאָ קיין געטאָ, נישטאָ קיין קינדער אין געטאָ, נאָר ס'איז פאַראַן דאָס יידישע שטעטל, וואָס שטייט אויף גאָטס ערד און זינגט די פרייד פון דער ערד. אַש זעט נישט אין אים קיין טראַגעדיע און נישט קיין קאָמעדיע און נאָך ווייניקער אַ טראַגי־קאָמעדיע. דאָס שטעטל איז אַן עפּאָס, און אין עפּאָס איז נישטאָ קיין שבת, ווייל אַלץ איז וואָכעדיק, און נישטאָ קיין וואָכעדיקייט, ווייל אַלץ איז שבת. אָבער זאַנגוויל, דער פּאָעט פון געטאָ, גיט דעם געטאָ זיין העכסטן היסטאָרישן ווערט".

ווען ס'איז אַרויס מיין בוך אין ענגליש וועגן זאַנגוויל אין 1957, האָבן אַ סך קריטיקער זיך אָפּגערופן וועגן אים. איך וויל דערמאָנען דאָ נאָר צוויי מיינונגען, וואָס זענען דאַמאָלסט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער יידישער פּרעסע, פון פ. סאַנדלער אין „קולטור און דערציאונג" און פון שאול גוטמאַן אין „אויפן אינדזל". שרייבט סאַנדלער:

„זאַנגוויל איז געווען די אייגנאַרטיקסטע און באַפּולעכסטע פּערזענלעכקייט, וואָס דאָס ענגלישע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן. ער איז געווען אַ פּעאיקער און אַ פּליסיקער שרייבער. אויף זיין אופן האָט ער אין זיינע ווערק אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון דער יידישער אָרעמקייט אין ווייטשעפּל".

און גוטמאַן:

„אַמאָל ווען איר ווערט באַהערשט פון דעפּעטיסטישע שטימונגען בנוגע יידישער שעפערישקייט אין אַמעריקע, ווען איר ראַנגלט זיך

מיט ספקות, צי קען מען דערהאַלטן אַן אייגנאַרטיק קולטור־לעבן בעת יידיש רוקט זיך אַלץ מער אָפּ און ענגליש פאַרנעמט דעם צענטער — אין אַזאַ מין געמיט־צושטאַנד איז גוט זיך צו דערמאָנען אין ישראל זאַנגוויל און ס'וועט ווערן אַ ביסל לייכטער. וואָרעם אויב דער קלײנער יידישער קיבוץ אין ענגלאַנד האָט געקענט אַרויסגעבן פון זיך דעם עכט־יידישן קינסטלער, ווי זאַנגוויל, אַ קינסטלער וואָס קען אין טיפֿ־קייט, פּאַטאָס, אויטענטיש יידישן אינהאַלט, זיך פאַרגלייכן מיט יידישע און העברעאישע קינסטלער, ווען דער גרויסער יידישער קיבוץ אין אַמעריקע נישט זײַן בכוח אַרויסצוגעבן דאָ־געבוירענע יידישע שריפט־שטעלער? זאַנגוויל — דער גרעסטער יידישער שריפטשטעלער אין דער ענגלישער שפּראַך".

עטלעכע פון אונדז זענען געווען פריינטיק צו נאָכט ביי יצחק שניאורסאָן אין שטוב און שניאורסאָן האָט ביים טיש מיך געבעטן דער ערשטער צו דערציילן ווי עס האַלט ביי אונדז אין ענגלאַנד מיט יידיש לעבן. האָב איך דערציילט, ווי מיר גרייטן צו זאַנגווילס הונדערט־יאָריקן געבורטסטאָג, ווי אַ סימן פון אונדזער יידישער טעטיקייט. אָבער שניאורסאָנען איז געגאַנגען אין דעם, וואָס ענגלישע יידן טראַכטן איצט וועגן חורבן, וואָס פאַראַ שפּורן האָט דער חורבן געלאָזט אויף אונדז. ווייס איך אייך זאָך, אַז אונדז אין ענגלאַנד פעלט אין דעם פּרט, און אין אַ סך אַנדערע, די שטים פון ישראל זאַנגוויל. ווי מיר האָבן נישט פאַר־געסן אין טעגלעכן לעבן דעם חורבן, וואָס היטלער האָט געמאַכט, פאַרגעסן מיר אָבער דאָך. נאָר ווען זאַנגוויל וואָלט געלעבט, וואָלט ער נישט אויפגעהערט צו דערמאָנען יידן און דאָס ענגלישע פאָלק און די וועלט. ער פלעגט נישט אָפּלאָזן און תמיד וועקן און דערמאָנען די וועלט וועגן די יידישע צרות. ווי עס האָט ערגעץ־ווו עפּעס געטראָפן מיט יידן, פלעגט זאַנגוויל שרייבן און נישט אָפּלאָזן, אַלאַרמירט ענגלאַנד און די וועלט. אין דעם ערשטן וועלט־קריג האָט זאַנגוויל געשריבן זיין בוך „יידן און דער וועלט־קריג". מען האָט פאַרבאָטן צו שפּילן זיין „שמעלץ־טאָפּ", ווייל עס איז געווען אַנטי־רוסיש, ווייל רוסלאַנד איז געווען ענגלאַנדס שותף אין קריג. מען האָט זאַנגווילן געהיט, ווי מען וואָלט צו אים קיין צוטרוי נישט געהאַט, ווייל ער האָט נישט אויפגעהערט צו שטורעמען קעגן די רוסישע פּאָגראָמשטשיקעס. דער גרויסער יידישער שרייבער פּרץ — האָט ער געשריבן אין זיין בוך — איז געשטאָרבן פון האַרץ־ווייטיק, אַרבעטנדיק צווישן די יידן־פּליטים, יידישע מענטשן וואָס זענען אָנגעקומען אין וואַרשע, געטריבענע פון די קאָזאַקן, אַנטלאָפענע פון די שלאַכט־פעלדער, די מענטשן, די יידן, וואָס ער, פּרץ, האָט אַזוי מייסטערהאַפט געשילדערט אין זיינע דערציילונגען.

אין שווייץ — האָט ער דערציילט — זיצט אַ ייד, וועלכער האָט געזען וואָס מען האָט אָפּגעטאָן אין אוקראַינע, די שחיטות פון יידן, פון גאַנצע יידישע שטעט און ער שרייבט כסדר בריוו צו די קעניגן, פּרעזידענטן און פּרעמיער־מיניסטאָרן פון דער וועלט: טוט עפּעס, שטעלט אָפּ די שחיטות, ראַטעוועט יידן. איר זעט דאָך — האָט זאַנגוויל צוגעגעבן — אַז דער מענטש איז אַראָפּ פון זינען.

עס דערמאָנט זיך מיר, ווי זאַנגוויל שרייבנדיק וועגן זיין פּיעסע „דער שמעלץ־טאָפּ״, וואָס איז דאָך געווידמעט דעם קישיניעווער פּאָגראָם, דערציילט, ווי הערצל איז אויפגעשטאַנען דאַמאָלסט ביי זיין לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1903 און האָט געזאָגט בלויז דאָס איינציקע וואָרט „קישיניעוו״ און דער גאַנצער קאָנגרעס איז פאַרשטומט געוואָרן. אַזוי וואָלט זאַנגוויל, ווען ער לעבט, גערעדט צום ענגלישן פאָלק וועגן אונדזער לעצטן חורבן. ער וואָלט קיינעם נישט געלאָזט רעדן, ער וואָלט זיי אויפגעטרייסלט. און מענטשן וואָלטן טאַקע געזאָגט — זיי האָבן עס אויך געטאָן — וועגן זאַנגווילן, אַז דער מענטש איז דאָך אַראָפּ פון זינען.

צווישן דעם בריוו און היינט ליגן אַ סך יאָרן. ער איז געשריבן געוואָרן אין 1936, פאַרן היטלער־קריג, פאַרן חורבן. נאָר ביי מיר ליגן צווישן אַנדערע בריוו וועגן דעם זעלבן ענין, אינפאָרמאַציע איבער זאַנגוויל — אַ בריוו פון אַ גרויסן יונגן מאַן מיטן נאָמען קליינבערג — ווער ווייס צי ער איז נישט אומגעקומען אין חורבן — ווו ער דערציילט מיר, אַז עמיצער פון ווילנע האָט אים געגעבן מיין אַדרעס, אַז איך זאָל אים העלפן מיט מאַטעריאַל צו שרייבן אַ דיסערטאַציע, אַ מאָנאָגראַפיע פאַרן ייוו״אָ וועגן זאַנגוויל. צו מיר קומען פון צייט צו צייט סטודענטן, נישט נאָר פון ענגלישע אוניווערסיטעטן, נאָר אויך פון פראַנקרייך, איטאַליע, אַמעריקע, אויך ישראל, וואָס ווילן שרייבן וועגן זאַנגוויל, זיי האָבן וועגן אים געהערט און זיין אַרט שרייבן האָט זיי אינטערעסירט — וועלט־ליטעראַטור, געשריבן וועגן ענגליש, וועגן יידיש לעבן, ווילן זיי אים פאַרשן און מאַכן אַ סטודיע פון אים און זיינע מענטשן אין זיין צייט, דעם לאָנדאָנער ווייטשעפּל מיט זיבעציק יאָר צוריק, וויפל עס האָט זיך אַלץ געענדערט אין פאַרגלייך מיט אונדזערע מענטשן און אונדזער צייט.

אין איינעם פון די בענד פון שניאורסאָנס דאָקומענטאַציע־צענטער דערציילט זיך וועגן אַ ייד, אַ יידישן רעזיסטאַנץ־קעמפער, וואָס וואַרטנדיק אויף דער שעה ווען ער דאַרף דורכפירן זיין מיסיע, איז ער אַריין אין ביבליאָטעק און גענומען לייענען „טרוימער פון געטאָ״, וואָס האָט אים געגעבן מוט אין זיין מיסיע פון יידישן פאָלק.

איך וויל נאָר דערמאָנען דאָ אין שייכות מיט זאַנגווילס „טרוימער פון געטאָ״, אַז אין דער איבערזעצונג פון בוך, וואָס מאַרק שווייד האָט אַרויסגעגעבן אויף יידיש, געפינט זיך אַ קליינע הקדמה, וואָס זאַנגוויל האָט אָנגעשריבן אויף יידיש פאַר דער דאָזיקער אויסגאַבע און עס איז געחתמעט מיט זיין נאָמען — ישראל זאַנגוויל — אויף יידיש, מיט יידישע אותיות. איך מיין, אַז דאָס ווייזט זאַנגווילס באַציאונג צו יידיש.

פּאַריז, 1964.

# די יידישע ליטעראַטור ביז דעם חסידיזם

פון ד״ר יעקב ראָטה (פּאַריז)

## 1.

אונדזער טעמע נעמט אַרום אַ צייטרוים פון אַן ערך זעקס הונדערט יאָר פונעם 11־טן ביזן 18־טן יאָרהונדערט, און אַ שטח — פון מזרח־פראַנקרייך ביז מערב־רוסלאַנד. פאַראַן אַ שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט, אַז גליקלעך איז דאָס פאָלק וואָס האָט נישט קיין געשיכטע. מיר קענען דאָס נישט זאָגן. אונדזער געשיכטע איז אַ וועלט־געשיכטע, זייער רייך אין געשעענישן אויף אַלע געביטן. אַזוי ווי ביי אַלע פעלקער, ווירקן די געשעענישן אויף אונדזערע געמיטער און באַקומען אַ תיקון אין אונדזער ליטעראַטור.

די געשעענישן זענען באַקאַנט:

1) די קרייצצוגן מיט דער אויסוואַנדערונג פון פאַרשידענע פראַנצויזישע פּראָווינצן אין דער ריין־געגנט.

2) רדיפות אין דייטשלאַנד און זייער רעזולטאַט: אויסוואַנדערונג קיין מזרח־פּוילן און מערב־רוסלאַנד.

3) דער גירוש שפּאַניע.

4) די גזירות ת״ח און די צוריקוואַנדערונג קיין דייטשלאַנד און קיין מערב־אייראָפּע.

5) די פרייהייט־אידעען פונעם 18־טן יאָרהונדערט מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

נישט אַלע דאָ אויסגערעכנטע געשעענישן האָבן אַ גלייכן אָפּקלאַנג אין אונדזער ליטעראַטור. אַזוי, למשל, איז נישט באַקאַנט קיין שום ווערק אויף יידיש, וואָס באַהאַנדלט די קרייצצוגן, געוויס דערפאַר, ווייל אין יענע צייטן איז יידיש נאָך נישט געווען קיין באַזונדערע שפּראַך. אויף העברעאיש דאַקעגן איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל סליחות און קינות פון אַנגעזעענע דיכטער אין צוזאַמענהאַנג מיט די מסעי הצלב. דאָס זעלביקע לאָזט זיך זאָגן וועגן די רדיפות בעת דעם בילבול פונעם „שוואַרצן טויט". עס זענען באַקאַנט די נעמען פון קלונימוס בן יהודה, דוד בן משולם, אליעזר בן נתן, אפרים בן יעקב פון באָן, הלל בן יעקב, מנחם בן יעקב.

אויך האָט דער גירוש שפּאַניע כמעט נישט געלאָזן קיין ליטעראַרישע שפּורן אויף יידיש, ווייל ווי באַוווּסט, האָבן זיך די שפּאַנישע עמיגראַנטן באַזעצט אין

אַנדערע געגנטן און געשאַפן אַן אַנדערע קולטור־שיטה אין אונדזער פאָלק, די אַזוי גערופענע ספרדישע.

מיר וועלן דאָ באַטראַכטן בלויז די אשכנזישע שיטה.

דער ליטעראַרישער שטאָף מיט וועלכן מיר וועלן זיך פאַרנעמען ווערט איינגעטיילט אין צוויי טיילן:

1) די שפּילמאַן־תקופה.

2) די מוסר־תקופה.

אָבער קודם כל אַ ביסל געשיכטע וועגן אונדזערע אשכנזים.

די ערשטע ידיעות פון די יידן אין די אשכנזישע לענדער שטאַמען פונעם 10־טן יאָרהונדערט. געוויס האָבן שוין דאָ יידן געלעבט מיט יאָרהונדערטער פריער. זייער קולטור אָבער האָט געמוזט זיין אַ נידעריקע, ווייל ס׳איז פון זיי גאָרנישט געבליבן. מיט דער צוואַנדערונג פון מזרח־יידן, פון אַזיע און פון אַפריקע איבער שפּאַניע און איטאַליע, קומט אַן אויפלעבונג אויף די יידן אין מזרח־פראַנקרייך און אין מערב־דייטשלאַנד, וועלכע זענען דאַמאָלסט געווען פּאָליטיש פּאַראייניקט אונטער דער הערשאַפט פון דער קאַראָלינגער און שפּעטער קאַפּעטינגער דינאַסטיע. די ריינישע יידן ווערן פאַרבונדן מיט די מזרח־יידן. עס אַנטוויקלט זיך אַ קאָרעספּאָנדענץ אויף העברעאיש צווישן ריינלאַנד, בבל און ארץ־ישראל וועגן רעליגיעזע ענינים. פון דער דאָזיקער צייט שטאַמען די ערשטע ישיבות פון מעץ, שפּייער, וואָרמס און מיינץ, ווו די חכמי צרפת ולותר, ר׳ יהודה בן מאיר און דער עיקר זיין תלמיד רבנו גרשום פון מעץ, דער מאור הגולה, דערגרייכט גאָר אַ הויכע מדרגה. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער טעטיקייט איז באַקאַנט און נעמלעך די ישיבות פון רש״י און זיינע תלמידים — די בעלי־תוספות. ס׳איז אויך באַקאַנט, אַז די דאָזיקע גייסטיקע טעטיקייט ווערט אויסגעדריקט דער עיקר אין העברעאיש, טיילווייז אין אַראַמיש, און אין גאָר אַ קליינער מאָס אין פראַנצויזיש פון יענער צייט.

ווי אַזוי זעט אויס אונדזער יידיש־לשון אין יענער צייט? מיר גיבן דאָס וואָרט י. שיפּערן:

„אין די דייטשע געטאָס באַגעגנען מיר בעתן 11־טן און 12־טן יאָרהונדערט אַ חוץ העברעאיש, דריי לעבעדיקע שפּראַכן: דייטש, פראַנצויזיש און איטאַליעניש. דאָס דייטש, וועלכעס די יידן נוצן אין טעגלעכן לעבן, ווייזט אַרויס געוויסע אונטערשיידן אין פאַרגלייך מיט דעם דייטש פון דער קריסטלעכער סביבה, ווי למשל: אַרכאַאיסטישע שטריכן און געוויסע פאַרלייכטערונגען אין דער אויסשפּראַך. דאָס זעלביקע מערקט זיך אויך אין די צוויי ראָמאַנישע שפּראַכן, וואָס ווערן לעבן דייטש גענוצט אין די געטאָס.

„די דאָזיקע אונטערשיידן זענען אָבער אין תוך גענומען נישט אַזוי גרויס, אַז מען זאָל קענען רעדן וועגן אַ באַזונדערן אייגנאַרטיקן יידיש־דייטש, יידיש־פראַנצויזיש אָדער יידיש־איטאַליעניש. די באַרירונגען צווישן די העברעאישע, דייטשע און ראָמאַנישע שפּראַך־עלעמענטן, וועלכע קלינ־

יידישן לייענער. אין מערב־, צענטראַל־ און מזרח־אייראָפּע דאַקעגן, האָבן די יידן געלעבט אין אַן אומקולטורעלער סביבה, רעכטלאָז, פאַרשפּאַרט אין די געטאָס, האָבן זיי נישט אַרויסגעוויזן קיין גרויסע ליבע צו דער שפּראַך פון לאַנד. אגב מוז ווערן צוגעגעבן, אַז די דייטשע ליטעראַטור אַליין איז אויך דאַמאָלסט געווען שטאַרק אָרעם, און די דייטשע שפּראַך, ווי אַ קולטור־שפּראַך, עקזיסטירט נאָך דאַמאָלסט נישט. דער געבילדעטער עולם שרייבט לאַטיין און ס'איז באַקאַנט די שנאה פון די יידן צו דער דאָזיקער גלחים־שפּראַך, אַזוי אַז נישט קענענדיק געניסן פון זייערע שכנים האָבן די יידן געשריבן אויסשליסלעך העברעאיש פאַרן יודע־ספר, און פאַר פרויען און פאַרן געמיינעם פאָלק, אויף עברי־טייטש.

מיר מוזן נאָך צוגעבן, אַז די קעגנערשאַפט צו יידיש, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך אפילו פאַר דער השכלה, האָט אויך נישט ווייניק בייגעטראָגן צום דאָזיקן מצב.

אינטערעסאַנט אין דעם פּרט איז די שטעלונג פון ר' מאיר כ״ץ, דעם פאָטער פון שבתי הכהן, וועלכער האָט שוין אין 17־טן יאָרהונדערט אָנגעוויזן אויף דער רוסיפיצירונג פון די יידן אין ליטע. ער שרייבט:

„כי זה המנהג נתפשט שבני בריתנו היושבים בקרבנו (בליטא) רובם מדברים בלשון רוסיא... אם יתן השם תמלא הארץ דעה וידברו כלם שפה אחת לשון אשכנז.״

נישט איינמאָל האָבן מיר געלייענט און מיר הערן נאָך היינט פון יידן און נישט־יידן, אַז יידיש איז נישט קיין שפּראַך. די משכילים האָבן אונדזער יידיש געקרוינט מיט דעם וואָרט „זשאַרגאָן״. אינטערעסאַנט איז, אַז די אַנערקענונג פון יידיש, ווי אַ זעלבשטענדיקע שפּראַך, קומט צוערשט פון נישט־יידן. דער דייטשער לינגוויסט פונעם 17־טן יאָרהונדערט, וואַגענזייל, באַקלאָגט זיך, וואָס יידיש האָט צעקאַלעטשעט דייטש. אָט ער שרייבט:

« Mit keiner Sprach sind die Juden jemals so wie man zu reden pflegt lästerlich als mit unserer Teutschen umgegangen, denn sie haben solcher einen ganz fremden Thon und Laut gegeben, die guten teutschen Worten gestümmelt, gerad brecht, verkehrt, neue uns unbekannte erdacht wie auch unzählich viel hebreische Wörter und Redarten in das Teutsche gemischt dass solcher Gestalt, wer sie teutsch reden höret nit anders glaubt, als sie reden nur lauter Hebreisch in den fast kein einziges Wort verständlich fürkommet. »

געטע, וואָס האָט געקענט יידיש, שרייבט וועגן דעם לשון אין זיין דיכטונג און וואָרהייט:

« Der Akzent einer unerfreulichen Sprache. »

אַן אַנדערער לינגוויסט, סטראַק, שרייבט:

« Das Jüdische, meist für ein verderbtes Deutsch gehalten, kann auf den Namen einer Sprache mit mindestens demselben Rechte Anspruch erheben wie das Englische... Es fehlt keineswegs an festen sprachlichen Gesetzen, und die Fähigkeit zu neuen Bildungen ist sehr gross. »

גען אין די דייטשע געטאָס, זענען ביזן סוף פון 12־טן יאָרהונדערט נאָך גאַנץ זעלטענע.

„אמת, עס געפינען זיך שוין געוויסע אָנזאָגן פון אַ פּראָצעס וואָס וועט קאָמבינירן די דערמאָנטע דריי שפּראַך־עלעמענטן און דערפירן צו אַ נייער אייגנאַרטיקער שפּראַך. אָבער מער ווי אָנזאָגן זענען נאָך נישט פאַראַן. עס פעלט נאָך אינעם דאָזיקן פּראָצעס דער דעצידירנדיקער שעפערישער אימפּעט. דער דייטשער און ראָמאַנישער שפּראַך־עלעמענט שטעלן מיט זיך פאָר דערווייל נאָך גלייך שטאַרקע צוציאונגס־ און אַסימילאַציע־כחות, און דער קאַמף צווישן ביידע שפּראַך־פאַקטאָרן איז נאָך נישט אַריין אין דער דעצידירנדיקער תקופה, דאָס וועט געשען ערשט אין 13־טן יאָרהונדערט.״

**ציִנבערג מיינט אפילו, אַז פאַרן 12־טן יאָרהונדערט האָט שוין יידיש לשון געהאַט אַ ספּעציפישן פּרצוף, ער ברענגט אָבער נישט קיין שום באַווייזן פאַר דער דאָזיקער השערה. מיר מוזן אַלזאָ אָננעמען, אַז ביזן 13־טן יאָרהונדערט איז נישט פאַראַן קיין אייגנטלעכער יידיש־לשון. יידן רעדן אויף די שפּראַכן, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון די עמיגראַציע־לענדער און אויך די לאַנד־שפּראַכן. אין די ריין־לענדער — פראַנצויזיש און אין מזרח און דרום — דייטש. דער נאָמען פאַר דעם לשון איז אין די עלטסטע דאָקומענטן — לשון אשכנז, אויך „לשוננו״, שפּעטער „טייטש״, „יידיש״ ערשט אין 16־טן יאָרהונדערט, אויך „אונדזער שפּראַך״ אין אַמסטערדאַם אין 1711. אין שריפט רופט מען אים אויך „עברי־טייטש״. יידיש ווערט אַ זעלבשטענדיק לשון ערשט, ווען עס וואַנדערט אויס פון דייטשלאַנד קיין מזרח־אייראָפּע, באַרייכערט זיך דאָרט מיט סלאַווישע עלעמענטן און באַקומט אַן אייגנאַרטיקע פאָרם.**

**דער זעלביקער פּראָצעס קומט פאָר מיט שפּאַניש, וואָס ווערט לאַדינאָ אָדער שפּאַניאָליש ערשט ווען די ספרדים וואַנדערן אויס פון שפּאַניע אין די באַלקאַן־לענדער, אין צפון־אַפריקע, אין האָלאַנד און אין ענגלאַנד.**

**די ליטעראַטור אויף יידיש אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון דעם אַנטשטיין פון יידיש־לשון איז זייער אַן אָרעמע, נישט אפשר אַזוי אין כמות, ווי אין איכות. די אָנהייבן פון דער יידישער ליטעראַטור זענען נישט קיין אָריגינעלע ווערק. דער עיקר זענען זיי איבערזעצונגען אָדער איבעראַרבעטונגען פון העברעאיש, תפילות און אויך ווערק פון דער ליטעראַטור פון די שכנים.**

**פרעגט זיך, פונוואַנען קומט עס, וואָס אין דער זעלבער צייט און נאָך פריער האָבן יידן אין שפּאַניע געשאַפן מאָנומענטאַלע ווערק אויף אַלע געביטן פון וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע אויף דער דאַמאָלסטיקער קולטור־שפּראַך אין שפּאַניע, אויף אַראַביש, און אויף יידיש איז די גייסטיקע פּראָדוקציע אַזוי נעבעכדיק?**

**דער ענטפער איז קלאָר. אין שפּאַניע ביז צו די רדיפות האָבן די יידן געלעבט אין אַ קולטורעלער סביבה, גענאָסן פון אַלע ציווילע רעכט און גענומען אָנטייל אין דער קולטור פון לאַנד. אויסער אין העברעאיש האָבן זיי געשריבן אין אַראַביש. זייערע ווערק זענען געווען באַשטימט אַזוי גוט פאַרן יידישן ווי פאַרן נישט־**

אַנדערש זאָגט זיך אַרויס וועגן אונדזער לשון אַ טייל יידן און דער עיקר די משכילים. מיר ציטירן יצחק בער לעווינזאָן:

„צו וואָס דאַרפט איר דאָס פאַרקריפּלטע יידיש־דייטש? רעדט אָדער ריין דייטש אָדער אויף דער לאַנדשפּראַך, אויף דער ריינער, שיינער און רייכער רוסישער שפּראַך."

און אין קעניגסבערגער „המאסף" געפינען מיר פאָלגענדיקע פעסטשטעלונג: „בנות ישראל היודעות כלן לדבר צחות בלשון־העמים ולא יכירו לדבר יהודית."

גרעץ רופט יידיש אַ שפּראַך פאַר חיות. — שטיינשניידער דערקלערט, אַז זשאַרגאָן עקלט אים.

אָט די אַלע פאַקטאָרן לייגן אַרויף זייער הותם אויף דער יידישער ליטעראַטור אין אירע קינדער־יאָרן.

## 2.

די אָנהייבן פון דער יידישער ליטעראַטור שטאַמען פונעם 13־טן יאָרהונדערט, דאָס הייסט, פון דער צייט, ווען יידיש הייבט אָן באַקומען איר אייגנאַרט און טיילט זיך אָפּ פון דייטש. די ערשטע שאַפונגען זענען פאַרשידענע אָפּשפּרעך־פאַרמעס קעגן אַן עין־הרע, רפואות און איבערזעצונגען פון תנ"כישע ספרים.

פון די דייטשע שכנים האָבן די יידן איבערגענומען, איבערגעאַרבעט און איבערגעזעצט די צאָלרייכע ריטער־ראָמאַנען און קייזער־כראָניקעס. אָריגינעלע שאַפונגען זענען אויך פאַראַן, אָבער ווייניק. באַקאַנט איז דער יידישער מינעזינגער זיסקינד פון טרימבערג אין 12־טן און 13־טן יאָרהונדערט, וועלכער האָט געשריבן ווייַן־ און ליבע־לידער פּונקט, ווי די דייטשן פון יענער צייט.

אָט די דאָזיקע שפּאַנונג פּילט אויס די תקופה, וועלכע מען רופט „שפּילמאַן תקופה" און נעמט אַרום דעם צייטאָפּשניט ביזן מיטן פון 16־טן יאָרהונדערט. שפּילמאַן דערפאַר, ווייל ביי די דייטשן האָט מען אַזוי אָנגערופן דעם וואַנדערנדיקן ליך, דעם פאָלקס־זינגער, וועלכער פלעגט גיין פון הויף צו הויף משמח זיין די פּריצים. ביי די יידן איז ד'ער זינגער געווען דער בדחן, וואָס פלעגט רעציטירן אייגענע שאַפונגען אויף חתונות, אויף מערק, אין שול־הויף. די לידער אָדער ראָמאַנען זענען געווען אין געגראַמטע פערזן און דער זינגער האָט געלאָזט הערן זיין פּראָדוקציע ביי אַ גלאָז ווייַן. דער אינהאַלט פונעם ליד איז אין גרעסטן טייל שפּאַנענדיק. צום בעסטן וועט דאָס אילוסטרירן אַ סטראָפע פונעם אַרטוס־ראָמאַן:

נון מוש ווידוווילט (אַ דייטשער ריטער Wigalois)
אַזוי לאַנג גופאַנגן זיין
ביש איר מיר גיבט צו טרינקן גוטן ווייַן
דו וויל איך אים העלפן וואָל
שענקט איר מיר אַנדערש איין גרוש גלאז בול (פול)

צו דעם דאַזיקן מין געהערן צווישן אַנדערע אויסער דעם אַרטוס־ראָמאַן אַ יידישע „טריסטאַן און איזאָלדע", דריי אָדער פיר וואַריאַנטן פון פּאַרסיוואַל, יידישע באַאַרבעטונגען פון פראַנצויזישע פאַלקס־ביכער, באַאַרבעטונגען פון אינדישע דער־ציילונגען, ווי „בן המלך והנזיר".

עס זענען אויך געווען באַאַרבעטונגען פון דייטשע לעגענדעס, ווי „מיסטער הילדעבראַנד", „דיטריק פון בערן", הערצאָג ערנסט" און פון דייטשע באַלאַדעס, עראָטישע און טאַנץ־לידער, דראַמעס לויטן מוסטער פון די דייטשע הויפישע דראַמעס און פון פראַנצויזישע miracles, און אויך אַ גרויסע צאָל פּורים־ און יוסף־שפּילן.

אַ טייל פון די דאַזיקע ווערק זענען אפילו נישט קיין באַאַרבעטונגען. דער־מחבר האָט זיך אָפט באַגנוגנט איבערצודרוקן דעם דייטשן טעקסט מיט העברע־אישע אותיות. ער האָט זיך נאָר באַמיט אויסצומיידן ריין־קריסטלעכע מאָטיוון, וועלכע ער האָט פאַרביטן מיט יידישע, אַזוי למשל אין דיטריק פון בערן:

פון דייטשן: „מאַריאַ צו פיל ריינע מאַגד";

ווערט אויף יידיש: „אַלמעכטיגער הייליגער גאָט".

אַ סך פון די דאַזיקע ביכער זענען פאַרלוירן געגאַנגען, ווייל בשעת אַ גירוש האָבן די יידן בלויז מיטגענומען די הייליקע ספרים כדי זיי צו ראַטעווען און איבערגעלאָזן די אַנדערע. דאָך זענען אַ סך דערציילונגען און אויסצוגן פון די יידישע ביכער קאָנסערווירט אין באַרימטן „מעשה־בוך", צו וועלכן מיר וועלן זיך נאָך אומקערן.

דער יידישער שפּילמאַן איז לרוב געבליבן אַנאָנים. ווייניק פון זיי זענען באַ־קאַנט. צו די באַקאַנטע געהערן ר' אהרן פון פראַנקפורט און שלמה זינגער פון פּראַג. ווייטער איז באַקאַנט מנחם אָלדענדאָרף, וועלכער האָט געזאַמלט רעליגיעזע, דידאַקטישע און סאַטירישע לידער אויף העברעאיש, אויף יידיש און אויף ביידע לשונות. באַקאַנט איז אויך די פּאָעמע פון שמואל בן משה הורגלן „על השחוק" — וועגן דעם שפּילן.

דער וויכטיקסטער מייסטער פון דער שפּילמאַן־תקופה איז געווען דער פילאָלאָג און פּאָעט אליהו בחור (1549 — 1469) אָדער אליהו הלוי, אין דער קריסטלעכער וועלט באַקאַנט אונטערן נאָמען Elia Levita ער איז דער מחבר פון אַ יידיש־דייטשן ווערטערבוך „שמות דברים", פון אַ תהילים־איבערזעצונג און פון בוך „תשבי" ווו אַ סך ווערטער פונעם תלמוד און פון די מדרשים ווערן אויסגע־טייטשט אויף יידיש. צו זיינע פּאָעטישע ווערק געהערן דאָס באַרימטע „בבא בוך" — אַ ליבע־ראָמאַן פון דער ריטער־צייט. אין דעם דאַזיקן ווערק באַזירט ער זיך אויף אַן איטאַליענישער ראָמאַנצע און באַזינגט דעם ענגלישן העלד בעוויס פון האַמפּטן ווי אַן איטאַליענישן ריטער בוואָוואָ ד'אנטונא. אויסצוגן פונעם „בבא בוך" קען מען געפינען אין צינבערגס געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן (6־טער באַנד, זייט 83 און ווייטער).

זיין צווייטער ראָמאַן „פּאַריז און וויענע" איז אויך אַ ליבע־ראָמאַן לויט דעם שטאַרק פּאָפּולערן, אין יענער צייט, ראָמאַן אין איטאַליע און אין פראַנקרייך. ער איז

אויך דער מחבר פון פּאָלעמישע שריפטן, צווישן וועלכע אַ „שריפה־ליד״ און „המבדיל״ געשריבן אין גייסט פונעם געטלעכן אַרעטינאָ.

אין דער זעלבער צייט האָבן לומדים, רביים און סופרים געשריבן געגראַמטע תנ״כישע איבערזעצונגען, איבערנעמענדיק די פאָרם און טעכניק פון די שפּיל־מענער. אַזוי האָבן זיי צוגעגעבן די יידישע תנ״כישע העלדן אַטריבוטן פון די דייטשע ריטער.

צו דעם מין ווערק געהערט דאָס באַרימטע שמואל־בוך פונעם 14־טן אָדער 15־טן יאָרהונדערט. דאָס בוך איז אַ מין איבערדיכטונג פון מדרש, ווי אויך עקדת יצחק, פּורים־שפּילן און נאָך אַ גרויסע צאָל באַאַרבעטונגען פון לעגענדעס לויטן תנ״ך און מדרש. ווי געזאָגט, האַנדלט זיך נישט אין בלויז איבערזעצונגען פון תנ״ך נאָר אין איבעראַרבעטונגען מיט קאָמענטאַרן פון די מדרשים.

מיט די דאָזיקע תנ״כישע פּאַראַפראַזן האָבן אונדזערע פרומע רבנים געוואָלט קעגנווירקן די ריטער־ראָמאַנען, די ביליקע ווײַן־ און טאַנץ־לידער און ברענגען פאַרן עולם, וואָס פאַרשטייט נישט קיין העברעאיש, דעם הייליקן שטאָף אין דער אומגאַנג־שפּראַך.

כדי צו פאַרשטיין די תפילות האָט יוסף בר יקר איבערגעזעצט אַ סידור אויף יידיש. אויך פלעגט מען אין די שולן לייענען פאַרן עולם געוויסע טעקסטן אויף יידיש אין געוויסע יום־טוב־טעג, ווי צום בײַשפּיל, די עשרת הדברות דעם ערשטן טאָג שבועות, יציאת־מצרים, די עקדת־יצחק אין שבת וירא און אין דעם ערשטן טאָג ראש השנה, מגילת אסתר אין פּורים.

אַזוי אַרום טראָגט די שפּילמאַן־תקופה אַ דאָפּלטן כאַראַקטער, פון איין זייט לייכטע און ביליקע ראָמאַנען און לידער און פון דער אַנדערער זייט דער ווילן אײַנצוהאַלטן און פאַרפעסטיקן דאָס לייענען די הייליקע ספרים אויף לשון אשכנז. ביי אַ טייל שפּילמענער זעט מען ביידע ריכטונגען, ווי צום בײַשפּיל, ביי אליהו בחור. נאָך אים קומט פאָר אַ ירידה אין דער שפּילמאַן־ליטעראַטור און דאָס געשעט צוליב צוויי סיבות: 1) דער אונטערגאַנג פונעם זעלביקן מין אין דייטש־לאַנד ביי די נישט־יידן; 2) דער אײַנפלוס פונעם מזרח־יידנטום מיט אַ בעסערן געשמאַק דרינגט אַריין אין דייטשלאַנד. דער דאָזיקער אײַנפלוס פון דער פויליש־יידישער פרומקייט רוקט אָפּ אין אַ זייט די ריטער־געשיכטעס.

איידער מיר פאַרענדיקן מיט דער שפּילמאַן־תקופה, איז נאָך כדאי צו דער־מאָנען אַ בוך, וואָס פאַרנעמט אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער אַלטער יידישער ליטע־ראַטור. דאָס איז דער „ספר מידות״ וואָס שטאַמט פונעם סוף פון 15־טן יאָר־הונדערט. וועגן דאָזיקן ספר איז פאַראַן אַ וויכוח צי ער איז אַן איבערזעצונג פונעם העברעאישן „אורחות צדיקים״ אָדער צי איז דער העברעאישער „אורחות צדיקים״ אַן איבערזעצונג פונעם יידישן זיטן־בוך. דער מחבר פונעם יידישן „ספר מידות״ איז אומבאַקאַנט. ווי דער טיטל ווײַזט שוין אָן, איז דאָס זיטן־בוך אַ וועגווײַזער פאַרן רעליגיעזן און פּראַקטישן לעבן.

## 3.

די תקופה נאָך דער שפּילמאַנישער איז באַקאַנט אונטערן נאָמען מוסר־תקופה. זי נעמט אַרום אַ צייטרוים פון מיטן 16־טן יאָרהונדערט ביז צום 18־טן יאָר־הונדערט. זי איז אויסגעפּילט מיט צוויי ליטעראַרישע הויפּט־שטרעמונגען: מוסר־ספרים און מעשה־ביכער, חוץ דעם געהערן אויך צו דער דאָזיקער תקופה מנהגים־ביכער, זיטן־ביכער, תנ״כישע איבערזעצונגען און תנ״כישע פּאַראַפראַזן און גלאָ־סאַרן. כמעט אַלע שאַפונגען פון דער דאָזיקער תקופה האָבן איין געמיינזאַמען פונקט: זייער אויפגאַבע איז געווען צו פאַרווײַלן, אונטערהאַלטן, באַלערנען און דערביי זאָגן מוסר מיט דער הילף פון אַנעקדאָטן און מעשיות. דעם דאָזיקן זשאַנר האָבן די יידן איבערגענומען פון די אָריענטאַלישע פעלקער, אינדער, אַראַבער און גריכן, וועמענס ליטעראַטור איז זיי געווען באַקאַנט. לאָמיר צו־געבן, אַז דאָס אויפקומען פונעם דרוק האָט פאַרלייכטערט די צירקולאַציע פון ביכער אַ דאַנק דעם, וואָס די ביכער זענען געוואָרן ביליקער.

מיר וועלן די ליטעראַרישע טיפּן פון דער מוסר־תקופה אילוסטרירן מיט עטלעכע רעפּרעזענטאַטיווע ווערק.

א) גלאָסאַרן:

דאָס וויכטיקסטע ווערק איז דער באַרימטער גלאָסאַר „מרכבת המשנה״ געדרוקט אין יאָר 1534 אין קראָקע. די צווייטע אויסגאַבע איז דער „ספר של רבי אנשיל״.

פון דער גרויסער צאָל תנ״כישע איבערזעצונגען וועלן מיר דערמאָנען די פרויען־ביבל אָדער טייטש־חומש, די באַרימטע „צאינה וראינה״, די חומש־פּאַראַ־פראַזע פון יעקב בן יצחק אשכנזי. די דאָזיקע תנ״כישע און אויך תפילות־איבער־זעצונגען נעבן די ווייבערישע סידורים און תחינות־זאַמלונגען, ווי „שערי ציון״ פון פּראַג (1662) און „מצוות נשים״ פון סוף 16־טן יאָרהונדערט, האָבן געדאַרפט, ווי שוין דערמאָנט, קעגנווירקן די ריטער־געשיכטעס, וואָס זענען געווען פּאָפּולער ביי פרויען און פּאָלקס־מענטשן.

אינטערעסאַנט זענען די שער־בלעטער פון די דאָזיקע ווערק: „פאַר ווייבער און מוידן — אָך צו לייאַן מיט פריידן, בחורים און בעלי־בתים אליביידן״, אויך רעקלאַמע: „דרום קומט געשווינד צו לויפן — גיכער קויפן — ווייניק געדרוקט — פאַרצוקט״.

זאָלן מיר דאָ דערמאָנען אַ דייטשמערישע איבערזעצונג פון „צאינה וראינה״, דערשינען אין פראַנקפורט ביים מאַין אין 1630, בלויז דער ערשטער באַנד, בראשית, באַאַרבעט פון בעסטא פאַפּענהיים. ס׳איז אונדז נישט באַקאַנט צי די ווייטערע בענד זענען דערשינען. די שפּראַך איז יידיש־דייטש געדרוקט מיטן לאַטייניש א״ב. אָט איז אַ מוסטער פון ערשטן פּסוק:

Im ersten Beschäffenis von Himmel un Erd is gewesen die Erd wüst un Leer un der Kissehakowaud (erhabene Thron) von Gott hat geschwebt in der Lüften über dem Wasser.

צו דער דאָזיקער תקופה געהערט אויך אַ גרויסע צאָל קליינע קאָמעדיעס, פּורים־שפּילן, יונה־דראַמעס, רייזע־דערציילונגען, לידער־זאַמלונגען, צווישן וועלכע עס איז באַזונדערס באַקאַנט די זאַמלונג פון אייזיק בן משה וואליק ווירמייסן פון סוף 16־טן יאָרהונדערט.

פון די מוסר־ספרים וועלן מיר דערמאָנען דאָס וועלטלעכע ספר פון דעם וואָלינער אַפּטייקער אברהם אשכנזי, דערשינען אין פּראַג 1590 אונטער דעם טיטל „סם חיים". עס גיט פּראַקטישע אָנווייזונגען, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין אין פאַר־שידענע סיטואַציעס. ער ווענדט זיך צו די שיינע בעלי־בתים, צו די רבנים און פּרנסים, אַז זיי זאָלן נישט באַעוולען דעם געמיינעם מאַן.

מיר האָבן אויך פון דער דאָזיקער צייט דאָס באַקאַנטע מוסר־ספר פון משה הענוך ירושלמי אַלטשולער, דעם באַרימטן „בראַנטשפּיגל" דערשינען אין באַזעל (1602). ער באַמערקט, אַז ער שרייבט זיין בוך דערפאַר טויטש און נישט העבּ־רעאיש, ווייל ס'איז באַשטימט פאַר ווייבער „און מאַנען די דאָ זיין אַז ווייבער און קענען ניט פיל לערנען". „דער בראַנטשפּיגל" איז אַן אמתע ענציקלאָפּעדיע פון עטיק און מוסר און איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט ביי די יידן אין דייטשלאַנד.

אַן אַנדער מוסר־ספר באַשטימט פאַר מענער איז די איבערזעצונג פון ר' יונה גירונדיס „ספר הוראה". אין דער הקדמה צו זיין ספר אויפן שער־בלאַט זאָגט דער איבערזעצער צווישן אַנדערע: דאָס ספר הייסט דערפאַר ספר הוראה „דארום דאז ער דארינן ניכס אַנדערש גישריבן הוט דען נויארט יראת שמים אונ' אין איינר קורצן מיינונג וויא זיך איין איטליכער מענש האלטן זול אין זיינס גאַנצן לעבן הן במילי דעלמא הן במילי דשמיא".

נאָך אַ מוסר־ספר, שטאַרק פאַרשפּרייט ביי די פּוילישע יידן, איז דער „לב טוב" פון יצחק בן אליקום, דערשינען אין פּראַג (1620) אויך באַשטימט פאַר מענער און פרויען.

פון אַן אַנדערן שניט איז דער מוסר־ספר פון אלחנן הענדל קירכהאַן, דער „שמחת הנפש", דערשינען אין 1707. דער ספר איז דורכגעפלאָכטן מיט מוסר און מעשיות. לרוב זענען עס באַקאַנטע געשיכטעס. זיי באַקומען אָבער ביי דעם מחבר פון „שמחת הנפש" אַ נייעם לבוש. דער מחבר פון „שמחת הנפש" איז דער אייניקל פון צבי הירש קיידאַנאָווער, מחבר פון דעם נישט ווייניקער באַרימטן מוסר־ספר „קב הישר" דערשינען אין 1706. אין דעם דאָזיקן ספר וויל דער מחבר משפּיע זיין אויף די לייענער זיי זאָלן תשובה טאָן, ער ווייזט אָן אויף די גרויס פון די שטראָפן פאַר באַגאַנגענע עבירות. דער בעל „שמחת הנפש" דאַקעגן איז מער אָפּטימיסטיש, פריילעך — ער זאָגט, אַז ער וועט ברענגען „פיל לוסטערע ראיות דען מענשן צו וויזן דש ער ניט זארגן זאָל... דען ווערט זיין שמחה גאָר גרויש זיין... דרום האב איך דש ספר איין נאמען געגעבן „שמחת הנפש".

דער „שמחת הנפש" האָט נאָך אַן אַנדערן באַדייט, ער אַנטהאַלט אַ מין שולחן ערוך אויף יידיש. דאָס זענען דינים פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס יעדער ייד דאַרף וויסן. די דאָזיקע דינים־ביילאַגע האָט אַרויסגערופן אַ שטורם ביי אַ טייל רבנים, וועלכע האָבן נישט געקענט דערלאָזן, אַז יעדער עם־הארץ זאָל ווערן בקי אין די דיני איסור והיתר און זאָל קענען אַליין פּסקענען שאלות. דער רבנים־פּראָטעסט האָט

אָבער נישט געהאָלפֿן. מיר געפֿינען זיך אין אַ צייט, וואָס שטייט אונטער דעם איינפֿלוס פֿון די גזירות ת״ח און פֿון דעם אויפֿקום פֿונעם חסידיזם. דער יידישער פֿאָלקס־מענטש פֿאַרטראַכט זיך פֿאַרוואָס עס קומען אים אַזעלכע פּייניקונגען. ער וויל אַנטלויפֿן פֿון דערווירקלעכקייט און זוכט דעם וועג צו גאָט. זיין אומרו און זיינע גייסטיקע זוכענישן מוז ער געפֿינען אויסגעדריקט אין אַ שפּראַך וואָס איז פֿאַר אים צוגענגלעך, און דאָס איז געווען און בלייבט יידיש.

איידער מיר פֿאַרלאָזן די אייגנטלעכע מוסר־ספֿרים ווילן מיר נאָך דערמאָנען דאָס ספֿר „נחלת צבי״ פֿון דעם בעל דרשן צבי הירש כאָטש פֿון קראָקע דער־שינען אין 1711. דאָס דאָזיקע ספֿר ווערט אויך גערופֿן „טייטש זוהר״ וואָס ווייזט אויף דעם מיסטישן כאַראַקטער פֿון ווערק.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז די דאָזיקע תקופֿה פֿאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל מעשה־ביכער, פֿון וועלכע דאָס וויכטיקסטע איז דאָס „מעשה־בוך״ פֿון אַן אַנאָנימען מחבר, געדרוקט צום צווייטן מאָל אין באַזעל אין יאָר 1602, אַרויסגעגעבן פֿון דעם ספֿרים־טרעגער יעקב בן אברהם פֿון מעזריטש. דאָס איז אַ זאַמלונג פֿון מעשיות און לעגענדעס פֿונעם תלמוד, פֿון אַראַבישע פֿאַבלעס, פֿון פֿראַנצויזישע און דייטשע מעשיות א. א. וו. (זע אַ מוסטער פֿון אַ מעשה אין ציינבערגס געשיכטע פֿון ליטע־ראַטור ביי יידן — זעקסטער באַנד, זייט 214).

דאָס מעשה־בוך האָט געדינט ווי אַ מוסטער פֿאַר אַ גרויסע צאָל ענלעכע ווערק, הן מיט זיין פֿאָלקסטימלעכן אינהאַלט, הן מיט זיין פּראָזאַאישער פֿאָרם, וועלכע אונטערשיידט זיך פֿון די געגראַמטע פֿערזן פֿון דער שפּילמאַן־תקופֿה.

מיר דערמאָנען נאָך אַן אַנדער מעשה־בוך פֿון דעם וואָרמסער שמש יפֿתח יוזפּא בן נפֿתלי, וועלכער האָט געשריבן אַ מנהגים־בוך אויף העברעאיש „מנהגים ד״ק ווירמישא״ און אַ זאַמלונג פֿון לעגענדעס „מעשה נסים״, וואָס איז פֿון זיין זון אליעזר געוואָרן איבערגעזעצט אויף יידיש און געדרוקט אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1696.

אַלס אַ געוויסער איבערגאַנג פֿון דער פֿרומער צו דער וועלטלעכער ליטע־ראַטור קען פֿאַררעכנט ווערן דער ספֿר „דער יידישער טורייאַק״ פֿון שלמה זלמן צבי הירש אויפֿהויזן, דערשינען אין האנוי, דייטשלאַנד אין יאָר 1615. טורייאַק באַדייט אַ היילמיטל קעגן שלאַנגען־גיפֿט און קעגן פֿאַרשידענע אַנדערע קראַנק־הייטן. דאָס בוך איז אַ פּאָלעמיש ווערק, וואָס טראָגט מער אַ געזעלשאַפֿטלעכן, ווי אַ רעליגיעזן כאַראַקטער.

מיט אַ מער וועלטלעכן אינהאַלט זענען די היסטאָרישע שריפֿטן פֿון דער דאָזיקער תקופֿה. זיי טרעפֿן זיך צוזאַמען מיט די מוסר־ספֿרים וואָס זייער אויספֿיר איז אַ דידאַקטישער. דער גרעסטער טייל ווערק זענען איבערזעצונגען פֿון העב־רעאיש, ווי די איבערזעצונגען יוסיפֿון, שבט יהודה, צמח יהודה; פֿון „יון המצולה״ פֿון נתן נטע האַנאָווער וועגן כמעלניצקיס שחיטות.

אָריגינאַל יידיש זענען:

1) די באַשרייבונג פֿון שבתי צבי פֿון יהודה לייב בן עוזר פֿון אַמסטערדאַם.

די הקדמה איז העברעאיש און יידיש געמישט, למשל: „מאחר דאן איך כל ימי האָב חקירה ודרישה געהאַט בכל מה דאפשר לי מאנשים חשובים ואמתים וועלכע נור איין שורש גוויסט האָבן מן שבתי צבי.״

2) די ווינער גזירה דערשינען אין קראָקע אין 1609, אויך גזירה ממדינת אושטרייך. דאָס איז אַ באַשרייבונג פונעם אומקום פון אַ גאַנצער יידישער קהילה בשעת דעם הוסיטן קריג אין יאָר 1420.

3) דאָס וויכטיקסטע בוך פון דער אַלט־יידישער היסטאָריאָגראַפיע איז דער „שארית ישראל״ פון מנחם מן בן שלמה הלוי אַמעלאַנדער, דערשינען אין אַמסטערדאַם אין 1743. אינטערעסאַנט איז, אַז דער מחבר מנחם מן האָט אַרויס־געגעבן זיין בוך מיט דער הילף פון אַבאָנענטן, וועלכע פלעגן ביי אים אָפּנעמען דאָס בוך בויגנווייז.

דאָס איז שוין מער אַן ערנסט היסטאָריש ווערק וועגן די יידן אין דייטשלאַנד, האָלאַנד און פוילן, כאָטש דער מחבר באַניצט נאָך נישט די קריטישע מיטלען, כדי אָפּצוטיילן די לעגענדעס פון דערווירקלעכקייט.

4) צרות ווירמיישא (וואָרמס) פון יאָר 1636 וועגן דעם מעצער עלילת דם פון 1669.

נעבן די היסטאָרישע שריפטן פאַרמאָגט די דאָזיקע תקופה רייזע־באַשריי־בונגען, טיילווייז איבערזעצונגען פון העברעאיש, ווי די שריפטן פון בנימין פון טודעלא און פון פתחיה פון רעגנסבורג,ביידע מיט פּראַקטישע אינפאָרמאַציעס פאַר יידישע סוחרים. עס זענען אויך באַקאַנט פאַנטאַסטישע רייזע־דערציילונגען, ווי גלילות ארץ ישראל פון גרשון בן אליעזר הלוי פון פּראַג (1635) דערשינען אין לובלין; מעשיות וועגן די עשרת השבטים, וועגן די בני משה און פאַרשי־דענע מעמוראַרן, צווישן וועלכע די באַרימטע מעמואַרן פון גליקל פון האַמעלן.

די דאָזיקע עפּאָכע איז אויך רייך אין פאַרשידענע פאָלקסביכער פון מעדי־ציניש אינהאַלט, און אין פּאָפּולערע שריפטן וועגן נאַטור־וויסנשאַפט. עס זענען ווייטער פאַראַן זאַמלונגען פון פאַבלען און משלים־דיכטונגען, ווי למשל, די איבערזעצונגען פון די העברעאישע „משלי שעלים״ דערשינען אין פרייבורג אין יאָר 1583, דער „משל הקדמוני״, פראַנקפורט (1693), אויך אַ זאַמלונג פון משלים און עפּיגראַמען אונטערן נאָמען „דער צוכט־שפּיגל״ פון זעליגמאַן אולמא, דער־שינען אין האנוי אין יאָר 1610.

מיר קענען אויך אַ צאָל געלעגנהייט־דיכטונגען, צווישן וועלכע דאָס ליד אויף דער שרפה פון פראַנקפורטער געטאָ (1711) פון דוד זויגרש; משה אייגנשטאַטס קלאָג־ליד אויף דער עפּידעמיע פון פּראַג (1713); די „מגילת ווינץ״ (1616), וואָס באַשרייבט דעם אָנפאַל אויף די יידן אין פראַנקפורט אונטער דער אָנפירונג פון ווינצענץ פעטמילך.

מיר פאַרענדיקן די דאָזיקע תקופה מיט אַ דערמאָנונג, אַז דער סוף פונעם 17־טן יאָרהונדערט האָט געזען די דערשיינונג פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין אַמסטערדאַם, זי איז דערשינען צוויי מאָל אַ וואָך אונטערן נאָמען „קוראַנטען״ (1686 — 1687).

פאַר דער יידישער פאַר־קלאַסישער ליטעראַטור הויבן זיך אָן צוויי באַוועג־

גונגען, וועלכע באַהערשן די ייִדישע ליטעראַרישע שאַפונגען העכער הונדערט יאָר. דאָס זענען דער חסידיזם און די השכלה. דער חסידיזם מיט זיין דערהייבן די חשיבות פונעם ייִדישן פאָלקס־מענטש, מיט דעם באַרייכערן דאָס ייִדישע לשון, דורך אַריינפירן נייע ווערטער און אויסדרוקן, האָט געהאַט אַ גליקלעכן איינפלוס אויף דער ייִדישער ליטעראַטור. די השכלה דאַקעגן מיט איר שנאה צו דעם „זשאַרגאָן" האָט נישט מעגלעך געמאַכט אַ פּאָזיטיווע אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין דייטשלאַנד. דאַקעגן אין פוילן און רוסלאַנד האָט זיך דער השכלה נישט איינגעגעבן צו דערשטיקן דעם פלאַם פון דעם ייִדישן פאָלקס־מענטש און די ייִדישע ליטעראַטור באַקומט אַ נייעם אויפבלי מיט אייזיק מאיר דיק און מענדעלע מוכר ספרים.

פּאַריז, 1960.

# חורבן־ליטעראַטור

פון לייזער דאָמאַנקעוויטש (פּאַריז)

דער ערשטער חורבן און דער צווייטער חורבן האָבן אונדז איבערגעלאָזן איין־איינציק קלאָג־ליד, די מגילת־איכה פון ירמיהו הנביא.

שפּעטער זענען געקומען די מדרשים אויף מגילת איכה, וואָס אין דער אמתן זענען זיי געווען אַזויפיל אגדות פון טרייסט ווי חורבן־אגדות.

זיי האָבן דערציילט שיינע מעשיות וועגן די קליינע קינדער פון ירושלים וואָס זענען קלוגער ווי די גרויסע פילאָזאָפן פון אַטען און אַנדערע מעשיות פון די בריונים און די אכזריותן פון די רוימער, וואָס אַלע זענען זיי געווען מער עלע־מענטן פון טרייסט און פון דערקוויקונג.

עס האָט געמוזט אַדורכגיין נאָך אַ סך הונדערטער יאָרן אַז עס זאָל זיך הערן אַ נײַ גרויס קלאָג־ליד און אַז דאָס דאָזיקע קלאָג־ליד זאָל אַרײַנגענומען ווערן אין די תפילות און קינות פון תשעה באב צוזאַמען מיט ירמיהוס איכה. מיר מיינען די גרויסע קינה פון ר׳ יהודה הלוי: „ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך״? און געבראַכט האָט דער ערשטער חורבן נאָך קינות און קלאָג־לידער, וואָס זענען אַריין אין דער יידישער ליטורגיע אויף דער טעמע פון אַלטן חורבן, אָבער אַקטועל זענען זיי תמיד געווען צוליב די כסדרדיקע נייע צרות, ווייל די געזאַנגען פון חורבן האָבן אָנגעקניפּט אין די נייע און זייער אינהאַלט האָט זיי געמאַכט פאַר היינטצייטיק. אַזוי איז עס געווען מיט די סליחות און קינות פון די אשכנזים און נישט ווייניק צוליב די צרות פון ספרדים און יידן פון אַנדערע וועלט־טיילן.

אונדזער דריטער חורבן, דער חורבן, וואָס מיר אַליין האָבן איבערגעלעבט אין אייראָפּע, וואָס האָט אונדז צוגערויבט זעקס מיליאָן נפשות און הרוב געמאַכט אַלע יידישע קהילות מיט אַלעם וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט פון געזאַמלטן און געשאַפענעם דורך דורות, דער דאָזיקער אָט גרויסער, גרעסטער חורבן האָט נישט געבראַכט בלויז איין איכה נאָר אַ גאַנצע ליטעראַטור.

נישט נאָר די איבערגעבליבענע לעבעדיקע האָבן באַשריבן, געשילדערט, אַרויסגעוויינט זייערע איבערלעבענישן, נאָר אפילו די טויטע האָבן ביים לעבן אין זייערע באַהעלטענישן, בונקערס, געטאָס, וועלדער און גריבער באַשריבן זייערע פּיינען, זייער צוגרייטונג צום אומקום. עס זענען געשריבן געוואָרן זכרונות, פאַרזענלעכע דערינערונגען, כלל־דערמאָנונגען, משפּחה־מעמואַרן, פּנקסים פון קהילות און פון געזעלשאַפטלעכע עסקנים, קאָלעקטיווע מעמואַרן און פון אַלעם

איז געפלאָסן אַ גרויסע בענקשאַפט נאָכן פאַרטיליקטן, נאָך די שטעט און שטעט־לעך, צו וועלכע מען איז געווען צוגעבונדן ווי צו אַ פאָטערלאַנד. ווי צו אַ טערי־טאָריע, וואָס איז אייגן, טייער און אין וואָס מען האָט אַריינגעלייגט די גאַנצע נשמה און האַרץ. ווייל דאָס איז געווען דער חורבן פון אַ פאָלק און נישט פון זאַמד און שטיינער.

„מזמור לאסף באו גויים נחלתך" — הייבט זיך אָן אַ קאַפּיטל פון תהילים און עס פרעגט דער מדרש: איז דאָס אַ מזמור, אַ געזאַנג? עס ברויכט דאָך געזאָגט ווערן קינה לאסף, אַ קלאָג־ליד צו אספן, ווייל גויים זענען געקומען אין גאָטס נחלה?

און דער זעלביקער מדרש ענטפערט: „עס איז אַ געזאַנג צו דודן און נישט קיין קלאָג־ליד, ווייל ווען די גויים זענען געקומען אין דער יידישער נחלה האָבן זיי חרוב געמאַכט הייזער, מויערן, אַרויסגעריסן ביימער, בלומען, אָבער אַ פאָלק איז געבליבן און איבער דעם איז: מזמור לאסף.

היינט אָבער אין די טעג פון דעם דריטן חורבן קענען מיר דאָס נישט זאָגן.

היינט האָט מען נישט אַרויסגעריסן בלויז אַלע יידישע קהילות מיטן וואָרצל. נאָר מען האָט פאַרברענט קינד און קייט, זקנים און דאָס גאַנצע פאָלק און עס איז נאַטירלעך, אַז דער גאַנצער שארית־הפליטה און אַלע ביים לעבן־געבליבענע זאָלן נעמען אָנטייל אין אויפשטעלן דעם פאַרשריבענעם מאָנומענט פאַר אַלעם, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן.

און עס איז נישט בלויז קיין ענין פון פאַרצייכענען, פון געדענקען, עס איז אַן אַקט פון אַ נאַטירלעכער שטרעבונג צו המשך. די אַלע כתבים פון די טויט־פאַרמשפּטע און די שריפטן פון די לעבן־געבליבענע באַצוועקן בלויז מקיים צו זיין דעם זאָג, וואָס ביאַליק האָט שוין געזאָגט: „כי במותם צוו לנו את החיים".

אָבער עס וועט דאָך קומען דער מאָמענט ווען דער דור, וואָס טראָגט דעם צאַפּלדיקן האַרץ־ווייטאָג וועט פאַרשווינדן, עס וועט דאַמאָלסט אויך פאַרשווינדן דער יחידישער טרויער, דער וואָס האָט זיך איבערגעטראָגן פון די פאַרטיליקטע מאַמעס, ברידער און שוועסטער צו זייערע נאָענטע און עס וועט בלייבן דער טרויער פון אַ פאָלק אויף זיין אומגליק, אויף זיין נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע.

דער שונא האָט אונדז נישט פאַרגונען קיין שום מענטשלעכע פאָרם פון טויט. ער האָט מיט זיין ראַפינירטער שנאה און אכזריות געוואָלט אָפּנעמען ביי אונדז יעדע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע פאָרם פון אומקום, בלויז דער יידישער ווידער־שטאַנד, דער פּאַסיווער ווי דער אַקטיווער אין וואַרשעווער אויפשטאַנד, ווי אַלע אַנדערע רעזיסטאַנצן אין די וועלדער און אין די בערג, אין פוילן ווי אין פראַנק־רייך און אַנדערשוואו, האָבן דעם מאַסן־קרבן צוריקגעגעבן אַ מענטשלעכע און פאָלקישע פאָרם פון טויט, פון מלחמה, פון געראַנגל. און אָפּגעזען פון אַלע אַנדערע אַספּעקטן און כבוד פאַרטיידיקונג פון מענטשלעכער נקמה האָבן די ראַנג־לענישן און ווידערשטאַנדן יחידישע ווי קאָלעקטיווע, פאַרוואַנדלט דעם טויט פון צעשטויבטע יחידים אין אַן אַקט פון אַ פאָלקס־אומקום.

ער שרייבט זיך אַריין אין ספר־מלחמות פון יידישן פאָלק.

די זעלביקע אחריות פאַר פאָלקישקייט, פאַר געשיכטע, די זעלביקע טריי־

שאַפט צו נאַציאָנאַל־היסטאָרישן המשך, האָט דאָס צעוואָרפענע און צעשפּרייטע, צעשלאָגענע יידנטום אויך באַוויזן אויף צומאָרגנס פון דער לאַנגער נאַכט, צו־מאָרגנס נאָך דער באַפרייאונג און די אחריותדיקע אַרבעט האָט זיך נאָך אָנגע־הויבן אין די טויערן פון געטאָ גופא.

אין אָנבליק פון אַ זיכערן טויט איז אַלץ פאַרשריבן, פאַרצייכנט געוואָרן אין דער זיכערקייט און אין גלויבן, אַז עס בלייבט אַ פאָלק און אַ מענטשהייט, פאַר וועלכער עס איז כדאי דאָס צו טאָן. דאָס שרייבן, דאָס אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ איז געוואָרן אַ פיבער, אַ ליידנשאַפט, אַ צוואה און אַ מצווה.

עס האָבן עס געטאָן דיכטער אין זייערע לידער, באַהאַלטענע, באַגראָבענע. עס האָבן עס געטאָן מענטשן פון פאָלק, כראָניקערס און דערציילערס און עס האָבן עס געטאָן פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער און מיר ווייסן עס פון רינגעל־בלום־אַרכיוו, וואָס שטעלט מיט זיך היינט פאָר אַ שלל פון מאַטעריאַלן פאַר קומענ־דיקע געשיכטע־שרייבער.

גלייך אין דער ערשטער פאַזע פון נאָך־באַפרייאונג האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אינדיווידועלע זכרונות. מען איז אַרויס מיט דעם, אין לויף פון יאָרן, גע־צוימטן און דערשטיקטן געשריי פון די אומגעקומענע, אָבער באַלד האָט זיך ביי די רעשטלעך דערוועקט דער אינסטינקט פון היסטאָרישער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט. דער זעלביקער אינסטינקט, וואָס האָט באַוויזן די ווידערשטענדלער און האָט אויך באַווירקט די אַנדערע צו פאַרצייכענען, פאַרשרייבן און פאַרע־גיסטרירן, כדי אַזוי אַרום צוריק אויפלעבן דעם דורכן שונא דערמאָרדעטן עבר.

די ערשטע אַרבעט פון די פון בלוטיקן מבול געראַטעוועטע, איז געווען אַרויסצובאַקומען פון דער בלוטיקער פאַרשוועכונג דאָס שוין פון פריער נאָרמאַל־פאַרשטאָרבענע און דורכן חורבן נאָכאַמאָל אָפּגעטויטע עברדיקע לעבן מיט אַלעם, וואָס עס האָט אַנטהאַלטן. עס האָט זיך אָנגעהייבן אַן אינסטינקטיוו־קאָלעקטיווע אַרבעט פון פשוטע פאָלקס־מענטשן צוריק צו פירן אין לעבעדיקן עבר־אַריין פון נאַציאָנאַלער געשיכטע די פאַרגאַנגענע לעבנס פון שטאָט און שטעטל, מיט די לעבנס פון יחידים און קהילות, מיט די לעבנס, וואָס זענען דורכן חורבן איבער־געריסן געוואָרן אין זייער פולער שטראָמיקייט.

איצט שיינט עס, אַז די צייט פון דאָקומענטאַציע, פון פאָלקס־שרייבן און קאָ־לעקטיווע זכרונות איז פאַרביי און עס הייבט זיך אָן די דריטע פאַזע פון היס־טאָרישע ווערק, באַזירט אויף דאָקומענטן, ביכער און מעמואַרן, וואָס זענען אָנגע־זאַמלט געוואָרן. עס איז געקומען די צייט פון קאַבינעט־אַרבעט, פון שטילער און רואיקער היסטאָרישער און קינסטלערישער געשטאַלטונג. מיר ווייסן נאָך נישט ווער און ווי אַזוי דער גרויסער חורבן וועט בילדעריש און געשיכטלעך גע־שטאַלטיקט ווערן, אָבער מיר פילן און מיר ווייסן, אַז די צייט דערפאַר איז געקומען און פון „יד־ושם" און פון אַנדערע היסטאָרישע קאָמיסיעס און דאָקו־מענטאַציע־צענטערס, וועלן אַרויסקומען די עסענציעלע ווערק פאַר דורות, וואָס וועלן אונדזער צייט פעסטשטעלן פאַר די קומענדיקע דורות און דעם חורבן געבן דעם בויטיקן תיקון.

פאַריז, 1965.

# אַ מאָנומענט פאַר די אומגעבראַכטע אייראָפּעאישע יידן

פון **יוסף לעפּטוויטש** (לאָנדאָן)

גראָד האָט זיך געטראָפן די טעג, אַז דער רעדאַקטאָר פון דעם ענגליש־יידישן זשורנאַל, וואָס די אַנגלאָ־דזשואיש אסאסיישן גיט אַרויס, האָט ביי מיר געבעטן אַ רעצענזיע איבער אַ בוך פון רבי הערי ראַבינאָוויץ וועגן יידן אין פּוילן, וואָס איז איצט אַרויס. ס'פאַרשטייט זיך, אַז ראַבינאָוויץ, דער זון פון ביאַלער רבין, דערציילט דאָרט וועגן חורבן און איך האָב זיך אויך אָפּגעשטעלט אין מיין רעצענזיע וועגן חורבן און וועגן די חורבן־ליטעראַטור און די פיל יידיש־לשונדיקע ביכער איבערן חורבן, וואָס ער דערמאָנט. האָב איך באַטאָנט, אַז וויפל ס'איז נישט דערשינען חורבן־ליטעראַטור אויף אַנדערע לשונות, אפילו אַזאַ בוך, ווי הערזיס „די וואַנט" אויף ענגליש, אָדער שוואַרצבאַרטס „דער לעצטער פון די צדיקים" אויף פראַנצויזיש, אָדער אַן פראַנקס טאָגבוך אויף האָלענדיש, איז דאָך די חורבן־ליטעראַטור אין איר גאַנצקייט פאַראַן נאָר אין יידיש, דאָס לשון, מיט וועלכן די מיליאָנען אומגעקומענע יידן האָבן גערעדט און וואָס איז געווען אויף זייערע ליפּן ווען זיי זענען געשטאָרבן.

און דער רעדאַקטאָר האָט מיר געשריבן, אַז די רעצענזיע האָט געמאַכט אויף אים אַזאַ רושם, אַז ער גייט עס דרוקן נישט ווי אַ רעצענזיע, נאָר ווי אַן אַרטיקל, ווייל ס'איז אַזוי וויכטיק, אַז מענטשן זאָלן דאָס פאַרשטיין.

ווען איך בין געפאָרן קיין וואַרשע אין 1963 צו די פייערונגען פאַרן 20־טן יאָרצייט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, בין איך געפאָרן, ווי דער אָפיציעלער רעפּרעזענטאַנט פון יידישן פּען.־קלוב אין ניו־יאָרק, פון אינטערנאַציאָנאַלן פּען.־קלוב, וואָס האָט מיך באַאויפטראַגט ביי אַ זיצונג פון דער וועלט־עקזעקוטיווע, אַז איך זאָל רעדן אויך אין נאָמען פון פּוילישן פּען.־קלוב. האָב איך געלייגט די קראַנץ ביים געטאָ־מאָנומענט מיט אויפשריפטן אויף דער שלייף פון יידישן פּען.־קלוב, פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּען.־קלוב און פון פּוילישן פּען.־קלוב.

די וואַרשעווער „פאָלקסשטימע" האָט איבערגעגעבן אין איר באַריכט, אַז לעפּטוויטש האָט געבראַכט אַ קראַנץ אין נאָמען פון יידישן פּען.־קלוב, פון וועלט

פען.־קלוב און פון פּוילישן פּען.־קלוב און דער זשורנאַל פון וועלט־פּען.־קלוב „ארענא״ האָט געדרוקט אַ לאַנגן באַריכט פון מיר, איבער מיין וואַרשעווער שליחות, ווו איך האָב דערציילט, אַז איך האָב אין וואַרשע געזאָגט ביי דער יאָרצייט־פייערונג, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט מיט דער חורבן־ליטעראַטור אויף יידיש אויפגעשטעלט אַ סך אַ גרעסערן מאָנומענט פאַר די אומגעקומענע, ווי דער גרויסער מאָנומענט פון שטיין און בראָנז, וואָס מיר האָבן אים צופוסנס געלייגט אונדזערע קרענץ.

דעם געדאַנק האָט מען אפשר נאָך בעסער אויסגעדריקט אין דעם באַנד געטאָ־לידער, וואָס יידיש־בוך אין פּוילן האָט אַרויסגעגעבן מיטן נאָמען „דאָס ליד איז געבליבן״.

איך פאַרטרעט דעם יידישן פּען.־קלוב שוין אַ סך יאָרן אין וועלט־פּען.־קלוב און ביי די פּען.־קאָנגרעסן, און באַלד נאָך דער באַפרייאונג אויף דעם פּען.־קאָנגרעס אין 1946, אין שטאָקהאָלם, האָב איך געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן חורבן און וועגן די חורבן־ליטעראַטור אונדזערע. ס'איז געוואָרן געדרוקט, דער דאָזיקער רעפעראַט מיינער דאַמאָלסט, אין ניו־יאָרקער „טיימס״, אין ניו־יאָרקער „קאָמענ־טארי״, אין לאָנדאָנער „דזשואיש מאנטלי״, און אין האָלענדיש, אין אַמסטער־דאַמער „ביעועוועג״, וואָס וויקטאָר וואן וורידלאנד, וואָס איז לעצטנס געווען דער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעזידענט פון פּען., רעדאַגירט.

איך וויל דערביי נאָר דערמאָנען, אַז אין דעם רעפעראַט האָב איך גערעדט נישט נאָר וועגן די, וואָס זענען אומגעקומען און זייערע זאַכן זענען שפּעטער אויסגעגראָבן געוואָרן נאָך זייער טויט, נאָר וועגן די, וואָס זענען געבליבן לעבן, ווי סוצקעווער און גראַדע, און אויך נייע שרייבערס, וואָס האָבן ערשט גענומען זיך צו שרייבן אין די געטאָס, און איך האָב אָנגעגעבן דעם נאָמען ירחמיאל בריקס, וואָס האָט מיר דאַמאָלסט אין שטאָקהאָלם, ווו ער איז געווען אַ פּליט, געוויזן זיינע ערשטע זאַכן, צווישן זיי „די קאַץ אין געטאָ״ — אין מאַנוסקריפּט. ער האָט עס עטלעכע מאָל געשריבן, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן עפנטלעך.

נאָך פריער, אין 1941, האָבן מיר, אַ גרופּע יידישע שרייבער, וואָס האָבן דאַן געוווינט אין לאָנדאָן און זענען שפּעטער אַוועקגעפאָרן — און עטלעכע זענען געשטאָרבן — באַוויזן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּען. — אין מיטן פון דעם גרויסן בליץ — אָפּצוהאַלטן אַ טרויער־אַקאַדעמיע פאַר די אומגעקומענע יידישע שריי־בערס אין מזרח־אייראָפּע, וואָס מיר האָבן דאַן באַקומען אַ לאַנגע רשימה איבער זיי פון אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אין קויבישעוו. האָבן דאָרט גערעדט מאָדער־טוגא און סלאָנימסקי און הערמאַן אלד, דער פּען.־וועלט־סעקרעטאַר דאַמאָלסט, און לעאָ קעניג, איציק מאַנגער, ש. ראַווידאָוויץ און איך. אין דער רשימה זענען דאַמאָלסט געווען — לאָמיר זיך פרייען, וואָס עס איז געווען אַ טעות — אויך די נעמען פון סוצקעווער און גראַדע, און משה בראָדערזאָן, וואָס איז ערשט שפּעטער געפאַלן אַ קרבן פון סטאַלינען.

נאָר מיר ליגט אין געדאַנק איצט אהרן צייטלין, וואָס איז נישט געפאַלן קיין קרבן, צוליב אַ צופאַל, וואָס ער איז גראָד געווען אין אַמעריקע, ווען היטלער

איז אַריין קיין פּוילן, און ער האָט שוין נישט געקענט, ווי אימבער האָט עס נאָך געטאָן, פֿאָרן פֿון אַמעריקע צום טויט. אָבער זיין פֿאָטער, הלל צייטלין, און זיין ברודער, אלחנן צייטלין, זענען אומגעקומען. דער אַלטער הלל צייטלין, וואָס יצחק קאַצענעלסאָן שרייבט וועגן אים אין זיין „ליד פֿון אויסגעראָטענעם יידישן פֿאָלק" איז געגאַנגען מיט טלית און תפילין צום טויט.

מאַטערט עס אהרן צייטלינען, קען ער נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, ער, וואָס טרויערט יעדן טאָג, מיט די פֿייער־טעג, מיט די יאָרצייט־רעדעס, שרייבט ער? ווען מ׳איז יוצא מיט אָפֿיציעלע געדענק־טעג, איז עס אַ פֿאַרגעסן דורך געדענקען, טעאַטראַליזירטער ווייטיק איז חילול־השם. אים מאַטערט דאָס פֿאַר־געסן, ווייל מענטשן פֿאַרגעסן דאָך. דער יונגער דור וויס דאָך וועגן דעם, וואָס ס׳איז געשען נאָר פֿון געהערטן. האָב איך דאָך געזען יונגע מענטשן אין אוישוויץ גייענדיק דורך דעם טויטן־לאַגער, לאַכנדיק און שטיפֿנדיק, מיט אייז־קרעם אין דער האַנט. עס רירט זיי נישט. ס׳אַנ׳אַלטע מעשה פֿון אַלטע צייטן. די פּוילישע רעגירונג גיט אַרויס אין פֿאַרשידענע שפּראַכן, אויך אין ענגליש, אַ זשורנאַל מיטן נאָמען „פּאָלאַנד". אין נומער, וואָס איז אַרויס דאַמאָלסט צום 20־טן יאָרצייט פֿון וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, שרייבט זיך: „יענע טעג זענען ווייט הינטער אונדז. גראָז וואַקסט אויף די פֿאַרניכטונגס־ערטער און דער מענטשלעכער זכרון איז שוואַך. אפֿילו די קינדער און אייניקלעך פֿון די אומגעקומענע ווייסן נישט וואָס ס׳איז געווען". און אויפֿן זעלביקן זייטל דערמאָנט דאָס בלאַט שמואל זיגעל־בוים, וואָס איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דאָ אין לאָנדאָן, מיינענדיק, אַז זיין טויט וועט אויפֿטרייסלען די וועלט וועגן דעם וואָס איז געווען אין פּוילן. ס׳האָט נישט געטרייסלט. ווי שטענדיק, בלויז דאָס ליד איז געבליבן. אונגערס ליד, וואָס ער האָט דאַמאָלסט אָנגעשריבן דאָ, אין זעלביקן לאָנדאָן, ווו זיגעלבוים האָט זיך גענומען דאָס לעבן, און זיין אַש איז געלעגן אין גאָלדערס גרין קרעמאַטאָריום. און מאַנגער און בן־ציון מרגלית און איך זענען אַמאָל אַהינגעגאַנגען מיט זיגעל־בוימס ברודער, פֿייוול, פֿון דרום־אַפֿריקע, און מרגלית האָט געזאָגט קדיש. מאַנ־גערס ליד איז געבליבן צום אָנדענק פֿון שמואל זיגעלבוים — „איז מיר באַשערט צו זיין דער לעצטער זינגער פֿון אַן אויסגעסמטער ערד?"

דאָס שרעקט אהרן צייטלינען און פֿון דער דאָזיקער שרעק האָט ער געשריבן זיין:

אויך דאָס וועט ווערן פֿאַרגעסן, אויך דאָס.
פֿאַרברענט געוואָרן מיין פֿאָלק,
און ס׳וועט ווערן פֿאַרגעסן אויך דאָס.

אַזוי איז צו פֿאַרשטיין דער ווייטיק, וואָס האָט געטריבן לייוויקן צו שרייבן זיינע טרעבלינקאַ־לידער: „אין טרעבלינקאַ בין איך נישט געווען", ווי מיט אַ שאָד־געפֿיל, וואָס אַנדערע זענען דאָרט יאָ געווען און ער נישט. אַזוי שרייבט טאַקע אהרן צייטלין:

„אין אונדזער דור דאַרף יעדער ייד, אפֿילו ווען ער אַליין איז נישט געווען

אין קיינעם פון די געטאָס און די אויסראָטונגס־לאַגערן, זיך באַטראַכטן נישט, ווי איינער, וואָס לעבט ממילא, נאָר ווי אַ לעבן־געבליבענער, וואָס דאָס איז מער און אַנדערש. אין אַ לעבן־געבליבענעם נאָך אַ שיפבראָך לעבט די טראַגעדיע פון דעם שיפבראָך. אַזוי דאַרף אין יעדן ייד לעבן די בראָך פון די זעקס מיליאָן".

צום פענ.־קאָנגרעס אין 1946 אין שטאָקהאָלם האָט לייוויק געזאָלט זיין מיין חבר אין דער פאַרטרעטונג פון יידישן פענ.־קלוב. ער איז טאַקע אַרויסגעפאָרן פון אַמעריקע, אָבער ער איז געבליבן שטעקן אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד. ער האָט מיר געשריבן פון מינכען, אַז ער קען זיך נישט אָוועקרייסן. „איך בין איבער־געלאָדן מיטן יידישן אומגליק, מיט די יידישע צרות דאָ" — שרייבט ער אין דעם בריוו — „שווער צו שרייבן דערווייל וועגן דעם". אָבער די צייט איז געקומען און ער האָט יאָ געשריבן וועגן דעם, זיינע געוויטיקטע טרעבלינקאַ־לידער:

„פאַרגיב מיר, קרבן,
וואָס כ'קוק אַריין
אין אויג אין דיין".

„באַדאַרפט האָב איך מיט אייך צוזאַמען שטאַרבן".

דאָס איז דער געמיט פון אהרן צייטלין אין זיין ליד:

„נשמות פון קדושים, זאָגט קדיש נאָך מיר,
דעם מת, וואָס גייט אום אויף דער ערד.
איך בין אייער קדיש נישט ווערט".

דאָס איז די שטימונג פון איציק מאַנגער:

„ר' לוי יצחק, אין טלית און תפילין,
רירט זיך נישט פון אָרט.
ער שוויגט פאַרעקשנט, דער אַלטער איז ברוגז
מיט זיין אַלטן גאָט".

שלום אַש איז געפאָרן אין זיינע לעצטע יאָרן זיך באַזעצן אין ישראל און ער האָט געשריבן אַ ריי עסייען וועגן דעם נייעם ישראל, וואָס ער האָט מיר געגעבן איבערצוזעצן אין ענגליש, און זיי זענען געדרוקט געוואָרן אין „דזשואיש קראָניקל". אָבער איידער ער איז אַהינגעפאָרן, אַז איך בין צוריקגעקומען פון ישראל, נישט לאַנג נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, און איך האָב אים דערציילט, ווי ס'לעבט זיך דאָרט, האָט ער זיך צעוויינט. — פאַרוואָס — האָט ער זיך געפרעגט — האָט גאָט געלאָזט אויסשעכטן צוערשט מיינע מיליאָנען יידן? דערמאָן איך זיך שלום אַשס בילד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָכן חורבן, ווי

ער זעט די געשאָכטענע יידן גיין דורך די גאַסן פון וואַרשע, מיליאָנען טויטע, קדושים, פאַרברענטע, צעשטאָכענע, געפּאַנגענע, פאַרמאַטערטע, פאַרהונגערטע, פרומע יידן, חסידים, פרייע, בונדיסטן, קאָמוניסטן — אַלע דערהרגעטע פון דעם זעלבן גזלן היטלער.

„גאָט, שרייבט אורי צבי גרינבערג, צוריקערנדיק זיך צו יידיש לשון,
דו האָסט געזען דאָס.
גאָט, האָסטו געשוויגן!
זקנים, טאַטע־מאַמע, קינדער פון די וויגן,
מיידלעך — קאַרשנבוימער, יונגען ווי די דעמבעס".

„היינט שטייען מיר לעבנגעבליבענע, אָט ווי פאַראָרעמט מיר זענען,
ביי די טויערן הויכע פון טרערן, אבלים, יאָרצייטליכט ברענען".

מ'האָט געשריבן אין די געטאָס, אין די לאַגערן, נישט נאָר לידער, נאָר אַלע מין פאָרמען פון געשריבענעם וואָרט, אפילו — ווי ס'לעבן שיקט זיך — שונד־ליטעראַטור. ווי יאַנאַס טורקאָוו גיט איבער אין זיין בוך „חורבן וואַרשע" האָט מען אָרגאַניזירט אין וואַרשעווער געטאָ משפטים איבער שונד־ליטעראַטור. מען האָט אַרויסגעלאָזט אַ גאַנצע רייע פּעריאָדישע אויסגאַבן אין דער יידישער שפּראַך, וואָס זענען געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ.

און וועגן דעם ענין יידיש לשון דערציילט יאָנאַס טורקאָוו, אַז אין די פאַר־שידענע קאָנצערטן און טעאַטער־אונטערנעמונגען אין געטאָ האָבן זיי אַלע געמוזט פאָרקומען אין דער יידישער שפּראַך. „אַרטיסטן, וואָס זענען זייער גאַנץ לעבן אויפ־געטרעטן אויף דער פּוילישער בינע, האָבן זיך געמוזט אויסלערנען יידישע רעציטאַציעס, יידישע לידער, אויב זיי האָבן געוואָלט אויפטרעטן אין אונדזער זאַל".

איך האָב די טעג דערהאַלטן פון יוסף רובינשטיין פון ניו־יאָרק זיין בוך „חורבן פּוילן". האָב איך דאָרט געפונען אַ ליד: פאַרן חורבן. אַנ'אָוונט אין וואַר־שעווער שרייבער־פאַראיין:

„איך זע קאַציזנען,
איך הער די ווערטער זיינע — איצט נביאישע שוין רעד:
מיך נעמט אַרום אַ שרעק, איך שטיי דאָ און מיך שווידערט,
מיך שרעקט די וועלט, איר הערט, איך קען קיין אָרט זיך נישט געפינען,
מיר דוכט זיך אַלץ — אַ טאָג קען קומען, ס'זאָל די שעה נישט זיין,
און וואַרשע זאָל אַ חרובע גאָר ליגן אין רואינען.
די גאַסן וועלן מער נישט זיין, נאָר חורבות, שרעק און פּיין.
אַ טאָג וועט זיין, ווען זיין וועט דאַן אָן יידן פּוילן,
אַ וואַרשע אָן נאַלעווקעס, אַ וואַרשע אָן אַ ייד".

„און בלייבן ווי אַן עכאָ נאָר, אין די שורות פון אַ ליד.
איר הערט — אין ליד! דאָרט, נאָר דאָרט וועלן זיי פאַרבלייבן אויף שטענדיק, אין אַ ליד".

יוסף רובינשטיין דערציילט אין זיין ליד, ווי בערל מאַרק — וואָס זיצט אין וואַרשע, אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט — זיצט קעגנאיבער קאַציזנע בעת די נביאישע רייד זיינע, און קוקט אים אָן בלייך־פאַרצווייפלט.

„פרילוצקי גיט צו מיר אַ זאָג — וואָס פלאַפּלט ער, ס'איז שטות!
אלחנן צייטלין קוקט דערשטוינט.
ווו איז ער איצט קאַציזנע? פרעגט רובינשטיין אין זיין ליד.
איך הער נאָך אַלץ זיין שטימע פול מיט צאַפּל און מיט שרעק,
ווו איז ער איצט? עס האָבן אים דערהרגעט די אוקראַינער,
ווען ער איז פון דעם דייטש געלאָפן, פון לעמבערג, אויפן וועג".

איך בין אין זומער געווען אין רוים ביים „אָרט"־וועלט־קאָנגרעס און דאָרט איז געקומען קאַציזנעס טאָכטער, וואָס לעבט איצט אין רוים. זי האָט זיך גע־פרעגט, צי עמיצער ווייס וועגן איר טאַטן, וועגן זיינע זאַכן. איצט זע איך, אַז זי האָט אין פאַריזער „אונזער וואָרט" אָפּגעדרוקט אַ בריוו, אַ ווענדונג צו אַלע, וואָס האָבן געקענט איר טאַטן, צי זיי האָבן זאַכן זיינע, ווייל זי וויל זיי צונויפ־קלייבן און פאַרעפנטלעכן.
ווי זאָגט עס יוסף רובינשטיין?

„ס'וועט בלייבן ווי אַן עכאָ נאָר, אין די שורות פון אַ ליד".

לידער, דוקא לידער, לידער אויף יידיש לשון. ווי זאָגט עס מאַנגער?

איז די גאָלדענע פּאַווע געפלויגן, געפלויגן,
דורך טויזנט געפאַרן קיין ניו־יאָרק,
דאָס קראַנקע קלאָר־ווייסע ציגעלע אין געטאָ,
איז איר איין און איינציקע זאָרג.
אָט איז זי געפלויגן און אָט איז זי געקומען,
און בעט זיך רחמים ביים האַרץ פון דער וועלט.
נאָר אפשר דערפאַר ווייל זי טענהט אויף יידיש,
פאַרשטיין נישט די מושלים פון דער וועלט.

„יידיש־בוך" אין וואַרשע האָט אַרויסגעגעבן אַ באַנד „דאָס ליד פון געטאָ". שרייבט רות פּופּס, וואָס האָט דאָס בוך צוגעגרייט: „אין די געטאָס און לאַגערן האָט מען מאַסנווייז געשריבן לידער. די ליטעראַטור פון דער חורבן־צייט איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון טאָגביכער און לידער". לעיעלעס האָט נאָך אין 1945 געשריבן וועגן אָט די לידער: „ווי האָבן די מענטשן געקענט שרייבן לידער, זאָרגן זיך פאַר ריטם, מעטער, גראַם?". דאָרט אין דעם מויל פון טויט האָבן זיי געשריבן לידער, געשאַפן פּאָעזיע. דאָס שאַפן איז געווען פאַר זיי אַ טרייסט, אַ פאַרלייכטערונג. די אַלע דיכטער האָבן מיט זייערע אויגן צוגעזען

דאָס פּאַרטיליקן ס'יידישע פּאָלק. דאָרט האָבן זיי פאַרשריבן זייערע פּערזן. מעגלעך, אַז דורך אַ שפּאַרונע פון אַ לויפנדיקן צוג האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן זייערע פאַר־שריבענע פּאַפּירלעך און עמיצער האָט זיי געפונען, אָדער מ'האָט זיי באַגראָבן, ווי רינגעלבלומס טאָגביכער און אַנדערע זאַכן, אויך ריינע ליטעראַטור. בערל מאַרק דערציילט, אַז „אין די בלעכענע קעסטלעך און צוויי מילך־קאַנען, אין וועלכע רינ־געלבלום און זיינע מיטאַרבעטער האָבן באַהאַלטן דעם אונטערערדישן געטאָ־אַרכיוו, פאַרנעמען די ליטעראַרישע ווערק אַ חשובן אָרט". אויך יצחק קאַצע־נעלסאָן האָט באַגראָבן זיין „ליד פון אויסגעשאָכטענעם יידישן פאָלק" און אַנדערע לידער, וואָס מ'האָט זיי שפּעטער אויסגעגראָבן. „פאַרחתמעט אין דריי פלעשער", שרייבט אהרן צייטלין וועגן דעם, איז „דאָס ליד פון אויסגעשאָכטענעם יידישן פאָלק" באַגראָבן געוואָרן אין דער ערד און האָט זיך צום סוף דערוואַרט אויף אויסגראָבונג, אויף תחית המתים". אַ סך פון די באַגראָבענע לידער און אַנדערע שריפטן זענען אויפגעשטאַנען תחית המתים. אין דער הקדמה צו שאַיעוויטשעס ליד פון לאָדזשער געטאָ „לך לך" שרייבט דער אַרויסגעבער: „דאָס רוב פון די שאַפונגען פון די דיכטער איז נישט דערגאַנגען צו אונדז". שאַיעוויטשעס ליד איז יאָ דערגאַנגען צו אונדז, ווי ער שרייבט עס אין זיין ליד — „אין אַ מזלדיקער שעה": „נישט הפקר אַ וועלט". שאַיעוויטש וויל עפּעס פון דער וועלט. „איך פאַרלאַנג — וועק אויף פון זייער שלאָף די מאַמע רחל, דעם בערדיטשעווער צדיק, און ביאַליק, און איר זאָלט זאַלבעדריט גיין פאַר גאָט. ביאַליק וועט דונערן און פאָדערן, רחל וועט וויינען און בעטן, און לוי יצחק וועט אַ דין־תורה האַלטן".

נאָר דאָס ליד, וואָס האָט מיך גאָר שטאַרק גערירט איז יצחק קאַצענעלסאָנס „ליד פון שלמה זשעליכאָווסקי".

איך בין געפאָרן פון לאָדזש קיין זדונסקאַ וואָלאַ, די שטאָט ווו מיין מאַמע איז געבוירן געוואָרן. נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין דאָרט געווען. ס'איז געווען אַ צוויי טעג נאָך שבועות און די יידן אין זדונסקאַ וואָלאַ, אַ צוויי־דריי מנינים, נישט מער, האָבן מיר דערציילט וועגן זייער גרויסן יום־טוב, שבועות. אַלע יידן פון דער שטאָט זענען געווען אין שול, ווייל שבועות זענען אין זדונסקאַ וואָלאַ געהאָנגען געוואָרן די צען ערובניקעס, וואָס די דייטשן האָבן גענומען געפאַנגען. און זיי האָבן מיר דערציילט וועגן דעם יידישן העלד שלמה זשעלי־כאָווסקי פון זדונסקאַ וואָלאַ, וואָס איז געגאַנגען זינגענדיק צו דער תליה. איך האָב דאַמאָלסט געהאַלטן אין ענדיקן מיין אַנטאָלאָגיע פון יידישע לידער און בערל מאַרק האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן קאָפּיעס פון עטלעכע לידער, וואָס געפינען זיך אין היסטאָרישן אינסטיטוט און זענען נאָך נישט געדרוקט. ווען איך בין געקומען צוריק קיין וואַרשע האָט ער געהאַט פאַר מיר גרייט עטלעכע איבער־געשריבענע לידער, צווישן זיי „דאָס ליד פון שלמה זשעליכאָווסקי" פון יצחק קאַצענעלסאָן.

דאָס איז איינע פון די גרויסע לידער פון דער חורבן־צייט.

... אין זדונסקיע וואָליע טוט זיך, עס רעשט, עס רודערט זיך, און ס'טומלט
ס'איז ערב שבועות — דער טאָג פון מתן־תורה און ס'איז קאָנטיק:

מען האָט דעם געטאָ דעם פאַרמאַכטן אויפגעעפנט פאַר גויים פון אַרום דאָרט
אַליין די דייטשן מאַכן די הכנות צו דעם יום־טוב.

... ער זינגט און ס'זינגען אַלע קדושים מיט אים מיט, דאָס ליד פון ליבע
צו דער הייליקער דער שטאָט, וואָס גויים האָבן אין אכזריות פאַרוויסט זי —
עס קלאַפּן זינגענדיק אין האַרצן זיך און ס'גייען זיי די אויגן איבער,
צווישן זיי אַנ'אָפּטריניקער איינער און איינער און איינער אַ געוועזענער
בונדיסט דאָרט —

... זיי שטייען גרייט, באַשלאָסן פעסט, ווי אָדלער פאַרן פלי, גרייט אָפּצופליען,
און ווענדן טריי אין ליבשאַפט צו שלמה זשעליכאָווסקין זייערע בליקן —
און שלמה זשעליכאָווסקי, האָט האָפערדיק צו אַלע זיי הויך אויסגעשריען:
ס'איז ערב שבועות היינט, קומט, לאָזט מיט מיר זיך, יידן, אין אַ ריקוד!

אָט וועלן פאַרן טויט מיר יעצט זיך לאָזן אין אַ כשרן אַ טאַנץ דאָ!
עס איז אונדז וויל און גוט איז אונדז, אָט דאָ, אין מאַרק, אין מיטן
מקריב זיין זיך פאַרן כלל ישראל, כלל ישראל, כל ישראל, גאַנץ און גאַנצן.
דער חומר אונדזערער וויל'ס ווי דער נפש — לאָמיר טאַנצן, יידן!

... זינגט וועלטן אַלע, זינגט דעם נאָמען שלמה זשעליכאָווסקי
ער האָט דעם מענטש אויף דר'ערד, דעם מענטש דערהויבן!

טאָ זינגט זשע אים, זינגט אים אַ לויב־געזאַנג, מענטשן
אַ לויב ליד זינגט אונטער דער זון אים?
צי האָט איר אַזעלכן אַ מאַן געזען שוין?
צי האָט איר אַזעלכן געפונען?

זינגט'זשע אַ לויב־געזאַנג לענדער און ימען
זינגט וועלדער, זינגט היגלען און טאָלן!
זינגט זשעליכאָווסקין, דעם ייד, זינגט צוזאַמען:
מיט גאָט זינגט; ער איז אונדז געפאַלן!

זינגט זונען און שטערן אין אַלע עק וועלטן,
אין ליכטיקייט זינגט און אין פריידן,
זינגט אים, באַזינגט אים, דעם העלד פון די העלדן,
זינגט אים, דעם ייד פון די יידן!

זינגט, כאָטש ער האָט נישט, נישט קיינעם אויף דר'ערד דאָ
דערהרגעט, נישט קיינעם געשאָסן,
זינגט, כאָטש ער איז נישט געוועזן קיין מערדער
וואָס קיינמאָל קיין בלוט נישט פאַרגאָסן.

נישט חרוב געמאַכט, נישט קיין שטאָט, נישט קיין דאָרף נישט,
און מיט אַ מאַשין נישט געפלויגן,
קיין מענטש אויף קיין וועג נישט מיט באָמבעס באַוואָרפן,
קיין שווערד פון איר שייד נישט געצויגן,

זינגט אים, דעם העלד פון דעם אָרימען שטעטל,
פון געסלעך ענגע און שמאָלע.
זינגט אים, באַזינגט אים, אָט איז ער, זע, זעט אים,
דעם הייליקן פון זדונסקיע וואָליע.

לאָנדאָן, 1966.

# די ראָלע און פליכטן פון יידישן שרייבער היינט צו טאָג

# אַרײַנפֿיר

פֿון **יעקב זאָנטאָג** (לאָנדאָן)

אויב מיר װעלן נישט דעפֿינירן די ראָלע פֿון ייִדישן שרײַבער װעלן מיר נישט קענען באַהאַנדלען די פּראָגעס, װאָס שטייען אויפֿן סדר־היום.

איך האָב געהאַט דעם כּבוד מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אין ישׂראל, אין אויגוסט פֿון לעצטן יאָר, אויך צו זײַן דער פּאַרזיצער פֿון אײנער פֿון די סעסיעס פֿון דעם ערשטן ענגליש־ייִדישן־ישׂראלדיקן סימפּאָזיום. צום ערשטן מאָל האָבן מיר זיך אַלס ענגליש־ייִדישע שרײַבער געטראָפֿן מיט די ישׂראלדיקע שרײַבער אַלס ייִדישע שרײַבער. זיי האָבן אין ישׂראל שוין געהאַט אַ סך דיאַלאָגן: אַמעריקאַניש־ישׂראלדיקער דיאַלאָג, אַמעריקאַניש־ייִדישער דיאַלאָג. אָבער אַ דיאַלאָג צװישן שרײַבער אַלס ייִדן איז דאַמאָלסט פֿאָרגעקומען צום ערשטן מאָל. ער איז אָרגאַניזירט געוואָרן פֿון אגודת הסופֿרים פֿון אײן זײַט און פֿון דער ענגליש־ייִדישער צײַטשריפֿט „דזשואיש־קוואַטערלי" פֿון דער אַנדערער זײַט. עס זענען געקומען פֿון ענגלאַנד זעקס ייִדישע שרײַבער, װעלכע שרײַבן אויף ענגליש און די אגודת הסופֿרים האָט באַשטימט פֿיר העברעאישע שרײַבער סײַ פֿון עלטערן דור און סײַ פֿון ייִנגערן דור. איך דערמאָן זיך, נישט נאָר צוליב דעם, װײַל דאָס איז געװען אַ װיכטיקע געשעעניש, נאָר איך דערמאָן זיך צוליב דעם, װײַל בײַ דער דאָזיקער טרעפֿונג האָט זיך אַרויסגעװיזן דאָס װאָס אײניקע פֿון אונדז האָבן תּמיד געגלויבט, אָבער מיר האָבן עס נישט געקענט גענוי װיסן, אַז די פּראָבלעמען פֿון ייִדישן שרײַבער, װו ער זאָל זיך נישט געפֿינען, און די פּראָבלעמען פֿון העברעאישן שרײַבער אין ישׂראל זענען מער אָדער װײניקער די זעלביקע פּראָבלעמען. און די פּראָבלעמען קען מען אויסדריקן טאַקע מיט דער פֿראַגע: װאָס איז די ראָלע און װאָס זענען די פֿליכטן פֿון ייִדישן שרײַבער הײַנט צו טאָג?

די טעמע אַלײן, דרך אגבֿ, פֿון דאָזיקן סימפּאָזיום איז געװען: אוניװערסאַלע און ייִדישע עלעמענטן אין אונדזער שאַפֿונג. אַ װײַטע טעמע. דאָס הייסט, אַז דער ענגליש־ייִדישער שרײַבער, װאָס נעמט אַרום אין זײַנע שאַפֿונגען ייִדישע עלעמענטן, הגם ער שרײַבט אויף אַ נישט־ייִדישער שפּראַך, אויף ענגליש, און דער ישׂראלדיקער שרײַבער פֿון זײַן זײַט האָט געדאַרפֿט אַרויסברענגען מיט װאָס, הגם ער שרײַבט עבֿרית, איז ער אין זײַן טעמאַטיק אויך ייִדיש. איז עס טאַקע נישט געװען קײן עסטעטיש־ליטעראַרישע דיסקוסיע, נאָר אַ דיסקוסיע װעגן דער אחריות, װעגן דעם באַנעם פֿון דעם ייִדישן שרײַבער און פֿון די פּראָבלעמען, װאָס שטייען פֿאַר אים.

עס האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין ישראל אַליין. איך בין נישט זיכער ווי ווייט דער אָפּקלאַנג איז געווען גרויס אויך אין חוץ־לארץ. אָבער די וואָס ווילן זיך דערמיט באַקענען, איז איין נומער פון „מאזנים״, די צייטשריפט פון אגודת הסופרים, געווידמעט אויף גאַנצע פיר און זעכציק זייטן פאַר אַ ווערטלעכן פּראָטאָקאָל פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען. און די וואָס לייענען ענגליש קענען באַקומען ביי מיר אַ ווערטלעכן פּראָטאָקאָל פון די דאָזיקע דיסקוסיעס. איך מיין, אַז עס וואָלט געווען פאַר יעדן אינטערעסאַנט דאָס צו לייענען.

אָט מיט די פאָר ווערטער האָב איך געוואָלט פאָרשטעלן די טעמע. איך בין נישט זיכער, צי עס איז פאַר אונדז אַלעמען קלאָר, אַז רעדנדיק וועגן דער ראָל און די פליכטן פון יידישן שרייבער, מיינען מיר דעם יידישן שרייבער נישט נאָר אויף יידיש. נאָר די ראָלע פון יידישן שרייבער אויף יידיש איז אין אַ געוויסער מאָס גרעסער, מער פאַראַנטוואָרטלעך, ווייל ער דאַרף מער פאַרנעמען די פּראָב־לעמען פון אונדזער צייט. אָבער לויט מיין צוגאַנג איז דאָס די זעלביקע פּראַגע פאַר יידישע שרייבער, אין וועלכער שפּראַך זיי זאָלן נישט שרייבן. עפּן איך דערמיט די היינטיקע זיצונג און איך גיב דאָס וואָרט דעם ח׳ ד״ר סלאָוועס צו רעדן אויף דער טעמע. וועגן ד״ר סלאָוועס, מיין איך, דאַרף איך אַ סך נישט רעדן. זיין נאָמען איז אייך אַלעמען באַקאַנט. איך אַליין האָב געלייענט מיט אַ גרויסן אינ־טערעס איינעם פון זיינע לעצטע אַרטיקלען אין „יידישע קולטור״, אין וועלכן ער באַשעפטיקט זיך מיט דער פּראָבלעמאַטיק פון יידישן שאַפן אין סאָוויעט־רוסלאַנד און איך האָב געהאַלטן פאַר נויטיק איבערצוגעבן אויף ענגליש דעם תמצית פון זיינע באַטראַכטונגען. אין דער אמתן, ווען ער רעדט וועגן יידישן שאַפן אין סאָוויעט־רוסלאַנד אין דאָזיקן אַרטיקל, איז אויך אַרויסגעקומען די פּראַגע וועגן דער ראָלע און וועגן די פליכטן פון יידישן שרייבער היינט צו טאָג.

בריסל, 1967.

# דער יידישער שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור

פון ד״ר חיים סלאָוועס (פּאַריז)

איר וועט מיר דערלויבן קודם כל דאָ אויסדריקן אַ דאַנק די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם סימפּאָזיום פאַר איינלאַדן מיך אָנטיילצונעמען אין אים. איך גלויב, אַז עס איז גוט ווען מען באַקענט זיך נענטער און מען טרעפט זיך, וואָס אויסער אונדזערע נעמען, וואָס זענען בלויז נעמען, דערשיינען אויך לעבעדיקע מענטשן, געזיכטער; מיר קוקן זיך איינע די אַנדערע אָן, און אויב נישט אַלע האָבן מיר יידישע נעז, אָבער אַלע, ווייזט זיך אַרויס, האָבן מיר יידישע אויגן און מיר זענען שעפערישע מענטשן, און דאָס הייסט, אַז מיר מוזן נישט דוקא זען קיין שדימלעך איינער ביים צווייטן אין די אויגן, נאָר דעם צלם אלקים, וועלכן יעדער באַנעמט אויף זיין אופן.

אפשר אַ טייל פון איך הייס, פאַר די, וואָס ווייסן נישט, וועל איך זאָגן, אַז איך בין אַ יידישער שרייבער, אַ יידישער קולטור־טוער, וועלכער איז נישט קיין פּאָליטיקער, אָבער וועלכער איז פאַרבונדן זיין גאַנץ לעבן מיט דער קאָמוניס־טישער באַוועגונג. איך בין אַ יידישער קאָמוניסט, אַ יידישער קאָמוניסטישער שרייבער, און איך גלויב, אַז עס איז ריכטיק געטאָן געוואָרן, וואָס די אָרגאַני־זאַטאָרן פון סימפּאָזיום האָבן פאַרבעטן צום דאָזיקן שמועס אַ יידישן קאָמוניסטישן שרייבער.

אין דער גויישער וועלט, נאָכן קאָנסיל, רעדט מען זייער אַ סך וועגן אייקו־מעניזם. מיר זענען דאָך אַן אייקומעניסטיש פאָלק פאַר עקסצעלאַנס, אַ וועלט־פאָלק, און די אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט איינגעאָרדנט דעם סימפּאָזיום, דער וועלט־קאָנגרעס, איז דאָך דורך דער דעפיניציע אַליין אַן אייקומעניסטישע יידישע וועלט־באַוועגונג. איז גוט וואָס מיר קענען זיך טרעפן צוזאַמען און באַהאַנדלען ענינים, וואָס זענען אונדז אַלעמען פּונקט אַזוי נאָענט און אייגן. איך מיין, אַז דאָס וואָלט געדאַרפט זיין בלויז דער ערשטער טריט. מען דאַרף, וואָלט איך געזאָגט, זיך איינשטעלן אויף דער אמתער אַלוועלטלעכקייט און אַלזייטיקייט און פיל פאָרמ־דיקייט פון דער יידישער קולטור און פון יידישן פאָלק אין זיינע פאַרשידענע שיטות. און דעריבער וועל איך זאָגן, אַזוי ווי מיר זענען שוין נישט אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, נאָר אויף אַרבעט־זיצונגען, אַז מיר האָט אַ ביסל ווייט געטאָן נעכטן,

וואָס דער פּאָרזיצער בעת ער האָט דערמאָנט אין יזכור די אבידות פון דעם לעצטן יאָר, האָט ער אַרויסגעלאָזן, אַזאַ גרויסע יידישע פּערזענלעכקייט און אַזאַ גרויסן יידישן קולטור־מענטש, ווי נחמן מייזל, וואָס איז פאַראַיאָרן געשטאָרבן, וועלכער האָט קאָלאָסאַלע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער קולטור; יעקב פּאַט, וועלכער איז מיינער אַ לערער געווען, איך בין געווען זיינער אַ שילער; ער האָט אויך אויסגעלאָזן אַ פאַריזער ייד, אַ יחיד במינו, יחיאל אַראָנסאָן, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן פאַר דער יידישער פּלאַסטישער קונסט. איך גלויב — און איר וועט מיר מוחל זיין — אַז דאָס זענען זאַכן, וועלכע מען דאַרף אָפּמערקן. יאָ, נאָך בערל מאַרק, וועלכער איז געווען נישט נאָר מיינער אַ נאָענטער חבר און פריינד, נאָר איינער פון די פאַרדינסטפולסטע יידישע היסטאָריקער פון נאָך דער מלחמה און ספּעציעל פון פעריאָד פון חורבן און גבורה.

איך וויל אייך היינט רעדן וועגן ענין — דער יידישער שרייבער אין אונדזער היינטיקער צייט. איך האָב די טעמע נישט באַנומען, אַזוי ווי עס האָט עס פאַר־שטאַנען מיין פריינד זאַנטאַג, ווייל דאָס איז אַ טעמע אינגאַנצן פאַר זיך און אַ גרויסע טעמע: יידישע ליטעראַטור אויף נישט־יידיש, יידישע ליטעראַטור אויף אַנדערע שפּראַכן. דאָס איז אַ גרויסע טעמע און אַ וויכטיקע טעמע. אָבער וועגן איר וואָלט מען געדאַרפט, און איך מיין אַז מען דאַרף טאָקע, שמועסן באַזונדער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיר רעדן וועגן יידישן שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור און וועגן דעם דאָזיקן שרייבער, וועגן דעם דאָזיקן ענין, וויל איך זאָגן עטלעכע ווערטער.

אויב מיר רעדן, טייערע פריינד, וועגן יידישן שרייבער אין דער היינט־צייטיקייט, מוזן מיר וואַרפן אַ בליק אויף דער נישט לאַנגער פאַרגאַנגענהייט. ווי ווייט איז עס געווען, קוים עטלעכע צענדליק יאָר, און איך גלויב, אַז אויב נישט יעדערער, איז זייער פיל פון אונדז האָבן נאָך דאָס בילד אין זכרון. ס'איז געווען אַ וווּנדערלעכער פרילינג אין יידישן לעבן און נאָכן פרילינג איז געקומען אַ פרוכפּערדיקער, אַ זאַטער און געבענטשטער זומער. יידישע ליטעראַטור, וואָס האָט געהאַט איינגעזאַפּט און איינגעזאַמלט אין זיך כלערליי דורותדיקע זאַפטן פון פאָלקס־לעבן האָט זיך צעבליט און זיך צעוואַקסן מיט אַן אומגעזעענער שפע אין דער טיף און אין דער ברייט. זי איז געוואָרן אַ וועלט־ליטעראַטור נישט בלויז אין געאָגראַפישן זין פון וואָרט, ווייל איינגעוואָרצלט בפירוש בכל פינות העולם, נאָר אויך לויט איר קינסטלעריש־אידעאישן פאַרנעם און באַדייט, אין דער ברייטקייט פון איר קוק, מיט דער רייפקייט פון אירע ווערק און מיט דער שעפערישער גבורה פון אירע בעסטע און וויכטיקסטע פאַרשטייער. אונדזער פרילינג איז געווען אַ פאַרשפּעטיקטער לגבי דעם אַזוי גערופענעם פעלקער־פרילינג, דעם פרילינג פון די פעלקער פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. אָבער דוקא ווייל ער איז געווען אַ פאַרשפּעטיקטער איז ער אָנגעלאָפן מיט אימפּעט, מיט רעש און שטורעם, מיט דונער און בליצן און אין אַ קורצער צייט פון קוים עטלעכע צענדליק יאָר — און דאָס באַדייט דאָך ממש אַ היסטאָרישער אויגנבליק — איז יידיש לעבן מער נישט געווען צו דערקענען. איר דערמאָנט זיך זיכער, טייערע פריינד, ווי דער זיידע, ר' מענדעלע, האָט געטראָפן די יידישע עדה אין מיטל־

אַלטער. איז דען דאָ נאָך איין אומה אין דער וועלט — האָט ער געפרעגט מיט זיין קלוגן שמייכעלע — וואָס דער גאַנצער לעבנס־שטייגער פון איטלעכן באַזונדער זאָל זיך ציען פון געבוירן ביזן שטאַרבן אויף איין נוסח, ווי ביי אונדז יידישע קינדער? און אַזוי טאַקע האָט עס אים אויסגעוויזן, מענדעלען, אַז דער נוסח וועט בלייבן אין ווייטערדיקן גליוור, אין דורותדיקן דרעמל. קאָמפּאַניעס גייען — האָט ער געזאָגט, קאָמפּאַניעס קומען און גלופּסק וועט בלייבן גלופּסק. אָבער שוין ביי מענדעלעס לעבן נאָך איז גלופּסק געוואָרן אויס גלופּסק. קאסרי־לעוועקע האָט זיך אַרויסגעלאָזט צוערשט קיין יעהופּעץ און דערנאָך דורך אַלע אַנטווערפּנס, לאָנדאָנס און פּאַריז אין קאָלומבוסעס מדינה. דאָס פאָלק פון צאַרישן תחום־המושב האָט אין געציילטע עטלעכע צענדליק יאָר זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וועלט־פאָלק. און דער זיידע גופא, ר' מענדעלע, ער אַליין האָט נאָך דערלעבט צו דער רוסישער רעוואָלוציע און איז אַרויס מיט זיין באַרימטן רוף „צו מיינע ליבע יידן און בירגער פון גרויסן, זיך באַפרייטן און וועלט־באַפרייענדיקן רוסלאַנד״. מענדעלעס זיידע, וואָס האָט זיך געקלאַמערט צו די ברעגעס פון דער באַרימטער גנילאָפּיאַטעוועקע, אין וועגעטאַטיווער, לעטאַרגיש־אומדיפערענצירטער געשפּענסט, האָט זיך פּלוצלונג אויפגעכאַפּט און האָט זיך גענומען געזעלשאַפטלעך צו דיפע־רענצירן. עס איז אויפגעקומען דער יידישער אַרבעטער, דער באַוווסטזיניקער יידישער אַרבעטער־קלאַס, וואָס האָט נישט בלויז אויפגעבראָכן, נאָר ענדגילטיק צעבראָכן אַלע מיטלאַלטערלעכע צוימען און ווענט פון דער תקופה.

אָט פון דעם דאָזיקן גרויסן היסטאָרישן פּראָצעס פון סעקולאַריזאַציע פון יידישן לעבן, אין געברויז פון געזעלשאַפטלעכן געראַנגל, אין פאַרביטערטע געזעלשאַפטלעכע קאַמפן, זענען אַרויסגעשפּראָצן די הויפּט־שטראָמען פון יידיש געזעלשאַפטלעכן געדאַנק, סאָציאַליזם, ציוניזם, וואָס האָבן אויסגעשטאַלטיקט דאָס פּנים פון אונדזער נייער מאָדערנער יידישקייט. און זיי איז באַשערט געווען אָנצוצייכענען אַ נייעם ווענד־פּונקט און אָנצומערקן אַ נייע ריכטונג אין דער גאַנצער מאָדערנער געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

די פּאָן פון נאַציאָנאַלן רענעסאַנס אין פולן זין פון וואָרט, אַ רענעסאַנס אַ גייס־טיקער, אַ פיזישער, אַ דעמאָגראַפישער, אַ מאַטעריעלער, די פּאָן, איז געווען די יידישע קולטור און קודם די יידישע ליטעראַטור. עס וועט קוים זיין אַ גוזמא צו זאָגן, אַז אָט די תקופה געהערט צו די רייכסטע און שעפערישסטע, וואָס דאָס פאָלק האָט ווען עס איז איבערגעלעבט במשך זיין גאַנצער געשיכטע. געוויס רייכער און שעפערישער, ווי די אַזוי גערופענע שפּאַנישע גאָלדענע תקופה.

דער העלד פון אָט דעם דאָזיקן קולטור־רענעסאַנס, אונדזערן, איז געווען דער שרייבער. מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם, ביאַליק, שלום אַש, אברהם רייזן, מאָריס ווינטשעווסקי, יעקב גאָרדין, ד״ר זשיטלאָווסקי, בער באָראָכאָוו, און דער צווייטער און דער דריטער דור פון שאַפער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, אין אייראָפּע און אין אַמעריקע. דאָס פאָלק האָט צו זיי אַרויפגעקוקט מיט דעם טיפסטן יראת־הכבוד, ממש מיט פאַרגעטערונג. איך ווייס נישט, צי פיל פון אייך געדענקען דאָס, אָבער איך געדענק עס קלאָר. יעדע יידישע שטוב אין דער ליטע, און איך גלויב אויך אויסער דער ליטע, איז געווען באַצירט מיט בילדער פון יידישע

שרייבער, ביי דער זייט פון מזרח און פון משה מאָנטעפיאָרע און פון ווילנער גאון, די העלדן פון פאָלקס־מיטאָס, האָט די יוגנט אויפגעהאָנגען בילדער, גאַנצע שורות פּאָטאָגראַפיעס פון די באַליבטע יידישע שרייבער. אָט די ליבשאַפט, די פאַרערונג, די פאַרגעטערונג מיט וועלכע דאָס פאָלק האָט אַרומגענומען דעם שרייבער, איז געווען אַ פאַרשטענדלעכע. זי איז געקומען ווי אַ נאַטירלעכער ענטפער אויף דער ברענענדיקער, לעבנס־פאַרצערנדיקער ליבשאַפט צום פאָלק, וואָס האָט געגליט אין שרייבערס האַרץ. האָט דאָך טאַקע דער זיידע, ר׳ מענדעלע, ווידער דער ערשטער, געשטעלט די באַרימטע שאלה: וואָס קומט אַרויס דעם שרייבער פון זיין גאַנצער אַרבעט און פון זיין גאַנצן דענקען, אויב ער ברענגט דערמיט נישט קיין נוצן זיין פאָלק? מענדעלע שטעלט זיך גאָרנישט אַנדערש נישט פאָר דעם זין פון דער ליטעראַטור, ווי בלויז אין דינסט פון פאָלק. אַ פאָלק און ליטעראַטור — זאָגט ער — פאַרבינדן זיך אינאיינעם צו זיין סיי אַ ווירקונג סיי אַ באַווירק. אַ ליטעראַטור, וואָס האָט נישט קיין שייכות צום פאָלק און צו זיין נויט און וואָס ווערט פון דעם נישט באַווירקט, קען קיינמאָל נישט ווירקן, זי האָט נישט קיין אינטערעס פאַרן פאָלק און זי איז איבעריק אין לעבן.

פונקט אַזאַ צוגאַנג האָט געהאַט שלום־עליכם, וואָס האָט זיך אַליין מיט ווונ־דערלעכער פשטות, מיט גאונישער פשטות און עניוות זיך באַצייכנט „אַ ייד, אַ פשוטער, פאַרן פּראָסטן פאָלק אַן אומבאַוווסטער שרייבער". דערנאָך איז געקומען יצחק לייבוש פרץ און געוואָרפן פאַרן שרייבער אַ פלאַמעדיקן רוף, וועלכן ער אַליין האָט אויסגעשריען: אויף זיין אייגענער פייערדיקער פאָן לאָמיר נביאים, פירער ווערן.

נביאים, פאָלקס־פירער, אומדערשראָקענע קעמפער קעגן יעדן אומרעכט, קעמפער פאַר יושר און צדק.

די אבות פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור האָבן יעדערער אויף זיין אופן, יעדערער מיט זיין נוסח, אָבער אַלע צוזאַמען, געלייגט דעם זעלבן טיפן חותם אויף אונדזער גאַנצן שריפטום. אונדזער ליטעראַטור פון אירע ערשטע שריט אָן איז דאָס, וואָס מען באַצייכנט היינט מיטן וואָרט „אַנגאַזשע", אַנגאַזשירטע ליטע־ראַטור, אַ געזעלשאַפטלעך־באַוווסטזיניקע, אַ געזעלשאַפטלעך־קעמפערישע, דאָס איז אייגנטלעך אונדזער אַלטער יידישער טערמין שליחות־ציבור אין שענסטן און אין ברייטסטן זין פון וואָרט. עס האָט אויך נישט געקענט זיין אַנדערש, ווייל דאָס איז דאָך די אייגנטלעכע טראַדיציע פון יידישן שריפטום נישט בלויז פון די מאָדערנע צייטן, נאָר פון גאַנצן יידישן שריפטום אויף אַלע שפּראַכן, פון טאַקע די נביאים אָן, אין וועלכע פרץ האָט זיך געוואָלט אָנקייטלען און איינשליסן.

און נאָך עפּעס דאַרף ווערן אונטערגעשטראָכן. געזעלשאַפטלעכע מיסיע פאַר אונדזערע קלאַסיקער באַדייט נישט עפּעס שרייבעריש־אַריסטאָקראַטישעס, עפּעס אַבסטראַקט־פילאָזאָפישעס. די פען, געוויס, דאָס וואָרט, זיכער, אויף דעם איז מען אַ שרייבער, אָבער גלייכצייטיק קאָנקרעטע, געזעלשאַפטלעכע מעשים בפועל ממש. דאָס וואָרט פון שרייבער און זיין געזעלשאַפטלעכע טאַט פלעכטן זיך כסדר איבער, זענען אָרגאַניש פאַרבונדן, דערגענצן זיך איינע צו דער צווייטער, געפינען איינע אין דער צווייטער זייער אמתן טיפן תיקון. און ממילא זענען וואָרט און טאַט

היסטאָריש קאָנקרעט און היסטאָריש באַצייכנט. עס שלאָגט פון זיי דער הייסער אָטעם פון טיפער צייטלעכקייט, וואָס טראָגט דעם חותם פון טאָג. אָבער דוקא דערפאַר איז זי מסוגל צו דערגיין צו איבערצייטיקייט. לאָמיר נביאים, פירער ווערן — די גרויסע פּרציאַנישע וויזיע, די גרונט־טראַדיציע פון דער יידישער ליטע־ראַטור איז נישט בלויז צו דערציילן שיינע מעשיות, שיינע געשיכטעס, נאָר אַליין זיך איינצובייסן אין ראָד פון דער געשיכטע, אַליין צו שאַפן געשיכטע, געשיכטע פון אונדזער פאָלק, געשיכטע פון דער וועלט, איינס איז נישט אָפּצוטיילן פון דער צווייטער.

יידישער שרייבער הייסט גלייכצייטיק שליח־ציבור און פאָלקס־העלד, וואָס טראָגט דעם יאָך פון פאָלקס־גורל, אָבער טראָגן אים אויף אַן אַקטיוון, אויף אַ שעפערישן אופן מיט היסטאָרישן אָפּטימיזם. אַזוי איז עס אויך אין דעם נאָך־קלאַסיקער פּעריאָד, אַזוי איז עס אין גרויסן אַלגעמיין געווען אין ראַטנפאַרבאַנד און אין פוילן, און אין אַמעריקע, ספּעציעל אין דער ערשטער תקופה פון דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור. שפּעטער אין אַמעריקע מיטן אויפקום פון די יונגע און ווי אַ רעאַקציע קעגן שטאַרקן איבערגעוויכט אין דער ליטעראַטור פון דעם עלעמענט פון ציבור איבער דעם עלעמענט פון יחיד איז געקומען אַ געוויסער רעוואָלט קעגן ציבור. אָבער דער רעוואָלט האָט געטראָגן אין זיך באַנייאונג און געזעלשאַפטלעכע שליחות, איז איבערגעטראָגן געוואָרן אין דער ליטעראַטור, ווי אַזעלכע, אין אַ מין טראַנספער־פענאָמען, ווי מען וואָלט היינט געזאָגט, וואָס האָט די ליטעראַטור גופא באַטראַכט, ווי די סובלימירונג פון פאָלקס־סובסטאַנץ. יאָך און פאָלקס־גורל איז געווען יאָך פון יידישער ליטעראַטור אין איר גאַנצער ברייט און פאַרשידנקייט. דאָס איז, וואָס מען קען אָנרופן מיט אַ וואיקן געוויסן און זיכערקייט דער יאָך פון תורת־חיים פון אונדזער מאָדערנעם יידנטום.

יאָ, עס איז געווען אַ ברודערלעכער פּרילינג און אַ זאַטער, געבענטשטער זומער און אין מיטן זומער איז פּלוצלונג געקומען חורבן און פאַרוויסטונג. עס איז אומגעקומען אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, דערין דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום און אַ קנאַפּע העלפט פון סאָוויעטישן יידנטום. און ווען נישט דאָס, וואָס הונדערט טויזנט פּוילישע יידן האָבן דורך אַ נס זיך געראַטעוועט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וואָלטן פון דורותדיקן טויזנט־יאָריקן יידישן ישוב אין מלכות פוילן געבליבן קוים אפשר עטלעכע הונדערט יידן. ווען דער קוילער האָט געקוילעט האָבן יידישע שרייבער זייער שליחות נישט אויפגעגעבן. די, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק צו קענען אַרויסגיין קעגן דעם שונא מיט געווער אין די רייען פון אַן אַרמיי אָדער צווישן די פּאַרטיזאַנער, האָבן געקעמפט גלייכצייטיק סיי מיט דער ביקס און סיי מיט דער פען. די, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין קלעם פון שונא און זענען פאַר־שפּאַרט געוואָרן אין די געטאָס, האָבן זייער עבודת־קודש געטאָן אויך ווייטער. אפילו אונטער דער פייַנטלעכער האַק, ממש אין שאָטן פון טויט. שליחי־ציבור פון אַ פאַרפּייניקטן פאָלק, האָבן זיי ביז די לעצטע רגעס געטראָגן דעם יאָך פון פאָלקס־גורל אין באַדינגונגען פון אומגעהערטער און אומגעזעענער טראַגיק און געטראָגן אים, ווי תמיד, מיט היסטאָרישן אָפּטימיזם, מיטן גלויבן, אַז קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה. אָט דער רוף צו אויסדויער, צו ווידערשטאַנד, צום

קאַמף, איז ווידעראַמאָל געלעגן אין דער גרויסער טראַדיציע פון „לאָמיר נביאים, פירער ווערן".

און אָט איז די אויסגעבענקטע שעה געקומען. אָבער עס האָט כמעט קיינער פון די, וואָס האָבן מיט אַזויפיל גייסטיקער גבורה וועגן איר געזונגען, צו איר נישט דערלעבט. פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך פּלוצלונג אַנטפּלעקט אין איר גאַנצן אומגעאַנטן שוידער, אין איר גאַנץ אומגלויבלעכער, ממש פאַנטאַסטישער אומענטש־לעכקייט, די וויזיע פון אומקום און טויט. דער ביים לעבן געבליבענער יידישער שרייבער, און מען וואָלט געקענט רעדן, דורך אַ צופאַל לעבן געבליבענער יידישער שרייבער, ווערט אויף אַ נאַטירלעכן אופן דער מקונן, דער באַקלאָגער פון דער אומגעקומענער עדה. דער באַזינגער פון באַרג שיך פון מיידאַנעק, וואָס איז העכער אפשר און הייליקער, ווי דער באַרג סיני, דער באַזינגער אויך פון אַ נייעם מין קדושה, וואָס דערשיינט צום ערשטן מאָל אין אונדזער ליטעראַטור, איז קידוש־השם פון מאָדערנע וועלטלעכע יידן, וואָס גלויבן נישט מער אין שם, איז קידוש המענטש, איז קידוש העם מיט געווער אין די הענט, וועמענס וואָרצלען גרייכן טיף און ווייט אין אונדזער געשיכטע. קומט אויף ביי אונדז אַ גרויסע און וואָגיקע חורבן־ליטעראַטור און אַנדערש האָט אויך נישט געקענט זיין. אָבער דער נאַציאָ־נאַלער אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק, האָט געטראָפן גלייכצייטיק אונדזער ליטעראַטור און געטראָפן זי פּילפאַכיק, נישט וואָס עס זענען אומגעקומען הונדערטער שרייבער, נישט וואָס ס'איז אומגעבראַכט געוואָרן זייער גרויסע לייענער־מאַסע, וואָס איז אויך געווען אונדזער לייענער־מאַסע, נאָר אונדזער ליטעראַטור, ווי אַ גאַנצע, איז געבליבן געפאַנגען דורך דער וויזיע פון טויט. איך וואָלט געקענט זאָגן אָן גוזמא, אַז דער זייגער פון אונדזער ליטעראַטור פונקט, ווי אַמאָל די זייגערס אין אַ הויז פון אַ מת, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך די קרעמאַטאָריעס פון אוישוויץ און מיידאַנעק און איז נאָך באמת פון דאַן אָן נישט אַוועקגעלאָזן געוואָרן אין גאַנג.

איז אָבער דאָ, טייערע פריינד, אַן אַלטער מנהג ביי יידן, דאָ זענען פאַראַן פיל קאָמפּעטענטערע מענטשן ווי איך אויפן זאַל — אפשר איז עס אויך אַ דין, אַז נאָך שבעה זיצן, נאָך דער צייט פון אבלות שיידט מען אָפּ צווישן לעבן און טויט, ווייל לעבן איז הייליקער ווי טויט. מען לאָזט ווידער דעם זייגער אין גאַנג, ווייל דער חשבון פון לעבנס־גייסט, פון דער צייט, וואָס געהערט צו מאָרגן, טאָר נישט איבערגעריסן ווערן דורך קיין שום אומגליק פון נעכטן. אונדזער ליטעראַטור אָבער, אונדזער היינטצייטיקער יידישער שרייבער איז בדרך כלל מיט געוויסע אויסנאַמען געבליבן פאַרמויערט אין נעכטן. און דאָס איז זייער ערנסט. דאָס איז נאָך ערנסטער דערמיט, וואָס אָט דער מצב האַלט אָן שוין העכער צוויי צענדליק יאָר, די צייט פון אַ גאַנצן דור, צוויי צענדליק גורלדיקע יאָרן פאַר גאָר דער מענטשהייט און פאַר אונדזער פאָלק. חורבן טאַקע פון איין זייט, אָבער וווּנדערלעך ניי לעבן פון דער צווייטער זייט. עס איז גענוג צו דערמאָנען בלויז דאָס אויפ־קומען פון מדינת ישראל. צווישן די צוויי פּאָלוסן פון אונדזער פאָלקס־לעבן נאָכן חורבן און פון דעם ניי לעבן האָט אונדזער ליטעראַטור נאָך קיין גלייכגעוויכט

נישט באַקומען, קיין מנוחה נאָך נישט געפֿונען און קיין סינטעז נישט באַוויזן נאָך צו שאַפֿן.

דער יידישער שרייבער בדרך כלל איז געבליבן צוגעשמידט צו איינעם אָט פֿון די צוויי פּאָלוסן, צו דער גרויסער און גרויזאַמער היסטאָריע פֿון אומקום. און אפֿילו אין דער חורבן־טראַגעדיע גופֿא באַמערקט איר מער ווייניקער די גע־שטאַלט פֿון געטאָ־אויפֿשטענדלער, וועמענס בליקן זענען געווענדעט צום מאָרגן, ווי דעם קדוש, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען דורך און דורך מיטן נעכטן און דווקא אָט דער געטאָ־אויפֿשטענדלער האָט דאָך זיין פּלאַץ צווישן די סימבאָלישע פֿיגורן פֿון אונדזער היינטצייטיקן ליטעראַרישן מיטאָס, ווייל ווער נאָך ווי ער, פֿאַרמאָגט אַזאַ אוניווערסאַלן אויסמעסט און איינציטיק אינציק־אַרטיקן טראַגיזם און עכט־דערשיטערנדיקע מענטשלעכקייט, וועלכער האָט גובר געווען דעם יאוש און גובר געווען דעם טויט דורך גלויבן אין זיג און גערעכטיקייט.

דער יידישער שרייבער, בדרך כלל זאָג איך נאָכאַמאָל, איז געבליבן באַ־העפֿטן צום נעכטן. ער שאַפֿט גרויסע ווערק וועגן נעכטן. אָבער דאָס איז שוין בלויז ליטעראַטור, וואָס גייט נישט צוזאַמען מיט קיין מעשים. פֿיל וויכטיקע קינסטלערישע דענקמעלער הויפֿן זיך אין אונדזער ליטעראַרישן מוזעאום און דער שרייבער איז דער היטער פֿון דעם מוזעאום. אָבער בלויז היטער, שוין נישט מער נביא און נישט מער פֿירער. דער היינטצייטיקער יידישער שרייבער איז געבליבן אויסערהאַלב פֿון די עיקרדיקע, פּרציאַנישע טראַדיציעס פֿון דער ליטעראַטור און דעריבער צום ערשטן מאָל אפֿשר אין אונדזער מאָדערנער יידישער געזעל־שאַפֿטלעכקייט, לאָמיר עס זאָגן אָפֿן, הגם עס ווייטיקט, איז ער נישט מער קיין פֿאָלקס־העלד און נישט מער קיין שליח־ציבור, וואָס טראָגט באהבה דעם גרויסן און שווערן יאָך פֿון פֿאָלקס־גורל.

און כ׳וועל גיין נאָך ווייטער, טייערע פֿריינד, נישט נאָר טראָגט נישט מער דער היינטצייטיקער שרייבער דעם עול פֿון פֿאָלקס־גורל, ער טראָגט אפֿילו מער נישט דעם עול פֿון דער יידישער ליטעראַטור. נישט קיין גרויסע, פֿאַרביקע, פֿאַר־שידן־פֿאַרביק פֿולבלוטיקע ליטעראַטור פֿאַרמאָגן מיר היינטיקן טאָג, נאָר פֿיל קליינלעך, אָפּגעזונדערטע, ברוגזע, פֿאַרביסענע, פֿאַרביטערטע, צעריסענע צווישן זיך גופֿא און מיט גאָר דער וועלט, מערב קעגן מזרח און רעכטס קעגן לינקס, און סתם אַזוי צעריסן, און איינער איז גרייט דעם צווייטן דורס צו זיין, פֿאַרניכטן ממש מיט וואָרט און שריפֿט אָדער דערשטיקן אין רשעותדיקן פֿאַרשוויגן. די אחריות פֿאַר דער גאַנצקייט פֿון דער יידישער ליטעראַטור איז פֿאַרשוווּנדן. זוך איך אַ זכות און אַ פֿאַרענטפֿערונג, און עס איז קלאָר, עס איז נישט גוט היינט דעם יידישן שרייבער. אונדזער דור יידישע שרייבער איז אפֿשר דער טראַגישסטער פֿון די אַלע, וואָס האָבן ווען נישט איז געשאַפֿן אויף לשון יידיש. אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפֿן אונדזער פֿאָלק און אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפֿן אונדזער שפּראַך. מיר זענען געבליבן הענגען אין אַ ליידיקן חלל. אין דער שטיל, ביחידות, מיט זיך, ווערט דאָס האַרץ צעריסן פֿון נאָגנדיקע ספֿקות. בציבור האַלט מען אַ ביסל פֿאַר אַ חוב צו קנייפּן זיך די באַקן, כדי כלומרשט די פֿאַרב זאָל שטיין. געוויס איז שווער און עס איז פֿיינלעך אָפּט דעם יידישן שרייבער היינט

צו טאָג. פרוווט ער אַנטלויפן פון דעם היינט און זיך ראַטעווען און זיך פאַרשליסן אין נעכטן. אָבער דער נעכטן איז טויט און איז פאַרשניטן. און דער גרעסטער גאון איז נישט מער, ווי אַ בן־אדם, וואָס קען העכסטנס אַריינבלאָזן אין חומר דעם אומשטערבלעכן רוח־החיים פון קונסט, אָבער נישט דעם פשוטן, פאַרגענגלעכן מענטשלעכן אָטעם. וואָס לענגער דער שרייבער פאַרבלייבט פאַרמויערט אין דער וועלט פון אַמאָל, אַלץ טיפער, אַלץ פיינלעכער ווערט דער ריס, דער ווידעראַנאַנד צווישן אים און דעם לעבעדיקן אַרום, וואָס ציט זיך צום מאָרגן.

מעגלעך, טייערע פריינד, אַז אונדזער דור שרייבער וואָלט אין אַנדערע היסטאָרישע באַדינגונגען געקענט זיך באַגנוגענען מיטן זיין דער דור החורבן. דער דור שרייבער, וואָס האָט געדאַרפט קומען נאָך אונדז, וואָס וואָלט געקענט שוין קומען לויט די יאָרן, ער וואָלט געהאַט דאָס מזל צו זיין דער באַזינגער פון ניי לעבן. אָבער די היסטאָרישע באַדינגונגען זענען אַזעלכע, ווי זיי זענען, און דער דור שרייבער נאָך אונדז איז דערווייל נישט געקומען און מיר זעען נישט ווי ער קומט. איז אונדזער געשיכטלעכער חוב צו פאַרטרעטן נישט בלויז אונדזערע ברידער, וואָס זענען פאַרשניטן, נאָר אויך דעם דור, וואָס פעלט. געוויס, דער חוב איז אַ טראַגישער, אָבער אַזאַ איז ער. אַזאַ איז דער היסטאָרישער גורל און מיר דאַרפן אים אויפנעמען אַזוי ווי ער איז מיט שמחה, מיט פויקן און טראָמ־פייטן אָדער מיט אָפענע אויגן, מיט אָפענע הערצער און באהבה.

אין זיין באַקאַנטן עסיי, „וואָס אַזוינס איז ליטעראַטור" זאָגט זשאַן פאָל סאַרטר: מען קען נישט שרייבן אָן לייענער און אָן אַ מיטאָס, אַ מיטאָס וועגן ליטעראַטור, אַ וויזיע פון ליטעראַטור. דער דאָזיקער אמת, אַזאַ פשוטער און עלעמענטאַרער אמת פאַר אַלע אומות העולם איז אָבער פאַר אונדז בלויז אַ האַלבער אמת. מען קען נישט שרייבן אָן לייענער, זאָגט סאַרטר. ניין! מיר קענען און מיר דאַרפן און מיר מוזן אפילו אָן לייענער, דאָס הייסט, נישט וויסנדיק גענוי איצט, ווער און ווו, מען לייענט אונדז און וויפל און ווי אַזוי מען לייענט אונדז. מען וואָלט געקענט זיך טרייסטן, די וואָס זוכן אַ לייכטן טרייסט, מיטן באַרימטן ווערטל פון זשאַן פּאָלהאַן. עס איז פאַראַן, זאָגט ער, צוויי מינים ליטעראַטור: אַ שלעכטע, און אַלע לייענען זי, און אַ גוטע, און קיינער רירט זיך נישט צו צו איר. אָבער פאַרוואָס בלויז אַזאַ ביליקער טרייסט? פאַרוואָס באַהאַלטן פאַר אונדז אַליין, אַז אונדזער לייענער איז איין גרויסער, אַנגסטיקער טרעף־צייכן. אָבער איך זאָג אייך אפילו, אַז בלויז מיט אַ היפּאָטעטישן לייענער, אפילו בלויז מיט אַ צוקונפטיקן לייענער, אין דער נאָענטער אָדער ווייטערער צוקונפט, דאַרפן מיר און מיר מוזן שרייבן, מחמת מיר האָבן עפּעס זייער וויכטיקס, עפּעס עיקרדיקס און איינציקס צו זאָגן, עפּעס אַזוינס, וואָס בלויז מיר קענען עס זאָגן און קיין שום אַנדערער קען עס פאַר אונדז נישט טאָן. כדי אָבער צו האָבן דעם גייסטיקן כח צו שרייבן אין אַזעלכע אויסטערלישע היסטאָרישע באַדינגונגען, מוזן מיר האָבן כסדר פאַר די אויגן, דאָס וואָס סאַרטר רופט אָן דעם ליטעראַטור־מיטאָס, די וויזיע פון אונדזער ליטעראַטור אין איר פולקייט, אין איר גאַנצקייט, אין איר היסטאָרישן גאַנג, אין איר מענטשלעכער אוניווערסאַלער שליחות. אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך האָט געברענט און האָט אָפּגעברענט. אונדזער אַמאָליק שטעטל איז אַוועק

אין רויך און פלאַמען, אין פייער און אין בלוט, און צוזאַמען מיטן שטעטל איז אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט און געהערט צום עבר אַ גאַנצער נוסח, אַ סטיל, אַ וועלט־אַנשויאונג, אַ קינסטלערישע פאָרם. מיר דאַרפן עס מאַכן קלאָר פאַר זיך אַליין איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז דאָס איז אַוועק. אָבער מיינען, אַז יידישע ליטעראַטור הייסט דוקא שטעטל־פאָלקלאָר איז אַ באַווייז פון אויספעל פון אמונה אין די היסטאָרישע לעבנס־כחות פון אונדזער פאָלק. ליטעראַטור איז קינסטלערישער אויסדרוק פון פאָלקס־גורל אין אַלע פאַרשידנאַרטיקייטן, אין אַלע פאָרמען. ליטעראַטור איז רוף פון מענטש צו מענטש און רוף פון פאָלק צו פאָלק.

די אויפגאַבע פון יידישן שרייבער היינט צו טאָג איז קודם זיין אַ שרייבער אַ היינטצייטיקער, אַ היינט־צו־טאָגיקער, וואָלט איך געזאָגט. עס איז נגזר געוואָרן אויף אונדז, אַז מיר זאָלן נאָך לאַנג בלייבן יונג, לכל הפחות אַזוי לאַנג ביז וואַנען עס קומען נישט קיין יינגערע זיך צו שטעלן אין אונדזערע רייען. איז אויב צום באַדויערן עס איז נישט אָפּהענגיק פון אונדז צו זיין עס פיזיש, איז אָבער אַ סך אָפּהענגיק צו זיין עס אין גייסט. מען האָט נעכטן פיל גערעדט וועגן דעם עלעמענט פון וואָלאָנטאַרישקייט, פון ווילן, וואָס איז שטענדיק געווען אַן אויסערגעוויינלעך־ווירקנדיקער אין דער יידישער געשיכטע און ספּעציעל נאָך אין דער געשיכטע פון יידישער גייסטיקייט. דער יידישער שרייבער דאַרף שטרעבן צו באַנייאונג. ער מוז זיך ווענדן מיטן פּנים צו דער היינטצייטיקייט נישט בלויז טעמאַטיש, נאָר אויך קינסטלעריש. ס'איז דאָך באַקאַנט, אַז פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר האָט די מענטשהייט געמאַכט מער אַנטדעקונגען, ווי פאַר די גאַנצע לעצטע צוואַנציק יאָרהונדערטער. אַלץ איז אין כסדרדיקער יווירונג; מער איז קיין זאַך נישט ענלעך צו קיין זאַך. קיינמאָל איז דער מענטשלעכער געניוס נישט געווען אַזוי גרויס. אָבער גלייכצייטיק איז נאָך קיינמאָל דער מענטשלעכער אומזין נישט געווען אַזוי טראַגיש און באַשיימפּערלעך. פון די אַלע גרונט־פּראָבלעמען פון אונדזער תקופה, פון די גרונט־קאָנפליקטן פון אונדזער צייט, וויסן און געוויסן, טעכניק און מאָראַל, שלום און מלחמה, פון די אַלע קאָנפליקטן, וואָס דראָען מיט פאַרניכטונג פון גאַנצן מענטשלעכן מין, קען נישט און טאָר נישט דער יידישער שרייבער שטיין פון ווייטן מחמת אויסגעלייזט מוז ווערן די וועלט.

דער היינטצייטיקער יידישער שרייבער דאַרף אויך נאַטירלעך זיין אַ יידישער שרייבער, דאָס הייסט, נישט בלויז אַ שרייבער אויף יידיש, וואָס זוכט אַמאָל דעם וועג און נישט דעם שווערן וועג, אָפּט איז ער דער לייכטער וועג, דורך אַ געוויסער אַלגעמיינער טעמאַטיק צום נישט־יידישן ביכער־מאַרק און צום נישט־יידישן לייענער. נאָכן חורבן איז געקומען אויפבוי און אויך יידישע מדינה, אָבער גלייכצייטיק אומגעהויערע צעשטויבונג פון נאַציאָנאַלער סובסטאַנץ נישט בלויז אין דער אויסגעהונגערטער אייראָפּע, נאָר אויך אין צפון־ און דרום־אַמעריקע און אין ראַטנפאַרבאַנד. דער יידישער שרייבער איז אַ שליח־ציבור פון יידישער פאָלקישקייט. ער דאַרף שטרעבן צו צונויפזאַמלען די צעשטויבטע סובסטאַנץ. ער דאַרף ווידער נעמען אויף זיך דעם עול פון יידישן פאָלקס־גורל און ווידער אין זיין גאַנץ קאָנקרעטער, היסטאָרישער, געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. דער יידישער שרייבער דאַרף זיין אפילו דער, וואָס האַלט הויך און שטאָלץ די פאָן פון יידישער ליטע־

ראַטור, פון יידישער שפּראַך, פון יידישער קולטור אָבער האַלטן הויך די פּאָן הייסט נישט בלויז רעדן. ס׳איז לייכט אָפּצוקומען מיט רייד. עס הייסט מעשים גלייכצייטיק. שווערער קאַמף, שווערער גערעאַנגל און ווידעראַמאָל וואָלאַנטאַריס־טישער עלעמענט, וועגן וועלכן עס איז נעכטן גערעדט געוואָרן אויף אַ גערעכטן אופן, און דאָס הייסט ממילא אַ פרייהייט פאַר דער גאַנצקייט פון אונדזער ליטע־ראַטור. צו שוואַך און אויסגעבלוטיקט זענען מיר היינט צו טאָג, כדי צו פּראַוועןווייטער יעדער זיין שבת פאַר זיך אין צעשפּליטערטקייט און אין אָפּגעפּרעמדקייט, ווער רעדט שוין נישט וועגן שנאה. קנאת סופרים? אדרבא. אָבער, ווי ברידער אין איין גרויסער משפּחה, טאַקע פול מיט אידעאישע ווידעראַנאַנדן, מען איז נישט מחוייב צו זיין מסכים איינע מיט די צווייטע, פול מיט קינסטלערישע ויכוחים. אדרבא וואָס מער איז בעסער, אָבער ווי איין איינציקע משפּחה פון דער יידישער ליטעראַטור אין גאָר דער וועלט.

די אויפגאַבעס פון יידישן שרייבער היינט צו טאָג זענען גרויסע, אחריותפולע, שווערע. אפשר זענען זיי טיילווייז איבער אונדזערע כחות. אָבער דאָס ערגסטע, דאָס שרעקלעכסטע וואָלט געווען אָפּהענטיקייט און רעזיגנאַציע. מיר מוזן גיין פאָרויס און טאַקע לויט דער דינאַמיק פון יידישן לעבן, לויט דער געשיכטלעכער דינאַמיק מוזן מיר גיין פאָרויס. אונדזער וועג איז אַ שטיינערדיקער, דער גאַנג איז אָפּט אַ פּיינלעכער, אָבער לאָמיר שטענדיק אין זינען האָבן די ווערטער פון גרויסן יצחק לייבוש פּרץ: אין ערגעץ נישט פאַרשטיינערט, אין ערגעץ נישט פאַרגליווערט ווערן, אין ערגעץ נישט בלייבן שטיין!

בריסל, 1967.

# די פּראָפעסיע פון שרייבער איז מלאכת־הקודש

פון **ישעיהו זאַנדבערג** (בריסל)

איך וויל מיך באַגרענעצן בלויז צום שרייבער, וואָס שרייבט אויף יידיש־לשון.

עס איז פאַראַן אַ פאָלקס־ליד ביי יידן „ווען איך זאָל זיין דער בורא עולם וואָס וואָלט איך אַלץ געטאָן". איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, אַז ווען איך וואָלט געהאַט עפּעס צו באַשטימען וועגן די טעמעס פון היינטיקן טאָג, וואָלט איך געמאַכט אַ טעמע: וואָס איז די ראָלע, וואָס זענען די אויפגאַבעס און די פליכטן פון יידישן לייענער לגבי זיין שרייבער. מען וואָלט אויך געקענט אויסוויילן אַ טעמע מיט וואָס פאַרענדערט מען צום בעסערן די מערכה פון יידישן שרייבער.

דער שרייבער אויף יידיש לשון איז, ווי באַוווסט, דער פּאַריאַס פון דער וועלט־ליטעראַטור. עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ שרייבער אין דער וועלט, וואָס דער וועג צו דער יוגנט איז פאַר אים פאַרשטעלט, פאַרמאַכט צו איר אַלע שלעסער. און וווּ האָט איר געזען אַ שרייבער, וואָס זאָל פאַר זיין אַרבעט נישט באַקומען קיין האָנאָראַר? ער איז דער „פּראָן טירער", וואָס שטייט אָפּגעזונדערט אין זיין שטענדיקן קאַמף. ער שרייבט און אָפטמאָל מיט קנאַפּע האָפענונגען אפילו צו זען אַמאָל זיין אַרבעט אָפּגעדרוקט צווישן טאָוולען, ווייל ער מוז דערפאַר באַצאָלן דעם פולן פּרייז. און אויב עס געלינגט אים שוין דורך עפּעס אַ גליקלעכן צופאַל צו אָפּדרוקן, הייבט זיך ערשט דאַמאָלסט אָן פאַר אים דער שרייבערישער גלות, וואָס באַשטייט אין דעם, וואָס ער ווערט אַ מוכר־ספרימניק. ער קלאַפּט אין יידישע טירן און נישט אומעטום וואַרט מען אויף אים מיט אומגעדולד. אַט שרייבט מיר אַ פריינד פון ניו־יאָרק, אַ באַקאַנטער שרייבער, וואָס האָט אויף זיין אַקטיוו דרייצן, צי פערצן ביכער, אַז עס זענען פאַראַן ביי אים טעג, ווען ער לייגט זיך הונגעריק שלאָפן. די, וואָס פאַרנעמען זיך איצט מיט דער אַקציע צו אַרויסגעבן דאָס בוך לידער פון דעם נאָר וואָס ביי אונדז פאַרשטאָרבענעם חבר פּיוואָל בלאַנק, וואָלטן אויך עפּעס געהאַט צו דערציילן וועגן דאָזיקן ענין. וועט איר דאָך פרעגן: אם כן, למה זה אנוכי? צו וואָס טויג דעם יידישן שרייבער דער גאַנצער קלאַפּאַט? וואָלט ער זיך דאָך געקענט נעמען צו אַ בכבודיקער פּרנסה און וואָלט געלעבט, ווי אַלע מענטשן. איז אָבער אויף דעם דאָ אַ פּסוק אין תנ"ך: „מי נתן את רוח השם". עס ווערט געבראַכט אין ספר „חסידים" אויף דעם פּסוק: ווער האָט אַריינגעגעבן דעם רוח־הקודש אין מח פון די נביאים?

ווייל אַזוי ווי פון אויבן איז מען גוזר ווער ס'זאָל זיין אַ חכם און אין וואָס זיין חכמה זאָל באַשטיין. אַזוי איז הקדוש ברוך־הוא גוזר אויף עמיצן, אַז ער זאָל אָנשרייבן איין ספר, אָדער צוויי, אָדער דריי. און דער יעניקער, וואָס ס'איז אים עפּעס פון אויבן נגלה געוואָרן און ער שרייבט עס נישט אָן, כאָטש ער קען עס אָנשרייבן, באַגזלט ער דעם, וואָס האָט עס אים מגלה געווען. און פּראָפעסאָר שמואל אייזענשטאַט שטרייכט עס אונטער אין איינעם פון זיינע מאמרים, אַז סיי ישעיה מיט זיינע זעקס און זעכציק קאַפּיטלען און סיי עובדיה מיט זיין איין אײנציקן קאַפּיטל זענען אויפגענומען געוואָרן מיט דער גלייכער ליבשאַפט פון פאָלק און אַריינגענומען געוואָרן אין תנ"ך.

אַזוי זעען מיר טאַקע, ווי דער יידישער שרייבער פירט געטריי אויס דעם אַפּעל פון די העכערע ספערן, נישט געקוקט אויף אַלע מניעות. ער פאַרטיידיקט פאַרביסן זיין שליחות און ער לאָזט זיך נישט אָראָפּשלאָגן פון וועג. ער האָט אַ שטאַרקן אויסדויער, און אויב רעדן מיטן לשון פון סטראַטעגיע איז ער תמיד אין אַ צושטאַנד פון שטעלן די פיינטלעכע עלעמענטן אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד. איז אויב עס איז אים טאַקע ליב די מעשה, וואָס מען האָט אויף אים פון אויבן אַרויפגעלייגט, ווועלן מיר אים שוין פאַר איינוועגס אַראָפּלאָזן אַ פּאַטש אַזוי אין גוט מוט, אויפן יידישלעכן שטייגער, מיר וועלן אים אָנווייזן, וואָס ער זאָל יאָ טאָן און וואָס ער זאָל נישט טאָן. ממילא וועט ער דערווייל פאַרגעסן אין זיינע צרות.

מיר געפינען ביים פאָטער פון דער יידישער ליטעראַטור יצחק לייבוש פּרץ פאָלגנדיקע שורות: איז פאַראַן אַ פאָלק, וואָס טוישט זיינע שפּראַכן, ווערט באַקעמפט פון די מעכטיקסטע און שטאַרקסטע און גיט זיך נישט אונטער, מוז אַזאַ פאָלק אַנדערש זען, אַנדערש פילן. דאָס אַלץ — פירט פּרץ אויס — מוז זיך אָפּשפּיגלען אין דער יידישער ליטעראַטור.

אין וואָס באַשטייט בכן די אַנדערשקייט, וואָס דער יידישער שרייבער דאַרף זיך מיט איר דורכנעמען? זאָגנדיק, אַז יידן האָבן געטוישט שפּראַכן, מיינט פּרץ מן הסתם אָנצודייטן אויף שפּראַכן, וואָס אונדזער פאָלק האָט אַליין געשאַפן, נישט קיין פרעמדע שפּראַכן, ווי: העברעאיש, אַראַמעאיש, לאַדינאָ און יידיש. גערעדט האָט ער אין אַ צייט, ווען יידיש און מיט איר די ליטעראַטור האָט זיך ברייט פאַנאַנדערגעוואַקסן און פאַנאַנדערגעבליט, ווי דאָ איז שוין דערמאָנט געוואָרן באריכות, און איך וויל זיך מער דאַרויף נישט אָפּשטעלן. איז דאַמאָלסט געגאַנגען די יידישע ליטעראַטור באַרג אַרויף. היינט זענען מיר וויניקער האָפערדיק. אָבער דאָס איז אונדז נאָך מער מחייב זיך אָפּצוגעבן אַ דין וחשבון וועגן דעם, ווו מיר האַלטן ערגעץ אין דער וועלט.

דער יידישער שרייבער האָט זיך דערצויגן אויפן תנ"ך, פונוואַנען ער האָט איבערגענומען דעם פּאַטאָס, ז'עם אָפּקלאַנג פון סטיל און די דורשט נאָך גערעכטיקייט. אַ חלק אין זיין אויסבילדונג האָט אויך דער מדרש און אויך דער תלמוד און עס האָבן אויך מוסר־ספרים און די השכלה־ליטעראַטור, נישט רעדנדיק פון אַנדערע קלאַסיקער מיט דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. אָבער מער פון אַלץ האָט זיך ביי אים פאַרוואָרצלט דער גייסט פון איוב, פון איכה, די קלאַנגען פון קינות און פון סליחות, וואָס זענען אויפגעקומען זינט די קרייצצוגן, דער אינקווי־

זיציע, עלילות־דם, האָסטיע־בלבולים, די שוואַרצע מגיפה, גזירות ת״ח ות״ט און פּאָגראָמען. צווישן די געוואַלד־אויסברוכן האָט דאָס פֿאָלק געלעבט אין שטענדיקער אומזיכערקייט. רעכטלאָזיקייט איז געווען זיין נאָרמאַלער סטאַטוס. איז דער יידישער שרייבער פון נאָך־היטלער־עפּאָכע געקומען מיט אַ גאַנצער חורבן־ליטעראַטור. וואָס איז דאָ דער וווּנדער? און אויפן גאַנצן כדור הארץ גייט דורך, ווי אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצער ראַם די געשיכטע פון מאַרטירערטום, וואָס דער יידישער שרייבער שפּיגלט אָפּ אין זיינע ווערק. אַנדערש קען ער נישט. אויב דאָס איז פאַרשטענדלעך, איז עס אָבער אַ שווערער היפּאָטעק פאַר אַ שאַפנדיקן גייסט אויף ווייטער, ווי עס איז שוין דאָ געזאָגט געוואָרן.

איז דער צושטאַנד עלול אָפּצוּוועגדן דעם יידישן שרייבער פון זיין פּילפּאַר־ביקער שאַפערישקייט און אים פאַרמשפּטן צו איבערחזרונג און צו באַגרענעצן זיינע האָריזאָנטן? זיין ראָל איז צו דערמונטערן דאָס פאָלק, נחמו, נחמו עמי, און זוי שווער עס זאָל נישט זיין, באַקעמפנדיק די פאַראורטיילן פון די פעלקער, לגבי אונדז, אויך אָנווייזן דעם יידישן לייענער אויפן וועג, וואָס פירט צו אַ דערנענ־טערונג צווישן יידן און נישט־יידן. ס'איז אַ לאַנגער, שווערער וועג. צופיל האָט זיך אָנגעקליבן ברען־שטאָף אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרהונדערטער. אָבער מיר קענען אים נישט אויסמיידן און מיר מוזן אויף אים אַרויפגיין וואָס פריער. דערפון איז געדרונגען, אַז דער יידישער שרייבער דאַרף זיין געוואָרנט, צורירנדיק זיך צו אַזאַ טעמע און ער דאַרף וויסן וואָס יאָ און וואָס נישט צו שרייבן, ווי מיר ווען עס זען שפּעטער. דער איינציקער מכשיר פאַרן שרייבער איז דאָס וואָרט. דאָס איז דער מוזיקאַלישער אינסטרומענט מיט וועלכן ער ברענגט אַרויס זיין ניגון, דאָס איז די אייל־פאַרב מיט וועלכער ער שאַפט זיינע קאָליר־רייכע בילדער, דאָס איז דער מירמלשטיין, פון וועלכן ער כישופט אַרויס זיינע צאַפּלדיקע סקולפּטורן. אין זיין שרייבן איז ער כולל אַלע קונסטן און ער האָט נאָך אַ חוץ דעם אַ שליחות אויסצובעסערן דעם מענטש. ער דאַרף, לויט מאַקסים גאָרקי, הייבן דעם מוט און גלויבן אין די שעפערישע כחות און אין גוטן ווילן פון מענטש. דער ראָמאַן — זאָגט עמיל זאָלאַ — האָט די אויפגאַבע נישט נאָר צו מאָלן דאָס לעבן, נאָר ער דאַרף שטרעבן דעם מענטש צו מאַכן בעסער.

יידן האָבן, ווי אַ פאָלק, אינטואיטיוו דערפילט דעם כח פון וואָרט. שוואַך און שוצלאָז אין פאַרלויף פון לאַנגע צייטן קעגן אַלע מעגלעכע אומרעכטן, בלבולים און רציחות, אַטאַקירט פון אַלע זייטן און אין יעדן דור, האָבן זיי זיך פאַרשאַנצט אונטער דער שוץ פון וואָרט „אנוכי״, וואָס זיי האָבן געהערט אויפן באַרג סיני. און הקול קול יעקב. עס זענען געווען ביי אונדז פאַרשידענע אויסדרוקן. מען האָט געזאָגט — די גויע איז אויפגעפלאַצט געוואָרן, ווען זי איז געווען אַ קימפּעטאָרין. צו אַ קראַנקן האָט מען געזאָגט: ביי דיר בלייב עס... ווילט זיך זאָגן דעם יידישן שרייבער: חכמים, הזהרו בדבריכם. מיר לעבן אין אַ צייט, ווען עס ווערן אָנגע־נומען שריט פון דערנענטערונג צווישן יידן און נישט־יידן. עס איז דאָ אַ באַוועגונג פון יידיש־קריסטלעכער פריינטשאַפט. דער פויפּסט יוחנן דער 23־טער האָט צונויפגערופן אַ קאָנסיל, וועלכער האָט געמאַכט אַ שריט פון דערנענטערונג און ווי קאַרג דער שריט זאָל נישט זיין, זענען מיר מחוייב דערמיט זיך צו רעכענען.

דער תנא ר' מאיר דערציילט: ווען איך בין געקומען לערנען ביי ר' שמואלן, האָט ער מיך געפרעגט — זון מיינער, וואָס איז דיין מלאכה? האָב איך אים געענטפערט: איך בין אַ שרייבער. האָט ער מיר געזאָגט: זיי פאָרזיכטיק אין דיין מלאכה, ווייל דאָס איז אַ מלאכת השמים. מיט פאַרפעלן אַ וואָרט אָדער מיט אַן איבעריק וואָרט קענסטו חרוב מאַכן אַ וועלט. האָב איך נאָר וואָס געלייענט אַ דערציילונג פון אַ באַקאַנטן שרייבער מיט פאָלגנדיקן סיפור המעשה: אַ פּריצס אַ טאָכטער ליבט זיך אין אַ יידישן בחור. זי האָט אָבער חתונה מיט איינעם פון די פּריצים פון דער געגנט. נאָך דער חתונה קומט די כלה אַרויס אין איר ווייסער חתונה־קלייד אין דרויסן, ווו עס וואַרט אויף איר דער יידישער געליבטער. די חתונה־נאַכט איז דיין — זאָגט זי צום געליבטן, און גיט זיך אים איבער. די חתונה־געסט לאָזן זיך זוכן די פאַרלוירענע כלה און ווען מען געפינט זי, דער־ציילט זי זיי, אַז אַ בייזער גייסט האָט זי געוואָלט פאַרפירן, האָט זי אין דער לעצטער רגע אַ פּאָכע געטאָן מיטן צלמל און דער גייסט איז פאַרשוווּנדן. האָט מען אויף דעם אָרט אויפגעשטעלט אַ געמויערטן צלם דער געהייליקטער מאַריאַ. דער פּערסאָנאַזש, וואָס דערציילט דעם מחבר די דאָזיקע מעשה, פאַרענדיקט בהאַי לישנא: „דאָס איז געווען איין צייכן פון דאַנקבאַרקייט צום הייליקן בוג — חאַ, חאַ, חאַ... פּונקט דאָרט, ווו איך האָב באַשלאָפן די פּריצישע כלה, איי האָב איך הנאה געהאַט צו זען, ווי פאַרבייגייענדיקע פּאָליאַקן צלמען זיך טאַקע אויף יענעם אָרט." איז נויטיק צוצוגעבן, אַז מען דאַרף אויסמיידן צו פאַרשוועכן יענעמס הייליקייט? ווי וועט זיך עס אָפּרופן אויף אַ נישט־ייד, וואָס וועט לייענען די דאָזיקע דערציילונג?

אַזעלכע ביישפּילן קען מען ברענגען אַ גרעסערע צאָל. אָבער מיר מיינען, אַז די זאַך איז גענוג קלאָר. מיר זאָגן דעריבער, אַז היינט צו טאָג דאַרף די גרונט־אידייע פון יידישן שרייבער זיין אַ חוץ אהבת־ישראל אויך די באַמיאונג פון אַ דערנענטערונג צווישן אונדז און די פעלקער.

נאָך עפּעס. אויב עס איז געקומען צו רייד וועגן דער אויסנעמלעכער וויכ־טיקייט פון וואָרט, איז כדאי זיך צו פאַרהאַלטן אויף דער פראַגע פון אָפּהיטן די ריינקייט פון וואָרט. אַלע רעדן וועגן דעם, אַז דער קיום פון יידישן לשון איז אין אַ סכנה. כמעט אַן שול־יוגנט, אָן נאָכוווקס, זעט טאַקע דער מאָרגן אויס אומזיכער. עס וואָלט געווען אילוזאָריש פון אונדזער זייט דאָס נישט צו וועלן זען, אָבער יעדער מוז פעסטשטעלן, אַז דוקא היינט וואַקסט די יידישע ליטע־ראַטור און מען האָט נאָך אפשר קיינמאָל נישט אַרויסגעגעבן אַזויפיל ביכער אויף יידיש, ווי אין די לעצטע צוויי אָדער דריי יאָר. יידישע שרייבער אין אַלע זשאַנערן לעבן ברוך־השם און שאַפן וואָגיקע ווערק. אפשר וועט עפּעס געשען, וואָס וועט ראַטעווען די ווייטערדיקע עקזיסטענץ פון יידיש. אַט רופן זיך אָפּ שטימען פון העבעראישע שרייבער, ווי אהרן מגד און קאַצענעלסאָן, וואָס זאָגן אָפּ, אַז יידיש האָט אַ זכות־הקיום אין ישראל. אָט האָט מען אין אַ גימנאַזיע אין קרית־חיים נעבן חיפה איינגעפירט יידיש, ווי אַ לימוד, און עס זעט אויס צו זיין אַ התחלה אויף אַ ווייטערדיקער אַנטוויקלונג אין דער ריכטונג פון לערנען יידיש אין די ישראלדיקע שולעס. אָבער וואָס עס זאָל נישט מאָרגן זיין מיט יידיש, ליגט

אַ חוב אויפֿן שרייבער אָפּצוהיטן די ריינקייט פֿון דער שפּראַך, ווייל אויב ביי די אומות העולם איז די שפּראַך אַן אָרגאַניזם, וואָס אַנטוויקלט זיך אויפֿן נאָרמאַלן וועג, איז אָבער ביים יידישן שרייבער די פּראַגע פֿון קיום און ריינקייט פֿון דער שפּראַך פֿון גאָר אַ באַזונדערן באַדייט. דער שרייבער ביי יידן האָט איבערגענומען פֿון די ראשונים אַ טויזנט־יאָריקן פּקדון. לאָמיר זיך אגב דערמאָנען, אַז מיט אַ יאָר צוריק האָט אונדז ד״ר שלמה בירנבוים אויפֿן לאָנדאָנער סימפּאָזיום באַוויזן, אַז די אַנטשטייאונג פֿון יידיש לשון דאַטירט פֿון 9־טן יאָרהונדערט. מיר מוזן געדענקען, אַז די ראשונים האָבן שוין דאַמאָלסט אויסגעאַרבעט כללים פֿון גראַ־מאַטיק, וועלכע זענען נאָך גילטיק פֿאַר אונדז ביז היינט. דאָס זענען דאָך געווען נישט קיין אַנדערע, ווי די דייטשע רבנים פֿון 13־טן יאָרהונדערט, וועלכע האָבן אָפּגעשאָפּט אין יידיש דעם דאָפּלטן מיט־הילכער אָדער אויב איר ווילט קאָנסאָ־נאַנט, ווי מען קען דאָס זען אין די שאלות ותשובות פֿון יענער צייט. ס׳איז באַקאַנט, אַז לויטן דין האָט מען געמוזט שרייבן אַ גט מיט דער גרעסטער פּינקט־לעכקייט. מען האָט דעריבער געמוזט אויסאַרבעטן פֿעסטע כללים, ווי אַזוי צו טראַנסקריווירן נעמען פֿון טייכן, לאָקאַליטעטן, אויף יידיש אָדער העברעאיש. איז געגאַנגען צווישן די דייטשע רבנים אַן אויסטויש פֿון שאלות ותשובות וועגן אָט די פּראָבלעמען. אַזוי שטעלט זיך אַרויס, אַז אין יאָר 1293 האָט דער רב פֿון ראָטענבורג אָנגעפֿרעגט ביי ר׳ ישראל איסרלין, רב פֿון ניישטאָט נעבן ווין, באַקאַנט מיטן נאָמען מהרי״ל, צי מען דאַרף שרייבן דעם נאָמען ראָטענבורג מיט צוויי נונען, אַזוי ווי מען שרייבט אין דייטש? האָט דער מהרי״ל געענטפֿערט דאַרויף, אַז מען זאָל נישט דאָפּלען די קאָנסאָנאַנטן, אַז מען דאַרף שרייבן דעם נאָמען מיט איין נון. אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אין דייטשע אורקונדן געפֿינט מען נאָך טעקסטן פֿון יאָר 1520, וווּ מען שרייבט ראָטענבורג מיט צוויי אותיות „ען״. דער מהרי״ל איז בכלל געווען אַן אויטאָריטעט פֿון יידישן אויסלייג. ער פּסקנט נעמלעך אין דער פּראַגע גימל אָדער קוף אין סוף פֿון אַדווערב, אַז מען דאַרף שרייבן „וויכטיק״ און נישט מיט אַ גימל צום סוף, ווי מען האָט עס געשריבן אין דייטש. ער מאָטיווירט עס דערמיט, וואָס דורך פֿאַרענדיקן מיט אַ קוף איז די אויסשפּראַך שאַרפֿער און ריינער, ווי מיט אַ גימל. ווי גידעמאַן גיט איבער אין זיין „יידישער קולטור־געשיכטע אין מיטלאַלטער״ האָבן דייטשע יידן אַרויסגעוואָרפֿן די שטומע עינס און געשריבן אין יידיש „אייזן״, „שרייבן״ אַנשטאָט, ווי מען האָט געשריבן אין דייטש „אייזען״. ער גיט צו, אַז דער מהרי״ל האָט געמאַכט דערפֿון אַ כלל, ווייל — האָט ער דערקלערט — אַזאַ אויסלייג אין יידיש איז אים געווען באַקאַנט נאָך פֿון עלטערע שאלות ותשובות.

מיר וואָלטן דאָ געקענט ברענגען ביישפּילן אָן אַ שיעור, אָבער מיר מיינען, אַז עס איז גענוג באַוויזן, אַז אויך גראַמאַטיקאַליש איז יידיש פֿאַר אונדז אַן אַלטע ירושה. מיר האָבן איבערגענומען גרייטע עיקרים פֿון די ראשונים ביז דער השכלה־עפּאָכע מיט שלמה עטינגער בראש, וועלכער איז געווען אַ מייסטער פֿון יידיש לשון. ס׳איז אַן אַלטע ירושה, וואָס האָט ערשט אויף די יסודות פֿון יענע עיקרים זיך געקענט ווייטער אויסבויען און דערגרייכן די היינטיקע שלימות

אַ דאַנק דעם שאַפונגס־גייסט פון אונדזערע קלאַסיקער און די, וואָס זענען גע־קומען נאָך זיי.

דער יידישער שרייבער שטייט דעריבער אונטער אַן אימפּעראַטיוו אָפּצוהיטן די ריינקייט און אַ פּשיטא מוז ער זיין געוואָרנט נישט אַריינצוברענגען אין איר קיין ווילד גראָז. ס׳איז נישט איצט דער מאָמענט זיך לענגער צו פאַרהאַלטן אויף דעם עניק. דאָס וואָלט פאַרדינט אַ באַזונדערן סימפּאָזיום. אָבער מיר ווילן נאָך ברענגען איין ביישפּיל, ווייל ער איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש.

דאָס איז דער פאַל פון אַקוזאַטיוו אין יידיש. אַזוי לייענען מיר ביי איינעם „ער האָט זי ליב״ און ביי אַ צווייטן „ער האָט איר ליב״ און ווען מיר לייענען ערגעץ דעם זאַץ „מען האָט איר געפונען״ ווייסן מיר נישט, צי האָט זי געזוכט און געפונען אָדער צי האָט מען גאָר איר געפונען אַ חתן. דאָס ערגסטע אָבער איז ווען מען געפינט ביים אייגענעם מחבר, אין דער זעלביקער דערציילונג אַמאָל אַזוי און אַמאָל אַזוי.

צווישן די וואָס טראָגן אויס די זאָרג פאַר דער שפּראַך, צווישן די פילאָלאָגן, שפּראַך־פאָרשער, לערער, וואָרט־קינסטלער, איז דער שרייבער זיכער נישט אויפן לעצטן אָרט און מער נאָך, ווי צו שאַפן געראָטענע נעאָלאָגיזמען, איז זיין אויפגאַבע אָפּצוהיטן די ריינקייט און דערמיט צו האָבן אַ חלק אין איר שטאַרקונג. פאַר אים איז די שפּראַך פּענדזל און פאַרב, פאָרם און אינהאַלט, אָפּהילך און קלאַנג. מיט איר שטייגט ער און איז שעפעריש. אָן איר איז ער איבעריק און פאַרלוירן, בלייבן זיינע מיניאַטורן אויף ברייטע לייוונטן, זיינע השתפכות־הנפשן פון הימלען, פאַר־פאַלן אין וויסטן תוהו ובהו, דאָרט וווּ זיי זענען געווען נישט מער, ווי שטויב אין אַן אייביקן אומזיניקן געווירבל, ביז ער האָט זיי ערשט געבראַכט צו אַ תיקון. ער צערטלט זיי און רופט זיי אָן מיט אַלע ליבע נעמען אָבער אויב זיינע ליפּן שווייגן, איז עס אפשר דערפאַר וואָס צוזאַמען מיט איר האָט ער זיך אָפּגעזונדערט פון טומאה, כדי אין פאַרטיפטקייט צו שאַפן ענדלעך דאָס גרויסע ווערק פון זיין לעבן.

בריסל, 1967.

# די אחריות פון יידישן שרייבער

פון **שלום קלינגער** (פאַריז)

דער היינטיקער סימפּאָזיום פון דער יידישער שפּראַך איינגעאָרדנט דורך דער קולטור־קאָמיסיע ביים יידישן וועלט־קאָנגרעס אין פראַנקרייך, וואָס איז געווידמעט דער טעמע „דאָס יידישע לעבן היינט און מאָרגן" רירט אָן איינעם פון די ברענענדיקע פּראָבלעמען פון דער היינטיקער ווירקלעכקייט און ממילא איז ער פאַרבונדן מיט אונדזער מאָרגן, דאָס הייסט, מיט אונדזער צוקונפט אין די גלות־לענדער.

מיר לעבן אין אַ תקופה, ווען מיר זענען אין די תפוצות אַראָפּגעפאַלן פון די העכסטע הויכקייטן ביז די טיפסטע אָפּגרונטן, וואָס שייך דעם יידישן עטנאָגראַפישן מצב. נאָכן אומקום פון די זעקס מיליאָן יידן אין די פאַרטיליקונגס־לאַגערן פון די נאַציס ימח שמם, שטייען מיר איצט פאַר אַ נייער סכנה פון אַ באַדייטנדיקער נומערישער פאַרקלענערונג פון יידישן פאָלק דורך אַסימילאַציע און דעזאינטעגראַציע, אין באַדינגונגען פון בירגערלעכער פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג. וואָס האָבן מיר דערפון וואָס אונדזער פיזישער קיום איז נישט באַדראָט, בעת אין גייסטיקן זינען שטייען מיר פאַר אַ גרויסער געפאַר? עס קען חלילה אויסקומען, אַז אַ גרויסער טייל פון אונדזער פאָלק אין די גלות־לענדער זאָל פאַרשווינדן ווערן, צווישן היינט און מאָרגן און איבערמאָרגן זאָל אונדזער צאָל דערגרייכן אַ מינימום.

אַלס רעליגיעזער ייד, וואָס גלויבט אין דער נצחיותדיקייט פון יידישן פאָלק, טאָר איך נישט אויסדריקן אַזעלכע פּעסימיסטישע געדאַנקען, אָבער צוקוקנדיק זיך פון דער נאָענט צו דעם אָפּפאַלונגס־פּראָצעס אינערהאַלב פון די יידישע ישובים אין אייראָפּע, די צאָל פון די געמישטע חתונות, די נישטיקע צאָל פון יידישע קינדער, וואָס באַקומען אַן אינטעגראַלן יידישן חינוך, דאָס אַנטלויפן פון יידישן ספר, די כסדרדיקע פאַרקלענערונג פון דעם יידישן לייענער־קרייז, האַלט איך, אַז מיר וועלן באַגיין אַ גרויסע עוולה, אויב מיר וועלן ווייטער בלייבן פּאַסיוו צו די דאָזיקע קאַטאַסטראָפאַלע אַנטוויקלונגען. אויב מיר קענען נאָך איצט רעדן וועגן אַ יידישן לעבן היינט, איז עס דערפאַר, ווייל עס איז געווען אַ ברויזנדיק שאַפנדיק יידיש לעבן נעכטן. מיר מוזן דעריבער זיך באַמיען מיט אַלע כחות צו אינטענסיפיצירן דאָס היינטיקע יידישע לעבן, וואָס וועט אין לויף פון דער צייט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ נעכטן, בכדי דער צוקונפטיקער יידישער היינט זאָל זיין פאַרזיכערט. וועלן מיר אָבער איבערלאָזן דעם היינטיקן היינט אין אַ פאַרגליווערטער פאָרם, וועט ער נישט בכח זיין צו שאַפן עקזיסטענץ־שפּראָצונגען פאַר יידישן מאָרגן.

די צוזאַמענטרעפן פון אונדזערע געזעלשאַפטלעכע פאָרשטייער, וואָס טראָגן אויף זייערע פּלייצעס די לאַסט פון דעם יידישן קיום סיי פון היינט און סיי פון מאָרגן — ווייל אויב, גאָט באַהיט, עס וועט נישט זיין קיין מאָרגן אין יידישן זינען, איז אַרויסגעוואָרפן אונדזער גאַנצע אַרבעט פאַרן היינט — דאַרפן בכן דינען ווי אַ פּראַקטישע פּלאַנירונג פון אונדזער גאַנצער טעטיקייט מיטן ציל צו ראַטעווען אונדזער המשך און גלייכצייטיק פּאַנאַנדערצוטיילן די אויפגאַבעס צווישן די אַנט־שפּרעכנדיקע פאַקטאָרן, יעדן אויף זיין געביט און לויט זיינע מעגלעכקייטן.

די יידישע פּרעסע, דאָס הייסט, די צייטשריפטן אין דער יידישער שפּראַך, און מיר וועלן זיך באַגרענעצן אויסשליסלעך צו דער נאַציאָנאַלער פּרעסע, האָט פון תמיד אָן דערפילט אַ לעבנסוויכטיקע ראָלע אין דער געשטאַלטונג פון די יידישע ישובים אויף דער גאָרער וועלט. און ווייל עס איז געווען אַ צאָלמעסיק רייכע און אינהאַלטספולע יידישע פּרעסע, האָט דער לייענער אָדער אַבאָנענט זיך געקענט אויסקלויבן אַ צייטונג אָדער צייטונגען, וואָס האָבן אַמייניסטנס אַנטשפּראָכן זיין גייסטיקן ניוואָ אָדער וועלט־אויפפאַסונג און מיט דער צייט איז ער אַרונטער־געפאַלן אונטער איר השפּעה און געצויגן פון איר אויך זיין גייסטיקע יניקה.

די לייענער־קרייזן פון די יידישע צייטונגען זענען געווען מאַסנהאַפטע, אין קעגנזאַץ צו דער העברעאישער פּרעסע, וואָס צוליב איר כאַראַקטער און שפּראַך האָט זי געהאַט אַ באַגרענעצטע צאָל, אָבער אויך צוגעבונדענע בלב ונפש, לייענער. די מערהייט לייענער פון די יידישע בירגערלעכע צייטונגען און אין אַ געוויסער מאָס אויך פון די פּראָלעטאַרישע צייטשריפטן האָבן באַקומען זייער חינוך אין די חדרים אָדער ישיבות און האָבן זיך דאָרט אויסגעלערנט אויסצוטייטשן נישט בלויז אַ זאַץ אָדער אַ וואָרט, נאָר אפילו אַן אות, ווייל אין תלמוד האָט מען געצויגן הלכהשע קאָנסעקווענצן און זיך אָפּגעשטעלט אויף דער באַדייטונג פון יעדן אות. פון דאַנען איז געקומען די ערנסטע באַציאונג פונעם יידישן לייענער צום יידישן וואָרט, וועלכער שטעלט זיך אָפּ אויף יעדן אויסדרוק אין זיין צייטונג און רעאַגירט אויף יעדע נישט־פּינקטלעכקייט. דוכט מיר, אַז די דערשיינונג איז נישטאָ אין קיין שום אַנדערער פּרעסע, ווי נאָר אין דער יידישער, ווו די צייטונג ווערט געלייענט ממש מקצה אל קצה אָדער פון אל״ף ביז תי״ו, אפילו די אַנאָנסן. און כאָטש יעדע צייטונג באַוואָרנט זיך, אַז זי איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אינהאַלט פון די אַנאָנסן, זענען נישט זעלטן פאַראַן פאַלן, ווען די רעדאַקציע באַקומט באַמער־קונגען בנוגע דעם תוכן פון דעם אָדער יענעם אַנאָנס. היינט, אָפּגעהיט זאָל מען ווערן, ווען עס טרעפט חלילה, אַז אַן אַרטיקל אַנטשפּרעכט נישט דעם געשמאַק אָדער דער ריכטליניע פון די לייענער. עס איז פּשוט שומו שמים! עס הייבט אָן אַריינצופליסן אין דער רעדאַקציע אַ כוואַליע פון בריוו מיט פּרעטענסיעס און גיי זיי יוצא פאַר אַלעמען.

אָבער אַ פאַקט איז, אַז דער שרייבער און בעיקר דער רעדאַקטאָר טראָגט אַ גרויסע אחריות פאַרן אינהאַלט פון די אַרטיקלען, ווייל דער עולם איז נישט קיין גולם און לאָזט זיך נישט אָפּנאַרן. עס מוז זיין, ווי עס שטייט אין תהלים, אַן אומר און דברים. טאָמער עס איז נישטאָ קיין אומר און דברים איז לא נשמע קולם, הערט זיך קיינער נישט צו. דער שרייבער מוז זיין אַ מענטש, וואָס האָט

עפּעס צו זאָגן און מוז זאָגן ווערטער וואָגיקע, ווערטער באַדייטנדיקע, ווערטער וואָס זאָלן קענען אָנגענומען און פאַרשטאַנען ווערן דורכן לייענער.

אפשר גיבן מיר זיך אָפּ צו ווייניק אַ חשבון פון דער באמת גרויסער באַדייטונג פון דער יידישער פּרעסע פאַר'ן אויפהאַלטן דעם קיום און המשך פון די יידישע ישובים אין די תפוצות. אָבער מיר מוזן נעמען אין אַכט, אַז אַ יידישע צייטונג ווערט געלייענט און דרינגט אַריין אין דעם געוויסן נישט בלויז פון אַבאָנענט אַליין, נאָר אויך פון זיינע שטוב־מענטשן און אפילו שכנים, און דער אָפּקלאַנג פון די פּובליקאַציעס דערגייט אויך צו די, וואָס לייענען זי נישט. איר אינהאַלט ווערט פאַרשפּרייט דורך אומזעבאַרע קלאַנג־ליניעס און איר ווירקונג איז אַ פּיל ווייטערע און ברייטערע, ווי דער שטח פון אירע דירעקטע לייענער. דעריבער זאָגן מיר, אַז אַ יידישע פּרעסע איז אַ נויטווענדיקייט פאַר יעדן יידישן ישוב און אַ יידישע צייטונג איז אַן ענין פון ערשטקלאַסיקער באַדייטונג פאַר יעדע יידישע שטוב, ווייל זי איז אַ סימן מובהק פון צוגעבונדנקייט צו יידישקייט. ווערט אַ יידישע צייטונג באַזייטיקט פון אַ יידישער שטוב, דאַרף מען מורא האָבן, אַז דאָרט איז עפּעס נישט אין אָרדענונג מיט יידישקייט. דערשיינט נישט אַ יידישע צייטונג אין אַ יידישן ישוב איז דאָס דער ערשטער באַווייז פון אַ דראָענדיקער אַסימילאַציע־סכנה.

אם כן, אויב די יידישע פּרעסע דאַרף שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין דעם יידישן לעבן אין די תפוצות, איז דאָך די אחריות פונעם שרייבער אָדער רעדאַקטאָר גרויס אין לשער. יעדער אַרטיקל, יעדער זאַץ און יעדער אויסדרוק דאַרף געוואויגן און געמאָסטן ווערן, עס זאָל נישט געפעלשט ווערן די שליחות, וואָס ליגט אויפן פעו־מענטש, בפרט אין דער היינטיקער צייט, ווען די וועלט־פּרעסע איז אַזוי מעכטיק און רייך און דאָס געדרוקטע וואָרט באַקומט וואָס אַמאָל אַ גרעסערן איינפלוס, ביי גויים אויפן פּאָליטישן לעבן, און ביי אונדז אויפן גייסטיקן געביט. מיר דאַרפן צוטראָגן אונדזערביישטייער אויפצוהאַלטן און צו אַנטוויקלען דעם יידישן גייסט. דאַן וועלן מיר האָבן דערפילט אונדזער אויפגאַבע אַלס יידישער שרייבער.

מען מעג פּאַראַפראַזירן דעם זאַץ „חכמים הזהרו בדבריכם” און זאָגן „סופרים הזהרו בדבריכם”, ווייל חכמים און סופרים זענען סינאָנימען, און אַזוי וועלן מיר אין אַ גרויסער מאָס דערפילן די פליכט, וואָס ליגט אויף אונדז אין גלות.

ווילן מיר האָבן אַן איינפלוס אויפן יידישן לייענער, מוזן מיר קודם־כל דינען פאַר אים אַלס ביישפּיל מיט אונדזער לעבנס־שטייגער און מיט אונדזער קעגנ־זייטיקער באַציאונג, עס זאָל נישט זיין קיין סתירה צווישן דער טעאָריע וואָס מיר פּריידיקן און צווישן די מעשים, וואָס מיר באַגייען אַליין, ווייל מיר זענען ווי די שויפענצטער, נעבן וועלכע עס שטעלן זיך אָפּ די פאַרבייגייער און אָבסער־ווירן זיי. אין דער ערשטער ריי דאַרף אונדז פאַרפליכטן די געזעלשאַפטלעכע עטיק, וואָס זאָל זיך אויסדריקן אין שוינען דעם כבוד פון אַנדערן און בפרט נישט אויסנוצן דאָס געדרוקטע וואָרט צו באַפאַלן אָדער צו באַליידיקן ווען עס איז. ווייל די פּרעסע, בעיקר די יידישע פּרעסע איז באַשאַפן געוואָרן צו דערהייבן דעם גייסטיקן און מאָראַלישן ניוואָ פונעם לייענער, אים צו דערנענטערן צו אונדזער

יידישער פּראָבלעמאַטיק, צו אַנטוויקלען נאָך מער זיין עטישן חוש, צו וועקן אין אים די שטרעבונג צו וויסן, צו פּאַרפעסטיקן זיין רעליגיעזע איבערצייגונג — און דאָ האָב איך אין זינען די רעליגיעזע פּרעסע — אָבער אויף קיין פּאַל נישט צו פּאַרוואַנדלען זי אין אַ קוואַל, פון וואַנען עס שטראָמען אַרויס שעדלעכע וואַסערן, נאָר ווי אַ קוואַל פון גייסטיקער און מאָראַלישער באַהויכונג פאַר אונדז אַליין און פאַר די לייענער פון אונדזערע צייטשריפטן. נאָר אַזוי וועלן מיר דערפילן אונדזער אויפגאַבע אַלס יידישע שרייבער.

בריסל, 1967.

# יידישע פּאָעזיע – דער אויסדרוק פון אונדזער גאַנצקייט

פון לייזער אייכענראַנד (זשענעוו)

מען זאָגט, אַז ווען צוויי יידן טרעפן זיך היינט אויף אַן אָרט און זעצן זיך אַוועק רעדן וועגן יידיש, יידישקייט, יידיש אין יידישן לעבן, ווערט דאָס אָרט אַ מקום־תורה. דאַנק איך תמיד דער השגחה, ווען זי פירט מיך אַהין אין אַזאַ מקום־תורה.

אויך היינט טו איך דאָס, אָבער אויף אַ באַזונדערן אופן. די באַזונדערקייט איז די, וואָס עס זענען זיך דאָ צונויפגעקומען יידן, פאָרשטייער פון גאַנץ אייראָפּע, און אפילו מחוץ אייראָפּע. יידן — גרויסע היסטאָריקער, פאָרשער, שרייבער, פּאָעטן, תלמידי־חכמים, וואָס טראָגן דעם גאַנצן עול פון יידיש אין יידישן לעבן, פון יידישקייט. און צונויפגעקומען זענען זיי זיך דאָ, בכדי נאָכאַמאָל אַרויסצוהייבן די באַשטימונג אונדזערע, אונדזער אידענטישקייט, וואָס הייסט: יידיש אין יידישן לעבן.

איך דאַנק אויך דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס פאַרן צוטיילן מיר דעם גרויסן כבוד צו זיין דער פאָרזיצער פון דער צווייטער סעסיע פון היינטיקן סימפּאָזיום. מיר, ל. אייכענראַנד, אַ יידישער פּאָעט, מיט דעם יחוס פון פיר בענד פּאָעזיע, שוין פאַרעפנטלעכטע, און אַ פינפטער, וואָס האַלט זיך אין דרוקן.

פאַר מיר איז: יידיש אין יידישן לעבן, יידישע ליטעראַטור, יידישע פּאָעזיע, די בעסטע און טיפסטע אידענטיפיקאַציע מיט יידישער גייסטיקייט, יידישער גילטי־קייט, יידיש זיין אין נאַציאָנאַלן, אין געשיכטלעכן, און אַזוי אויך אין גאַנג פון אונדזערע היינטיקע טעג.

ווען אַן אַטאָמישע בהלה זאָל חלילה אַרויסרופן אַ צעשטערונג אויף אונדזער ערד, ביז אויף קליינע איבערבלייבענישן, און ווען צווישן די איבערבלייבענישן זאָל זיך געפינען נאָר איין יידיש ליד אפילו, וואָלט דאָס איינע ליד געווען בכּח, אויב עס וואָלט נאָך דאַמאָלסט נאָך דעם אַטאָם־מבול, צוריק אויפגעקומען אַ וועלט, און ממילא אויך יידן, — ווייל עס קען דאָך נישט זיין קיין וועלט אָן יידן, — וואָלט דאָס איינע ליד געווען בכח צוריקצוגעבן, יענע דאָרט קומענדיקע דורות, דעם גאַנצן ווערט און באַטייט פון אונדזער יידישקייט, איר טיפסטן מהות, דעם גאַנצן מאָראַלישן און עטישן כח פון אַ פאָלק, וואָס האַלט אָפּן דעם הימל אויף דער ערד.

פאַר מיר איז יידיש אין יידישן לעבן, יידישקייט, יידישע ליטעראַטור, יידישע פּאָעזיע דער ענטפער אויף דער צעפּאַלנקייט פון אַלע עסטעטישע, עטישע און מאָראַלישע ווערטן פון דער גאַנצער היינטצייטיקער נישט יידיש שאַפערישער וועלט. עס איז דער ענטפער פון תוך און גאַנצקייט, פון ווילן צו האַרמאָניע, צו האַרמאָניע מיטן באַשעפער און באַשאַף, — איבער און אַריבער דעם גאַנצן טרויער און צער פון אַלע אונדזערע דערפאַרוגגען.

עס איז דער ענטפער פון דער יידישקייט, וואָס האָט באַשטימט דעם אָנהייב פון אַלצדינג און פון אַלעם. און באַשטימט האָט זי עס מיט דער באַשטענדיקייט, אַז אין דעם אָנהייב זענען שוין אַריינגענומען אַלע צייטן, אַלע ווערטן, אַלע שייַנ־קייטן פון יידישן באַנעמען, פון יידישן מענטש, ממילא פון מענטש בכלל.

עס איז דער אָנהייב, וואָס איז געוואָרן אַ כסדרדיקער היינט, נאָך פון פאַר אונדזערע אבות, ביז אין אונדזערע טעג.

בשעת ביי אַנדערע פעלקער האָט זיך זייער לשון, די קונסט און ליטעראַטור, אָנגעהייבן מיט אַן אור־פחד, מיט טונקעלע מוראס, מיט שוואַרצן כישוף, מיט אַרויסטרייבן טייוולאָנים און געצן־דינערייַ, מיט אַ וועלט פון פינצטערניש און צע־ריסנקייט, האָט זיך אונדזער לשון יידיש, אונדזער יידישקייט, אונדזער ליטעראַטור אָנגעהייבן מיט אַ קלאָרן אופן פון זען, מיט אַ ריינעם און טיפן באַוווסטזיין וועגן יחיד, פאָלק, וועלט, באַשטימונג, מיט דעם ווילן פון גאַנצקייט און סדר, מיט דעם ווילן פון האַרמאָנישקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם באַגריף: אחד. אָט אָ דער אָנהייב פון אונדזער יידיש, פון אונדזער ליטעראַטור, וואָס האַלט נאָך היינט אָן, און וואָס איז אויך די באַשטימונג פון אונדזער כאַראַקטער, פון אונדזער אידענטיטעט, איז פון אָנהייב אָן געוואָרן דער סוד פון קיום פון אונדזער גייסט, און פון אונדז.

צום אויסדרוק איז דאָס געקומען כמעט ביי אַלע אונדזערע גייסטיק־שאַפערישע כחות, באַוווסט און אפילו נישט באַוווסט.

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, איז יידיש אין יידישן לעבן, יידישע ליטע־ראַטור, יידישע פּאָעזיע, יידישקייט, אויך אַן ענטפער אויף דעם צעפאַל פון אַלע גייסטיקע אָנזאַמלונגען מיט וועלכן עס לעבט היינט אייראָפּע און אפילו די גאַנצע וועלט.

וואָס זאָל מען אַנטקעגנשטעלן דער וועלט פון צעפאַל, אויב נישט די איבער־צייגונג, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער שאַפערישער ווילן אין אונדזער לעבן, וואָס שטעלט איין צו אַלץ און צו אַלעם זיין באַציאונג, כדי עס צו דערהייבן און צו לייטערן? — צו לייטערן מיט דער פּאַרטקטיקייט פון בעל שם.

יאָ, יידיש, יידיש לעבן, יידישע ליטעראַטור, יידישע פּאָעזיע האָט דעם כח פון קענען געבן אַן ענטפער, אויך דאַרט אפילו, ווו קיין שום ריכטונג, אָדער שיטה אין דער היינטצייטיקער אייראָפּעאישער און וועלט־ליטעראַטור, וועלט־פּאָעזיע, האָט נישט געקענט ענטפערן.

מיר טראַכטן פון (l'art pour l'art) קונסט לשם קונסט, וואָס איז געווען דער בלי פון אַ רואיקן און בירגערלעכן אופן פון לעבן, און וואָס איז אין איר עקס־טרעמסטער אַנטוויקלונג געוואָרן כמעט אַ פסיידאָ־רעליגיע. אָט אָ די קולטור־

דערפאַרונג, און אַלע אַנדערע, האָבן זיך הערמעטיש אָפּגעשלאָסן פאַר אַלדאָס שלעכטע, וואָס האָט געהאַלטן אין קומען, און וואָס האָט אונדז שפּעטער אַזוי געבר'ענט און פאַרטיליקט.

נאָך דעם האָבן זיך די טרעגער פון אַלע די דאָזיקע ריכטונגען, די טרעגער פון דער וועלט־ליטעראַטור, נישט אײַנגעקוקט אין אונדזער אַש, נאָר זענען אַריבער־געגאַנגען צום געפיל פון וועלט־עקל (Nausée) וואָס דאָמינירט נאָך ביז צום היינטיקן טאָג די גאַנצע ליטעראַטור.

פון דאָ אויס פירט שוין אַ גראָדע ליניע צו דער אַנטגעטלעכונג פון דער וועלט, די וועלט אָן אַ גאָט: צום עקזיסטענציאַליזם פון אונדזער צייט. דאָס איז די באַוועגונג, וואָס וויל דערגיין צו דער לעצטער פרייהייט, צו דער אַבסורדאַלער פרייהייט, וואָס פירט אין ערגעץ נישט. — (l'être et le néant)

איר קענט די ווערק, וואָס די טרעגער פון די אידעען און באַוועגונגען האָבן באַשאַפן: עס זענען ווערק, ווו דער מענטש ווערט קאָנפראָנטירט מיט אַ בויט, וואָס האָט נישט קיין אויסוועג, קיין סוף. ער ווערט קאָנפראָנטירט מיט אַ מורא, וואָס נאָר זי אַליין עקזיסטירט. ער ווערט אויך קאָנפראָנטירט מיט דער אויסוועג־לאָזיקייט, מיט דער זינלאָזיקייט פון זיין לעבן, פון זיין שטאַרבן. עס זענען ווערק, ווו דער מענטש מוז זיך אָפּזאָגן, מוז אויפגעבן יעטוועדן אופן פון האָפן; עס זענען ווערק, ווו דער מענטש מוז ווערן פאַרצווייפלט צוליב דער עקלדיקער מיאוסקייט פון דעם חומר, פון דער מאַטעריע און פון גאַנצן באַשאַף.

קעגן אָט אָ די ווערק, וואָס זענען דער גייסטיקער און פיזישער אויסדרוק פון דער היינטיקער אייראָפּע, צום טייל אויך פון דער וועלט, און וואָס באַרירט אפילו אונדז אויך, שטעלט זיך יידיש, יידיש־לעבן, יידישע ליטעראַטור, גרויסע יידישע פּאָעזיע ווי אַן ענטפער, ווי אַ טרייסט, ווי דער אויסדרוק פון אונדזער גאַנצקייט, פון אונדזער קיום, פון אונדזער דערהויבענעם שווערן קיום — פון אָנהייב, ביז אָנהייב.

לאָנדאָן, 1966.

# דעבאַטע

## מאיר ראָזענבלאַט (פּאַריז)

איך גלויב, אַז עס וואָלט געווען זיכער בעסער, הערנדיק די אויספירן פון אונדזערע פּרעלעגענטן, אַז מיר זאָלן אָנהייבן אונדזער אַרבעט מיט דער סעסיע וועגן אונדזער קולטור־ירושה. דאַמאָלסט וואָלט קלאָר געוואָרן די ראָלע פון דעם יידישן שרייבער. די נישט־פּרעציזקייט פון די אַרויסזאָגונגען איז דער בעסטער באַווייז, אַז מיר בלאָנדזשען אין דעם גאַנצן ענין.

קודם כל, חשובער פריינד סלאָוועס, איך פאָלג נאָך זייט יאָרן אייער גאַנג אין דער יידישער ליטעראַטור און איך קען גאַנצע זאַצן אויף אויסווייניק פון אייערע וואָגיקע אַרטיקלען וועגן שרעקלעכן קולטור־חורבן, וואָס איז פאַרגעקומען אין ראַטנ־פאַרבאַנד. דעריבער איז מיר ווייטיקלעך, וואָס איר האָט היינט נישט דערמאָנט דעם דאָזיקן שוידערלעכן אומקום פון די יידישע פען־מענטשן. איר האָט אים נישט דערמאָנט מיט צוויי וואָכן צוריק, ווען מיר האָבן בייגעוווינט דעם פרעכ־טיקן אָוונט איינגעאָרדנט לכבוד דעם באַזינגער פון „בלומען פון באַדויער", משה שולשטיין. איר האָט אים ווייטער נישט דערמאָנט. היינט פאַרשטיי איך אייך אפשר. מעגלעך, אַז אייער אונטערבאַוווסטזיין האָט אייך היינט נישט דערלויבט זיי צו דערמאָנען די אומגעקומענע יידישע שרייבער, ווייל ווען איר וואָלט זיי דער־מאָנט, וואָלט איר זיך היינט געפונען אין אַ שרעקלעכן קלעם. איר רעדט דאָך וועגן דער פרציאַנישער לאָזונג „נביאים — פירער", און ווי קען מען רעדן וועגן נביאים — פירער, ווען מענטשן, אייערע פריינד, אייערע שרייב־קאָלעגן, האָבן במשך פון יאָרן נישט דערמאָנט די דאָזיקע זאַך? יידישע נביאים האָבן געשטורעמט מלכים, יידישע נביאים האָבן גערעדט צו דוד המלך און אייערע נביאים — פירער האָבן נישט געהאַט דעם מוט צו דערמאָנען, וואָס עס איז פאַרגעקומען. מיינע חברים, קאָמוניסטישע שרייבער, האָבן במשך צוויי־דריי יאָר געזאָגט: אויב די פאַרטיי האָט געהייסן שווייגן, דאַרף מען שווייגן. אַ יידישער נביא שווייגט נישט, אפילו ווען דוד המלך רעדט צו אים:

חשובער פריינד סלאָוועס, איר רעדט וועגן דעם זיג פון סעקולאַריזם. לאָמיר לייענען די ווערק פון אַזעלכע גרויסע טעאָרעטיקער און קעמפער פון דער וועלט־לעכער יידישקייט, ווי אברהם גאָלאָמב, לייבוש לעהרער און שלמה סיימאָן, און מיר וועלן זען, ווי די דאָזיקע מענטשן מאַכן היינט אַ ווייטיקלעכע רעוויזיע פון זייערע אָנשויאונגען. רעדן ביים היינטיקן טאָג וועגן סעקולאַריזם, וועגן דעם,

ווי איר האָט עס געזאָגט, אַז ער האָט צעבראָכן דאָס מיטלאַלטערלעכע לעבן, איז פאַר מיר פּערזענלעך היינט נישט קיין פּאַרטיפּטע אָפּשאַצונג. דער גרעסטער אומגליק אין דער נייער יידישער געשיכטע איז געווען, וואָס די העברעאישע השכלה און נאָך איר די וועלטלעכע יידישקייט האָבן צעשפּאָלטן די איינהייטלעכע יידישע קולטור, די יידישע קולטור, וואָס איז געווען איינהייטלעך, גלויביק־וועלטלעך, ווייל ביי יידן איז נישטאָ קיין פּראָבלעם פון וועלטלעך און פון גלויבן. דאָס איז אַ פאַלשער באַגריף אַריינגעפירט פון דרויסן. סיי די השכלה און סיי די יידישע וועלטלעכקייט האָבן צעשפּאָלטן די איינהייטלעכע יידישע פאָלקס־קולטור אויף וועלטלעך און רעליגיעז. די רעליגיע האָט מען אַוועקגעגעבן די פאַנאַטישע יידן און די וועלטלעכקייט גענומען צו זיך אין רשות. היינט אָבער ווייסן מיר, אַז דער גרעסטער טעות פון יידישן וועלטלעכן געדאַנק איז געווען די דאָזיקע צעשפּאַלטונג.

דערפאַר איז ביי אייך די ראָלע פון דעם יידישן שרייבער, לויט מיין מיינונג, נישט פּרעציזירט. נישט קוקנדיק אויף דער פּרעכטיקער פאָרם פון אייער אַרויס־טריט, וואָס איז אַזוי אייגן פאַר אייך תמיד, ד״ר סלאָוועס, פעלט אין אייער דעפיניציע די פּרעציזקייט. איר רעדט, אַז דער שרייבער דאַרף זיין היינטצייטיק. ער דאַרף זיין יידיש, ער דאַרף טראָגן אויף זיין פּאָן די יידישע ווערטן, אָבער עס פעלט קלאָרקייט. מען דאַרף גיין ווייטער — ווי ד״ר בערנאַרד האָט געזאָגט — מען הייבט אָן צו גיין און מען ווייסט נישט וווהין. מען פילט, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג, עס פעלט דאָס וואָרט וואָס מיר וואַרטן נאָך דאַרויף.

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם גרויסן רוסישן קלאַסיקער טורגעניעוו וואָס איז אַן אמת קינסטלעריש ווערק. האָט טורגעניעוו געזאָגט, אַז אַ קינסטלעריש ווערק איז אַ ווערק, וואָס מאַכט אים אַלס מענטש בעסער, איידעלער, טיפער, אויף אַ חודש, אויף אַ וואָך, אויף בלויז איין שעה. איך האַלט, אַז אַ יידיש קינסטלעריש ווערק איז אַ ווערק, וואָס מאַכט מיך בעסער, טיפער אַלס ייד. אָבער די ראָלע פון יידישן שרייבער, אויב ער וויל שאַפן אַזאַ קינסטלעריש ווערק, איז קודם כל צו דערלערנען די עיקרדיקע יידישע ווערטן. מיר האָבן אַ געוואַלדיקע יידישע ליטעראַטור פון טויזנטער יאָרן, מיר האָבן אַ געוואַלדיקע רייכקייט און אוצרות פון יידישער רוחניות. מיר דאַרפן זיי ווייטער דערקלערן און מיר וועלן ווערן נשתומם צו זען, ווי די דאָזיקע ווערק זענען אַקטועל אין דער היינטיקער אומרואיקער צייט. נאָר מיט די דאָזיקע ווערק קענען מיר גיין און רעדן, נישט נאָר צו די, וואָס רעדן יידיש אין אונדזער דור, נאָר צו אונדזערע קינדער און צו דער יוגנט וואָס איז דאָ אָפּוועזנדיק אין זאַל.

### אַלטער טרוס (שטאָקהאָלם)

אויפן סדר היום פון דער היינטיקער סעסיע שטייט די פראַגע וועגן דער ראָלע פון יידישן שרייבער היינט צו טאָג. דאָס איז גערעדט געוואָרן וועגן יידישע שרייבער לעבן אין אַ פּאַריז, אין אַ האַ־האַ פון יידישקייט. **אָבער ווען אַ יידישער** שרייבער לעבט אין אַ מדינה, אין וועלכער עס איז נישטאָ קיין יידישער א״ב, דאַרף מען אים נישט מקנא זיין. דערצו האָב איך דעם נאָמען טרוס, און מען

דאַרף זיין אַ יידישער שרייבער, ווען עס איז נישטאָ קיין א״ב און מען דאַרף נישט זיין קיין טרוס. אין אַזעלכע באַדינגונגען איז די פליכט פון יידישן שרייבער צו זאָרגן, אַז אַ יידישע צייטונג און אַ יידיש בוך זאָל דערגיין צו די ווייניק יידישע לייענער, וואָס זיי שטייען שוין אויף אַ טרעפּל נידעריקער. אויף דעם געביט האָבן מיר דאָרט אַ געוויסן דערפאָלג. אויך אַנדערע שרייבער, וואָס וווינען אין אַזעלכע לענדער דאַרפן אפשר ווייניקער זיצן יומם ולילה און שרייבן, נאָר זען פאַרשפּרייטן דאָס יידישע וואָרט. איך באַקום אַלס האָנאָראַר פאַר מיין אַרבעט פּעקלעך צייטונגען און אויך פון דער אַנדערער זייט אַדרעסן פון יידן, וואָס לעבן ערגעץ אין פאַרוואָרפענע ווינקלעך פון לאַנג און איך זאָרג, אַז די אַלע זאָלן באַקומען אַ געדרוקט יידיש וואָרט. מיר האָבן ביי אונדז אין ווייטע מקומות יידישע פרויען, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטן, אָבער אַ יידיש וואָרט איז ביי זיי טייער. מיר האָבן אַ ביבליאָטעק פון דריי טויזנט בענדער און מיר האָבן אויך געשאַפן אַ וואַנדער־ביבליאָטעק. מיר שיקן אַרויס ביכער און מיר באַקומען זיי צוריק, מיר טוישן ביכער דורך שיקן זיי דורך דער פּאָסט. איך מיין, אַז דאָס איז אויך אַ פליכט פון אַ יידישן שרייבער אין ישובים, ווו קיין א״ב איז נישטאָ. דאָ איז נישטאָ דאָס אָרט מאריך צו זיין וועגן אונדזער קולטור־טעטיקייט. אָבער עס איז כדאי אָנצוווייזן, אַז מיר ברענגען אַראָפּ אַרטיסטן יידישע און אויך יידישע פילמען, וועלכע מיר ווייזן אין די ווייטסטע ערטער, ווו נאָר יידן זענען פאַראַן. מיר ברענגען אַראָפּ יידן פון מער ווי פינף הונדערט קילאָמעטער צו אַ יידישער טעאַטער־פאָרשטעלונג און אָפט אין גרויסע פרעסט. מיר וואַרעמען זיי אָן און מיר באַמיען זיך זיי צו מאַכן לאַכנדיק און נישט נאָר, אַז זיי זאָלן לעבן מיט אַן „א־ל מלא רחמים״.

## משה וואַלדמאַן (פּאַריז)

דאָס צונויפקומען זיך פון יידן, בכדי צו באַהאַנדלען פּראָבלעמען, וואָס גייען אונדז אַלעמען בלוטיק אָן, ווייל דאָס איז געבונדן מיט יידישער עקזיסטענץ אויף מאָרגן, איז פאַר אונדז וויכטיק ביז גאָר, אפשר וויכטיקער, ווי עס איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. מיר זענען צוגעקומען צו אַ מאָמענט, וואָס ווייטער גייט עס נישט. ער איז ערגער ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, און ווי מיט פופצן, ווי מיט צען און אפילו ווי מיט פינף. מיר זענען צוגעקומען צו אַ מאָמענט ווען מיר זאָגן זיך אַלע: מער אַזוי קען מען נישט גיין. עס איז נישטאָ מער קיין עקזיסטענץ, אויב מיר וועלן נישט ענדערן דעם וועג. איך באַדויער באמת, וואָס איך האָב נישט געהערט דעם ד״ר סלאָוועס, ווייל ער האָט מיך פאַראינטריגירט מיט דער טעמע. איך לייען אים אויך מיט גרויסער הנאה. אָבער אויב מיר זאָגן זיך און אויב עס איז אַרויסגעהייבן געוואָרן דער געדאַנק לויט פרצס וואָרט „ווי נביאים, וועלכע דאַרפן גיין אין פאָלק אַריין״ צו זאָגן זייער וואָרט, געפינט זיך דער יידישער שרייבער היינט צו טאָג אין אַ טרויעריקן, ביטערן מצב, אַז ער האָט נישט צו וועמען צו רעדן. לאָמיר זיך עס מאַכן קלאָר.

טויבע אויערן. מיין טייערער חבר מאיר ראָזענבלאַט האָט איצט געזאָגט: עס

איז דאָ מיט וואָס צו קומען. אָבער לאָמיר געדענקען, אַז עס איז נישטאָ זוער עס זאָל עס אַוועקטראָגן. דער יידישער שרייבער ראַנגלט זיך אין זיין איינזאַמקייט אַזוי, אַז מען ווערט ממש פאַרצווייפלט. מיר ערן איצטער אַ גרויסן יידישן שרייבער, וועלכער איז אַוועקגעגאַנגען פון אונדז מיט צוויי חדשים צוריק, איינער פון די דריי באַשיינערס פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, ווי דאָס זענען געווען לייוויק, אָפּאַטאָשו און דער דריטער לעיעלעס. דריי חברים, וועלכע האָבן פאָרויסגעשטופּט די אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. און מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער פאָרזיצער פון פּ.ע.נ.־צענטער אין ניו־יאָרק לעיעלעס צו מיר, דעם סעקרעטאַר פון דער פּ.ע.נ.־גרופּע אין פּאַריז, געשריבן מיט אַ טיפן ווייטיק, פאַרוואָס זענען די שרייבער אַזוי פאַרצווייפלט, פאַרוואָס הייבן זיי זיך נישט אויף, פאַרוואָס ווערן זיי נישט מאָנער? אָבער די מאָנער ווערן נישט דערהערט. אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן, מיר מוזן עס זאָגן, איז דעמאָראַליזירט געוואָרן אויף אַזאַ אופן, אַז אַ יידישער שרייבער איז געשטעלט געוואָרן אין שאָטן פון אַלע דערשיינונגען און ער קריגט נישט דעם כבוד, נאָר אפילו נישט דאָס וואָרט צו קענען זאָגן, ווי געהעריק, דער יידישער געזעלשאַפט.

ווער האָט געזאָלט מאָביליזירן? ווער האָט געדאַרפט ברענגען דאָס וואָרט פון יידישן שרייבער צו דער גאַס? — די, וועלכע פירן אָן מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אודאי — ווידער — פּרק האָט אין יענע יאָרן פון אַנטוויקלונג פון יידישן רענעסאַנס געטראַכט, אַז אויב די עקזיסטענץ פון דער יידישער ליטעראַטור דאַרף זיין אַ המשכדיקע, אַ שעפערישע, מוזן מיר שאַפן אַ שול־וועזן. און ער איז געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין וואָגן צו שלעפּן, אַ שווערן וואָגן אין יענע טעג פון מלחמה, בכדי צו ברענגען צו אַן אויפלעבונג פון יידישן לעבן, צו אַ באַנייאונג, דורך שאַפן אַ שול־וועזן. די יידישע געזעלשאַפט אין גרויסן הינטערלאַנד, אָנגעהייבן פון מאָסקווע ביז יאָהאַנעסבורג און ביז ניו־יאָרק דורך פאַריז, — אומעטום, האָט דען געשאַפן די דאָזיקע אינסטיטוציע, וועלכע זאָל זיין דער ווירדיקסטער, דער נאַטירלעכסטער אָפּנעמער פון יידישער ליטעראַטור? ניין! און דאָ איז די ראָלע פון יידישן שרייבער אין אַ געוויסן זין נישט אויסגעפירט געוואָרן, ווייל זי לאָזט זיך פאַרשטופּן אין אַ ווינקל אַריין, נישט צו לאָזן הערן ווירדיק איר וואָרט. אפשר איז עס דערפאַר, ווייל נאָך דעם גרויסן בראָך, וועלכן מיר זענען אַלע דורכגעגאַנגען, האָט דער יידישער שרייבער געדאַרפט אויסזינגען די קינה פון אַלעמען, אויסוויינען דאָס געוויין פון דעם יידישן מענטש, וועלכער איז אַזוי ביטער געשלאָגן געוואָרן און אין דער דאָזיקער געשלאָגנקייט האָט ער נישט געקענט קומען מיט דער מאָנונג, וואָס איז געווען נויטיק. אָבער די יידישע געזעלשאַפט האָט נישט דערפילט איר חוב זיך אויפצוהויבן צוריק פון אַש, אין וועלכן זי איז שבעה געזעסן, צו בויען אַ געזונט יידיש לעבן, בכדי יידישע ליטעראַטור זאָל קענען נישט בלויז גערייען, נאָר זאָל קענען זיך אַנטוויקלען, נישט בלויז זי זאָל קענען שאַפן, וואָס מיר רופן איינזאַמלונג, נאָר אויך דאָס, וואָס איז באַנייאונג, המשכדיקער קאַמף.

זאָל אַ יידישע אסיפה פון מענטשן, וועלכע זענען טיף פאַרבונדן מיטן יידישן

וואָרט, ברענגען דעם רוף צו דער געזעלשאַפט און די באַגריסונג מיטן רוף צום יידישן שרייבער זיך צו שטעלן אין איר שפּיץ, בכדי צו באַנייען אונדזער לעבן, דאַמאָלסט וועלן מיר האָבן אַן אַנטוויקלונג און דאַמאָלסט וועט אויסגעפירט ווערן די ראָל פון יידישן שעפער און פון יידישן שרייבער. דאַמאָלסט וועט יידישע ליטעראַטור, די אָנגעזאַמלטע, נישט בלייבן ליגן אויף פּאָליצעס, נישט בלייבן ליגן אין קעלער, נאָר וועט זיין אַ לעבעדיקע און זי וועט אָנשטעקן און וועט — ווי דער חבר ראָזענבלאַט האָט געזאָגט — דערפרייען דאָס האַרץ פון אַ יידישן מענטש, וועט אים דערהייבן, וועט אים געבן וויזיע צו קענען עקזיסטירן און צו קענען ציען דעם המשך.

## הרב נתן טשאַסקאַלאַ (פּאַריז)

איך גלויב נישט, אַז איך וועל דאָ אַריינברענגען עפּעס אויסערגעוויינלעכע פּקחות מיט דעם וואָס איך וויל זאָגן. איך האָב אויסגעהערט מיט גרויסן דרך־ארץ און מיט גרויסער אויפמערקזאַמקייט דעם רעפעראַט פון ד״ר סלאָוועס. און איך קען אויך זאָגן, אַז איך קוק אַריין אַמאָל אין יידישע ספרים און פון צייט צו צייט כאַפּ איך אויך אַ בליק אויף די ספרים חיצוניים און איך זע אויך אַן אַרטיקל, וואָס עס שרייבט ד״ר סלאָוועס. איך קען זיין שרייבן און איך וואָלט געוואָלט פרעגן פשוט פראַגעס. איך מיין דאָ נישט האַלטן קיין רעדע אין די ראַמען פון דער דיסקוסיע, נאָר פרעגן דעם ד״ר סלאָוועס אַ פּאָר פראַגעס, אויף וועלכע ער זאָל מיר ענטפערן.

ווען איר האָט גערעדט וועגן דער גאַנצער פּלעיאַדע פון יידישע שרייבער און איר האָט גערעדט וועגן שלום אַש, כ׳ווייס נישט צי איר האָט אויך דערמאָנט אַפּאַטאָשו, און איר האָט גערעדט וועגן די מאָדערנע שרייבער, וועגן דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, צי האָט ד״ר סלאָוועס באַמערקט און זיך אַ ביסעלע פאַר־טראַכט, וואָס עס איז פאָרגעקומען נאָך דער מלחמה, נאָכן גרויסן חורבן, אין געוויסן פון די צוויי יידישע שרייבער שלום אַש און אַפּאַטאָשו? אַנטשולדיקט מיר, צי האָט איר באַמערקט, אַז שלום אַש האָט געענדערט זיין גאַנצן גאַנג אין שרייבעריי. ער האָט געזען, אַז וואָס ער האָט געשריבן ביז איצט, גייט עפּעס נישט און ער האָט זיך געוואָלט אָנכאַפּן אין די גלייכע ווענט; און פון דער צווייטער זייט, צי האָט איר נישט באַמערקט, אַז דער גרויסער אַפּאַטאָשו האָט געזען, אַז „די פּוילישע וועלדער״ קען מען נישט מער שרייבן דאָ און מען מוז שרייבן „רבי עקיבא״. און איר ווייסט, פריינד ד״ר סלאָוועס, אפשר זעט איר. אַז דער נעכטן איז נישטאָ, אָבער אַפּאַטאָשו האָט גוט געפילט, אַז עס איז פאַראַן אַן אייערנעכטן און אַן דעם אייערנעכטן וואָלט אפשר דער נעכטן נישט געווען. ווי קען ד״ר סלאָוועס אַזוי זאָגן, אַז דער נעכטן איז אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן. אַנטשולדיקט מיר זייער, אפשר האָב איך נישט גוט פאַרשטאַנען.

און איצט וויל איך שטעלן נאָך פראַגעס. די פראַגע וועגן פרצן. איך הער דאָך, אַז פון פרצן האַלט איר זייער שטאַרק און פרצן האָט איר דאָך דאָ אַ ביסל

פאַרגעטערט. איר האָט גערעדט וועגן פּרצן, וועגן די נביאות פון פּרצן, מען זאָל זיין נביאים און מנהיגים. און אפשר געדענקט איר, אַז פּרץ האָט אויך געזאָגט: זייט נישט ווי דער ווינט, וואָס לעשט די פלאַם, נאָר בלאָזט זי אויף, ווייל שלאָף איז גיפט און נאַכט איז סם. און דאָס האָט ער געזאָגט אין „טרייסט מיין פאָלק". הייסט עס דאָך, אַז פּרץ אַליין האָט געמאַכט אַ שריט אויף צוריק, אַז פּרץ אַליין האָט געוווּסט, אַז עס איז פאַראַן אַ ניצוץ פון יידישקייט אין יעדן איינציקן ייד און מען דאַרף טרייסטן. פּרץ האָט נישט גערעדט וועגן נייעס. פּרץ האָט גערעדט וועגן אַלטן ניצוץ פון יידישקייט, וועלכער טליעט אין האַרצן פון יעדן איינציקן ייד. ער האָט תשובה געטאָן אפשר פאַר דעם, וואָס ער האָט געוואָלט שרייבן „ווייסע, ברוינע, שוואַרצע, געלבע". אפשר איז עס געווען אַ תשובה ביי אים. אפשר דאַרף מען וועגן דעם טראַכטן, מיין ליבער פריינד. איך קען נישט געבן די כראָנאָלאָגיע פון די שרייבער, פון דער דאָזיקער שרייבעריי פון פּרצן, אָבער איך זע, אַז עס איז פאַראַן ביי אים אַ זיגזאַג. און אפשר האָט ער זיך אויך געטראַכט צו זען די שטאַרקייט פון חסידות. האָט דאָך פּרץ געשריבן וועגן חסידיזם, ווי ער האָט אים געזען. איך בין נישט מסכים מיט דעם וואָס ער האָט דאָרט געשריבן, אָבער עפּעס האָט דאָך אים צוריקגעצויגן אין דער אַלטער היים.

און עס וווּנדערט מיך איבערהויפּט, פריינד ד"ר סלאָוועס, איר האָט דאָ באַמערקט וועגן זשאַן פּאָל סאַרטר, דער פירער, אין געוויסן פּיסלעך, פון דער היינטיקער יוגנט, אָדער אפשר דער פאַרפירער פון דער היינטיקער יוגנט, און איר האָט געוואָלט אים ברענגען אַלס דעם וועגווייזער פאַר די יידישע שרייבער. דאָ זעען זיך צוזאַמענגעקומען יידן דענקער, יידן שרייבער, יידן עסקנים, וועלכע ווילן עפּעס האָבן יידישקייט. אָבער סאַרטר האָט גראָד געזאָגט אַ גוט וואָרט. סאַרטר זאָגט, אַז עס דאַרף זיין אַ מיטאָס פאַרן שרייבער. אפשר קענט איר מיר זאָגן: וועלכער? דאָס הייסט, אַז עס דאַרף זיין אַן אידעאַל. אפשר קענט איר מיר זאָגן, ווי אַזוי זאָל ער אויסזען? און צו וואָס דאַרפן מיר זוכן נייע געטער. אַז מיר האָבן דאָך אונדזער אַלטן גאָט? וואָס דאַרפן מיר זוכן נייע אידעאַלן? ווו זוכט מען זיי? ווו וועט מען זיי געפינען? מיר זעען דאָך, אַז די נייע אידעאַלן האָבן דאָך געבראַכט דעם חורבן. איר זייט דאָך נישט בלויז אַ יידישער שרייבער, נאָר איר זייט אויך אַ יידישער לערער. זייט דאָך מסכים, אַז אַ קאַטשקע איז אַ קאַטשקע און אַ פיש איז אַ פיש און מען קען פון פיש נישט מאַכן אַ קאַטשקע און פאַרקערט. אָט דאָ דאַרפן מיר זיצן בכובד ראש און גוט דורכ־טראַכטן דעם דאָזיקן ענין.

און נאָך עפּעס. עס וווּנדערט מיך פון אייך, וואָס איר האָט געזאָגט, אַז דער באַרג סיני איז פאַרשוווּנדן. אויף דעם האָבן אונדזערע חז"ל געזאָגט, אַז בכל יום ויום בת־קול יוצאת מהר חורב. אפשר איז דער הר־סיני נישטאָ. אָבער דער הר־חורב עקזיסטירט. און מען זאָגט: אוי להם לבריות מעלבונה של תורה. דער דאָזיקער הר־סיני עקזיסטירט אין אַן אַנדערער פאָרם. מיר קומען איצט אַלע צוריק און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר האָבן פאַרשעמט די תורה און מיר האָבן זי דורכגעלאָזט און מיר האָבן זי פאַרשפּעטיקט און אויף דעם אַלעם, מיין ליבער פריינד ד"ר סלאָוועס, ווייל איך האָבן אַ תשובה.

און איצט וויל איך זאָגן דעם פריינד זאַנדבערג. אַזוי ווי ער איז אַ לאַנדס־מאַן, קען איך מיט אים דיסקוטירן. מיט אַ לאַנדסמאַן מעג מען דאָך רעדן אָפן. ער איז אַ היימישער ייד. און איך פרעג אים: צי האָט ער נישט געפונען קיין אַנדערן וועג פאַר דעם יידישן שרייבער, נאָר צו דערמאָנען דעם כלומרשטן שלום און די דאָזיקע פאַרגעבונג פון יוחנן דעם 23־טן און איר אַנערקענונג. און איך וויל אייך מיט גרויס רעספּעקט פרעגן: איר זענט דאָך אַן אינטעליגענטער ייד — צי איז עס טאַקע אַזוי? צי האָט איר טאַקע נאָכגעפאָלגט יענע געשעענישן, ווי זי איז פאָרגעקומען אין דאָזיקן טמאדיקן אָרט, ווו מען האָט פאַרשוויגן די הריגה פון יידישן פאָלק, וועןְ מען האָט אויסגעהרגעט מער ווי אַ דריטל פון אונדזער פאָלק פיזיש? צי ווייסט איר, אַז די אַלע קאָמבינען און די אַלע אויס־געטראַכטע כלומרשטע מחילות און סליחות קומען נאָר בלויז, כדי אַריינצונאַרן אין זאַק אַריין, אַז מען זאָל מיינען, אַז מען קען שוין מאַכן אַ ריקודל צוזאַמען. אויב אַ יידישער שרייבער וויל טראַכטן וועגן דעם דאָזיקן שלום, דאַרף מען אַזאַ יידישן שרייבער מער נישט האָבן. אויב מען דאַרף יאָ אַ יידישן שרייבער, דאַרף ער רופן צו יידישקייט און נישט זיך פאַרופן אויף יענע און זוכן, צי אַ יידישער שרייבער האָט געשריבן עפּעס, וואָס קען זשעניִרן. לייענט די ליטע־ראַטור, וואָס גייט אַרויס פון דאָזיקן קלאַס, וועט איר זען ווי מען לאַכט אָפּ פון יידישקייט, ווי מען מאַכט חוזק פון אונדז. און דעריבער דאַרפן מיר זיין זייער און זייער געוואָרנט. איך בין נישט אַזאַ שטאַרקער ראַסיסט, אָבער איך מיין, אַז מיר זאָלן דאָ רעדן אין יידישן זין און נישט אין דעם אַלוועלטלעכן, אוניווערסאַלן זין. ווייל עס זענען געווען פאַרזאָרגער, וואָס האָבן געזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט און דער דאָזיקער אידעאַל וועט לייזן דעם יידן־פּראָבלעם, און יענער אַנדערער אידעאַל וועט לייזן אונדזער פּראָבלעם. ליידער זעען מיר, אַז די גרויסע אידעאַלן, וואָס האָבן געוואָלט לייזן דעם יידישן פּראָבלעם, האָבן אַנטוישט. מיר זעען דאָך בפירוש, ווי אין יענעם מקום פון די גרויסע אידעאַלן דאַרף מען מיט פאַרשידענע קאָמבינאַציעס, מיט חכמה און פיקחות אַריינאַרן, אַז מען זאָל דאָרט קענען האָבן אַ יידישע צייטונג. פאַרוואָס דאַרפן מיר, אויב אַזוי, מיט פרעמדע מאַכן שותפות? מיר האָבן אַן אייגנאַרטיקע, יידישע רעכענונג. די יידישע רעכענונג איז זייער אַ פשוטע. די יידישע רעכענונג איז, אַז מיר דאַרפן תשובה טאָן. מיר האָבן יידישע שרייבער און מען דאַרף זאָגן נחמו נחמו עמי, מען דאַרף טרייסטן, אַז מיר זענען אַ פאָלק קעגן דעם ווילן פון אַלע און דער יידישער שרייבער דאַרף זיין דער טרעגער פון די הויכע אידעאַלן פון יידנטום, ווייל ער האָט אַ סך וואָס צו זאָגן.

## ד"ר חיים סלאָוועס (פּאַריז)

מיין וואָרט איז נוגע אַ פראַגע, וואָס איז געשטעלט געוואָרן דורך איינעם פון די דעלעגאַטן און וואָס איז אפשר נישט דירעקט געשטעלט געוואָרן דורך אַנדערע דעלעגאַטן, אָבער איך האָב געפילט לויט דער טעמפעראַטור פון די אַפּלאָדיסמענטן, וועלכע זענען געגעבן געוואָרן דעם פראַגע־שטעלער, אַז די

פראַגע איז געווען אין דער לופט. דאָס איז דער ענין, וואָס איך האָב נישט דערמאָנט אין מיין רעפעראַט וועגן די יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד.

דער ענין יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד, מען מיינט נאַטירלעך די אומגעבראַכטע סאָוויעטיש־יידישע שרייבער, איז אַ גרויסע מענטשלעכע טראַגעדיע, איינע פון די טיפסטע אפשר פון די, וועלכע עס איז אונדז געגעבן געוואָרן צו זען אין די לעצטע יאָרן. עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן יידישע שרייבער, עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן יידישע סאָוויעטישע שרייבער, עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דאָס רוב צווישן זיי קאָמוניסטן און זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון דער קויל פון סאָוויעטישן געריכט, דאָס הייסט, פון אייגענע. מאַרקיש, ווי איר ווייסט וואַרשיינלעך, האָט אויפן פראָצעס אויסגעשריען צו די ריכטער: „דאָס זייט איר פאַשיסטן!” אויף די באַשולדיקונגען, וואָס זענען קעגן אים געמאַכט געוואָרן. דאָס איז אויך, ווי איר ווייסט, אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע טראַגעדיע ווייט אויסער די גרענעצן פון ראַטנפאַרבאַנד, באַזונדערס פאַר די אַלע, צו וועלכע איך געהער אויך, וואָס האָבן בשום אופן נישט געקענט צו זיך דערלאָזן דעם געדאַנק אַז אַזאַ פאַרברעכן זאָל פאָרקומען גראָד אין לאַנד פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אין ראַטנפאַרבאַנד. פאַר זייער אַ סך יידן, אין דער ערשטער ריי פאַר יידישע רעוואָלוציאָנערן, פאַר יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, פאַר יידישע קאָמוניסטן, איז עס געווען ממש אַן ערד־ציטערניש, אַ גייסטיקע, אַ מאָראַלישע, וואָס האָט געפאָדערט אַ גרויסן און טיפן חשבון־הנפש. דאָס איז, ווי איך זאָג, אַ גרויסע טראַגעדיע און ווי צו אַלע טראַגעדיעס פאָדערט זיך, אַז מען זאָל צוגיין צו איר, ווי צו אַ גרויסן מאָראַלישן ענין און נישט וועלן פאַרפלאַכן דעם דאָזיקן ענין. איר וועט מיר מוחל זיין, אָט די דאָזיקע היפער־סענסיטיווקייט, די דאָזיקע היפער־פּילבאַרקייט פון געווויסע מענטשן, אפשר נישט דאָ פון דעלעגאַטן, נאָר בכלל צו דעם דאָזיקן ענין און די פראַגע, וואָס ווערט גלייך געוואָרפן: און די סאָוויעטישע שרייבער? און איר האָט נישט גערעדט וועגן די סאָוויעטישע שרייבער? — דאָס איז נישט קיין טיפער צוגאַנג, ווייל דער חשבון־הנפש דאַרף זיין אַ דאָפּלטער. איך, און נישט נאָר איך, אויך אַ סך אַנדערע פון מיינע חברים, האָבן געמאַכט דעם חשבון־הנפש. אָבער עס דאַרף קומען אויך אַ חשבון־הנפש פון די, וואָס פרעגן זיך היינט אַזוי שטאַרק און שטעלן נאָך היינט די פראַגע: „און די סאָוויעטישע שרייבער?” און עס איז בכלל נישט קיין פראַגע, צי די דאָזיקע פראַגע ווערט געשטעלט מאהבת־מרדכי. איך זאָג חשבון־הנפש פון די וואָס פרעגן, ווייל די וואָס פרעגן זיך אַזויפיל נאָך, דאַרפן זיך מאַכן אַ חשבון־הנפש און זיך מודה זיין, אַז זיי האָבן באַקומען אַזאַ גרויסן אינטערעס און אַזאַ ליבע צו די אומגעבראַכטע שרייבער גראָד דאַן, ווען זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן. פריער האָט מען זיי דאָך באַוואָרפן מיט שמוץ און געטרעטן מיט די פיס. פריער האָט מען זיי דאָך גערופן משומדים און פאַר אַלדאָס בייז, וואָס קען נאָר זיין.

דעריבער זאָג איך, אַז דער חשבון־הנפש דאַרף זיין אַ דאָפּלטער. איך וויל נישט אַריינפירן קיין עלעמענטן פון פאָלעמיק, הגם מיר קענען זייער גוט פאָלעמיזירן. אויף דעם איז אייגנטלעך געמאַכט דער שמועס, אַז מען זאָל פאָלעמיזירן.

אָבער עס איז פּשוט נישט די טעמע היינט וועגן דעם. איך בין גרייט צו שמועסן וועגן דעם און דיסקוטירן וועגן דעם מיט חברים און פריינד. אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז דער ענין איז נישט בלויז אַ געשיכטלעכער און דעריבער איז ער דווקא וויכטיק, ווייל עס רעדט זיך וועגן דעם, וואָס די אָפּשאַצונג, וועלכע איז געמאַכט געוואָרן מצד די פריינד, וואָס האָבן מיר געשטעלט היינט די פראַגע און וועלכע שטעלן כסדר מיינענדיק, אַז מען קען דאָ שיסן פיילן אין עמיצן, איז אַ לחלוטין ראַדיקאַל פאַלשע, וועגן דער ראָל פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור אין יידישן שריפטום און אין דער יידישער גייסטיקייט און אין שאַפן פון דער נאַציאָנאַלער יידישער גייסטיקייט. מען האָט דאָך ערשט איצטער, נאָכדעם ווי עס איז געשען די טראַגעדיע, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז די יידישע ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד איז דאָך עפּעס אַ יש געווען, ווייל אויב פיל פון די, וואָס זיצן דאָ אויפן זאַל, האָבן אַזאַ גרויסן אינטערעס און אַ גערעכטן אינטערעס פאַר דעם, וואָס געשעעט מיטן יידישן ישוב אין ראַטנפאַרבאַנד — און ד״ר מאַרטאַקאָווער האָט דאָ גערעדט וועגן דאָפּלטער לאָיאַליטעט אין זין פון דער אחריות, וואָס דאָס ישראל־יידנטום פילט בנוגע דעם יידנטום פון ראַטנפאַרבאַנד און איר באַווייזט נישט זיכער צי די דאָזיקע זאַך איז געווען אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער שריט, איך האַלט פאַרקערט, איר באַווייזט נישט זיכער, צי מען העלפט אויף אַזאַ וועג דעם סאָוויעטישן יידנטום. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. מיר קענען, יעדער פון אונדז, האָבן זיין מיינונג וועגן דעם. אָבער אויב מיר זענען אַלע עדות און מיר זעען דעם אויסערגעוויינלעך אינטענסיוו־נאַציאָנאַלן יידישן געפיל אין ראַטנפאַרבאַנד ביי אַלט און יונג, האָט אין דעם אַ גרויסן חלק די סאָוויעטיש־יידישע ליטעראַטור. וועגן דעם קען מען דיסקוטירן. אָבער אַזאַ איז מיין מיינונג. די סאָוויעטיש־יידישע ליטעראַטור האָט במשך דער גאַנצער צייט פון איר אויפבלי ביז איר טראַגישן איבערשניט אויסגעפירט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע פונקציע. ס׳איז נישט וויכטיק, וואָס זי האָט געלייקנט אין גאָט; ס׳איז נישט וויכטיק, וואָס זי האָט געלייקנט אין ארץ־ישראל; ס׳איז נישט וויכטיק, וואָס זי האָט געלייקנט אין העברעאיש. די געשיכטע האָט איר אייגענע לאָגיק און איר אייגענע דיאַלעקטיק. מען האָט געשמידט אַ סאָוויעטיש יידיש פאָלק. דאָס איז געווען די לאָזונג. אָבער מען האָט געשאַפן יידן מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ.

דעריבער זאָג איך, אַז דער טעות וואָס איז געמאַכט געוואָרן דאַמאָלסט, טאָר זיך איצט נישט איבערחזרן. צום גליק זענען נאָך פאַרבליבן יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד און עס איז פאַרבליבן אַ יידישע ליטעראַטור אין ראַטנפאַרבאַנד.

## משה וואַלדמאַן (פּאַריז)

מיך האָט פאַרדראָסן אַן אויסדרוק פון סלאָוועסן אין 1956, ער האָט מיך אויך געטראָפן שפּעטער, ער האָט מיך געטראָפן היינט דאָ אַזוי פּונקט אַזוי ווי דאַמאָלסט, כאָטש איך זע די גאַנצע אַנטוויקלונג, וואָס איז פאָרגעקומען און וויפל פאַר סלאָוועסן גופא איז קלאָרער געוואָרן אַלץ, וואָס עס איז געשען, און ווי אַנדערש

ער שאַצט היינט אָפּ ווי ער האָט געשאַצט מיט עלף יאָר צוריק די דאָזיקע גרויסע טראַגעדיע, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מאָסקווע. און דאָס איז: „נישט נאָר מאהבת־מרדכי — האָט ער געגעבן אַ זאָג.

מיר איז אויסגעקומען נעכטן צו פֿאַרענדיקן אַן אַרבעט וועגן צוויי מענטשן, מאַרטירער, צוויי פֿון אונדזער רומרייכער געשיכטע, וועלכע ווערן פֿאַרשוויגן פּונקט ווי אַלע אונדזערע העלדן פֿון געטאָ און דאָס זענען ערליך און אַלטער. כאָטש איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין שייכות מיט זייער באַוועגונג. איך בין געוואַקסן פֿון שטענדיק אָן און דערצויגן געוואָרן דורך פּועלי־ציון דוקא, און בין געבליבן אַ ציוניסט, האָב איך אַ טיפֿע פֿאַרערונג פֿאַר די דאָזיקע צוויי מענטשן. און בלעטערנדיק דאָס אָנדענק־בוך וועגן די צוויי מענטשן האָב איך אָנגעטראָפֿן אַן אַרבעט פֿון וויקטאָר אַלטער, געשריבן אין סעפּטעמבער 1936, ווי ער שרייבט וועגן די ערשטע פּראָצעסן, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין מאָסקווע, אַז „די זעכצן מענטשן זענען צו באַדויערן, וואָס מען האָט זיי געשאָסן. עס איז אָבער דאָך נישט אַזוי גרויס דער וויטיק. מיר זענען דערשיטערט, ווייל דער שאָס אין זיי איז דער שאָס אין דער רעוואָלוציע גופא.״ און דאָ קען מען שוין נישט זאָגן, אַז די אַלע, וועלכע זענען טיף געווען איבערגענומען כסדר מיט דעם, וואָס עס געשעט אין ראַטנפֿאַרבאַנד און האָט דערפֿירט צום שאָס, זענען געווען שונאים. דאָס איז געווען אַ טיפֿע טראַגעדיע פֿאַר די אַלע סאָציאַליסטן, רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זענען אָפּגענאַרט געוואָרן און געשאָסן געוואָרן צוערשט — אַלץ סאָציאַליסטן, רעוואָלוציאָנערן מיט אַן אַנדערער מיינונג, און שפּעטער איז עס אויסגעגאַנגען צו די קעפּ, וועלכע האָבן פֿריער אַליין געשאָסן. דערין ליגט אויך טיילווייז דער ענטפֿער, אַז מיר, וועלכע זענען געווען איבערגענומען מיט דעם, וואָס עס געשעט אין ראַטנפֿאַרבאַנד און האָבן דיסקוטירט און האָבן אויפֿגענומען מיט אַ געוואַלטיקער פֿאַראינטערעסירונג, וואָס עס ווערט דאָרט געשאַפֿן, האָבן געזען, אַז עס גייט אין אַן אויסגעקרומטער ליניע. און איר, חבר סלאָוועס, איר זייט געווען איינער פֿון יענעם ערשטן צוזאַמענטרעף פֿון יידישע גייס־טיקע פּערזענלעכקייטן אין פּאַריז, איר האָט אויך אָרגאַניזירט דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס אין 1937, ווען לייוויק האָט גערעדט צו אַ ליידיקן שטול און האָט געזאָגט: דאָ פֿעלן די, וועלכע האָבן געדאַרפֿט קומען פֿון מאָסקווע. פֿאַרוואָס זענען זיי נישט געקומען?

פֿאָרזיצער רייסט איבער: — חבר וואַלדמאַן, מיר זענען נישט געקומען אַהער צו פֿירן פּאָליטישע דיסקוסיעס. איך ווייס נישט וווהין דאָס פֿאַרפֿירט. מיר רעדן דאָ וועגן „סאָוועטיש היימלאַנד״, וועגן די „גאָלדענע קייט״, „די צוקונפֿט״ און „דוקא״ און ביטע האַלט זיך אין די ראַמען פֿון דער טעמע.

משה וואַלדמאַן: — דאָ האַנדלט זיך נישט אין קיין שום פּאָליטישע מאָמענטן, דאָ גייט אין אַ יידישע אַנטוויקלונג אַזאַ אָדער אַן אַנדערע; דאָ האַנדלט זיך אין חשבון, וואָס עס האָבן געהאַט די יידישע שרייבער אין ראַטנפֿאַרבאַנד מיט יידישע שרייבער אין דער וועלט. נישט די יידישע וועלט האָט אָפּגעזאָגט די פֿאַרבינדונג מיט די שרייבער פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד.

**פֿאָרזיצער — חבר וואַלדמאַן האַלט זיך ביי דעם סדר היום.**

## מאיר ראָזענבלאַט (פּאַריז)

איך בין זייער צופרידן, וואָס עס איז דאָ אויסגעדריקט געוואָרן אַ האָפענונג אויף אַ נאָענטן דיאַלאָג, וואָס וועט פאַרקומען צווישן די פאָרשטייער פון די קהילות אין מזרח־אייראָפּע און די פאָרשטייער פון די קהילות אין די אַנדערע וועלט־טיילן. צווישן יידישע קולטור־מענטשן פון מזרח־אייראָפּע און יידישע קול־טור־מענטשן אין גאָר דער וועלט — ביידע טיילן פון איין אָרגאַניש־צוזאַמענגע־בונדענעם וועלט־פאָלק, ווי חבר סלאָוועס האָט דאָ געזאָגט. אַזוי ווי איך בין געווען איינער פון די קשיות־שטעלער, מוז איך ענטפערן עטלעכע ווערטער דעם חשובן ד״ר סלאָוועס.

נישט פאַרפלאַכן דעם ענין מיט מיינע פראַגן, האָב איך געוואָלט, ד״ר סלאָ־וועס, נאָר פאַרקערט, פאַרטיפערן. איר האָט געשטעלט די פראַגע, צי איז עס געווען מאהבת־מרדכי. גלויבט מיר, אַז עס איז זיכער נישט געווען משנאת־המן. דאָ געפינען זיך מענטשן, וועלכע בלוטיקן מיט אַלע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן. אָבער די מענטשן קען מען נישט ענטפערן, ווי מען ענטפערט אויף אַ מיטינג, נישט מיטן וואָרט „איר פאַרפלאַכט״, אָדער „מאַכן אַ חשבון־הנפש״. דאָס זענען ווערטער, וועלכע פאַרפליכטן צו גאָרנישט, פריינד סלאָוועס. חשבון־הנפש האָבן מיר נישט געדאַרפט מאַכן. איך פערזענלעך האָב געלייענט און געקענט אויסנ־ווייניק פעפערן איידער ער איז געזעסן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. פאַרשטייט זיך, איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין פעפערן, ווען ער האָט געזונגען „זאָג איך סטאַלין מיין איך זון, זאָג איך סטאַלין מיין איך פרייד״. איך האָב געפילט פעפערן, ווען ער האָט געזוכט דעם אַלטן קנייטש פון ר׳ עקיבא, די חכמה פון ישעיהס וואָרט, ווייל אויך ביי אים, ביי איציק פעפערן, איז אין טיפן האַרצן געווען דער רוף פון הר־סיני, וועלכן פּראָפעסאָר טאַרטאַקאָווער האָט דאָ דער־מאָנט.

איך דערמאָן זיך נאָך אַ ליד, איך געדענק נישט פון וועמען עס איז, אפשר וועט דאָ עמיצער זיך דערמאָנען: „וואָס איז דאָ דער זין און ווו איז דער פּאַראַט, אַז מיין אייניקל מאַראַט האָט פאַר אַ זיידן ר׳ זיינוועלען געהאַט״. דאָס איז גע־שריבן געוואָרן מיט בלוט איידער זיי זענען געשאָכטן געוואָרן. דערפאַר דאַרף מען צוגיין צו דער פראַגע אַנדערש, חבר סלאָוועס. איך חזר איבער: די פאַר־פלאַכעניש איז דאָ נישטאָ, מיר פאַרטיפן דעם ענין.

## פּראָפ. אַלעקס דערטשאַנסקי (פּאַריז)

איך האָב נישט פאַרשטאַנען דעם גאַנצן צוגאַנג אַרום דער דיסקוסיע מיט חיים סלאָוועס. איך מוז אייך זאָגן, אַז פאַר מיר איז דער גאַנצער ענין אַ פאַר־יערטער, איך האַלט, אַז פריינד סלאָוועס געפינט זיך דאָ היינט מיט אונדז און דאָס באַדייט, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ שטיק וועג און ער האָט געמאַכט אַ שטיק

וועג. די גאַנצע יעווסעקישע היפּאָטעזע שטאַמט נישט דערפון, וואָס זיי זענען געווען טיילן פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. דאָס שטאַמט נאָך פון פאַרן 17־טן יאָר. איך וועל דערמאָנען צוויי נעמען. דער ערשטער וואָס האָט געראָפן צו מאַכן דעם אַזוי גערופענעם נאַטוראַליזאַציע־פּראָצעס פון אויסלייג איז געווען ווײַנגער אין 1913. און נישט אין 1928, ווען מען האָט עס דורכגעפירט. און אין 1913 איז מען נישט געווען קיין קאָמוניסט, ער איז נישט געווען קיין באָלשעוויק. אין יענער צייט האָט ער געבלאָנקעט אין איינער פון די גרופּעס פון די עסערן. משה ליטוואַקאָוו ווידער האָט די שׂנאת־ישׂראל געהאַט נישט פון די צייטן, ווען ער איז געווען אַ באָלשעוויק, נאָר פון דער צייט, ווען ער איז געווען אַ חבר פון די טעריטאָריאַליסטן. מען האָט דאָ געפונען אַ תירוץ זיך אַ נעם צו טאָן צו אַ באַוועגונג. עס איז אַ פראַגע פון כבוד פון יידישן וואָרט, ווייל אין טשערנאָוויץ, ווען אסתר פרומקין האָט געשטעלט דעם טראָפּ, אַז יידיש דאַרף זיין די נאַציאָ־נאַלע שפּראַך, האָט זי געשאַפן דעם בראָך, וואָס האָט דערפירט צו 1952 אין דער לוביאַנקע אין מאָסקווע. אין מאָמענט ווען מען האָט געשפּאָלטן יידיש פון העברעאיש, ווען מען האָט געשפּאָלטן די איינהייטלעכקייט פון יידיש מיט העברעאיש, ווען מען האָט געשפּאָלטן די טראַדיציע פון די שפּראַכן, האָט מען דערמעגלעכט, אַז יידיש זאָל האָבן דעם גלגול און די טראַגעדיע צו וועלכער די סאָוויעטיש־יידישע שרייבער זענען דערגאַנגען. דאָס איז נישט קיין פּראָצעס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין די ראַמען פון די סאָוויעטישע באַוועגונגען, נאָר איז אַ פּראָדוקט פון דער דעגענעראַציע פון דער יידישער ווירקלעכקייט.

## ד"ר חיים סלאָוועס (פּאַריז)

איך וועל זיך באַמיען צו ענטפערן אין פינף מינוט אויף די עטלעכע צענדליק קשיות, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן.

איך בין זייער דאַנקבאַר דעם אינזשיניער ראָזענבלאַט פאַר זיין אַרויסטריט אין שייכות מיט מיין רעפעראַט און מיין אַרויסטריט פון היינט און איך בין זייער צופרידן צו הערן אַזעלכע שאלות און צו באַקענען זיך מיט אַן אמת אינטעליגענטן ייד, וואָס איז נישט נאָר אַ יודע־ספר אין די אַלטע קליינע אותיותלעך, נאָר אויך אין די נייע.

איך האָב עס געזאָגט אַלס פּאָזיטיווע דערשיינונג, דאָס ברעכן די צוימען פון געטאָ. איך חזר איבער: עס איז גוט געווען. איך וויל נישט אַריינגיין אין פּרטים, ווייל איך האָב נאָר פינף מינוט. אָבער איין זאַך איז קלאָר: ווי עס זאָלן נישט זיין די אַלע ספיקות און זוכענישן פון גאָלאָמב און פון אַנדערע, ווי עס זאָלן נישט זיין די היסטאָרישע וועגן פון אונדזער סעקולאַריזם, איז אָבער איין זאַך זיכער, אַז מען וואָלט נישט צעבראָכן די געטאָס, וואָלט מען היינט נישט געהאַט קיין מדינת ישראל.

איך גיי איבער צו אַנדערע פראַגעס פון הרב טשאַסקאַלאַ. וועגן שלום אַש

איז מיר שווער צו רעדן, ווייל איך וואָלט געדאַרפט זייער לאַנג רעדן. איך וויל נאָר דערמאָנען, אַז נאָך די קריסטוס־ראָמאַנען האָט ער אָנגעשריבן זיין „משה״. שלום אַש איז אַ קאָלאָסאַלע דערשיינונג. דאַקעגן צוויי ווערטער וועגן אַפּאַטאַשו. הרב טשאַסקאַלאַ, איר מאַכט אַ טעות. עס איז נישט געווען קיין ווידעראַנאַנדער ביי אַפּאַטאַשו פון „די פוילישע וועלדער״ ביז „רבי עקיבא״. אדרבא, דאָס איז געווען אַפּאַטאַשוס וועג. ער איז געגאַנגען באַוווסטזיניק און ער האָט געזאָגט, אַז עס איז דאָ איין יידישקייט, וואָס ציט זיך פון בבל ביז רעגענסבורג, ביז דעם געטאָ פון ווענעציע, ביז אליהו בחור, ביז מלאַווע, ביז ניו־יאָרק און ביזן פּאַריזער „קולטור־קאָנגרעס״ און ער האָט דערין אַריינגענומען סאָציאַליזם און קאָמוניזם און חסידיזם און אַלץ, וואָס איז דאָ יידישקייט. און אַזוי איז עס. און דעריבער אויב ער איז געגאַנגען פון „די פוילישע וועלדער״ צו „רבי עקיבא״ איז עס נאַטירלעך, ווייל ער איז אויך געגאַנגען צום „נעגער־בלוט״, וואָס ער האָט געשריבן. אָט דאָס איז די היינטיקע יידישקייט. אָט דאָס איז די היסטאָרישע יידישקייט, אין וועלכער אַלץ איז אַ גלייכבאַרעכטיקטער און אַבסאָלוט־אָרגאַנישער באַשטאַנד־טייל.

איך האָב ציטירט סאַרטר און הרב טשאַסקאַלאַ האָט געזאָגט: צו וואָס דאַרף מען פרעמדע פירער, פאַרפירער א. א. וו.? פּראָפ. טאַרטאַקאָווער האָט געענטפערט זייער ריכטיק. עס איז נישט גענוג צו זאָגן, צו וואָס דאַרפן מיר זיך זאָרגן וועגן דער וועלט, זאָל די וועלט זיך זאָרגן וועגן אונדז. און איך וויל זאָגן נאָך עפּעס, חשובער רב טשאַסקאַלאַ, סאַרטר איז אויך פון די וואָס זוכן, ער האָט לעצטנס אָנגעשריבן די קריטיק פון דיאַלעקטישן געדאַנק, אָבער צו זיין עטיק איז ער נאָך נישט דערגאַנגען. ער איז אַ דרייסטער מענטש, וואָס זוכט. און עס וועט אפשר זיין צו העזהדיק צו זאָגן, רעדנדיק צו אַ רב, אָבער מיר דאַרפן נישט מיינען, אַז מיר האַלטן שוין גאָט ביי דער באָרד — און איך זאָג עס מיט דער גאַנצער אַכטונג — אפילו צו גלויביקע. עס זענען דאָ זייער אַ סך זאַכן צו דענקען נאָך ביי יידישע רעליגיעזע פירער און דענקער. איך גלויב, אַז עס וועט קומען דער דאָזיקער מאָמענט און אין דאָזיקן פּראָצעס פון באַנייען דעם דת, וואָס איז אַ קאַרדינאַלער פּראָצעס פאַרן יידישן לעבן, פאַר דער יידישער געשיכטע און אויך פאַר דער יידישער מדינה, אין דעם וועלן אויך האָבן אַן אָנטייל נישט־יידישע דענקער.

נאָך איין וואָרט און דאָס איז אַ מיספאַרשטענדעניש. איך האָב נישט געזאָגט אַז באַרג סיני איז מער נישטאָ. איך אַנטשולדיק זיך, ס׳איז אַ טעות. איך האָב אין מיין רעפעראַט גערעדט וועגן דיכטער, וואָס האָבן אין געטאָ געזונגען וועגן דעם, אַז אויסשלאָגן וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה. איך האָב נישט דערמאָנט ווער איז דער מחבר, ווייל איך בין זיכער, אַז אַלע ווייסן ווער עס איז דער מחבר. איך האָב דערמאָנט „אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט״ און איך האָב נישט געזאָגט ווער עס איז דער מחבר, ווייל איך בין זיכער, אַז אַלע ווייסן, דאָס איז געבירטיג. און איך האָב דערמאָנט דעם באַרג שיך אין מיידאַנעק וואָס איז העכער און הייליקער נאָך, ווי באַרג סיני, און איך האָב אויך נישט דער־

מאַנט דעם מחבר, ווייל איך גלויב, אַז דאָס איז אַ ליד, וואָס אַלע דאַרפן קענען און אַ נאָמען פון אַ מחבר, וואָס אַלע דאַרפן וויסן — דאָס איז אונדזער חבר משה שולשטיין, וועלכער איז דאָ.

## י. זאַנדבערג (בריסל)

איך בין אויסן צו ענטפערן הרב טשאַסקאַלאַ אויף אַ פראַגע, וואָס ער האָט מיר געשטעלט. הרב טשאַסקאַלאַ פון וועמען איך האָב דעם כבוד צו זיין אַ בן־עיר האָט זיך עפּעס דערשראָקן, ווען איך האָב געפירט מיין שמועס פאַרמיטאָג, ווייל איך האָב דערמאָנט דעם נאָמען פון יוחנן דעם 23־טן. ער האָט זיך אַ ביסל געטומלט, ער האָט מיר געשטערט אין רעדן. וואָלט ער געהאַט אַ ביסל מער טאָלעראַנץ, וואָלט ער אויסגעהערט וואָס איך בין אויסן געווען מיט דעם. סוף כל סוף האָט אַ רעדנער נאָך מיר אויך דערמאָנט דעם נאָמען פון אַ פויפּסט און הרב טשאַסקאַלאַ איז געזעסן גאַנץ רואיק און האָט נישט געטומלט. הייסט עס, אַז מען קען יאָ דערמאָנען. איך האָב נאָר געוואָלט אויספירן, אַז עס זענען פאַראַן זאַכן, פאַר וועלכע אַ יידישער שרייבער דאַרף זיין געוואָרנט, חכמים הזהרו בדבריכם, מען דאַרף נישט מחלל זיין יענעמס הייליקייט. אָט האָב איך געזען אין ישראל מיט פופצן יאָר צוריק, ווי אויף קירכן, אויף מעטשעטן איז געשטאַנען מקום־קדוש. זיי אין ישראל האָבן זיך גאָרנישט אַזוי אָפּגעשראָקן צו שטעלן אויף אַ קירכע דעם נאָמען און איך מיין, אַז אַ יידישער שרייבער וועט נישט שרייבן טיפלה אָדער טומאה אויף אַ קירכע, נאָר ער וועט שרייבן קירכע. און עס וועט נישט זיין קיין גרויס אומגליק.

כ׳האָב גערעדט וועגן אַ דערנענטערונג וואָס מען דאַרף זוכן. איז דאָך יונה הנביא געשיקט געוואָרן אויף אַן אינדזל, צו גויים, כדי נביאות זאָגן און פונדעסטוועגן איז עס געווען מעגלעך און מען האָט עס געקענט רואיק אויסהערן — טענו חטים והודה לו בשעורים. אָבער איך בין צופרידן וואָס ער האָט מיר געשטעלט די פראַגע, ווייל איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט אים צו מאַכן די דאָזיקע באַמערקונג.

## אַלטער טרום (שטאָקהאָלם)

איך מיין, אַז דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט איינגעלאַדן דעם חבר סלאָוועס, מיר דאַרפן שאַפן אַ דערנענטערונג און אויף דעם וועג וועלן מיר אפשר דערגיין צו אַ צוזאַמענטרעף מיט די יידן פון יענעם זייט פאָרהאַנג. איך בין געווען אין יענעם לאַנד זעקס יאָר און איך האָב פאַרזוכט דעם טעם פון אַלצדינג. איר דאַרפט וויסן, אַז די דאָרטיקע יידן זענען אנוסים. זיי זענען נישט קיין בעלי־בתים. אפשר איז איצט געוואָרן אַ ביסל לייכטער. אָבער די זיכערקייט איז קיינמאָל נישטאָ. מאָרגן קען די קרעמל צוגעשלאָסן ווערן, עס וועט מער נישט זיין קיין פּאַפּיר און קיין בליי. איך ווינטש, אַז דאָס

זאָל נישט געשען. אָבער דער ענין איז זייער אַ דעליקאַטער. מיר דאַרפֿן לאָזן אַן אָפֿענעם וועג פֿאַר דער צוקונפֿט.

עס וואָלט געווען געוווּנטשן, אַז מיר זאָלן דערגרייכן אַנדערע זאַכן. איך ווייס נישט וויפֿל עקזעמפּלאַרן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" עס ווערן דאָרט געליייענט. אָבער עס וואָלט געווען וויכטיק, אַז דאָרט זאָל זיין אויך אַ יידישער לוח. בעסער אַ ביסל נומערן ווייניקער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" און אַנשטאָט דעם דרוקן פֿינף און צוואַנציק טויזנט יידישע לוחות, כדי די סאָוויעטישע יידן זאָלן וויסן ווען עס פֿאַלט אויס אַ יום־טוב.

# אונדזער קולטור־אייגנס
# און דער אונטערוואַקסנדיקער דור

# אַרײַנפֿיר

פֿון יחזקאל קאָרנהענדלער (פּאַריז)

„אונדזער קולטור־אייגנס און דער אונטערוואַקסנדיקער ייִדישער דור" איז אַ טעמע, וואָס שטייט הײַנט צו טאָג אויפֿן סדר־היום פֿון ייִדישן לעבן אין גאָר דער וועלט. מער ווי אין וועלכן עס איז מאָמענט אין אונדזער געשיכטע זוכט מען הײַנט צו באַווירקן דעם יונגן דור, אַז ער זאָל פֿון אונדז נישט אָפּגעריסן ווערן, אַז ער זאָל ווערן ראוי צו איבערנעמען אונדזער דורות־לאַנגע קולטור־ירושה. מיר זענען נעמלעך שטאַרק באַזאָרגט פֿאַרן מאָרגן פֿון ייִדישן פֿאָלק און פֿון זײַנע קולטור־אוצרות.

גרויסע ענדערונגען זענען פֿאָרגעקומען אין ייִדישן לעבן פֿון דער לעצטער צײַט. עס איז פֿאַרשוווּנדן אַ מאַסע פֿון מיליאָנען ייִדיש־רעדנדיקע מענטשן. די אָפּגעראַטעוועטע ייִדן פֿון קריג זענען צעשפּרייט איבער לענדער און צווישן פֿעלקער, זיי בילדן קליינע גרופּעס, באַווירקטע פֿון דער אַרומיקער קולטור, וואָס שלינגט אײַן אונדזער ייִדישע יוגנט און דערווײַטערט זי פֿון ייִדישן קולטור־מקור.

מיט אַ קורצער צײַט צוריק נאָך איז געווען אַ זייער געוויינלעכע דערשײַנונג צו טרעפֿן ייִדן, וואָס ציטירן ביי יעדער, נויטיקער און נישט נויטיקער, געלעגנהייט פּסוקים פֿון אונדזערע אַלטע ספֿרים. זייער צאָל איז הײַנט צו טאָג נעבעכדיק קליין. דער בײַשפּיל מיטן שרײַבער שוואַרץ־באַרט, דעם מחבר פֿון בוך „דער לעצטער פֿון די ל"ו", איז גענוג באַלערנדיק אין דעם פּרט. דער דאָזיקער יונגער ייִד האָט אין זײַנע יוגנט־יאָרן עפּעס געהערט וועגן דער אַלטער ייִדישער מעשה פֿון די ל"ו־צדיקים. ער האָט אָבער פֿולשטענדיק פֿאַרגרייזט און פֿאַרקריפּלט די דאָזיקע ייִדישע לעגענדע, וועלכע ער האָט נישט געקענט אין מקור.

אין 1941 האָט מיך דער גורל פֿאַרוואָרפֿן אין אַ שטעטל אין דרום־פֿראַנקרײַך. איך האָב דאָרט באַקענט דעם אָרטיקן לערער, וואָס איז אויך געווען דער ביבליאָטעקאַר פֿון דער קליינער מוניציפּאַלער ביבליאָטעק. ווען ער האָט זיך דערוווּסט אַ געוויסן טאָג, אַז איך בין אַ ייִדישער שרײַבער, האָט ער מיך געבעטן צו געפֿינען פֿאַר אים די ווערק פֿון פּרצן. ער האָט אַמאָל געלייענט אין פֿראַנצויזישער איבער־זעצונג פּרצס „ביים גוסס צו קאָפּנס" און ער איז דערפֿון אַזוי אויפֿגערודערט געוואָרן, אַז ער זוכט אַלע אַנדערע ווערק פֿון אונדזער פּרצן. וויפֿל ייִדישע יוגנט־לעכע, פֿראַנצויזיש־רעדנדיקע אָדער ענגליש־רעדנדיקע, האָבן געלייענט די דאָזיקע

ווינדערלעכע דערציילונג פון אונדזער גרויסן פרץ? און וואָס ווייס אונדזער יוגנט וועגן פרצן אָדער וועגן אַנדערע גרויסע יידישע צי העברעאישע מחברים?

אָט פון דעם אומוויסן, וואָס הערשט ביי אונדזער יוגנט, שטאַמט אונדזער אומרו פאַר איר יידישער צוקונפט און אויך פאַר דער צוקונפט פון אונדזער קולטור־אייגנס. ווי וועט אויסזען דער מאָרגן פון יידישן לעבן? ווי אַזוי וועלן מיר איינהאַלטן די מאַסע פון יידישע יוגנטלעכע, וואָס איר צוזאַמענבונד מיטן פאָלק ווערט וואָס אַמאָל אַלץ לויזער?

די פראַגעס פאַרלאַנגען אַן ענטפער און באַוועגן אונדז צו מאַכן אַ חשבון־הנפש.

בריסל, 1967.

# אונדזער קולטור־פּראָבלעמאַטיק אויפֿן שוועל פֿון דער קאָסמישער תקופֿה

פֿון מגר. מאיר ראָזענבלאַט (פּאַריז)

איך קלער, אַז מיר זענען אפשר באַגאַנגען אַ פֿעלער אין דער פֿאָרמולירונג פֿון פּראָבלעם, וועלכן מיר באַהאַנדלען אַרום דעם דאָזיקן טיש. ניט דער צווייאיקער פּראָבלעם: אונדזער קולטור־ירושה און דער אונטערוואַקסנדיקער דור דאַרף שטיין אין צענטער פֿון אונדזערע באַטראַכטונגען, נייערט דער זיך אָפּט סותרדיקער, משולשדיקער קאָמפּלעקס „אונדזער קולטור־ירושה, דער עלטערער דור און דער דור, וואָס קומט אָן". ווייל ער, דער אונטערוואַקסנדיקער דור איז דער דירעקטער קרבן פֿון דעם דור, וואָס גייט אים פֿאָרויס. איך וועל עס אילוסטרירן מיט אַן איין און איינציקן בײַשפּיל, וועלכער כאַראַקטעריזירט אפשר אַמשאַרפֿסטן דעם גאַנצן פּראָבלעם.

מיט דריי יאָר צוריק איז אַריין אין קראַפֿט דער ישראל־פֿראַנצויזישער קולטור־אָפּמאַך, וועלכער האָט אויסער דעם אויסטויש פֿון געלערנטע און סטודענטן, אויסער דער שאַפֿונג פֿון מערערע עברית־לעקטאָראַטן און עברית־קאַטעדרעס אין עטלעכע באַדייטנדיקע פֿראַנצויזישע אוניווערסיטעטן, פֿאָרויסגעזען אויך די פֿולע גלייכבאַרעכטיקונג פֿון עברית אַלס לעבעדיקע שפּראַך אין די פֿראַנצויזישע מיטל־שולעס. די יונגע מדינת ישראל האָט אַזוי אַרום באַקומען די מעגלעכקייט אויסצושטראַלן אין רחבותדיקן פֿראַנצויזישן לאַנד און צוטראָגן גלייכצייטיק אַ גייסטיקע יניקה אירע זין און טעכטער, די הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס לעבן היינט צו טאָג אין פֿראַנקרייך. ווייל אין פּראַקטישן זין האָט עס באַדייט, אַז אַ דאַנק דעם דאָזיקן קולטור־אָפּמאַך וועט יעדער יידישער שילער קענען לערנען אין משך פֿון מערערע יאָרן אין די ראַמען פֿון אַלגעמיינעם שול־פּראָגראַם און אינגאַנצן אומזיסט די העברעאישע שפּראַך, באַקענענדיק זיך אַזוי אַרום מיט די גייסטיקע אוצרות פֿון פֿאָלק, האָבנדיק גלייכצייטיק די מעגלעכקייט צו דערלערנען נאָך אַ לעבעדיקע שפּראַך אויסער עברית, ווי צ. ב. ענגליש, רוסיש אָדער שפּאַניש. דער פֿאַקט, וואָס בלויז פֿינף שילער זענען נויטיק, כדי צו שאַפֿן אין ליציי אַ קורס פֿון העברעאיש, האָט שוין לכתחילה גאַראַנטירט דעם פֿולן דערפֿאָלג פֿון דעם עברית־לימוד. אָבער אין דעם שול־צירקולאַר, וועלכער רעכנט אויס די אויסלענדישע שפּראַכן, וועלכע ווערן געלערנט אין די קרוב פֿופֿציק פּאַריזער ליצייען, וועט איר היי־יאָר אומזיסט

זוכן העברעאיש. דאָס באַדייט, אַז אין גרעסטן יידישן ישוב אין אייראָפּע מיט זיינע טויזנטער און טויזנטער יידישע תלמידים, כן ירבו, האָבן זיך נישט געפונען קיין פינף שילער, וועלכע זאָלן אויסדריקן דעם ווונטש צו לערנען עברית. און קיין שום שטורעם איז נישט אויסגעבראָכן אין דער יידישער עפנטלעכקייט. די יידישע געזעלשאַפטלעכע פירער האָבן בכיוון פאַרשוויגן דעם גאַנצן ענין. ווייל ווען בלויז די פירער פון פינף ציוניסטישע פּאַרטייען, אָדער פינף פּרעזידענטן פון די אַזוי גערופענע נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, אָדער פינף פּאָרזיצער פון די אומצאָליקע קולטור־קאָמיסיע, אָדער פינף זשורנאַליסטן, שרייבער און קולטור־עסקנים וועלכע רעדן רק וועגן יידישקייט און קיום־העם, וואָלטן אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז זייערע אייגענע קינדער זאָלן לערנען העברעאיש און זיך באַהעפטן כאָטש אַזוי אַרום מיט די יידישע קולטור־אוצרות, וואָלטן מיר דאָך פאַרמאָגט אין פּאַריז ביים היינטיקן טאָג מערערע עברית־קלאַסן. דער ענין עברית־לימוד פאַרוואַנדלט זיך אַזוי אַרום אין אַן אומברחמנותדיקן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן יידישע עלטערן, קעגן דער דרימלענדיקער אין איר איינגעפונדעוועטקייט יידישער געזעלשאַפט.

און זאָל דאָ באַלד געזאָגט ווערן קלאָר, אַז ווען פראַנקרייך וואָלט געשלאָסן ביים היינטיקן טאָג אַן ענלעכן קולטור־אָפּמאַך מיטן גרויסן יידיש־לאַנד, וואָלטן מיר אויך נישט געהאַט די פינף נויטיקע שילער, וועלכע זאָלן אויסוויילן מאַמע־לשון אַלס ערשטע אָדער צווייטע לעבעדיקע שפּראַך אין איינעם פון די פּאַריזער ליצייען. עס זאָגט דאַרויף עדות דער פּאַקט, וואָס די אַזוי גערופענע וועלטלעכע יידן זענען במשך פון יאָרן נישט געווען בכח צו שאַפן אין פּאַריז די קלענסטע יידישע פאָלקס־שולעס (עס זענען בלויז פאַראַן די קוים זשיפּענדיקע ביים היינטיקן טאָג יידישע צוגאַב־שולעס) און די גענצלעכע אָפּוועזנהייט פון יוגנטלעכע אויף יידישע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען.

עס שטעלט זיך די פראַגע: ווי אַזוי איז עס מעגלעך, אַז יידישע טאַטע־מאַמעס, וועלכע זענען געווען יונגעררהייט עדות פון אויפשוואונג פון יידישן און העברעאישן שול־וועזן אין דער אַלטער היים, ווו יידישע אָרעמע מאַמעס פלעגן כאַרזעצן די זילבערנע לייכטער, כדי צו באַצאָלן שכר־לימוד, ווי אַזוי איז עס מעגלעך, אַז זיי זאָלן נישט וועלן אָדער נישט קענען איינפלאַנצן אין זייערע קינדער די ליבע צו די אייגענע יידישע ווערטן?

דער דאָזיקער פּראָבלעם פון איבערגעבן ווייטער אונדזער קולטור־ירושה איז אַ כלל־יידישער. ער קומט צום אויסדרוק אין אַלע לענדער פון די תפוצות, ער ווערט שוין אָנגעשפּיצט אפילו אין ישראל טראָץ דעם פּרימאַט פון דער העברעאישער קולטור. דאָס נישט קענען איבערגעבן דעם אונטערוואַקסנדיקן דור די אויטענטישע יידישע קולטור־ירושה, דאָס זיין אין דער בחינה פון נוחלים ולא מנחילים, ירשענען און נישט מאַכן ירשענען, איז אַ פּועל־יוצא פון אַ לענגערן היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס האָט זיך אָנגעהייבן נאָך אין 19־טן יאָרהונדערט, ווען די וואָרטזאָגער פון דער העברעאישער השכלה און די טעאָרעטיקער פון דער וועלטלעכער יידישקייט האָבן דורכגעפירט אַ געפערלעכע אָפּעראַציע אויפן גייסטיקן אָרגאַניזם פון פאָלק, נישט באַגרייפנדיק דעם טיפן מהות פון יידישקייט, נישט קענענדיק דורכפירן דעם ריכטיקן היסטאָרישן אַנאַליז פון דער איינהייט־

לעכקייט פון דער יידישער פאָלקס־קולטור, האָבן זיי זי צעשפּאָלטן אויף רעליגיעז און וועלטלעך — אַן אָפּעראַציע, וואָס קיין שום פאָלק אין דער וועלט האָט זיך נישט דערלויבט צו מאַכן. רעליגיע איבערגעזאָגט פאַר די פאַנאַטישע יידן און די אַזוי גערופענע וועלטלעכקייט אַריינגענומען צו זיך אין רשות. אַלץ, וואָס האָט געטראָגן דעם מינדעסטן חותם פון יידישן גלויבן איז געוואָרן אָפּגעשטאַנען און רעאַקציאָנער. האָט מען געשניטן גאַנצע תקופות פון דער יידישער געשיכטע, געאסרט אוצרות פון יידישער גייסטיקייט. די לאָזונג איז געווען פאַרוועלטלעכן יידישקייט, ענלעך זי מאַכן צו די אַרומיקע קולטורן. דער יידישער אייגנאַרט, דער יידישער וועלט־באַנעם, זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון פאָלקס־אָרגאַניזם, מיט וועלכן זיי זענען געווען פון דורות אָרגאַניש פאַרבונדן. טיף איבערגעלעבטע, טאָג־טעג־לעכע יידישקייט איז דערלויבט געוואָרן נאָר אין דעם רוים פון קונסט. האָבן מיר אויסגעלאָשן ביי זיך די שבתדיקע ליכט, געפּענטעט די אייגענע נשמה־יתירה און גלייכצייטיק באַזונגען די שבת־יום־טובדיקע יידן. אַזוי זענען טאַקע אַנטשטאַנען די וווּנדערלעכע יידישע און העברעאישע ליטעראַטורן; יידיש לשון איז געוואָרן אַ מעכטיקער נאַציאָנאַלער קנין, לשון־קודש איז געוואָרן אַ רידנ־דיקע שפּראַך. אָבער היינט ווייסן מיר שוין, אַז דער דאָזיקער אויפשוווּנג איז געווען מעגלעך נאָר אַ דאַנק די געוואַלטיקע פּאָטענציעלע כחות און די דורות־דיקע שעפערישע זאַפטן, וואָס האָבן געטריפט אין דעם יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם. דאָס האָבן זיי און נישט די יידישיסטישע אָדער העברעאישע וועלטלעכע יידיש־קייט אונדז געגעבן פּרצן, ביאַליקן, לייוויקן און אָפּאַטאָשו. אַזוי לאַנג, ווי דער וועלטלעכער ייד איז געווען אַ טרעגער פון אַ סאָציאַל־פּאָליטישער שטרעבונג האָט אים דוקא געגערט, ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען, דער ברויזנ־דיקער, צו די טויזנט־יאָריקע יידישע ווערטן צוגעבונדענער, פאָלקס־מאַסיוו וועל־כער האָט אים אַרומגערינגלט און וועלכן ער אַליין האָט באַקעמפט.

אָן דער סאָציאַל־פּאָליטישער אָריענטאַציע, וועלכע איז געוואָרן אַנאַכראָניש אין די נייע סאָציאַלע ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון דער מערהייט פון יידן און אָן דעם פרומען מאַסיוו ווערט זיך אויס די וועלטלעכע יידישקייט. ווייל קולטור־פּראָצעסן דערלויבן נישט קיין פעלערן. דער טעות פון דער העברעאישער השכלה און דער וועלטלעכער יידישקייט האָט פאַרהאַלטן דעם יידישן פאַראויסגאַנג. — נאָך דער־טיפער קולטורעלער אינהאַלט שאַפט דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון דער שפּראַך — זאָגט אברהם גאָלאָמב, דער באַקאַנטער קעמפער פאַר וועלטלעכער יידישקייט. פאַר זיך אַליין זענען די ווערטער לחלוטין נייטראַל, פאַרעווע, אָן אַ באַזונדערן נאַציאָ־נאַלן ווערט. און די גאַנצע היינטצייטיקע יידישקייט איז אַ ווערבאַלע. מען רעדט וועגן יידישקייט, ווייל מען האָט נישט קיין יידישקייט. און אברהם גאָלאָמב פאַר־ענדיקט — די וועלטלעכע יידישקייט האָט נישט געשאַפן קיין שטייגער, קיין יידישן וועלט־באַנעם און דאָס פירט צום באַנקראָט. זי קען היינט נישט אָפּהאַלטן דעם פּראָצעס פון אויסיידישן. — וואָגיקע ביכער וועגן יידיש־פאָרשונג ווערן היינט שוין געשריבן אין ענגליש און מאַמע־לשון רעדן די קינדער פון די ליובאַוויטשער חסידים, און די משהלעך, שלמהלעך פון מאה שערים.

מיר פערזענלעך באַמערקן נישט אפילו, ווי מיר יידישן אויס אונדזערע

קינדער. אונדזערע זין און טעכטער גראַוויטירן אין דער צעשפּאָלטענער וועלט
אין קלעם פון דריי סותרדיקע זיך אַנטינאָמיעס: צוערשט אונדזער כּלומרשטע
וועלטלעכקייט און דער לייכטער צו גאָרנישט פאַרפליכטנדיקער פלירט מיט דער
יידישער טראַדיציע; דאַן דער ביליקער מאָדערניזם פון אונדזערע סטיל־מעב־
לירטע און גלייכצייטיק סטיללאָזע יידישע היימען און די קליינשטעטלדיקייט אין
דעם אופן פון באַהאַנדלען די היינטצייטיקע קולטור־פּראָבלעמען, וואָס דערלויבט
נישט צו דערהויבן דעם טיפן הומאַניזם און אוניווערסאַליזם פון דער אמתער
שטעטלשער יידישקייט צו דער מדרגה פון אַ מאָדערנעם אינספּיראַטיוו. און דאַן
די צו גאָרנישט פאַרפליכטנדיקע המשך־קיביצעריי און דער יאושדיקער לכתחילה
דעפּיטיזם.

מיר שיקן אונדזערע קינדער אין די בעסטע פראַנצויזישע, בעלגישע, צי ענג־
לישע מיטלשולעס. זיי ווערן גייסטיק באַהעפט מיט דער מערב־קולטור, מיט אירע
טיפע קריסטלעכע וואָרצלען. דער פּלאַץ פון דער אויסגעהוילטער יידישער שטוב,
פון דער טיפער, יעדע־רגעדיקער יידישע דערציאונג, האָבן פאַרנומען יידישע
אינסטיטוציעס מיט זייערע אומצאָליקע פונקציאָנאַרן, וואָס היטן דעם יידישקייט־
„דזשאב" און כדי באַרואיקן אונדזער געוויסן שיקן מיר די קינדער אין די איינגע־
שרומפּענע וועלטלעכע צוגאָב־שולעס, אין די בלוט־אָרעמע תלמוד־תורהס אָדער
אין די וואַקאַנס־קאָלאָניעס קיין ישראל (די מדינה וועט שוין מאַכן מיין זון פאַר
אַן אמתן ייד).

אָבער נישט דאָס זינגען יידישע לידער, וואָס רופט אַרויס עמאָציעס קודם כּל
ביי טאַטע־מאַמעס, נישט די מעכאַנישע פרשה־זאָגעכצן פון דעם בר־מצוה־בחור,
וואָס ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ יידישקייט־דיפּלאָם און געפּייערט אין די שענסטע
סאַלאָנען פון דער שטאָט און נישט די עטלעכע ווערטער אין עברית, וואָס מען
כאַפּט אויף אין ישראל, קענען באַהויכן אונדזערע קינדער מיטן אמתן יידישן
גייסט.

אויך אונדזער אויסגעבענקטע מדינה, ווו דער תנ"ך ווערט אָפּט פאַרוואַנדלט
אין אַ האַנדבוך פאַר געשיכטע, און דער טיפער מיין פון חז"ל ווערט צוגעטראָגן,
ווי אַ ליטעראַטור־טעקסט פון דעם פריען מיטלאַלטער, ראַנגלט זיך אַליין מיט
דעם טיפן פּראָבלעם פון „תודעה יהודית", פון יידישן באַוווסטזיין. און נישט אומ־
זיסט האָט דער באַקאַנטער נאָוועליסט עמוס לוז, דער זון פון דעם כנסת־פאַר־
זיצער, פאַרלאָזן זיין קיבוץ דגניה א', כדי צו זוכן אין דער אַטמאָספער פון בר־
אילן־אוניווערסיטעט דעם אויטענטישן זין פון יידישקייט. נישט אומזיסט אויך האָט
אויף דער לעצטער סעסיע פון אגודת הסופרים אַ יונגער שרייבער געפאָדערט
פון זיינע עלטערע פען־קאָלעגן: תנו לנו הלכה, גיט אונדז אַ הלכה!

אין אַ צעשפּאָלטענער וועלט בלאָנדזשעט אַרום אָפּט אונדזער יוגנט גייסטיק
פאַרלוירן, מיט אַ נאָגנדיקער פוסטקייט אין האַרצן אין דער דערוואַרטונג פון אַ
וועלט, וואָס קומט אָן. ווייל די וועלט, וואָס קומט אָן, ווערט שוין פאַרמירט היינט
צו טאָג אין די אומצאָליקע פאָרשונגס־לאַבאָראַטאָריעס און אין די גרויסע וויסנ־
שאַפט־צענטערן. צענדליקער פאָרויסלויף־סימנים זאָגן זיי אָן די דאָזיקע וועלט:
די באַפרייאונג פון דער אָנגעלאָדענער אַטאָם־ענערגיע, וואָס שטעלט איצט אירע

ערשטע טריט; די יונגע ציבערנעטיק־וויסנשאַפט מיט אירע קאָמפּליצירטע עלעק־טראָניק־מאַשינעס, פאַרזען מיט פּרעציזיפּולע מאַגנעטישע באַנדן, דיסקן און טאַמבורן, וואָס יעדער פון זיי איז בכח צו רעגיסטרירן הונדערט מיליאָן אינפאָרמאַציעס; די אָקאָרשט געבוירענע און שוין באַרימט געוואָרענע אָרדינאַטאָרן, וואָס דערלויבן אין משך פון איין מינוט צייט אויסצופירן פופצן מיליאָן סומירונגען אָדער לייזן אין משך פון זעכצן סעקונדעס הונדערט אַלגעבראַאישע גלייכונגען מיט הונדערטער אומבאַ־קאַנטע ציפערן, וואָס זייער לייזונג וואָלט ביי אַ געניטן מאַטעמאַטיקער געדאַרפט דויערן פופצן יאָר פון זיין לעבן; די אַלגאָ־ריטמישע מוזיק־סימפאָניעס און די גרויסע לייוונטן פון דער אַלגאָ־ריטמישער מאָלעריי, אַנאַליזירט דורך די עלעק־טראָניק־מאַשינעס און דערהויבן צו דער מדרגה פון קינסטלערישן זשעני; דער אָנזאָג אין די נאָענטסטע פאָר יאָר שוין פון נייע עלעקטראָניק־אַפּאַראַטן מיט נישט־פאָרויסגעזעענע, קוים דעפינירבאַרע מעגלעכקייטן אַזוי ווייט, אַז די פריער דער־מאָנטע אָרדינאַטאָרן וועלן אויסזען ווי פּרע־היסטאָרישע מכשירים. עס זאָגט זי אָן, די וועלט, וואָס קומט אָן, די ראַדיאָ־אַסטראָנאָמיע מיט איר נייער קאָסמאָס־אָבסער־וואַציע, געבויט אויף דער כוואַליעס־לענג; די קאָסמישע אויסשטראַלונגען, די נייע חלל־מעכאַניק, די וועלן־פיזיק, דער פּראָבלעם פון אַנטי־מאַטעריע, וואָס נעמט צו די בראשיתדיקייט פון דער ביז איצט זעלבסט־הערשנדיקער מאַטעריע און פירט אײַן אַ צעטומלעניש אין דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע, דאַן דער פּראָבלעם פון מאקראָ־מאָלעקולן אין קעגנזאַץ צו די ביז איצט אַנערקענטע מיקראָ־מאָלע־קולן און דאַן דער אָנהייב פון דער עקספּלאָראַציע פון אומענדלעכן אוניווערס מיט זיינע יאָר־ליכט־מרחקים, וואָס באַצייכענען ביליאָנען קילאָמעטער מיט די גאַ־לאַקסיס, וואָס געפינען זיך פון אונדז אויף אַ שטרעקע פון מיליאַרדן און מיליאַרדן קילאָמעטער; דאַן די אַרום אונדזער ערד־קיילעך קרייזנדיקע סאַטעליטן און צווישנ־פּלאַנעטאַרע רייזע־קאַבינעס, וואָס דאַרפן בקרוב לאַנדן אויף דער לבנה; די דריי־גאַרנדיקע ראַקעטעס, וואָס ווערן אַרויסגעשליידערט מיט אַ שנעלקייט, וועלכע וואָלט אונדז דערמעגלעכט, ווען זי ווערט אויסגענוצט האָריזאָנטאַל, דערגרייכן ישראל אין געציילטע מינוטן, אָדער דער אַמעריקאַנער „מאַרינער 2”, וועלכער איז אַדורך נישט ווייט פון דער וועגוס־פּלאַנעטע און באַקומען באַפעלן פון דער ערד אויף אַ מרחק פון מערערע מיליאָנען קילאָמעטער.

די דאָזיקע געוואַלטיקע ענדערונגען אין דער וויסנשאַפט און אין מענטשלעכן דענקען האָבן אַ ריי וויכטיקע קאָנסעקווענצן. דער אומאויפהערלעכער, קאָפּ־שווינד־לערישער קאָנטאַקט צווישן מענטשן און קאָנטינענטן, וועלכער ווערט וואָס ווייטער אַלץ גרעסער און גרעסער, די טיפע סאָציאַלע און פּאָליטישע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין אונדזער קליין געוואָרענעם ערד־קיילעך, זאָגן שוין אָן אַ ראַדיקאַלע רעוויזיע פון די אָנגענומענע באַגריפן פון נאַציע, שפּראַך און קולטור. אַ געוויסער אומרו נעמט אַרום די מענטשן ביים אָנקום פון דער דאָזיקער קאָסמישער תקופה. דעם אומרו געפינט מען אין אַלע געביטן פון קונסט, ער קומט צום אויסדרוק אין די מאָדערנע פילאָזאָפישע שיטות.

אין דער דאָזיקער נייער וועלט טרעטן אַריין אונדזערע זין און טעכטער. און נישט אונדזער פאַרעווע ייִדישקייט פון שטעטל־נאָסטאַלגיע און ייִדישן פאָלקס־

ליד, נישט דער מעכאַנישער, באַגרענעצטער לימוד אין די אָפיציעלע תלמוד־תורהס, נישט אפילו די שטאָטלעכע ראַמען פון אַ יונגער מדינה זענען ביכולת צו דערהאַלטן אונדזער יוגנט ביי יידישקייט, ווייל די וועלט, וואָס קומט אָן, צע־קלאַפּט אונדזערע אַלע אָפּווער־מיטלען.

נאָר די אויטענטישע יידישקייט, די טיף פאַרשטאַנענע יהדות־אַנטפּלעקונג, טראָגט מיט זיך דעם אייביקן אמת. דאָס איז די אחד־אידעע, וואָס ציט זיך פון אברהם אבינו און רייסט זיך דורכן מעמד הר־סיני אין דעם וויטן באחרית הימים און פאַרטיפנדיק דעם אינטימען שייכות, וואָס הערשט צווישן דעם אומענדלעכן מאַק־ראָ־קאָסמאָס און דעם קוים באַמערקבאַרן מיקראָ־קאָסמישן יחיד, נעמט אַרום אַלע אַספּעקטן פון מענטשלעכן לעבן און באַהויכט דעם אָטעמצוג פון יעדן יידישן פּאָלקס־מענטש. די אחד־אידעע רופט זיך אַריבער מיטן באַר־ימטן אני מאמין פון אַלבערט איינשטיין, מיט דער קאָסמישער אחד־טעאָריע, וואָס איז איצט פאַרמו־לירט געוואָרן פון פיזיקער זשאַן שאַראָן, מיטן געדאַנק פון השגחה־וויסנשאַפט פון פּיער לעקאָנט־דע־נואי און הייבט אָן צו באַווירקן גרויסע גייסטער אַזוי ווייט, אַז דער יונגער פילאָזאָף בערנאַרד דאאהאן זאָגט פאַרויס אין הונדערט אָדער צוויי הונדערט יאָר אַרום אַ נייע רענעסאַנס־עפּאָכע, אָבער דאָסמאָל אַ רענעסאַנס, אַ ווידערגעבורט פון אויטענטישע יידישע ווערטן. ס'איז דעריבער אפשר נישט קיין צופאַל, וואָס דוקא יידישע וויסנשאַפטלער, פיזיקער, מאַטעמאַטיקער, נאַטור־פאָר־שער, ספּעציאַליסטן פון דער אַטאָם־ענערגיע אָדער פון דער פריער דערמאָנטער ציבערנעטיק־וויסנשאַפט, וואָס איר טרעפט ביי היינטיקן טאָג אין די הונדערטער אין פּאַריז, ניו־יאָרק, צי אין לאָנדאָן, און אפשר אין פּאָטענץ אויך אין מאָסקווע, וואָס דוקא זיי געפינען אין דער אמתער יידישקייט דעם טיף־אינהאַלטלעכן זין פון לעבן, באַהויכנדיק זייערע טאָג־טעגלעכע פאָרשונגען מיטן מה־גדול־מעשיך־דיקן שווונג.

מיט דעם דערקלערט זיך אפשר דער פאַקט, וואָס קלאָד ריבעלין, דער פּראָ־פעסאָר פון דער שטרענג־וויסנשאַפטלעכער, מיוחסדיקער פּאָליטעכנישער שולע פון פּאַריז, האָט געהאַלטן נישט לאַנג אַ באַגייסטערטן רעפעראַט פאַר הונדערטער יונגע יידישע אינטעלעקטואַלן וועגן דעם טיף־מענטשלעכן מהות פון די מצוות מעשיות, וואָס מיין יונגער פריינד, וועלכער גרייט צו זיין דאָקטאָראַט פון הויכע מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן און אַרבעט מיט אַ קאָמפּליצירטער עלעקטראָניק־מאַשין, שאַרפט דעם מח אין אָוונט ביי אַ שווער־פאַרוויקלטער סוגיא אָדער וואַרמט זיין געמיט אין אַ שוווּנגפולער, טיפזיניקער אגדה, כדי, ווי ער איז זיך מודה, נישט פאַרוואַנדלט צו ווערן אַליין אין אַ מיני־עלעקטראָניק־מאַשין. מיט דעם דערקלערט זיך אויך אפשר דער עקספּרעס־בריוו, וואָס איך האָב אָקאָרשט באַ־קומען אין בריסל פון אַ יונגן אַטאָם־פאָרשער, וועלכער געהערט צו אַ קליינעם קרייז יוגנטלעכע, וועלכן איך האָב דעם כבוד אָנצופירן, אין וועלכן ער שרייבט צווישן אַנדערע: זאָגט זיי, די אָנטיילנעמער פון סימפּאָזיום, אַז יידישקייט איז פאַר אונדז „לאַ סעל וואַלער סיר" — די איינציק זיכערע גילטיקייט.

דער יונגער דור, דער יונגער יידישער בעל־מאמין, האָט איבערגעריסן מיטן באַקוועמען, אויבערפלעכלעכן זשודאַאיזם, אָבער ער קען זיך מער נישט איינפּאַסן

אין די ראַמען פון יידישן דת, וואָס בלייבט נאָר אינערהאַלב פון יידישן לעבן. דערפאַר שרייט אויס דער יונגער רב סיראַט אויפן יוגנט־קאָנגרעס, וואָס איז לעצטנס פאָרגעקומען: — „זיין אַן אמתער גלויביקער ייד הייסט אויך מיטהעלפן דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט. מיר זענען געווען קעגן די טאָרטורן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין אַלזשיריע, מיר באַקעמפן אויך די אַפּאַרטהייד־פּאָליטיק פון דער דרום־אַפריקאַנער רעגירונג". — דערפאַר האָבן מיר געלייענט יעדע וואָך אין דעם פרומען זשורנאַל „לע ביזלעטען דע לאַ קאָמונאָטע" פון שטראַסבורג וועגן רע־וואָלט פון די יונג־גלויביקע יידן קעגן דעם קינדער־מאָרד אין וויעטנאַם. די לאַנג־אויסגעפּרוווטע קעמפער פאַר וועלטלעכער יידישקייט אברהם גאָלאָמב, לייבוש לעהרער, שלמה סימאָן און אַנדערע האָבן דורכגעפירט אין די לעצטע יאָרן אַ וויטיקלעכן אַנאַליז פון זייער צעשפּאָלטענער יידישקייט, אַריינפירנדיק אין זייער רעווידירטן וועלטלעכן סיסטעם די אייביקע געטלעכע אידייען.

דאַרפן מיר זיך פאַרטיפן אין יידישער רוחניותדיקייט, שאַפן אַן אַלפאַלקישע באַוועגונג פאַר דערלערנען אויטענטישע יידישע ווערטן. לערנען דאַרף ווערן די לאָזונג פון מאָדערנעם יידן. לערנען, לערנען און לערנען. ללמוד וללמד, לערנען אַליין און לערנען אַנדערע, ווייל נאָר די אמת־פאַרשטאַנענע יידישקייט קען און דאַרף זיך אַדורכרייסן אין דער צוקונפט — ווי פּראָפעסאָר נעהער זאָגט עס — ווייל זי גייט ווייטער, ווי די מאָדערנע סאָציאַל־פּאָליטישע טעאָריעס, געבנדיק אַן אינהאַלט דעם מענטשן נאָכדעם, ווי ער וועט שוין ווערן באַפרייט. ווייל אמת־פאַרשטאַנענע יידישקייט קען נאָכפאָלגן דעם פלי אויף דער לבנה און ווענוס־פּלאַנעטע, און דערפילן די בלי ראשיתדיקייט און די בלי תכליתדיקייט פונעם בורא דעלמא.

צווישן די עשרה הרוגי מלכות, צווישן די צען ריזן פון דער יידישער גייס־טיקייט, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם, געברענט אויף די שייטער־הויפנס אין קאַמף מיט דער ריזיקער רוימישער אימפּעריע, האָט זיך אויך געפונען ר' חנניא בן תרדיון. די געדונגענע רוימישע משרתים האָבן אים געכאַפּט, ווען ער איז געזעסן אַרומגערינגלט מיט תלמידים האַלטנדיק אַ ספר־תורה אין זיין שויס טראָץ דעם שטרענגן פאַרבאָט צו לערנען תורה. די פּרעציזפולע רוימישע יוסטיץ האָט אַרויסגעטראָגן איר פּסק־דין. ר' חנניא בן תרדיון איז אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן אומקום־פּלאַץ איינגעוויקלט אין דער ספר־תורה, מיט ריטלעך און צווייגן איז דער פאַרמעט באַפעסטיקט געוואָרן אַרום זיין לייב. און ווען דאָס פייער האָט אַרומגעכאַפּט דעם גרויסן תנא, האָבן זיינע תלמידים, וועלכע זענען געשטאַנען פאַרגליווערט אויף דעם שייטערהויפן אויסגעשריגן: רבי, וואָס זעסטו? און ר' חנניא בן תרדיון האָט געענטפערט: גווילים נשרפים ואותיות פורחות — דער פאַרמעט ברענט און די אותיות פליען. אַכצן יאָרהונדערטער שפּעטער האָט ר' לוי יצחק פון בערדיטשעוו זיך אָפּגעזאָגט איינמאָל צו בלאָזן שופר ראש־השנה. ער נעמט שוין עטלעכע מאָל דעם שופר צום מויל. דער עולם וואַרט מיט ציטער אויף די ערשטע תקיעות פון רבין, אָבער ר' לוי יצחק לייגט אַוועק דעם שופר צוריק ביי זיך אויפן שטענדער. אַ שוידער נעמט אַרום די מתפללים אין דער גרויסער שול. וואָסערע זינד זענען זיי באַגאַנגען, וואָס דער צדיק וויל נישט בלאָזן

שופר? און באַלד האָט דער בערדיטשעווער אַנטהילט דעם קאָפּ פון זיין טלית און זיך אָפּגערופן: דאָ אין פּאַליש צווישן עולם זיצט יאַנקל דער וואַסער־טרעגער. איר ווייסט דאָך, יידן, אַז ער קען נישט קיין עברי. ליגט נעבעך דער מחזור גע־שלאָסן פאַר אים. אָבער יאַנקל דער וואַסער־טרעגער פילט היינט אַ באַדערפעניש צו רעדן צו גאָט, אויסגיסן זיין ביטער האַרץ און דערהויבן זיך צום כסא הכבוד. הער איך איצט, ווי ער, יאַנקל דער וואַסער־טרעגער, רעדט זיך שטיל אַדורך מיטן בורא דעלמא. — רבונו של עולם — זאָגט ער — דו ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט שולדיק, וואָס איך בין אַן עם־הארץ. פרי געוואָרן אַ יתום און באַלד אָנגע־הייבן טראָגן וואַסער, כדי פאַרדינען אויף חיונה פאַר דער גאַנצער משפחה. אָבער יידן דאַוונען היינט, יידן זאָגן שירה. איך קען נישט וואָס אַן אמת די תפילות, אָבער איך קען, רבונו של עולם, די יידישע אותיות. שיק איך זיי צו דיר פאַר דיין כסא הכבוד. נאָ דיר, רבונו של עולם, דעם א׳, נאָ דיר דעם ב׳, אָט איז דער ג׳, דער ד׳, דער ה׳, דער ו׳, דער ע׳, דער צ׳, דער ש׳ און דו רבונו של עולם שטעל זיך צונויף אַליין די תפילה. פאַרשטייט איר, קינדער — האָט אויסגעפירט דער בערדיטשעווער — דער רבונו של עולם איז פאַרנומען. ער שטעלט צונויף פון די יידישע אותיות, וואָס עס שיקט אַרויף יאַנקל דער וואַסער־טרעגער אַ ווונדערלעכע, נאָך ביז איצט נישט־געהערטע שירה, ווי זשע קען איך, לוי יצחק בן שרה פון בערדיטשעוו, קומען איצט מיט מיין אָרעמען שופר־בלאָזן?

דער זעלבער אמת ציט זיך פון ר׳ חנניא בן תרדיון פון רוים ביז יאַנקל דעם וואַסער־טרעגער פון בערדיטשעוו. סיי דער גרויסער תנא און סיי דער האָרע־פּאַשנער פּאָלקס־ייד האָבן ביידע געוווּסט, אַז יידישע אותיות פליען, ווייל יידישע אותיות זענען אָנגעלאָדן מיט אַ פאַרבאָרגענער דינאַמישער קראַפט, וועלכע איז איינציק מסוגל אַרויסצורייסן דעם מענטשן פון דעם ערדישן קלעם, ווייזן אים דעם ריכטיקן וועג אין דער היינטיקער אומרואיקער צייט און אויפהייבן אים צו די העכסטע מדרגות פון אין־סופיקייט.

אין מיין דמיון באַווייזט זיך דער זייגער פון דער יידישער געשיכטע פּונקט אַזוי, ווי איך האָב אים געזען אין ליובאַוויטשער שטיבל פון מיין ווייטן וואַלינער שטעטל האָבן פאַרביטן אויפן ציפערבלאַט די גרויזאַם־שטאָלצע אַנאָנימע רוימישע ציפערן. ווי האַלטן עס מיר מיט דער צייט? אויב יידישע אותיות זענען אומבאַוועגלעך, איז שוין שפּעט, רבותי, זייער שפּעט. נישט פינף מינוט פאַר צוועלף, נישט צוועלף, ס׳איז שוין נאָך האַלבער נאַכט. אָבער אויב יידישע אותיות פליען, פאַרשווינדט דאָך די נישט־באַוועגלעכקייט פון דער פאַרפיקסירטער פינף מינוט נאָך האַלבער נאַכט־צייט. ס׳איז פרי. מיר האַלטן ערשט אין מיטן וועג. דאַרף מען גיין יידן, גיין שנעל אָבער זיכער צום איינציק אמתן נצח ישראל.

בריסל, 1967.

# דרכים צו ייִדישקייט אין אונדזער צייט

פון הרב נתן טשאַסקאַלאַ (פּאַריז)

קודם כל וויל איך אייך זאָגן, אַז איך בין נישט קיין מסודרדיקער מענטש. הגם, ווי איר האָט דאָ געהערט, בין איך אַ דיין נעבעך. די גמרא סנהדרין זאָגט, אַז ווען אַ דיין זעצט זיך אַוועק אויף זיין שטול צו משפּטן, דאַרף ער זען דעם שאול־תחתיות פאַר זיך. ער דאַרף זען, ווי דער גהינום איז אָפן און וויל אים פאַרשלינגען, ווייל דאָס איז נישט קיין קליינע זאַך. מיר שטייען איצט אפשר ביי כל־נדרי, אפשר ביי נעילה, אָבער איך זאָג נישט נעילה, ווייל נעילה וועט קיינמאָל נישט זיין ביים ייִדישן פאָלק. תמיד וועלן מיר זיין אין אָנהייב און די טויערן זענען קיינמאָל נישט פאַרשלאָסן, נאָר ס׳איז יום־כיפּור. איר וועט מיר אויך אַנטשולדיקן, וואָס איך וועל נישט באַדויערן דעם מצב פון ייִדישקייט אין ארץ־ישראל און איך וועל נישט העלפן זאָרגן אונדזערע ישראלדיקע ברידער פאַר זייער צושטאַנד דאָרט. מיר פאַרלאָזן זיך אינגאַנצן אויף זיי. די דאָזיקע שיטה נעם איך אָן נישט נאָר דאָ, אויפן סימפּאָזיום. דאָס איז אַ שיטה, וואָס איך האָב אויך אין רבנות. יעדעס מאָל, ווען עס קומט מיר אויס נישט נאָר אַ גרויסע שאלה, נאָר אפילו אַ קליינע שאלה, באַראָט איך זיך מיט ישראלדיקע רבנים און איך האַלט פון דעם „כי מציון תצא תורה ודבר השם מירושלים". דעריבער וועל איך נישט רעדן וועגן ישראל. איך וועל רעדן נאָר וועגן דאָ, ווו מיר זענען. דעריבער וועלן מיר אויך אַנטשולדיקן אַלע פּריינט, געלערנטע, וואָס זיצן דאָ, פאַר וועלכע איך האָב אַ גאַנץ גרויסן רעספּעקט, וואָס איך וועל נאָר רעדן ייִדיש, נישט נאָר ייִדיש אַלס שפּראַך. אמת, איך בין נישט אַזאַ גרויסער ייִדישיסט פון לינגוויסטישן שטאַנדפּונקט און נישט אַזאַ גרויסער קענער פון ייִדיש. נאָר איך וועל רעדן וועגן ייִדן און נאָר וועגן ייִדן. איך בין געווען אין אַ שרעקלעכן אוניווערסיטעט במשך פיר יאָר. דאָס איז דער קאַצעט־לאַגער. אין דאָזיקן אוניווערסיטעט האָב איך זיך געטראָפן מיט ייִדן און נישט־ייִדן. איך האָב געזען ווי עס האָבן זיך אויפגעפירט שלעכטע ייִדן און ווי עס האָבן זיך אויפגעפירט גוטע גויים. וויל איך אייך זאָגן, אַז איך וויל בעסער האָבן שלעכטע ייִדן. דאָס באַדייט נישט, אַז איך פאַראורטייל די וועלט. מיר זענען ייִדן און מיר מוזן קומען צו אונדזערע קינדער מיט אַ ייִדישן פּראָבלעם. און דערלויבט מיר אייך צו דער־ציילן, אײדער איך וועל צוגיין צום ענין: איך האָב אַ קרוב און ביי אים האָט זיך אַריינגעמישט אַן ענין פון אַ געמישטער חתונה און דער טאַטע האָט גענומען זיין קינד פון ענגלאַנד און האָט אים געשיקט צו מיר. זיין טאָכטער איז אַ פּראָפעסאָר

אין אַן אוניווערסיטעט אין ענגלאַנד, און כ׳האָב געדאַרפט זי איבערעדן. האָט זי מיר געזאָגט: וואָס ווייסטו פון מיר? ווען מיין טאַטע האָט מיך ביז 28 יאָר געלערנט איין זאַך — עס זענען נישטאָ קיין יידן, עס זענען נישטאָ קיין קריסטן; ס׳איז די זעלביקע זאַך...

דעריבער וועט איר מיר דערלויבן צו זאָגן, ווי איך זאָג עס תמיד, ווען איך שטעל זיך רעדן: הנני העני ממעש. עס איז זייער אַ שווערע זאַך דן צו זיין און זיך נישט אַריינצולאָזן אין די מעשים מיט די יידן צוזאַמען. עס האָט אַמאָל אַ יידישער קינסטלער געזאָגט, ווען ער האָט געזען דאָס גרויסע בילד פון מיקעל אַנדזשעלאָ „משה רבנו" און יידן האָבן עס באַוואונדערט, אַז דאָס האָט נאָר געקענט מאַכן אַ גוי. ווייל אַ ייד וואָלט זיך נישט געקענט צורירן צו משה רבנו. אויסהאַקן משה רבנו קען נאָר אַ גוי. אַ ייד האָט מורא זיך צוצורירן צו אַזאַ בילד פון משה רבנו. יידישקייט איז משה רבנו, ווייל עס איז תורת משה מסיני און דערפאַר ציטערן אונדזערע הענט, ווען מיר ווילן רעדן וועגן יידישקייט. מיר האָבן דאָ געהערט זייער אינטערעסאַנטע רעפעראַטן. בפרט בין איך זייער באַאיינדרוקט פון רעפעראַט פון מיין ליבן פריינט, ר׳ מאיר ראָזענבלאַט. איך וועל נישט צוגעבן זיין טיטל אינזשע־ניער. ער איז געפלויגן אין די סטראַטאָספּערעס און אין די הויכן פון דער וועלט און ער האָט באַוויזן די אכזריות און די ווייטקייט פון דער וועלט און אויך ווי, מיר, יידן, זענען קליין אין דער דאָזיקער וועלט. אייגנטלעך וועל איך אייך זאָגן, מיין ליבער פריינט ר׳ מאיר ראָזענבלאַט, אַז דאָס איז נישט קיין נייע זאַך. ווען איר וועט קוקן אין דער גמרא סנהדרין און איר וועט זיך גוט אַריינטראַכטן אין אַ געוויסער פלוגתא פון אמר רבי יהודה, אמר רב, אמר רבי אלעזר, וועט איר זען, אַז צוויי שיטות זענען דאָרט פאַראַן וועגן דעם מענטש. אדם הראשון — זאָגט איינער — איז געווען אַזוי גרויס מסוף עולם עד סוף עולם. דאָס הייסט, אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט מיט תחומים, מיט גרענעצן. גאָט האָט געגעבן דעם מענטשן אין דער וועלט אַ געוויסן רוים, אין וועלכן ער דאַרף זיך באַוועגן. און טאָמער באַוועגט ער זיך אין דעם רוים מער, ווי ער דאַרף — זאָגן אונדזערע חז"ל — כאילו דוחק רגלי שכינה, ווי ער פאַרטרייבט דעם אויבערשטן פון דער וועלט, ווייל — אַזוי זאָגט דער „זוהר" און אַזוי זאָגט דער מהר"ל — ווען גאָט האָט די וועלט באַשאַפן האָט ער זיך אויך באַנוצט מיט צמצום. ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיך אַליין, כדי די וועלט, כדי מיר, מענטשן, אָרעמע מענטשן מיט אונדזערע אַלע שוואַכקייטן און שטאַרקייטן, זאָלן זיך קענען באַוועגן אין דער דאָזיקער אָרעמער און גלייכצייטיק רייכער וועלט.

דעריבער, ווען איר זענט געפלויגן און מיר אַלע זיינען מיט אייך מיטגעפלויגן, דאַרפן מיר וויסן, אַז אַמאָל איז געווען אַ צייט, ווען דער מענטש האָט געוואָלט באַהערשן די וועלט אין דער לענג און אין דער ברייט. עס איז געווען אַ קאַמף אין דער וועלט וועגן עקאָנאָמישן וווילשטאַנד. ווען די וועלט איז געווען צוריקגעשטאַנען האָט מען זיך צעשפרייט — אַזוי זאָגט ר׳ יהודה. און דאָס הייסט, לויט זיין שיטה, אַז מען האָט אים געגעבן דאָס רעכט צו זיין נאָר אין דער לענג און אין דער ברייט פון דער וועלט. אָבער ר׳ אלעזר זאָגט, אַז דער מענטש מוז אויך שטיין פון דער ערד ביז צום הימל. דאָס הייסט, אַז עס איז אַלץ גוט דורכגעטראַכט. עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער וווילשטאַנד פון מענטש וועט זיין גרויס, ווען די טעכניק

פון מענטשן וועט זיין ווייט געשטיגן, ווען די וויסנשאַפט וועט זיין רייך און ווען דער מענטש וועט אַלץ האָבן אָדער עס וועט זיך אים דאַכטן, אַז ער האָט שוין אַלץ, וועט ער זאָגן: די ערד איז צו ווייניק פאַר מיר און איך מוז גיין אין הימל אַריין און מען האָט אדם הראשון באַלד די דאָזיקע פּאָטענץ אַריינגעגעבן, אַז ער זאָל עס קענען דערגרייכן.

פאַרוואָס דערציילן עס אונדז די חז״ל? כדי צו וויסן, אַז עס וועט קומען די צייט, ווען דער מענטש וועט זיך שטעלן מיט זיינע פיס אויף דער ערד און מיט זיין קאָפּ אין הימל, זאָל מען אויך זיין אַ ייד, ווייל אדם הראשון איז דאָך נאָר בלויז דער סמל פון דעם אור־מענטש, פון וועלכן מיר אַלע שטאַמען, און גאָט האָט געוואָלט, אַז דער מענטש זאָל בלייבן שטיין מיט זיינע פיס אויף דער ערד און מיטן קאָפּ אין הימל, נאָר בלייבן אַ מענטש. אָט אין דער דאָזיקער עפּאָכע לעבן מיר היינט. איך אַן עפּאָכע, ווען דער מענטש פליט דאָ און דאָרט. איך וועל נישט אַריינגיין אין די פּרטים פון הלכהשן שטאַנדפּונקט — עס איז שוין וועגן דעם דאָ אַ גאַנצע ליטעראַטור — צי דער מענטש מעג דאָס אָדער נישט, אַזוי ווי די דאָזיקע פליער וואָלטן אונדז געפרעגט. מען מיינט, אַז די דאָזיקע ליטעראַטור איז עפּעס אַ נאַרישקייט. ווייל אפשר דאַרף מען טאַקע נישט פליען? אפשר, ווען די גרויסע קעפּ פון דער מענטשהייט וואָלטן אויסגענוצט די וויסטענישן פון דער ערד און מען וואָלט אין געוויסע לענדער מיט גרויסע אוניווערסיטעטן, ווו עס זענען פאַראַן אפשר מיליאָנען נישט באַאַרבעטע העקטאַר ערד, זיי אויסגענוצט, וואָלט מען אפשר בכלל נישט געדאַרפט פליען. אָבער אַזוי איז עס. און ווי דאַרף עס זיין? איך וויל דאָ נישט לערנען, איך לערן אין בית־המדרש, אָבער אַ פּאָר זאַכן איז כדאי צו זאָגן. דאָ האַנדלט זיך אין וויסן וואָס דאַרף מען טאָן.

איך זאָג, אַז עס איז כל־נדרי, עס איז נישט נעילה. איך זאָג, אַז מיר האָבן נאָך צייט, מיר קענען נאָך צוריקגיין. מיר האָבן צייט צוריקצוגיין. איך בין איבער־צייגט, אַז יעדער איינציקער ייד, טיף אין זיין האַרצן, האָט אַ בענקשאַפט. ווייל שליסלעך וואָס איז דער כח, וואָס ברענגט אונדז דאָ צוזאַמען, אונדז די אַלע עסקנים? מיר ווילן זיך אויסלעבן, מיר זוכן אַ חבר צו זיך. זייענדיק איינע אַליין, פאַרלאָזן, קלערן מיר, אַז אפשר וועלן מיר זיך טרעפן מיט אַ פּאָר בטלנים, וועט עפּעס אַרויסגיין. נישט אומזיסט האָט די משנה געזאָגט, אַז אַ שטאָט, וועלכע האָט נישט קיין צען בטלנים איז דער סוף, אַז זי דאַרף חרוב ווערן. זיצן מיר דאָ, דאָס ביסל בטלנים, און מען קריגט זיך אַביסל אַרום און ווייל מען קריגט זיך אַרום מוז מען דאָך דערגיין צו אַ תכלית. וואָס דאַרף מען טאָן? יידן באַקלאָגן זיך און זאָגן: אונדזערע קינדער ווילן נישט לערנען, אונדזערע קינדער זענען ווייט. עס איז אמת; אויף דעם געביט מוז מען זאָגן, אַז דער לערער, מיר, די פירער, אָדער מיר פּראָפעסאָרן און דערציער, דאַרפן זיך באַקענען מיטן אמת. דאָס איז דאָך די הויפּטזאַך. שלמה המלך האָט געזאָגט: חנוך לנער על פי דרכו. און אויב דערציען דאָס קינד אין זיין וועג אין אַזאַ אייזערנער, פאַרשטיינערטער צייט, אין דער צייט פון טעכניק, איז דאָך אַלץ וואָס איר רעדט, ווי איר וואָלט גערעדט צו אַ שטיין, צו אַ טעכנישער זאַך. שמועסט זיך אויס מיט אַ מעטאַלענער מאַשין! און מיר רעדן נישט וועגן קינדער, איבער וועלכע מיר האָבן נאָך וואָס צו זאָגן, מיר

רעדן וועגן גרויסע דערוואַקסענע מענטשן, וואָס זיצן אין די פאַקולטעטן. איז אָט קומט אַזאַ יונגערמאַן אַהיים און דער קאָפּ איז פול מיט מאַטעמאַטיק און דער צווייטער קומט מיט אַ צעשניטענעם קערפּער, ער האָט געזען דעם קערפּער, די נישטיקייט פון דעם מענטש, אָט פון דעם דאָזיקן מענטש, וואָס מיר האָבן געגלויבט, אַז ער האָט אַ נשמה, צעשניידט מען אים אויף שטיקער און מען גיט די דאָזיקע אַרבעט ייִנגלעך מיט מיידלעך. וועלכע שניידן דעם קערפּער, ווי אַ שטיק האָלץ. קומט ער אַהיים און איך קום אַריין צו אים און וויל אים זאָגן: מיין קינד, מען דאַרף זאָגן „מודה אני“, מען דאַרף זאָגן „שמע ישראל“, אָדער מען דאַרף זאָגן „לא תשנא את אחיך בלבבך“, זאָלסט נישט פיינט האָבן אַ צווייטן, אָדער מען דאַרף זאָגן „לא תלין פעלת שכיר אתך עד בקר“... וואָס איז דער גייסטיקער כח, דער מאָראַלישער סטימול, וואָס זאָל שטויסן דעם דאָזיקן יונגן מאַן, אַז ער זאָל וועלן אַריינקוקן אין די ספרים, אַז ער זאָל נישט קלערן. אַז ער איז חכם מכל אדם, אַז ער איז דער קליגסטער, בפרט ווען דער טאַטע איז אַ בעל־מלאכה, אָדער אַ סוחר, און ער קען נישט אַזוי גוט פראַנצויזיש, צי אַזוי גוט ענגליש, ווי ער, זעט ער דאָך סתם אויס אין זיינע אויגן ווי אַ נאַרישער ייִנגל, ווייל ער לאַכט זיך דאָך אויס פון טאַטן, וועלכער האָט אים אַליין פאַרטריבן פון זיין שטוב און אַרויסגענומען די ליבע צו אים? — אָט דאָס איז אַ שווערער ענין.

האַלט איך דעריבער, אַז דאָ ליגט דער פעלער. אַלע מענטשן ווילן, נישטאָ קיין ייִד אויף דער וועלט וואָס וואָלט נישט געוואָלט זען זיין קינד גיין בדרך הישר. דאַרף מען די דאָזיקע לערע פאַרטיילן אין פאַכן. עס איז היינט אין פאַכן צעטיילט די גאַנצע לערע. מיר רעדן וועגן קולטור־אוצרות און דאָס איז אַ קאָנקרעטער ענין. ווען איר עפנט אויף אַ גמרא, הגם דער תלמוד איז צעטיילט אין טראַקטאַטן, וועט איר קיינמאָל נישט קענען וויסן ווו איז די גרענעץ פון פילאָזאָפיע, ווו איז די גרענעץ פון מאַטעמאַטיק, ווו איז די גרענעץ פון וויסנשאַפט, פון מעדיצינישע וויסנשאַפטן, אַלץ איז אויסגעמישט צוזאַמען. עס איז אפשר געווען ריכטיק פון אונדזערע חכמים, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט האָבן קיין פּראָפעסיאָנעלע דעפּאַר־מאַציע, אַז דער מענטש זאָל זיין איינזייטיק, זיי האָבן געלערנט דעם מענטש אַלזייטיק און אַלוויסנדיק. אָבער ווען מיר זאָלן היינט האָבן אַ סיסטעמאַטישן דרך ווי אַזוי דאַרף מען לערנען מיט אַ יונגנמאַן, וואָס גייט אין אוניווערסיטעט, אין מעדיצינישן פאַקולטעט, און ווי אַזוי לערנען אַ יונגנמאַן, וואָס איז אַ טעכניקער און ווי אַזוי מיט אַ יונגנמאַן, וואָס לערנט יוריספּרודענץ, דאַמאָלסט וואָלט געווען אַ באַשטימטע זיכערקייט. שליסלעך דאַרפן מיר גערענקען, אַז מיר האָבן זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען מיט אונדזערע געזעצן. איר ווייסט דאָך, אַז איך בין זיך עוסק אַביסל מיט חינוך, נישט אָפיציעל, איך בין נאָר אַ רב, אָבער ווען איך האָב צייט כאַפּ איך אַריין צו זיך אין שטוב אַ פּאָר סטודענטן מיט וועלכע איך שמועס זיך דורך און איך גיב זיי נישט קיין שעורים, נאָר איך פרעג: זאָג מיר, וואָס ווילסטו לערנען אין ייִדישקייט, און וואָס ער זאָגט מיר, נעם איך זיך צו דעם געביט ייִדישקייט, וואָס אים אינטערעסירט. איך ווייס, אַז דער סיסטעם האָט הצלחה. זיכער, עס זענען פאַראַן פאַרשידענע וועגן, וואָס פירן צום ציל. אויך ביי מתן תורה איז געווען אַ

געוויסער וועג. מיר מוזן אויך אָנעמען געוויסע וועגן. אמת די תורה איז אַ תורת־חיים, זי לעבט אייביק, אָבער כדי זי איבערצוגעבן, איז דאָך פאַראַן אַ וועג.

מיר דאַרפן זוכן די וועגן ווי אַזוי איבערגעבן אונדזער יוגנט אונדזערע גייסטיקע אוצרות. מיר קענען עס מאַכן. עס איז גאָרנישט פאַרשפּילט.

פאַרוואָס איז דאָס נישט געמאַכט געוואָרן? ס׳איז דאָ אַ זייער אינטערעסאַנטער אורח־חיים אויף נזיקין. אין משניות נזיקין איז פאַראַן דער דאָזיקער אורח־חיים פון תפארת־ישראל. איר ווייסט דאָך, אַז מיר יידן גלויבן אין השארת־הנפש. אייגנטלעך איז דאָך אונדזער סימפּאָזיום אויך וועגן השארת־הנפש. ווערן דאָרט געבראַכט פאַרשידענע ביישפּילן. איינער פון די דאָזיקע ביישפּילן איז, אַז אַן אַלטער מאַן פון 90 יאָר בויט אַ הויז און לייגט אַריין זיין גאַנצן געדאַנק אין דער עסטעטיק פון דאָזיקן בנין און גייט נאָכאַמאָל און קוקט אויף די טירן און די פענצטער. איז דאָך די פראַגע, אַז ער איז שוין אַלט 90 יאָר. אָבער ווען זיין נשמה וואָלט חס ושלום נישט געגלויבט דערין, אַז זי וועט פון דעם הנאה האָבן שפּעטער, וואָלט זי קיינמאָל אַזוי נישט געטאָן. אויב מיר לייגן אַריין אַזויפיל עסטעטיק אין אונדזער לעבן, וויסנדיק, אַז מיר וועלן דאָס אַליין נישט מער זען, הייס עס, אַז אונדזער נפש האָט אַ געוויסע איבערצייגונג, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, אין המשך. און ווען אַ ייד מאַכט עס נישט אַזוי, ווי יענער אַלטער מאַן, איז אַ סימן, אַז זיין נפש איז אַביסל קראַנק. ווען אַ מענטש האָט נישט דעם זין און דעם בטחון, איז עס אַ סימן, אַז זיין נפש האָט אַ באַגרענעצטע צייט פאַר המשך.

ווען מיר אַליין וואָלטן געווען די איבערצייגטע יידן, וואָלט אַנדערש געווען. עס פעלט אונדז אַליין איבערצייגונג. וואָלטן מיר געהאַט די איבערצייגונג אין השארת־הנפש און אין איר וויכטיקייט, וואָלטן מיר שוין דעם וועג געפונען. ס׳איז פאַראַן אַ גמרא אין קידושין: וואָס געשעט, ווען דער טאַטע און דער זון דאַרפן לערנען צוזאַמען? דער טאַטע קען נישט גענוג, אָדער ער האָט געקענט און פאַרגעסן. אָבער דער זון האָט נאָך בכלל נישט אָנגעהייבן. ווי איז דער דין? דאַרף זיך דער טאַטע לערנען פריער, אָדער דער זון? קודם דאַרף מען געדענקען, אַז תלמוד־תורה איז דאָך עפּעס אַ מצווה. איז הוא קודם, ער איז פריער. אָבער טאָמער זעט ער, אַז ער האָט אַ זון אַ חכם, וואָס דער זון איז ראוי והגון דערצו, דאַמאָלסט דאַרף ער דעם זון לערנען. ווען מען זאָגט, אַז מען האָט קינדער חכמים דאַרף מען אַלץ טאָן, ווייל קינדער חכמים דאַרפן קענען לערנען תורה. און לערנען תורה איז נישט סתם אַזאַ ענין. דער רמב״ם זאָגט, ווי אַזוי מען דאַרף לערנען תורה. ער זאָגט: אם הרב דומה למלאך השם צבאות יבקשו תורה ממנו — אויב דער לערער איז אַזוי דערהויבן, ער מאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, ער איז אַזוי אויסגעאיידלט, ער איז דורך און דורך ריין — און קינדער קוקן אויף אונדז און זעען אונדז דורך און דורך, זיי זעען וויפל אמת עס איז דאָ אין אונדז — דאַרף מען ביי אים לערנען תורה. אויב מיר ווילן, אַז קינדער זאָלן זיך צוהערן צו אונדז, מוזן זיי זעען, אַז ביי אונדז איז נישטאָ קיין ספק. ווען מיר אַליין האָבן ספקות, וויפל קענען מיר איבערגעבן אונדזערע קינדער? אויב עס זענען ביי אונדז פאַראַן ספקות איז עס צוליב די צייט־אומשטענדן. מיר וויסן דאָך, אַז מיר האָבן געהאַט

אַ שלעכטע און ביטערע צייט און נישט אַלע מענטשן זענען אַרויסגעקומען גאַנץ פון דאָזיקן חורבן. עס זענען דאָך אַרויסגעקומען נישט באַפלעקטע מענטשן. ווער עס האָט געוואָלט קעמפן קעגן שוואַכקייטן, ווער עס האָט געהאַט אַ ווילן און בעיקר אַ שטאַרקע יידישע מאָראַל איז אַרויסגעקומען גאַנץ און נישט באַפלעקט. אמת מען איז נישט אַרויסגעקומען גאַנץ, ווייל עס פעלן שטיקער פון אונדזער קערפּער — אָבער אויב מען איז פון חורבן אַרויסגעקומען מאָראַליש גאַנץ באַווייזט עס דאָך, אַז עס ווענדט זיך פון אונדזער ווילן.

די פראַגע פון איבערגעבן אונדזערע גייסטיקע און קולטורעלע אוצרות צו אונדזערע קינדער האָט זיך שוין אייגנטלעך אָנגעהויבן ביי אברהם אבינו. גאָט זאָגט, אַז אברהם אבינו האָט זיך באַקענט נאָר למען אשר יצוה את בניו. און ווען מיר רעדן וועגן אברהם אבינו איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער רמב״ם זאָגט, אַז אברהם אבינו איז נישט געווען דער ערשטער, וואָס ער האָט געגלויבט אין גאָט, דער רמב״ם זאָגט, אַז אברהם אבינו האָט נאָר מחזיר געווען עטרה ליושנה. פאַר אים האָבן שוין מענטשן געגלויבט אין גאָט. עס איז נאָר געווען אַ טעות פון די מענטשן, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז זיי קענען דינען צו דער זון און צו דער לבנה, ווייל זיי האָבן געזען די גרויסע אַלמעכטיקע כחות פון דער וועלט, פון דער זון דער לבנה, די פּלאַנעטן און די אַלע סאַטעליטן, האָבן זיי געגלויבט, אַזוי ווי היינט אַז דאָס איז דער כח צו וועלכן מיר דאַרפן ריכטן דעם מענטשלעכן גלויבן אין דער ישועה פאַר מענטשן. זאָגט דער רמב״ם, אַז אברהם אבינו האָט צוריקגע־שטעלט דעם טעות, ער האָט די מענטשן געזאָגט, אַז דאָס אַלץ איז נאָר צו באַדינען דעם מענטשן און דאָס איז נישט דער גלויבן. מיר לעבן אייגנטלעך היינט אין דער זעלביקער צייט פון אברהם אבינו. מיר הייבן אָן בויען די געשיכטע. עס איז געוואָרן אַ וועלט פון פולער און פליסיקער יידישקייט און די וועלט איז חרוב געוואָרן. און די מענטשן ווילן איצט זי אויסטוישן אויף אַ נייע וועלט, אַ טעכנישע קאַלטע וועלט. זענען מיר צוגעקומען צו דער צייט, ווען מיר דאַרפן זאָגן, אַז מיר זענען אַלע אברהמס, מיר זענען אַלע מזרע אברהם און די אויפגאַבע באַשטייט אין אויפקלערן אונדזערע קינדער דעם טעות. מיר דאַרפן זיי לערנען און מען דאַרף זיי ווייזן די עטיק און די מאָראַל פון ליבע צו מענטשן. אפשר זענען פאַראַן קינדער, וואָס מיט זיי דאַרף מען אָנדערש אָנהייבן. דער ואהבת לרעך כמוך זה כלל גדול בתורה. אָבער אין דער אמתן איז דער גרויסער כלל אין דער אמונה, אַז אנכי השם אלקיך. ר׳ עקיבא האָט געזאָגט, אַז ואהבת לרעך כמוך זה כלל גדול בתורה, ווייל ער האָט עס געזאָגט פאַר דעם, וואָס איז געקומען, אַז מען זאָל אים אויסלערנען תורה על רגל אחת, היינט לערנען אַלע די תורה על רגל אחת. דעריבער דאַרף מען אָנהייבן, כדי זיי צו געווינען, מיט ואהבת לרעך כמוך. מען דאַרף קודם לערנען די יידן ליב צו האָבן יענעם, לערנען זיי אהבת־ישראל און אהבת־ישראל קען מען לערנען נאָר ווען מען וועט בויען יידישע שולעס, ישיבות — און זאָלן מיר יידן אַנטשולדיקן, ווען איך וועל זאָגן, אַז עס איז אַוועק די צייט פון אַפּאַלאָגעטיק, ווען מיר דאַרפן ווייזן די גויים אונדזער חכמה. ערשטנס ווילן זיי נישט וויסן. אמת עס זענען פאַראַן קאַפּיטלעך פון ישעיהו און אַנדערע, אָבער זיי זאָגן, אַז דאָס אַלץ איז נאָר נוגע ארץ־ישראל. יידן פון ישראל קענען ווייזן די

גוים, וואָס זיי קענען. אָבער מיר דאָ אין חוץ לארץ קענען מיר נישט האָבן קיין דאָפּלטע שפּיל. מיר מוזן האָבן אַן אייגענע יידישע שפּיל, די יידישע מוזיק, דער יידישער ניגון — דאָס איז יידישקייט. מיר דאַרפֿן זאָגן אונדזערע קינדער היבדלו. מיר דאַרפֿן זיי זאָגן, אַז מיר האָבן געענוג מאָראַלישע וויסנשאַפֿט און אמתע מענטשן־ליבע, ווייל אויף דעם זענען קינדער געכאַפּט, אויף דעם זענען זיי עמפּפינדלעך און דאָס זוכה זיי. און מיר דאַרפֿן זיי זאָגן, אַז ביי יידן איז דאָס נישט קיין אגדה, נאָר הלכה. אויף דעם וועג וועלן מיר זיכער מצליח זיין.

בריסל 1967.

# דער איינציקער אויסוועג: יידישע טאָג־שולעס

פון ה. ביבראָווסקי (בריסל)

דאָס יידישע פאָלק האָט אַ רייכע קולטור־ירושה, וועגן וועלכער מען וואָלט געקענט רעדן זייער לאַנג און די טעמע ווערט קיינמאָל נישט אויסגעשעפּט. אין אונדזער קולטור־ירושה גייט אַריין דער תנ״ך, דער תלמוד, די פאַרשידענע מפרשים, ווי רמב״ם, רש״י און נאָך זייער פיל אַנדערע. אָבער צו אונדזער קולטור־ירושה געהערן אויך שפּינאָזאַ, מענדעלסאָן, די וועלטלעכע יידישע שרייבער, וועלכע האָבן געשאַפן אין העברעאיש און אין יידיש, שוין נישט אַריינרעכנדיק די אַלע יידן, וועלכע האָבן געשאַפן אין פרעמדע שפּראַכן. זיי זענען איבערהויפּט באַקאַנט אין די געגנטן, ווו זיי האָבן געווירקט. אין קעגנזאַץ צו אַנדערע פעלקער זענען ביי אונדז די הויפּט־ווערטן געשאַפן געוואָרן אויף דריי שפּראַכן — העברעאיש, דאָס איז דער תנ״ך, דער תלמוד ירושלמי, אַ ליטעראַטור אַ רייכע; אין אַראַמעאיש — דער תלמוד בבלי; און אויף יידיש אַ רייכע ליטעראַטור און אַ סך וויסנשאַפט־ווערק. אויב עמיצער וויל זיך באַקענען מיט די וויכטיקסטע יידישע ווערטן דאַרף ער לפּחות קענען די דריי שפּראַכן, בכדי צו קענען לערנען די ווערק אין זייער אָריגינאַל.

אַמאָל פלעגן אַ סך פון אונדז גיין אין העברעאישע שולעס, אין חדר, אין ישיבות, ווו דער לימוד איז געווען העברעאיש אָדער לשון־קודש. יידיש האָט מען געקענט בפרט פון דער היים, אויך פון דער סביבה, פון אַ בוך אָדער צייטונג. אויך אין חדר און אין דער ישיבה האָט מען איבערזעצט די לימודים אויף יידיש. עס איז דאַמאָלסט געווען די שפּראַך, וועלכע אַלע יידן האָבן גערעדט, אין די לענדער, אין וועלכע מיר האָבן געלעבט. עס זענען שוין דאַמאָלסט געשאַפן געוואָרן העברעאישע שולעס, אין וועלכע מען האָט געלערנט עברית בעברית. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין שטערונג פאַר דעם, אַז אַלע זאָלן קענען יידיש, וואָס יעדער פון אונדז האָט געזויגן צוזאַמען מיט דער מוטערס מילך.

אָבער ווען איינער וויל לערנען יידיש און נישט העברעאיש, איז עס זיכער נישט גענוג, ווייל ווי וועט אויסזען אונדזער שפּראַך? זיכער זייער אָרעם. ער וועט שרייבן מיטן יעווסעקישן אויסלייג „שאַבעס, עמעס" א.א.וו. ווי אַזוי וועט דאַמאָלסט לייענען אַזעלכע שרייבער, ווי שלום־עליכם, פּרץ און אַנדערע, וועלכע באַנוצן זיך מיט העברעאישע אויסדרוקן? קומען מיר דעריבער צו דער מסקנה, אַז יעדער ייד וואָלט געדאַרפט זיך אויסלערנעןביידע שפּראַכן — יידיש און העברעאיש. היינט צו טאָג לערנען אַ קינד יידיש איז אויסערגעוויינלעך שווער.

מיר לעבן געמלעך אין אַ צײַט ווען אין רוב פֿון די הײמען רעדט מען מער נישט קײן ייִדיש. מען לײענט מער נישט קײן ייִדיש בוך און קײן ייִדישע צײַטונג. עס ווערט שווער אָנצוהאַלטן די ייִדישע שפּראַך אין איצטיקן מאָמענט. לײַכטער ווערט איצט די העברעאישע שפּראַך, וואָס האָט אַ צוציִאונגס־קראַפֿט אַ דאַנק מדינת ישׂראל, אַ דאַנק דער רײַכער ליטעראַטור, וואָס עקזיסטירט שוין און ווערט ווײַטער געשאַפֿן. אין אַ געוויסער מאָס אויך אַ דאַנק דעם, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע העלפֿט, לײדער נישט גענוג, צו פֿאַרשפּרייטן דעם העברעאישן לימוד דורך קורסן, שולעס און אָוונט־שולעס. ווען מען לערנט די העברעאישע שפּראַך קומט מען ממילא צו די ווערטן, פֿון וועלכע עס באַשטײט אונדזער קולטור־ירושה, צו דעם תּנ״ך און צו די ווערק פֿון ביאַליק, יהודה הלוי, שלונסקי, עגנון און אַנדערע. דער תּלמיד האָט זיך מיט די דאָזיקע ווערק אפֿילו נישט באַקענט אין איבערזעצונגען, אָבער ער וועט איצט זײ קענען לערנען אין אָריגינאַל אַ דאַנק זײַנע קענטענישן אין עבֿרית.

מיר דאַרפֿן נישט פֿאַרגעסן, אַז מיר האָבן געהאַט צו טאָן מיט אַ דור, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין דער צײַט פֿון קריג, ווען עס איז לײדער נישט געווען די מעגלעכקײט צו געבן די מינדעסטע ייִדישע דערציִאונג די קינדער. די הײם איז געווען אַ צעבראָכענע מאָראַליש און פֿיזיש. אין אַ צעבראָכענער הײם, ווו ייִדן האָבן צוערשט געקלערט וועגן אויפֿבויען זיך אַן עקזיסטענץ און פֿאַרהײלן די וווּנדן, איז נישט געווען קײן אָרט פֿאַר אַ גרינטלעכער דערציִאונג. מען האָט אויך אָנגעהויבן צוריק צו בויען אַ ייִדיש לעבן. אָבער אײן זאַך האָט מען פֿאַרנאַכלעסיקט: שאַפֿן אַ ייִדישע טאָג־שולע. מען האָט געלאָזט אונטערוואַקסן אַ דור עמי־הארצים, מיט קלײנע אויסנאַמען, ווי אַנטווערפּן און נאָך װײניק אַנדערע שטעט, ווו עס זענען געשאַפֿן געוואָרן קערנס פֿון די שולעס. בדרך כּלל אָבער האָט מען געזוכט אַ מעגלעכקײט בלויז זיך אויסצולעבן, שאַפֿן קלובן, אַ סבֿיבֿה, בתּי־מדרשים, פּאַרטײען. עס איז לײדער נישט געלײגט געוואָרן גענוג אַכט אויף דער ייִדישער דערציִאונג. מען האָט פֿאַרגעסן, אַז עס וואַקסט אונטער אַ דור, וואָס דערווײַטערט זיך צו ביסלעך פֿון מקור. צווישן זיך האָט דער יונגער שוין גערעדט די שפּראַך פֿון לאַנד. די שטובֿ האָט אָנגעהויבן זיך אויסצולײדיקן פֿון אַלע ייִדישע ווערטן. עס איז מער נישט געווען קײן שבת און נישט קײן יום־טובֿ און די ייִדישע הײם האָט אויפֿגעהערט צו אויסאיבן אַן אײַנפֿלוס אויפֿן יונגן דור. די יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין דער שולע פֿון לאַנד האָט נאָך געוואָלט לערנען ייִדיש, כּדי צו קענען שרײַבן אַהײם אַ בריוו, ווען די עלטערן זענען געווען פֿונדערווײַטנס. אָבער דער זעלבער יוגנטלעכער האָט דעם „תּהילים־ייִד״ שוין נישט געלײענט אין ייִדיש.

דאַקעגן הײבן אויף ייִדיש די עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישע ייִדן, אָפֿט איז עס דערפֿאַר, ווײל זײ ווילן נישט באַקענען די יונגע מיט אַ פֿרעמדער קולטור. זײ באַנוצן זיך מיט ייִדיש אין זײער וואָכעדיקן לעבן. פֿאַר דעם חסיד איז די ייִדישע קולטור אויך טריפֿה און ער לײענט די ייִדישע צײַטונג באין ברירה.

מיטן פֿאַרלוסט פֿון מזרח־אײראָפּעאישן ישובֿ האָבן מיר פֿאַרלוירן נישט נאָר די מיליאָנען ייִדן, נאָר אויך אײנעם פֿון די בעסטע טײלן פֿון אונדזער פֿאָלק, אַ

רייכע קולטור, די אַלע, וואָס זענען געווען שעפעריש פון יידישן שטאַנדפּונקט און אויפגעהאַלטן אונדזער אייגנאַרטיקייט. פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע, וואָס האָבן ליב יידיש און פירן אַ טעטיקייט אין דער יידישער שפּראַך ליידן שטאַרק פון דעם פאַרלוסט. אָבער מיט איכה־געוויינען וועט מען גאָרנישט אויפטאָן.

מיר מוזן זיך פאַרטראַכטן וואָס צו טאָן, כדי די גייסטיקע ירושה, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן במשך דורות, וואָס די גאַנצע נישט־יידישע וועלט באַוואונדערט, זאָל נישט פאַרלוירן גיין. מיר ווערן אָן ספק פּעסימיסטיש געשטימט, ווען מיר זעען די לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך יידיש און יידישקייט. מיר, וועלכע שרייבן אין יידיש, ווייסן, אַז מיר שרייבן פאַר זקנים, פאַר דעם דור הולך און נישט פאַרן דור בא. מיר טאָרן אָבער נישט ווערן דעפּעטיסטיש מיט די פראַגעס: פאַר וועמען אַרבעטן מיר? און וואָס וועט זיין פון דעם אַלעם דער סוף? מען טאָר נישט קומען צום יונגן דור מיט טרויעריקע געזיכטער, מיט פּעסימיסטישע שטימונגען. מיר מוזן ווערן אביסל קעמפעריש. פּראָפעסאָר נעהער האָט געוואָרפן אַזאַ לאָזונג אין פראַנצויזיש. מיר דאַרפן אַזאַ לאָזונג וואַרפן אויך אין יידיש און אָנהייבן אַ קאַמף פאַר המשך. בלויז דערציילן וועגן לעבן, וואָס איז געווען אין פּוילן, וואָס איז פאַר די קינדער פרעמד, ברענגט נישט קיין סך. דערמיט קענען מיר זיי נישט דערנענטערן. נאַטירלעך איז עס אַ באַשטאַנד־טייל פון דעם, וואָס זיי דאַרפן וויסן. מען דאַרף אָבער קומען צום יונגן דור און רעדן אין זיין שפּראַך. מיר דאַרפן ווייזן דעם יונגן דור גלויבן אין דעם, וואָס מיר פּרעדיקן ווייל אַנדערש וועלן מיר נישט האָבן צו אים קיין צוגאַנג.

דער יונגער מענטש האָט ליב, ווען מען רעדט צו אים וועגן העלדישקייט, וועגן אַ ליכטיקע צוקונפט. מען טאָר דעריבער נישט רעדן בלויז וועגן פאַרגאַנגענהייט פון פאַרפאָלגונגען און פּאָגראָמען. דער יידישער גייסט־מענטש טאָר נישט בלייבן פּאַסיוו. פאַרקערט, ער מוז ווייזן אַ ביישפּיל. ער דאַרף פּרעדיקן ווו עס איז נאָר מעגלעך וועגן דער נויטווענדיקייט פאַרצוזעצן דעם המשך. איך ווייס, אַז מיר האָבן ליידער אַ צוגאַנג מער צו זיידעס, ווי צו די טאַטעס. אָבער זיי קענען אויך אונדז העלפן אויף דעם געביט. זיי קענען אויפווייזן זייערע קינדער אַז זיי לאָזן אויפוואַקסן אַ דור פון אַנאַלפאַבעטן אויפן יידישן געביט.

דער יידישער גייסט־מענטש דאַרף אויך ווערן, ווי ווייט מעגלעך, אַקטיוו אויפן געביט פון יידישער דערציאונג. ער וועט דאַן פילן, אַז ער שאַפט עפּעס, וואָס האָט אַ המשך. אין אַ מאָמענט, ווען מען האָט געגלויבט, אַז אַלץ איז פאַרלוירן פאַרן יידישן פאָלק, ווען דער שונא איז געשטאַנען פאַר די מויערן פון ירושלים, האָט אַ קליינע גרופּע געשאַפן די שולע פון יבנה, אַ דאַנק וועלכער די דאַמאָלסטיקע ירושה האָט געקענט איבערגעגעבן און באַרייכערט ווערן. אויך היינט דאַרפן מיר זיך אינספּירירן פון דעם ביישפּיל און טאָן אַלץ, כדי צו שאַפן יידישע טאָג־שולעס און דאָרט, ווו אַזעלכע שולעס זענען פאַראַן, זיי פאַרשטאַרקן. עס איז דער איינציקער מיטל איבערצוגעבן אונדזער ירושה. אין אַ יידישע שולע וועט זיך דאָס קינד אויסלעבן אין אַ היימישער יידישער אַטמאָספער, עס וועט וויסן וועגן שבת, וועגן יום־טוב און וועגן אַלץ, וואָס איז יידיש. די שולע מוז איצט פאַרטרעטן דאָס אַלץ, וואָס אַ קינד האָט אַמאָל באַקומען ביי זיך אינדערהיים.

מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז ווען מען רעדט וועגן אַ יידישע שולע האָבן מיר צו טאָן נישט נאָר מיט אונדזערע קינדער, נאָר אויך מיט ספרדישע, וועלכע האָבן נישט קיין אינטערעס פאַר יידיש. די לערן־שפּראַך מוז דעריבער זיין העברעאיש. די יידישע שולע דאַרף זיין מער צוציענדיק, ווי אַנדערע, ווייל בלויז מיט יידישקייט וועלן מיר נישט צוציען דעם יונגן דור. אַזאַ שולע דאַרף זיי געבן אַלע נויטיקע לימודים און בעסער, ווי אין אַנדערע שולעס.

דאָ איז גענוג גערעדט געוואָרן, אַז דער יונגער דור איז אַ דור פון אינטע־לעקטועלע. זיי זוכן פאַר זייער קינד אַ בעסערע שולע. אַרום אַזאַ שולע קען מען אויך שאַפן קרייזן פון עלטערן, אין וועלכע עס זאָלן געגעבן ווערן רעפעראַטן אויף יידישע טעמעס. מען קען אין דעם פאַל אַקטיוויזירן יידישע עלטערן, ווייל זיי וועלן אין די שולעס האָבן זייערע קינדער. פאַר אַ קינד, וואָס לערנט די העברעאישע שפּראַך, איז לייכטער זיך אויסצולערנען יידיש. זיי קענען שוין דעם א״ב און האָבן אַן אוצר פון ווערטער, וואָס זיי וועלן באַנוצן אין יידיש.

ליידער האָבן די וועלטלעכע יידן אויפן געביט פון יידיש אַ סך געזינדיקט. ווייניק פון אונדז האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אַזאַ ענין, ווי עס איז אַ יידישע שולע. אין דער זעלביקער צייט האָבן אָבער רעליגיעזע יידן ענערגיש געקעמפט פאַר שאַפן די אינסטרומענטן צו פאַרזעצן לערנען יידישע ווערטן.

די לאַגע מוז זיך ענדערן. די וועלטלעכע קרייזן, וועלכע רעדן וועגן המשך און קיום, דאַרפן פאַרקאַטשען די אַרבל און זיך נעמען צו דער אַרבעט. עס זענען פאַראַן גרויסע מעגלעכקייטן. גלויבט נישט, אַז מען וועט שטיין אין דער רייע. אָבער עס איז נויטיק אַ מיסיאָנערישע אַרבעט. דער דור אין עלטער פון צווישן צוואַנציק און פערציק יאָר וויל בלייבן יידן. עס איז נישט ריכטיק, אַז דער דור וויל אַוועקגיין פון יידישקייט. די יונגע ווייסן אָבער נישט ווי אַזוי צו בלייבן יידן. זיי האָבן נישט קיין אינהאַלט, מען האָט זיי נישט געלערנט. פון לייענען אַ בוך פון אַזאַ שרייבער ווי מעמי, וועלן זיי קיין סך זיך נישט אויסלערנען. ער וועקט אָבער אויף אַן אינטערעס און ער איז נישט דער איינציקער. די דאָזיקע אינטעלעקטועלע פּרעדיקן טאַקע זייער יידישקייט אָבער זיי האָבן אַ ווירקונג בלויז אויף אַ געוויסן פּובליק. מיט אַן אויפקלערונגס־אַרבעט קענען מיר האָבן די קינדער פון די מענטשן ביי אונדז.

זיכער איז אַזאַ אַרבעט ווייט נישט קיין לייכטע, אָבער מיר מוזן צופּאַסן אונדזער אויפקלערונגס־אַרבעט צו די היינטיקע באַדינגונגען און אַרבעטן מיט מאָדערנע מעטאָדעס. דערין ליגט אונדזער שאַנס. אַנדערש וועלן מיר אינגאַנצן אונטערגיין. מיט מאַכן שיינע דעקלאַראַציעס און ענדיקן רעדעס מיטן אויסרוף „עם ישראל חי״ וועלן מיר ווייט נישט אַוועקגיין. דאָס איז נישט גענוג. מיר מוזן צוריק בויען און פאַרשטאַרקן די יידישע שולע. אַלע מוזן ווערן אַקטיוו אויף דעם געביט, אויב מיר ווילן, אַז די רייכע ירושה זאָל נישט גיין לאיבוד נאָר זאָל איבערגענומען ווערן דורך אונדזערע קינדער און אונדזערע קינדס־קינדער.

בריסל 1967.

# לאָמיר זיין אָרנטלעך און אויפריכטיק אין אונדזער יידישער אויפירונג

פון **יצחק פוגאַטש** (פּאַריז)

יידיש, ווי אַלע לשונות, איז דאָך נישט נאָר אַ קאָלעקציע פון ווערטער אָדער פון אויסדרוקן, נייערט אַ שפּראַך, וואָס האָט איר ספּעציפישקייט, איר אַנדערש־קייט. די, וואָס האָבן זיך ווען עס איז געראַנגלט מיט אַן איבערזעצונג פון יידיש, ווייסן עס און האָבן עס געפילט אויף זייער אייגענער פעל. געוויס איז פאַראַן געמיינזאַמעס צווישן אַלע שפּראַכן. אָבער יעדע שפּראַך האָט זיך איר פּנים, בפרט יידיש, וועלכע איז אַ צוויי־פּנימדיקע. יידיש איז דאָך אַזוי אינטים פאַרפלאָכטן מיט לשון־קודש, מיט העברעאיש. די דערשיינונג קומט, ווי איר ווייסט, פון אַן אוראַלטע געמיינזאַמקייט פון געדאַנקען, פון איבערלעבונגען, פון דעם יידישן שטייגער אין משך פון טויזנטער יאָרן.

עס האָט זיך אַ סך געענדערט אין יידיש. אָבער דער תוך איז געבליבן. ווערט דער יידישער שטייגער פאַרלוירן, ווערט פאַראָרעמט יידיש. נאָך מער: מיר אַליין דערקענען זי מער נישט. די שפּראַך ווערט אונדז מיטאַמאָל פרעמד. זי ווערט אפילו געפעלשט, בפרט ווען מען זעצט פון איר איבער. מיר דאַרפן זיך נישט נאַרן. מיר האָבן גערעדט וועגן יידישע שרייבער. וויפל זענען זיי, די יידישע שרייבער וועלכע לעכצן נאָך אַן איבערזעצונג, ווייל זיי האָבן מורא, אַז יידיש וועט אונטערגיין, אָדער זייער בוך וועט מער נישט געלייענט ווערן? זוכן זיי איבער־זעצונגען און זיי ווייסן נישט, אַז דורך די איבערזעצונגען וועט זייער יידיש מער קיין טעם נישט האָבן. אַמאָל, מיט עטלעכע צענדליק יאָרן צוריק, אַז אונדזערער אַ ייד פלעגט איבערזעצן אַ בוך אין פראַנצויזיש, פלעגט עס זיין אין אַ נעבעכדיקן פראַנצויזיש. היינט איז פונקט פאַרקערט. דער פראַנצויזיש איז פערפעקט, נאָר קיין יידיש איז דאָ מער נישטאָ. נישטאָ דאָרט מער קיין יידישע נשמה, ווייל די איבערזעצער קענען שוין גוט פראַנצויזיש, אָבער זיי פאַרשטייען גאָר ווייניק יידיש. און ווען עס טרעפט זיך זיי דער מינדעסטער העברעאישער אויסדרוק, קענען זיי אים נישט איבערזעצן. מיר הערן זייער אָפט, מען צעלייגט עס אויף טעלערלעך, אַז אַ יונגער בחור'ל, וועלכן מען רופט בערעלע, היינט איז ער שוין געוואָרן אַ גאַנצער בער, אָבער מען צעצקעוועט זיך נאָך מיט אים, לייענט, און

לייענט מיט אַ סך האַרץ, פֿאַלן ביי אים אַריין מאָדנע גרייזן און אַזעלכע מאָדנע אינטאָנאַציעס, אַז מען זעט ווי די זאַך איז פֿאַר אים פֿרעמד.

איך האָב געהערט אַ זייער אינטערעסאַנטע יידישע פּרוּוו, אַ קינסטלערין, וועלכע האָט וווּנדערבאַר געלייענט שלום־עליכמען, נאָר ווי עס איז געקומען צו פּרצן האָט זי זיך פֿאַרלוירן און זיך אויסגעגליטשט ביי יעדן העברעאישן אויסדרוק.

אין דעם זין זענען מיר אַ דור אָן יורשים. מיר דאַרפֿן עס זאָגן גאַנץ ברוטאַל. מיר רעדן וועגן דעם אָפּט און עס איז מיר ממש פּיינלעך ווידער אַמאָל דאָס צו זאָגן, ווייל עס ווערט באַנאַל. אויב עס וועט נישט זיין קיין יידישע דערציאונג, קיין יידישער שטייגער, קיין יידישע טראַדיציעס, וועט קיין יידישע שפּראַך ביי דער יוגנט נישט זיין. נישט פֿון ביכער אַליין לעבט אַ שפּראַך. אַ שפּראַך לערנט מען פֿון לעבן און אויב קיין יידיש לעבן איז נישטאָ, איז קיין יידישע שפּראַך אויך נישטאָ.

דעם זעלביקן פּראָצעס געפֿינען מיר אין די אָריגינעלע שאַפֿונגען פֿון יידן, וועלכע שרייבן אויף פֿראַנצויזיש און אויך אויף אַנדערע שפּראַכן. מען קען נישט מער דאָס יידישע לעבן. איך קען אַ ייד, וואָס גיט אַרויס אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע און וואָגיקע פֿראַנצויזישע צייטשריפֿט. וויס ער נאָך ביז היינט צו טאָג נישט דעם אונטערשיד צווישן יידיש און יידישקייט. דאָ איז דערמאָנט געוואָרן שוואַרץ־באַרט. ס׳איז אַ באַזונדערס אָנגעווייטיקטער ענין. ווי איר ווייסט האָט ער זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין בוך „דער לעצטער פֿון די צדיקים". איז ער דערנאָך אַוועק אויף אַנדערע דרכים און זיך גענומען צו אַנדערע טעמעס. לעצטנס האָט ער געגעבן אַ זייער אינטערעסאַנטן אינטערוויו אין „לע פֿיגאַראָ ליטערער". ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געוואָלט באַשרייבן דאָס לעבן פֿון די אַנטיליאַנער, פֿון נעגער, וואָס מען האָט אַמאָל אַריבערגעפֿירט קיין אַמעריקע און זיי פֿאַרוואַנדלט אין שקלאַפֿן. האָט אים אויסגעפּעלט אַן אַנעקדאָט, וואָס ער האָט געוואָלט דער־ציילן. היות זייט דאַן האָט ער חתונה געהאַט מיט דער אַנטיליאַנער, די נעגערקע האָט ער זי געבעטן אים צו דערציילן. זי האָט אים שריפֿטלעך געגעבן דעם אַנעקדאָט. האָבן זיך אים געעפֿנט די אויגן. ער האָט באַלד איינגעזען, אַז דאָס גאַנצע בוך, וואָס ער האָט געשריבן, טויג נישט, ווייל עס האָט אים פֿאַרפֿעלט דער ריח. אָט איז די טראַגעדיע. ווען ער האָט געשריבן מיט אַ געוויסער צאָל גרייזן אַ יידישן ראָמאַן, האָט ער נישט געפֿילט, אַז עס פֿעלט אים דער ריח. ער האָט עס דערפֿילט, ווען ער האָט געשריבן וועגן נעגער.

וועגן שטיינערס בוך, אין וועלכן עס זענען פֿאַראַן יידישע מנהגים, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ער האָט נישט קיין שום אַנונג וועגן אַ יידישן געדאַנק. מען קען מיט אים מסכים זיין אָדער נישט. אָבער ווען ער פֿאַרבלאָנדזשעט זיך אין מיסטישע געדאַנקען, פֿאַרשטייט ער גאָרנישט. עס גייט ביי אים אַרויס אַן אויסטערלישע זאַך.

עס געשעט אָפּט אַזוי. אָט האָט מען דאָ דערמאָנט דעם „תהלים־ייד" אויף פֿראַנצויזיש. אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך וועל רעדן וועגן אַן ענין, וואָס איז מיר נאָענט. איך האָב נישט אַליין איבערגעזעצט דעם „תהלים־ייד". מיר זענען געווען צוויי — אַ מיטאַרבעטערין און איך. האָבן מיר געמאַכט אַזאַ מין קונץ. שלום אַש האָט דאַמאָלסט געזאָגט, אַז ער האַלט נישט פֿון קיין פֿראַנצויזישע

איבערזעצונגען. פאַרוואָס? ווייל די יידן — האָט ער געזאָגט — זענען נאָך נישט לאַנג אין פראַנקרייך, כדי זיי זאָלן גוט באַזיצן פראַנצויזיש. ער איז מסתמא געווען אינגאַנצן גערעכט. אָבער פון דייטש האָט ער יאָ געהאַלטן. זיין בוך אין דער דייטשער שפּראַך האָט געהייסן „טראָסט איינעס פאָלקעס" — דער טרייסט פון אַ פאָלק. האָט מיין מיטאַרבעטערין איבערזעצט פון „טראָסט איינעס פאָלקעס" און איך האָב איבערגעזעצט פון יידיש. דערנאָך האָבן מיר קאָנפראָנטירטביידע איבערזעצונגען. זאָג איך איר אַזעלכע שטעלעס, וואָס געפינען זיך נישט אין דער דייטשער איבערזעצונג. געווען זענען עס טאַקע קלייניקייטן, אָבער יענע קליי־ניקייטן, וואָס גיבן אַ שטימונג, אַ פּנים, אַ נשמה. מאָמענטן פון חדר אָדער פון יידישן מאַרק — זענען אין דער דייטשער איבערזעצונג אַרויסגעלאָזט געוואָרן. דאַמאָלסט האָבן מיר געזען, ווי אַזוי מען זעצט היינט איבער פון יידיש. טאָמער איז עפּעס פאַראַן, וואָס מען פאַרשטייט נישט, לאָזט מען דאָס אויס. ווו איז יידיש און וואָס ווערט פון יידישן ווערק?

מיר האָבן היינט אַ גאַנצע רייע שריפטשטעלער, וועלכע שרייבן אין אַנדערע שפּראַכן. אָבער דורך די אַלע שפּראַכן פילט מען דעם יידיש, לייענט מען יידיש. באַזונדערס איז עס קאָנטיק אין דער אַמעריקאַנער מאָדערנער ליטעראַטור. דורך דעם ענגליש פון דער ליטעראַטור לייענט מען יידיש און מען פילט אפילו דעם אומרו פון די עלדן ביי די היינטיקע מאָדערנע שרייבער. דאָס זענען יידן און נישט יידן. זיי האָבן אַן אומרו, אָבער אַן אויסגעוואָרצלטן אומרו. זיי האָבן אַ בענקשאַפט, זיי ווייסן נישט נאָך וואָס אפילו. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס איז אַנטשטאַנען אַ שיטה פון יונגע אַמעריקאַנער שרייבער, וועלכע זאָגן: דאָס איז נישט אַמעריקאַניש! ס'איז נישט אונדזערס, עס איז פרעמד, וואָס קומט פונדערווייטנס.

עס בלייבט אָבער די פראַגע: וואָס טוט מען דאָך? איך האָב גערעדט וועגן איבערזעצונגען, ווייל איך האָב זיי געמאַכט און דערביי איז נישטאָ קיין שום אחריות, ווייל אויף דעם געביט קענט איר ביי מיר נישט פאָדערן קיין שום מעשים. איך דערצייל אייך, עס קען אייך אפשר אינטערעסירן, מיר וועלן זיך צעגיין און איר וועט צו מיר קיין טענות נישט האָבן. אָבער ווו איר וועט צו מיר יאָ האָבן טענות, איז אין ענין יידיש, אויב איך וועל אייך נישט געבן קיין פּראַקטישן מיטל, ווי אַזוי צו דערציען יידישע קינדער, מאַכן זיי פאַר יידן. אָבער אויך וועגן דעם רעד איך שוין צוואַנציק יאָר און איר הערט מיך, ווי דעם פּאַראַיאָריקן שניי. איך מוז ווידעראַמאָל איבערחזרן די זעלביקע רייד.

מיר דאַרפן זיך זאָגן דעם אמת איינע די אַנדערע, מיר זאָלן זיין פּאַרנונפטיק. אָן אַ יידישער היים, אָן אַ יידישער סביבה, אָן דערציאונג און אָן לימוד, וועט איר נישט האָבן קיין יידישע קינדער. אַזאַ נס וועט משה רבנו אַליין נישט מאַכן. מיר ווילן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן זיין אונדזערע נאָכפאָלגער. וואָס טוען מיר דערצו? געוויס איז נישט לייכט. אָבער וואָס טוט מען דאָך?

אַמאָל איז געווען ביי אונדז קאָנטאַקט. אפילו ווען קינדער זענען אַוועק פון עלטערן האָבן זיי דאָך עפּעס אָפּגעהיט פון זייער היים. זיי האָבן אָפּגעהיט די שפּראַך, אַ טראַדיציע. די גאַנצע סביבה איז געווען אַן אייגענע, אַ יידישע. עס

פלעגט טרעפן, אַז זיי האָבן געהאַט אַנדערע געדאַנקען, ווי זייערע עלטערן, אַז זיי זענען אַנטלאָפן פון דער שולע, כדי צו גיין אויף פּאַרזאַמלונגען. אָבער יידיש איז געווען אומעטום. היינט איז דאָס אַלץ נישטאָ. ווי נאָר מיר גייען אַרויס פון־דאַנען הייבן מיר אָן רעדן פראַנצויזיש. בלייבן, לויט מיין מיינונג, די צוויי אַלטע סקאַרבאָווע מיטלען: עס איז דאָ די טראַדיציע און עס איז פאַראַן מדינת ישראל. געוויס זענען מיר דאָ ממשיך אויף וועלכן אופן עס לאָזט זיך. ווען אַ יונגע מוטער פרעגט מיך אָן עצה, זאָג איך איר: טוט ווי איר קענט: מיט יידיש, מיט פראַנצויזיש, מיט לימוד, מיט וואַקאַנס אין ישראל, מיט וואַקאַנס אין אַ יידישע קאָלאָניע דאָ אויפן אָרט, מיט וואָס נאָר עס לאָזט זיך. ווייל אַזוי לאַנג, ווי דאָס קינד איז נאָך אויף דער זייט קען איך אָנהייבן מיט איין געביט און שפּעטער איבערגיין צו אַ צווייטן. שלעכט איז, ווען דאָס קינד גייט אַוועק.

מוזן מיר אַרבעטן אויף אַלע אופנים, ווי נאָר מיר קענען. מיר דאַרפן ממשיך זיין, אָבער מיט אָפענע אויגן. מיר דאַרפן וויסן, אַז דאָס איז נאָר אַ טייל, וואָס מיר קענען זיי געבן. מיר דאַרפן אָנווענדן אַלץ צוזאַמען, און איבערהויפּט אָרנטלעך. מיר האָבן געמאַכט יידישקייט, יידיש אָדער ציוניזם ווי אַן עקספּאָרט־אַרטיקל. ס'איז גוט פאַר יענעם, ס'איז גוט פאַר אַנדערע, אָבער פאַר אונדז אַליין נישט. דאַרפן מיר דעריבער אַריינפירן יידיש לעבן אין אונדזער היים, נישט טעאָרעטיש, נאָר פּראַקטיש. מיט טעאָריע, מיט עצות זענען מיר ברוך־השם פאַרזאָרגט. אַריינפירן יידיש לעבן, יידיש געוויסן אין דער היים. איר ווייסט בעסער פון מיר, אַז עס איז נישטאָ כמעט קיין איין משפחה אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער און אויך אין אַנדערע קאָנטינענטן, אַז עס זאָל נישט זיין קיין דראַמע.

מיר דאַרפן אויך דאָס קינד פאַרבינדן מיטן כלל. ווי אַזוי ווילט איר, אַז אונדזערע קינדער זאָלן האָבן אַן אַנונג, אַ ליבשאַפט צו יידן, אַז מיר גיבן זיי נישט אַריין אין אַ יידישער סביבה. פּונקט פאַרקערט, מיר גיבן זיך נישט אָפּ קיין חשבון פונעם שלעכטס, וואָס מיר טוען דעם קינד און זיך אַליין, ווען מיר ווערטלען זיך איבער וועגן יידן. דאָס קינד מיינט עס ערנסט. לאָמיר געדענקען, אַז דאָס קינד קוקט אונדז אויך אָן. עס קען אונדז גוט, עס קען אונדזערע שוואַכקייטן. און עס געניסט דערפון. ווען עס זעט, אַז איר שיקט אים נישט אין אַ צוגאָב־שולע, אָדער אַז איר שיקט אים איין מאָל יאָ, איין מאָל נישט, פאַרשטייט עס, אַז דאָס אַלץ איז נישט ערנסט. ווי ערנסט קען בכלל זיין אַ לימוד איין שעה אָדער צוויי שעה אין דער וואָך? דאַרפן מיר אַריינגעבן אין זיי אַלץ, וואָס מיר קענען, אַלץ, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן אין אונדז אַריינגעגעבן. איך וואָלט זייער גוט געקענט נישט זיצן אַ גאַנצן טאָג מיט אייך און רעדן יידיש, איך וואָלט געקענט זיך גאַנץ גוט אויסלעבן אין אַ פראַנצויזישער סביבה. פאַרוואָס בין איך דאָ? ווייל דער טאַטע מיינער האָט אין מיר אַריינגעגעבן אהבת־ישראל און אהבת תרבות־ישראל. זיך איך דאָ און נישט ערגעץ אַנדערש.

געוויס דאַרפן מיר בויען שולעס. עס ווענדט זיך אויך פון יידישע עלטערן. יידישע עלטערן האָבן אָבער געפונען אַ גוטן אויסוועג: עס איז די שולע פון יענעם, פון די לערער, פון די דערציער א.א.וו. ווען אונדזערע אַמאָליקע טאַטעס וואָלטן זיך פאַרלאָזט בלויז אויף אַנדערע, וואָלטן מיר אַלע היינט געווען גויים. עס מוז

זיך אָנהייבן פון דער היים. יידישקייט דאַרף ווערן אַ טאָג טעגלעכע זאַך. נישט בלויז פאַר קינדער, נייערט פאַר אונדז אַליין. מיר ווייסן אַליין נישט וויפל מיר פאַרלירן ווען מיר פאַרוואַנדלען דעם ענין בלויז אין אַ טעאָריע. אָט זייט איר אַלע דאָ, אין דער היץ, אָבער איר זייט צופרידן, ווייל עס איז אייער סביבה. די קינדער וואָלטן אויך געקענט זיין מיט אונדז און לאָמיר אפילו רעדן פראַנצויזיש. איך בין נישט קיין פאַנאַטיקער פון יידיש. איך זאָג עס אָפן. מיר איז יידיש ליב און טייער. אָבער איידער צו פאַרלירן די קינדער איז בעסער צו האָבן יידישקייט אין פראַנצויזיש, אָדער אין ענגליש. מיר דאַרפן אַליין האָבן די איבערצייגונג. מיר דאַרפן אַליין וויסן, אַז מיר קענען עפּעס. עס איז אפילו קאָנטיק אַן אויפלעבונג ביי דער פראַנצויזיש־יידישער יוגנט. אין פאַריז איז פאַראַן אַ יוגנט, וואָס לערנט באמת יידישע לימודים. מען דאַרף די דאָזיקע יוגנטלעכע געבן לויט זייער ביוואָ. דאָס איז דאָ ריכטיק געזאָגט געוואָרן. וויפל טראַגישע סודות האָב איך באַקומען פון יוגנטלעכע. אַ יידיש מיידל קומט און זאָגט מיר: מיין טאַטע פאַרזיכערט מיר, אַז פּרץ איז אַ גרויסע פּערזענלעכקייט, אָבער מיר זאָגט עס גאָרנישט. אָבער ווען מען זאָל רעדן צו דעם מיידל אין פראַנצויזיש, עס איז איר מוטער־שפּראַך, ווייל איר טאַטע האָט מיט איר נישט גערעדט קיין גוטן יידיש, ער האָט בעסער געוואָלט מיט איר רעדן אַ שלעכטן פראַנצויזיש און צוליבן שלעכטן פראַנצויזיש, וואָס העכער דאָס קינד גייט אין דער שולע אַ דאַנק דעם טאַטנס באַמיאונגען, ווערט דער טאַטע אַלץ מער אַ גאָרנישט. זיי באַטראַכטן אים מיט אַ ביטול־קוק. אָבער ווען מען זאָגט איר, אַז פּרץ איז געווען דער און דער, ער שטאַמט פון דאַנען און דאָ האָסטו אַן איבערזעצונג און כדי צו וויסן דעם טעם פון אַ פּרץ, פּרוביר זיך אויסלערנען יידיש. דאַמאָלסט דערפילן זיי און עס ווערט זייערס.

יעדער פון אונדז דאַרף עס פילן. עס איז אַן אינדיווידועלע אחריות. אָט זאָגט מען דאָ: ווידער אַ סימפּאָזיום, מען וועט שוין ווידער רעדן וועגן דערציאונג. און וואָס ווערט דערפון? עס איז שווער, זייער שווער. אָבער איך קען נישט זאָגן, און איך באַמי זיך צו זיין אויפריכטיק, אַז פון פאַראַיאָרן ביז היינט האָבן מיר גאָרנישט אויפגעטאָן. מיר האָבן יאָ עפּעס אויפגעטאָן אויף דעם אופן אָדער אויף אַן אַנדערן. ווען מיר שטראַלן פון אונדז אַרויס יידישקייט, ליבשאַפט צו יידישקייט, גייט עס נישט לאיבוד, עס ווערט איבערגעגעבן. דערין בין איך זיכער. אָבער באַגנוגענען זיך דערמיט דאַרפן מיר נישט. מיר דאַרפן אַליין טאָן און נישט אַז עלטערן זאָלן מיר ברענגען אַ קינד און זאָגן: נאַ, מאַך אים פאַר אַ ייד. ס׳איז די מעשה מיט יענעם מאַרק־הענדלער, וואָס האָט געבעטן ביי איינעם צו שיקן אים אַ קונד. האָט ער אים געבראַכט אַ קונד און געזאָגט: זאָלסט אים באַהאַנדלען, ווי אַ ברודער. אַזוי אומגעפער באַהאַנדלען מיר אונדזערע קינדער.

יעדער איינער פון אונדז טראָגט זיין אחריות און יעדער פון אונדז קען עפּעס טאָן און דאַרף עפּעס טאָן. מיר, דערציער, נויטיקן זיך אָפט אפילו אין אַ גוט וואָרט פון די עלטערן. אָבער איר זאָלט וויסן, וויפל צרות מיר האָבן פון עלטערן. אַנשטאָט אונדז צו העלפן, שטערן זיי גאָר. זיי שיקן זייערע קינדער אין יידישע קאָלאָניעס און טאָמער באַקומען די קינדער יידישע מנהגים האָבן זיי־

צו אונדז טענות: סטייטש, מיר זענען געווען אַזוי רואיק, אינמיטן דערינען האָבן מיר אַ געשעפט מיט אַ שבת און מיט אַ יום־טוב...

ר׳ שניאור זלמן האָט אַמאָל געזאָגט, אַז תשובה טאָן דאַרף מען דורך שמחה, דאָס הייסט, אַז איך בין נישט קיין פּעסימיסט. איך טו מיין אַרבעט מיט שמחה און די שמחה וויל איך אייך איבערגעבן. איר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן וויפל איר פאַרפעלט פרייד, וואָס איר גיט נישט איבער אייערע קינדער, וואָס אייך איז טייער. יעדעס מאָל ווען איך קען עס יאָ איבערגעבן, בין איך גליקלעך, גליקלעכער פון אייך; וויל איך, אַז איר זאָלט אויך זיין גליקלעך. טוט עס, נישט גערעדט, נאָר געטאָן!

בריסל 1967.

# צווייִשפּראַכיקייט ביי יידן

פון **שמואל גאָלדשמידט** (לאָנדאָן)

קודם כל אַ דעפיניציע. די טעמע איז נישט אַזוי פּשוט ווי זי שיינט צו זיין. צווייִשפּראַכיקייט איז נישט סתם רעדן אויף צוויי לשונות, אויף איינעם נאַטירלעך און פריי, די מוטערשפּראַך, און אויף דעם אַנדערן גענוג צו פאַרקויפן אָדער קויפן עפּעס. עס איז אפילו נישט גענוג צו רעדן פריי אויף דעם צווייטן לשון, בכדי צו זיין צווייִשפּראַכיק, כאָטש עס איז זייער באַקוועם און בעסער איידער גאָרנישט פאַרן פּערזענלעכן געברויך. וואָס מיר פאַרשטייען אונטער צווייִשפּראַכיקייט איז זיך אויסלעבן אין ביידע שפּראַכן, זיין אינגאַנצן אינדערהיים נישט נאָר אין דער ערשטער נייערט אויך אין דער צווייטער. דאָס איז ספּעציעל וויכטיק צו געדענקען אין אונדזער פאַל. בעת מיר רעדן וועגן קענען יידיש און די שפּראַך פונעם לאַנד ווו מיר לעבן; אָדער העברעאיש און די שפּראַך פונעם לאַנד ווו מיר לעבן, מיינען מיר קענען ביידע שפּראַכן אויף אַ נאַטירלעכן אופן, האָבן די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין פון איינער צו דער צווייטער נישט פילנדיק דעם איבערגאַנג. כ׳געדענק אַז דער פאַרשטאָרבענער יוסף העפטמאַן האָט מיר אַמאָל געשריבן: „כ׳קען זיך נישט דערמאָנען צי איך האָב דיר געהאַט געשריבן יידיש אָדער העברעאיש פון זשענעווע"...

אַ פּסיכאָלאָג האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז זייער נאַטירלעך צווישן מענטשן, וועלכע קענען צוויי שפּראַכן.

אויך די קוואַליטעט איז וויכטיק. מיר האָבן זי אָפּט פאַרקוקט. אייב קאַהאַן האָט מער ווי אַלע אַנדערע בייגעטראָגן צו אַ שפּראַכלעכער הפקרות, זאָל ער מיר מוחל זיין און זאָל אים די ערד גרינג זיין. משה נאַדיר איז דאָך געווען גערעכט: אַ יידישער שרייבער, וועלכער שרייבט „גענאָססע" מיט צוויי סמכ׳ן און „ווירט" אַנשטאָט בעל־הבית, כאָטש זאָגן זאָגט ער בעל־הבית ביי זיך אינדערהיים, טאָר נישט דינען אַלס אַ ביישפּיל...

הכלל, צווייִשפּראַכיקייט איז שלימות אין ביידן. אָבער אפילו דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אַ שפּראַך איז נישט קיין איזאָלירטער קאָנצעפּט. זי טראָגט אין זיך אַ טראַדיציע און אַ קולטור און די נשמה פון אַ פאָלק. קענען צוויי שפּראַכן הייסט זיין אינדערהיים אין צוויי קולטורן. אויב איר נעמט יידיש און ענגליש, לאָמיר זאָגן, הייסט עס זיין אינדערהיים אין אונדזער אייגענער קולטור און אין דער

ענגלישער קולטור. דאָס זעלבע גילט, פאַרשטייט זיך, פאַר העברעאיש און ענגליש.

למשל, אַ ייד וואָס קען באמת העברעאיש און ענגליש, איז אינדערהיים ביי ביאַליקן און ביי שעקספּירן. ער קען איין טאָג לייענען, לאָמיר זאָגן, מילטאָן און דעם קומענדיקן טאָג לייענען אחד־העם. אָדער ווען עס רעדט זיך וועגן יידיש — איין טאָג דיקענס און דעם צווייטן טאָג שלום אש, און האָבן הנאה פון ביידן. ער קען דערציילן וויצן אין ענגליש און אין יידיש. דאָס איז אַ מדרגה!

איך נעם אָן, אַז איך האָב די דעפיניציע קלאָר געמאַכט. די וועלכע האָבן אַ געמיטלעכע און זאַכלעכע דערציאונג וועלן ווייניקער פון דעם נישט אָנעמען. אונדזערע קינדער וועלן אודאי נישט אָנעמען קיין פּשרות אין דעם פּרט. עס איז בעצם לייכטער אויסצולערנען אַ מאָדערן יידיש קינד זייער גוט העברעאיש, אַזוי גוט ווי עס קען ענגליש, אָדער פראַנצויזיש, איידער נאָר אַביסל העברעאיש. דער דאָזיקער פּאַראַדאָקס פאַרבאָרגט אין זיך אַ גרויסן אמת, אַזוי ווי אַלע פּאַראַדאָקסן, וואָס זענען בעצם אַן אמת געשטעלט אויפן קאָפּ.

צי איז אַזאַ מדרגה מעגלעך?

אודאי איז עס מעגלעך — פאַר נאָרמאַלע מענטשן, די וועלכע געניסן פון אַ דערציאונג און אַבסאָרבירן זי מיט נאָרמאַלע כשרונות. וועגן גאונים רעדן מיר דאָ נישט. זיי גיבן זיך אַן עצה. „זאָלסט נישט זאָרגן וועגן גבירים און גאונים", פלעגט מיין זיידע זאָגן...

נאָרמאַלע פעלקער, בשר ודמ׳ס, זענען צווייישפּראַכיק און עס שאַדט זיי נישט. די שווייצער, מאַנכע אפילו דריישפּראַכיק; די בעלגיער; אין קאַנאַדע קען מען נישט באַקומען קיין רעגירונגס־פּאָסטן, אויב מען באַהערשט נישט פּערפעקט דיביידע שפּראַכן פונעם לאַנד — ענגליש און פראַנצויזיש. מיליאָנען באַנוצן עס. אין אינדיע, פּאַקיסטאַן, אין די נייע אַפריקאַנער מדינות, זענען כמעט אַלע צווייישפּראַכיק, היות אייניקע נייע מדינות האָבן נישט קיין נאַציאָנאַלע שפּראַך — זיי האָבן נאָר שבטים־שפּראַכן — און אייניקע קענען נישט אויסקומען מיט זייער אייגענער שפּראַך.

הכלל, די תורה פון צווייישפּראַכיקייט איז נישט אין הימל און נישט פאַר מלאכים. סיר באוען טאָמאַס, דער געוועזענער דירעקטאָר פון דערציאונג פאַר אועלס, ווו זיי האָבן אויך דאָס פּראָבלעם פון צוויי שפּראַכן, האָט אַמאָל באַמערקט אויף אַ סימפּאָזיום וועגן צווייישפּראַכיקייט, אַז יעדעס נאָרמאַל קינד קען ווערן צווייישפּראַכיק אויף אַ לייכטן אופן און אָן יסורים בתנאי מען זאָל די צווייטע שפּראַך אַריינפירן נישט שפּעטער ווי ביים עלפטן יאָר. דאַן קומט עס נאַטירלעך. פריער איז נאָך בעסער. נאָכן עלפטן יאָר, האָט ער געזאָגט, ווערן די שפּראַך־קעמערלעך אין אונדזער מח כסדר שוואַכער. דאָס איז היינט אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט. ווען איך האָב באַמערקט, אַז עס איז אַ שרעקלעכער געדאַנק, אַז עפּעס הייבט שוין אָן אָפּצושטאַרבן אין אונדז נאָכן עלפטן לעבנסיאָר, האָט סיר באוען באַמערקט: „מיין ליבער פריינד, מיר הייבן אָן שטאַרבן די מינוט, ווען מיר ווערן געבוירן"... און ווער קען עס אָפּלייקענען?...

ביי אונדז יידן איז צווייישפּראַכיקייט קיינמאָל נישט געווען קיין פּראָבלעם.

מיר האָבן אַן אַלטע מסורה פון צוויי שפּראַכן. דער תלמוד בבלי איז אין אַראַ־מעאיש, אָבער עס איז קלאָר, אַז די אמוראים אין בבל האָבן גערעדטביידע שפּראַכן — העברעאיש און אַראַמעאיש — און געשריבן אין ביידע שפּראַכן. זייערע ציטאַטן פונעם אָריגינאַל, ווען עס קומט צום תנ״ך, זייערע קאָמענטאַרן צום תנ״ך און צו דער משנה, זייער „המשכדיקייט״, באַווייזן קלאָר ווי טיף זייערע העברע־אישע וואָרצלען זענען געווען. פון זייער שיחת־חולין איז אויך קלאָר, אַז זיי זענען געווען אינדערהיים אין ביידע שפּראַכן.

די זעלבע דערשיינונג איז באַקאַנט אין שפּעטערדיקע דורות. דער רמב״ם איז געווען צווייִשפּראַכיק. ער האָט געשריבן אַ מערקווירדיקן העברעאיש און אַ ווונדערלעכן אַראַביש.

גוט, וועט איר זאָגן, דער רמב״ם איז געווען אַ גאון, איינער אין הונדערט דורות און נישט נאָר אַ יחיד בדורו. אָבער אויך אַנדערע אין דער גאָלדענער תקופה זענען געווען צווייִשפּראַכיק: יהודה הלוי, שלמה אבן גבירול, משה אבן עזרא, אברהם אבן עזרא. זיי האָבן אַלע געשריבן אַראַביש אַזוי גוט ווי העברעאיש. זיי האָבן אַלע געגאָסן פון צוויי קולטורן. און עס זענען געווען טויזנטער אַנדערע, קלענערע אין תורה און חכמה, וועלכע זענען אויך געווען מייסטערס אין צוויי לשונות און זייערע לייענער האָבן אויך באַהערשט ביידע שפּראַכן.

אונזערע משכילים זענען געווען צווייִשפּראַכיקע יידן. דער גאון פון צוויי־שפּראַכיקייט איז געווען מענדעלע מוכר־ספרים. זיין אָנהויב האָט אָנגעשפּאַרט אַן דער השכלה תקופה און זיין סוף האָט דערגרייכט אונדזערע מאָדערנע צייטן און ער האָט געעפנט וועלטן אויף דעם געביט, אַזוי ווי אויף דעם ריין־ליטעראַרישן. ביז מענדעלען איז יידיש געווען פּרימיטיוו, האַלב־געבאַקן אין ליכט פון גראַ־מאַטיק און שפּראַכפאָרשונג. מענדעלע האָט געהאַט שפּראַכקולטור, אַ זעלטענעם חוש פאַר דעם געשטעל פון אַ שפּראַך און אַן איינגעבוירענע לאָגיק.

ער האָט נישט געקענט שרייבן קיין שלעכטן יידיש. ער האָט אויך נישט געקענט שרייבן קיין באַרבאַר־ישן יידיש, היות ער איז געווען אַ גרויסער עסטעט. איר רעד דאָ נישט וועגן אים אַלס אַ ליטעראַרישן ריז. דאָס איז נישט מיין טעמע היינט. איך רעד דאָ וועגן אים אַלס אַ פּיאָנער פון צווייִשפּראַכיקייט אין מאָדערנע צייטן און אַ וועגווייזער פאַר די קומענדיקע דורות.

אויך אין העברעאיש האָט מענדעלע געעפנט נייע וועלטן. ביז זיין צייט איז העברעאיש געווען באַוואַקסן מיט מליצה. די משכילים פלעגן נעמען גאַנצע פּסוקים פון תנ״ך צו אילוסטרירן מאָדערנע געדאַנקען, ווי מאַפּו האָט עס געטאָן; אָדער האָבן פאַרווענדעט תנ״כישע טערמינאָלאָגיע צו אילוסטרירן מאָדערנע סי־טואַציעס, ווי קלמן שולמאַן האָט עס געטאָן.

ער האָט באַשריבן ביליאַרד, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל געזען בעת אַ רייזע קיין פּעטערבורג, ווי עס האָט דאַן געהייסן, אַזוי צו זאָגן: „שני אוחזים בעצים ומכים בביצים״...

מענדעלע האָט נישט גענוצט קיין פּאַרטיקע מליצות. ער האָט גענומען זיין גאַנצן באַגאַזש פון העברעאיש און יידיש, תורה און חכמה, תנ״ך, משניות, רבנישע ליטעראַטור, מיטלעלטערלעכע העברעאישע פּאָעזיע, ספרי חסידים, און

האָט פון דעם אַלעם אויסגעהאַמערט און אויסגעפּורעמט אַ שפּראַך פאַר ליטע־ראַרישע באַדערפעניש. אַזוי ווי רעמבראַנדט האָט גענומען לייוונט און פאַרמישט פאַרבן און אויסגעמאָלן מיט זייער הילף זיינע טיפּן... דאָ קומט אַריין דער גאון און נישט נאָר דער ידען, דער אינסטינקטיווער וואָרט־מכשף און נישט נאָר דער גראַמאַטיקער און פילאָלאָג. אָן דעם „זעקסטן חוש" וואָלט עס נישט געווען מעגלעך.

אָט זענען אַ פּאָר ביישפּילן. הממזר האדמוני — דער רויטער ממזר, איז נישט נאָר אַ גרויסע ליטעראַרישע דערגרייכונג אין דער שאַפונג פון אַ כאַראַקטער, בייערט אויך אַ דערגרייכונג אין טערמינאָלאָגיע. מאַפּו וואָלט מסתמא געזאָגט „הממזר האדום הזה".

שלום־עליכם ווידער האָט געקענט העברעאיש — ער האָט איבערזעצט הערצלען — אָבער געשריבן האָט ער נאָר יידיש און ער האָט געמוזט אָנקומען צו אַ העברעאישן איבערזעצער.

ער איז זייער גוט באַדינט געוואָרן דורך זיין איידעם, י. ד. בערקאָוויטש. קיינער האָט נישט געהאַט אַזאַ טרייען איבערזעצער. אָבער דאָס איז אַן אַנדער ענין. מענדעלע האָט זיך אַליין באַדינט. אין זיין שרייבערישער פּערזאָן האָבן זיך געטראָפן און געלעבט בשלום אונדזערע צוויי שפּראַכן. זיי האָבן זיך אויסגעהאָלפן איינע די אַנדערע. דאָס איז אויך אַ מערקווירדיקן אופן אויסגעדריקט אין מענדעלעס אומפאַרגעסלעכע איוועוערטורע:

„אמר מנדלי מוכר־ספרים, האָט געזאָגט
מענדעלע מוכר־ספרים"...

אָט האָט איר עס אין איין זאַך. קיין בעסערע ביישפּילן פאַר צווישפּראַכיקייט וועט איר נישט געפינען אין דער גאַנצער ליטעראַטור אויף דער דאָזיקער טעמע...

צווייִשפּראַכיקע מענטשן האָבן נישט קיין באַליבטע שפּראַך. ווען זיי וואָלטן געהאַט, וואָלטן זיי נישט געווען צווייִשפּראַכיק. זיי זענען ווי אַ נאָרמאַלער מענטש מיט צוויי געראָטענע טעכטער — ער האָט זיי ביידע גלייך ליב און וואָלט בשום אופן נישט געקענט זאָגן וועמען ער האָט ליבער.

דער קאַמף צווישן יידיש און העברעאיש, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין מזרח־איירָאָפּע און אין ארץ־ישראל אַ יובל יאָרן, איז געווען די דערפינדונג פון קליינע מענטשעלעך מיט באַגרענעצטע השגות. גרויסע יידן ווי ביאַליק, סאָקאָלאָוו, וויצמאַן, זלמן שניאור און אַ גאַנצע פּלעיאַדע אַנדערע אין דער נאָך־מענדעלע תקופה, האָבן זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען מיט דעם דאָזיקן וויכוח. היינט זענען די בונדיסטן מיט זייער יידישקייט אויס פּונקט אַזוי לעכערלעך, ווי די העברעאיסטן פון גדוד מגיני השפה. עס איז נישט קיין ענין פון זיין אַ חכם לאחר המעשה. אייניקע פון אונדז זענען מער נישט אַזוי יונג ווי זיי זענען אַמאָל געווען און זיי האָבן אויך קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט פאַר דעם דאָזיקן וויכוח.

ווען האָבן מיר פאַרלוירן אונדזער צווייִשפּראַכיקייט?

ווען מיר זענען אַרויס אויף דער ווייסער וועלט פון מערב. דייטשע יידן זענען שוין געווען איינשפּראַכיק, כאָטש די געלערנטע האָבן געקענט העברעאיש, לכל הפחות די מקורות. כ'רעד דאָ נישט וועגן רוסישע יידן, וואָס זענען געזעסן אין ראָמאַנישן קאָפּע און גערעדט רוסיש צווישן זיך; כ'רעד דאָ וועגן אמת'ע דייטשע

יידן, וועמענס פּראָטאָטיפּ עס זענען געווען ווייס, גרעץ, הערמאַן כהן, סטעפאַן צוויג, עמיל לודוויג, לעאָ בעק און אַ סך אַנדערע און קלענערע. זיי האָבן גערעדט נאָר דייטש און געהאַט נאָר איין נאַענטע שפּראַך, כאָטש מאַנכע פון זיי האָבן געקענט לייענען פראַנצויזיש אָדער ענגליש.

אין פראַנקרייך האָבן מיר געהאַט די זעלבע דערשיינונג און אין ענגלאַנד האָבן מיר געהאַט איינשפּראַכיקע יידן זינט מנשה בן ישראל אין 1656. דער ערשטער אויבער־ראַבינער אין ענגלאַנד, וועלכער קען רעדן העברעאיש און זיך אויסלעבן איןביידע שפּראַכן, איז דר. ישראל בראָדי, דער היינטיקער „טשיף ראַביי". הערמאַן אַדלער און יוסף הערמאַן הערץ האָבן נישט געקענט רעדן קיין העברעאיש אָדער יידיש; כ'מיין רעדן ווי ס'דאַרף צו זיין.

אין אַמעריקע האָבן מיר בדרך כלל געהאַט נאָר איינשפּראַכיקע יידן ביז דער סאַמע לעצטער צייט. טאָמער וועט איר מיך פרעגן, וואָס איז מכח יידיש אין ווייטשעפּל און אויף דער איסט סייד אין ניו־יאָרק, איז די תשובה, אַז די וועלכע האָבן זיך אויסגעלעבט אין יידיש האָבן נאָר גערעדט אַביסל ענגליש אויף דער גאַס, אין ביזנעס, אָבער האָבן די שפּראַך גוט נישט געקענט. די וועלכע האָבן זיך שוין אויסגעלעבט אין ענגליש האָבן נישט געקענט קיין יידיש גענוג צו זיין צווייִשפּראַכיק. געווען זעלטענע אויסנאַמען, אָבער דאָ רעדט זיך וועגן כלל. אויסנאַמען זענען שטענדיק פאַראַן. כ'האָב אַמאָל געקענט אַ ייד, וועלכער האָט גערעדט כינעזיש און יידיש אָבער קיין נייע תקופה האָט ער ביי אונדז נישט אָנגעהייבן.

עס וואָלט געלוינט, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, זיך אָפּצושטעלן אויף דער מערקווירדיקער דערשיינונג ווי אַזוי יידן זענען אַריבער פון יידיש אויף ענגליש, אָדער פראַנצויזיש, אין איין דור, אַט אַזוי ווי מען גייט אַריבער אַ גאַס אין אַ געדיכטער באַוועגונג, נישט קוקנדיק אויף צוריק.

געווען אפילו במשך פון יאָרן צווישן מערבדיקע יידן אַ באַוווסטזיניקער ווידערשטאַנד צו צווייִשפּראַכיקייט. זיי האָבן מורא געהאַט טאָמער זייערע קינדער וועלן נישט קענען קיין ענגליש, אָדער פראַנצויזיש; טאָמער זיי וועלן האָבן אַ שלעכטן אַקצענט, אַזוי ווי זיי אַליין האָבן. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, נישט באַגרינדעט. אַ נאָרמאַל קינד קען האָבן אַ גוטן אַקצענט אין צוויי שפּראַכן אָדער אפילו מער. די שווייצער רעדן דייטש און פראַנצויזיש ווי געהעריק, ווען זיי נוצן נישט קיין דיאַלעקט. מיליאָנען קאַנאַדער זענען נאָך בעסער. זיי האָבן נישט קיין דיאַלעקטן. זיי רעדן ענגליש ווי ענגלענדער און פראַנצויזיש ווי פראַנצויזן. אינפלעקציעס זענען פאַראַן, אָבער דאָס געפינט איר אויך אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך גופא. יידן האָבן אָבער געהאַט אַ קאָמפּלעקס וועגן דעם — און האָבן נאָך היינט.

אַן אַנדער מניעה איז געווען די מורא צו זיין „אַנדערש". יידן פון מיטלקלאַס — און דאָס זענען ניינציק פּראָצענט יידן אין גלות — האָבן אַלע שלעכטע סימנים פון די מיטלקלאַסן — דעם דראַנג „צו זיין ווי אַלע אַנדערע" בתוכם. דערצו האָבן זיי נאָך מיטגעבראַכט פון מזרח־אייראָפּע די מורא פאַר די שכנים. אין לענדער וווּ מען אַרבעט נישט שבת און נישט זונטיק, איז מען נישט אַנדערש דורך היטן

שבת; אָבער מען איז אַנדערש אויב מען רעדט מיט די קינדער אויף אַן אַנדער לשון אינדערהיים. איז חס וחלילה!...

דאָן די גרויסע מורא — טאָמער די קינדער וועלן נישט קענען געגוג ענגליש אָדער פראַנצויזיש אויסצוהאַלטן עקזאַמענס אין גוטע שולעס. דאָס איז געווען די סאַמע אידיאָטישע אינהיביציע, היות צוויישפּראַכיקע קינדער זענען בעסער אין שול, לויט אַלע עקספּערטן. די דירעקטאָרין פון אַ גרויסער ענגלישער שול האָט מיר געזאָגט, אַז אַן אויסנאַם זעגען אירע צוויישפּראַכיקע שילער בעסער. זי אַליין לערנט געשיכטע און תנ״ך און האָט דעריבער אַ שוואַכקייט צו די וועלכע קענען העברעאיש. זי האָט מיר געגעבן אַ ביישפּיל. עס שטייט געשריבן, אַז יעקב איז געקומען צו אַן אָרט מיט ביטער וואַסער און האָט אים אַ נאָמען געגעבן מרה. „מר איז ביטער", טיילן איר מיט די קינדער וועלכע קענען העברעאיש — און זייערע אויגן לייכטן אויף. דאָס איז איין ביישפּיל פון הונדערטער.

אָבער איר קענט נישט היילן אַ קאָמפּלעקס מיט ביישפּילן און לאָגיק. דער דאָזיקער ווידערשטאַנד צו צוויישפּראַכיקייט, וואָס האָט אין זיך פאַרבאָרגן אַ נאַציאָנאַלע דעגענעראַציע, האָט אָנגעהאַלטן אין מערב־איראָפּע ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

איך קום צו מיין לעצטן קאַפּיטל און די אויספירן.

דער צוריקקער צו צוויישפּראַכיקייט איז זייער אַ לאַנגזאַמער און מיר האָבן דעם וועג נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט. אויב נישט יידיש אַלס צווייטע שפּראַך ביי יידן — איז העברעאיש. אָבער מיט העברעאיש זענען מיר אויך ווייט נישט פאַרטיק, כאָטש מדינת ישראל איז פאַר זיך אַליין די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר העברעאיש.

דאָס וואָס מען רופט אָן „העברעאישע שולעס" אין מערב־איראָפּע זענען בעצם שולעס אין דער לאָקאַלער שפּראַך מיט אַביסל העברעאיש אַלס אַ צוגאָב־פאַך און זייער אָפט אויפן חשבון פון שפּיל און ספּאָרט. איר האָט נישט קיין העברעאישע אָדער יידישע שולעס ווי די פראַנצויזישע ליצייען אין נישט־פראַנצויזישע לענדער וווּ די קינדער ווערן באמת צוויישפּראַכיק און וואַקסן אויס צוויי־קולטור־מענטשן. מיט אונדזער גאַנצן נאָך־מלחמה רייכטום און מיט דעם געלט פון די רעפּאַראַציעס האָבן מיר נאָך אַלץ נישט אויפגעשטעלט אפילו איין שולע אַזאַ. מיר שיינען צו נעמען דעם באַגריף „ווידעראויפבוי" ווערטלעך. אָפט האָב איך מורא, אַז זיי וועלן צוריק אויפשטעלן אַן אָפּטיילונג פונעם „גדוד מגיני השפה" און אַן אָפּטיילונג פון „בונד" מיט די געלטער פון די רעפּאַראַציעס...

אָבער מיין עובדה היינט איז נישט צו קריטיקירן אונדזערע פירער און גבאים. איין גאָט ווייס, איך טו עס אָפט גענוג ביי אַנדערע געלעגנהייטן... איך בין דאָ אויסן די לאַנגזאַמקייט פון אונדזער וועג צוריק צו צוויישפּראַכיקייט. די איירָאפּעאישע טראַגעדיע האָט דעם פּראָצעס אָנגעהויבן. נאָסטאַלגיע, בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים, דער צער פון פאַרלירן נאָענטע און טייערע אין אַזאַ בלוט־באָד, האָט אונדז געפירט צוריק צו יידיש אין סענטימענט. דער אויפקום פון מדינת ישראל האָט אונדז געבראַכט העברעאיש נישט מער אַלס שפּראַך פון „בטלנים און פּראָווינציעלע ציוניסטן", נייערט אַלס די שפּראַך פון אונדזער

מדינה, פון דער אַרמיי, פון מענטשן אויף דער גאַס, וועלכע טוען זייערע עסקים אין העברעאיש און האָבן זייער טעאַטער אין העברעאיש א.א.וו. עס איז אפילו די שפּראַך פון גרויסע וויסנשאַפטלעכע אַנטפּלעקונגען. היינט איז שוין אפילו אין גלות אַ סנאָבישע דערשיינונג צו קענען העברעאיש... אָבער פון דעם ביז קענען די שפּראַך ממש איז אַ לאַנגער וועג, כידוע.

מיר זענען אַלע מסכים היינט, נעם איך אָן, אַז אין צווייִשפּראַכיקייט ליגט דער שליסל צו אחדות־ישראל, צו אונדזער צוקונפט אַלס איין פאָלק. אויב יידיש קען נישט אויפגעהאַלטן ווערן — וועט העברעאיש מוזן ווערן דער פאַקטאָר פון אחדות־ישראל. וועגן דעם וועט באַשליסן דער שר האומה. דערווייל האָבן מיר אין גלות ווייניק צווייִשפּראַכיקע יידן, וועלכע זענען אינדערהיים אין ענגליש און העברעאיש, אָדער פראַנצויזיש און העברעאיש, אָדער איטאַליעניש און העברעאיש. ווען מיר וועלן האָבן דערגרייכט אַזאַ מדרגה צווישן יידישע מאַסן, וועלן מיר האָבן געלייזט די פראַגע פון אחדות־ישראל, פון איין פאָלק מיט איין נאַציאָנאַלער קולטור, וואָס איז נישט אָפּהענגיק פון געאָגראַפיע נייערט פון געשיכטע. דאָס וועלן זיין משיח׳ס צייטן — און משיח וועט לכל הדעות רעדן העברעאיש און יידיש...

פּאַריז 1965

# יידישע שולעס אָדער יידיש אין די שולעס?

פון **יחזקאל קאָרנהענדלער** (פּאַריז)

ווען איך זאָל פּרוּוון ענטפערן מיט דער מעטאָדע פון הלל הזקן בייַם דערקלערן די תורה „על רגל אחת", וואָלט איך געזאָגט, אַז לויט מיין מיינונג האַנדלט זיך נישט אין יידיש אין די שולעס, נאָר אין יידיש שולעס, ריכטיקער געזאָגט, אין יידישקייט אין די שולעס. יידישער אינהאַלט שליסט איין אַלץ, וואָס איז נוגע יידישקייט און ממילא אויך אונדזער יידיש־לשון און די ליטעראַטור אין יידיש.

לאָמיר זיך אָבער אַביסל פאַרטיפן אין דאָזיקן ענין.

פאַר אַ סך פון אונדז איז געווען אַן אַנגענעמע איבעראַשונג, ווען עס איז מיט אַ קורצער צייט צוריק דערשינען אין ענגלאַנד דאָס ווערטער־בוך פון די זיבן סאַמע פאַרשפרייטסטע שפּראַכן איבער דער וועלט און מיר האָבן דאָרט אויך אַנגעטראָפן אונדזער יידיש.

דער פאַקט האָט אַרויסגערופן אַ סך צופרידנקייט אין די יידיש־רעדנדיקע און יידיש־ליבהאָבער קרייזן און דאָך... נישט געקוקט אויפן אייגנאַרטיקן טריומף פון יידיש איז די שמחה ווייט נישט קיין פולע, וואָרעם דאָס ווערטער־בוך, איינגעשלאָסן יידיש, איז דערשינען אין אַ מאָמענט, ווען אונדזער יידיש־לשון און ממילא אויך אונדזער ליטעראַטור און שול־וועזן מאַכן אַדורך נישט נאָר אַ שווערן, נאָר אפילו אַ טראַגישן קריזיס און איטלעכער פון אונדז טראַכט מיט שרעק אין האַרצן וועגן מאָרגן פון יידישן וואָרט, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין לעבן פון אונדזער פאָלק אין די לעצטע פאַר הונדערט יאָר, וואָס האָט ממש אויפגעהאַלטן, אויב נישט געראַטעוועט אונדז פון נאַציאָנאַל־קולטורעלן אומקום און געהאָלפן דערפירן צום ווידערגעבורט פון יידישן פאָלק אין זיין אייגן לאַנד, וועמענס פּיאָנערן, וואָס האָבן מיט גאָלע הענט אָנגעהויבן שאַפן, בויען און קעמפן פאַר אַ ניי לעבן אין ישראל, זענען אין דער איבערוועגנדיקער מערהייט געווען יידיש־רעדנדיקע.

ס'איז מערקווירדיק פּאַראַדאָקסאַל דער גורל פון יידיש און פון אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט דער שפּראַך און קולטור אין יידיש; פּאַראַדאָקסאַל דערפאַר, וואָס בעת דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, וואָס האָט אין יאָר 1908 מיט רעכט פּראָקלאַמירט יידיש אַלס די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק, האָט זיך די דאָזיקע שפּראַך און ליטעראַטור, וואָס האָט דאַן אין אירע רייען פאַרמאָגט

פּרצן און שלום־עליכמען, שוין דאַן, מיט זייער שנעלע טריט, זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צום גרויסן קריזיס, וועלכן זי מאַכט שוין פינף צענדליק יאָר אַדורך און וואָס ווערט פון יאָר צו יאָר אַלץ שווערער.

עס זענען טאַקע רייף געוואָרן געשעענישן, וואָס האָבן אונדזער יידיש פאַרוואַנדלט אין איינע פון די סאַמע פאַרשפּרייטסטע שפּראַכן איבער דער וועלט. אָבער גלייכצייטיק האָבן אַ ריי אַנדערע געשעענישן דערפירט צום היינטיקן, ממש טראַגישן קריזיס, פון וועלכן עס זעט זיך נישט דערווייל קיין אָפּטימיסטישער אויסוועג. מיר זעען זיך געצוווּנגען אָוועקצושטעלן אויף דער טאָג־אָרדענונג דאָס פּראָבלעם פון יידיש אין די שולעס, אָדער יידישע שולעס? און אַז מ׳יין וויניקייט, אַליין אַ יידישער שרייבער, וואָס לעב מיך אויס, ליטעראַריש, פיר צענדליק יאָר אויסשליסלעך אין יידיש, זאָל מוזן קומען און זאָגן, אַז דער עיקר דאַרף עס זיין, נישט אַזוי יידיש אין די שולעס, נאָר יידישע שולעס.

מיר וויסן וועגן אַזוי פיל לענדער און קאָנטינענטן, וואָס זענען פון סוף 15־טן יאָרהונדערט אָן באַזעצט און באַהערשט געוואָרן לאַנגע צייטן דורך ענגלאַנד שפּאַניע, פּאָרטוגאַל א. אַ. די דאָזיקע מלוכות זענען היינט צו טאָג צוריקגעשטויסן געוואָרן צו זייערע אויסגאַנגס־פּונקטן און דאָך האָבן זיי אין די ווייטע לענדער וועלכע זיי האָבן לסוף געמוזט פאַרלאָזן, איבערגעלאָזט זייערע שפּראַכן און זייער קולטור. ענגליש איז די שפּראַך פון גאַנץ צפון־אַמעריקע און פון נאָך אַ ריי אַנדערע לענדער. שפּאַניש — די שפּראַך פון אַרגענטינע; פּאָרטוגעזיש איז די שפּראַך פון בראַזיליע א.א.וו. און אויב עס איז אַזוי געשען, איז עס געווען אין רעזולטאַט פון דעם, וואָס די לענדער האָבן מיט געוואַלט באַהערשט און באַאייג־פלוסט יענע מענטשן, ביז עס זענען דאָרט לסוף אַנטשטאַנען נייע פעלקער, וואָס לעבן אין דער קולטור פון זייערע אַמאָליקע אָקופּאַנטן.

אויך אונדזער יידיש איז אַריינגעקומען אין אַ סך לענדער און אַריבערגע־שווומען אָקעאַנען, אָבער נישט ווי קיין פאַרכאַפּנדיקער עלעמענט און נישט מיט קיין כוונות עמעצן צו דאָמיניִרן. דאָס יידיש־לשון האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אַזוי פיל לענדער דורך אַן עמיגראַנטישער מאַסע, וואָס איז אַנטלאָפן פון פּאָגראָמען, רעכטלאָזיקייט, אָרעמקייט און נויט. מיר זענען אומעטום געקומען זוכן מנוחה און פּרנסה, נישט מער. מיר זענען נישט געקומען ווי אַן עלעמענט פון באַהערשן, נאָר פון צופּאַסן זיך צו די פעלקער און באַדינגונגען. דאָס דאָזיקע צופּאַסן זיך אונדזערס, און אַנדערש האָט עס דאָך גאָרנישט געקענט זיין, איז געווען דער אָנהייב פון אונדזער אַסימילירן זיך צווישן די פעלקער.

וואָס גרעסער עס איז געווען דער יידישער עמיגראַנטן־שטראָם אין דעם אָדער אַנדערן לאַנד, אַלץ וויניקער האָבן מיר געהאַט מעגלעכקייט צו דערזען און זיך צו באַאומרואיקן מיט דעם אָנגעהויבענעם אַסימילאַציע־פּראָצעס; אַ זאַך, וואָס געשעט, פאַרשטייט זיך, נישט פון היינט אויף מאָרגן. אויך איז דער אַסי־מילאַציע־פּראָצעס געווען אָפּהענגיק פון דעם קולטור־מצב פון די פעלקער גופא צווישן וועלכע די יידישע מאַסן האָבן זיך באַזעצט; איינוואַנדערנדיק אין דער שווייץ, בעלגיע, פראַנקרייך, ענגלאַנד צי גאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט די יידישע עמיגראַנטן־מאַסע זיך געפונען, גלייך פון ערשטן טאָג אָן אין

אַ וועלט וואָס האָט געדריקט אויף איר מיט אַ שטאַרק אָרגאַניזירטן לעבן און מיט שטאַרקע קולטורן און זיי האָבן גאָר גיך ממש צעריבן די יידישע אייגנאַרטיקייט.

מען מוז זאָגן, אַז כמעט אומעטום אין די נייע יידישע היימען, איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע יידישע קולטור־אַקטיוויטעט; אַ מין זעלבסטפאַרטיידיקונג קעגן דער ווירקונג פון דער מעכטיקער גאַס. מיר האָבן אומעטום מיטגעבערענגט אונדזער יידיש־לשון און אונדזער אייגנאַרטיקייט, אָבער מיר זענען אומעטום געווען צו ווייניק, כדי קענען אויסהאַלטן און אויפהאַלטן אונדזער יידישע קולטור־פּערסאָנאַליטעט. די גרויסע מאַסע, ווי מיר ווייסן עס, באַשטייט לײדער נישט פון קיין אידעאַליסטן, נאָר פון יחידים, וואָס זוכן צו גיין מיטן וועג פון סאַמע לייכטסטן ווידערשטאַנד. דאָס אַדאַפּטירן זיך צו די נייע באַדינגונגען האָט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער אָפּגעשוואַכט דאָס מיטגעבראַכטע יידישע וואָרט, ליד און יידישע אייגנאַרטיקייט. דורך די קינדער וואָס זענען שוין געבוירן געוואָרן אין די נייע היימען, ווו די גאַס, שול, בוך, טעאַטער און, היינט צו טאָג, דער ראַדיאָ, די טעלעוויזיע און בכלל אַלץ, אַלץ איז געווען ענגליש, דייטש, פראַנצויזיש א.א.וו. האָט דער וועג געפירט צו דעו מאַסנהאַפטער אַסימילאַציע, צו דער אַלץ גרעסערער אָפּשוואַכונג פון יידישן וואָרט און אַז אַ גרויסער טייל פון אונדזער יוגנט זאָל האָבן גאָר ווייניק געמיינזאַמעס מיט די יידיש־רעדנדיקע און יידיש־פילנדיקע עלטערן. דערפון שטאַמט דער ברענענדיקער פּראָבלעם פון אונדזער יוגנט־דערציאונג און וואָס פאַראַ שולעס מיר דאַרפן פאַר זיי האָבן, וואָס פאַראַ ראָל דאַרף דערביי שפּילן יידיש, מיט איין וואָרט, צי האַנדלט זיך עס אין יידישע שולעס אָדער יידיש אין די שולעס?

אין אַלע לענדער פון אונדזער צעשפּרייטקייט גייט כסדר און אומאויפהערלעך אָן אַ יידישע קולטור־אַקטיוויטעט. אין איין לאַנד שטאַרקער, אין אַ צווייטן לאַנד שוואַכער, אָבער עס ווערט געטאָן און מען פּרובירט טאָן. עס דערשיינען יידישע צייטונגען, יידישע ביכער, פאַראַן אַ יידיש שול־וועזן, ביבליאָטעקן, יידישע קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען, אָבער דאָס אָנגיין מיט דער יידישער קולטור־אַקטיוויטעט ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ שווערער. יידישע שרייבער האָבן נישט, אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט, היינט צו טאָג, קיין פּרנסה. דאָס יידישע פאַרלאַג־וועזן איז פאַרשוווּנדן. אין יידיש דערשיינען שוין כמעט נישט מער קיין איבער־זעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור. יידיש טעאַטער? אויך נישט קיין פריילעך קאַפּיטל און ס׳איז ווייט נישט פריילעך מיט יידיש אין אונדזער שול־וועזן.

פאַראַן אַ ראָמאַן, וואָס אַמאָל האָט מיט אים גערוישט איבער דער וועלט. איך רוף נישט אָן דעם נאָמען פון מחבר, ווייל זיין נאָמען איז נישט ווערט דערמאָנט צו ווערן. דער ראָמאַן, איך גלויב אַז איר קענט אים, הייסט „די ברכות פון דער ערד". די אידייע פון ראָמאַן באַשטייט אין דעם, אַז אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט דער ערד איז געזונט, גאַנץ, נאַטירלעך, בליט און ברענגט פּרוכטן. פאַרקערט, אַלץ וואָס פאַרלאָזט די ערד, רייסט זיך פון איר אָפּ און בויט זיין עקזיסטענץ ווייט פון דער ערד, איז פאַרמשפּט אויף וועלקן און אומקום!

פאַרוואָס דערמאָן איך „די ברכות פון דער ערד"?

אַ פאָלק וואָס זיצט אויף זיין ערד איז אַ גאַנץ פאָלק. אין לעבן פון אַ פאָלק

זענען פאַראַן פאַרשידענע צייטן און מאָמענטן, בעסערע און ערגערע. אָבער אַזוי לאַנג ווי דאָס פאָלק געפינט זיך צוזאַמען אויף זיין ערד, אויף זיין באָדן, איז עס נשמהדיק גאַנץ, גייסטיק און קולטורעל געזונט.

ס'איז איינער פון די מערקווירדיקסטע מאָמענטן פון אונדזער גלות־געשיכטע, אַז די גרויסע מיליאָניקע יידישע מאַסן, וואָס דער גורל האָט צונויפגעזאַמלט אויף דער סלאַווישער ערד, אויף אַ שטיק טעריטאָריע פון דער צאַרישער אימפּעריע, האָבן, נישט געקוקט אויף זייער לעבן אין דער פרעמד, געלעבט אין גייסטיקן זין ווי אַ פאָלק אויף זיין אייגענער ערד!

מיר זענען דאָרט געווען אַ סך, מיט אַן אייגענער גייסטיקער וועלט. די אַרומיקע שכנים האָבן זיך אַליין נאָך געפונען אויף אַ נידעריקן קולטור־מצב און צוליב דעם טאַקע האָבן זיי נישט אויסגעאיבט אויף אונדז קיין שום גייסטיקן דרוק. מיר האָבן געשפינט אַ מערקווירדיק, אייגנאַרטיק יידיש לעבן און אַ יידיש־לשון, מיט אַזעלכע וווּנדערלעכע, גייסטיקע פאָלקס־פּערל. פון דאָרט, פון די מזרח־לענדער, ווו עס איז געשען מיט אונדז אַזאַ מערקווירדיקער נס, האָט זיך שפּעטער אָנגעהייבן די גרויסע אויסוואַנדערונג, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אַזוי פיל לענדער און וואָס האָט פאַרוואַנדלט אונדזער יידיש־לשון אין איינע פון די זיבן וועלט־שפּראַכן.

אָבער פאַרלאָזנדיק יענע אַלטע צענטערס, ווו יידיש און יידישע קולטור איז אויפגעגאַנגען און אויסגעוואַקסן, איז מיט אונדז געשען גענוי דאָס זעלבע, ווי דאָס אָפּרייסן זיך פון דער מוטער־ערד.

דער נס וואָס די געשיכטע האָט איינמאָל מיט אונדז געטאָן דורך שאַפן די קולטור־פאָרמען פון פויליש־רוסיש־ליטווישן יידנטום, מיט זיינע טראַדיציעס, יידישן לעבנס־שטייגער, שפּראַך, ליטעראַטור א.א.וו., דער נס איז פאַרביי!

די גרויסע יידישע אויסוואַנדערונגען פון דער „יידישער אימפּעריע" אויף דער צאַרישער ערד האָט, ווי מיר ווייסן, זיך אָנגעהויבן אין די אַכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. אָבער יידיש לעבן און יידיש לשון האָט דאָרט אויף קיין איין רגע נישט אויפגעהערט און אויף קיין איין רגע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אונדזער שאַפונגס־כח.

די פּאָליטישע ענדערונגען אין רעזולטאַט פון דער מלחמה 1918-1914 האָבן מיט זיך געבראַכט אַ געוואַלטיקן אָנגריף, דאָס מאָל שוין אויף די יסודות פון דעם יידישן קולטור־לעבן און פון יידישער אייגנאַרט, וואָרעם עס זענען אַנטשטאַנען אַ גאַנצע ריי נייע מלוכות, וואָס האָבן מיט זייער עקאָנאָמישן דרוק, שאָוויניזם און צוואַנגס־שולעס אָנגעהויבן שווער פאַרפאָלגן און צעברעכן די הויפּט־צענטערס פון יידישן לעבן.

שוין לאַנג פאַר דער מלחמה פון 1939 האָט מען אין אַלע לענדער פון דער יידישער איינוואַנדערונג אָנגעהויבן אָפּפילן דעם קריזיס פון יידישן וואָרט, שולע און קולטור; דער קריזיסביים קענען אויפהאַלטן די יידישע אייגנאַרט. נאָר אַזוי ווי דער גרויסער יידישער מזרח־צענטער האָט געבילדעט דעם גרויסן רעזערוואַר פון יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט מיט יידיש און דורך יידיש, האָבן מיר דעם קריזיס און די געפאַר נישט אַזוי שווער באַנומען. האָבן זיך טאַקע אַסימילירט

יידן אין ניו־יאָרק, פּאַריז, לאָנדאָן אָדער אַנדערע ערטער, אָבער עס זענען כסדר געקומען נייע שטראָמען פון פרישע, ענערגישע יידיש־רעדנדיקע יידן און דאָס האָט באַרויִקט.

דערנאָך איז געקומען די טראַגעדיע פון 1945־1939. דאָס מזרח־יידנטום איז פולשטענדיק פאַרשניטן געוואָרן. ס'איז געוואָרן אויס מיטן רעזערוואַר פון פרישע יידיש־רעדנדיקע יידן און איצט, צוויי צענדליק יאָר נאָך דער מלחמה, געפינען מיר זיך אין אַ טראַגישער סיטואַציע: אַ שווערע, אַ געפּערלעכע אַסימי־לאַציע צו די פעלקער און קולטורן צווישן וועלכע מיר לעבן פאַרשלינגט אונדז ממש; דער עלטערער דור, ד. ה. מיר, די יורשים, גייט אַוועק און די יוגנט רעדט און לעבט זיך אויס אין די פרעמדע קולטורן און עס שטייט פאַר אונדז אין זיין גאַנצער ערנסט, דער פּראָבלעם ווי אַזוי אויפהאַלטן אונדזער יוגנט? וואָס זאָלן מיר זיי געבן? וואָס לערנען כדי זיי זאָלן זיין און בלייבן יידן? און ווי אַזוי זאָל אין אַזעלכע באַדינגונגען אויסזען דאָס היינטיקע יידישע שול־וועזן און וואָס פאַראַ אָרט זאָל אין די שולעס פאַרנעמען יידיש?

אין אַלע לענדער פון דער יידישער אויסוואַנדערונג האָבן עקזיסטירט און עקזיסטירן יידישע צוגאָב־שולעס. אויסרעכענען די לענדער איז נישט נויטיק. מיר, אין פּאַריז, קענען די געשיכטע פון די היגע יידישע שולעס, זייער ראַנגלעניש און אָפּגעריסנקייט פון יידישן לעבן. זיי נעמען נישט אַרום קיין דריי הונדערט קינדער און פונקציאָנירן זייער נעבעכדיק, נישט געקוקט אויף אַ סך אָנשטרענגונג און אידעאַליזם פון די פירער און לערער פון די צוגאָב־שולעס. פאַר די קנאַפּע פערציק יאָר יידישע צוגאָב־שולעס, וועלכע איך פּערזענלעך קען, האָבן די שולעס נישט אַרויסגעגעבן, נישט נאָר קיין אײן יידישן שרייבער, נאָר זיי האָבן בכלל נישט אַרויסגעגעבן קיין שילער, וואָס זאָלן זיך אויסלעבן אין יידיש.

עפּעס אַנדערש זענען די יידישע טאָג־שולעס; מיר האָבן זיי דאָ אין פּאַריז סך־הכל נאָר דריי, וואָס נעמען אַרום 1500 שילער, דערונטער 700, וואָס לעבן אין די עקזיסטירנדיקע אינטערנאַטן ביי די שולעס.

די דאָזיקע דריי טעגלעכע יידישע שולעס זענען אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער און וויכטיקער ענין, וואָרעם די שילער געפינען זיך שוין אין די שולעס דעם גאַנצן לערן־טאָג און די 700 תלמידים וואָס לעבן אין די אינטערנאַטן, פאַרברענגען דאָרט כמעט די גאַנצע 24 שעה פון מעת־לעת. די דריי שולעס זענען רעליגיעז און נאַציאָנאַל אָבער אונדזער יידיש־לשון פיגורירט דאָרט נישט אינעם לערן־פּראָגראַם.

אָבער דאָ מוז דערציילט ווערן:

איך האָב ביז מיט אַ קורצער צייט געהאַט אַ שכן, אַ יידישן יונגן־מאַן פון אַריבער דרייסיק יאָר אַלט; פון צייט צו צייט פלעגט ער צו מיר אַריינקומען און בעטן, כ'זאָל אים איבערלייענען אַ יידיש בריוול, באַקומען פון זיינעם אַ פעטער פון בני־ברק. אַ טאָג דערוויס איך זיך אָן איבעראַשנדיקע זאַך: ער איז אַ געוועזענער שילער פון דער פּאַריזער „מיימאָניד"־טאָג־שולע דאָך געדענקט ער שוין כמעט נישט דעם געשריבענעם יידישן אלף־בית און מוז אָנקומען צו עמעצן, מען זאָל אים דאָס בריוול איבערלייענען.

און אויב איך ברענג דאָ דעם דאַזיקן, לויט מיין מיינונג, שטוינענדיקן פֿאַקט טו איך עס, כדי צו דערמאָנען און אונטערשטרייכן די שוועריקייטן און די ראַנגלענישן, וואָס דאָס יידישע לעבן האָט אויסצושטיין און פֿאַרוואָס מען דאַרף אַלץ נישט קעמפֿן היינט צו טאָג, כדי קענען אויפֿהאַלטן יידישקייט און דאָס קען זיכער נישט דערגרייכט ווערן בלויז דורך יידיש אין די שולעס, נאָר אויס־שליסלעך דורך יידישע שולעס!

און אויב די יידישע צוגאָב־שולעס, סיי אין פּאַריז, סיי אומעטום, האָבן נישט באַרעכטיקט די האָפֿענונגען, וועלכע מיר האָבן אויף זיי געלייגט, איז עס נישט געווען דערפֿאַר, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט קיין מענטשן וואָס זאָלן זיך ווענדן אָנשטרענגען, מוסר־נפש זיין; געווען, געווען און עס זענען נאָך פֿאַראַן ביז היינט צו טאָג אַ סך וואָס וואָלטן עס ווייטער פּרובירט טאָן. אָבער די פּרעמדע גאַס, דער פּרעמדער אומרחמנותדיקער דרויסן מיט זיין רייכער קולטור, ווירקט געוואַלטיק שטאַרק. און אַז מיר טראַכטן ווי ווייט די יידישע היימען, די היימען פֿון די יידישע קינדער זענען אויסגעליידיקט פֿון יידישקייט, ווי ווייניק אידעאַליזם און ווי ווייניק יידישע פֿאַרשטענדעניש מיר זעען ביי די מאַסן יידישע עלטערן פֿון די קינדער, איז פֿונוואַנען זאָל דאָס יידישקייט־געפֿיל קומען צו די קינדער? און אויך דאָס איז נישט בלויז קיין פֿאַריזער דערשיינונג.

איך האָב אויסגערעכנט אַ ריי לענדער פֿון יידישער איינוואַנדערונג און האָב נישט דערמאָנט אַזאַ גרויסן און וויכטיקן יידישן ישוב, ווי אַרגענטינע; אַ ישוב וועגן וועלכן מיר האָבן געהערט אַ סך גוטע און אינטערעסאַנטע זאַכן, און גאָר ספּעציעל וועגן זיין שול־וועזן אין יידיש, וואָס איז עפּעס גאָר אַ גרויסע, אפֿילו אַ געוואַלטיקע דערגרייכונג.

איך האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו טרעפֿן צוויי מאָל מיט אַרגענטינער יידישע עלטערן און זייערע קינדער, געקומענע קיין פּאַריז אַלס טוריסטן. די קינדער, איינמאָל איז עס געווען אַ יינגל פֿון אַ יאָר 15־16 און דאָס צווייטע מאָל אַ מיידל, אומגעפֿער אין זעלבן עלטער, ביידע יוגנטלעכע געבוירענע אין אַרגענ־טינע, זענען געווען שילער אין יענע אַרגענטינער שולן. האָבן זיי טאַקע גערעדט צו מיר און מיט מיר יידיש. אָבער, מיינע פֿריינט, זיי האָבן גערעדט מיט אַ נישט זיכערן יידיש, וואָס האָט מיר גלייך געוויזן, אַז יידיש איז נישט זייער מוטער־שפּראַך. אויך האָט מיר זייער יידיש־רעדן דערמאָנט אין אַ בלינדן מענטשן וואָס גייט פּאַמעלעך, מיט פֿאָרזיכטיקע טריט, אויס מורא ער זאָל חלילה נישט פֿאַלן. וואָס עס איז וויכטיק צו דערציילן איז, וואָס ביידע יוגנטלעכע, שילער פֿון יידישע שולעס, וועלכע איך האָב געזען אין פֿאַרשידענע צייטן, האָבן זיך געווענדעט צו זייערע עלטערן אין שפּאַניש און נישט אין יידיש!

דאָס יידיש־לשון פֿון די דאָזיקע יוגנטלעכע איז מן הסתם אַ רעזולטאַט פֿון דעם לימוד אין זייער אַרגענטינער שולע, ווו מען האָט געלערנט יידיש. ווייזט אויס, אַז בלויז יידיש לערנען איז נישט גענוג.

אין אונדזערע באַדינגונגען פֿון קליינע מינדערהייטן צווישן די פֿעלקער, איז בלויז יידיש אין די שולעס געווען אַ פֿעלער וואָס האָט נישט אויסגעהאַלטן די האָפֿענונגען וועלכע מיר האָבן אויף דער שפּראַך געלייגט.

עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז בלויז העברעאיש אין ישראל וועט אויך נישט זיין גענוג. עס ווייזט דערויף דער פאַקט, וואָס אויך אין ישראל האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז מיטן גאַנצן העברעאישן לימוד און מיט דער אינטעגראַלער העברעאישער דערציאונג, פעלט נאָך דעם יונגן דור די אמתדיקע יידישקייט און דעריבער פירט מען איין אין די ישראלדיקע שולעס דעם לימוד פון דער אַזוי־גערופענער „תודעה יהודית״ — פון יידישן באַוווסטזיין, וואָס איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אונדזער יידישקייט.

עס מוז געפונען ווערן די גליקלעכע פאָרמולע פאַר דער יידישער שולע אין אונדזער צעוואָרפנקייט איבער דער וועלט און צווישן פעלקער. אָבער דאָס מוזן זיין שולעס וואָס זאָלן, דער עיקר, דורכזעצן נישט אַזוי די אָדער אַנדערע שפּראַך, נאָר דעם יידישן באַוווסטזיין. כדי דאָס צו דערגרייכן, מוז די יידישע שולע אין זיך איינשליסן דעם פולן יידישן געניוס; אַלץ איינס אין וואָס פאַרא שפּראַך־פאָרם ער זאָל זיך נישט האָבן מאַניפעסטירט, צי דאָס זענען די קולטור־אוצרות פון תנ״ך, צי דאָס זענען די יידישע שאַפונגען פון מיטלאַלטער, דער אָנגעזאַמלטער פאָלקס־אוצר אין יידיש און אפילו די גרויסע נאַציאָנאַלע יידישע שאַפונגען אין די מאָדערנע אייראָפּעאישע שפּראַכן, ווי די ווערק פון אַ זאַנגוויל, מאַרטין בובער, עדמאָנד פלעג א. א.

יידיש אין די שולעס?

אודאי, אומבאַדינגט!

נישט געקוקט אויף דעם שווערן מצב פון יידישן וואָרט, וועט די יידישע ליטעראַטור און דאָס יידיש־לשון נאָך לאַנג און אפשר כסדר שפּילן אַ גאָר גרויסע ראָלע אין דער אויפהאַלטונג פון אונדזער פאָלק; אָבער אונדזערע שולעס מוזן היינט צו טאָג געבויט און געשאַפן ווערן ווי שולעס פאַר יידישקייט און אין זיי דאַרף דער לימוד יידיש, פאַרנעמען, פאַרשטייט זיך, אַ זייער חשובן אָרט!

פּאַריז 1964

# דעבאַטע

**יעקב זאנטאג (לאָנדאָן)**

איך בין דאָ היינט צום ערשטן מאָל און דריק אויס מיין פרייד פון זיין דאָ און פון דעם, וואָס מען קען נאָך היינט צו אַזאַ עולם רעדן יידיש. אין ענגלאַנד האָבן מיר אויך אַ ישוב פון אַ האַלבן מיליאָן נפשות, אָבער אין לאָנדאָן קענען מיר נישט צונויפנעמען אַזאַ עולם, ווי איר האָט עס דאָ אין פּאַריז. איז פּאַר אונדז אַ דערמוטיקונג דאָס געפיל פון זיך קענען צונויפרעדן וועגן וויכטיקע פּראָבלעמען אין יידיש.

ליידער זע איך דאָ נישט קיין סך יונגע מענטשן. ד. ה. מיר זענען אַלע כמעט פון איין דור און מיר פילן די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס ליגט אויף אונדזער דור. וואָס מיך אינטערעסירט איצט איז די צוויישפּראַכיקייט ביי יידן, ווי עס האָט היינט באַהאַנדלט דער פריינט גאָלדשמידט. איך גופא בין אַ מענטש, וואָס פאַרנעם זיך מיט דער יידישער פּרעסע אין ענגליש און דערפאַר בין איך שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער פראַגע פון צוויישפּראַכיקייט ביי יידן. דער ענין איז גאָרנישט לייכט, אָבער ס׳איז נישט קיין אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט ווען מיר באַקענען די ענגליש־שפּרעכנדיקע יוגנט מיט אונדזער ירושה. דער אָפּרוף פון דער ענגליש רעדנדיקער יוגנט איז בפירוש אַ דערמוטנדיקער. צו מיר זענען געקומען מער ערע יונגע יידישע שרייבער אין ענגליש, וואָס האָבן גאָרנישט געוווסט וועגן יידישקייט, אָבער וואָס דער חורבן און די אַנטשטייאונג פון ישראל האָט צוריקגעבראַכט צום יידישן פאָלק און זיי זוכן וואָס מער זיך צו דערוויסן וועגן דער יידישער ירושה. איינער פון די דאָזיקע שרייבער האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „ווען דיין צייטונג טוט גאָרנישט מער, ווי איבערזעצן, ברענגען צו מיר די שאַפונגען פון דער יידישער ליטעראַטור, האָט זי דערגרייכט דעם ציל“.

אַנדערע האָבן אפשר געזאָגט: דו פאַרנעמסט דיך צופיל מיט יידישער ליטעראַטור. זיי ווילן מער היינטצייטיקע פּראָבלעמען, פּראָבלעמען טאָקע פון ענגליש־יידישן מענטשן. איבער דעם קען מען אַ סך רעדן אָבער קיין צייט דערפאַר איז נישטאָ.

וויל איך צוגיין צו דער פראַגע פון צוויישפּראַכיקייט. איך בין פולשטענדיק מסכים מיט דער טעזע, וועלכע פר׳ גאָלדשמידט האָט דאָ פאַר אונדז היינט פאָרגעשטעלט וועגן דער מעגלעכקייט, וועגן דער נוצלעכקייט פון צוויישפּראַכיקייט. אָבער די צוויישפּראַכיקייט וועט נישט קומען פון זיך אַליין און זי וועט נישט קומען דורך דעם, וואָס מיר וועלן איבער דעם רעדן צו אונדז, צו זיך. מען דאַרף שווער אַרבעטן אויף עפּעס צו דערגרייכן. איז דעריבער, לויט מיין מיינונג

נויטיק עפּעס צו טאָן און איך מיין, אַז איך בין נישט אומגערעכט צו זאָגן, אַז אַלץ וואָס איז נוגע ענגלאַנד, איז אין דער זעלבער מאָס נוגע פראַנקרייך. ס'איז נויטיק עפּעס צו טאָן און איך וואָלט אויך געוואָלט מאַכן אַ פאָרשלאָג וועלכן מען דאַרף באַטראַכטן זייער ערנסט, נישט אין בין־השמשות, נאָר טאַקע אין אַ טאָג פון קלערן און פון זיך דערוויסן די אַלע פּראָבלעמען. מיין פאָרשלאָג איז, איבערזעצן פון דער יידישער היינטצייטיקער און קלאַסישער ליטעראַטור אויף ענגליש. ענגליש איז היינט די שפּראַך פון דער מערהייט פון יידן אויף דער וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף אויך איבערזעצן אויף פראַנצויזיש, אויף ווי ווייט איר זענט דערין פאַראינטערעסירט. וועגן דער דאָזיקער נויטיקייט איז איז נישטאָ קיין שום ספק. נאָר דאָס קען זיין דער ממשותדיקער שריט צו דער־נעענטערן דעם ענגליש־רעדנדיקן דור צו דער יידישער שפּראַך און צו דער יידישער ליטעראַטור, אפילו ווען ער וועט די ליטעראַטור קיינמאָל נישט לייענען אין אָריגינאַל, עס איז אָבער דאָך פאַראַן אַ האָפענונג, אַז אפשר יאָ. אין איינצלנע פאַלן וועט דער דור האָבן די באַדערפעניש זיך צו באַקענען אויך מיט דער שפּראַך. אויפן געביט פון איבערזעצונגען איז אויפגעטאָן געוואָרן אַ סך, עס איז אָבער אויך אַ סך מיסגעברויכט געוואָרן. עס האָבן געזינדיקט אַ סך איבערזעצער. א געוויסע הפקרות איז פאַראַן אויף דעם דאָזיקן געביט. עס זענען אויך געווען מיסברויכן אין איבערזעצן אויף העברעאיש, אָבער מען האָט זיך געכאַפּט דערויף און מיט איניקע יאָר צוריק האָט מען אין ישראל געשאַפן אַ ספּעציעלן אַמט, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט איבערזעצונגען פון העברעאיש אין אַנדערע שפּראַכן.

איך מיין, אַז דער „יידישער וועלט־קאָנגרעס" און די קולטור־קאָמיסיע דאַרפן זיך פאַרטראַכטן וועגן גרינדן אַן אינסטיטוט פאַר איבערזעצונגען אין וועלכן עס דאַרפן זיצן מענטשן מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט און לאָמיר נישט זאָגן, אַז מיר האָבן נישט וואָס צו באַווייזן דער וועלט, דער יידישער וועלט וואָס רעדט נישט קיין יידיש און דער נישט־יידישער וועלט וואָס אינטערעסירט זיך מיט יידיש. איך וויל אייך בלויז דאָ דערמאָנען סוצקעווערס „סיביר", וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן און איז דערגאַנגען, אַ דאַנק דער „אונעסקאָ" צו דער גאַנצער וועלט און דאָס האָט געשאַפן אַ געוויסן פּרעסטיזש פאַר יידיש.

## ד"ר בצלאל שערמאַן (ניו־יאָרק)

אַן אָרגאַניזאַציע פון אַן אונטערנעמונג, וואָס זאָל זיך באַשעפטיקן מיט איבערזעצונגען דאַרף געמאַכט ווערן גוט. עס איז נויטיק גוט צו באַטראַכטן וואָס פאַרוואָס איבערזעצונגען צו מאַכן און אויסקלייבן ווערק, וואָס לאָזן זיך איבערזעצן.

וואָס שייך אַמעריקע קען איך אייך נאָר זאָגן פון מיין דערפאַרונג, אַז עס זענען לעצטנס אַרויסגעקומען איבערזעצונגען פון יידישע שרייבער, וואָס האָבן געהאַט זייער אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אין דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט. עס גייט איצט „טוביה דער מילכיקער" אין טעאַטער און מען פאַרקויפט שוין איצט בילעטן צו דער פאָרשטעלונג אויף אַ יאָר און אפילו מער אַרום. אמת איז, אַז

דאָס איז נישט קיין איבערזעצונג, נאָר אַ מוזיקאַלישע קאָמעדיע. אָבער עס איז פֿאַראַן דער תּוך. שלום־עליכם איז זייער פּאָפּולער. דער פּאָפּולערסטער יידישער, ענגליש־יידישער שרייבער, וואָס ווערט אויפגענומען היינט, ווי איינער פון די גרויסע שרייבער אין דער וועלט, איז באַשעוויס־זינגער און זיינע ווערק ווערן איבערגעזעצט און זייער אַ סך פֿאַרשפּרייט.

איך בין זיכער, אַז שאַפֿן אַזאַ אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפֿט פֿאַר איבערזעצונגען וואָלט געווען אַ נוצלעכע זאַך, אַ דאַנקבאַרע און אויך אַ דערפֿאָלגרייכע. איך מיין אַז דער ענין זאָל איבערגעגעבן ווערן אויף צו באַטראַכטן דער וועלט־עקזעקוטיווע פון יי.וו.ק. עס זענען אויך פֿאַראַן אַנדערע אינסטאַנצן, וואָס וואָלטן געדאַרפֿט זיך אָנשליסן אין דעם ענין. אפשר וואָלט מען דאַמאָלסט געקענט צענטראַליזירן די דאָזיקע אַרבעט.

## פּראָפֿ. דוד דירינגער (קעמברידזש)

די פּראָבלעמען, וועלכע מיר דיסקוטירן היינט צו טאָג, האָבן עקזיסטירט אַ סך פריער. לויט מיין מיינונג איז נישטאָ קיין צווייִשפּראַכיקייט.

איך האָב זיינער צייט פֿאָרגעלייגט דעם ד״ר שטיינבערג: אפשר אָרגאַניזירן אַן אינסטיטוט פֿאַר פֿאַרשן יידיש? אָדער פֿאַר פֿאַרשן לאַדינאָ? עס איז פֿאַראַן אַ השפּעה פון יידיש אויפֿן אַמעריקאַנישן פֿאָלק און אויך אויף אַנדערע פֿעלקער. עס זענען פֿאַראַן זייער אַ סך יידישע ווערטער, וואָס לאָזן זיך בכלל נישט איבערזעצן אין אַנדערע שפּראַכן, ווי למשל: „אוי געוואַלד״, „האַקן אַ טשייניק״. אָפּגערעדט שוין פון די יידישע דיאַלעקטן. אויך די ווירקונג פון יידיש אויפֿן היינטיקן העברעאיש איז כדאי צו שטודירן. בכלל הייבט זיך אָן יידיש אַ סך פריער, ווי טויזנט יאָר צוריק, יידיש איז עלטער פון דייטש!

די געפּלאַנטע איבערזעצונג פון תּנ״ך, וואָס איז אַזויפֿיל קריטיקירט געוואָרן, איז ביז גאָר וויכטיק. היינט פֿאַרשטייט מען דעם תּנ״ך אַ סך בעסער און דעריבער איז אַזאַ איבערזעצונג וויכטיק.

וואָס שייך יידיש וויל איך צוגעבן, אַז יידיש איז אַ סך עלטער ווי מען קלערט. ליידער האָט נאָך די יידיש־וויסנשאַפֿט נישט עקזיסטירט מיט אַ פֿערציק יאָר צוריק און עס איז נישט געווען די מעגלעכקייט די זאַך גענוי צו פֿאַרשן. נישט געקוקט דערויף, וואָס יידיש איז עלטער פון דייטש, פֿאַרבינדט זיך אָבער אונדזער לשון כסדר מיט דער דייטשער שפּראַך. היינט שטודירן דייטשע פֿאָרשער יידיש, כדי בעסער צו קענען דייטש.

וועגן די ענינים פון שפּראַכן איז פֿאַראַן אַ סך צו רעדן און עס זענען נאָך פֿאַראַן אַ סך מער פּראָבלעמען צו אויספֿאָרשן. דערצו איז נויטיק צו האָבן אַ סך צייט און אויך פֿאָרשער.

## נתנאל לעווקאָוויטש (בריסל)

אַ רוף, נישט קיין פּאָפּולערער און אפשר וועט ער אייך אויסקומען צו זיין נישט רעאַליסטיש. אַ שווערער רוף! עס שטייט אָבער פֿאַר אייך דאָס וואָרט —

„אונדזער קולטור־ירושה" און ווייל עס זיצן צווישן אונדז געלערנטע, שרייבער, עסקנים, זאָג איך, אַז אויף אַזאַ סימפּאָזיום דאַרף געהערט ווערן דער רוף. און דער רוף איז אין קורצע ווערטער: לאָמיר זוכן געלערנטע צווישן אונדז, מומחים, וועלכע זאָלן איבערזעצן דעם תלמוד בבלי אויף יידיש.

תנ"ך איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש און די איבערזעצונג האָט דעם תנ"ך געמאַכט פּאָפּולער און צוטריטלעך. דער תלמוד בבלי, וואָס איז צוויי אָדער דריי־פּאַכיק שווער שוין צוליב דער אַראַמישער שפּראַך, איז פאַרזיגלט פאַרן גרויסן יידישן עולם און איז אָפּגעשלאָסן נאָר פאַר רבנים און געלערנטע. עס איז היינט מער נישט קיין צייט פון מלמדים און לומדים. מען דאַרף דאָס גרויסע ווערק פּאָפּולער מאַכן, כדי דער טאַטע זאָל קענען לערנען מיטן זון יידישקייט. איר וועט מיר זאָגן, אַז אַזאַ אונטערנעמונג געהערט צו אַקאַדעמיעס, אַז דערצו זענען נויטיק מלוכהשע סובסידיעס. ווער קען זיך אונטערנעמען אַזאַ גרויסע אַרבעט? דערויף דאַרף מען האָבן חוצפּה, שטימט טאַקע אַזוי. אָבער דערצו דאַרף מען אויך האָבן ווילן און אויב עס וועט זיין דער ווילן איז מעגלעך די אונטערנעמונג צו רעאַליזירן. עס קען אַמאָל אויך געשען פאַרקערט, אַז אַקאַדעמיעס וועלן אַזאַ זאַך נישט באַווייזן צו מאַכן.

דערלויבט מיר צו אָנגעבן די מאָטיוון. קודם כל, כדי שלא תשתכח תורה מישראל, איך וועל צוגעבן, כדי שלא ישתכח תלמוד בישראל.

דער צווייטער פּונקט איז: די נויטיקייט פאַרן יידישן לשון. מיר זענען דאָס שולדיק דעם יידישן לשון, מיר זענען שולדיק דער יידישער קולטור אַזאַ איבער־זעצונג. וואָס אַלץ האָט מען נישט איבערזעצט אויף יידיש, נאָר דער תלמוד איז נישטאָ אויף יידיש. יידיש איז איינער פון אונדזערע מקורות, פון אונדזער נאַציאָ־נאַלן, רעליגיעזן און קולטורעלן קיום. אָבער אויך דער תלמוד איז אַן אוצר, וואָס האָט אונדז געפאָרעמט במשך פון דורות. דעריבער טאָרן מיר אַזאַ אונטערנעמונג נישט פאַרנאַכלעסיקן, ווייל זי איז איינע פון די באַדינגונגען, וואָס זענען אונדז נויטיק. איך מוז פעסטשטעלן מיט טרויער, אַז זייט דעם לעצטן קריג האָט אונדזער יידיש לשון, איך מיין אונדזערע יידישע שריפטשטעלער און שרייבער, האָבן נישט באַוויזן אויפצושטעלן קיין שום עיקרדיקע ווערק, אויסער דער חורבן־ליטעראַטור, וואָס האָט געגעבן זייער וויכטיקע קאַפּיטלען פאַר דער צו־קונפט. דאַרפן מיר זיך דעריבער פאַרטראַכטן איבער דער נויטיקייט פון איבער־זעצן דעם תלמוד בבלי. און דאָס איז אַן אַרבעט פאַר מומחים און געלערנטע. נישט יעדער שרייבער קען אַזאַ אַרבעט אונטערנעמען. מען דאַרף די געלערנטע געפינען און מען דאַרף זוכן די מיטלען. עס איז נישטאָ קיין אָרעמער קהל. איך ווייס, וואָס אַזאַ זאַך באַדייט און איך ווייס, וואָס אַזאַ אונטערנעמונג קאָסט. איך שטעק דעריין, הגם איך בין אַ יחיד. אָט ווייסן מיר, אַז פּיעטרושקאַ ע"ה האָט איבערזעצט די משנה. איז עס מעגלעך אויך צו איבערזעצן דעם תלמוד בבלי, דאָס דאַרף געמאַכט ווערן.

איך מאַך דעם דאָזיקן רוף צו דעם סימפּאָזיום. לאָמיר געדענקען, אַז אַזאַ אונטערנעמונג איז וויכטיק פאַר אונדזער דור און פאַרן קומענדיקן דור. עס איז אַ קולטור־ווערט פאַרן אויפקומענדיקן דור.

אַ שאָד, וואָס איך דאַרף אָנהייבן די באַמערקונג דוקא צו פּריינט לעווקאָוויטש, וועלכער טוט אַ וווּנדערלעך־שיינע אַרבעט מיט העלפן אַרויסגעבן גמרות אויף יידיש, נאָר ער האָט זיך אַזוי פאַרכליניעט אין זיין רעדן, אַז ער האָט מיט איין זאַץ באַגראָבן די גאַנצע יידישע ליטעראַטור און געזאָגט, אַז זי האָט קיין שום ווערטן נישט. ווייזט אויס, אַז ער איז זייער שטאַרק פאַרנומען און ער האָט זיך מיט איר נישט באַקענט. אַ שאָד.

דאָס צונויפקומען זיך איז וויכטיק אויף אַזויפיל, אַז יעדער איינער פון אונדז טיילט זיך מיט זיינע דערפאַרונגען און פּרוּווט מיט אַלע אַנדערע צו געפינען אַ וועג. גאָלאָמב, ווי־דער אַמאָל גאָלאָמב, מען דערמאָנט אים און מען פאַרופט זיך דאָ כסדר אויף אים, ווייל ער איז איינער פון אונדזערע טיף דענקענדיקסטע מענטשן און איינער פון די קריסטע, וואָס זענען גרייט צו זאָגן יעדן איינעם דעם אמת און דעם פאָלק אַלס גאַנצן. און זינדיק איז דאָס פאָלק, זינדיק איז יעדער יחיד. מיר האָבן נאָך אַזאַ פּערזענלעכקייט, אַ יינגערע, און מיר גרויסן זיך מיט איר, דאָס איז מרדכי שטריגלער. ער איז אויך אַ מענטש, וואָס האָט די דרייסטקייט צו טראַכטן און צו זאָגן אָפן, וואָס ער וויל. די דאָזיקע צוויי פּערזענלעכקייטן לערנען אונדז עפּעס. כאָטש גאָלאָמב איז שוין אַ ייד טיף אין די זיבעציקער, שפּרודלט פון אים יונגקייט פון געדאַנק און הייטערקייט פון געמיט. גאָלאָמב האָט מיט אַ צייט צוריק געזאָגט: ווער עס האָט נישט יונגערהייט גאָט אין הימל, האָט נישט אויף דער עלטער גאָט אין האַרצן. ער האָט עפּעס אַנטפּלעקט, וואָס דאַרף אונדז אַלעמען זיין קלאָר. ווייל וואָס איז די פאָרשטעלונג פון אַ יונגן מענטש, אַז ער האָט אַ גאָט אין הימל? ווי ווערט ער דערהויבן? ווי ציט ער זיך אַרויף און אַרויף. און אפילו ווען ער פאַרלאָזט אים, איז ער נאָך אַלץ אויף אַ מדרגה, ווייל ער האָט ווו צוריקצוקומען. און מיט דעם דאָזיקן צוריקקומען איז געבונדן אַ פאַל מיט מיין זיידן גופא. איך האָב אָנגעהייבן לערנען חומש ביי בראשית, ווי יעדער איינער. ווען איך בין געגאַנגען שבת צום זיידן, כדי ער זאָל מיך פאַרהערן די פּרשה, האָב איך אים געשטעלט די ערשטע קשיה, מסתמא אונטערן איינפלוס פון מיינע פעטערס, וואָס זענען שוין דאַמאָלסט געווען פירער פון סאָציאַליסטישע באַוועגונגען. איך האָב גאַנץ נאַאיוו אַ פרעג געגעבן בנוגע דעם, אַז גאָט האָט די וועלט באַשאַפן און ווער האָט אים געשאַפן? — און דער ענטפער איז געווען: אַ פּאַטש אויף דער באַק. דעם דאָזיקן פּאַטש טראָג איך מיט זיך אַלע יאָרן. דער זיידע האָט מיך נאָך עפּעס געלערנט. ווען איך בין שוין אַביסל אונטערגעוואַקסן און מיט אים דיסקוטירט, און איך בין תמיד אין אַלץ מער געווען אונטער דער השפּעה פון די פעטערס, האָט ער מיר געזאָגט: דו, קודם כל לערן, דו זאָלסט האָבן צו וואָס צוריקצוקומען...

אָט דאָס דאָזיקע צוריקקומען איז ביי אונדז אַ סך פאַרנאַכלעסיקט. מען האָט דעם יינגערן דור נישט געגעבן דעם מקור, וווהין ער זאָל צוריקקומען. דערמיט איז אונדזער דור זינדיק. מיר האָבן נישט דערצויגן אונדזערע קינדער, אַז זיי

זאָלן האָבן וווהין צוריקצוקומען. און ווען ער האָט נישט ווו צוריקצוקומען, לויפט ער אַוועק אין דער פרעמד.

און עס איז אינטערעסאַנט, איציק מאַנגער, ווען מיר האָבן פונדאַנען איבערגעשיקט אַ ברכה, אַז ער זאָל זיין געזונט און ער זאָל צוריקקומען צו דער יידישער ליטעראַטור מיט דעם כח, וואָס ער האָט געהאַט — און הלואי זאָל דער נס געשען — האָט ער אַמאָל ביי מיר אין שטוב דערציילט — און איך האָב דאָס אויסגענוצט אין אַן אַרטיקל פאַרן יום־כיפור־נומער פון „אונזער וואָרט" — וועגן דער באַדייטונג פון שבת און יום־טוב אַלס דערציאונגס־מיטל פאַר יידישע קינדער. ער האָט מיר דערציילט אַ משונהדיקן פאַקט: אַן אַנאַרכיסט, אין איינער פון די אַמעריקעס, האָט אַזויפיל געקעמפט קעגן דעם יידישן גאָט, אַז דריי קינדער זיינע האָבן שוין דערוואַקסענערהייט זיך געשמדט און געוואָרן קריסטן. ער האָט זיי אַזוי פאַרמיאוסט, אַז זייער יידישע בענקשאַפט האָט שוין נישט געקענט אויפקומען און זיך פאַרבינדן מיטן יידיש גאָט.

איך וויל נאָך איבערגעבן אַ קליינעם פאַקט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט. איך קען יידישע היימען, וואָס זענען נאָך יידיש און פון דאָרטן נעמען עפּעס די קינדער מיט. כאָטש איך האָב אַביסל געקעמפט קעגן מיין זיידע, האָב איך אָבער עפּעס באַקומען. אָט האָבן זיך אין פּאַריז געטראָפן יוגנטלעכע מיטן טרויעריק באַרימטן שטיינער. אין דער דיסקוסיע האָט אַ יונג מיידל, נאָך קיין 18 יאָר נישט געהאַט, וואָס אין איר היים איז זי נישט שטאַרק צוגעבונדן צו יידישע ענינים, אָבער בעת דער דיסקוסיע האָט זי שטיינערן געוואָרפן אין פּנים אַריין אַלץ, וואָס זי האָט אין איר היים געהערט, אפילו זי האָט געהאַלטן, אַז נישט אַלץ איז ריכטיק.

דער אויספיר איז, אַז אויב מיר געבן עפּעס מיט דעם יוגנטלעכן פון דער שטוב, נעמט ער עס מיט. אויב מיר וועלן באַוויזן אויפלעבן אַ יידישע היים, וועט זיין אַ יידישע שולע, וועט זיין אַ יידישע מיטל־שולע, וועט זיין אַ יידיש לעבן. דער עיקר אויף וועלכן מיר דאַרפן בויען איז — קודם כל טאָן ביי זיך גופא, אפילו דורך ברענגען קרבנות. דאַמאָלסט קענען מיר האָבן אַ געוויסע דערגרייכונג.

## אַלטער טרום (שטאָקהאָלם)

די פראַגע פון איבערגעבן אונדזער ירושה איז בפרט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער זייער אַ שווערע. עס וואָלט געווען וויכטיק, אַז דאָ זאָל געשאַפן ווערן אַ קולטור־קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך באַשעפטיקן מיט די ווייטע און קליינע יידישע ישובים, אַז מען זאָל די ישובים באַזאָרגן כאָטש צוויי מאָל אַ יאָר מיט רעפערענטן. מען דאַרף אונדז העלפן אין דער אַרבעט. מיר גיבן אַוועק כחות, אָבער דער רעזולטאַט איז אַ מאָגערער. די אָרטיקע אָפיציעלע יידישע אינסטיטוציעס באַנוצן זיך נישט מיט יידיש. איך טו אַלץ, וואָס עס איז מעגלעך. אָט האָבן מיר נישט קיין יידישן דרוק. מאַכן מיר קלישעס פאַר אונדזערע איינלאַדונגען, אַבי עס זאָל אויפגעהאַלטן ווערן דער יידישער אות. עס וואָלט אפשר געווען נויטיק צו האָבן אַ קולטור־קאָמיסיע ספּעציעל פאַר די סקאַנדינאַווישע לענדער.

אונדזער קאַמף איז באמת אַ שווערער. מיר קענען קריטיקירן אַלעמען, מיר קענען קריטיקירן זיך אַליין. מיר ווייסן אָבער, אַז די לאַגע איז אַ שווערע. אפילו אין אונדזערע קריטיקעס דאַרפן מיר וויסן און געדענקען, אַז דער קאַמף איז אַ שווערער. שטעלט זיך די פראַגע: וועלן מיר ממשיך זיין אָדער וועלן מיר רעזיגנירן? ווי איך זע, וועלן מיר אַזוי לייכט נישט רעזיגנירן. מיר זענען אַ פאָלק, וואָס האָט אַ דערפאַרונג פון טויזנטער יאָרן און ווען מיר האָבן זיך עפּעס אַריינגענומען אין קאָפּ, זאָל עס זיין אַ חלום, וועט ער ווערן וואָר.

מיר דאַרפן אַליין טאָן, ווייל אַנדערש וועט גאָרנישט זיין. איר קענט דאָך מסתמא די מעשה מיטן בערדיטשעווער, וועלכער איז געקומען ערב פּסח אין אַ שטעטל, אין וועלכן עס איז געווען פאַרבאָטן צו אימפּאָרטירן זיידנס. האָט ער באַקומען זיידנס וויפל ער האָט נאָר געוואָלט, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט. ערב־פּסח האָט ער געבעטן ביי איין ייִד, ביי אַ צווייטן און ביי אַ דריטן: „איך בין אַ ייִד פון אויסלאַנד, איך וויל האָבן אַ שטיקל ברויט". זענען אַלע פאַרציטערט געוואָרן: — וואָס הייסט ברויט? היינט איז דאָך ערב פּסח, ווי אַזוי קען מען אייך געבן ברויט? האָט זיך דער בערדיטשעווער געווענדעט צום רבונו של עולם און געזאָגט: וואָס פאַראַ טייער פאָלק האָסטו. דאָרט זענען פאַראַן אַרמייען מיט צאָל־באַאַמטע און מיט פּאָליציי, וואָס פאַרבאָטן דעם אימפּאָרט פון זיידנס און איך האָב געפונען וויפל זייד נאָר איך האָב געוואָלט. דאָ איז געגעבן געוואָרן אַ געזעץ מיט דריי טויזנט יאָר צוריק און אָן אַן אַרמיי, אָן פּאָליציי איז ביי קיין איין ייִד נישטאָ קיין חמץ.

אָט די אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע אחריות פון ייִדן האָט אונדז געראַ־טעוועט. ווען אונדזערע עלטערן וואָלטן נישט געהאַט די דאָזיקע עקשנות, וואָלטן מיר דאָ איצט נישט געזעסן און זיך געאַמפּערט פאַר ייִדיש.

דאַרפן מיר דאָס אַלץ פאַרזעצן און נישט וואַרטן ביז יענע וועלן אונדז קריטיקירן אָדער ביז אַנדערע וועלן טאָן פאַר אונדז. אָט האָבן מיר געהערט די טענה וועגן חינוך. גיט אונדזערע קינדער חינוך! — שרייט מען פון אַלע זייטן. אָבער ווען מען אָרגאַניזירט דעם לימוד פון העברעאיש אין די ליצייען פון פראַנק־רייך, זענען די שילער גויים און בלויז 7 פּראָצענט פון די ייִדישע שילער באַזוכן די העברעאישע לעקציעס, וועלכע מען גיט פראַנק און פריי און טאָקע אין די גוישע שולעס. עס איז אויך שווער אויסצומיידן און נישט דערמאָנען, אַז מיט 15 יאָר צוריק האָבן מיר דאָ געגרינדעט אַ קינדער־זשורנאַל, וואָס איז געווען דער איינציקער אין אייראָפּע. ראַנגלען מיר זיך ביז היינט, און במשך די גאַנצע 15 יאָר, און קיין איין טאַטע־מאַמע, מיטן אויסנאַם פון עטלעכע הונדערט אין גאַנץ פראַנקרייך, האָלטן נישט פאַר נויטיק דעם זשורנאַל צו אַבאָנירן.

מיר זענען אַלע קעגן אַסימילאַציע. אָבער מיר גיבן זיך נישט אָפּ קיין חשבון, אַז מיר זענען אַליין אַסימילירט. כדי צו פאָדערן פון אַנדערע, דאַרף מען קודם

פֿאָדערן פֿון זיך אַליין. ווער זענען עס די אַנדערע? מיר אַליין... ווייל די אַלע, וואָס זענען דאָ נישטאָ, רעדן אויף אונדז און מיר רעדן אויף זיי, אָבער אַלע זענען דאָך „מיר"!

שארית ישראל ראַנגלט זיך פֿאַרן קיום. וויפֿל מיר זאָלן נישט מאַכן קיין שוועריקייטן, וויפֿל מען זאָל נישט וועלן אונדז פֿאַרניכטן, ראַנגלט זיך דאָס ביסל יידן פֿאַר זייער יידישקייט. די וועלט וואָלט אייגנטלעך אונדז געדאַרפֿט באַוווּנדערן.

מיר ווילן זיין וואָס מיר זענען. מיר ווילן איינהאַלטן דעם יש, וואָס מיר האָבן באַקומען פֿון דורות, פֿון אונדזערע אבות אבותינו. אפֿילו ווען די אַנדערע אַנערקענען דאָס נישט, דאַרפֿן מיר עס וויסן. מיר דאַרפֿן זיך אָפּגעבן אַ חשבון: אַז מיר קעמפֿן פֿאַר אַ יש, וואָס איז געפֿאָרעמט געוואָרן און באַרייכערט געוואָרן במשך צענדליקער דורות.

